הומאריסטישע ביבליאטהעק.




לויפט, קויפט—ס'איז א סחורה,
לאכט, קאיכט—פערטרייבט דיא מרה שחורה!

# דער
# וויצען אלבום.

## זעהר שעהנע וויצען און אנעקדאטען
## מיט איללוסטראציאנען.

---

פערפאַסט און געזאַממעלט פון אַ שפּאָגעל נייעם הומאָריסט.

---

פערלאַג פאָן
יהודא קאצענעלענבאגען,
66 קאנאל סטריט. ניו יארק

# נייע ביכער פון אונזער פערלאג:

| | | |
|---|---|---|
| נאנא, | פון עמיל זאלא | פרייז 35 סענט |
| דער טויט שלעגער, | " " | " 30 " |
| דער פערניפטעטער קוס | " " | " 25 " |
| פון חופה צום קבר | " " | " 10 " |
| דיא קאמעליענדאמע, | " אלכסנדר דיומא (זוהן) | " 30 " |
| סאפאה, | " אלפאנס דאדע ; | " 15 " |
| דיא אידישע טרילבי, | " א. טאנענבוים | " 10 " |
| דאקטאר און צויבערער, | " " | " 10 " |
| דיא שווארצע קונסט, | " " | " 10 " |
| דיא פליה מאשין, | , " | " 10 " |
| דער יונגער שיפס־קאפיטאן | " " | " 10 " |
| אין ווילדען אפריקא | " " | " 10 " |
| א רייזע אין היממעל, פון ד. מ. הערמאלין | | " 10 " |
| ברוך שפינאזא, נאך אויערבאך פון ב. גארין | | " 20 " |
| דיא אידישע קרבנות, פון מארדאָווצעוו | " | " 15 " |
| דיא טאקסע, | " ש. י. אבראמאוויץ | " 15 " |
| שאילאק, | " וויליאם שעקספיר | " 15 " |
| נתן דער חכם | " לעססינג | " 10 " |
| תחית המתים | " ד"ר מאקס נארדוי | " 05 " |
| לעבענס בעשרייבונג פון באראן און באראָנעססע הירש | | " 05 " |
| לא תרצח, פון א. ה. פריינקעל | | " 10 " |
| א שפיצעל פון א פורים שפיעלער, פון א. מ. שארקאנסקי | | " 05 " |
| דיא אמעריקאנישע הגדה, | " " " " | " 05 " |
| פסח אין שניפעשאק, | " ב. גארין | " 05 " |
| וויצען פון קארט, | " א הומאריסט | " 05 " |
| פיינעלע, | " ד. מ. הערמאלין | " 05 " |
| קאשיננס האנדבוך, | " א. טאנענבוים | " 25 " |

**דיא אללע פרייזען זיינען אויסער פארטא.**

## פאלגענדע ווערקע ליעגען אין דרוק:

„פאוסט", פון געטהע ; „קין'ס צוואה", פון זאכער מאזאך ;

„דער ליטווישער קעניג פון דיא שנארער", פון מ. זייפפערט ;

א גרויסער וויצען־אלבום, איללוסטרירט, און איינינע עמיל זאלא'ס נייע ראמאנען.

**KATZENELENBOGEN & RABINOWITZ, PUBLISHERS**

**66 Canal St., New York.**

## א גראַמאַטישע פראַגע.

צוויי מענשען האָבען זיך געשפּאַרט וועגען א גראַמאַטישער רעגעל. איינער האָט גע'טענה'ט, אַז מען דאַרף זאָגען: „גיסט מיר העריין צום טרינקען"; דער אַנדערער האָט געזאָגט: „גיט מיר טרינקען". וואָס זאָגט איהר?" האָבען זיי געפרעגט ביי א שפּראַכ־קענער. — „איך זאָג," האָט דער שפּראַכ־קענער געענטפערט, „אַז איהר ביידע האָט אונרעכט, ווייל איהר דאַרפט זאָגען: „פיהרט אונז טרינקען."

## קראָמוועלל'ס שווינדעל.

קראָמוועלל האָט פאַר זיין גסיסה יעדערן פערזיכערט, אַז גאָט האָט זיך צו איהם בעוויזען און געזאָגט, אַז ער וועט פון זיין קראַנקהייט ניט שטאַרבען צו זיינע נאָהענטע פריינד, וועלכע האָבען זיך געוואונדערט אויף זיינע רייד, האָט ער געזאָגט: „ממה נפשך, וועל איך ווירקליך בלייבען לעבען, וועל איך זיין פעררעכענט פיר א נביא; און ווען איך שטאַרב — וואָס קימערט מיך, אַז מען וועט מיך האַל־טען פיר א שווינדלער?"

## ראַזירען דיא קעניגין.

פאַרצייטען זיינען אין לאָנדאָן ניט געווען קיין פרויען אויף דער ביהנע. פרויען־ראָלען זיינען געשפּיעלט געוואָרען פון מענער. דער קעניג טשאַרלז דער צווייטער איז איינמאָל געוואָרען אונגעדולדיג, ווייל דאס שוישפּיעל האָט זיך נאָך ניט אָנגעפאַנגען. דער דירעקטאָר פון טהעאַטער איז דאן הערויס און האָט זיך ענטשולדיגט מיט דיזע ווערטער: דיא קעניגין איז נאָך ניט ראַזירט."

## צו גרויסע העפליכקייט.

א מאַן, וועלכער האט דערזעהן זיין דאָקטאָר אין גאַס, איז העריבער אויף אַן אַנדער זייט. אַלס מען האָט איהם געפרעגט דיא אורזאַך, האָט ער געענטפערט: „איך שעהם מיך צו ווייזען מיינע אויגען פאַר איהם, איך בין שוין אַזוי לאַנג ניט געווען קראַנק."

---

## אן אלטע פאמיליע.

זיא.—איך האב געהערט, דאס מיס ספראנג האט געטאחן א שידוך מיט איינער פון דיא היזיגע עלטסטע פאמיליען, איז דאס וואהר?

ער.—יע, איהר שווער איז זעקס און ניינציג יאהר און זיין ווייב איז אכט און ניינציג יאהר אלט.

---

## אין דער מארע.

דאקטאר.—גנעדיגע פרוי, איהר האט מיך געלאזט רופען? וואס פעהלט אייך דען?

דאמע.—איהר ווייסט, דאקטאר, דיא באד סיזען שטעהט פאר דער טיהר, וואס פיר א קראנקהייט איז יעצט אין דער מאדע?

---

## רעטונגס בייסיקעל.

טאכטער.—זעה, מאמא, אלגא'ן האסט דוא א פיאנא געקויפט, קויף מיר א בייסיקעל.

מוטער.—צו וואס ברויכסט דוא א בייסיקעל?

טאכטער.—אום איך אל קענען אוועקפאהרען, ווען זיא שפיעלט.

---

## א לייכטע ארבייט.

א.—וואס פאר א בעשעפטיגונג האט איהר דען היינט?

ב.—איך פאהר מיט א צירקוס.

א.--איהר האט געוויס שווער צו ארבייטען.

ב.--ניין, איך האב פאסט גאר ניט צו טהאן, איך ברויך נאר צוויי מאל טעגליך מיין קאפ ביי דעם לייב אין מויל-הערייג-צולעגען.

---

# דער צוטראָגענער פּראָפעסאָר.

(וואָס בעגעהט זעלבסטמאָרד.)



— מערקווירדיג! עס איז שוין מעהר וויא אַ האַלבע שעה זייט איך האָב מיר אויפגעהאָנגען,
און דער טויט קומט נאָך אַלץ ניט!

## א דיכטער־זיפץ.

וויא גוט וואָלט דאָס געווען א דיכטער צו זיין, ווען אין דיא רעדאקציאָנען וואָלט קיין פּאַפּיער־קערב ניט געווען.

## פערלארען דיא פּראַקסים.

ערשטער דאקטאר.—וואס איז אייך קאָלעגע? איהר זייט אין דער לעצטער צייט אזוי טרויעריג.

צווייטער דאקטאר.—מיר האט איין אונגליק געטראָפען. אין פיער וואָכען צייט האב איך מיין גאנצע פּראַקסים פערלאָרען!

ערשטער דאקטאר.—אין פיער וואָכען? וויא אזוי?

צווייטער דאקטאר.—שטעלט אייך פאָר מיין אונגליק. איך האב געמוזט אוועק־פאהרען אויף פיער וואָכען און האב מיינע פּאַציענטען א שטעל־פערטרעטער איבערגעלאָזען. נון האט זיי דער לומפ אַלע ביז איינע אויסגעקורירט!

## זיא פאלגט וואס מען הייסט איהר.

טאנטע (וועלכע איז נאך א מיידעל).—פאר וואס האסטו מיר ניט געזאָגט אז דוא ביזט געלאדען געווען צו דיין חבר'טעס געבורטסטאג?

לאהילע.—מאמא האט מיר פערזאָגט איך זאָל קיין מאָל ניט דערמאָנען קיין געבורטסטאג אין דיין געגענווארט.

## דיא ערגסטע שטראפע.

בערל.—וועלכע איז דיא ערגסטע שטראף פאר א מאן וועלכער נעהמט צוויא ווייבער.

שמערל.—צוויי שוויגערס.

## געטראפען דעם ארט.

איינער האט א מאָל געהאלטען א וויסענשאַפטליכע רעדע וועגען קאלאראדא. „וואו קענט איהר געפינען נאך א פּלאַץ אין דער וועלט (אויסער קאלאראדאָ סטייט) וואו איהר זאָלט קענען געפינען מאַ־בעלע, אייזען, קליי, סלייט, אלער האנדיגע פרוכט, פלאַקס און—אָבער וואצו דעם אויסרעכענען אלעס, וואו? פרעג איך אייך."

איינער פון דיא צוהערער.—אין א סקול באָים פּאַקעט.

# דיא ציוויליזירטע באַרמהערציגקייט.




דאָקטאר (צו דיא ריכטער נאכדעם וויא ער האָט דעם פעראורטהיילטען אונטערזוכט):
„מען קען איהם שוין היגריכטען; ער איז פאָלשטענדיג געזונד".

## א שעהנער טעות.

א נאַר, א באַרבער און א פּליכעוואַטער זיינען געפאָהרען צוזאַמען. אין מי־טען וועג האבען זיי פערבלאָנדזשעט און האבען געמוזט נעכטיגען אונטערן פרייען הימעל. זיי האבען אפּגעמאכט צווישען זיך אז צוויי זאָלען שלאָפען און איינער זאָל אכטונג געבען, און זיי זאָלען זיך בייטען אלע צוויי שטונדען. דער ערשטער גורל איז געפאַלען אויף'ן באַרבער. צור צייט פערטרייב האט ער אפּגעגאָלט דעם נאַר'ס קאָפּ און נאכדעם וויא עס איז געוואָרען 2 שטונדען האט ער איהם אויפגעוועקט. דער נאַר האט זיך גלייך אויפגעכאַפּט, האט זיך א קראַץ געטהאָן דיא קאָפּ און האט געזאגט: א פיינער טעות הלעבען, אנשטאט מיר האט ער אויפגעוועקט דעם פּליכעוואַטען.

## איין מאל וויל זיא ניט.

ער.—ווען סטו מיר לאָזען חאַטש איין מאָל דיך א קוש טהאָן?

זיא.—ניין.

ער.—(אונפערשעהמט) וויפיעל מאָל ווילסטו דען?

## א געהיימנים.

זיא.—איך וועל דיר דערצעהלען א סוד. מאַקס מיט ראָזען זיינען פערלאָבט געוואָרען, אבער זיי האבען אבגעמאכט דאס צו האַלטען א געהיימנים. ראָזע האט עס מיר דערצעהלט.

ער.—אויב דאס איז דער סוד האָסטו מיר עס פערשפּאָרט צו דערציילען. מאַקס האָט עס מיר שוין פערטרויט.

## א גוטער ארדער.

צוויי דראַמערס האָבען געוואָלט פערגלייכען דיא אָרדערס וועלכע זיי האבען געמאכט. „איך" האט געזאגט דער ערשטער, „בין ערשט דריי וואָכען אויף דער רייזע און האב פיער אָרדערס.

„דוא האסט מיך איבערטראָפען דיעזען מאָל, איך בין שוין פיער וואָכען אויף'ן וועג און האב בכויז איין אָרדער און דאס איז פון מיין פירמא צו קומען א חיים."

# דער אונטערשיעד צווישען אזיען און איירָאפּא.

אין איירָאפּא.



והחזיקו שבע נשים באיש אחד.

(אין אזיען.)



על אחת כמה וכמה.

## ער דינגט זיך נים.

מיסטער קאַפּלאַן, א איסט סיידער ביזנעס מאַן וועלכער האט ליעב זיך נים צו דינגען איז אוועק אין בעקסטער סטריט קויפען א סוט, דער סטאָרקיפּער האט איהם געציינט פערשיעדענע סוטס פון וועלכע מיסטער קאַפּלאַן האט איינעם אויס־געקליבען.

— וויפיעל קאָסט דיעזער סוט האט מיסטער קאַפּלאַן געפרעגט. איהר דאַרפט וויסען אז איך וויל זיך ניט דינגען.

סטארקיפּער.—זעהר אנגענעהם, איך האָב ליעב אזעלכע קאָסטימער, איך דאַרף נים בעטען טהייער און דערנאָך אראָפּלאַזען פון פּרייז. אלזאָ איך וועל בייא אייך ניט בע־טען 30 ניט 25, אויך ניט 20 דאלאַר מיט 40 סענט נור גראַדע 18 דאלאַר. מיסטער קאַפּלאַן האט בעקוקט נאָך א מאָל דעם סוט און האט געזאגט: איך וועל זיך טאקע ניט דינגען, איך האב זיך פיינד צו דינגען. איך וועל אייך ניט זאגען 15 ניט 10 נור טאקע 6 דאלאַר' אקוראט 6.

— מייק, פּאַק איין דעם סוט, האט דער סטאָרקיפּער געהייסען און זיך ווענ־דענד צו מיסטער קאַפּלאַן האט ער געזאגט: טראַגט עס לאנג און צורייסט שנעל און קומט ווידער.

## אמאליגע טעג.

בעטלער (בעט א נדבה ביי א פערביינעהער אין א שלעכטען וועטער).—ענט־שולדיגט, ליעבער הערר, איך האב אויך געזעהן בעסערע טעג וויא יעצט.

פערבייגעהער.—איך גלויב עס אייך, נור פיעלייכט קענט איהר מיר זאגען וואס פאר א וועטער ערוואַרטעט איהר נעכסטע וואָכע.

## וועגען פּ־ויען.

דיא פרויען געדיינקען דעם טאג פאן זייער געבאָרען און פערגעסען אין וועל־יאהר עס איז געווען.

---

וחען ציערונג וואָלט וועגען עטליכע פונד, וואָלט עס אויך דיא פרויען ניט צו שווער געווען צו טראגען אויף זיך.



פרינציפאל: אלזא, איהר זייט א בעווייבטער און איך וויל דיא שטעלע איבערגעבען צו אן אונפערהייראטען שטעל זוכער: ווען דאס איז דיא מניעה, קען איך דאך מיין פרוי געבען א גט.



רעדאקטאר: וואס איז אייער בעשעפטיגונג?
— איך שרייב געדיכטע, ראמאנען, דראמאס...
— און פון וואס לעבט איהר?...

## א גוטע עצה.

פרוי.—אין דער ביבליאָטהעק פון מיין מאַן געפינט זיך שוין קיין איינציגעס בוך ניט מעהר וואס איך זאָל ניט האָבען אויסגעלעזען. ראטהעט מיר, ליעבער דאָקטאָר, וואָס זאָל איך יעצט אָנפאנגען?

דאָקטאָר.—נעהמט זיך איין אנדער מאַן.

---

## אויף אבצאהלען און קעש.

אלזאָ קעש קאָסט דער אנצוג?

צוואנציג דאלאר!

און אויף אבצאָהלען?

פערציג דאלאר! איהר מוזט אָבער דיא העלפט איינצאהלען.

---

## א גוטער קאסטאמער.

צאהן דאָקטאָר (צו זיין געהילפע, וועלכער האָט א העררן א צאָהן געבריוכט הערויסצוציהען).—ריזען העררן מוסט דוא זעהר ליעבענסווירדיג בעהאנדלען—ער האָט נאָך דעם גאנצען מויל מיט ציינער פול.

---

## א טרויסט.

יונגע פרוי.—איך בין זעהר אונגליקליך, איך קום אלע מאָל מעהר צו דער איבערצייגונג, דאס מיין מאַן האט מיך נאָר צוליעב מיין געלד געהייראטהעט.

פריינדין.—בלייבט דיר דאָך ווענינגסטענס דיא טרויסט, דאס דיין מאַן איז ניט אַזוי דום וויא ער זעהט אוים.

---

## צו להכעיס דעם דאָקטאָר.

... מיין דאָקטאָר האט מיר היינטיגען ווינטער ניט געהייסען פאָהרען אין ניצא!... איך וועל איהם אָבער אָנלערנען: א גאנץ יאָהר בלייב איך נעזונד!

---

## זיא וועט איהם אָנלערנען.



... מיין דאקטאר האָט מיר היינטיגען ווינטער ניט געהייסען פאָהרען אין ניצצא... איך וועל איהם אָבער אָנלערנען.

א גאנץ יאָהר בלייב איך געזונד!

## צו פיעל קרעדיט.

לייטענאַנט.—איך ביטע אום דיא האנד פון אייער טאָכטער מאַריאַ!

באַנקיער.—הערר לייטענאנט, איך קען אייערע פערהעלטניסע זעהר גוט אום אייך צו העלפען—מוז איך אייך צוויי טעכטער געבען!

---

## מדה כנגד מדה.

קארל, דוא לערנסט דיך זעהר שלעכט אין שולע! איך האב מיך בעסער פון דיר געלערנט.

גוט, גוט, פאפא, מיינע קינדער וועל איך שפעטער אויך אזוי זאָגען.

---

## אמעריקא'ס 3 גרעסטע מענער.

לעהרער.—אלזאָ, קינדער, קענט איהר מיר זאָגען דיא נעמען פון דרייא אמע־ריקא'ס גרעסטע מענער?

קינדער (אלע אין איינעם).—דזשאָרדזש וואשינגטאָן, אייבראהאם לינקאָלן און באַפאַללאָ ביל.

---

## קיין מניעה.

פרינציפּאַל.—אלזאָ, איך וועל מיך נאָך איבערלעגען, דען איהר זייט א ביַוּווייב־טער און איך וואָלט, אָפען געזאגט, ליעבער דיא שטעלע געבען צו אַן אונפערהייראטהעטען מענשען.

שטעל־זוכער.—ווען דאס איז דיא מניעה קען איך דאָך מיין פרוי געבען א גט!

---

## דאס ערשטע מאל אין בוטשער שאפּ.

בוטשער.—וואס ווינשט איהר, מאדאם?

יונגע פרוי.—אַ פֿונט לעבער־וואורשט, אָבער אָהן ביינער!

---

## (זיא ווייס ניט פון וואנען.)



— וואס האסטו פלוצים פערוואָרפען מיט'ן קאָפּ, פיהלסטו ניט גוט?
— יאָ, איך ווייס אָבער ניט פון וואָס דאָס קומט, צו פון דעם ערשטען סיגאַרעט) אָדער פון גרויסער ליעבע.

## א גוטע פראגע.

רעדאקטאר.—וואס איז אייער בעשעפטיגונג?

פּאָעט. —איך שרייב געדיכטע, ראָמאנען, דראמאס....

רעדאַקטאָר.—און פון וואס לעבט איהר?....

---

## א טעות.

גאסט (אין רעסטאָראַנט).—דיא זופּ שמעקט מיט זייף!

קעלנער (פערזוכענדיג.)—ווייס איך וואס איהר זאגט, גאָר זייף, דיא זופּ שמעקט גאָר מיט קעראָסין!

---

## א נארישער פאסט בעאמטער.

פּאָסט־בעאַמטער.—דיעזער בריעף איז צו שווער, איהר מוזט נאָך א סטעמפּ אָנקלעפּען.

פרוי.—וועט ער דאָך שווערער ווערען.

---

## אונערווארטעטער ענטפער.

בּאראָן (אויפנערענט צו זיין דיענער).—פריעדריך, ענטוועדער דוא ביזט פערריקט אָדער איך בין פעררי‌קט.

פריעדריך.—אבער דער העדר באראָן וועט דאָך קיין פעררי‌קטען דיענער האַלטען!....

---

## דיא נויטהיגסטע זאך אין לעבען.

לעהרערין.—עווא, וואס האלסט דוא פיר דיא נויטהיגסטע זאך אין לעבען?

עווא.—היירא‌טהען!

---

## טרוים און ווירקליכקייט.



— אָה, אַביסעלע געלאַסענער... מיין־ליעבער מאַקס !
איך בין דיינע !... דיינע !... דיינע !...

## נאר ניט נעטהאן.

א בייזע בעל הבית'טע האט א מאָהל אויפגעוועקט איהר דינסטמיידעל 4 אוהר פאר טאג מיט א ,שטארקען געשריי: „שטעה אויף, גיכער, שטעה אויף! היינט איז שוין מאנטאג פריה, מארגען איז דיענסטאג און איבערמאָרגעז איז שוין מיטוואָך—א האלבע וואָך איז שוין אוועק און נאָך גאָר נישט אבגעטהאָן!"

---

## צו וואסערדיג.

א חסיד האט זיך אנגע'שיכורט שמחת תורה. קומענדיג אין דער היים אויף אלע פיער איז ער אריינגעפאלען אין א רינשטאָק און עס האט גראדע גערעגענט האט עס איהם אריינגערעגענט אין מויל.

— ניין—האט ער געשריען—אזעלכע בראנפען טרינק איך ניט.

---

## ער האט קיין אנדער געלעגענהייט.

ווייב.—פוי, חיים! דוא האסט א מיאוס'ע געוואָהנהייט! דוא רעדסט אלע מאָל פון שלאָף!

מאַנן.—אבער ווען איך שלאָף ניט לאָזט דוא מיר דאָך קיין מאָהל קיין וואָרט ניט זאגען!

---

## מיט איין ניגון.

איין אויסלענדישער איד האט דעם ערשטען מאָהל אויף זיין לעבען געהאט יאָהרצייט. ער איז געקומען אין בית המדרש דאווענען און האט געגעבען א טון קוילען פאר דיא ערלויבנים צו דאווענען פאר דעם עמוד, ער האט זיך געשטעלט ביי דעם עמוד און האט אנגעפאנגען מיט א ראש השנה'דיגען ניגון צו דאווענען. דיא אורזאכע איז געווען ווייל ער פלעגט קומען נור איין מאָל אין יאָהר דאווענען אין שוהל און דאס איז געווען ראש השנה, האט ער געמיינט דאס א גאנצען יאהר דאווענט מען מיט דעם זעלבינען ניגון....

---



## The Holiday will follow.

**Wife**—"You are a wise man, my dear husband; can you tell me when I am going to die?"

**Husband**—"On the eve of a holiday, dear Anna."

**Wife**—"Of which holiday?"

**Husband**—"I don't know exactly; but I am sure the next day after your death will be a holiday for me."

## ערב יום טוב.

**פרוי**—זאָג מיר, מיין ליעבער מאַן, דוא ביסט דאָך אַ חכם: ווען וועל איך שטאַרבען?

**מאַנן**—ערב יום טוב, מיין ליעבע חנה!

**פרוי**—אין וועלכען „ערב יום טוב"?

**מאַנן**—אַקוראַט וועלכען ווייס איך ניט; נאָר דאס בין איך זיכער, אַז דער אַנדערער טאָג נאָך דיין טויט וועט ביי מיר אַ גרויסער יום טוב זיין.

## דער בעסטער פריינד.

ריכטער.—זייט איהר מיט דעם קברות מאן, אייער עדות, בעפריינדעט?

אנגעקלאגטער.—ער איז מיין בעסטער פריינד, דען ער האט מיינע צוויי ווייבער בעגראבען.

---

## דער קלוגער ריכטער.

ריכטער.—אנגעקלאגטע, וויא אלט זינד זיא?

אנגעקלאגטע.—איך.... איך צייכע צוואנציג יאהר.

ריכטער,—נוא און וויפיעל צייכט איהר ניט?....

---

## נעוואלט בעצאהלען.

ריכטער.—וויא קומט איהר דערצו, נאכדעם וויא איהר האט איהם מיט א מיטאג אבגענארט, האט איהר נאך א לעפעל אויך גע'גנב'עט.

אנגעקלאגטער—איך האב עס נעוואלט פערקויפען אום איהם פאר'ן מיטאג צו בעצאהלען.

---

## הייקעל און מייקעל.

הייקעל.—וויפיעל נעהמט אין אמעריקא א פאליציייסקער?

מייקעל.—פיעל ער קען.

הייקעל.—איז דאס אמת אז אין אמעריקא קען מען ניט זיין אן עהרליכער מאן?

מייקעל.—דיא מאשעניקעס זאגען דאס אלע.

---

## פערבלאנדזשעט.

א איד איז געגאנגען צו א דענטיסט ארויסנעהמען א קראנקען צאהן, ער איז אבער, אומגערן, פארקראכען צו איין אדוואקאט וועלכער האט געוואוינט נעבען דעם דענטיסט. ווען דיא דיענסט איז ארויסגעקומען איהם אנטקעגען האט ער גע־פרעגט:

— דא וואוינט דער מאן וואס רייסט דיא ציין?

— ניין, מיין ליעבער איד, האט איהם דיא דיענסט געענטפערט—דא רייסט מען דיא הויט.

## איין אונצופריעדענע לעהרערין.

— וויפיעל איז 2 מאהל 2? האט געפרעגט א לעהרערין.

— 5!—האט סאלאמאן גיענטפערט.

— ניין!—האט דיא לעהרערין געזאגט—דוא האסט ניט געטראפען. קינדערך וויים פיעלייכט ווער פון אייך וויפיעל 2 מאהל 2 איז!

— פיער!—האט געזאגט אייזיק.

— נעה, דוא דעם פולן!—האט צו איהם סאלאמאן געזאגט - האסטו ניט געהערט וויא איך האב איהר שוין געבאטען 5 און זיא האט נאך אלץ ניט געוואלט?

---

## וויא הייסט ער.

אין ווילנא איז א מאל געווען איין אלטער מלמד, וועלכער פלעגט שטארק ליעבען אנצוחאפען קליינע קינדער אין גאס און זיי אויספרעגען ווער זיי זיינען, וויא זיי הייסען א. ד. ג. איינמאל האט ער אנגעטראפען א קליינעם אינגעלע טאנצענדיג איבער'ן שוהל הויף.

— אינגעלע, קום אהער, זאג מיר וויא הייסט דוא?—האט ער איהם א פרעג געטהאן.

— וויא מיין זיידע האט געהייסען—האט איהם דער אינגעל געענטפערט.

— טא וויא האט געהייסען דיין זיידע.

— אזוי וויא איך.

— איך מיין, וויא רופט מען דיר אין דער היים ווען מען דארף געהן עסען?

— מען רופט מיר קיינמאל ניט עסען.

— סטייטש, פארוואס?

— ווייל איך קום אלע מאל צום טיש פריהער וויא אלע.

---

## וואס ווייניגער אלץ בעסער.

קויפער.—פאר צעהן סענט אזא סליין שטיקעל ווארשט און דערצו נאך מיט אזא שלעכטען גערוך?

פערקויפער.—אבער אז איך וועל אייך געבען א גרעסערע שטיק וועט דאך מעהר שטינקען?

## א שטאך ווארט.

ריכטער.—איהר מחט מיר אייער וואָרט געבען אז איהר וועט מעהר נים קר מען אין א געזעלשאַפט פון לומפען.

אנגעקלאגטער.—איך גיב אייך מיין וואָרט אז מעהר וועט איהר מיר דא ניט זעהן.

---

## א שטריינגער ריכטער.

קריסט.—דיעזער איד האט א סוכה געשטעלט אויף מיין פלאַץ.

ריכטער.—יודע, איך מאך אייך אויפמערקזאם דאס ביז 14 טעג זאל דער פלאַץ, וואו דיא סוכה שטעהט, זיין ריין.

---

## צו קאלט געוועז.

לאיער.—נאך אייער אנזיכט איז קיין אנדער וועג דא איהר זאלט בעפרייעט ווערען סיידען זיי זאלען פאר'ן געריכט איבערציינגען אז זיי האבען איהם דעם פּאטש אין היץ געגעבען.

קליענט.—דאס איז אבער אונמעגליך דען דאמאלס איז געוועזען א שרעקלי־כער א פראָסט.

---

## אלע זאלען וויסען.

ריכטער (צום אנגעקלאגטען).—דערפאר וואס איהר האט דעם מיסטער קאהן גערופען „עזעל" מוזט איהר 10 דאלאר בעצאהלען. זייט איהר מיט מיין אורטהייל צופרידען?

אָנגעקלאָגטער.—ניין! איך וועל אפּעלירען.

ריכטער.—דאס וועט אייך נישט העלפען, איהר וועט ביים העכערן געריכט אויך פערלירען.

אָנגעקלאָגטער,—איך וויים, אָבער דערפאר וועט אויך דאס „העכערע געריכט" וויסען אז מיסטער קאהן איז אַן „עזעל"!

# א נייע ערפינדונג.



דיא פאסטקע פיר גנבים.



און איהר ווירקונג.

## אין סקוהל.

נאך דעם וויא דיא לעהרערין האט געלערנט מיט דיא קינדער וויא זיך צו בענעהן ארום פייער, האט זיא געוואָלט וויזען איינינע בעזוכער אין סקוהל אז זיא לערנט גוט מיט דיא קינדער—וואס איז דיא ערשטע פפליכט צו טהאָן אין פאל פון א פייער? האט דיא לעהרערין נעפרעגט.

— צו פערקלאָגען דיא אינשורענס קאָמפּאני ווען זיא וויל ניט בעצאָהלען האט א קליינער באַי געענטפערט.

---

## א שנעלער ענטפער.

א דאַמע זעהר רייך געקליידעט געהענדיג שפּאציערען, האט אנגעטראָפען א יונגען באַי טראָגענדיג א פוינעלשען נעסט מיט אייערלאך. זיא האט איהם אָבגע שטעלט און זאגט צו איהם: — דוא שלעכטער יונגע, וויא וואגסט דוא בערויבען דעם נעסט מיט דיא אייער. קיין צווייפעל אז דיא מוטער וועט געוויס טרויערן אויף דעם שאדען.

— אָה ניין, איהר ארט עס גאָר ניט, זיא זיצט ביי דיר אויף'ן גרויסען העט, האט דער באַי געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען.

---

## חייקעל און מייקעל.

חייקעל.—ווער איז שטארקער דער אָרעמער אָדער דער רייכער?
מייקעל —דער ארעמער, ווייל דער אָרעמער האט נויט, און נויט ברעכט אייזען.

חייקעל.—וועלכעס ביער גיט פיעל שוים און מען קען דאָך ניט טרינקען?
מייקעל.—דער באַר ביער (באַרבער).

חייקעל.—ווארום ווילען מאנכע מענשען זיך זעלבסט ניט קענען לערנען?
מייקעל.—ווייל זיי ווילען ניט מאכען קיין שלעכטע בעקאנטשאפט.

חייקעל.—ווער זיינען קליגער דיא גנבים אָדער דיא דאָקטוירים?
מייקעל.—גנבים, ווייל זיי ווייסען אימער וואס אימעצען פעהלט.

---

## אַריסטאָקראַטיע און פעבעל.



אַריסטאָקראַט: (צו זיין הונד) שעהמען דאַרפסטו זיך, — צו נעהמען אין מויל אַזעלכע שמוציגע הויזען!

## אין מוזעאום.

זונדעל.—פון וועמען איז יענער גרויסער סקעלעט וואס שטעהט אין דער גלעזערנער קאסטען?

מענדעל.—פון קאָלומבוס'ען.

זונדעל.—און פון וועמען איז יענער קליינער סקעלעט?

מענדעל.—פון קאָלומבוס'ען אלס ער וואר נאך א קליינער יונגע.

---

## א גוי'עשע קאפ.

קריסטליכער דאָקטאָר (צו א אידישע פרוי).—פין ווען אָן זייט איהר קראנק?

פרויא.—זייט תשעה באב.

דאָקטאָר.—וואס איז דאס?

פרויא.—דער טאג ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען.

דאָקטאָר...אך, מיין גאָט! אזא לאנגע צייט!....

---

## שלעכטע צייטען

פאליסמאן.—וואס איז מיט דיר, דוא שנארער? געסטערן האָב איך דיך געזעהן בעטלענדיג בייא א קריסטליכע קירכע און היינט בייא א אידישער שוהל. וואס ביזטו אייגענטליך א איד אדער א קריסט?

שנאָרער.—איך בין א איד. אבער מיינט איהר אז היינטיגע שלעכטע צייטען קען מען מאכען א לעבען נאָר פון איין רעליגיאָן?

---

## דיא בעסטע תפילה.

אין א „באָהר שול" יום כפור צו מנחה איז געקומען א יונגער מאן. אויף זיין פנים איז געווען קענטיג אז ער האָט ניט לאנג מיטאג געגעסען, ער האָט ביי א ליטוואק געפרעגט וועלכע תפילה זאגט מען יעצט? דער ליטוואק האט גענומען זיין סידור און חאט איהם אויפגעמישט בענטשען און געזאָגט: „אָט דיא תפילה „בענטשען" איז דיא בעסטע, ווייל צו הויז האָט איהר געגעסען און ניט געבענטשט, זאָלט איהר היער בענטשען....

---

# מיספערשטענדנים.



דאקטאָר: היער זיצט עס ביי אייך דיא קראַנקהייט, ליעבער פריינד, היער!
פאַציענט (לאַכענדיג): ניט ווערטה דיא מיהע, דאקטאר לומפיגע צוואַנציג טויזענד דאָללאר.

## פיש חאפט מען.

---

ריכטער.—וויא שעהמען זיא זיך ניט, ליידי, צו חאפען פיש פון א פוש קארטו! קענען זיא דען ניט נעהמען און בעצאהלען?

ליידי.—איך האב אין מיין לעבען ניט געהערט אז פיש נעהמט מען, איך וויים דאכט זיך אז „פיש חאפט מען."

---

ריכטער.—אנגעקלאגטער! איך האף אז איך וועל אייך שוין דא מעהר נישט זעהן.

גנב.—ווילט איהר דען זיך פון אייער שטעלע ענטזאגען, הערר ריכטער?

---

## גוט געענטפערט.

---

ריכטער.—קלעגער! איך פערשטעה גאר נישט ווארום זייט איהר אזוי אין כעס געווארען דער פאר וואס אייער נאכבאר האט אייך גערופען „עזעל?"

קלעגער.—איך גלויב אייך אז איהר וואלט פאר אזעלכע ווערטער ניט צארניג געווארען, ווייל איהר זייט טאקע אן עזעל.

ריכטער.—(העכסט צארניג), דוא לומפ! וויא וואנסט דוא מיר זא וואס צו זאגען?

קלעגער.—דיא זעלבע פראגע זאלט איהר דעם אנגעקלאגטען שטעלען.

---

## א נומער אפעטים.

---

ריכטער.—איהר זאגט אז איהר האט אויס הונגער גע'גנב'עט, אבער גנב'ענען א גאנצע גאנז איז דאך ווירקליך צו פיעל!

גנב.—אה, הערר ריכטער, אויף מיין אפעטיט האב איך קיינמאל זיך געקאנט בעקלאגען.

---



## Like Malady,
## Like Remedy.

**Patient**—"Doctor, I feel pain, I don't know where."

**Doctor**—"Well, I will prescribe for you I don't know what, you will apply it I don't know where, and you will be cured I don't know when."

## וויא דיא קראַנקהייט,
## זאָ דאס רעצעפּט.

**קראנקע**—הערר דאָקטאָר! עס טהוט וועה, איך וויים ניט וואו!

**דאָקטאָר**—איך וועל אייך פּערשרייבען „איך וויים ניט וואס", וועט איהר אייך צולייגען „איך וויים ניט וואו", וועט איהר געהאָלפען ווערן „איך וויים ניט ווען"

## ער ווייס ניט וואס צו זאגען.

ריכטער. (צארניג) „אלוא, וואס האט איהר צו זאגען אין אייער פערטהיידיגונג?"

גנב. איך האב קיינע ווערטער, הערר ריכטער, נאר באלד וועט דא מיין לאיער זיין און ער וועט שוין געפינען וואס צו זאגען.

---

## געבראכען אין צווייען.

מיכאל: דו ווייסט, אז אונזער שכנה, האט נעכטען דעם אינגעל וואס וואינט ביי איהר געשלעפט אין קארט?

רפאל: פאר וואס?

מיכאל: זיא האט איהם פערקלאגט פאר בריטש אף פראמיס.

רפאל: סטייטש! זיא איז דאך א פופציגער און איהם איז בלויז א יאהר 18.

מיכאל: חמור! ער האט איהר דאך צובראכען איהר הערץ, האט זיא דאך צוויי פינף און צוואנציגער.

### א נייער חבר

ערשטער גנב: (צום צווייטען) וואוהין פיהרט דיך דער פאליסמאן?

צווייטער גנב: ער וויל מיך בעקאנט מאכען מיט א נייעם קאלעגא.

ערשטער גנב: ווער איז יענער קאלעגא.

צווייטער גנב: דער דזשאדזש.

## ער קלייבט ניט.

ריכטער. (צום אנגעקלאגטען) זיי ווערען בעשולדיגט אלס א פיק פאקעט!

אנגעקלאגטער. ניט ריכטיג, איך האב גענומען וויא עס גייט און ניט געקליבען.

### גענוג געליטען.

דזשאדזש. דו זאגסט דו ווילסט זיך גט'ען מיט דיין ווייב, פערגעס ניט אז דו האסט מיט איהר איבערגעלעבט מעהר וויא א האלבען יאהרהונדערט?

מאנן. נוא, און דאס הייסט ביי אייך ווייניג געליטען.

---

# בענצעס ערשטע רעדע

## אין דער אינדעפּענדענט פּרה אדומה אַסאָסיאיישען.

בענצע טראַסק וואס איז געוואָרען טראָסטי פון דיא „אינדעפּענדענט פּרה אדומה אסאָסיאיישען" האָט צום ערשטען מאָל געבעטען דאס וואָרט אין זיין פּער־איין, און מען האט עס איהם געגעבען.

יעצט לאָמיר הערען וויא ער האט געבעטען דעם פלאָר און וואס ער האט גע־זאָגט, ווייל אונזער בענצע — זאָלל עס בלייבען צווישען אונז — איז ניט געוועזען געניט אין דיא פּאַרלאמענטארישע רולס, און ער האָט געוואוסט פון דיא דינים פון א מיטינג פּונקט וויא א קאָזאַק פון קבלה.

— ברודער פּרעזידענט און אזוי גלאט ברידער—האט בענצע אָנגעפּאנגען— האָב איך דעם פלאָר, האב איך? וועל. אָט דאָ בין איך, איך בין. איך קום אייך ניט מאַכען קיין פּאָרשלאַג און קיין אונטערשלאַג, איך......

— א פּאָינט אָוו אָרדער—האט מען געשריען פון אללע זייטען צום רעדנער.

— פּאַרדערט מיר ניט—האט בענצע ווייטער גערעדט—איך ווייס ניט פון קיין פּאָינטס און פון קיינע גאַלאָנס, ווארום ווייל ביקאָס איך בין ניט קיין סאלון־קי־פּער. בין איך.

— אָרדער, אָרדער! — האבען דיא מעמבערס וויעדער געברומט.

— איין אָרדער אויף אייער קאָפּ—האט בענצע ווייטער פּאָרטגעזעצט—וואס איך וויל זאגען, אָט איז עס. איך האב א קלאָג צום ברודער דאָקטער. פּארוואס בעלאנגט אזא איד וויא איך צו א פּעראיין? איז דאך ניט מעהר צו ליעב א דאָקטאָר, כדי ווארום עס זאָל ניט אויסגערעדט זיין דיא שעה, טאָמער חלילה וחס נידאָנעדאבט ווערט מען קראנק, ווערט מען. ווען איך האב זיך איינגעקויפט אין אייער חברה....

— אָרדער, אָרדער!

— ווערט אללע צו אָרדערט, ברידער, איך מיין ביזנעס, און בּרידערשאפט איז קיין חזירשאַפט. וויא דיא דייטשען זאָגען. וואס איך האב געוואלט זאָגען איז,

דאס וואס איך זאָג אייך אז ווען איך האב אייך געזאגט איך וויל ווערן א מעמבער צו אייער פעראיין, האב איך אייך דייטליך געזאָגט אז איך מיין דעם דאקטאר און איהר האט מיר געזאגט אָלל ראיט, האט איהר געזאגט. נעכטען אף דער נאכט ארום צוויא דעם זייגער באנינען, אדער האלב נאך אכט, איך קען זיך ניט דערמאנען אויף געוויס, האט מיין ווייב נעבע מיר אויפגעוועקט און מיר געזאגט „בענצע, דוא שלאפסט?" האב איך געזאגט אז איך שלאף ניט, האט זיא מיר געזאגט אז זיא איז פערבייא. האב איך איהר געזאגט א שעהנע כפרה אויף דיר מיין ווייב, האסט זיך ניט געזאללט איבערפרעסען מיט דיא פארפיל מיט קרויט. אבער, כפרה היינט, כפרה מארגען, מיין נעבע האט אנגע־הויבען קריכען אויף דיא ווענט, און איך בין געלאפען ברייננגען אונזער דאקטאר. איך קום צו געהן, און קלינג, קלינג, קלינג, ניטאָ קיין דאָקטאר! איך קלינג וויע־דער, טאָמער האט אויך דער דאקטאר זיך איבערגענעסען מיט פארפעל מיט קרויט. קאמע מאָל דער דאָקטאר איז ארויסגעקומען פערשלאָפען און איך האב איהם דערציילט אז נעבע איז פערבייא. האט דער דאָקטאר נאָר ניט געדערעדט צו מיר און האט צוגעקלאפט דיא טיהר. איך מאך אלזאָ א מאשעל אז דער דאָקטאר איז ניט קיין דאָקטאר, נור א שוסטער".

— אָרדער, אָרדער!—האט געדונערט פון אללע זייטען און בענצע האט גע־מוזט שווייגען.

אָבער, ווייסט איהר פארוואָס בענצע האט געהאט אזא מאוסען פסק? ווייל ער האט ניט געוואוסט דיא פארלאמענטארישע רולס פון מיטינגס. ווען ער וואלט אבער דורכגעלעזען דיעזע וויכטיגע רולס אין קאָשינג'ס האנד-בוך, וואללט ער גאנץ אנדערס גערעדט, און ער וואללט געווים געזאָגט. קאָשינג'ס האַנד בוך איז דאס איינציגע ווערק וואס ווייזט אייך זעהר דייטליך אללע רולס און רעגולישענס פון זאָלכע מיטינגס. דיעזעס ווערק איז יעצט ארויס אין אידיש איבערזעצט פון א. טאננענבוים. עס איז דאס ניטצליכסטע ווערק וואס איז ערשיענען אין זשארגאן דיעזען סיזאן.




## Willing to Strike a Bargain.

Host—"Your bill amounts to $200 sir.'

Guest—"All right, sir. Would you please tell me what is the penalty here for slapping a man in the face ?"

Host—"It is $5.00, sir."

Guest—"Well, give me a slap in the face and $3 and call it quare."

## גיט באצאהלט.

ווירטה—איהרע רעכנונג בעטרעפט 2 ד.

גאסט—שעהן, איך וויל אייך פרעגען, וואָס קומט היער אין דעם לאַנד א שטראָפע לויט געזעץ, ווען מען גיט יעמאַנדען א פּאטש ?

ווירטה—דיא שטראָפע איז 5 דאָלאַר.

גאסט—גיט זשע מיר א פּאַטש און גיט מיר אַרויס 3 דאָלאַר.

## ער ווייס ניט.

דער גרויסער פהילאָזאָף מענדעלזאָן איז איינמאָל געגאַנגען אין גאַס, האָט איהם אָנגעטראָפען דער קעניג אונד געפרעגט וואהין ער געהט? „איך ווייס ניט“, האָט איהם מענדעלזאָן געענטפערט, דער קעניג איז געוואָרען זעהר בייז איבער דער אַנטוואָרט אונד האָט געהייסען מאַן זאָלל איהם אַררעטירען. קומענדיג נאָך הויזע האָט דער קעניג גענומען נאַכדענקען איבער מענדעלזאָן'ס אַנטוואָרט, ער איז דאָך זאָ איין געלעהרטער, אַלזאָ וויא קאָממט עס, דאס ער האָט איהם געגעבען זאָ איינע דוממע אַנטוואָרט, וואהרשיינליך מוז עטוואָס זיין דאַבייא. ער האָט איהם געשיקט רופען אונד האָט איהם געפראַגט דיא אורזאַכע פון דער אַנטוואָרט.

— האבע איך דען ניכט ריכטיג געאַנטוואָרט? האָט איהם מענדעלזאָן געפראַגט, איך האָב דאָך ווירקליך ניכט געוואוסט וואו איך געה, האָב איך דען געוואוסט אז איך געה אין קערקער? ווען זיא מעכטען מיך פראַגען, וואהין איך וויל געהן, דאַן מעכטע איך איהנען געבען איינע ריכטיגע אַנטוואָרט.

## אין דער צייט.

איינע פרוי האָט געבאָרען איין יונגע צווייא מאָנאַטע נאָך דער האָבצייט. ווען עס איזט געקאָממען צום ברית האָט יעמאַנד געפראַגט: „איך גלויב עס איז ניטה מעהר וויא צווייא מאָנאַט נאָך דער האָבצייט, אַלזאָ וויא קאָממט עס זאָ שנעלל איין ברית פאַר דער צייט?“

— דער ברית איזט אין דער צייט, האָט מאַן איהם געאַנטוואָרט, נור דיא האָבצייט וואַר עטוואַס צו שפּעט.

## אויף קאַטאָוועס.

איינער איזט אַריין צום אַנדערן ועהרענד דער צייט פון עססען:

— ווען איהר פאַרשטעהט קאַטאָוועס, טאָ קומט עסען, האָט איהם דער ווירטה געזאָגט.

— אויב איהר פארשטעהט קאטאָוועס, עסט גענזונדער הייט, האָט איהם יענער געאַנטוואָרט.

## ער עסט ניט.

איינער האָט גענומען איין אורח אויף שבת. דער אורח האָט בייס טיש אונמענשליך געגעסען דער ווירטה האָט עס ניט געקענט צוזעהן אונד געפרעגט:

— וואָרום עססען זיא ניכט?

— איך עססע דאָך, האָט איהם דער אורח געאַנטוואָרט.

— יאָ, זיא פרעססען, אונד איך פראַגע וואָרום עססען זיא ניכט, האָט איהם דער ווירטה באמערקט.

## ער זעהט בעססער.

א בלינדער אויף איין אויג: איך זעה מיט מיין איין אויג בעס־סער, אלס איהר מיט אייערע ביידע אויגען.

צוויי אויגיגער: וויא איז דאס מעגליך?

בלינדער: איך זעה ביא אייך צוויי אויגען, אונד איהר בייא מיר נור איין אויג.

## אין רעסטאָראַנט.

גאַסט: הערט נור קעלנער, מיר שיינט, אז דאס פלייש איז ניט אזוי פריש, וויא דיא, וואָס איהר האָט מיר געגעבען מיט אכט טאָג צוריק.

קעלנער: ענטשולדיגען זיא מיין חערר, איך קאן אייך איבער־צייגען, אז דאס איז גאַנץ דיא זעלבע.

## אין העסטער סטריט.

קרעמערקע: קומט אריין רבי יוד צו מיר אין סטאָר, בייא מיר בעקומט איהר אלסדינג.

יוד: טאַשענטיכער האָט איהר?

קרעמערקע: אפשר הונדערט טוץ.

יוד: נוא זייט זשע אזוי גוט, נעהמט איין טאשענטוך אונד ווישט אייך אָפּ דיא נאָז.

## זייא ווערען ביידע זאָרגען.

זיא: ליעבער דזשאָדזש! איך וויל מיט דיר חתונה האָבען, מיט דיר צוזאממען וועל איך זיין צופריעדען אפילו מיט ברויט אונד וואסער.

ער: זעהר שעהן ליעבע פעני, נאָר איין זאך וועל איך מיט דיר אָפּריידען, אז ווענען ברויט זאָלסטו זאָרגען אונד איך וועל שוין זאָרגען פאר וואסער.

## זייא קענען בלייבען צוזאממען.

קעכין (לויפט אריין פארסאָפּעט): מאדאם איך האָב געוואונען דאס גרויסע געווינס.

ווירטהין: ווירקליך? איך ווינש דיר פאָם טיעפען הערצען גליק, איך בעדויערע בלויז, וואָס מיר וועלען זיך מוזען שיידען.

קעכין: אויב איהר ווילט נור מאדאם קענען מיר ווייטער אויך בלייבען צוזאממען.

ווירטהין: וויא אזוי?

קעכין: ווען איהר וועט זיך שטעללען בייא מיר פאר א קעכין.

## ער עסט ניט דאָ.

גאסט: וויא אזוי עסט איהר דיא שפייזען? דאס איז דאָך איינפאך גיפט.

קעלנער: ניין הערר, איך בין דאָ נור איין קעלנער, אללייך אָבער עסטע איך איין אנדער רעסטאָראנט.

---




## לייטעשע מיילער.

די ערשטע פרוי: איך ווייס ניט! וויא פאלט אויס אזא פיינער יונגער מאן, א מיוחס וויא פיינבערג איז צו נעהמע: פאר א כלה אזא מעדכע: וויא בלומה, וואס דיא וועלט זאגט אויף איהר אז זיא האט שוין נעהאט צוויא קינדער?

דיא צווייטע פרויא: ווייס איך! וואס מען מאכט זיך פון לייטישע מיילער! ווייסט איהר דען ניט אז וואס דיא וועלט זאגט דארף מען נאר דיא העלפט גלויבען.

## אַ גרויסער פארדינער.

איין אָרעמער מאַן האָט זיך אָנגעגעבען אין נדן, דאָס ער פאַר־דינט 5 דאָללאַרס אַ טאָג. אלס דער שווער האָט איהם נאָך דער חתונה געפרעגט, ווארום עד געהט ניט ארויס פארדיענען דיא פינף דאָללאַרס ? האָט ער געענטפערט, דאס עס איז נאָך ניט פּורים, דען פּורים לייענט ער דיא מגילה אונד טראָגט משלוח מנות, דא פארדיענט ער פינף דאָללאַרס.

## מאַן רופט איהם פּעטער.

זעהר איין שעהנעס פריילין, אָבער איין ארמעס, האָט זיך אויס נאָטה געמוזט ענטשליססען צו הייראַטהען מיט איין אלטען רייכען מאַן. אלס זיא איז געפאָהרען צוא דער האָכצייט, האָט איהר דער קוטשער אלע ווייլע געזאָגט: „פריילין! מען רופט מיך פּעטער״! נאָך דער חתונה איז זיא זעהר נייגעריג געוואָרען צו וויסען, וואָרום ער האָט דאָס איהר אלע וויילע געזאָגט.

— פארשטעהט איהר מיך, האָט ער איהר געענטפערט, איך האָב געוואָלט איהר זאָלט געדענקען מיין נאמען, אום איהר זאָלט נאכהער ניט זאָגען, דאס דער טייפעל האָט מיך צו דער חופּה געפיהרט.

## איין פעהלער מאַכט ניט אויס.

אַ שדכן איז געקומען ריידען אַ יונגען מאַן אַ שידוך מיט זיי־נער אַ בעקאַנטער.

— אך! זאָגט דער יונגער מאַן, דאָס מעדכען הינקט דאָך.

— יאָ, ענטפערט איהם דער שדכן, דאס איז זעהר גוט פאַר אייך, זיא וועט אייך ניט קענען נאָכלויפען.

— אָבער זיא איז דאָך בלינד!

— וועט זיא ניט קענען זעהן, וויא איהר געהט ארום מיט אנ־דערע פרויענצימער.

— אָבער זיא איז דאָך אויך טויב! האָט דער יונגער מאַן מיט ערגער געזאָגט.

— דאָס איז גאָר אַ וואהרעס גליק פאַר אייך! איהר וועט קענעןריידען אין שטוב אַללעס, וואָס איהר וועט נור וועלען, אונד עס וועט זיין, וויא זיא וואָלט גאָר דערביי ניט געווען.

— זיא איז דאָך אָבער אויך שטום!

— וועט ביא אייך אין שטוב איממער שטיל אונד רוהיג זיין.

— אָבער זיא האָט דאָך אַ הויקער אויך, האָט שוין דער יונ־גער מאַן אָנגעפאַנגען מיט כעס צו שרייען!

— נוא, ווילט איהר, האָט איהם דער שדכן גאַנץ געלאַססען געענטפערט, אַז זיא זאָל שוין גאָר קיין פעהלער ניט האָבען.

## דער פּיאַניצע.

איינער האָט אַ מאָל געזאָגט צו זיין ווייב: איך לייג זיך שלאָ־פען, בעט איך דיר, אַז איך וועל וועלין אַ שנאַפּס זאָלסטו מיר באַלד אויפוועקען. ער האָט זיך געלייגט שלאָפען אונד זיין ווייב האָט איהם געלאָזען שלאָפען דיא גאַנצע נאַכט, דערנאָך אַז ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען אויף זיין ווייב, וואָס זיא האָט איהם ניט אויפגעוועקט.

— וויא קען איך וויססען, ווען דוא ווילסט שנאַפּס? האָט זיא איהם געפרעגט.

— דוא וואָלסט געטראָפען, ווען דוא וואָלסט מיר אויפוועע־קען, האָט ער איהר געענטפערט.

## ער האָט געוואָלט.

איינער האָט אַ מאָל דערצעהלט, אַז העררר ק. האָט איהם געוואָלט געבען דרייא פּעטש. האָט מאַן בייא איהם געפרעגט פון וואַנען ווייסטו וויפיעל? האָט ער געענטפערט, ווייל ער האָט געגע־בען. אַלזאָ פאַר וואָס זאָגסטו: „ער האָט געוואָלט געבען? האָט מאַן איהם ווייטער געפרעגט.

— נוא פארשטעהט זיך, האָט ער גענטפערט, אז ער וואָלט ניט וועלין, וואָלט ער דאָך ניט געבען.

## פאַרשיעדענע מיינונגען.

דער מאן: וואָרום האָסטו זיך אזוי פערפוצט מיין פרוי? וואָהין ווילסטו דאס יעטצט געהן מיט אונזערע טעכטער?

דיא פרוי: איך וויל מיט זייא געהן שפּאצירען, זאָללען אללע, קוקענדיג אויף מיינע שעהנע טעכטער פארשטעהן וויא שעהן איך בין א מאָל געוועזן אין זייערע יאהרען.

דער מאן: געה ניט מיין פרוי, דען איך פירכטע, אז קוקענדיג אויף דיר וועללען אללע פערשטעהן וויא מיאוס אונד עקעלהאפט אונזערע טעכטער וועללען זיין שפּעטער, אין דיינע יאהרען.

## עס איז דאָ נאָך.

איין דינסטמעדכען האָט דערלאַנגט דער ווירטהין איין טעלער זופּ, אוועקשטעללענדיג האָט זיא אויסגעגאָסען דיא זופּ אויף דער ווירטהינס קלייד. אלס דיא ווירטהין האָט אָנגעפאנגען צו שרייען, האָט זיא געענטפערט: שאַ, „שרייט ניט, עס איז דאָ נאָך זופּ.“

## דיא צווייא געליבטע.

איינער איז אוועקגעפאָהרען האנדלען, האָט ער געשריעבען פון אונטערוועגס איין בריעף צו זיין געליעבטער: „דוא זאָללסט גאָר ניט זאָרגען מיין געליעבטע, איך פארדין דאָ גאנץ גוט. עס געהט נור בייא מיר זעהר פיעל א וועק, וואָס דוא פעהלסט מיר“. „דוא זאָללסט גאָר ניט זאָרגען, מיין געליעבטער, האָט זיא איהם געענטפערט, וויפיעל בייא דיר געהט אוועק, וואָס איך פעהל דיר, פאַרדין איך אין צווייען, וואָס דוא פעהלסט מיר.“

## ער איז איין צייגע.

דיא מוטטער: געה מיין קינד שלאָפען, עס איז שוין עלף אוהר, געה גיב איין קוסס דיא גובערנאנטין אונד געה שלאָפען.

דאס קינד: אָה ניין, דיא גובערנאַנטין וויל איך ניט קיססען.
דיא מוטטער: פאר וואָס מיין קינד?
דאס קינד: ווייל, ווען מען גיט איהר איין קוסס, גיט זיא איי פּאַטש, קענסט פרעגען דעם פּאַפּא.

## איין קאָרט.

ריכטער: וויא איז אייך קיינע שאַנדע צו ווערן א גנב צו ליעב איין האַלבען דאָללאר?
גנב: איך שעהם מיך טאַקע, נאָר איך שווער אייך, אז דאָרט איז מעהר ניט געוועזן וויא דער האַלבער דאָללאר.

## איין העלד.

איין סאָלדאַט האָט זיך איינמאָל בעריהמט, דאס ער האָט אין שטרייט דעם פיינד אָבגעהאַקט דיא פיס.
— פאַרוואָס האָסטו איהם ניט אָפּגעהאַקט בעססער דען קאָפּף? האָט מאַן איהם געפרעגט.
— ווייל איך האָב איהם שוין געפונען אָהן איין קאָפּף, האָט דער סאָלדאַט געאַנטוואָרט.

### ער וואָללט געהאַט אַ נייען.

צוא איין גרויסען געלעהרטער, וועלכער האָט איממער געקוקט אין לעהרביכער, האט איינמאָל געזאָגט זיין פרוי!
— וויא גוט עס וואָללט מיר געוועזן, ווען איך וואָללט אויך געוועזן איין לעהרבוך, וואָללסטו איממער אויף מיר געקוקט.
— איך וואָללט אויך וועללען, דאס דוא זאָללסט זיין איין בוך, האָט ער איהר געענטפערט, נור איין קאַלענדער.
— וואָרום איין קאַלענדער? האָט זיא איהם געפרעגט.
— ווען דוא וואָללסט געוועזן איין קאַלענדער, האָט ער איהר געענטפערט, וואָללט איך נעכסטעס יאָהר געהאַט אַ נייען.

## אַ פּשיטא שוין!

איציק. זאָג מיר בעריל, אין דער תורה שטעהט, אז נאָטט האָט דערזעהען אז דיא וועלט איז געוואָרען זעהר פערדאָרבען, האט ער זיא פערטרונקען מיט א גרויסען מבול. איצט איז דיא וועלט נאך מעהרער פערדארבען וויא זיא איז געווען פאר דעם מבול, טאָ פאר וואָס איז איצט קיין מבול ניטאָ!

בעריל. דוא זאָגסט דאָך אלליין אז דיא וועלט איז איצט פערדאָרבען נאָך מעהר וויא פאר דעם מבול, הייגט אז עס וועט־זיין ווייטער א מבול וועט זיא שפּעטער נאָך מעהר פערדאָרבען ווערדען, צו וואָס זשע נוצט דער מבול.

## אַ ראיה לדבר.

איציק. דיא נאַטורפאָרשער זאָגען אז פון היץ ווערט יעדע זאך אויסגע־צויגען און פון קעלט—צונויפגעקנייטשט. זאָג מיר בעריל איז דאס טאקי אזויא?

בעריל. געוויס אזוי, זעהסט דוא ניט אז זומער אין א גרויסער היץ איז דער טאָג לאנג און ווינטער אז עס איז קאַלט איז דער טאָג קורץ.

## פערביטען דיא יוצרות.

א זעהר שעהנע קאָמעדיע האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין ברום סטריט, נויאָרק, צווישען א גאַליציאַנער פרוי און א פּויליש־רוסישען סאַין־פּיינטער. דיא מעשה איז אזוי געווען: דיא גאַליציאַנערקע האָט אין ברום סטריט א סטענד פון פּינאָטס, פּאַציילקעס, סאָדאַ־וואסער, שוה שנירלאַך, עפּעל, קענדי, סוספּענדערס און אנ־דערע בשמים. זיא האָט באשטעלט ביי דעם סאַין־פּיינטער ער זאָלל אויפשרייבען דיא פּרייזען פון יעדע זאך אויף א גרויסען סאַין. אָבער דער פּיינטער וואָס איז געווען אביסל שכור, האָט אזוי פערביטען דיא ארטיקלען מיט דיא פּרייזען אז דער סאַין איז ארויס געקומען אזוי:

בעסטע פּינאָטס, 4 סענט א יארד.
סוספּענדערס, 12 סענט א קוואָרט.
ציגארעטלעך, 8 סענט א פונט,
סאָדא וואסער, 5 סענט א טוטץ.
פערשיעדענע אידעשע ליעדער, 2 סענט א גלאָז.
אלערליי ראָמאַנען—אויף׳ן מעסטיל.

---



# אַ גוטען אידען'ס תורה.

(אַ מוסר פון אַן ענדיג.)

דער רבי — נעדיינקט זשע רבותים: אז דער מענש דאַרף ניט זיין קיין בעל גאוה; ווארום וואס איז דען נאָר דער מענש: אַ בשר ודם, עפר ואפר, איהר קענט אייך אבלערנען דעם מוסר פון דעם ענדיג וואָס ליענט דאָ פאַר אייך אויף דעם טיש—ערשט נעכטען האָט ער נאך געלעבט און האָט זיך נעבלאָזען האַלדער! האָלדער! האָט ער זיך דען נערעכנט אז היינט וועט ער ליגען געקוילעט, וועה איז מיר! דא אויף דעם טיש—אזוי איז דער מענש: נעכטען האָט ער נעלעבט היינט איז ער טויט, נעדיינקט זשע רבותים איהר זאלט אייך נעהמען א מוסר — איין האַלבען מוסר נעהם איך מיר און דיא אַנדערע העלפטע מוסר לאָז איך פיר אייך

## יעצט דארף שוין זיין רעכט.

טאכטער.—געדענקסטו, פאפא, אז דוא האסט פערבאָטען זילבערשטיין'ען צו קומען אהער וויל ער איז איין איינפאכער ארבייטער און עס פאַסט ניט פאר אונ־זער שטאנד. יעצט אבער ארבייט ער שוין ניט — וועסטו איהם ערלויבען אריינצו־קומען?

רייכער פאטער.—וואס? איז ער דען פלוצלונג רייך געוואָרען?

טאכטער.—ניין, מען האט איהם פון זיין שטעלע ענטזאגט.

---

## בעשטראפט. אבער איין אונשולדיגען.

א מאן וואס האָט געהאט פיעל טראָבעל פון קליינע יונגען, וועלכע פלעגען ציהען דיא גלאָק פון זיין הויז און אנטלויפען, האט זיך איינמאל בעשלאָסען צו מאכען איין ענדע פון זייער שפאס. ער האָט זיך בעהאלטען הינטער דער טיהר און גלייך וויא דער גלעקעל האט א קלונג געטאָהן, האט ער האסטיג מיט איין האנד געעפענט דיא טיהר און מיט דער צווייטער אראָבגעלאָזען א גוואלדיגען פראסק... דעם אונשולדיגען לעטער קעררירער וואס האט איהם געבראכט א בריעף.

---

## הידראפאביא.

יאָקעל.—איך דיינק אז מר. זויפער איז א מאָהל געביסען געוואָרען פון א מ'שוגענעם הונד.

יעקעל.—פון וואנען ווייסטו עס?

יעקעל.—ווייל ער שרעקט זיך זעהר פאר וואסער—ער טרינקט נאָר וויהסקי.

---

## א געטרייער מאן.

א מאן האט א מאָל געזאגט צו זיין פרוי: „וואס פאר א בייז עס איז דיר באַ'שערט זאל אויסגעהן צו מיר—איידער דוא זאָלסט בלייבען איין אלמנה זאָל איך בעסער בלייבען איין אלמן.

---



# איין מיספערשטענדניס.

דער שדכן: מיין ליעבער הארר! איך האָב א גאנץ פיינעם וואוילען שדוך פאר אייער בתולה.

דער הערר: נעהען זיא פאָרט! מיי־נע טאָכטער הייסט ניכט „בתולה", זיא איזט „מאַדמואזעל!"

דער שדכן: נאָ זייט זשע מיר הונדערט מאָל מוחל! וואָס איך האָב ניט געוואוסט אז אייער מאַמזעל איז ניט קיין בתולה!—

## וואָס איז דער יצר הרע?

— וואס זאָגסטו, האָט איינער געפרעגט ביים צווייטען, וואָס איז דער יצר הרע א חסיד צוא א מתנגד?

— געווים א חסיד, האָט איהם יענער גערנפערט.

— פאר וואָס?

— ווייל מאן זעהט איהם אָפט ביים רבי׳ן.

## ווער האט שטענדיג צו טהון מיט פילאָזאָפיע?

— א בוטשער.

— וויא אזוי?

— ווייל א בוטשער האָט שטענדיג צו טהון מיט פילע—זאָ—פיה (בהמות).

## עס האָט געדארפט שטעהן פארקעהרט.

איינער האָט א מאָל געפרעגט ביים צווייטען וויא אזוי עס מאכען צוויי פארשטריכעלטע פייען (פ״פ)?

— פאר פאלען, האָט יענער געאנטווארט.

— פיללייכט מאכט עס גאָר פארקעהרט: פאלען פאר?

— וואָלט דאָך דער צווייטער פייא געשטאנען א פריער, וואר דעם צווייטענס אנטווארט.

## פיללייכט וועט זיא איהם מעהר גיפעלען.

איין מאן וועלכער האט געהאט זעהר איינע העסליכע פרוי׳ אונד וועלכער איז גילעגען אויפ׳ן שטערבעבעט האט זיא צוגערופען אונד האָט איהר גיבעטען זיא זאלל זיך אנציהען איהר שעהנסטעס קלייד אונד אללע איהרע שמוקזאכען.

— אָבער וואצו נוצט עס דיר גראדע יעצט ווען דוא שטירבסט? האָט זיא איהם פערוואונדערט גיפרעגט.

— ווייל דער מלאך־המות דארף באלד קומען.

— אָלזאָ איז וואָס?

— ווען דוא ווירסט זיין שעהן אנגעקליידעט, ווערסטו איהם פילייכט בעססער גיפעללען אלס איך.

## דאס ערשטע מאָל.

א חזן, וועלכער איז גיוועזן געלעהרנט אונד אויך איין רייכער בעל־הבית, האָט איינמאָל אין געזעלשאפט פון בעקאנטע, וואו עס זיינען אויך געוועזן צתעגען אייניגע פון זיינע פיינדע, זיך בעריהמט דאס צווישען חזנים איז ער איין חזן, צווישען געלעהרטע איז ער איין געלעהרטער אונד צווישען רייכע — איין רייכער.

— נוא, האבען איהם זיינע פיינדע אונטערבראָכען, אונד צווישען הונדע?

— צווישען הונדע! האָט דער חזן גלייך געאנטוואָרט, בין איך יעצט דאָס ערשטע מאָל.

## וויא אזוי מען מאכט ביטערן שנאפּס.

— וויא אזוי מאכט מען ביטערן שנאפּס? האָט איינער געפרעגט.

— מאַן קויפט א פלאַש ספּירט מען ווארפט אריין א שטיקעל ביטטערן כינא ווארצעל אונד מען לאָזט דיא פלאַש שטעהן איבער נאכט, אונד אין דער פריה האט מען אמת'ן ביטטערן שנאפּס.

— זעהר ריכטיג, יעצט זאָגט מיר וויא אזויא מאכט מען אמתן ביטטערן שנאפּס?

— איך האב דאָך יעצט ערקלערט.

— יאָ, נור איך האב ניכט פערשטאַנען.

— וואס איז דאָ ניט צו פאַרשטעהן? אז מען לייגט אריין א ביטטערע שטיקעל כינא אין א פלאַש ספּירט אונד מען לאָזט עס שטעהן איבער נאכט, מוז אין דער פריה דער שנאפּס זיין ביטטער.

— איך פארשטעה פאָרט ניט.

— וואָס? איהר פארשטעהט דען קיין יודיש.

— יודיש פארשטעה איך זעהר גוט, נאר וויא אזוי מען מאכט

ביטטערן שנאַפּס פאַרשטעה איך ניט. סטייטש וויא אזוי מען לאָזין שטעהן א פלאַש ספּירט איבער נאַכט אונד מען זאָל זיא ביז אין דער פריה ניט האבען אויסגעטרונקען.

## ער האָט געזאָלט פרעגען פריהער.

זעהר א קלוגער באָי האָט אמאָל גילערנט אין חדר „אלף־בית". אז עס איז געקומען צום בוכשטאַב ציירה פֵּא—„פֵּא," האט איין אנדער באָי גיפרעגט ביים רבי'ן א פראַגע, פאַרוואס דאַרף גאָר שטעהן אונטערן פֵּא א ציירה, דען מען זאָגט דאָך אזוי אַן ציירה אויך פּא. דעם רבי'ן איז דאָס זעהר גיפעלען, אונד ער האָט געהייסען דעם באָי, דאָס ער זאָל געבען א פּאַטש דעם קלוגען באָי, פאַרוואָס ער האט ניט גיפרעגט דיעזע פראַגע. דער קלוגער באָי האָט אָבער א פריהער גיגעבען א פּאַטש יענעם באָי, אונד אלס דער רבי האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס ער האָט דאָס געטהאָן, האָט ער געענטפערט. „איך האב דאס ניט גיפרעגט, ווייל איך האלט דאָס ניט פאַר א פראַגע, ער אָבער, ווען ער האלט דאָס פאַר א פראַגע, פאַרוואָס האָט ער געוואַרט ביז יעצט, אונד האָט דאָס ניט גי־פרעגט ביים ציירה הֵא?

## איינינע פראַגען אונד אַנטוואָרטען.

— וואָס איז וויכטיגער דיא זון אדער דיא לבנה?
— דיא לבנה, ווייל ב"יא טאָג איז דאָך סאַי וויא סאַי ליכטיג.
— פאַרוואָס דאַרפען פרויען ניט זיין אדוואָקאַטען?
— ווייל זייא ווערלען שטענדיג געווינען.
— וואָס פאַר א סדרה לערנט רוססלאַנד מיט יעדען יורען?
— לך לך.
— וואָס פאַר א צימער מאהלט זיך אליין?
— דאס פרויענצימער.
— וויא פיעל ליגענס זאָגט א מעדכען ביז דער חתונה?
— צוויי. קליינערהייד, אז מען פרעגט זיא ווילסטו א חתן?

אנטוואָרט זיא „יא"! אונד גרויסערהייד, אז מען פרעגט זיא ווילסט
א חתן—זאגט זיא „ניין"!

## א וואונש פון א שכור.

איך וואָלט געוואָלט זיין א ציפערבלאט פון א טאשענאוהר,
וואָלט איך שטענדיג געהאט פאַר זיך א גלעזיל.

## דער גייטצהאַלז.

איין גייטצהאלז איז אריינגעפאללען אין א זומפ. א פויער האָט
עס דערזעהן אונד איז איהם נאכגעשפרונגען:

— הערר, וויללט איהר מיר אייער האנד געבען, וועלל איך
אייך רעטטען דאָס לעבען.

דער גייטצהאלז האָט איהם געענטפערט אינדעם ער איז געזונקען:

— איך קאָן ניכטס געבען, אונד ער איז ערטרונקען.

## וויא מען נארט אוים געלד.

אין אמעריקא האָט אמאָל איינער ארויסגעלאָזען איין
אדווערטייזמען, אז ער וועט ווייזען א מענשען, וואָס האָט אזוי
פיעל אויגען וויפיעל טעג עס איז דאָ אין יאהר, איינטריט'ס
פרייז 10 סענט. זעהר פיעל מענשין האָבען זיך געלאָזט זעהן דאָס
וואונדער. ענדליך ווען דאָס פובליקום האט זיך שוין צוזאמענגעקלי־
בען, איז אויף דער סצענע הערויסגעקאממען איין מענש מיט צוויי
אייגען. דאָס פובליקום האָט אָנגעפאנגען צו לערמען, פארוואָס מען
האָט זייא אָפגענארט.

— עס איז ריכטיג וויא איך האָב געשריעבען, האָט געזאָגט
דער מענעדזשער, איך האָב געזאָגט: זאָ פיעל אויגען וויפיעל טעג
אין יאהר, אונד הייטע איז דער צווייטער יאנואר.

## ניט קיין הינגער.

איין אָרעמאן איז אריין צו א גביר בעטען א נדבה. דער גביר
האָט אָבער אויף איהם אָנגעשריען אונד געזאָגט, דאָס קיין אורחים
גיט ער ניט.

— איך בין קיין אורח, האָט דער אָרעמאַן געענפערט, איך בין אַ הינער אַ געבאָרענער.

— אז דו וואָלסט געווען אַ הינער, האָט איהם דער גביר געענטפערט וואָלסטו וויססען, דאָס איך גיב קיין נדבות, ביסטו דאָך ניט קיין הינער, אונד אורחים גיב איך ניט.

## ער איז הייזעריג.

מען האָט אַ ישובניק מכבד געווען אמאָל אין שוהל מיט הגבה, האָט ער געענטפערט דאָס ער איז הייזעריג.

## איבער אַ יאהר יום כפור.

אַ שמש פון אַ רעפארמירטען טעמפעל האָט אויסגערופען יום כפור נאכ'ן דאַוונען, דאָס איבער אַ יאהר יום כפור שטעלט מען זיך דאַוונען אכט אַ זייגער.

## אללע אידען.

צו אַ גייסטליכען פאָן שפּאַניען, איז, פאַר זיין טוידט, געקומען דער גרויס אינקוויזיטאָר מיט נאָך גייסטליכע צו זאָגען מיט איהם ווידוי, נאר אנשטאט וואָס דער גייסטליכער האָט זיך געדאַרפט ווענדען צום אינקוויזיטאָר מיט דיא וואָרטען: „הייליגער פאטער,“ האָט ער אויסגעשריען: „שמע ישראל“. גלייך דאַרויף האבען אָבער אללע אנוועזענדע געענטפערט: „יי אלהינו יי אחד“

## בייא טאָג אויך.

אַ שנאָרער איז אריין אין איין געשעפט עלף אוהר בייא נאכט בעטען אַ נדבה.

— אַזוי שפּעט בייא נאַכט געהט איהר שנאָרען? האָט איהם דער ווירטה פערוואונדערט געפרעגט.

— איך שנאָר בייא טאָג אויך, האָט איהם דער בעטלער געענטפערט.




## Cannot afford anything better.

Customer—"I found in your dumpling, a piece of mud, missus".

The Missus—"You don't expect silk in dumpling at a nickel a piece, do you?

## אַ וואַרעניק מיט שמאַטעס.

קויפער — דער וואַרעניק איז גאָר אָנגעפּילט מיט שמאַטעס?

פערקויפערין — וואָס דען וואָללט איהר נעוואָלט, אַז פאר 5 קאָפּיקעס זאָל איך אייך אפשר נאָך געבען מיט—זיידענס?—

## איין עהרליכער מאַן.

איין קריסט אַ פּאַרמער, האָט געבראַכט אין שטאָדט איין אַלטען קעססעל אויסצובייטען אויף אַ נייעם. אַלס ער איז אריין צו אַ אידען אין סטאָר אונד דער איד האָט אָפּגעוואויגען דעם קעססעל, האָט ער געוואויגין מיט צוויי פּוד וויינינגער, וויא ער האָט געוואויגען ביים קריסטען אין דער היים.

— וויא אזוי קען דאָס זיין? האָט איהם דער פּאַרמער געפרעגט, איך וויים אַז מיין וואָג איז זעהר אַ ריכטיגע, אונד בייא מיר האָט ער געוואויגען מיט צוויי פּוד מעהר וויא יעטצט.

— איך גלויב דיר, אַז דיין וואָג איז ריכטיג, האָט איהם דער איד געענטפערט, נאָר פאָהרענדיג אזוי וויט זיינען אוואַדע צוויי פּוד איינגעפאַללען, אַ סימן קענסט דוא האָבין, אַז דער נייער קעססעל וועט בייא דיר אין דער היים אויף וועגען מיט אַ פּאַאר פּוד וויי־נינגער וויא ער וועגט יעצט.

דער קריסט, אַלס ער איז געקומען אַ היים אונד האָט דעם נייעם קעססעל איבערגעוואויגען, האָט זיך טאקע איבערצייגט, אַז ער וועגט מיט צוויי פּוד וויינינגער וויא ביים אידען.

— דער איד איז פאַרט איין עהרליכער מאַן, האָט דער פּאַר־מער צו זיך געזאָגט.

## יודען איזט פערבאָטען.

אין איינער פערזאַממלונג, ביים סאַפּער איז געזעססען איין אַנטיסעמיט, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו ריידען שלעכטעס אויף יודען. אַנטגעגען איהם איז גראַד געזעססען איינע יודישע דאַמע וועלכע האָט פון לאַנגוויילע אָנגעפאַנגען צוא געגעטצען.

— זעהט איהר, וויא דיא יודין האָט אויפגעמאַכט איהר מונד מיך איינצושלינגען, האָט זיך דער אַנטיסעמיט פּלוצלונג אָפּגערופען.

— וויססען זיא דען ניכט, דאָס אונז יודען איז פערבאָטען שוויינעפלייש צו עססען, האָט איהם דיא דאַמע געענטפערט.



קלמן: זאָג מיר נאָר זלמן ווען ווען ווען שוין איינמאָל חתונה האָבען?
זלמן: ווען עס וועט זיך מיר מאַכען אַ כלה מיט דרייא נוממערן.
קלמן: וואָס הייסט מיט דרייא נוממערן?
זלמן: גאָר פּשוט: נומ. 1 מוז זיא זיין שעהן; נומ. 2 מוז זיא זיין רייך אונד נומ. 3 מוז זיא זיין זעהר נאַריש.
קלמן: וואָס טויג דיר אַ נאַרישע כלה?
זלמן: שוטה וואָס דוא ביזט, ווען זיא וועט זיין שעהן אונד רייך אָבער ניט נאַריש, וועט זיא דאך מיר ניט וועלין.

---

קלמן: אז דוא נעהמסט סחורה אויף קרעדיט, ביז וויא לאַנג וואַרט מען דיר?
זלמן: ביז דער סטאָרקיפּער קומט מיט אַ שעריף.

---

קלמן: פאַרוואָס ווערט דאס אידישעס טהעאַטער אלס שולע בע־טראַכטעט?
זלמן: וויל מען קריגט זיך אונד מען פּאַטשט זיך וויא אין אַ שול.

## בּיסטו אַ למדן, דאַרפסטו דאָך וויססען.

איין געוויסער פּראָסטאַק האָט שבת געדאַווענט מיט דעם טלית איבערן קאָפּ, וואָס דאָס פּאַסט נאָר פיר איין למדן, דא האָט זיך אָפּגערופען איין געוויסער ווינצלינג צו איהם: „דוא ביזט דאָך געוויס אַ למדן, מוזט דוא דאָך וויסען, דאָס אַ פּראָסטאַק דאַרף ניט טראָגען דעם טלית איבערן קאָפּ.

## ביז תחית המתים.

איין גביר זעהר אַ קאַרגער, וועלכער האָט קיינמאָל קיין נדבות גינעבען אונד קיין קינדער האָט ער אויך ניט געהאט, האָט געהאַלטען ביים שטאַרבּען אונד האָט געשיקט רופען דיא פיהרער פון שטאַדט. דיא מענשען האבען זיך זעהר דערפרעהט, דען זייא האָבען גירעכנט, דאָס פאַר'ן טוידט וועט ער אפּזאָגען געלד אויף צדקה. אלס זייא זיינען אָבער צו איהם געקומען האָט ער זייא געזאָגט:

— איך שטאַרב אונד בייא אייך לאָז איך איבער גאָר מיין געלד. איהר זאָלט נאָך מיין טוידט נעהמען מיין געלד אונד עס אוועקגעבען אויף פּראָצענט, אונד אז עס וועט זיך ענדיגען אַ יאהר זאָלט איהר צורעכנען דיא פּראָצענט צום קערן. אויף'ן צווייטען יאהר זאָלט איהר שוין רעכנען פּראָצענט פון דיא פּראָצענט אונד אזוי ווייטער אלע יאהר.

— אָבער וואָס זאָלען מיר דערנאָך טהאָן מיט דעם געלד? האָבען זייא איהם געפרעגט.

— דאָס געלר זאָלל ליגען, האָט דער קאַרגער געענטפערט, אונד עס זאָלל זיך קלייבען פּראָצענט ביז תחית המתים, אונד דערנאָך אז עס וועט זיין תחית המתים, זאָלט איהר מיר אַוועקגעבען דעם קערן מיט דיא פּראָצענט, עס זאָל אַ סענט ניט פעהלען.

## אַ אידישער לעזער.

אין איין אידישער בוכהאַנדלונג האָט אַ מאַן אָבגעטראָגען אַ בוך, וועלכען ער האָט ערסטענס געהאַלטען אַכט וואָכען,

דאן האט אין איהם געפעהלט צעהן בלעטטער אונד ענדליך איז ער גיווען פארשריבען פול מיט ציפער. אלס דער בוכהאנדלער האט ניט געוואלט ארויסגעבען דעם דעפאזיט פאר דעם בוך, האט דער מאנן זיך אויף פאלגענדער ווייזע פארענטפערט: „איך האב איהם שוין לאנגע אויסגעלעזען, נאר איך האב קיין צייט געהאט אבצור־טראגען; דאן וואס דיא בלעטער פעהלין איז ניט מיין שולד, דען מיין קליינעס קינד האט עס אויסגעריסען אונד וואס ער איז פאר־שריבען מיט ציפער איז אויך ניט מיינע שולד„ דען מיינע צוויי באָרדערס האבען געשפיעלט פינאקעל אונד זייא האבען גראדע קיין אנדערע פאפיער ניט געהאט, אויף וואס צו שרייבען.

## בעסער א איד בייא מלכים.

א מאל האבען אידען געוואלט מאכען איין מלוכה, זיינען זייא געגאנגען מיט א פארשלאג צו ראטשילדען, דאס ער זאלל זיין בייא זייא איין מלך. „איך וויל בעסער זיין א איד בייא מלכים, איידער א מלך בייא אידען, איז גיווען זיין אנטווארט.

## מה נשתנה.

א געוויסער יודישער געלעהרטער האט געזאגט: „בייא יודען איז מאן שוין אזוי איינגעוואהנט, אז עס זאל אין קיין זאך קיין סדר (ארדנונג) ניט זיין, אז וויא נור עס קומט פסה אונד מאן דערזעהט עפעס פארט א שטיקעל סדר..... פרעגט מאן גלייך דיא פראגע פון „מה נשתנה“?

## וואָרום בייא פרויען וואקסט קיין באָרד.

איין גרויסער פהילאזאף האט געזאגט, דאס בייא פרויען וואקסט קיין באָרד דערפאר, ווייל זייא ווילען זיך ניט קענען ראזירען, דען ווען מען ראזירט מוז מען שווייגען. אונד ווען עס טרעפט זיך דאך א מאל, דאס עס וואקסט אויס בייא א פרוי א באָרד זאל זיא זיך ראזירען אין פעברואר מאנאט, ווייל דאן ריידען זייא אם וועיניג־סטען, דען דער מאנאט האט נור 28 אדער 29 טעג.

## געדאַנקען פון אַ אידישען פּאָעט.

איך קען שרייבען אללעס וואָס איהר ווילט,

קיין רעדאקטאָר ווארפט עס אוועק;

מיין יעדע פּיצעלע שרייבעריי גילט —

אַ תוץ ווען איך שרייב אָן אַ טשעק.

## קאָסציושקאָ'ס פערד.

דער פּוילישער גענעראל קאָסציושקאָ האָט איינמאָל געוואָלט שיקען אַ נייסטליבען אין סאָלאָטהורן (שווייץ) איינינע פלעשער גוטע וויין. ער האָט איבער־געגעבען אַ יונגע מאַן מיט'ן נאמען צעלטנער און האָט איהם פיר דיא רייזע געגע־בען זיין אייגענעם פערד. אלס צעלטנער איז צוריק־געקומען האָט ער געזאָגט: „מיין גענעראל! אויף אייער פערד וועל איך מעהר ניט פאָהרען, סיידען איהר וועט מיר אויך מיט געבען אייער געלד בייטעל.“—„וואָס מיינסטו מיט דיזע ווער־ווערטער?“ האָט געפרעגט קאָסציושקאָ. צעלטנער האָט געענטפערט: „אַזוי באלד וויא אַן אָרימאַן אויפ'ן וועג האָט הערונטערגענומען דעם הוט און געבעטען אַ נדבה איז דאס פערד געבליעבען שטעהן און איז ניט אוועק פון אָרט ביז דער בעטלער האָט עטוואָס געקריעגען, און אלס ביי מיר איז ענדליך אויסגעגאַנגען דאָס געלד, האָב איך דאס פערד נאָר דאדורך צופריעדען געשטעלט, וואָס איך האָב זיך גע־מאכט, אַזוי וויא איך וואָלט דעם בעטלער עפּעס געגעבען.“

## ולא הביישן למד.

מען האָט געפרעגט אַ טערקישען געלעהרטען, וויא אַזוי ער האָט געקענט ערווערבען אַזעלכע גרויסע קענטניסע. „איך האָב זיך קיינמאָל ניט געשעמט צו פרעגען, ווען איך האָב עפּעס ניט געוואוסט,“ איז געווען זיין ענטפער.

## געטהע'ס אַ ווערטיל.

מחשבה און מעשה איז געגליכען צו רחל און לאה איינע איז שעהנער דיא אנדערע פרוכטבארער.

---




## Effects of a dark Outlook.

Immigrant—"That man there is probably a very long time in this country."

His Friend—"What makes you think so?"

Immigrant—"He seems to have seen many dark days.,'

## אַ גוטער סמן.

עמיגראַנט—אָט אַ פּנים דער מענש וואָהנט שוין גאַנץ לאַנג אין אַמעריקאַ.

אַמעריקאַנער—פון וואַנען שליעסט איהר דאס?

עמיגראַנט—ווייל איך זעה אין איהם ער איז גוט פערשוואַרצט געוואָרען.

## שוין לאַנג פון וואַסער.

איינער האָט גענומען איין אורח אויף שבת. מאַן האָט איהם גיגעבין אַ שטיקעל פיש, אָבער דיא פיש איז ניט גיווען פריש. דער אורח האָט גענומען דיא שטיקעל פיש אונד האָט צוגעלייגט צום אויער. „וואָס טהוט איהר דאָס"? האָט איהם געפרעגט דער בעל הבית. „מיינער אַ פאָטער האָט זיך דערטרונקען, האָט איהם דער אורח געענטפערט, פרעג איך, אפשר וויים דיא שטיקעל פיש עפּעס אַ גרוס פון איהם". נוא וואָס זאָגט זיא? האָט דער בעל געפרעגט. „זיא זאָגט, אז זיא שוין זעהר לאַנג פון וואַסער, וויים זיא ניט".

## דער אורח מיט דיא גרויפּין.

מען האָט דערלאַנגט איין אורח גרויפּין צום עסען, האָט ער זיך אָפּגערופען צו דער ווירטהין: „איהר האָט ניט געמוזט זייען דיא וואַסער"? „וואָס איז"? האָט זיא געפרעגט. „עס שווימט עפּעס ארום אַ גרויפּ אין טעלער," האָט דער אורח געענטפערט.

## א י י ד ע ר.

מען האָט איינעמען אַ מאָל גערופען „שייגעץ". איידער איהר זייט געוואָרען אַ גרויסער פויער, האָט יענער זיך אָפּגערופען, זייט איהר דאָך אויך גיווען אַ שייגעץ.

## אַ מענשען ערמאָרדעט.

אַ איד האָט גענדאַרפט קויפען ביי איין קריסטען וואַארע, ער האָט אָבער קיין געלד געהאַט צו בעצאהלען אונד קיין אנדרען משכן וויא זיינע תפילין האָט ער אויך ניט געהאַט. דער קריסט האָט איהם געפרעגט וואָס דאָס איז תפילין, האָט ער איהם דער־קלערט, אז אַ איד טאָר ניט עסען אהנע צו לייגען תפילין, זאָ דאָס ביז מאָרגען פריה וועט ער איהם געוויס אָפּברייננען פאר דיא וואַארע. דעם קריסטען איז דאָס זעהר גיפעלען אונד ער איז גיווען צופריעדען מיט דעם משכן. עס זיינען אוועק צוויי, דריי טעג אונד

ענדליך אַ גאַנצע וואָך אונד דער איד האָט איהם אַלץ ניט אָפּגע־בראַכט דעם שולד. דער קריסט איז געוואָרען זעהר טרויעריג אונד אַללע זיינע בעקאַנטע האָבין גלייך באַמערקט, אַז איהם האָט גע־מוזט עפּעס טרעפען איין אונגליק. זיינער אַ גוטער אַ פריינד האָט זיך ענדליך ענטשלאָססען איהם צו פרעגען דיא אורזאַכע. „איך האָב איין מענשין ערמאָרדעט, האָט ער זעהר טרויעריג געענטפערט, דען ביז יעצט איז ער שוין געוויס געשטאָרבען".

## בעט גאָט ווענסטו אַללעס האָבען.

אַ פרוי האָט בעקאַממען אַ חשד אויף איהר מאַן, דאָס ווען ער איז אונטערוועגס דאַווענט ער ניט, אום דאָס אויף זיכער אויסצור־געפינען, האָט זיא בייא זיינער נעכסטער רייזע אריינגעלייגט זיינע טאַשענטיכער מיט שטרימפּפע אין טלית־זאַק צוזאַממען מיט'ן טלית. אין אייניגע טעג אַרום האָט זיא בעקאָממען פאָן איהר מאַן איין בריעף מיט אַ פראַגע, וואַרום זיא האָט פאַרגעססען איהם מיטצוגעבען טאַשענטיכער מיט שטרימפּפע? „בעט גאָט ווענסטו אַלעס האָבען," האָט זיא איהם געענטפערט,

## דיא קאַלטע לאָקשין.

איין אָרעמאַן פלעגט אריינקומען צו איינעם אימּמער אין דער צייט פון עססען, דאָס איז ענדליך יענעם מאַן איבערדריססיג גע־וואָרען, אונד אַלס דער אָרעמאַן איז נאָך איין מאָל אריינגעגאַנגען, האָט ער זיך צו איהם גלייך געווענדעט מיט דער פראַגע: „פיללייכט וועט איהר עססען קאַלטע לאָקשין? „יא, האָט דער אָרעמאַן גע־ענטפערט, פאַר וואס ניט"? „נוא, האַט צו איהם געזאָגט יענער, זייט אַזוי גוט אונד קאַממט מאָרגען, דען היינט זיינען נאָך דיא לאָקשין הייס".

## זייא זיינען געבליעבען אין שיינק.

איינער האט ערב פּסח געלאַזען דיא הגדה אין שיינק, האט איינער בייא איהם גיפרעגט: וויא אַזוי לאָזט ער ערב פּסח דיא

הגדה אין שיינק ? „איך האָב אָנגעגרייט דיא הגדה אויף בייא נאַכט צום סדר, האָט ער געענטפערט, איך האָב אָבער דארטען דערזעהן אזעלכע וויכטיגע מענשען וויא ר׳ אליעזר, ר׳ עקיבא, ר׳ יהושע אונד ר׳ טרפון, נוא וויא געהט מען ניט מיט זייא אריין מאַכען א שנאַפּס, מיר זיינען טאַקע אריין אונד האָבין אללע גע־מאַכט א גוטען שנאַפּס, איך האָב א שטארקען קאָפּ, האָב איך גיקענט אוועקגעהן, זייא אָבער האָבין נעבאך שוואַכע קעפּ, זיינע זייא געבליעבען אין שיינק.

## אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט.

1) א פּאָטער האָט גיגעבין א מאָל זיינעם א זוהן א פלאַש, דאָס ער זאָל געהן בריינגען בראַנפען; אלס דער זוהן האָט אָבער גיבעטין בייא איהם געלד, האָט איהם דער פּאָטער געענטפערט: „א קונץ איז צו בריינגען פאר געלד, בריינג אָן געלד“. ער איז אוועק אונד אין א וויילע ארום האָט ער געבראַכט צוריק דיא ליידיגע פלאַש אונד האָט געהייסען דעם פּאָטער טרינקען. „עס איז דאָך א ליידיגע פלאַש,“ האָט צו איהם דער פּאָטער געזאָגט. „א קונץ צו טרינקען פון א פולע פלאַש, טרינק פון א ליידיגע“, איז גיוועזן זיין אנטוואָרט.

2) דערזעלבער זוהן האָט גיבעטען א מאָל ביים פּאָטער א הערינג. דער פּאָטער האָט איהם געהייסען געבין א קאָפּ מיט איין עק. ער האָט גאָר ניט גירעדט אונד האָט עס גענומען. אויף מאָרגען, ווען ער איז געגאַנגען דאַוונען, האָט ער זיך געזאַמט צעהן מינוט אונד איז באַלד געקומען צוריק א היים. אלס דער פּאָטער האָט בייא איהם געפרעגט, וויא אזוי ער האָט אזוי גיך אָפּגעדאַוועט? האָט ער געענטפערט, אז א קאָפּ מיט איין עק איז איין גאַנצער הערינג, איז מה טובו מיט עלינו א גאַנצער דאַוונען.

## איינע קלוגע אַנטוואָרט.

איינער האָט געפרעגט בייא א רב, וויא זאָל מען טהאָן, ווען מאַן טרעפט צוזאַממען א געלעהרטען מיט איין הונד, דען עס

שטעהט דאָך, אז פאר א געלעהרטען דארף מאן זיך שטעלין אונד פאר א בייזען הונד דארף מאן זיך זעטצען? „אזא פראגע קען מאן ניט ריכטיג בעאנטוואָרטען, מאן מוז טהאָן וויא דיא וועלט פיהרט זיך בייא אזא פאלל, אָט וועלען מיר ארויסגעהן אויפ'ן גאַס, ווערדען מיר זיך איבערצייגען,“ האָט איהם דער רב געענטפערט.

## א גוטער דאָקטאָר.

אין האָספּיטאל, האָט מאן דערצעהלט דעם דאָקטאר, דאס פינף פון זיינע קראנקע זיינען געשטאָרבען. „אוי, וויי! האָט דער דאָקטאר אויסגעשריען, פון זעקס זיינען פינף געשטאָרבען“, יא, האָט דער אויפזעהער געענטפערט, דער זעקסטער האָט ניט געוואָלט געהמען אייערע מעדיצין.

## עס איז א נס.

איין יונגער מאן איז קראנק געוואָרען, ער האָט בעקאממען עטוואס היטץ, וואר הייזעריג אונד האָט אויך עטוואס געהוסט. זיינע פרוי האָט געשיקט נאָך א דאקטאר פון דיא, וועלכע מאכין א לעבין פאן חברות אונד סאסייטעס. דער דאָקטאר האָט בעטראכט דעם קראנקען אונד האָט באמערקט, אז זיינע הענד זיינען רויטה. „אייער מאן איז געפעהרליך, האָט ער זיך געווענדעט צו דער פרוי, אונד ער מוז שטארבען, עס קאן איהם שוין קיין דאָקטאר ניט העלפען, איך האָב אויך ניט מעהר וואָס צו קאממען“. „גאָט איז מיט אייך, האָט דיא פרוי ערשטוינט זיך אָפּגערופען, איך בין פאר א יאהרען געפעהרליכער קראנק גיוועזן, אונד דאָך בין איך געזונד גיוואָרען, מיין מאן איז דאָך נאָך אזוי יונג אונד שטארק“? „פאר־שטעהט איהר מיך, האָט דער דאקטאר געענטפערט, בייא אייער מאן זיינען דיא הענד שארלאַך רויטה, איז א סימן, דאָס ער האָט סקאָרלאַטין, אונד מיט סקארלאָטין איז ניט צו שפּאסען“, „אָ, מיין ליעבער דאקטאר, האָט זיך דיא פרוי אפּגערופען, בייא איהם זיינען דיא הענד רויטה ווייל ער איז א פארבער, אונד ער האָט גיט לאנג

נעארבעט א רויטהע קלייד". „עס איז טאקע א נס, וואָס ער איז א פארבער, אויב ניט וואָלט ער געוויס געשטאָרבען," האט דער דאקטאר געענטפערט.

## אַז דוא ווייסט שוין, טהו וואָס פרעגסטו?

א פארצייטיגער ישובניק האָט ניט געוואוסט וויא אָפצוריכטען דעם סדר, אונד האָט דארום געשיקט זיין פרוי זיא זאָל געהן ביים שכן אונטערן פענסטער אונד זעהן וויא ער טהוט. דיא פרוי איז אוועק צום שכן אונטערן פענסטער אונד האָט געזעהן וויא ער שלאָגט שרעקליך זיין פרוי, זיא איז אוועק צו הויז אין שרעק, דען זיא האָט געמיינט, אַז אַזוי דארף מען אפריכטען דעם סדר. „נו מיין פרוי, האָט איהר געפרעגט דער מאַן, וואס האסטו דאָרטען גע־זעהן"? זיא האָט אָבער ניט געקענט איהם ענטפערן, דען זיא האָט מורא געהאט אויסצוזאָגען. דער ישובניק איז געוואָרען שטאַרק אין כעס אונד האָט איהר דערלאַנגט א פאאר גוטע פעטש. „נוא אַז דוא ווייסט שוין, האָט זיך דיא פרוי אָפגערופען, טהו וואָס פרעגסטו"?

## איינע גוטע אַנטוואָרט.

אין א קליינער שטאדט זיינען ניט מעהר גיווען וויא צעהן ערוואקסענע מענשען, וואס מאַן האָט פון זייא געקענט מאכען איין מנין, אונד דאָך האבען זייא געהאט א שוהל מיט איין בית עולם. איינמאל איז דורכגעפאהרען איין רייזענדער, וועלכער האָט זייא געפרעגט: „וואצו דארפען זייא איין בית עולם מיט א שוהל, ממה נפשך וועט איהר אללע איממער לעבען, ברויכט איהר קיין בית עולם, וועט איינער שטאַרבען, דארפט איהר קיין שוהל, דען עס וועט קיין מנין בלייבען". „דיא שוהל דארפען מיר טאקע פאר אונזער מנין, אונד דעם בית עולם פאר דורכרייזענדע, האָט מאַן איהם געענטפערט.



## A clever Retort.

A scholarly and well to do Cantor, once at a social gathering where some of his enemies were present, was telling how he could get along with everybody, being a singer among singers, a scholar among scholars etc.

"And among dogs? ventured one of his enemies."

"Among dogs" Was the quick reply "I am now for the first time."

## גוט געענטפערט.

אַ קאַנטאָר (חזן), וואָס איז געווען דערצו אַ למדן און אַ רייכער בעל־הבית האָט איינמאָל אין געזעלשאַפט פון בעקאַנטע, וואו עס זיינען אויך געווען עטליכע פון זיינע שונאים, זיך בעריהמט דאס צווישען חזנים איז ער אַ חזן, צווישען לומדים איז ער אַ למדן, און צווישען עשירים אַ עשיר. „נו, האבען איהם זיינע שונאים אונטערבראָכען: „און צווישען הינט?"

—צווישען הינט? האָט דער חזן גלייך געענטפערט, צווישען הינט בין איך יעצט דעם ערשטען מאָל......

## ליטעראַרישע בייסענעס.

רעדאַקטאָר (צום פּאָעט).—וואָרום דולט איהר מיר דעם קאָפּ מיט אייערע געדיכטע?

פּאָעט.—אַך, העדר רעדאַקטאָר! איך וואָלט חאָטש איינמאהל וועלען זעהן מיין נאָמען געדרוקט.

רעדאַקטאָר.—טאַ לאָזט זיך מאכען וויזיט־קאַרטען.

---

## פּריוואַט איינענטהום.

אנאַרכיסט (ריידענדיג אויף דער פּלאַטפּאָרמע.)—ניעדער מיט דער פּערדאָר־בענער געזעלשאַפט! ניעדער מיט פּריוואַט אייגענטהום! ניעדער מיט „דיין" און „מיין"!

איינער פון דיא צוהערער.—באָרג מיר אַ ביסעלע דיין פּייפּ. דוא קענסט דאָך זאָ וויא זאָ ניט רויכען אין דער צייט ווען דוא רעדסט.

רעדנער (זעהר אויפגערעגט).—וואָס פאַר אַ פרעכהייט האַסטו צו בעטען מיין פּייפּ? האָב איך דען ניט אַליין בעצאָהלט פאַר איהר פון מיין טאַש?

---

## א גוט קעפּעל גיט זיך איין עצה.

באָס.—פּערשטעהט איהר גוט בוכהאַלטונג?

בוכהאַלטער.—געוויס פערשטעה איך.

באָס.—בערעכענט מיר, אבער שנעלל, וויפיעל וועלען מיר קאָסטען אַ פּאָר פּענטס ווען שטאָף איז ביי מיר אָוועקגעגאַנגען אַ יאַרד מיט אַ פיערטעל, איין יאַרד פון דיעזען שטאָף קאָסט 3.75 ד. טרימינג דאַרף קאָסטען 75 סענט און שניידע־ריי 2 דאָלאַר.

בוכהאַלטער (זיך קראַצענד דעם קאָפּ).—אַי! וואָס טויג מיר דיא חשבונות? אַ גוטער קאָפּ גיט זיך אַן עצה.

באָס.—וואָס פאַר איין עצה?

בוכהאַלטער.—מען קויפט זיך אַ פאַרטיגע פּאָר פּענטס.

---

# דער קלוגער פלעמעניק.



דיאביידע קאָזינס זשאַן און פהיליפּ האָבען בעגלייטעט זייער טאַנטע צום באַהן. יעדער האָט זיך געוואָלט אויסצייכענען און אונטערשמייכלען, דיא רייכע טאַנטע אום זיא זאָל איהם איהר פערמעגען אָבשרייבען. אלס עס איז געקומען צו אבשיעד נעהמען איז זשאַן צוגעלאָפען צו העלפען דיא טאַנטע אריינשטייגען אין וואַגאָן.

— „זעהסטו האט דיא טאַנטע געזאָגט צו פיליפּ'ן וויא גאלאַנט דיין קאָזין איז, דיר וואָלט דאס גאָר ניט איינגעפאַלען, דאָ האָט דזשאַן געזאָגט: אָבער ליעבע טאַנטע, דוא ביסט נאָך יונג גענוג אום אַליין אין וואַגאָן הערייןצושטייגען!“—אלס דיא טאַנטע האָט אַ ק'רצע צייט נאכדעם אבגעשריעבען איהר פערמעגען האט זיא איהר פלעמעניק זשאַן געמאַכט פיר איהר איינציגען יורש.

## וואס איז געוועןז

---

ריכטער. „אלזא, נאך דעם וויא דער פערקלאגטער האט אייך געגעבען א פאטש, וואס איז געווען ?“

קלעגער. „נאך דעם האט ער מיר געגעבען א דריטען פאטש.“

ריכטער. איהר מיינט געוויס א צווייטען פאטש ?“

קלעגער. „ניין, הערר ריכטער, דעם צווייטען האב איך איהם געגעבען.“

---

## וואס וועט זיין.

---

ריכטער. (צום אדוואקאט) ווארום נעהמט ביי אייך אזוי פיעל צייט אויסצוקלייבען א דזשורי. (געשווארענע).

אדוואקאט. „זעהר איינפאך, דיא קיים איז וועגען א בייסיקעל עקסידענט, (אונגליק) איך זוך געשווארענע וועלכע פארען בייסיקעל, און דער אנדערער לויער זוכט אזעלכע וואס פאהרען ניט קיין בייסיקעל.

---

## עס קאן גאר אנדערש ניט זיין.

---

ריכטער. „וויא קומט איהר אין דיזען מאנ'ס הויז צוויי א זייגער ביי־נאכט ?“

גנב. „שמעלט אייך פאר, הערר ריכטער, א פינסטערע נאכט, קיין פאליסמאן און איין אפענער פענסטער, וויא האט געקענט אנדערש זיין ?“....

---

## טהוט מיר א טובה.

---

ריכטער. (צום גנב.) איהר זייט פריי, איהר קאנט געהן.

גנב. (צו זיין אדוואקאט), הערר לויער, איך וויים אז מיין בעפרייהונג האב איך אייך צו פערדאנקען, איך מוז נאך קומען צו אייך אין אפפים.“

לויער. „זעהר גוט, אבער טוהט מיר דיא טובה און קומט ניט ביי־נאכט....“

---

# דער רויבער.

אין איין פרעכטינער עקיפאזשע וועלכע וואר געשפאנט מיט פיער טהייערע פערד זיינען געזעסען צוויא הערען מיט איינער דאמע, נאך זייער קליידונג און אויסזעהן האט מען גלייך געקאנט ערקענען דאס זיי ווארען פון דער אריסטאקראַטישער קלאסע און זעהר רייך. דיא עקיפאזשע האט זיך געצויגען אין דער ריכטונג פון דער גרויסער וועלט שטאדט לאנדאן.

דער וועג וועלכער האט געפיהרט נאך לאנדאן האט דורכגעשניטען א גרויסען וואלד. וועגען דיזען וואלד האט מען זעהר פיעל גערעדט, דען אפט פלעגען רויבערייען געשעהן אין דיא שאטענס פון דיא גרויסע געדיכטע בוימער און מען פלעגט מורא האבען דורך איהם ביי נאכט צופאהרען, אבער עס וואר גרויסער טאג און דיא פאסאזשירען פון דער עקיפאזשע זיינען זיך רוהיג געזעסען און גערעדט וועגען דיא שענהייט פון דער נאטור וועלכע האט אין דיזען פריהמארגען בעזאנדערס געשמייכעלט און געשיינט.

אלס זיי ווארען שוין טיעף אין וואלד האט דיא דאמע זיך אנגעפאנגען צו שרעקען אליין ניט וויסענדיג ווארום. דיא ביידע הערען האבען געלאכט פון איהר שרעק און האבען זיא בערוהיגט דאמיט וואס קיין רויבער וועט וואגען אין ליכטיגען טאג זיי אנגרייפען.

דיא פערד זיינען געלאפען לאנגזאם און דער קוטשער האט שטיל צוגעפייפט א מעלאדי אלס פלוצלינג איז וויא פון דער ערד ארויסגעוואקסען א רייטער אויף א פרעכטיגען שטארקען פערד, און האלטענדיג צוויי רעוואלווערן געגען דיא רייזענדע האט ער מיט איין דאנערענדער שטיממע אויסגערופען: „אויב איהר ווילט לעבענדיג נאך דער שטאדט אנקומען, זאלט איהר זא גלייך אייער גאנצעס געלד איבערגעבען!“

דיא פערד זיינען שטעהן געבליבען, דער קוטשער איז געזעסען וויא פארשטיינערט. דיא דאמע איז געפאלען אין אהנמאכט און דיא ביידע הערען האבען אהנע לאנג צו טראכטען ארויסגעווארפען צום רויבער וויפיעל געלד און שמוק זאבען זיי האבען ביי זיך געהאט.

„איהר קאנט יעצט פאָהרען!" — האט דער רויבער געזאגט, און דיא עקי־פאזשע האט זיך שנעל אוועקגעקייקעלט פון דעם שרעקליכען מענשען.

„וויא געפעלט עס דיר?" — האט איינער פון דיא פּאסאזשירען געזאָגט צום צווייטען.

„מיר געפעלט עס גאָר ניט,"—האט דער צווייטער געאנטוואָרטעט. „אבער וואָס זאָגסט דוא צו דיא האָאָר פון דיזען רויבער,—מיר שיינט איך וועל איהם דער־קענען ווען איך וועל איהם נאָך איין מאָל זעהן".

„יא, געוויס, איך אויך, מיר וועלען גלייך אויף אונזער אנקונפט אין לאָנדאָן דער פּאליציי מעלדען דיזען פאל און געבען דיא ציגע פון דיזען רויבער, זיי וועלען איהם אָהנע צווייפעל דערקענען.—אָבער לאָמיר יעצט אבּמינטערען מאריען."

„חא, חא, חא!"—האָט דער רויבער געלאַכט,—„זיי האָבען קיין וואָרט גע־רעדט און גלייך געטהאָן וואס איך האב געהייסען, דאס איז גוט, אזעלכע קונדען האָב איך ליעב."

ער האט דאס געלד און דיא שמוק זאכען צוזאמענגעקליעבען און האט זיך נאכהער פערטראכט, „דיזע וועלען געוויס גלייך דיא פּאליציי מעלדען וועגען דיזען פאל און פּאליציסטען וועלען גלייך ארויסגעשיקט ווערען מיך צו זוכען, אלזאָ גוט...."—ער האָט דיא פאריקע ארונטערגענומען פון זיין קאָפּ און האט עס אויפגעהאנגען אויף א בוים, חא, חא, חא! דיא פּאָליציסטען וועלען אָנשטאָט מיך דיזע גרויסע, שווארצע פאריקע פינדען"....

* * *

אויף דעם זעלבען וועג איז געריטען א יונגער מאן אויף א פּרעכטיגעס פערד, ער איז אויך געפאָהרען נאָך לאָנדאָן. לאנגזאם איז ער געפאָהרען און האט גע־טראכט וועגען זיין געליעבטע כלה וועלכע ער פאָהרט יעצט זעהן, אין א ליעבע־פאָלער שמייכעל האָט אויף זיינע ליעפּען געשפּיעלט.

„וואָס זעה איך, איינע פאריקע!?" — האט ער אויסגעשריען דערזעהענדיג אויף א בוים א גרויסע, פעך־שווארצע פאריקע. ער האט עס ארונטערגענומען און בעטראכט. נאָך א קורצעס דענקען האט ער זיך צולאכט און האט אנגעצאגען דיזע פאריקע אויף זיך. „חא, חא, חא! וויא איבעראשט מיינע טהייערע בראוט וועט ווערען ווען זיא וועט מיך דערזעהן אין דיזער מערקווירדיגער פאריקע, א שיינער שפּאס וועט עס זיין!" אזוי האט זיך דער יונגער מאן געטראכט און געקוואָלען וועגען דעם שפּאס א היבש לאנגע צייט, אלס פּלעצליך האָט ער דערהערט דאָס לויפען פון פערד קאָמענד פון טיעפען וואלר און א געשריי „האלט! שטעה!"

„דאָס מוזען זיין רויבער‟—האָט איהם אויפגעבליטצט דער געדאנק און גלייך איז זיין פערד געפלויגען מיט איין געפעהרליכער שנעלקייט. אָבער ער האָט דייטליך געהערט דאָס מען יאָגט איהם, צו זיינע אויערן האָבען געריהט געשריען פון מענ־שען, דאָס חראָפּען פון פערד און שיסען.

„שלעכט‟—האָט זיך דער יונגער מאן געטראכט אלס איין קוגעל האָט דורכ־געפייפט נעבען זיין אויער. „שלעכט, אויב איך וועל זיך ניט אונטערגעבען וועט מען מיך דערשיעסען.‟ און דאָך האָט ער געהאָפט אויף דאָס שנעלינקייט פון זיין נוטעס פערד וועלכעס האָט זיך געטראָגען וויא דער ווינד. אָבער גלייך האָט זיך דערהערט נאָך א פּאָאר שיסע, דאָס פערד האָט געגעבען א שפּרונג און איז אומ־געפאלען, צוויי קוגעלן האבען געלעכערט זיין רוקען.

דער רייטער איז אומגעפאלען מיט׳ן פערד, און מען קאָן זיך פאָרשטעלען דעם יונגען מאַנ׳ס פערוואונדערונג אלס אנשטאָט רויבער זיינען גאָר נעבען איהם יעצט געוועזען ביז צעהן פּאָליציסטען.

נאָך איידער ער האָט צייט געהאט צו פרעגען וואָס עס בעדייט זייער יאָגען זיך נאָך איהם, ווארען קעטען אויף זיינע הענד.

ער האָט פּראָטעסטירט געבעטען אָבער דיא פּאָליציסטען האבען איהם ניט געהערט און געבראכט אין שטאָדט אלס ארעסטאנט. זיין פערוואונדערונג וואר נאָך גרעסער אלס צוויי רייך געקליידעטע הערען א יונגע דאמע און נאָך א מאן אָנגעטאָהן אלס קוטשער זיינען געקומען אין פּאָליציי־הויז און דערזעהענדיג איהם האָבען אויסגעשריען: „יאָ, דאָס איז דער רויבער!‟

* * *

דער געריכטס זאאל וואר פול געפּאקט מיט מענשען. יעדען האָט אינטע־רעסירט דער פּראָצעס פון דעם רויבער מיט דיא גרויסע שווארצע האָאר. אללע האָבען זיך געוואונדערט וויא קומט דיזער יונגער מאן וועלכער איז פון זייער רייכער פאמיליע און האט אזא רייכע כלה, צו זיין א רויבער. דיא פאמיליע פון יונגען מאן האָבען געטאָהן אללעס מעגליכע אום זיין בעפרייהונג. גרויסע אדוואָקאטען ווארען זיינע פערטהיידיגער, מען האָט געשמירט מיט געלד דיא בעאמטע, אָבער עס האָט גאָר ניט געהאָלפען און דער פּראָצעס האָט געמוזט שטאטפינדען און עס וואר זי־כער דאָס דער רויבער וועט זיין פערדיענטע שטראַפע ערהאלטען.

דיא צוויי רייכע הערען, דיא דאמע און דער קוטשער האָבען איינשטימיג ערקלערט דאס דיזער מאן מיט דער שווארצער פּאריקע וואר דער רויבער וועלכער האָט זיי אין וואלד אבגעהאלטען און בערויבט.

דער יונגער מאַן האָט געשוואָרען דאָס ער ווייס ניט פון וואס צו זאָגען, דאס ער האָט דיא פאַבריקע געפונען און אלס שפּאס אָנגעטאהן. זיין פאמיליע, דיא כלה, און בעקאנטע האָבען געשוואָרען דאס זיי קענען איהם אלס פיינעם אָרדענטליכען מאַן, אָבער דיא פערקלעגער האָבען איינשטימיג געשריען דאס נור ער וואר דער רויבער.

שלעכט, אללעס וואר געגען איהם. פיער לייטע שווערען אויף דעם דאָס נור ער האָט זיי בערויבט און דער אונגליקליכער יונגער מאַן האט מיט פינסטערע בליקען געקוקט אויף דיא געשוואָרענע וועלכע וועלען באלד איהם אלס שולדיג ערקלערען.

זיינע צוויי אדוואָקאטען האָבען געריסען בערג מיט זייערע רעדען, אבער עס האָט אויף דיא געשוואָרענע קיין איינדרוק געמאכט און מען האט אויף זייערע געזיכטער געקענט לעזען דאס שרעקליכע וואָרט „שולדיג !"

דיא געשוואָרענע האבען זיך צוריקגעצויגען אין א בעזונדער צימער און אלע האָבען מיט קלאַפּענדע הערצער ערווארטעט זייער צוריקקעהר. ענדליך זיינען זייא אריין און אויף דער פראַגע פון ריכטער וועגען זייער בעשלוס האט דער עלטערער אויסגערופען „שולדיג !"

אבער אין דער מינוט איז א רייך געקליידעטער שעהנער מאַן ארוים פון פובליקום און איז צוגעגאנגען צום ריכטער און דיא געשווארענע.

„ווערטהע העררען !" — האט ער מיט א זאנפטער שטיממע אנגעפאנגען : אזוי וויא איהר האט יעצט ערקלערט א מענשען שולדיג אין א שרעקליכען פערברעכען, — א מענשען וועלכער שווערט דאס ער איז אונשולדיג, — א מענשען וועלכער איז פון זייער רייכער פאמיליע, און פון גרעסטען אדעל, און אבוואהל דיא פיער ציינען געגען איהם שווערען דאס ער איז דער רויבער וועלכער האט זיי אין וואלד אָבגעשטעלט און בערויבט, קאן דאך מעגליך זיין דאס ער איז אונשולדיג, דארום בעט איך מען זאל מיר ערלויבען נאך איין מאהל א קורצע פערהאנדלונג אנפאנגען דורך וועלכע איך האָף דיא וואהרהייט צו דערגעהן."

אלע האבען דעם מאַן פערוואונדערט אנגעקוקט און דער ריכטער נאך א קורצע איבערלעגונג האט עס איהם ערלויבט.

דער געהיימניספאָלער מאַן האט דאן געהייסען דעם איינגעקלאגטען אנצוטאהן דיא פאַריקע און האָט ווידער גערופען דיא ציינען. ער האט זיי געהייסען זיך גוט איינקוקען אין דאס געזיכט פון יונגען מאַן און נאך איינמאָל זאָגען זייער טיי-

נונג אויב דאס איז, דער רויבער. דיא ציינגען האבען אויך דיזען מאל געשוואָרען דאס נור דיזער יונגער מאַן איזדער רויבער.

דאן האט דער פרעמדער גענומען דיא פאַבריקע, האט זיא אָנגעצאָגען אויף זיך און נעהמענדיג דיא צוויי רעוואָלווער פון טיש וועלכע מען האט געפונען אין דעם זאָטעל פון דעם איינגעקלאָגטענס פערד, האט ער זיך געשטעלט געגען דיא עדות און האט מיט א בעפעהלענדער שטימע אויסגערופען: „אויב איהר ווילט לע־בענדיג נאך דער שטאדט אנקומען זאָלט איהר זאָ גלייך אייער גאַנצעס געלד איבערגעבען!"

קוים האט ער דיזע ווערטער אויסגערעדט אלס דיא פיער ציינגען האבען אויס־געשריען: „גרויסער גאָט, דיזער איז דער רויבער, יא, דיזער!"

אין זאאל איז געווען שטיל וויא אויף א בית עולם און אלע האבען מיט פער־וואונדערונג אנגעקוקט דעם פרעמדען.

דער פרעמדער מאַן האט קאַלטבלוטיג דיא רעוואָלווערן אוועקגעלייגט, האט אויסגעטאהן דיא פאַבריקע און זיך ווענדענד צום געריכט האט ער שמייכלענד גע־זאָגט: „איהר זעהט שאָן, העררן ריכטער און איהר ווערטהע העררען געשווארענע וויא מען קאָן דיזע ציינגען גלויבען, פריהער האבען זיי צוואנציג מאהל געשוואָרען דאס נור יענער איז דער רויבער, וויא נור איך האב אנגעצאָגען דיא פאַבריקע שריי־ען זיי דאס איך בין דער ווירקליכער רויבער, איך וועטע דאס ווען דער העררן ריכ־טער אליין וועט אנציהען דיזע פאַבריקע וועלען זיי מיינען דאס ער איז דער רויבער. איהר זעהט אלזאָ דאס דער יונגער מאַן איז ווירקליך אונשולדיג."

א דאַנערענדער בראַוואָ האט דורכגעהילכט דאס געריכט זאאל. דער יונגער מאַן וואר בעפרייט, אבער אלס ער מיט זיין פאַמיליע האבען געוואָלט דעם פרעמ־דען רעטער בעדאַנקען וואר ער שוין ניט מעהר דארט, ער איז פערשוואונדען. דיא לעזער קענען זיך מערקען ווער דער פרעמדער וואר.

## האט ניט קיין טראבעל.

ווען דער רייכער מיסטער קיטען איז געשטארבען האט מען געפונען פאלגענ־
דען טעסטאמענט:

„איך לאָז איבער מיין גאנצען פערמעגען צו דיא לויערס פון מיינע קינדער.
צו מיין ווייב און קינדער לאָז איך איבער וואס עס וועט זיך אָבשטעלען. דורך די־
זען טעסטאמענט האָף איך צו פערמיידען פראָצעסען און קריעגעריי צווישען מיינע
קינדער און פערמיידען דאס דיא אדוואָקאטען זאל ערקלערען אז איך האב געשריי־
בען דיעזען טעסטאמענט אהנע פערשטאנד.

## א פראצעס פאר אינשורענס.

מיסטער טאראראם האט געקויפט טויזענד ערשטע קלאַסע האוואנא סיגאַ־
רען און האט עס אינשורט. ער האט ריכטיג געצאהלט דער קאָמפּאני און האט
אויסגעסמוקט אלע סיגארען אין צייט פון עטליכע מאנאטען. ווען קיין איינציגער
סיגאר איז פארבליעבען האט ער אריינגעשיקט אין דער קאָמפּאני א בריעף אין
וועלכען ער האט ערקלעהרט אז אלע סיגארען זיינען פארברענט געוואָרען. דיא
קאמפּאני האט ניט געוואלט בעצאהלען און מיסטער טאראראם האט זייא איינגע־
קלאָגט פאר אינשורענס.

„איך האב מיינע סיגארען פעראינשורט געגען פייער און זיי זיינען אויפ'ן
פייער אוועק,“ — האט ער געטענעט, — „יעצט וויל איך דיא אינשורענס“

## א קלוגער ריכטער.

אדוואָקאט. (ביטענד) העדר ריכטער, איהר האט מיין קליענט פעראורטהיילט אויף
זיעבען יאהר. זעהט איהר דען ניט דאס ער איז קראנק און שוואַך און
וועט מעהר ניט קענען לעבען וויא העלפט דאפאן!“

ריכטער. — „אויב אזוי וועל איך איהם פעראורטהיילען אויף לעבענסלאַנג.“



## On the Street.

P o l i c e m a n—"Why do you stand here, you drunkard? Why don't you go home ?"

D r u n k a r d—"Dont'cher see (hic) th'entire city 'sturning 'round, so I just wait till my home passes by, an' I step right in, See."

## אויף דער שטראַסע.

פּאָליסמאַן — וואָס שטעהסטו דאָ ? שכור ? — וואָס געהסטו ניט צו זיך אהיים ?

שכור — דיא גאַנצע שטאָדט דרעהט זיך מיט מיר, ווארט איך ביז וואנען מיין הויז וועט געבען מיר פאַרבייא, גלייך איך אריינגעהן.

## א נוטער איינפאל.

א שמיעד אין א קליין שטעדטעל האט ערמארדעט א מענשען. עס איז געווען א טרייל און מען האט פערמשפט דעם שמיעד צום טוידט. אבער דיא שטעדטעל האט געשיקט א קאמיטעע צום ריכטער מיט דער ביטע מען זאל דעם שמיעד ניט טוידטען ווייל ער איז דער איינציגער שמיעד אין גאנצען אומגעגענד און ווען מען וועט איהם טוידטען וועט מען בלייבען אהן א שמיעד.

„אלזא, וואס איז אייער ראטה צו טאהן אין זא איין פאל?" — האט דער ריכטער געפרעגט קניימשענדיג זיין שטערן.

„מיין ראטה איז" — האט איינער פון דער קאמיטעע געזאגט—„אז מען זאל דעם שמיעד לאזען לעבען ווייל ער איז דער איינציגער, מיר האבען אבער דא היער צוויי שניידער, וואלט מיין ראטה געווען מען זאל הייגנען איינעם פון זיי."

## א מאדנער פערהער.

ריכטער. — „איהר זאגט אז דער פאליסמאן האט אייך ארעסטירט ווען איהר האט רוהיג געארבייט?"

אנגעקלאגטער. — „יא, אייער האהייט. ער האט מיר פלוצלינג אנגענומען פארן קאלנער און האט מיר געווארענט אז אויב איך וועל מיט איהם ניט גיין וועט ער מיר מיט זיין קלאב דיא ביינער צוברעכען."

ריכטער. — „איהר האט ניט געמאכט קיין לארם און האט זיך שטיל פערהאלטען ארבייטענדיג?"

אנגעקלאגטער.—„אויף מיין ווארט, וויא עס איז ריכטיג וויא איך דערצייל אייך."

ריכטער. — (פערטראכט) דאס איז מערקווירדיג, וואס איז אייער געשעפט?"

אנגעקלאגטער.—„איך בין בין א גנב."

## א טרייעל ווענען איין ערבשאפט.

דער רייכער רבי זימעל איז געזעסען פערטראכט. ער איז שוין געווען אלט און דאצו נאך זעהר שוואך, און דער געדאנק וועגען טויט האט איהם אויפגעמונטערט וואס שנעלער איין טעסטאמענט (צוואה) צו שרייבען.

אבער וויא זאל ער טאהן? זיין איינציגער זאהן האט איהם שוין זייט דריי־
יאהר פערלאסען און ער וויים ניט וואו ער איז. אלזא מוז ער זיין גאנצעס רייכ־
טהום איבערלאזען זיין איינציגען קרוב און גוטען פריינד—זיין שוואגער. אבער וויא
וועט זיין ווען דער זאהן וועט צוריק קאמען?....

ער האט ענדליך איין טעסטאמענט אויפגעשריבען, און ווירקליך אין א קור־
צער צייט נאך דעם איז רבי זימעל געשטארבען.

מען קאן זיך לייכט פארשטעלען זיין שוואגער'ס פריידע אלס ער האט אין
רבי זימעל'ס טעסטאמענט פאלגענדעס געלעזען.

„איך לאז איבער מיין גאנצעס פערמעגען צו מיין ליעבען און טהייערן שוואַ־
גער, אבער אין פאל מיין איינציגער זאהן וועט א מאהל צוריק קומען און פאדערן
ערבשאפט, זאל איהם מיין גוטער שוואגער געבען וויפיעל ער (מיין שוואגער) וועט
אליין וועלען."

אין איינינע מאנאטען ארום איז ווירקליך דער פערלארענער זאהן געקומען.

דא האט זיך אנגעפאנגען א קריעג. דער שוואגער האט דעם ווירקליכען
יורש געוואלט געבען א קלייניגקייט און פאר זיך לאזען אין גאנצען.

עס איז געקומען צו א פראצעס. ביידע צדדים האבען גענומען אדוואקאטע
און אין א שיינעם טאג זיינען אלע געווען אין געריכט צום פראצעס.

דעם שוואגער'ס אדוואקאט האט ערקלערט אז דער טעסטאמענט רעדט
פאר זיך אליין.—אז דער שוואגער האט דאס רעכט צו טאהן מיט דעם פערמעגע
וואס ער וויל. אז ער האט דאס רעכט דעם זאהן זאגאר איין סענט ניט געבען.

ווען דער אדוואקאט וואר צו ענדע, איז דעם זאהנ'ס לאיער אויפגעשטאנע
און זיך העפליכסט פערניינענד געגען דעם ריכטער און דיא געשווארענע האט ע
געזאגט:

„העררר ריכטער און ווערטהע העררען געשווארענע! איהר זאלט זיך באלד איבער
ציינען דאס מיין קליענט, דער זאהן פון דעם פערשטארבענעם איז דער וואהרער ערב
(יורש) און דאס נור צו איהם געהערט דאס גרויסע פערמעגען פון זיין פאטער.
איהר זאלט זיך באלד איבערציינען דאס מיין קליענט'ס פאדערונגען זיינען גערעכ
טיגע,—דאס ער פערלאנגט וואס איהם קומט. מיינע הערען! דא האבען מיר פא
אונז דעם טעסטאמענט פון דעם פערשטארבענעם, הערט, גיטינסט צו, וויא ע
לויטעט:

„איך לאז איבער מיין גאנצעס פערמעגען צו מיין ליעבען און טהייערן שוואַ
גער, אבער אין פאל מיין איינציגער זאהן וועט א מאהל צוריק קעהרען און פאדע

ערבשאפט (ירושה), זאָל איהם מיין גוטער שוואגער געבען וויפיעל ער (מיין שוואַ־
גער) וועט אליין וועלען.

איהר האט אלע געהערט, מיינע הערען, — בעטראכט דיזען טעסטאמענט
גוט וועט איהר זעהן, דאס דער פערשטאָרבענער האט ריכטיג פּאָראויסגעזעהן צו
וואס עס וועט קומען און ער האט דארום דיזען דאָקומענט זא קלוג און בערעכענט
געשריעבען. דיא בעדייטונג דאפאן איז זעהר איינפאך. ער מיינט דאמיט צו זאגען,
דאס וואס נור זיין ליעבער שוואָגער וועט א ל יי ן וועלען, (פאר זיך), זאָל ער געבען
זיין זאָהן.. אלזאָ, וויבאלד דער ליעבער שוואגער וויל א ל יי ן דאס גאנצע פערמעגען,
מוז ער דאן דאס גאנצע פערמעגען דעם וואהרען ערבען (יורש) איבערגעבען."

דער ריכטער און דיא געשוואָרענע איז דאס זעהר געפעלען און דער זאהן
האט דעם פראצעס געוואונען.

---

## א קורצער טרייעל פאר בריטש אף פראמיס.

---

א מיידעל, וועלכע וואר זעהר אייפערזיכטיג אויף איהר חתן, האט בייא זיך
איינמאהל בעשלאָסען דאס אין פאל דער חתן וועט זיך פון איהר דערוויטערן זאָל
זיא ניט קוקען אויף קיין זאך און זאָל איהם פערקלאגען אויף בריטש אָף פראָמיס.

עס האט זיך גראדע אזוי געמאכט אז דער חתן האט אויפגעהערט צו איהר
צו גיין און זיא האָט ערפאהרען אז ער איז געווארען א זעהר אפטער איינגעהער
צו איינעם א מאן אין הויז. וויא ווייט זיא האט געקאנט ערפאהרען האט יענער
מאן געוואהנט מיט זיין פאמיליע וועלכע איז בעשטאנען פאן זיין פרוי און צוויי
טעכטער.

איהר אייפערזוכט האט זיך העליש אנגעצונדען און באלד האט זיא איהר
אונטרייען חתן פערקלאגט.

ווען עס איז געקומען צום טרייעל, האט זיך איהר אדוואקאט א נעהם געטאהן
צום חתן.

„איהר זייט געווארען א פריינד פאן מיסטער ברעגן?" — האט ער דעם יונגען
מאן עקזאמענירט."

„יא." — האט יענער געענטפערט.

„און ווארום זייט איהר זיין פריינד?"

„ווייל ער איז א זעהר גאבלער און גוטער מענש."

„מיין הערר" — האט דער אדוואָקאט שטרענג אָנגעפאנגען, „זאָגט אויף אייער עהרען וואָרט, זייט איהר ניט מיסטער ברענ'ס פריינד, דערפאר וואס — איהר — האָט — ליעב — זיינע — טעכטער?" דער אדוואָקאט האט זעהר לאנג אויסגעצויגען דיא לעצטע ווערטער און האט א שמייכעל געטהאָן צו דיא געשוואָ־רענע וויא איינער וואס זאָגט: „איהר וועט באלד זעהן וואָס דאָ וועט זיך טאָהן."

„צוליעב זיינע טעכטער? — האט דער יונגער מאן שמייכלענד געזאָגט. — „איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, דאס איך ליעבע מיסטער ברענ ווייל ער אליין איז איין עדעלמאן."

„אבער—זאָגט—מיר—מיין—הערר, ליעבט—איהר—אויף—דיא — טעכטער— פון—מיסטער—ברענ?...."

„יאָ, איך ליעבע זיי זעהר," וואַר דער אנטוואָרט.

דער לאָיער האט איצטער א גרויסען קוק געטאָהן אויפ'ן ריכטער און אויף דיא געשוואָרענע און זיך ווענדענד צום יונגען מאן האָט ער ווידער געפרעגט: „און וויא לאנג ליעבט—איהר—דיעזע—טעכטער?...."

„זייט איך האָב זיי דערקענט."

„און.... וויא.... לאנג.... קענט.... איהר.... זיי?"

„שוין צוויי מאָנאטען."

„זייט.... אזוי.... גוט.... און.... זאָגט.... אונז.... מיין.... הערר.... זיינען.... זיי.... שעהן?...."

„אָ, זיי זיינען רייצענד שעהן, מיין הערר!" האָט דער יונגער מאן געענטווערט פערעכטליך אָנקוקענדיג דעם אדוואָקאט.

„יעצט.... וועט איהר אַזוי גוט זיין.... און אונז מיטטהיילען.... וויא.... אלט זיינען.... דיעזע.... שעהנהייטען.... וועלכע.... איהר.... ליעבט.... זאָ... הייס?...."

דער יונגער מאן האָט זיך פערטראַכט וויא ער וואָלט וועלען ריכטיג שאַטצען, און האט לאנגזאם געענטווערט:

„דיא עלטערע דארף אלט זיין א יאָהר... זעכס, און דיא אינגערע א יאָהר... פיער."

א דאָנערענדער געלעכטער האט זיך ארויסגעריסען פון אלע וועלכע זיינען גע־ווען אין געריכטס־זאאל, אויסער דער אדוואָקאט און זיין אייפערזיכטיגע קליענטקע האָבען זיך געוואָלט בעגראָבען לעבעדיגערהייט.

## א נומע בעמערקונג.

אדוואקאט. (ריידענדיג וועגען איין עדות) „איך מוז זאגען דאס דער פריהעריגער צייגע איז דער גרעסטער שופט, דער גרעסטער ליגנער אין דער וועלט, אונד....

ריכטער. — (אונטערברעכט איהם) הערר אדוואקאט, פערגעסט א י י ך ניטן"

## וואס מיינט עס?

מאן. (צו זיינעם א פריינד) איך בין נאר וואס געוועזן ביים אדוואקאט און ער האט מיר געזאגט דאס ער וועט נעהמען דיא קיים אויף ספעקולאציאן, וואס מיינט עס?...

צווייטער. — „דאס מיינט אזוי: ווען דו וועסט פערליערען דעם פראצעס וועט דער לויער גארניט האבען, ווען דו וועסט געווינען דעם פראצעס וועסט דו גאר ניט האבען.

## א טרייעל דארף וואהרהייט.

דער אדוואקאט. (צום עדות) מיין הערר, איהר זאלט געדענקען אז איהר האט געשווארען, אז וואס נור איהר וועט זאגען זאל זיין דיא ריינע וואהרהייט, דיא פוללע וואהרהייט און גאר ניט תוץ דיא וואהרהייט, פערשטאנדען?"

עודת. — „יא, מיין הערר."

אדוואקאט. — „איהר האלט בארדערס, ניכט וואהר?

עודת. — „ניין".

אדוואקאט. — „וויא!?... ווילט איהר פיעלייכט אבלייקענען דאס איהר האלט פיעל בארדערס!"

עודת. — „איך האב געשווארען צו זאגען דיא ריינע וואהרהייט, דיא פוללע וואהרהייט און גאר ניט חוץ דער וואהרהייט דארום זאג איך אז איך האלט קיינע בארדערס ניט, ווייל ניט איך האלט זייא זאנדערן ז י י האלטען מיך.



## An obedient Wife,

**Dying husband**--"My dear Rachel If you want me to die peacefully, you must promise me that after I am gone you will not marry my enemy Joseph Greenberg,"

**Wife**—"You can rest assured that I never would have done it anyway; because I promised your best friend Herman over a year ago, to marry him after you're dead."

## דאס געטרייע ווייב.

**דער מאן:** רחלע מיין לעבען!—אויב דוא ווילסט אז איך זאָל רוהיג שטארבען, שווער זשע מיר צו אז נאָך מיין טוידט זאָלסטו ניט חתונה האבען מיט מיין שונא יאָזעף גרינבערג.

**דאס ווייב:** שטארב רוהיג מיין מאן, איך וואָלט איהם סאי וויא סאי נישט גענומען; וויל איך האָב נאָך צוריק מיט א יאהר צוגעזאָגט דיין בעסטען פריינד הערמאנן אז איך וועל איהם נעהמען.

## מעהר גוי פאַר איהם:

א דייטש איז א מאָל געקוממען צו א ליטוועשין רב ארויס־נעהמען א תשובה פאַר דער עבירה חזיר—עסען. דער רב האט זיך איבערלעגט, אז עס איז גענוג פאַר איהם צו זאָגען יעדען פריה־מאָרגען א קאפּיטעל תהילים נאָכ'ן דאַוונען. אזוי איז אויך געבליע־בען. איין טאג האָט זיך געמאכט, אז איין ארימער ליטוואקל, וואָס איז געשטאנען נעבען איהם אונד האט אויך געזאָגט תהילים, אָבער פּילייכט דרייסיג קאפּיטלאך מיט א מאָל. דער דייטש איז זעהר פאַרוואונדערט געוואָרען אונד האָט אויף איהם אויסגעשטעלט א פּאָאר גרויסע אויגען אונד האָט זיך צום סוף שוין ניט געקענט מעהר איינהאַלטען איהם צו זאָגען: „איך וואָללט דאס אסור גע־גלויבט, אז אזא ארימער ליטוואקל זאָלל האָבען געגעסען אזוי פיעל חזיר אין זיין לעבען?!"

## דער אריינגאַנג איז פאַרבאָטען.

דער גרויסער יודישער געלעהרטער סאפיר איז א מאָל געגאנגען מיט א קריסט אין גאַס. אלס זייא האָבען געוואָללט אריינגעהן אין א גאָרטען, האָט איהם דער קריסט אויפמערקזאם געמאכט אויף א צעטעל, וועלכער איז געהאנגען ביים אריינגאַנג, דאָס עס איז פערבאָטען אריינצולאָזען יודען אונד הינד.

— אלזאָ וואָללען וויר זיך אומקעהרען, האָט איהם סאפיר אויף דער שטעללע געענטפערט.

## אַ שאַדען.

דער זעלבער סאפיר איז א מאָל געפאָהרען אונטערוועגס אין א קאָמפּאַניע פון קריסטען. צווישען דיא קריסטען איז געוועזן איין אָפיצער מיט א הונד, אונד אזוי וויא דער אָפיצער האט זיך געוואָלט רייצען מיט סאפיר'ן האָט ער גערופען זיין הונד מיט'ן נאָמען אבראם.

— עס איז ווירקליך א שאדען, וואס אייער הונד טראגט א אידישען נאמען, האט איהם סאפיר באמערקט, ווען ניט וואללט ער זיך דאך אויך געקענט דערדיענען אלס אפיצער.

## א טהייערער חתן.

מאן האט בייא איינעם נאך געפרעגט אויף א חתן, האט ער געזאגט, דאס ער דארף נעהמען זעהר פיעל נדן איבער פיעלע אורזאכען: א פערד וואס פלעגט א מאל קאסטען פינף אונד צוואנציג דאללאר, קאסט היינט הונדערט; א חזיר, וואס פלעגט קאסטען א מאל צעהן דאללאר, קאסט היינט דרייסיג, אונד א חתן, וואס פלעגט א מאל נעהמען הונדערט דאללאר נדן, נעהמט היינט טויזענד—יעטצט אז ער איז א פערד איינער אין דער וועלט אונד א חזיר איז זיין גלייכען ניטא אונד דערצו א חתן אויך, טא וויפיעל איז ער ווערטה?

## אין דער רעכטער צייט.

א צוג (טריין) איז אראפ פון וועג, אונד אלס דיא פאססאז־שירען האבען זיך געוואללט רעטען, האבען זייא געמוזט קריכען פון אונטער דיא וואגאנעס. דער ערסטער איז ארויס געקראכען איין איירישער, נאר קריכענדיג האט ער צורריסען דיא קליידער. נאך איהם איז גלייך נאכגעקראכען א איד, וועלכער האט איהם נאכ־געשריען!

— האו מאטש יוא וואנט פאר טהיא אלד קלאויז?

## א מיטטעל צו מייז.

איין רייזענדער איז אריינגעפאהרען אין א האטעל, וואו ער איז געשטאנען א פאאר טעג. פאר'ן אוועק פאהרען, האט מאן איהם דערלאנגט איינע רעכנונג אויף צעהן דאללאר מיט סענטען. איהם האט דאס זעהר פארדראסען, וואס מאן האט איהם גערעכנט אזוי טהייער, אבער פערפאללען. אלס ער האט שוין געוואלט פארלאזען דאס האטעל, האט איהם דער ווירטה געבעטען, אז אויב עס וועט

זיך איהם מאכען נאָך איינמאָל צו זיין אין דיעזער שטאדט, זאָלל ער אויך צו איהם אריינפאָהרען.

— איך וועל אייך זאָגען דיא וואהרהייט, האָט דער רייזענדער געענטפערט, בייא אייך וואָללט געוועזן זעהר גוט צו לאָזשירען, מאן קען אָבער ניט אויסהאַלטען פאָן דיא מייז, וועלכע לאָזען ניט שלאָפען אַ גאַנצע נאכט.

— וואָס זאָלל איך דערצו טהאָן? האָט איהם געפרעגט דער ווירטה.

— איך קען אייך געבען דערצו אַ מיטטעל, אויב איהר ווילט?

— אָך, איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, זאָגט מיר, איך בעט אייך, האָט איהם דער ווירטה געזאָגט.

— ווייזט זייא אייערע אַ רעכנונג, וועט איהר זעהן, וויא זייא וועלען פון אייך אַנטלויפען אונד זיך מעהר ניט ווייזען.

## דער מעבעל הענדלער.

א מאַן האָט דערצעהלט, דאס ער איז פריהער געוועזן אַ מלמד, אָבער יעטצט האַנדעלט ער מיט מעבעל.

— וויא פיעל מעבעל האָט איהר שוין פערקויפט?, האָט מאַן איהם געפרעגט.

— פאָרלייפיג נור דיא אייגענע, האָט ער געענטפערט.

## דער האָן מיט דיא הון.

אין תלמוד (גמרא) שטעהט, אז דער האָן וויל זיך שפיעלען מיט דיא הון, זאָגט ער איהר צו, דאס ער וועט איהר מאַכען אַ קלייד אונד דערנאָך שטעללט ער אויס דיא פליגעל אונד זאָגט: זאָל מיר אראָפּ דיא פליגעל אויב איך האָב אַ קלייד אונד מאַך דיר ניט. דאָ קען מען פרעגען, אויב אַללע מאָל קען איהר דער האָן אָפּנארען? דיא אַנטוואָרט איז: דיא הון זאָגט: אויך מיר מיין דאגה, זאָלל ער מיר אָפּנארען!



## Where is the Cat?

Two pounds of fat disappeared m the kitchen. The mistress med the servant girl, and the . said the cat ate it up. The cat s caught and placed on the scale l proves to weight exactly two unds. "Well" says the mistress his accounts for the fat, but the estion remains; where is the cat?"

## דיא ווירטהין מיט איהר דיענסט.

א ווירטהין האָט אמאָל אויסגעזאָל־
צען 2 פונט שמאַלץ און אָנגעזאָגט איהר
דיענסט: חייקע! איך לייג מיך צו א
ביסעל שלאָפען, פּאַס אויף דאס דיא שמאַלץ
זאָל ניט פערשווינדען. דער הונד האט דיא
ווירטהינ'ס בעפעהל זיך גוט איינגעהערט
און האט דיא צווייא פונט שמאלץ פער־
טיג געמאַכט. דיא ווירטהין איז אויפגע־
שטאנען און פינדעט קיינע שמאַלץ, גע־
וועהנליך האָט זיא מן הסתם דיא גאנצע
תוכחה אויף דיא ארמע דיענסט אויסגעגאָ־
סען. דיא דיענסט שרייט דאס האט געווים
אייער קאַץ דיא נאשערקע אויפגעגעסען.
מען האָט געפּאַקט דיא קאַץ אונד גלייך
אָבגעוואוינען. פּונקט 2 פונט, שרייט דיא
ווירטהין, נו רעכט, דאס איז דיא שמאַלץ
וואו איז דיא קאַץ?

## דער פילאָזאָף סאָקראַטעס.

דער גרויסער פילאָזאָף סאָקראַטעס האָט געהאַט זעהר א שלעכטע פרוי, וועלכע האָט איהם איממער געשאָלטען, ער איז אָבער דערבייא איממער זעהר גלייכגילטיג געבליעבען. איין מאָל איז זיא דערפאַר נאָך מעהר צאָרניג געוואָרען אונד האָט איהם ארויף געגאָסען אויף'ן קאָפּף איין עמער וואסער, איהם האָט אָבער אויך דאָס גאָר ניט געאַרט. זיינע שילער, וועלכע זיינען געוועזען דערבייא האָבען איהם געפרעגט: וויא אזוי ער קען דאס אויס־האַלטען? ער האָט אָבער אָנגעפאנגען צו לאַכען אונד האָט גע־ענטפערט:

— וואָס וואונדערט איהר אייך אזוי, ווייסט איהר דען ניט, אז נאָך א דונער קומט א רעגען?

## נאָכ'ן טויט.

א פרוי האָט געפרעגט איהר מאַן: פאַר וואָס האַלטען זיך דיא מעננער אזוי גרויס געגען דיא פרויען? דאכט זיך אין אללע זאכען זיינען פרויען בעסער, דען רינדערנע פלייש איז בעסער וויא אָקסענע, א הון איז געשמאקער וויא א האָן, טאָ פאַר וואָס שטאָלצירען דאס דיא מעננער אנטקעגען דיא פרויען? אמת—האָט איהר דער מאַן געענטפערט — דיא פרויען זיינען גוט, אָבער אלץ נאכ'ן טויט.

## דער הינקעדיקער אונד דער בלינדער.

א הינקעדיקער אויף איין פוס האָט בעגעגינט א בלינדען אויף איין אויג. וויא געהט עס דיר? האָט דער בלינדער געפרעגט דעם הינקעדיקען. אָט וויא דוא זעהסט, האָט דער הינקעדיקער געענטפערט.

## פאַר צווייען גענוג פאַר דרייען ווענינ.

א מאַן האָט געהאַט א שטיק טוך, פון וואָס ער האָט זיך געוואָלט מאַכען א גאַנצען סוט. ער איז אריין צו א שניידער אונד

וזאָט געפרעגט אויב עס וועט זיין געגוג אויף א סוט. ניין, חאָט איהם דער שניידער געענטפערט בעטראַכטענדיג דיא שטיק וואַרע. אַלס ער איז אָבער אריין צו א צווייטען שניידער, האָט יענער איהם געזאָגט, דאס עס וועט זיין גענוג אונד האָט איהם געהייסען קומען אין א וואָך א רום נאָך דיא קליידער. אין א וואָך ארום איז ווירקליך געוועזן פארטיג דער אַנצוג, אונד וויא איז דער מאַן געוואָרען איבערראַשט, אַלס ער האָט געזעהן, דאס א קליינער באָי פון שניידער טראָגט אויך א סוט פון דיא זעלבע טוך. דער מאַן האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען אונד האָט איהם געפרעגט דיא אורזאַכע, וואָרום האָט יענער שניידער געזאָגט, דאס עס וועט זיין ווענינ וואַרע, אונד ער האָט נאָך אָפּגעשפּאָרט אויף א סוט פאַר זיין באָי.

— פאַרשטעהט איהר מיך, האָט איהם דער שניידער געענט־פערט, איך האָב איין באָי, יענער שניידער האָט אָבער צוויא.

## דער בעל תשובה.

איינער האָט א מאָל געטהון איין עבירה פון איין אשת איש. דער רבי האָט איהם געגעבען א תשובה, דאס ער זאָלל א יאָהר נאָך אַנאַנד פאַסטען מאָנטאַג אונד דאָננערסטאַג. — ניין רבינקע, האָט ער געזאָגט, פאַסטען קען איך ניט. — נוא שלאָף אויף דער ערד א חדש נאָך א נאַנד, חאַט איהם דער רבי ווייטער געהייסען.

— ניין רבינקע דאס קען איך אויך ניט.

— וואָס דען פאַר א תשובה זאָלל איך דיר געבען?, האט איהם דער רבי געפרעגט.

— געהן ווייטער צו דער ווייבעל, האָט ער איהם געענטפערט.

## דער גרויסער מיוחס.

איינער א קלוגער יונג, וואָס א שוטה האָט איהם נאָך איינאַנד געדולד דעם קאָפּ מיט זיין גרויסען, אַלטען יחוס, האָט זיה צום סוף צו איהם אַזוי אָבגערופען:

— חארינקע, איך רעכען, אז אייער יחוס איז נאָך עלטער, ווי איהר מיינט אליין, נאָך עלטער פאר אדם הראשונ'ן.

— וואס הייסט דאָס, וויא אזויא? פרעגט דער יחסן.

— פארשטעהט איר מיך, איהר קומט ארויס פון א בהמה, אונד דאָס איז דאָך ידוע, אז דיא בהמות זיינען בעשאפען געוואָרען פריער פאר אדמ'ן.

## איין ענטפער פון א יודעש מיידעל דעם קייסער ניקאָלאַי.

דער רוססישער קייסער ניקאָלאי איז געווען בעקאנט, מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זיינע יודען בילדען אונד נאָך מעהר האָט ער געוואָלט, דאָס זייא זאָלען זיך שמד'ן. איין מאל איז צו איהם אריינגעקומען א יודעש מיידעל פון 12 יאָהר מיט א ביטשריפט. אויף דעם טיש, צו וועלכען דאָס מעדכען איז צוגעגאנגען, איז געשטאנען א קרייץ, אויף וועלכען עס איז געווען דער געקרייציגטער יעזוס.

— טהו פריער א קוש דעם חתן! האָט איהר ניקאָלאי געזאָגט אנווייזענדיג דעם קרייץ.

— בייא אונז יודען, האָט דאָס מיידעל גענטפערט, איז זיטטע, אז דער חתן דארף פריער א קוש טהון דער כלה.

## א נדר פון א גנב.

ווען עס וועט ניט ארויס פון דער מאָדע דיא פערפלוכטע קאססעס מיט דיא סעקרעטנע שלעססער, טהו איך א נדר, אז איך וועל אוועקווארפען מיין וויסטע פרנסה ברעכען שלעססער, אונד אננעהמען א שטעללע פון א—קאססיר!

## דער חילוק.

— וואָס איז דער חילוק פון סיביר ביז אמעריקא? האָט מען געפרעגט א קלוגען מאַן.

— אין סיביר פארשיקט מען, אין אמעריקא פאָרט מען אליין, איז געווען זיין אנטוואָרט.



# אנגעפייפט.

**דער וואוכערער** — איז דער פאטער ניכט צו הויזע, יאָסעלע? וויפיעל מאָל איך וואָר שוין און טרעף איהם ניט.

**יוסעלע** — ניין, דער פאטער איז יעצט ניכט צו הויזע. ווארטען זיי ניטינגסט ר' שלמה ביז דע - פאטער ווירד קומען, ווערדען וויר איהם הערען „פייפען".

**דער וואוכערער** — וויא הייסט?

**יוסעלע** — האבען זיא נאך ניע מיין פאטער פייפען געהערט?

**דער וואוכערער** — ניין, וואָס איזט דען?

**יוסעלע** — איך האָב געהערט וויא ער האָט געסטערן דער מוטער געזאָגט: „און אז ר' שלמה וועט קומען מאָהנען וועל איך איהם אָנפייפען".

## דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

איינער האָט אמאָל געפרעגט ווער איז געווען דער גליקליכ־סטער מענש אין דער וועלט? אדם הראשון, האָט מען איהם גע־ענטפערט, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין שוויגער.

## ניט פון איינע יאהרען און דאָך פון איין עלטער.

א פערציג יעהריגער מאַן האָט חתונה געהאַט מיט א מיידעל פון צוואַנציג יאהר, אלס מען האָט מיט איהם א מאָל גערעט פון דער אונגלייכהייט פון זייערע יאהרען, האָט ער געזאָגט אזוי: „ווען זיא גיט א קוק אויף מיר ווערט זיא מיט צעהן יאהר עלטער, אונד איך—אויף איהר, מיט צעהן יאהר אינגער, אָט זיינען מירביידע אין איין עלטער“.

## א קלוגע טאָכטער.

מאַמע! מאַמע!
וואָס איז דאָרטען מיין טאָכטער?
א מויז איז אריינגעפאַללען אין קרוג מילך.
נוא, האָסט דוא זיא ארויסגענומען?
ניין, איך האָב א הין אריינגעוואָרפען דיא קאַטץ.

## היינט מאַכען זייא פערקעהרט.

פון היינטיגע אפיקורסים איז גאר ניט אויסצוהאַלטען, האָט זיך געקלאָגט א גרויסער עם הארץ, א מאל פלעגט מען זאָגען: „בואי בואי קלה“ אלץ מיט קופען, אונד היינטיגע אפיקורסים מאַ־כען דאָס פערקעהרט, זייא זאָגען גאָר „בואי חלה, בואי חלה“, אלץ מיט חתין.

## א גוטע אורזאַכע.

איינער האָט געשריעבען א מאָל א בריעף מיט זייער גרויסע אותיות. מען האָט איהם געפרעגט פאַר וואָס ער שרייבט מיט א זעלכע גרויסע אותיות? צו וועמען איך שרייב דעם בריעף, האָט ער געענטפערט, איז א טויבער.

## דער שוואָגער.

איין אָרעמאַן איז אריין צו א גביר בעטין א נדבה, אלס דער גביר האָט איהם אָבער ניט געגעבען, האָט דער אָרעמאַן צו איהם געזאָגט: „אויב איהר גיט מיר ניט א נדבה, שיק איך צו אייך מיין שוואָגער". „ווער איז דאָס אייער שוואָגער?" האָט איהם דער גביר נעפרעגט. „איך האָב געהאַט א שוועסטער, האָט איהר צוגענומען דער מלאך המות, איז ער דאך מיין שוואָגער".

## דער ליגנער.

עס איז געווען א ליגנער, וועלכער האָט דערצעהלט זעלטענע ליגענס. אלס מען האָט איהם אָבער שוין אויפגעהערט צו גלויבען, האָט ער געדונגען איינעם, וואָס זאָל מסכים זיין אויף אלעס, וואָס ער וועט דערצעהלען, אַז עס איז איין אמת. איין מאל האָט ער דערצעהלט, אַז ער האָט געזעהן איין וואָגין פון איין עק וועלט ביז דיא אַנדערע עק וועלט, אונד דיא האַלאָבלעס זיינען גיווען אויף יענער זייט וועלט, „דאָס איז א ליגען", האָט געזאָגט דער געדונגענער, איך האָב זיך מיט אייך באַדונגען מסכים צו זיין נור אויף א ליגען, וואָס עס קען געמאָלט זיין אויף דער וועלט, אָבער א זא ליגען, וואָס עס געהט ארויס אויף יענער זייט וועלט, האָב איך זיך ניט באַדונגען.

## דער שניידער מיט דיא גמרא.

צוויי ישיבה בחורים האָבען זיך געאַמפּערט אין א שטיקעל גמרא, זייא האָבען בשום אופן ניט געקענט דורך קומען צווישען זיך. אין קלויז איז גראָד אריין א הויכער מענש מיט א גרויסע דרבאָ מיט א גראָבין בויך. ער האָט אויסגעוויזען וויא א רב, אין אמת'ן אבער איז ער געווען א שניידער. דיא ישיבה בחרים האָבען איהם דערזעהן, האָבען זייא גערעכענט, אַז ער איז א גרויסער למדן אונד זייא האָבען זיך בעשלאָססען איהם צו בעטען, אַז ער זאָל זייא דערקלערען דיא שטיקעל גמרא. נאכדעם וויא ער האָט

א ווײלע געטראכט, האט ער צו זײא געזאגט: „דאס איז דאך דער נס, וואס איהר האט אנגעטראפען מיר, וואס איך קען לערנען, אבער וויא געהט איהר דאס צו צו א מענשען, וועלכען איהר קענט ניט, טאמער קען ער ניט גמרא, וואלט איהר דאך איהם מביש געוועזן דערפאר וועל איך אייך טאקע אויך ניט זאגען.

## א מיינונג איבער חד גדיא.

עס איז געוועזן איינער, וואס פלעגט מורא האבין צו זאגין חד גדיא; ער האט געזאגט עס איז ניט קיין גלאטע מעשה מיט דיא ציג, עפעס נאך האלבע נאכט, דער טאטע האט געקויפט א ציג-פאר צוויא גילדין, צו איז דאס ניט גאר א גענבתה.

## פון וואנען עס נעמט זיך דער דלות.

א קרעצמער האט א מאל געפרעגט זיין ווייב, פון וואנען עס נעמט זיך בייא זייא דער דלות? דאכט זיך, אז א פויער נעמט א קוואטירעל בראנפין גיסט מען איהם אן א האלבע מיט וואססער אונד נאך איין קוואטירעל שרייבט מען איהם צו אויפ'ן וואנט, טא פון וואנען געהמט זיך בייא אונז דער דלות; פארשטייסטו, האט זיא איהם געענטפערט, דיא קוואטירעל, וואס מיר שרייבען צו אויפ'ן וואנט איז דאך אהן וואססער, דערפון איז דער דלות.

## ער שטופט זיך שוין.

א אידענע האט געדארפט אריבערגעהן איבער א טייך, איבער וועלכען עס איז געוועזן געמאכט זעהר א שמאלער בריקעל. „אויב איך געה אריבער בשלום דעם בריקעל, האט זיא געזאגט, ווארף איך אריין אין פושקע אויף ר' מאיר בעל הנס". וויא זיא האט אבער שוין געהאלטען ביים סוף בריקעל, האט זיא חרטה געהאט אונד געזאגט: „צוא וואס דארף איך איהם געבען"? אין דעם האט זיך דער בריקעל אנגעפאנגען צו שאקלען. „איך לאך דאס, אונד ער שטופט זיך שוין, האט זיא זיך אפגערופען.

# א טרייעל פאר 5000 דאללאר שאדען-ערזאץ.

מיסטער לעק׳ס ווייב איז איבערגעפאָהרען געוואָרען פון א קאר אין ברוקלין און נאָך דעם וויא זיא איז אָבגעלעגען א פּאאר וואָכען קראנק איז זיא געשטאָרבען. מיסטער לעק האָט גלייך פערקלאָגט דער קאָמפּאני פאר 5000 דאללאר שאדען-ערזאץ און דער פּראָצעס האט זיך אָנגעפאנגען צו פיהרען.

עס זיינען געווען ציינען פון ביידע זייטען אויף דיא אַדוואָקאטען זיינען געווען פיקס און פערטיג און דער פּראָצעס האט זיך אָנגעפאנגען.

מיסטער לעק׳ס אדוואָקאט (צום מאָטאָרמאַן). — „ווייסט איהר, מיין הערר, וואָס עס איז א שבועה?"

מאָטאָרמאַן. — „יא, איך ווייס."

אַדוואָקאַט. — ווייסט איהר וואָס איהר דאַרפט שווערען?"

מאָטאָרמען. — „איך דארף שווערען צו זאָגען דיא וואהרהייט."

אַדוואָקאַט.—„און וויא וועט זיין ווען איהר וועט דיא וואהרהייט פערלייקענען?"

מאָטאָרמאַן.—„אין זא איין פאַל, דענק איך דאס דיא קאָמפּאניע וועט דעם טרייעל געווינען."

נאָך דעם טרייעל, האבען דיא געשוואָרענע, אריינגעבראכט זייער אורטהייל אין גונסט פון מיסטער לעק און האבען איהם צוגעפסקעט 2000 דאללאר.

ווען מיסטער לעק האט אבגענומען פון זיין לאָיער א העלפט פון דיא געלד וואר ער גאנץ צופריעדען.

„איך זעה, מיסטער לעק"—האט דער אדוואָקאט צו איהם געזאגט,—„דאס איהר זייט צופריעדען מיט דער ענדע פון פּראצעס."

„יא, עס איז ניט שלעכט" — האט מיסטער לעק געענטפערט. „ערשטענס האב איך דאָך טויזענד דאללאר, און צווייטענס האב איך געקראגען א ווייב א סך א בעסערע וויא דיא ערשטע...."



לאָיער. איך האב אייער פּראצעס מיט פּויקען און טראמפּייטען פערלארען.
קליענט. וועת איז מיר איך וועל נאָך מוזען דיא מיוזיק אויך בעצאהלען?

ריכטער. (צום אנגעקלאגטען) דיעזער בעקער בעשולדיגט אייך אז איהר האט איהם פערקויפט 3 פונט פוטער פיר 5. וויא אזוי האט איהר דיא פוטער נע־וואויגען?

אנגעקלאגטער. איך האבע דיא 5 פונט פוטער אבגעוואויגען נעגען דעם 5 פונטינען לאבען ברויט וואס ער האט מיר פערקויפט.

## ניט דעם ערשטען מאל.

אנקלעגער. איך שווער דארויף אז דיא גענז זיינען מיינע. איך דערקען זיי און בע־שטעטיג אז זיי זיינען ביי מיר גענגב'עט געווארען נעכטען ביי נאכט.

לאיער. (פיר דעם אנגעקלאגטען) איך אנערקען ניט זיין שבועה; דיא גענז זיינען א גאנץ געוועהנליכער סארט, און איך זאג אז עס איז אונמעגליך זיי צו דערקענען: איך צום ביישפיעל, האב אויך גענז פאן דעם זעלבען מין.

אנקלעגער. זעהר מעגליך; עס איז ניט דאס ערשטע מאל וואס מען האט בייא מיר גענגב'עט גענז.

## א מתנה פאן נאטט.

דעטעקטיוו. (האפענדינג א גנב); ביז איך האב דיך געקעטשט, איז דיר געלונגען אין איין וואך פאן מיר פיער מאהל צו אנטלויפען.

גנב. (מיט א זיפץ): יא! יענע וואך איז טאקי געווען א מתנה פאן גאטט!

## איין איבערראשונג.

ריכטער. (צום אנגעקלאגטען)! גאנצע פיער וואכען האט איהר געלייקענט דאס איהר האט דיא סטאר בעגנבעט וואס איז אייך עפעס גראדע היינט איינגעפאלען זיך מודה צו זיין?

אנגעקלאגטער. איך האבע געוואוסט, אז היינט איז אייער געבורטסטאג, הערר ריכ־טער, און איך האב אייך געוואלט מאכען א איבערראשונג אום איהר זאלט מיר אויך מאכען א איבערראשונג און מיר לאזען פריי.

## א העפליכער גנב.

ריכטער:—איהר זייט אלזא גאר אהן וועלכע אבזיכט ביי נאכט אין צימער אריינגענאנגען? אבער ווארום האט איהר דיא שיך אויסגעטאהן?

איינברעכער:—יא, הערר ריכטער, ווייל איך האב געהערט דאס א קראנקער געפינט זיך דארט.



## Did What he was Told.

**Lawyer**—"Did you file that Injunction against your debtor the way I told you?"

**Client**—"Yes, sir."

**Lawyer**—"He will now have to pay you everything, even the costs. What did he tell you?"

**Client**—"He told me to go to the devil."

**Lawyer**—"Well, what did you do?"

**Client**—"I came to you."

## ביים לויער (אַדוואָקאַט).

**לויער**—נו, האָט איהר אנגעגעבע: אויף אייער בעל־חוב דעם אינדזשאָקשאָן (איסק) וואָס איך האָב אייך אָנגע־שריעבען?

**קליענט**—יאָ?

**לויער**—נו, וואָס האָט ער אייך געענט־פערט? יאָ ער מוז אייך בעצאהלען מיט אלע עקספענסעס אפילו.

**קליענט**—ער האָט מיר געענטפערט, געה צום רוח!

**לויער**—וואָס זשע האָט איהר גע־טהאָן?

**קליענט**—בין איך געקומען צו אייך.

### פאַר דעם פאָליציי ריכטער.

ריכטער (צום אנגעקלאגטען):—ווארום האט איהר גלייך דעם פאקעט בוך נים אָבגעגעבען אין פאָליציי־סטאציאָן דעם זעלבען אבענד ווען איהר האָט עס גע־פונען?

אנגעקלאגטער:—ווייל עס איז שוין צו שפעט געווען.

ריכטער:—ווארום האט איהר עס אויף מאָרגען פריה נים געבראכט

אנגעקלאגטער:—ווייל דאן איז ער שוין ליידיג געווען.

—

א:—דער הערר טרענק איז קראנק? וואס פעהלט איהם דען?

ב:—קראנק איז ער גראדע ניט, בלויז דאס וואס ער איז געסטערן אלס צייגע אין געריכט איינגעלאדען געווען און ער האט א גאנצע שטונדע נאָך אנאנדער דעם אמת געזאגט און דאס האט איהם צו שטארק אָנגעגריפען.

—

אימער קאָנסעקווענט.

ריכטער.—„ויא אלט זיינט איהר, מיסס?“

מיסס.—„פינף און צוואנציג יאָהר, יור האנאר!“

ריכטער.—(בייז) „מיט אבט יאָהר צוריק האט איהר מיר אויך דאסזעלבינע געזאגט!“

מיסס.—„ריכטיג, יור האנאר! אבער איך בין נישט פון די מענשען וועלכע זאגען איינמאל אזוי און דעם אנדערן מאל אנדערש!“

—

ריכטער.—אנגעקלאגטער, איך זעה אייך שוין צום זיבעצעהנטען מאל אויף דיזער באנק. שעהמט איהר זיך נים?

אנגעקלאגטער.—הערר ריכטער, איך זעה אייך שוין א יאהר אויף דיזער שטוהל און איך האב אייך נאָך קיין מאל קיין פאָרווירפע נים געמאכט.

—

## עס שטימט.

קליענט. אבער, הערר, אדוואקאט, מיר האבען דאך אבגעמאכט אז איהר זאלט קריעגען דיא העלפט פון דאס וואס איך מאהן.

אדוואקאט. ריכטיג, מיין הערר, אבער מיר האָבען דאָך געקריעגען דיא העלפט פון וואָס מיר האָבען געמאָהנט, און דאס איז מיין טהייל, מיר שיינט דאָס עס שטימט.

## דער לאיער בעט מען זאל איהם גלויבען.

נאך דער פערהער פון אלע עדות, האט זיך דער אדוואָקאט געשטעלט האל־טען זיין לעצטע רעדע. א לאנגע צייט האט ער גערעדט אבער איהם האט אויס־געוויזען אז דיא געשווארענע גלויבען איהם ניט, און ער האט דארום מיט א קלענ־ליכער שטימע אויסגערופען:

„דאס אומגליק איז מיינע הערען וואס אין דער לעצטער צייט האט מען אנגעפאנגען צו האלטען אדוואקאטען פאר ליגנער. איך דערקען אן אייך אז איהר גלויבט מיר ניט ווייל איך בין אדוואָקאט.... אבער איך שווער אייך דאס אלעס וואס איך זאג איז וואהר און הייליג, און איך בעט אייך איהר זאלט מיר גלויבען אבוואהל איך בין איין אדוואקאט!....

איינער פון דיא געשווארענע.—(גוטמוטהיג) מיין הערר, איך גלויב אייך יעדענ־פאלס ווייל איך האלט אייך ניט פאר קיין אדוואקאט....

## א טרייעל וואו דער ריכטער איז ניט קיין קלאסיקער.

מיסטער קניפמאן האָט פערקלאָגט צוויי מענער דערפאר וואָס זיי האָבען איהם געגעבען אזעלכע קלעפּ פון וועלכע ער האָט אבגעקריינקט. ביים טרייעל האט דער ריכטער זעלבסט איהם פערהערט.

ריכטער.—„האבען דיא אנגעקלאגטע אייך ווירקליך זאָ שטארק געשלאגען?“

קופמאן.—„יא, הערר ריכטער, נאך זייערע קלעפּ האב איך זיך געפיהלט זעהר שוואך און אין דיא אויערן האבען מיר געקלונגען שעקספיר׳ס ווערטער: „זיין אָדער ניט זיין.“

ריכטער.—„וויא איך פערשטעה איז הערר שעקספיר געוועזען אייער דאָקטאָר—ער זאָל פאָרגערופען ווערען.“

## א גוטע רעדע.

„איך וועל אייך איבערציינגען, דזשענטלמען אף דיא דזשורי,“ האט אנגע־פאנגען א יונגער אדוואקאט צו פערטהיידינגען זיין קליענט, „דאס עס וואר אונמעג־ליך פאר דעם איינגעקלאגטען צו ערמארדען דעם מאן.

„1טענס ווילען מיר איבערציינגען דאס דער איינגעקלאגטער איז געוועזן ווייט פון דעם ארט וואו דער מארד איז געשעהן.“

„2טענס וועלען מיר בעווייזען דורך ריכטיגע ציינגע דאס זיי האבען געזעהן דעם איינגעקלאגטען אויף דעם ארט וואו דער מארד איז געשעהן און וועלכע הא־בען ניט געזעהן ער זאל איהם מארדען.“

„3טענס וועלען מיר בעווייזען דאס קיין גיפט איז ניט געפונען געווארען אין ערמארדעטענס קערפער.“

„4טענס וועלען מיר איבערציינגען דאס דער טויטער האט בעגאנגען זעלבסט־מארד.“

„און 5טענס קענען מיר דייטליך און ריכטיג בעווייזען דאס דער ערמאר־דעטער לעבט.“

„מיר בעטען דארום דיא הערען געשווארענע אין אנבעטראכט פון דאס אלעס צו בעפרייען דעם איינגעקלאגטען.

## איין אויפריכטיגער מענש.

לאיער.—„דזשענטעלמען אף דיא דזשורי, מיין קליענט איז איין ארימער מאן, הונגער און נויט האט אוהם געטריבען ער זאל גנב'ענען דעם פארטמאנע מיט דיא דרייסיג דאלאר פון קאמאדע, דעם בעוויז האט איהר וואס ער האט דעם צווייטען פארטמאנע מיט דיא 200 דאלאר ניט גענומען אבוואהל עס איז געלעגען נעבען דאס צווייטע אין דעם זעלבען שופליאר.“

ריכטער.—„אנגעקלאגטער, ווארום האט איהר ניט גענומען דעם צווייטען פארטמאנע מיט דיא 200 דאלאר?“

גנב.—„הערר ריכטער, איך האב עס גאר ניט געזעהן.“



## All the same to him.

Policeman—"You have no right to beat your wife, you brute. Here, women are under police protection, and no one else can punish them."

The Brute—"That's so? Only you can punish them. Well then, go ahead and give her a beating. It is all the same to me who is doing it."

## אַללעס איינס:

פּאָליסמאַן — מיט וועלבען רעכט שלאָגסטו דיינע פרויא דוא לומפּ! דאָ אין אַמעריקאַ שטעהן דיא פרויען אונטער דעם שוץ דער פּאָליצייא נאַר דיא פּאָליצייא אַליין קען בע־שטראַפען!

דער איד: אַזוי? נאָר איהר אַליין קענט זיא בעשטראַפען? נו גוט ס'איז מיר אַלעס איינס, וואַרפט זשע איהר איהר אריין אַ פּאר קלעפּ!

# דאקטאר טייפעל.

---

מיט עטליכע יאָהר צוריק האט שטאטענפונדען דער פּראָצעס פון גאָלד־סמיטה ענייסט דיא שיקאגאָ סיטי ריילוויי קאָמפּאני. א דיקער, קורצער דאָק־טאָר וועלכער האט קורירט מיסטער גאָלדסמיטה איז געווען אין קאָרט אַלס עדות און האט ערקלעהרט אז דער קלענער איז שווער פערלעצט געוואָרען אין דעם עק־סידענט און האט אוועקגעלייגט א גאַנצע רייהע פון מעדיצינישע טערמינען, ער האט געענדיגט דאמיט דאס דער קלענער מר. גאָלדסמיטה בלייבט אויף אימער קראנק אויף דיא פיס צוליעב דעם פאל פון קאר.

דער לאָיער פאר דער קאָמפּאני מיסטער טרוד האט דעם גראָבינקען דאָק־טאר געפרעגט אויב ער האט שוין א מאל געקורירט אזא קראנקהייט.

„ניין" האט דער קורצינקער דאָקטאָר געענטפערט, „אבער איך האב גע־לעזען זעהר פיעלע מעדיצינישע ביכער וועגען דיעזער קראנקהייט."

„זייט איהר בעקאנט מיט דיא מעדיצינישע אויטאָריטעטען?" וואר דיא צווייטע פראגע.

„נון געוויס, מיט אלע," האט דער דאָקטאָר געענטפערט מיט א טאָן פון א גרויס געלעהרטען מאן.

„זייט איהר בעקאנט מיט פּראָפעסאָר ,גריי'ס' ווערקע און דענקט איהר דאס ער איז איין אויטאָריטעט?"

„אָ יא! איך שטים מיט איהם."

„דאקטאָר, האט איהר געלעזען מעדיצינישע ביכער פון „לעפיים"?"

„אָ געוויס, ער איז איין גרויסער ארצט."

„קענט איהר ציטירען וואס ער זאגט וועגען דיעזע קראנקהייט?" האט דער לאָיער שמייכלענד געפרעגט.

„איך קען זיך גראדע ניט עראינערן.

„דאקטאר, זייט איהר זיכער דאס איהר האט געלעזען דיא ווערקע פון הערר „לעפיים"?"

„געוויס בין איך זיכער."

„ווען זאָ זייט זאָ גוט און לייענט אויס דעם נאמען „לעפיים" פאַרקעהרט."

אויף דיזוער ביטע האבען אלע אנוועזענדע מיט שטוינען געקוקט אויף דעם לאָיער און קיינער האט פערשטאנען וואס ער וויל.

„אלזאָ, הערר. דאקטאר, לייגט אוים דעם נאמען לעפייט פארקעהרט."

„לעפייט! ? פארקעהרט: ט—י—י—פ—ע—ל" האט דער דאקטאר אויסגע־לייגט.

„יעצט מיינע הערען," האט דער לאָיער זיך געווענדעט צום ריכטער און דיא געשוואָרענע, „אויב דער דאָקטאָר וועט מיר איבערצייגען אז ער האט ווירק־ליך געלעזען א ווערק פון ל ע פ י י ט וועל איך ערלויבען אז דער קלעגער זאל קריגען וויפיעל ער מאהנט.

דיא געשוואָרענע און ריכטער האבען אויסגעבראכען אין געלעכטער און דער גראבינקער דאקטאר האט אויסגעזעהן וויא איין צופלאצטער באלאָן.

---

## א טרייעל וואו דער ריכטער בייזערט זיך.

א זעהר קלוגער און מוטהיגער גנב איז געבראכט געוואָרען פאר דעם ריכטער. דער ריכטער האט דעם גנב זעהר גוט געקענט ווייל ער איז שוין פאר איהם פאָרגע־בראכט געוואָרען צום צוואנציגסטען מאָהל. אלס דער ריכטער האָט איהם וויעדער דערזעהן האָט ער מיט כעס אויסגערופען:

„שאנדע, ווירקליך שאנדע! איהר זייט שוין וויעדער היער?.... אייערע האנדלונגען זיינען אונפערצייהליך! און איך מוז זאָגען דאס איהר זייט איין ניעדער־טרעכטינער מענש."

גנב. (גוטמוטהיג.) „הערר ריכטער, אויף מיין ווארט דאס איך בין ניט אזוי ניע־דערטרעכטיג וויא איהר.... מיינט."

ריכטער. (צאָרניג.) אננעקלאָגטער, איך בעפעהלע אייך ווען איהר רעדט צו מיר, אויפצולייגען דיא ווערטער מעהר צוזאמען, און דאפיר וואס איהר האט געשפאסט בעשטראף איך אייך מיט פינף דאללאר."

גנב. „אויב איהר, הערר ריכטער, האט נאך ביז אהער ניט געהאט דיא געלעגענ־הייט צו וויסען וויא שווער עס קומט אָן צו פערדיענען א דאללאר, וועט איהר עס אצינד האָבען ווען איהר וועט פרובירען ארויסבעקומע א דאללאר פון מיר...."

# א טרייעל פאר איין אקס.

---

א פארמער׳ס איין אָקס, וועלכען אללע נאכבארען האבען געקענט דורך דעם גלעקעל וואס ער האט אויף זיין האלז געטראָגען, איז דערהרגעט געוואָרען פון איין עלעקטריק קאר וועלכע פלעגט לויפען פארביי דעם פארם.

דער פארמער האט באלד פערקלאָגט דער קאָמפאני פאר 200 דאללאר שאדען־ערזאץ.

ביים טרייעל האט דער קאָמפאנים אדוואָקאט געהאלטען א לאנגע רעדע און האט געענדיגט מיט דיא ווערטער:

„הערען געשוואָר׳ענע. פון דעם אללעם וואָס איהר האט געהערט האט איהר זיך איבערצייגט דאס עס וואר ניט דעם מאָטאָרמאנס שולד וואס דער אָקס איז דערהרגעט געווארען. דער פאָרזיכטיגער מאָטאָרמאן האט געפייפט און געקלונגען ווען ער האט געזעהן דעם אָקס ארומלויפענדיג אויף דיא טרעקס. ער האט דאס געטהאן אום דעם אָקס צו איבערשרעקען און איהם מאכען אראָבגעהן פון דיא טרעקס. מיינע הערען, דיא קאמפאני איז ניט שולדיג, און מיר ערווארטען אייער אורטהייל אין אונזער גונסט.“ נאך איהם האט זיך געשטעלט דעם פארמער׳ס אדוואָקאט און נאך דעם וויא ער האט געהאלטען א לאנגע רעדע האט ער געענדיגט מיט דיא ווערטער:

„ווערטהע הערען געשוואָרענע. פון דעם אללעם וואָס איהר האט געהערט דענק איך וועט איהר מוזען געבען אייער אורטהייל אין אונזער גונסט. מיין פריינד, דער געלעהרטער אדוואָקאט פון דער אנדערער זייט האט ערקלערט דאס דער קאר מאָטאָרמאן האט געקלונגען און געפייפט אום דעם אָקס פון דיא טרעקס ארונטערפיהרען, ער האט אבער פערגעסען צו ערצעהלען דאס אויך דער אָקס האט געקלונגען און דאס קלינגען האט געדארפט דעם מאָטאָרמען צו פערשטעהן געבען אז ער דארף אבשטעלען דיא קאר. אָבער וויא עס זעהט אויס איז דער מאָטאָרמאן ניט בעסער פאר דעם אָקס, און דיא קאמפאני דארף בעצאָהלען ווען אקסען פיהרען איהרע קארס.

דער פארמער האָט געוואונען.

---

## א גרויסער פרייז.

---

ערשטער גנב. וואו האסטו דערטאפט אזא שיינעם ראק?

צווייטער גנב. ביי א פעדלער.

ערשטער וויפיעל קאסט ער דיר?

צווייטער. פיער וואכען געפענגנים.

---

## אזוי לאנג.

ריכטער. פון ווען אן זייט איהר פיר איהם א כלה געווארען?

קלעגערין. פון פסח אן.

ריכטער. וואס איז דאס פסח?

קלעגערין. ווען דיא אידען זיינען ארויס פון מצרים.

ריכטער. אך מיין גאטט! זא איינע לאנגע צייט נאך ניט חתונה געהאט?!

---

## א גנב בן גנב.

ריכטער. וויא אלט זייט איהר געוועזען אלס איהר האט דאס ערשטע מאל אין גע־פענגנים אריין געטראטען?

אנגעקלאגטער. אכט יאהר.

ריכטער. אזוי פריה זייט איהר שוין געווארען א גנב.

אנגעקלאגטער. ניין איך האב דאמאלס בעזוכט מיין פאטער, וועלכער איז דאמאלס געזעסען פאר א גנבה.

---

## זיין ווייב מיט 1000 דאנקען.

שעריף. איך בין געקומען אינ'ם נאמען פאן געריכט אייער גאנצעס אייגענטהום צו נעהמען.

מאנן. אללעס וואס איך פערמאג איז מיין ווייב, זייט איהר צופריעדען מיט איהר. נעהמט זיא צו און איך וועל אייך טויזענד דאנקען געבען.

---

## א ווימצינער טרייעל.

מיסטער פודינג איז נעבאך געווען א גנב און איז יעצט געשטאנען פאר'ן געריכט, זיין אדוואקאט לעבען איהם.

„מיינע הערען," האט דער אדוואקאט געזאגט אם ענדע פון זיין לאנגע רעדע, „נאך אלע בעווייזע געגען מיין קליענט האט איהר זיך איבערצייגט דאס ער איז ניט אין גאנצען, דאס הייסט ניט מיט דעם גאנצען קערפער איינגעדרונגען אין הויז, איך פארדער און בעט דארום פון אייך איהר זאלט איהם פרייא שפרעכען."

דער ריכטער האט דאן ערקלעהרט דיא געשווארענע דאס אויב זיי דענקען דאס ניט דער גאנצער מיסטער פודינג איז איינגעדרונגען ביי נאכט אין דאס הויז אום צו גנב'ענען דאן מעגען זיי ערקלעהרען פאר שולדיג יענע טהיילען קערפער פון גנב וועלכע זיי וויסען זיינען שולדיג.

דיא געשווארענע נאך א קורצעס בעראטהען זיך האבען געפונען דאס דיא רעכטע האנד, דער רעכטער שולטער און דיא קאפ פון דעם מיסטער פודינג זיינען שולדיג אין גנבה. דער ריכטער האט דאן ארויסגעגעבען זיין אורטהייל דאס דיא רעכטע האנד, דער רעכטער שולטער און דיא קאפ פון דעם שולדיגען זאלען פער־שיקט ווערען אויף פינף יאהר אין אסטראג אויף שווערע ארבייט „און מיט דיא איבריגע טהיילען פון זיין קערפער", האט דער ריכטער געענדיגט, „מעג ער טאהן וואס ער וויל."

---

## היימיש.

ריכטער.—אננעקלאגטער, וויא וואגט איהר דא צו שטיין אין אייער העט? איהר פערגעסט אז איהר שטעהט אין געריכטס זאאל?

אנגעקלאגטער.—אומנעקעהרט, ווייל איך האב דאס גאר ניט פערגעסען, דא־רום שטעה איך אין העט, דען איך בין אין געריכטס זאאל א היימישער מענש.

---

## א לייכטע שטראפע.

ריכטער.—(צו דער אננעקלאגטער וועלכע איז אן אלטע מויד) איך פעראור־טהייל אייך צו זיצען 3 מאנאטען.

אנגעקלאגטע.—איך בין שוין צום זיצען געוואוינט געווארען.

## א ריכטינער בעווייז.

---

ריכטער.—דוא ביזט אנגעקלאגט אז געסטערן נאך האלבע נאכט ביזטו אריין געקראכען צו לעהמאנען אין וואהנונג.

גנב.—דאס איז א ליגען.

ריכטער.—דא זיינען אבער דא עדות וואס האבע דאס געזעהן.

גנב.—דאס איז אונמעגליך, ווייל איך האב מיך גוט ארומגעקוקט אין אלע זייטען קיינער זאל מיר נים זעהן.

---

## וואס העלפט דאס.

---

ריכטער.—וויא איז דאס אייך געווען מעגליך אזא גרויסע אייזערנע קאססע אוועקצוטראגען?

אנגעקלאגטער.—וואס העלפט דאס, ווען איך וועל אייך ערקלעהרען, איהר וועט עס דאך נים קענען אויספיהרען.

---

## א גוטע אנטווארט.

מיכאל. וואס טהוט רבנו גרשון דעם יעניגען וועלכער איז עובר אויף זיין חרם? אז מען נעהמט צוויי ווייבער.

רפאל. ער טהוט גאר נישט! נור דער דושאדש זאל א מיתה איינגעהמען, טהוט אן צרות.

---

## איך האב מורא.

---

איין מאן וואר בעשולדיגט דאס ער האט גע'גנב'עט א פּאָאר פּענטס עס זיינען געווען איינינע צייגען אָבער דיא בעווייזע זיינען געווען שוואך און נאכדעם וויא דער לאָיערהאט אבגערעדט עטליכע מינוט האט מען דעם אנגעקלאגטען בעפרייט.

דער לאָיער האט דאן זיין קליענט געזאגט אז ער קען שוין געהן, אבער יע־נער האט זיך פון אָרט ניט געריהרט. ער האט איהם נאך א מאָהל געזאגט אז ער קאן געהן, אָבער יענער איז געבליבען זיצען. דאן איז ער צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געפרעגט ווארום ער גייט בעסער ניט אהיים.

„דער פאקט איז, מיין העררי, איך וויל ניט ארויסגעהן פון דאנען ווייל עס זיינען נאך דא א פּאָר פון דיא עדות וועלכע האבען גיזאגט אז איך האב גע'גנבעט דיא הויזען.“

„וואס געהען אייך אָן דיא צייגען, איהר זייט פרייא!“

„יא, העדר לאָיער. אבער איך האב מורא אז ווען איך וועל ארויסגעהן וועלען זיי מיר אבשטעלען, ווייל איך געה אנגעטאהן דיא גע'גנב'עטע פּאָאר פּענטס.

---

## א טריַיעל פאר 3 דאללאר און 50 סענט.

---

מיסעס פלאָסק האָט איינגעקלאָגט איהר באָרדער (וועלכער האט שוין פון איהר ארויסגעמופּט) פאר דריי דאללאר פאר לאזשי און 50 סענט פאר וועש דער באָרדער האט געטענ'עט אז ערשטענס, — האָט ער געצאָהלט דער מיסעס פלאסק דריי דאללאר א מאנאַיט פאר לאזשי, קאפּפּעע אין דער פריה, און וואַ־שען וועש; און צווייטענס, איז ער איהר גאר ניט שולדיג ווייל ער האט איהר פאר דעם לעטצטען מאָנאט בעצאָהלט דיא דריי דאללאר מיט טיקעטס מיט וועלכע ער איז געטעקסט געווארען אין זיין סאָסייטי צו א פּאָרשטעלונג אין יודישען טהעאטער.

חאָטש דיא גאנצע מעשה האָט בעטראָפּען, (שוין וויא דיא מיסעס פלאָסק האָט געזאָגט דריי דאָללאר און 50 סענט) האָבען דאָךביידע צדדים געהאט אד־וואָקאטען אום ניט צו געבען סאטיספּעקשיאָן איינע דיא אנדערע.

אין קאַרט זיינען שוין אלע געווען פערזאַמעלט, דיא מיסעס פלאַסק איז געווען מיט איהר מאַן, וועלכער האָט אומיסטנע יענעם טאָג ניט געאַרבייט אום צו זיין איין עדות, — אויך איז דאָ געווען איין אינטימער פריינד פון מיסטער און מי־סעס פלאַסק, וועלכער האָט געוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע און וועלכער האָט ערקלערט אז ער וועט עדות זאָגען אז דער באָרדער האט דיא טהעאַטער טיקעטס געמאַכט א פּרעזענט דער מיסעס, אויך זיינען דאָ געווען א פּאָאַר שכנ׳טעס פון מיסעס פלאַסק וועלכע זיינען געווען בעקאַנט מיט׳ן באָרדער.

דער באָרדער איז דאָ געווען מיט זיינעם א ברודער (א הויכען, דאַרען יונגען מאַן וועלכער איז געווען זעהר נערוועז וועגען דעם אויסקונפט פון דיזען פּראָצעס), אויך וואר דאָ דעם באָרדערס עקספּרעססמאַן וועלכער האָט אריבערגעשיפּט זיינע זאַכען וועלכע זיינען געווען פערפּאַקט אין א קליינעם טראָנק, ווידער זיינען דאָ גע־ווען צוויי אינטימע פריינד פון באָרדער, וועלכע האָבען יענעם טאָג ניט געהאַט וואס צו טאהן, און וועלכע זיינען געקומען אזוי גלאַט—זעהן וואָס עס וועט זיין און האָ־בען (וויא געזאָגט) „א ביסעל פאָן.“

דיא מיסעס איז געווען דיא ערשטע ציינגע און האט ערצעהלט דעם ריכטער וויא פיעל קינדער זיא האָט, וויא פיעל צרות זיא האָט פון זיי, וואָס פאר א לויפער איהר עלטערער באַי סעם איז,— געראָטען אין זיינעם א פעטער א שאַרלאַטאַן.... וויא זיא איז אין יוראָפּ ניט אזוי פערפינצטערט געווארען וויא דאָ אין דעם וויסטען אמעריקא, א. ז. וו., א. ז. וו. נאכדעם האט זיא איהר ביטער הערץ אויסגעגאָסען אויף׳ן באָרדער, און וויא עס ווייזט אויס האט זיא זעהר פיעלע ליעגענס דערצעהלט ווייל דער נערוועזער ברודער פון באָרדער האט ביי יעדער ליעגען זיך א שליידער געטהאַן, געקוקט מיט כעס, זיך געוואָרפען און אפּט פלעגט זיך ארויסחאַפּען פון זיין מויל: „אַיי!—„וועה! “—„הומבאג!“—„בלאָף!“—„שווינדעל!“—„פע!“ דער נערוועזער ברודער האט זיך אזוי לאנג געוואָרפען און געשליידערט ביז דער ריכטער האט איהם אנגעפאנגען אויפמערקזאַמקייט שענקען.

„סיי, יאַנג מען“—[האט דער דזשאדזש צו איהם פּלוצלינג געזאגט — „ווע־מען דאַרפט איהר דא אין קאָרט און וואס איז מיט אייך דער מעהר?

דער יונגער מאַן האָט זיך ערשראָקען הערענדיג דיא פראַגע, און זיך שטע־לענד האָט ער קוים אויסגערעדט! „אַי עם איי בראָטהער אָף די באָרדער“.

אויף דעם האָט איהם דער דזשאָדזש בענאַכריכטעט אז ער מעג זיין א ברו־דער פון באָרדער אָבער ער דאַרף זיך רוהיג פערהאלטען אין ווען ער וועט נאָך א

מאָל זיך ווארפען און שליידערן און וועט שרייען „בלאָף" א. ז. וו. וועט ער איהם פון זאאל ארויסשיקען מיט א בעגלייטער.

דיא אדוואָקאטען האָבען זיך נעפייט אויף לעבען און אויף טוידט. דער מי־סעס אדוואָקאט האָט דעם דושאָדש פערטרויט דעם סוד אז ער אליין איז אויך א מאל געוועזן א באָרדער. און אז ער האט (וויא ווייט ער קאָן געדענקען) אימטער געצאָהלט פאר לאזשי בעזונדער און פאר וועש בעזונדער.

דעם באָרדערס אדוואָקאט ווידער האט ערקלערט אז ער וואָהנט אין דיא איסט סייד, אז ער האט דיא געלעגענהייט געהאט דורכשטודירען דעם פרייז־ליסט פון לאזשי און באָרד, און טר וויים אויף ריכטיג, ער איז איבערצייגט, ער גלויבט, און ער קאָן זאָגאר זיין לעבען אין קאָן שטעלען דאָס באָרדערס צאהלען דרייא דאללאר א מאנהייט פאר לאזשי און אז דיא דרייא דאללאר נעהמט אריין וועש וואשען אויך.

„אָבער וויא קאן דאס זיין?"—האט דער מיסעס לאָיער געפרעגט מיט א שטארקען שאָקעל מיט'ן קאָפּ.

„איך וועל דאָס אייך באלד ארייגלייגען אין אייער קאָפּ."—האָט דער צוויי־טער געענטפערט, און האט ערקלערט אז דיא איסט סייד מענשען זיינען אללע זעהר ארם, איינפאכע שלעפער און דארום איז דריי דאללאר ביי זיי א גאנצער קאפּיטאל.

מיסטער פלאָסק, דער אינטימער גוטער פריינד, דער עקספרעססמאן, דיא שכנות, דער באָרדער אליין, אלע זיינען אויסגעפרעגט געוואָרען פון ריכטער, פון דיא לאָיערם און נאָך דריי שטונדען אז אללע האבען שוין אב געדערצעהלט, האט דער ריכטער געמעלדעט דיא אדוואָקאטען אז ער וויים ניט וועמען צו גלויבען און וואס זאָל ער טאָהן.... און אום ביידע צדדים זאָללען זיין צופריעדען האט ער גע־מאכט אז דער באָרדער זאָל בעצאָהלען דער מיסעס צוויי דאללאר און קאָסטען.

אללע זיינען אוועק אונצופריעדען און האבען אויסגע'בט'לט אללע בייזע חלומות צום דזשאדזש'ס קאָפּ.

---

### א סימן פון נאָז.

א זיידע צו זיין אייניקעל: — עס, מיין קינד, מעהר ברויט, וועסטו אימטער געזונד זיין און האבען רויטע בעקעלאך.

אייניקעל: — וויא איך זעה, זיידע, האסט דוא אויף דיין לעבען זעהר פיעל ברויט געמוזט שמעקען, ווייל דוא האסט צו א רויטען נאָז!..

—o—

### פונקט פערקעהרט.

— וואס וואלסט דוא געטהאן, ווען דוא וואלסט געפונען טויזענד דאללאר?

צווייטער: — איך וואלט אדווערטייזט אין דיא צייטונגען אז איך גיב 25 דאללאר א פרעזענט דעם, וואס האט דאס פערלאָרען.

—o—

### ער קען זיך ניט העלפען.

פאטער. — וויא שעמסט דוא זיך דאס ניט נאכצולויפען אלע מיידלאך?

זאהן. — וואס זאל איך טהאן, אז זיי שטעלען זיך ניט אָפּ.

—o—

### אהן א שטעקען איז אויך רעכט.

פאטער. — וויא אונטערשטייסט דוא דאס, מאקס, זיך צו שלאגען מיט דיא דיענסט? גיט מיר נאר א שטעקען!

קינד. — מען דארף ניט, פאפא, קיין שטעקען. איך וועל איהר צושטייער קומען אהן א שטעקען.

—o—

### א שאד וואס ער האט זיך אויפגעחאפט.

מאן. — הער, מיין ליעב ווייב, איך האב געזעהן זעהר א גוטען חלום. עס האט זיך מיר געחלומט, דאס איך האב א סך געלד געפונען און איך בין זעהר רייך געווארען.

ווייב. — הלואי וואלסט דוא ניט אויפגעשטאנען, וואלסט דוא דאך א שטילער נגיד געבליבען.

—o—

### אין דיא בויערי.

יונגער מאן. — וויא שעהמסט דוא זיך דאס ניט, דוא ביסט דאך נאך אזוי יונג און טרייבסט זיך שוין ארום אין דיא בויערי?

מיידעל. — און נאך דיין נארעשען שכל קומט אויס, דאס אלטע ווייבער זאלען זיך ארום טרייבען אין דער בויערי.

—o—

### אין פריזאָן.

איק. — וויא קומסט דוא אהער, מאיק?

מאיק. — פרעג מיר ניט וויא קום איך אהער; פרעג בעסער וויא וועל איך ארויס פון דאנען.

—o—

### אין סטריט.

בעריל. — קענסט דוא מיר לייהען 5 דאללער, איך האב זעהר נויטהיג.

שמעריל. — איך שווער דיר דאס איך האב ניט ביי זיך.

בעריל. — און אין דער היים?

שמעריל. — אין דער היים זיינען אללע, גאט צו דאנקען געזונד. —און גלייך אוועק געלאפען.

—o—

### ביים דאָקטאָר.

פאציענט: — העררר דאָקטאָר, קענט איהר מיר ניט זאגען וויא לאנג איך וועל נאך לעבען?

דאָקטאָר. — ביז צום טויט וועט איהר געוויס לעבען.

— —

### א לייכטער א צופאל.

איינער איז אריין צו זיין גוטען פריינד, זעהט ער, דאס זיין געזיכט איז צוהאקט און ער איז פערבונדען; פרעגט ער: וואס איז דאס, מיט וואס פאר א צופאל? — נאר ניט מיט א צופאל, נאר מיט א לייכטער, וואס דיא ווייב האט מיר נאָך געווארפען; האט געענטפערט דער פערבונדענער.

—o—

### פון וויייטען.

יונגערמאן. — ווערדען זיא מיר ערלויבען, מאדאם, איהנען צו בעגלייטען?

מאדאם. — אָה יעס, אבער אויף דעם אנדערען זייט סיידוואָק.

—o—

## זיא ווייס שוין.

בעקאנטער (צו א אלמנה אין ערסטען חודש נאך איהר מאן'ס טויט):

— וויא פיהלט איהר זיך יעצט, מאדאם, נאך אייער מאן'ס טויט איינער אליין?

— אָה, זעהר עלענד! האט גענטפערט דיא אלמנה — אבער יעצט בין איך וועניגסטענס פיעל רוהיגער, ווייל יעצט ווייס איך וואו מיין מאן פערברענגט דיא נעכט.

—o—

## א גוטע עצה.

קאוואליער. — ליעבעס פרייליין, אייער וואונש איזט פיר מיך איין געזעטץ, פערלאנגען זיא נור עטוואס, איך וועל עס אללעס ערפיללען!

פרייליין. — האט חתונה מיט אונזער דיענסטמעדכען.

—o—

## א רפואה.

פאציענט. — אך, הערר דאָקטאָר, איך האב א געפעהרליכען קאטער, וואס זאל איך דערצו נעהמען?

דאָקטאָר. — וואס מעהרער שנופּפטיכער.

—o—

## א וואָרטשפּיעל.

אנוויזענדיג אויף א געוויסע גאס אין וויען, האט איינער געזאגט צו זאפיר'ן: „אָט דא וואוינען אללע אקטיאָרען אהן א אויסנאהמע.“

„מאנכע אויך אהן אן א י נ נ א ה מ ע“, האט זאפיר בעמערקט.

—o—

## זאפיר'ס א בעמערקונג.

דער וויצלינג זאפיר איז אמאָל געגאנגען אין וויען מיט זיינעם א פלעמעניק. ער איז פארבייגעגאנגען אן אקטיאָר, פון וועלכען דער פלעמעניק האט מעהר גע־קאלטען וויא זאפיר אליין. יענער האט צו זאפיר'ן געזאגט:

„דער וואס זעהט איהם אויפ'ן גאס וואלט גאר ניט זאגען, אז ער איז א אקטיאָר.“

„דער וואס זעהט איהם שפּיעלענדיג — אויך ניכט.“ — האט זאפיר געענט־פערט.

—o—

## דיא הוגענאָטען.

ווענן מייערבער'ס בעריהמטע אָפּערא „דיא הוגענאָטען" האט דער וויצלינג זאפיר געזאגט: „דאס איז אן אָפּערא, אין וועלכע דיא קריסטען הרג'ענען צו איינע דיא אנדערע און א איד מאכט דיא מוזיק דערצו."

—o—

## ער פערלאנגט מעהר.

ווען ווערדי'ס אָפּערא „אאידא" איז צו ערסט געשפּיעלט געווארען אין נעאפּעל (איטאליען) איז א געוויסער בערטאני געגאנגען עס הערען. דיא געשיכטע צוזאמען מיט אן אבענדברויט, האט דעם מאנן נעקאסט 15 פראנק 90 סאנטים. דיא אָפּערא איז איהם ניט געפעלען געווארען, אבער הערענדיג וויא אללע ריהמען איהר, האט ער בעשלאסען צו געהן נאך אמאל דעם צווייטען אבענד, ער האט אויסגעגעבען נאך 20 פראנק, איז אבער געבליעבען נאך מעהר אונצופריעדען וויא פריהער. ער איז געווארען שרעקליך בייז, האט אויפגעשריבען א בריעף צום קאָמפּאָניסט, איהם ערקלעהרענדיג, אז זיין אָפּערא איז אן אונזין און אז אויב ווערדי איז אן עהרליכער מאנן דארף ער איהם צוריק געבען דיא אומזיסט-אויסגעבראכטע 35 פראנק 90 סאנטים. ווערדי האט, אהנע זיך צו געפינען בעליידיגט, איהם געזאזט צושיקען דעם פרייז פון דיא פלעטצער, נעמליך 31½ פראנק.

„אבענד ברויט — האט ער איהם געשריבען — האט איהר געמעגט עסען אין דערהיים; איך צאָהל אייך ניט דיא עקסטרא 4 פראנק 40 ס."

—o—

## מאוס אריינגעפאלען.

אלעקסאנדער דיומא איז אמאל אריינגעפאלען אויף דעם פאָלגענדען אופן: א יונגער מאן האט איהם צוגעשיקט א טהעאטער שטיק, אנפרענענדיג אויב דיומא איז בערייט צורעכט צו מאכען דיא פערפאסונג און איהר צו לאָזען שפּיעלען אונטער זייערע ביידענס נעמען. אזוי וויא דער יונגער מאן איז געווען אונבעקאנט, האט דיא חוצפה זיינע זעהר געערגערט דעם אלטען דיומא. ער כאפּט א פעדער און שרייבט צו איהם: „מיין הערר! וויא וואגט איהר פארצושלאָגען א געשפּאַן פון א פערד מיט אַן עזעל?" מיט דיא נעכסטע פּאָסט קריעגט ער דעם ענטפער: „מיין הערר, וויא וואגט איהר מיר צו רופען פערד?"

—o—

## טאים איז מאַני.

דער בעריהמטער ענגלישער שוישפּיעלער מאטהיוס האט אמאָל גענעבען א שטיעוועל־פּוטצער אין זיין האָטעל, וועלכער האט ביי איהם נושא חן געווען, א טיקעט צו זיין פאָרשטעלונג אין טהעאטער. איהם טרעפענדיג דעם נעכסטען טאג האט מאטהיוס געפרעגט דעם יונגען מאן צו ער האט הנאה געהאט פון דעם פאָרשטעלונג.

„דיא שפּיעלעריי — האט יענער געענטפערט — איז שוין געווען גוט גענוג, אבער ווער בעצאָהלט מיר פאר דיא פערלאָרענע צייט?“

—o—

## ענטהוזיאסטיש....

איין אבענד, ווען דיא בעריהמטע שוישפּיעלערין סאראה בערנהארד האט געשפּיעלט פאר א פולגעפּאקטען טהעאטער אין פּאריז דיא פּיעסע „פעאָדאָרא“, האט זיא אין איין סצענע געמאכט אזא גוואלדיגען איינדרוק אויפ'ן פּובליקום, אז דיא אפּלאָדיסמענטען זיינען געווען אין העכסטען גראד ענטהוזיאסטיש. מיט אמאָל האט זיך דערהערט א'ן אלגעמיינער געלעכטער אויף דער גאלעריע. אלע קעפּ האבען זיך אבגעקעהרט פון דער ביהנע און האבען גענומען קוקען ארויף צו־צו און דער געלעכטער איז געוואָרען אלס גרעסער און גרעסער. עס האט זיך ארויסגע־שטעלט, אז אויבען אויף דער גאלעריע זיינען געשטאנען צוויי מענשען, קאליעקעס, וועלכע האבעןביידע נור געהאט צו איין האנד און, ניט קענענדיג פּאטשען בראוואָ איינציגווייז, האבען זיי אפּלאָדירט צוזאמען, קלאפּענדיג מיט זייערע איבערגעבליע־בענע הענד איינע געגען דיא אנדערע.

—o—

## אלעס פערברענט.

אָרימאן אין א סטאָר: העלפט מיר, איך בין זעהר אָרים, עס האט מיר פּאַ־סירט א גרויסער אונגליק, איך בין אבגעברענט געוואָרען און מיין גאנצעס פער־מעגען איז אין פייער פערלאָרען.

סטאָר־קיפּער: האט איהר א פּייפּער פון דער פּאָליציי דאס איהר זייט אָב־געברענט געוואָרען?

אָרימאן: אָ יא, איך האב עס געהאט אבער עס איז אויך פערברענט גע־וואָרען מיט מיינע איבעריגע זאכען.

—o—

### פרעזענטס אנשטאט פרעזענס.

אין אינוויטיישאנס אויף חתונות וואו עס קומט דאס ווארט „פרעזענס“:
עס ווירד פערלאנגט אייער פרעזענס (אנוועזענהייט) זאל איינענטליך געשריעבען
ווערען „פרעזענטס“, וואלט עס געווען פיעל אמת׳ער.

—o—

### דער גרעסטער פעהלער.

שרייבער: „וויא געפעהלט אייך מיין קאמעדיע? איך האב עס אנגעשריעבען
אום מיין צייט צו פערטרייבען“.

קריטיקער: „איין פעהלער האט עס, וואס איהר האט עס ניט געשריעבען
אום אנדערע זאלען אויך קענען דאמיט דיא צייט פערטרייבען“.

—o—

### א זאך וואס איז אונמעגליך.

פרעדיגער: איהר זאלט זיך קיין מאל ניט פערלאזען אויף איין אנדערען
מיט א׳ן ארבייט, אויב איהר ווילט אז עס זאל זיין גוט געמאכט.

א בארבער: איך וואלט גערן וועלען זעהן וויא א מענש קען זיך אליין
אבשערען.

—o—

### ער זאל איהם ניט איבערשרעקען.

פאציענט: דענקען זיא, הערר דאקטאר, אז איבערשרעקען זיך קען מיר
יעצט שאדען?

דאקטאר: געוויס, געוויס?

פאציענט: אלזא ביטע עס צו האבען אין געדאנקען ווען זיא וועלען מיר
דערלאנגען דעם ביל.

—o—

### נערעכט....

אין א ביער האללע איז אריינגעקומען א דייטש טרינקען ביער, נור וויא ער
האט געזעהן א אידען זיצענדיג פון ווייטען האט ער אויסגעשריען: גיבען זיא מיר
דאס, וואס איין יודע טרינקט ניכט. געוועהנליך דער קעלנער האט איהם געבראכט
א גלאז ביער; דער איד אבער האט אויסגעשריען: גיבען זיי איהם איין נאכט-
טאפ, ווייל דאס טרינקט געוויס קיין יודע ניט.

—o—

## א רעטזעל.

פראגע: וואס איז אזעלכעס וואס קומט פאר איין מאל אין א מינוט און צוויי מאל אין א מאמענט אבער קיין איינציגען מאל אין א יאהר־הונדערט.

אנטוואָרט: דער בוכשטאב מ"ם.

—o—

## ערקלערט דיא אורזאכע.

גאסט: דיעזער ביף־סטייק איז פיעל קלענער אלס דער וואס איך האב בע־קומען געסטערן.

וועיטער: יא! דער איז פון א קלענערן אָקס.

—o—

## א מורא'דיגער וועטער.

דיא ווייב (ביים ברעקפעסט): איך וויל היינט ארויסגעהן אביסעל אין דיא סטאָרס איינצוקויפען זאכען, אויב דער וועטער וועט זיין א שעהנער. וויא שרייבט דיא צייטונג וואס פיר א וועטער וועט היינט זיין?

דער מאן: רעגנען, האָגעל, דונערן און בליצען.

—o—

## א חזן ווייס וואס ער טהוט.

פראגע: ווארום דאווענט א חזן מיט משוררים?

אנטוואָרט: כדי מען זאל איהם ניט הערען....

—o—

## צו פערטרייבען דיא ביטערקייט.

פראגע: ווארום טונק מען איין דיא „המוציא" אין זאלץ?

אנטוואָרט: כדי מען זאל ניט פיהלען וויא ביטער דער שטיקעל ברויט קומט אָן.

—o—

## טאקי געטראָפען.

דאָקטאָר (אין הויז ביי א קראנקען מאן): וויא איך זעה האט איהר גענומען האבען א מיסטייק, ווייל איהר האט מיר גערופען און איך בין א דאקטאר נור פון פרויען קראנקהייטען.

פּאציענט: ניין, העררר דאקטאר, איך האב קיין מיסטייק. איך בין טאקי קראנק פון מיין פרוי.

—o—

## גוט געזאָגט.

א פרוי איז געקומען צום רבי׳ן זיך בעקלאָגען אויף איהר ארעמקייט און בע־טען, דאס דער רבי זאל פאר איהר בעטען, און איהם געגעבען דאפיר א פדיון.

פרעגט דער רבי: אז איהר זייט אזוי ארים טו וואו האט איהר גענומען געלד מיר צו געבען?

פרויא: פאר דעם טייפעל געפינט זיך שוין....

—o—

## פערקעהרט.

א פראנצויז איז אמאל געקומען ווינטער אין רוסלאנד איז איהם בעפאלען א הונט און איהם איינגעביסען. דער פראנצויז האט זיך איינגעבויגען צו נעהמען א שטיין אום צו ווארפען דעם הונד אבער דער שטיין וואר צוגעפראָרען, אָה, וואס פאר א׳ן אומגליקליכעס לאנד דאס איז, האט ער אויסגעשריען, אנשטאט וואס מען דארף דיא הינט צובינדען זיינען גאר היער דיא שטיינער צוגעבונדען.

—o—

## אין מארקעט.

א פישער: הערט מיסעס, קויפט דעם פיש, איך וועל א י י ך אליין אבסקראַ־בען, וועל א י י ך אבהאקען דעם קאָפּ, ארויסציהען דיא גידערים, און א י י ך אוועקטראָגען צו !

—o—

## א שעהנער איינפאל.

אין א רעסטאָראן זיינען געזעסן א רוס מיט א דייטש און האבען געגעסען. דער רוסס האט געגעסען פיש און דער דייטש שווייגע־פלייש. דער רוסס האט געוואָלט בעטען א שנאפס און האט מיט א וויטץ אויסגעשריען: ווייטער, דער פיש וויל שווימען! דער ווייטער האט דיא חכמה פערשטאנען און איהם געבראכט א גלעזעל שנאפס. דעם דייטש איז דער וויטץ זעהר געפעלען געווארען און אויך צו בעטען א שנאפס מיט א וויטץ האט ער אויסגעשריען: ווייטער, דער שוויין וויל טרינקען!



# קלוגע ווערטלאך וועגען פרויען.

דיא פרויען פיהרען דיא מאנסלייט אין גיהנם דורך דיא טויערען פון גן עדן.

א פרויענצימער וואס ווייס ניט וויא זיך צו האלטען איז גענליכען צו א קייזערינע, וואס ווייס ניט וויא צו טראגען איהר קרוין.

א פרויענצימער לערנט גיכער אויס דאס וואס מען לערנט איהר ניט.

א פרויענצימער קען מען גלייכען צו א נעקטאי וואס פריהער פערבינדט זיא זיך און נאכדעם זיצט זיא אויפ'ן האלדז.

א פרויענצימער דענקט דאס דיא יאהרען מאכען נור עלטער דיא אנדערע פרויען.

א פרויענצימער וואלט בעסער וועלען זעהן דעם טייוועל איידער א פרויענ־צימער שעהנער פאר איהר.

זאג א פרויענצימער איין איינציגע חניפה און זיא וועט פערגעסען חסרונות וועלכע זיא האט אין דיר פריהער געפונען.

ווען דוא ווילסט אויפרייצען א פרויענצימער זאלסטו ריהמען איהר פריינדין.

ווען א פרוינצימער בעט דיר דוא זאלסט אוועקגעהן, איז א צייכען דאס זיא וויל דוא זאלסט בלייבען.

אויפרייצען א שלעכטע פרויענצימער איז געפעהרליכער וויא צעהן הינט.

ווען א פריילין זאגט דיר אז זיא ליעבט דיר ניט, איז דערפון נאך ניט גע־דרונגען אז זיא וועט מיט דיר ניט חתונה האבען.

זאגט א פרויענצימער דיא אלע מעלות וואס זיא האט גאר ניט, וועט זיא אייך גלייך ליעב קריעגען.

דאס הארץ פון א פרויענצימער איז א פערשלאָסער שראנק צו וועלכען עס איז זעהר לייכט צוצוקלייבען שליעסלען.

דאס הארץ פון א פרויענצימער קען מען צוגלייכען צו א טהעאטער, אין וועלכען יעדען טאג בייטען זיך דיא בעזוכער.

וויכסטו דאס א פרויענצימער זאל דיר ליעבען, זאלסטו איהר אין ליעבע ניט ערקלערן, און זיין וואס קעלטער צו איהר.

א פרויענצימער קען מען צוגלייכען צו ווינטער פרוכט וואס ווערען נור דאן גוט ווען זיי ליגען זיך גוט אָב....

איינער האט געזאגט: דער גרעסטער אונגליק פיר מאנסליט איז, דאס וואס אָהנע פרויענצימער קענען זיי ניט אויסקומען.

ווען דיין ווייב פאנט אָן צו מאכען איהרע קאפריזען, נעהם דיין הוט און געה אוועק, וועסטו זעהן, אז זיא וועט דיר שוין נאכלויפען.

ווען איהר ווילט ערפאהרען ווענען דיא פעהלערען פון א פרויענצימער, זאלט איהר נור פרעגען ביי איהר בעסטע פריינדין, זיא וועט אייך שוין אלעס זאָגען.

א פראנצויזישער ריכטער האט אמאָל געזאָגט „זוכט א פרויענצימער", דאס הייסט: וואו עס מאַכט זיך א צרה זאלט איהר גוט זוכען, וועט איהר געפינען אז א פרויענצימער איז דיא אורזאַכע דאצו.

דער בעסטער פערגעניגען פאר א פרויענצימער איז, צו בעדויערען איהר פריינדין ווען זיא איז אין א צרה.

ווען דוא זעהסט דאס צוויי פרויענצימער קוסען זיך זאָלסטו דערפון ניט שליעסען אז זיי ליעבען זיך.

ווען א פרויענצימער שטארבט מוז מען איהר צונג עקסטרא טויטען, ווען ניט, האט מען א טשאנז צו הערען איהרע פלוידערייען נאכ'ן טויט.

איינער האט אמאל אויפגעשריעבען אויף דיא מצבה פון זיין פרוי: היער רוהט מיין פרוי, מיט וועלכע איך האב גליקליך געלעבט, און מיט וועלכע עס ואר מיר אימער גוט; אבער איך מוז מיר מודה זיין, אז יעצט איז מיר נאך בעסער.

איינער האט אמאָל געזעהן אויף א מצבה אויפגעשריעבען: היער רוהטמאן און פרוי. האט ער אויסגעשריען: דאס איז דער איינציגער אָרט, וואו מען קען רוהען מיט א פרוי.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען וואס פאר א מיינונג שפינאָזא, דער גרעסטער דענקער דער וועלט, האט געהאט ווענען פרויענצימער, דאס ער האט ווענען זייא קיין מאל ניט גערעדט און אין זיינע ווערקע ניט עראינערט.

די שטארקסטע העלדען דער וועלט זיינען אימער געפאלען דורך דיא פאלש־קייט פון דיא שוואכע פרויענצימער.

ווען דיין פרוי וועט זיך פערפיהרען מיט א ליעבהאבער זאלסטו זיך מאכען ניט זעהענדיג און ניט זיין דאגענען, דאן וועט איהר מיאוס ווערן און זיא וועט איהם אליין אוועקוואַרפען, דען זיי ליעבען נור וואס מען טאר ניט.

איינער איז געקומען צום צווייטען און זאגט איהם: ליעבער פריינד, זאג מיר וואס זאל איך טהון, איך בין ארייננעפאלען אין א'ן אונגליק, איך האב חתונה געהאט מיט צוויי פרויען. דאס שמעקט דאך מיט סינג־סינג! אָה, האב קיין מורא, דאס איז דאך א'ן איינפאכער זעלבסט־מאָרד, און פאר זעלבסט־מאָרד שיקט מען ניט אין סינג־סינג.

דער האסס פון א פרויענצימער איז געפעהרליכער פאר דעם האסס פון א טייפעל; ווייל א טייפעל טהוט אלעס אליין, אבער א פרויענצימער רופט אויף דעם טייפעל צו הילפע.

א געוויסער רוימישער פאָעט האט אמאָל דערזעהן א פרוי הייננענדיג אויף א בוים, האט ער אויסגעשריען: שאדע וואס ניט אלע בוימער טראגען אזעלכע פריכטע.

שלמה המלך האט געזאגט: אשה רע מר ממות; אז א שלעכטע פרוי איז ביטערער אלס דער טוידט. — זאגט אויף דעם א געוויסער דייטשער געלעהרטער: ווען א פרוי איז אביסעל בעסער וויא שלעכט, איז זיא מיט'ן טוידט צוגלייך, און ווען זיא איז נאך בעסער, איז געגליכען צו כאָלעריע, און אז נאך בעסער, איז זיא געגליכען צו איין אנדער שלעכטע קריינק. קורץ דאפון, וויא גוט זיא זאל ניט זיין, א קריינק איז זיא דאָך.

## פיער צייטען ביי א פרוי.

זיא איז ליעב ווען זיא איז א מעדכען,

מען ליידעט איהר, ווען זיא איז א ליבהאָבערין,

מען האסט איהר, ווען זיא א ווייב,

זיא איז עקעלהאפט, ווען זיא א שווינער.

# ווען דאַרף מען א פרויענצימער ניט גלויבען?

ווען זיא זאָגט וויא אלט זיא איז,

ווען זיא זאָגט, זיא ליעבט צום ערסטען מאָל,

ווען זיא פערשווערט זיך מיט איינעם מעהר ניט צו רעדען א וואָרט,

ווען זיא בעדויערט איהרע א פריינדין,

ווען זיא זאָגט, זיא קען ניט קאָקעטירען,

ווען זיא דערצעהלט פון איהרע מציאות,

ווען זיא שווערט דעם מאן דאס צום לעצטען מאָל בעט זיא נעלה,

ווען זיא זאגט, איך וועל דאס קיין מאל ניט פערגעסען,

ווען זיא זאגט, זיא האט פיינד חתנים,

ווען זיא שרייבט א בריעף אָהן פעהלערן, (געווים האט עס איין אנדערער נעשריעבען.)

ווען זיא זאגט, דאס זיא איז גאר ניט שטארק איינגעשנירט אין קאָרסעט.

דאס איהרע קליינע שיכלעך דריקען ניט איהרע פיס.

דאס זיא איז גאָר ניט מיעד געוואָרען טאַנצענדיג,

דאס זיא בענוצט גאר קיין קאסמעטיק,

דאס אין פינף מינוטען טהוט זיא זיך אן,

דאס זיא האט פיינד רכילות,

דאס זיא האט קיין מאָל קיין ליענען ניט געזאגט,

דאס זיא קען בעהאַלטען א סוד,

דאס זיא איז איהר חתן צום ערסטען מאל געפעלען געוואָרען.

דאס יענע דאמע איז גאר ניט קיין שעהנע,

דאס זיא האט זיך גאר ניט געיאָגט נאך איהר חתן,

דאס איהר שכנה איז א'ן אונאָרדענטליכע פרוי,

דאס זיא איז געטריי איהר מאן מיט לייב און זעעלע.

# שאלות ותשובות.

וועלכע פרויענצימער האט נאך קיין מאל קיין דומהייט גערעדט?
דיא וואס איז נאך ניט געבארען געווארען.

אין וועלכע טייכען קען מען זיך ניט באדען?
אין דיא וואס שטעהען אויף דער לאנד קארטע.

וועלכער קייזער איז דער בעסטער אין דער וועלט?
דער וואס ליעגט שוין אין דער ערד.

וועלכער קאמפף איז דער גרעסטער?
ווען מען בעקעמפט זיך אליין.

פארוואס רופט א קראנקער דאקטאר א צווייטען און קורירט זיך ניט אליין?
ווייל ער וויל קיין זעלבסט-מארד בעגעהן.

וואס איז דאס א קוש?
א טעלעגראמע פון ליעבע.

וואס איז שווערער פון אלעס צו היטען?
א פרוי וואס וויל זיך אליין ניט היטען.

ווער האט נאך קיין מאל קיין ליגען געזאגט?
א שטומער.

ווער איז דער בעסטער פאטאגראף אין דער וועלט?
דער שפיעגעל.

וואס איז דער אונטערשיעד צווישען א פרוי און דעם קורס אויף דער בערזע?
אז דער קורס פאלט, קען מען איהם נאך אויפהויבען, אבער א פרויענצימער ווען זיא פאלט, קען מען איהר שוין ניט אויפהויבען.

ווען קען מען רופען העלד אויף דער וועלט?
ווער עס ווערט ניט שוואך געגען א פרויענצימער.

אין וועלכען צימער קען מען קיין אויווען ניט שטעלען?
אין א פרויען-צימער.

ווען איז א שכל עהנליך צו א בריטוואַ?
ווען ער איז א שארפער.

ווער איז שטארקער, דער רייכער אדער דער ארעמער?
דער ארעמער, ווייל דער ארעמער האט נויטה און נויטה ברעכט אייזען.

וואָרום קענען פרויען אדוואָקאטען, קיין לעבען ניט מאַכען?
ווייל זייא געווינען בלויז איין מאל אין 9 מאָנאט.

ווען איז א פרויענצימער געגליכען צו א לאָטעריי־צעטעל?
ווען זיא געווינט.

וואס איז דער אונטערשיעד צווישען א ווייב און א רעגען?
דער רעגען מאַכט מען זאל לויפען אין הויז, און א ווייב, מען זאל לויפען פון הויז.

וועלכע וואסער קען מען טראגען אין א זיפּ?
געפראָרענע.

וויא לאנג איז אדם הראשון געווען אין גן עדן?
וויא לאנג ער איז געווען א סינגעלמאַן.

וועלכע פרוי שעצט א מאן ווענינער פון אלע פרויען?
זיין אייגענע.

וועלכער איז דער ערגסטער נדן וואס א ווייב ברענגט מיט?
א שוויגער.

וואָרום דארף א מאן א פרוי געבען עסען און ניט פערקעהרט?
ווייל איין מאל האט חוה איהר מאן געגעבען עסען ליידעט דאריבער דיא גאנצע וועלט.

וואס איז דאס וואס אלע ווינשען זיך און זיינען אונצופריעדען ווען זייא האבען עס?
אלטע יאָהרען.

וואס איז נאך בעסער פאר א גלעזעל שאמפאניער?
א גאַנצע פלאַש.

וויפיעל בייגעל קען א גרויסער פרעסער אויפעסען ניכטערהייט ?
נור איינעם, ווייל נאך דיא ערסטע איז ער שוין ניט מעהר ניכטער.

ועלכע מענשען לעבען נור פון שמוץ ?
וועשער און פלעקען ארויסנעהמער.

ווער קומט אין א טהעאטער צום ערסטען ?
דער צווייטער.

וואס איז נאך לייכטער פאר ווינד ?
א פרויענצימער.

וואס איז דאס דער גיהנם ?
זיין פערקויפט ביים צווייטען אין דיא הענד.

וואס איז דיא ערגסטע שטראפע פאר א מענשען ?
ווען ער טהוט א פערברעכען און קען עס קיינעם ניט ארויסריידען.

וועלכער שרייבער לעבט א גוטען טאג ?
דעע וואס שרייבט צו זיין רייכען טאטען ער זאל איהם שיקען געלד.

וואס איז דער בעסטער זייף אויף דער וועלט ?
געלד, ווייל ער וואסט אויס דיא גרעסטע פלעקען.

וואס איז דאס א דאָקטאָר ?
איין אגענט פון מלאך המות.

וואס קען מען אין א לעבערדיגע קעשענע אריינטראָגען ?
דעם דכות.

וועלכע דרייא זאכען קומען צו שפעט ?
דער שכל, דיא פיערלייט און אָפטמאָל א חתן.

וועלכע פריילין האט פיינט קענדי ?
א טויטע.

פאר וואס האלטען דיא אמעריקאנישע ריכטער זייערע פיס אויף'ן טיש ?
ווייל זיי האבען דעם יושר אין פיאטע.

וואס איז דער אונטערשיעד פון דיא ליעבע צו א פרויענצימער צו דיא ליעבע פון ווין ?
א פרויענצימער ליעבט מען א יונגע און ווין נור אלטע.

מיט וואס איז א פאַלים קעפּטען גלייך צו א ראָד פון א וואָגען?
מיט דעם האסביידע מוזען געשמירט ווערן.

וואס איז דאס א לאָיער?
א געזעצליכער ליגנער און רויבער....

ווארום פארבען זיך פרויען?
ווייל מען זאָל ניט זעהן וויא זייא ווערען רויטה ווען זיי זאגען א ליעגען.

אין דער תורה שטעהט, אז ווען רבקה איז שוואנגער געוואָרען האבען זיך די קינדער אין בויך געשטויסען: ווען זיא איז פארביי געגאנגען א שול האט יעקב געוואָלט ארויסגעהן, און ווען זיא איז פארביי געגאנגען א קלויסטער האט עשיו געוואָלט ארויסגעהן; פרעגט מען א פראַגע: ווארום איז זיא גאָר ארומגעגאנגען, זיא האט דאך געקענט זיצען אין דער היים?
אנטוואָרט: וועלכע פרוי קען דאס איינזיצען אין דער היים?!

ווארום שטייט אין דער תורה דעם טראַבעל וואס אברהם אבינו האט גע־חאַט צו בעגראָבען זיין ווייב שרה?
צו צייגען לדורות, אז עס איז א מצוה צו בעגראָבען א ווייב.

ווארום האט אברהם אבינו געגעבען דיא מלאכים גאנצע צינגער, ער האט דאָך געקענט צושניידען איין צונג פאר אלע דרייען?
איבער דעם ווייטאג וואס ער האט געליטען פון זיין מילה האט ער שוין פערזאָנט א צעהנטען צו שניידען.

## שלמה המלך׳ס א חכמה.

זאָגט מיר, ווער פיהלט גליקליכער, א מאן וואס האט הונדערט־טויזענד דאלאר אדער א מאן וואס האט זיעבען טעכטער?
געוויס דער וואס האט זיעבען טעכטער! ווייל דער וואס האט הונדערט־טויזענד דאלאר, וויל ער נאך מעהר; און דער וואס האט זיעבען טעכטער, וויל שוין געוויס ניט מעהר.

## בירושה פון זיין מאמען.

— וויא קומט דאס, הערר שווארץ, איהר זייט שוין 40 יאהר און עס וואקסט אייך נאך קיין בארד?

שווארץ: דעם פעהלער האב איך בירושה פון מיין מוטער.

—o—

## א תשובה פון א פאליסמאן.

נאכפרעגער: קענסט דוא מיר ניט זאגען, וואו איז קארנער בראדווייא און קאנעל?

פאליסמאן דארטען אין קארנער שטעהט א פאליסמאן, וועט ער דיר שוין צייגען.

—o—

## ווער איז גערעכט?

מיסעס: פאן יעדען טאג ווערסט דוא אלץ ערגער.

דיענסטמעדכען: דער באס זאגט פערקעהרט, אז פון יעדען טאג ווער איך בעסער, איך וויים שוין ניט וועמען צו גלויבען.

—o—

## אט דאס איז דיא צרה.

ערסטער: ווארום ביזט דוא אזוי טרויעריג?

צווייטער: ווייל מיין ווייב האט ביי מיר גט געבעטען.

ערסטער: דאס זאגט זיא נור דיר צו שרעקען, אבער ווען עס וועט קוממען דאצו וועט זיא ניט נעהמען.

צווייטער: עבען, דארום בין איך דאך טרויעריג.

—o—

## ניט מיט אפעטיט.

דאקטאר: זאגט מיר, ליעבע פרוי, וואס האט אונזער פאציענט היינט צו מיטטאג גענעסען?

פרוי: איין שטיקכען טשיקען, הערר דאקטאר.

דאקטאר; מיט אפעטיט?

פרוי: ניין, מיט חריין.

—o—

### א מוזיקאלישער אנטוואָרט.

ביי א מוזיקאנט אין טהיר קלאפּט אן א מאן און פרעגט איהם:
קענט איהר מיר ניט זאגען וואו וואהנט דא מיסטער שווארץ?
מוזיקאנט: (פערטראַכט) מיט איין אָקטאַווע העכער.

—o—

### הכואי האלט שוין דערביי.

פרוי: איך בעט דיר, מיין מאן, ווען איך וועל שטארבען זאלסט דוא נעהמען מיין שוועסטער פאר א ווייב.
מאן: לאז נור שוין האלטען דערביי, וועל איך שוין וויסען, וואס איך האב צו טהאן.

—o—

### א פערטיגער דאקטאר.

פּראָפעסאר צו א סטודענט: וואס וואלט איהר נעטהאן דיא ערסטע זאך, ווען מען וואלט אייך נערופען צו געפעהרליכען קראנקען?
סטודענט: איך וואלט נעפרעגט אויב ער האט אנגעגרייט א דאלאר צו בעצאהלען פאר'ן וויזיט.

—o—

### איינצאהל און מעהרצאהל:

לעהרער: וואס איז דער מעהרצאהל פון א רוט?
שיללער: א בעזעם.

—o—

### עס פערדריסט איהם נענונ....

ריכטער: וויא קומט דאס, וואס דאס געלד האט איהר ניט נענומען, נור דיא לעדיגע ענוועלאָפּס?
אנגעקלאנטער: שיט מיר ניט קיין זאלץ אויף דיא וואונדען, העדר ריכטער, איך האב שוין דערפאר פון מיין ווייב א שווארצען סוף נעהאט.

—o—

### אין סטיישען הויז.

קעפּט'ן צו א שיכור: דעם וויעפיעלטען מאל ברעננט דיר שוין דיא שנאַפּס אהער?
שיכור: ניט דיא שנאַפּס, א פּאליסמאן האט מיר אהער געבראכט.

—o—

## מאינד יור און בזנעס.

ריכטער צום אנגעקלאגטען: דאס איז אונמענשליך, צו ווארפען א טעללער דיא ווייב אין געזיכט.

אנגעקלאגטער: הערר ריכטער, איהר קענט מיין ווייב.

ריכטער: ניין.

אנגעקלאגטער: דען דארפט איהר גאר ניט ריידען.

—o—

## זיא עסט איהם.

ריכטער; וויא שעהמסט דוא זיך דאס ניט, דוא שכורסט און דיין ווייב האט ניט וואס צו עססען?

אנגעקלאגטער; זיא גריזעט דאך מיר גאנצע טעג, איז זיא דען דערמיט ניט זאט?

—o—

## א גוטער מיטטעל.

פראָפעסאָר; וואס איז דער בעסטער מיטטעל צום שוויטצען?

סטודענט; מען זאל געהן צו אייך אויפ'ן עקזאמען.

—o—

## א שעהנע בעשעפטיגונג.

צוויי טרעמפס פאר דעם ריכטער.

ריכטער צום ערסטען; מיט וואס בעשעפטיגסט דוא זיך, וואס איז דיין ארביים?

גאר ניט, אנטווארט דער טרעמפ.

ריכטער צום צווייטען; און וואס טהוסט דו?

צווייטער; איך? איך העלף איהם.

—o—

## פון דיא אלטע דיענסט.

ווירטהין; (זעהנדיג א יונגען מאן אין קיך,) ווען איך האב דיר גענומען, האב איך דאך מיט דיר אבגעמאכט, דאס דוא זאלסט קיינע התנים היער ניט פיהרען?

דיענסטמעדכען: דאס איז גאר ניט מיין חתן, איך וויים ניט פון וואס צו זאגען. דאס האט געווים געמוזט איבערבלייבען פון דיא אלטע דיענסט.

—o—

### א שאָדען.

ווירטה ; (צו דיא דיענסטמעדכען אין א רעגענדינגען טאג.) וויא קומט דאס וואס דוא האסט מיר גראדע הייטע דיא צעררינסענע שטיוועל איינצושמוטצען.

דיענסטמעדכען : ווייל עס איז הייטע א גרויסער רעגען, און אין א רעגען איז איין עבירה דיא גאנצע שטיוועל איינצושמוטצען.

—o—

### פון קיך אין זאל.

ווירטהין ; איך האב דאך דיר אנגעזאגט דו זאלסט דיינע חתנים מעהר ביי מיר אין קיך ניט פיהרען !

דיענסטמעדכען ; גאנץ גוט, נעכסטען מאל וועל איך זיי שוין פיהרען אין זאל.

—o—

### גראמאטיק.

לעהרער ; (ביי'ן עקזאמען פון גראמאטיק) וויא איזט דער מעהרצאהל פון א גלעזעל ?

שילער ; א גאנצע פלאש.

—o—

### ער ווייס שוין פון לאנג.

לעהרער : דער מענש איז אויך א חיה, דאס האבען שוין דיא גרעסטע נאטור־פאָרשער דער וועלט ערקלערט.

שילער : איך ווייס שוין דאס פון לאנג. דער טאטע רופט מיר אלע מאל ווילדע חיה.

—o—

### היינטיגע צייטען.

ערסטער : געה אריין אין יענע כטאָר און נעהם א ראָק און ענטלויף.

צווייטער : וואס הייסט ? דער סטאָר קיפער וועט דאך מאבען א געוואלד ?

ערסטער : ברודער, וואס מען מאכט ניט מיט געוואלד דאס האט מען ניט.

—o—

### ריכטיג אמת.

ערסטער : איז דאס אמת וואס מען זאגט, אז דיין ווייב שטאמט פון א הויכען אָרט ?

צווייטער : דאס איז אמת ליעבער פריינד, ווייל זיא איז געבאָרען געוואָרען אויף א בוידעם.

—o—

## שוין צעהן מאל.

א.: איך ווייס גאר ניט וואס צו טהון, דער דאָקטאר האט מיר פערבאָטען צו רויכען און עס איז מיר זעהר שווער זיך אבצוגעוואָהנען.

ב.: דאס איז זעהר לייכט! איך האב זיך שוין צעהן מאל אבגעוואָהנט.

—o—

## ביזנעס בעפאָר פלעזשור.

ביי א מאן איז געשטאָרבען א פרוי. דעם טאג וואס מען האט איהר גע־דארפט מקבר זיין טרעפט איהם אָן א בעקאנטער ארומגעהענדיג אין ביזנעס:

„שטייטץ, וואס איז דאס? — פרעגט איהם דער צווייטער — אין אזא טאג און נאך פאר'ן מקבר זיין דיא פרוי."

„ווייסטו דען ניט דאס דער אמעריקאנער זאגט: ביזנעס בעפאָר פלעזשור", האט ער גערענטפערט.

—o—

## א גוטער איינפאל.

אין א טהעאטער איז פארגעקומען גרויסע סקאנדאלען וואס דיא דאמען האבען פערשטעלט מיט זייערע העטס דיא ביהנע און מען האט ניט געקענט זעהן. דער דירעקטאָר איז מיער געוואָרען ארבייטענדיג דעריבער און ניט געקענט העל־פען. צום ענדע איז איהם אריינגעפאלען א גליקליכער געדאנקען. ער האט אויס־געהאנגען אין טהעאטער אָפישעס: „דיא דאמען וועלכע זיינען עלטער פון 30 יאָהר קענען זיטצען אין העטס. אבער דיא וואס זיינען יינגער, מוזען ניט ארונטערנעמען דיא העטס." פון דאן אָן זיטצען אלע אָהן העטס.

—o—

## ער האט פראקטיקע.

יונגער מאן: וויא שעהמט איהר זיך דאס ניט צו געהן יעצט חתונה האבען? איהר זייט דאך שוין 70 יאהר אלט און איהר האט דאך שוין קיין צייהנער ניט.

אלטער מאן: איך הער דאס צום ערסטען מאל אז צו חתונה האבען דארף מען האבען צייהנער....

—o—




## Noah's Ark.

Passenger (outside) — "Is Noah's ark filled up already?"

Passenger (inside)—"You can come in. There is still missing one animal,—the pig."

## נח'ס תבה.

איין הערר (אויסער דער קאר) — איז נח'ס תבה שוין פולל נעפאַקט?

איין הערר (אין דיא קאר)—קומט אריין! עס פעהלט איין חיה— א חזיר! —



## He did all he could.

**Herrman**—"That was a terrible punch which I received from the loafer last night."

**Ignace**—"Well, did you let it pass "

**Herrman**—"Certainly not. I applied poultices all night."

## אַ רפואה צו אַ פּאַטש.

**הערמאַן**—וואָס זאָגסטו איגנאַץ וויא וויא דער לויפער האָט מיר געגעבען אזאַ פּאַטש?

**איגנאַץ**—נו, וואָס זשע האָסט דוא געטאהן? האָסט געשוויגען?

**הערמאַן**—ניין! איך האָב ניט געשוויגען. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט צוגעליינט קאָמפּרעסען.

## שבחים פון מצבות.

ארום נעהענדינג אויף א בית עולם האָט איינער זיך אָבגעשטעלט בייא א מצבה, ער האָט איבער געלייענט אללע שבחים וועלכע זיינען געוועזען אויפגעקריצט אויף׳ן שטיין און האָט אויס גערופען:

„ווען דער טויטער וואָלט אויף שטעהן און זעהן וואָס דאָ שטעהט, וואָלט ער מיינען אז ער איז אריין געקראָכען אין א פרעמדען קבר.“

## ער האָט זיך פערגעסען.

אן איירישמאַן און א נעגער האָבען צווישען זיך געהאַט א דיספוט ווענען דעם, ווער פון זייא קען אויס שטעהן מעהר קלעפּ. זייא האָבען אָבגעמאַכט, אז זייא זאָללען זיך „פּאַיטען“ און דער וואָס עס וועט זיך פיהלען, אז עס הויבען איהם אָן אויסצוגעהן דיא כחות זאָלל אויס שרייען „סאָפישענט.“ (גענוג). א לאַנגע צייט האָבען זייא איינער דעם אנדערן געבראָכען דיא ביינער. „סאָפּישענט!“ האָט ענד־ליך דער איירישמאַן אויס געשריען.

— דוא טייפעל! — האָט דער נעגער געזאָגט. — איך האָב דאָס געוואָלט אויס שרייען מיט א פערטיל שטונדע צוריק, נור איך האָב זיך ניט געקענט דערמאָנען דעם וואָרט.

## אַ כשר קינד.

צווייא לייטע זיינען געגאַנגען אין סטריט, און האָבען אָנגעטראָפען א בעקאַנ־טע דאַמע טראָגענדיג א קינד, האָט זיך איינער אָבגערופען צום אנדערן אַי וואָס פאַר א כשר קינד דאָס איז, יענער האָט ניכט פערשטאַנען וואָס ער מיינט מיט דעם „כשר קינד“. געהענדיג אביסעל ווייטער טרעפען זיא אָן א אידענע טראָגט א קאָרב מצה און זיין פריינד זאָגט אויך אַי וואָס פיר כשרה מצה דאָס איז, דאָ איז שוין יענער נייגיעריג געוואָרען און געפרעגט בייא איהם וואָס הייסט כשרה מצה?

— „פערשטעהסטו“ — האָט ער איהם געענטפערט עס זיינען געוועזען א פּולע העלפּער.

יעצט פערשטעה איך שוין וואָס דוא האָסט געמיינט מיט דעם כשר קינד.

## גוט אבגעטהאן.

רייזענדיג אויף אן אייזענבאהן איז א דייטשער פראפעססאר געזעסען נעגענ־איבער צווייא מיידלאך, וועלכע האבען נאכאנאנד זיך לוסטיג געמאכט איבער דעם געלעהרטען'ס אויסזעהן, זייא האבען געהאלטען אין איין לאכען און מאכען גרימאסען. דער פראפעססאר וועלכער איז גראדע קיין נאר ניכט געוועזען האט געדולדיג געווארט אויף א געלעגענהייט זיך נוקם צו זיין אן זייא, ענדליך האט דער באהן גענומען דורכגעהן דורך א טונעל און אזוי גיך וויא עס איז געווארען פינסטער האבען זיך געהערט אין וואגען צווייא קלינגענדע קוסען גראדע אין דעם ארט וואו דיא מיידלאך זיינען געזעסען, אזוי שנעל וויא עס איז ליכטיג געווארען האבען דיא אררמינע פאסאזשירען אנגעהויבען צו קוקען אויף דיא מיידלאך וועלכע זיינען געווארען רויט פאר שאנדע. זייא זיינען געזעסען דיא גאנצע צייט שטיל און האבען א ווארט ניט גערעדט. ביים ארויס שטייגען פונ'ם וואגאן האט זיך דער פראפעססאר צו זייא געווענדעט מיט פאלגענדע ווערטער: „מיינע דאמען, איך ווייס ניט, וועלכע פון אייך האט מיך געקוסט, אבער איך דאנק אייך הערצליך פיר דעם פערגניגען, וועלכען איהר האט מיר פערשאפט.“—דער אמת איז געוועזען, אז דער אלטער האט אין טונעל געקוסט זיין אייגענע האנד.

## ניט געטראפען דעם ארט.

ד א ק ט א ר: (צום קראנקען) דיעזע מעדיצין דארפט איהר נעהמען 3 מאל אין טאג נאכ'ן עסען.

ק ר א נ ק ע ר: עס איז מיר אונמעגליך!

ד א ק ט א ר: ווארום דענן?

ק ר א נ ק ע ר: נוער וועט מיר דרייא מאל אין טאג געבען צו עסען?

## א קלוגער אידעל.

א איד איז געגאנגען אין ווילנא צווישען דיא קראמען אין גלעזער גאס, דיא קרעמערקעס פון ביידע זייטען שרייען געוועהנליך אוים: — ר' איד, ר' איד! וואס דארפט איהר? דער איד שטעלט זיך אפ פערטראכט זיך און ענטפערט:

— וואס איך דארף? וואס קען איך דארפען?! כ'ווייס? צ ע ה ן רובעל א וואך......

## טרייסט טעלעגראַמע צו איין אלמנה.

א פרוי האָט א מאָל ערהאלטען דיעזע טעלעגראמע:

„גרויסער אונגליק. אייער מאן געטוידטעט אויף'ן באהן. קאָפּ אָבגעריסען פון „קערפּער, ביירע פיס צובראָכען און דער קליינער פינגער פון דיא רעכטע האנד „צוריבען אויף אש!!"

אויף מאָרגען האָט זיא ערהאלטען א צווייטע טעלעגראמע מיט דיזען נוסח: „דיא טעלעגראמע פון געסטערן איז ליידער געווען אביסעל איבערטריבען: דער „קליינער פינגער פון דיא רעכטע האנד איז גאנץ געבליבען."

## אַ בלאָף פון שיקאַגאָ.

— מיר האָבען יעטצט זאָלכע הויכע געביירעס אין נויאָרק—האָט זיך בעריהמט א נויאָרקער—אז עס איז אונמעגליך צו זעהן א שטיקעל הימעל דאָן־טאָן, און מיר האָבען שוין פערגעסען וויא דער הימעל זעהט אויס.

— בע, דאס איז גאָר ניט! — האָט איהם געענטפערט א בלאָפער פון שי־קאגאָ—בייא אונז האָבען מיר זאָלכע הויכע געביירעס אז ווען מען זאָל זיך אוועק שטעלען אויף'ן דאך, קען מען זעהר לייכט קיטצלען דיא מלאכים אין דיא פּאדעש־וועס.

---

בּענצע: אי וועה, איך זעה דאָרט א לויה. זאָגט מיר ציפּע־צירל, ווער איז געשטאָרבען ביי אונז אין ריטעווע! איך קום איצטער פון פּלונגיאן פון יריד.

ציפּע־צירל: זרח דער פארבער איז געשטאָרבען, אזא טהייערער איד.

בּענצע: ברוך דיין אמת, איז ער לאנג קראנק געווען?

ציפּע־צירל: איך וויים ניט אויב ער איז קראנק געווען, איך וויים אויך ניט אויב ער איז געשטאָרבען. איך האָב פון קיינעם ניט געהערט וויא אזוי זרח איז געשטאָרבען. נור פון וואנען וויים איך עס? ווייל זרח דער פארבער געהט שטענדיג נאָך ביי יעדער לויה, און איצטיגען מאָל זעה איך איהם ניט, רעכין איך אז דאָס מוז זיין זרח'ס אייגענע לויה.

---

## ער האט מורא....

א שדכן איז א מאל געקומען צו א אונציכטיגען אפגעלאזענעם ישיבה בחור אום איהם צו פיהרען זעהן דיא כלה, וועלכע ער האט איהם געשדכנ׳ט. ער האט אויפגעפאדערט דעם בחור ער זאלל זיך ארומוואשען, ארומקראצען, ארומרייניגען און זאל אויסזעהען א קאפעלע לייטישער, איידער ער געהט זעהן דיא כלה. דער ישיבה בחור איז דערמיט ניט זעהר צופריעדען געוועזען. זיין איינווענדונג געגען דאס פערלאנגען פון שדכן איז געוועזען אזוי:

דאס איז אלץ גוט ווען מיר וועלען זיך איינער דעם אנדערן געפעללען און עס וועט למזל ווערען א שידוך; טאמער אבער חס ושלום ניט, וועל איך מיך האבען אומזיסט ארומגעוואשען און אויס:עפרודשעט.

אלעם וואס דער שדכן האט דארויף געקענט ענטפערן, איז געווען: מיין קינד, אויב דוא ווילסט געהן זוכען א כלה מוזטו שוין ריזיקירען דעם פארך!

## געביטען אַ זכות.

א היינט וועלטיגער יונגער מאן איז געקומען צו א פרומען אידען וואס האט כל ימיו געפאסט הפסקות מאנטאג און דאנערשטאג, און האט פון איהם פערלאנגט ער זאלל איהם פערקויפען דעם זכות פון איין מאנטאג. אויפ׳ן ערשטען אויגענבליק האט דער פרומער איד צוריק געוויעזען פון זיך אזא אנביעטונג מיט דער גרעסטער רוגזה. דיא חוצפה צו וועלען קויפען פון איהם זיין זכות! אבער דער היינטוועלטיגער האט איהם איינגערעדט אז ער האט א זעלכע זכיות גענוג, און בסך הכל וויל ער קויפען איין מאנטאג, און ער וועט איהם בעצאהלען דעם פולען ווערטה דערפון, איז דער ירא שמים ענדליך מרוצה געווארען.

זוען עס איז געקומען צום סאמע אפמאך האט דער קויפער ארויסגעזאגט, אז ער דענקט ניט צו געבען קיין מזומנים, נאר שוה כסף. נאך פיעל ריידען איז דער פערקויפער שוין דארויף איינגעגאנגען. צום אללעם סוף, ווען אללעס איז שוין געוועזען פארטיג, האט דער אפיקורס ארויסגעזאגט, אז פאר דעם זכות פון מאנטאג וויל ער דעם פרומען אידען געבען דעם זכות פון א „גרין דאנערסטאג" וואס ער האט ביליג אבגעקויפט פון א פרומען דייטש. גאטירליך איז פון דעם מסחר ניט געווארען.

---

## אַ קלוגע קאָפּ גיט זיך אַן עצה.

א צייט צוריק איז אין דעם סטייט מאססאטשוזעטס געווען פערבאָטען פון שטארקע געטרענקע צו פערקויפען ווענינער אלס 28 גאללאָן. מען האָט אבער גע־פונען א מיטעל, וויא אזוי אויסצומיידען דאָס געזעץ. דער קויפער איז געקומען אין א געשעפט און האָט פערלאנגט א גאללאָן וויסקי. — „אונמעגליך," האָט געזאָגט דער קויפמאן, „איך קען אייך ווענינער אלס 28 גאללאָן ניט פערקויפען." — „דאָ, קויף איך 29, און פערקויף 28 צוריק." — „גוט!" — מען האָט אזוי געקויפט און פער־פערקויפט פוןביידע זייטען. און דער ערשטער קונה האָט לסוף געהאט זיין גאל־לאָן שנאפס אויפ'ן געזעצליכען וועג, ווייל פון ביידע זייטען איז דער פערקויף ניט געווען אונטער 28 גאללאָן, וויא דאס געזעץ האט געפאָדערט.

## אַ בלאָף קורץ און שאַרף.

א מאָל האט מען איינעם געבעטען ער זאל אָבדערצעהלען א לינגען קורץ און שארף. האט ער דערצעהלט בזה הלשון: אז שבועות צום סדר בעת ער איז געזעסען אין סוכה און געזאָגט קינות זיינען אריין פורים־שפילער און האָבען מיט דיא שופרות פערלאָשען דיא חנוכה ליכטלעך.

## מיין תפלה.

(עפּיגראַם.)

בעהיט מיך, גאָט גערעכטער, פון צוויי גימל'ען—
פון גאָט'ס גנבים מיט דיא ווייסע שניפּסען,
און אויך פון דלת'ען, א הערר פון אלע הימלען,
פון דומע דראמעס נאָכגעקרימט נאָך איבסען.
און אויב דוא ווילסט נאָר, טאַטע, זיך בעמיהען:
בעהיט מיך פון צוויי פּא'ען: פּוסטע פּאָעזי'ען.
און אויב איך האָב ביי דיר נאָר חן געפונען,
טאָ היט מיך, גאָטעניו, פאר דיא צוויי נונ'ען:
פאר נייע נגידים, וואס נעהט זיי וויא פון ברונען.
דערפאר וועט דאנקען, לויבען דיך א א י ד א דלפון,
איך אַלטער אַביון מיט צוויי גרייליך גרויסע אלף'ען.

(אַ. מ. שאַרקאַנסקי. אין פּ. ק.)

## ריינע מילך.

קאסטימעריןן (צום מילך מאן).—אהא, גנב! אַט האב איך אייך געכאפּט וויא איהר מישט אריין וואסער אין דיא מילך. שעהמט אייך, שעהמט אייך!

מילך מאַן.—ווער מישט? וואָס ווילט איהר? איך וואש בלויז אויס דיא מילך, וואָס דען מיינט איהר — איך וועל פערקויפען מיינע קאַסטימער שמוציגע מילך?

## ער מיינט עטוואס אנדערש.

מוטער.—זעה נור מיין ליעבער מאן וויא אונזער דזשייקעל האט דיך ליעב. ער ליינט צוזאמען דיינע אבגעשאָרענע האָר און בעהאלט עס.

פאטער.—דזשייקעלע! וואצו בעהאלסטו מיינע האָר?

דזשייקעל.—פּאפּוניו, איך וויל דערפון מאכען איין עק צו מיין פערדעלע.

## קיינעם געפעלט ניט.

ראזא.—ווארום האסטו ניט חתונה מיט פימסענהאָלץ'ן?

עננִי.—מיין מוטער געפעלט ניט זיין משפחה, מיין פאטער געפעלט ניט זיין ביזנעס און מיר זיין תאראקטער—אויסער דעם וויל ער מיך ניט.

## זיי ווייסען ביידע וואס זיי ריידען.

בערל.—איך זאג אז דיא בלאָנדע פרויען זיינען דיא ערגסטע אויף דער וועלט.

שמערל.—און איך זאג, אז דיא ברונעטקעס זיינען דיא ערגסטע.

בערל.—אז איך זאג, מסתמא ווייס איך וואס איך זאג! מיין פרוי איז א בלאָנדע.

שמערל.—און איך ווייס אויך וואס איך זאג—מיין פרוי איז א ברונעטקע.

## ס'איז א לעבען פאר דיא כלבים.

איין אסטראָנאָם זאגט אז מארס האט דרייא לבנות. עס איז א נוטער נע־שעפט פאר דיא מארס'ער הינד וואס קענען ביללען אויף גאנצע דרייא לבנות

---

## צעהן טויזענד דאלאר בעלאהנונג!

צו דעמיעניגען וואס וועט ערפינדען א שלאס פאר א ווייבערשען מויל.

---

## שיפס אונגליק.

שמערל.—אך, מיין גאט! ווידער א שיפס אונגליק!

בערל.—וואס איז? ווידער אונטערגעגאנגען א שיף?

שמערל.—ניין, דיא שיף איז נים אונטערגעגאנגען, מים איהר איז מיין פרוי אנגעקומען.

---

## רחמנות אויף א יתום.

ריכטער.—איהר זייט בעשולדיגט דאס איהר האט ערמאָרדעט אייער פאטער און מוטער. וואס האט איהר צו זאגען אום אייער פערטהיידינונג?

אנגעקלאגטער.—גאר נישט, הערר ריכטער, איך האף נאָר אז איהר וועט אויף מיר רחמנות האבען ווייל איך בין יעצט געבליבען א יתום

---

## עס האט ניט געהאלפען.

בעטלער.—שיינקט מיר א נדבה, איך בין הונגעריג.

קארגער.—ארבייטען נעה, דוא פוילענצער, וועסט ניט דארפען הונגערן.

בעטלער.—איך בין טאקע געגאנגען ארבייטען, בין איך נאך הונגעריגער גע־וואָרען.

---

## ניט דעם ראק'ס משרת.

זרח.— וואס פוצסטו ניט אב דיין ראָק?

ברוך.— וואס בין איך אויף איהם? א משרת?

———

## פירוש המילות פון א בעל העגלה.

— וואס איז דער טייטש פון „ותמגר"— האט מען געפרעגט א בעל העגלה.

— איך וויס? — האט ער געזאגט קוועטשענדיג מיט דיא פלייצעס — פערשטעהן פערשטעהע איך, אז וויא באלד „ותעקר" איז צורייסען און „ותשבר" איז צוברעכען איז „ותמגר" אויך קיין פעטער ביסען. עס מוז עפּעס זיין רייסען, בייסען, שטעכען, ברעכען, צופען, פליקען אָדער עהנליכעס.

———

## אונפערצייהליך.

א יונגע ווייבעל וואס איז אנטלאָפען פון מאן מיט א באָרדער האט זיך צוריקגעקעהרט און איז געפאלען דעם מאן אויף'ן האלז מיט דיא ווערטער:

— לעבען מיינער! פערצייהע מיר! זעה, איך בין צוריק געקומען, איך בין ווידער דאָ.

— דאס קען איך שוין ניט פערצייהען!— וואר דיא קורצע אנטוואָרט.

———

## ער מוז שוין גלויבען.

הערר.— וויא אלט זינד זיא?

דאמע.— צוואנציג יאהר. גלויבען זיא מיר פילייכט ניט?

הערר.— אָה איך מוז עס גלויבען! איך הער עס פון איהנען שוין זייט צעהן יאהר!

———

## אנדערש קען ניט זיין.

ווען איהר לעזט אין איין אלטען ספר וועגען א פרומען מאן וואס האט אויף קיינע שעהנע פרויענצימער געקוקט, קיין לוסטיגען געזאנג געהערט און קיין נבול פה גערעדט, זאָלט איהר וויסען אז דער מאן איז געוועזען טויב, שטום און בלינד.

———



## His last card,

**Moses** (dying)—"Rachel, darling, put on your silk dress and all your jewelry, quick."

**achel**—"Why, what good will it do you in your present condition?

**Moses**—"I expect the Angel of Death to be here soon."

**Rachel**—"Great heavens. What then?"

**Moses**—"May be yon will please him better when you will be all dressed up, and he will take you instead of me.

## אַ וואונש פאַר דעם טוידט.

**משהלע** (שטערבענד)—נעכע, מיין הערץ מיין קרוין! טהו אן דיין זיידען קלייד, דיינע פעריל, דיין צירונג!

**נעכע**—אָבער צו וואָס דאַרפסטו דאס? און גראדע יעצט ווען דוא ביסט גוסס?

**משהלע**—ווייל דער מלאך המות דאַרף באַלד קומען!

**נעכע**—וועה איז מיר איז וואָס?

**משהלע**—אַז דוא וועסט זיין אויסגע־פוצט וועסטו פילייכט בייא איהם מעהר נושא חן זיין און ער וועט דיך בעסער נעהמען איידער מיך.

## טאקע א שאד.

יאקעל.—דוא האסט דיין ווייב ווידער געשיקט אין דיא בעדער?

יעקעל (זיפצענד).—יא.

יאקעל.—וואס זשע זיפצסטו אזוי?

יעקעל.—נארעלע! פאר דעם געלד וואס איך גיב אויסצופעררינכטען דעם אלטען שטיק מעבעל האב איך געקענט האבען צוויי נייע.

---

## א קלאפ פערגעהט און א ווארט בעשטעהט.

אום פורים ביי דער מגילה לייענען, ווען דער עולם האט געקלאפט המן'ען, איז א שניידערשער יונג אויפגעשטאנען פון זיין פלאץ און האט געמאכט א כפל שמונה'דינען רוסישען „מי שברך."—„וואס איז דאס?" האט דער עולם געפרעגט ערשראקען. „א קלאפ פערגעהט און א ווארט בעשטעהט" האט זיי דער קלוגער יונג געענטפערט.

---

## מיטלייד.

מיסעס.—וואס וויינט איהר?

בארדער.—איך בעוויין דעם אקס, וועלכען מען האט געקוילעט איבער אזא קליין שטיקעלע פלייש וואס איהר האט מיר געגעבען.

---

## דיא קונסט פון אדווערטייזען.

דרייא שניידער האבען געוואוינט אין איין גאס. יעדערער האט זיך געלאזט אדווערטייזען אויף איין אנדער ארט.

דער ערשטער אלס „דער בעסטער אין דער מדינה."

דער צווייטער אלס דער „בעסטער אין דער וועלט."

וואס זאל שוין דער דריטער טאהן? ער האט גענומען און אויפגעשריעבען: „דער בעסטער אין גאס.

## איין אנצוהערענעם מיט צוויי בעדייטונגען.

דאקטאר.—(צו איין אלטער מויד) פאר אייך גיעבט עס נור איין רעצעפט— איהר מוזט הייראטהען.

פאצ'ענטין.—זיים איהר נאך א בחור?

דאקטאר.—איהר דארפט וויסען, פריילין, אז מיר ערצטע פערשרייבען נור רע־צעפטען אז אנדערע זאָלען איינגעהמען.

---

## דיא ריכטיגע מעדיצין.

פאציענט.—הערר דאָקטאָר! איך בין שוואך אויף דיא פיס. וואס זאל איך דערצו נעהמען?

דאקטאר.—דיא קאר.

---

## ער לאזט זיך ניט אבנארען.

ליידי (צו א בלינדען בעטלער).—היער, ארעמער מאן, דא האסטו א צעהן סענט שטיק, גיעב מיר פינף סענט טשענז.

בלינדער בעטלער.—איך קען עס ניט אננעהמען, מעדעם, עס איז א קענעדער 10 סענט שטיק.

---

## אה, אונגליקליכער!....

מר. קבצן'זאהן איז דער אונגליקליכסטער מאן אין דער וועלט. זיין ערשטע געליעבטע איז איהם געשטאָרבען, דיא צווייטע איז איהם אונטריי געוואָרען און מיט דער דריטער האט ער געמוזט חתונה האבען.

---

## גלייכע מענשען.

שואל.—ווארום איז א מילך מאן געגליכען צו א מאטראָז?

משיב.—וויל ביידע מאכען א לעבען פון וואסער.

---

דיא געשיקטעסטע אייד־גליטשערס געפינען זיך אין האָללאנד, אָן אפריקאַ־נער געזאנדטער, וועלכער האָט אין דיזען לאנד צום ערסטען מאָל געזעהען, וויא מען גליטשט זיך אויפ׳ן אייז, האָט געשריעבען צו זיין קעניג: „אין האָללאנד ווערט ווינטער דאָס וואסער בעצווינגען מיט א גלעזערנעם קובען, אויף וועלכען מען לויפט הערום אין שיך מיר צוגעבונדענע מעסער.“

## דיא עדעל - שטיינער.

א רייכער בינעזער האָט שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ער האָט געטראָגען א בנד בעזעצט מיט טהייערע עדעל־שטיינער. אַן אלטער אָרימער באָנצע (בינעזישער פרוש) האָט איהם בעגעגענט אויפ׳ן גאס, האָט זיך אָבגעשטעלט פאר איהם, האָט איהם בעקוקט פון קאָפּ ביז דיא פיס, האָט זיך דאן געבוקט צו דער ערד און האָט איהם זעהר שטארק געדאנקט פיר זיינע עדעל־שטיינער. „מיין פריינד,“ האָט געזאָגט דער רייכער, „איך האָב דיר קיינמאָל קיין עדעל־שטיינער ניט געגעבען.“— „געוויס ניט,“ האָט געענטפערט דער באָנצע; „אָבער איהר האָט מיר געגעבען דיא מעגליכקייט זיי צו זעהן, און מעהר וויא דיזען גענוס פון זיי האָט איהר אליין דאָך אויך ניט. צווישען אונז ביידען איז נאָר דער אונטערשיעד, דאָס איהר האָט דיא מיהע זיי צו טראָגען און צו היטען, ווערהענד איך בין פון דיזע אַר־בייטען פריי.“

## אַ פיינער איינפאַל.

א נאר האָט געוואָלט וויסען, וויא ער זעהט אויס ווען ער שלאָפט, ער האָט זיך געזעצט פאר׳ן שפּיעגעל און צוגעמאכט דיא אויגען.

## געוואָלט זיך איבערצייגען.

אַן אלטער מאַן האָט געהערט, דאס א קראָה לעבט 200 יאָהר; האָט ער געקויפט א קראָה 1 יאָהר אלט, אום צו זעהן אויב דאָס איז אמת.

## דער שטומער.

א שטומער איז געזעסען ביי׳ן וועג און געבעטעלט. איינינע פארבייגעהער האָבען איהם געפרעגט, וואָס איהם פעהלט? „אך,“ האָט געזאָגט דער בעט־לער, „איך קען ניט רעדען.“

---

# אבגינארט דיא פאסט.

פאטער (צו זיין קליינעם זאהן)—סיי, טשארלי, דא האסטו א בריעף מיט 2 סענט. געה אין פאָסט אפיס, קויף א סטעמפ און ווארף עס דארט אריין.

זאהן. (15 מינוטען שפעטער קומענדיג פון פאָסט אָפיס).—ששש..... פא־פא! איך האב איהם אנגעפייפט, דעם פאָסטמייסטער! הא!—הא!—הא! ער האט זיך פארקוקט אן א זייט, האב איך גענומען דעם בריעף און אריינגעוואָרפען אָהן א סטעמפ.

---

# א פריינד אין נויטה.

בערל.—בארג מיר הונדערט דאלאר אויף א פאָר וואָכען. איך קען עס אפילו קריגען ביי טאָדרעסען נאָר דער חזיר פערלאנגט פון מיר 5 דאלאר פראָצענט.

שמערל.—נא דיר 5 דאלאר און געה בארג ביי איהם דיא הונדערט.

---

# דיא שעהנע אקטריסע.

זרח.—זעהסט יענע אקטריסע? ררייי מענער האבען זיך איבער איהר דאס לעבען גענומען.

ברוך.—זיי האבען זיך אין איהר געליעבט?

זרח.—ניין! זיי האבען מיט איהר חתונה געהאט.

---

# א גרויסער געפאהר.

קאססיר.—הערר באנקיער! גנבים האבען היינט ביי נאכט דעם אייזערנעם סייף צוגע'גנב'עט.

באנקיער.—מיין גאט! ווען דיא גנבים וועלען דעם סייף אויפברעכען און גאר נישט געפינען דאן איז אונזער קרעדיט פערלארען.

## עס קומט איהר אזוי.

מוסטאפא פאשא, דער טירקישער קאָנסול אין בערלין פלעגט יעדען מאהל ווען ער פלעגט האָבען געסט בייא זיך אין הויז אויסטהיילען מיט זיינע אייגענע הענד צו אַלע אנוועזענדע דאמען קליינע קעסטעלאך מיט באָנבאָנס (קענדי). איין דאמע האט ער געמאכט איין אויסנאהמע און איהר געגעבען גאנצע דרייא קעסט־לאך. ווען מען האט איהם געפרעגט דיא אורזאכע, האט ער געזאגט: „דאס איז ניט וועיל דיעזע דאמע איז שעהנער פון דיא אלע אנדערע, נור ווייל דיעזע דאמע האט זעהר א גרויסען מויל.

## איין ארבייטער פראגע.

לעהרער.—ווען איין מענש קען אבטאָהן א געוויסע ארבייט אין 5 טעג און דער צווייטער קען עס אָבטאָהן אין 3, היינט אין וויפיעל צייט קען מען דיא אר־בייט מאכען ווען זיי זאלען ביידע ארבייטען צוזאמען?

שיללער.—איך וויים ניט. איך בין ווענינ בעקאנט מיט דער ארבייטער פראגע.

## נעטראפען!

פראפעסאר.—קענט איהר מיר ניט זאגען וואס ענטהאלט אין זיך דאס וואסער פון ים אויסער דעם סאָדיום כלאָריד וועגען וועלכען מיר האבען געשפראָכען?

איינער פון דיא שיללער.—פיש!

## דער אונטערשיעד.

עס איז איין אונטערשיעד צווישען גליק און פערשטאנד. דער וואס האלט זיך פאר דעם גליקליכסטען איזווירקליך גליקליך; דער וואס האלט זיך אָבער פאר דעם קלינסטען איז ווירקליך דער גרעסטער נאר.

## איהם שטעהט ניט אן.

א קינד איז געקומען פון דער שוללע און האט געזאגט צו זיין פאטער:
— ווייסטו פּאפּא, דער לעהרער האט געזאגט אז מיר אלע שטאמען פון אפּפען.
— דוא מיט דיין לעהרער פיליכט יא, אבער ניט איך!

---

## איין אויסצוג פון א בריעף.

„ליעבער פריינד, איך צווייפעל אויב דער בריעף וועט דיר אנקומען. איך „האָב דיין אדרעסע פערלאָרען און געדענק עס ניט גענוי. ווען דוא ערהאלסט מיין „בריעף שיק מיר דיין אדרעסע.“

---

## וויכטיג פיר העברעער.

שואל.—אז א דאָקטאָר מעדיצין הייסט אין העברעאיש „רופא חולים“— היינט וויא הייסט א ד א ק ט א ר ר ע ו ו ר ע נ ד?

יחיאל.—מ ת י ר א ס ו ר י ם—ווייל ער איז מתיר דאס וואס עס איז אסור.

---

## ער וויל איהם ניט רעספּעקטירען.

מוטער.—האָב רעספּעקט פאר דיעזען מאַן! ער איז דיין גראָספאטער—האב רעספּעקט פאר זיינע גרויע האָר!

זאהן.—ער איז דאך אבער א פּליכעוואטער.

---

## א גוטער מענש.

קאסטומער (צום קעלנער): הערר קעלנער, איך האב דא אין רעסטאָראַן פערלאָרען א צעהן סענט שטיק. ווען איהר געפינט עס זאָלט איהר עס מיר איבערגעבען דעם צווייטען מאהל ווען איך וועל דא זיין, ווען ניט קענט איהר עס האַלטען.

## פון ווערטערבוך.

חיים: גוואלד ברודער, וואס טהוט מען, איך האב אזא פראסטע ווייב, וואס שילט מיך מיט דיא שענדליכסטע קללות?

אפרים: ביי מיר ברודער איז נאך ערגער, איך האב א געבילדעטע ווייב שילט זיא מיך אויף פראנצויזיש, און איך מוז דיא בעדייטונג פון יעדער קללה זוכען אין א ווערטערבוך.

—o—

## א שעהנע נדבה.

א קארגער גביר, א פראצענטניק, איז אמאל געפאהרען פון ווילנא אויף יאהרצייט אין א קליין שטעטעל, וואו זיין טאטע איז געשטארבען. דער יאהרצייט איז געפאלען אויסגעפאלען אויף שבת צו נאכט. האט ער אנגעזאגט דעם שמש ער זאל שטעלען א ליכט צום יאהרצייט. דער שמש, זעהר א פערטראכטער, האט זיך פערגעסען און אנגעצונדען דיא ליכט פרייטאג צו נאכט. דאס האט דעם פראצענטניק זעהר פערדראסען. ווען מען האט איהם אויפגערופען אי׳ן עליה און דער שמש האט אונטערגערוקט זיין אויער ער זאל איהם אריינשושקען וויפיעל ער איז מנדב אויפ׳ן שול האט דער עולם אויסגעשטעלט מ׳יל און אויערן, מען האט זיך געריכט אויף א גרויסע נדבה. דער פראצענטניק האט קאלטבליטיג א קוק געטאן אויפ׳ן עולם און געזאגט אין דער הויך: איך בין מנדב דיא אש פון דיא אויסגע־ברענטע יאהרצייט ליכט.

—o—

ביי דעם זעלבען פראצענטניק איז איינמאל געקומען זיינער א גוטער פריינד לייען א גמילות חסד אויף א פאר טעג.

דער גביר האט א ווייל געטראכט און געזאגט: קענסטו פועל׳ן בייא זיך צו בעטען א פוהרמאן ער זאל דיר אונטערפיהרען אומזיסט?....

—o—

## א בלאף.

אייק: דוא ווייסט מייק אז נעכטען האט דער אידישער אלדערמען גע־סטאפט דיא קאנעל סטריט קאר?

מייק: וואס איז דער מעהר?

אייק: ער האט געוואלט ארויפגעהן.



# אפאריזמען.

דער מענש וואס זוכט לייכטע ארבייט, נעהמט זעהר מיעד צו בעט.

דיא פעדער איז דיא נעפערליכסטע וואפע דער וועלט, ווייל מיט איהר קען מען פאר טויזענדע מיילען טויטען.

דיא וואהרהייט איז זעהר שווער, דאריבער האט זיא גאנץ וועניג טרעגער.

שענק אוועק דיין געלד, אבער פערלייה עס ניט ; געשענקע שאפט נור אונ־דאנקבארקייט ; פערליהענע שאפט פיינד.

דיא גרעסטע קונסט פון א דאקטאר איז דיא, ווען ער מאכט אז דער קראנקער זאל איהם ניט דארפען האבען.

אלטע ליעבע ראסטעט ניט, זאגט איין אלטעס שפריכווארט, אבער נור ווען זיא איז גוט פערגאלדעט.

נעגנען א שוואכען אפעטיט איז דיא ארמוט דער בעסטער מיטעל.

מיר טאדלען אין דעם צווייטען נור דיא פעהלער וואס ברענגען אונז קיין נוטצען.

עס איז מערקווירדיג דאס דיא קאר לויפט נור שנעל דאן, ווען מען וויל אויף איהר ארויפשפרינגען.

דער מענש וואס האט מורא פאר ליכט שרעקט זיך פאר זיין אייגענעם שאטען.

דיא לייכטע זאך פאר א נארר איז צו ציינען וויא דום ער איז.

קיין פייער ברענט ניט אזוי שטארק, וויא דיא נייגיערינקייט פון א פרויען־צוממער.

דער צונג איז געפעהרליכער אלס דיא גרעסטע קאנאנען דער וועלט.

דער געפערליכסטער ליגען איז דער וואס זעהט אוים וויא איין אמת.

ניט דיא גרויסע פערדיענסטען מאכען רייך, נור דיא קליינע אויסגאבען.

דיא ליעבע פערציייהעט ענטוועדער גאר נישט אדער אלעס.

אייפערזיכטיגע פייניגען זעהר פיעל זייערע מיטמענשען, אבער זיך אליין בע־דייטענד מעהר.

דער געפעהרליכסטער מעטאל איז שטאהל, פון איהם ווערט געמאכט וואפפען און שרייב־פעדער.

איין אונגליקליכע סעקונדע איז אין לעבען פיעל לענגער אלס איין גליק־ליכע שטונדע.

ווען א פרויענצימער זאגט דאס זיא גלויבט ניט אין ליעבע, מיינט זיא גאר אהן חכמות אז זיא וויל חתונה האבען אפילו אהן ליעבע.

גאלד פרובירט מען מיט פייער, א פרויענצימער מיט גאלד.

פריינדשאפט קען מען מיט קליינע מתנות ערווערבען.

דיא זעלטענסטע טרייהייט איז דיא, וועלכע דער מענש האט צו זיך אליין.

צו ערוואַרעמען דאס הערץ פון א מענשען איז דער בעסטער מיטעל דאס קאלטע גאלד.

עס איז מערקווירדיג דאס דער ארעסטאנט, וועלכער איז בערויבט פון דיא פרייהייט געניעסט פון דיא פרייע צייט מעהר וויא דער פרייער.

עס געהט אריבער א קעלט איבער׳ן לייב, ווען מען עראינערט זיך וועגען דיא גרויסע היטצען פון זומער.

דער פוטץ, דיא מאָדעס, דאס איז דיא וואפען פון פרויענצימער; דאריבער ווען א פרויענצימער ניט זיך אונטער, נעהמט זיא ארונטער דיא וואפען.

דו זאלסט ניט מיינען, דאס דיא ווייב וועלכע דער מאן טראגט איהר ארום אויף דיא הענד צורייסט קיין שיך ניט.

פיעלע מענשען וואלטען מיט פערגעניגען זיך לאזען אבהאקען דעם פינגער אויף וועלכען זיי טראגען דעם קדושין־רינג, נור פון דעם רינג בעפרייט צו ווערען.

עס איז מערקווירדיג, אין א קריעג פערליערען דיא העלדען זייער לעבען און דיא זיגעס־קרענצע בעקומען נור דיא פאָלענצער וועלכע האבען נור דיא מיה פון דיא שפייכלער געטריעבען.

א'ן ענאָאיסט איז אימער צופריעדען צו זעהן וויא מענשען מאַכען פעהלערן. ווער עס פערשטעהט ניט צו אונטערשיידען פון מיינע און דיינע, דער איז א גנב.

דוא זאלסט קיין מאָל ניט טהון יענעם דאס, וואס דוא ווילסט ניט מען זאל דיר טהון.

האט מען א שעהנע ווייב, איז דער מאַן ניט זיכער אז א פרעמדער וועט איהר ניט קוסען. ער איז נור זיכער אז קיינער וועט איהר ניט אנריהרען ווען זי'א איז א מיאוסע; אבער איןביידע פעלע איז דער מאַן אויף צרות.

דוא זאלסט קיינמאל קיין שלעכטעס ניט געדיינקען. — נעהם א ביישפיעל פון הבל; אבגלייך זיין ברודער קין האט איהם געהרגעט, דעננאך האט ער עס איהם צוריק ניט אבגעטהון.



# זעהר זעלטען צו טרעפען.

אז א גרינער זאל ניט שילטען קאָלומבוס׳ן,

א חעסטער סטריט פישער וואס קען ניט שילטען,

א פּאָליטישען וואָס זאָל סוף כל סוף ניט געהן אין דיא הייזער,

א באָלל־פּלייער אָהן צובראָכענע ריפּען,

א ספּאָרט וואס געהט אין גאנצע שטיוועל,

א אידישער ביזנעס מאַן וואס ברענט ניט,

א יונגע ווייבעל פון איין אלטען מאַן וואס האט ניט קיין קאָזין,

א דאָקטאָר וואס ווערט ניט בייז ווען מען רופט נאך איהם א צווייטען,

אז מען זאָל קומען גאנץ פון א היגען האָספּיטאַל.

א קאָרטען שפּיעלער וואס וויל זיך ניט אבגעוויינען,

אז דער וואס באַנקראָטירט זאָל ניט פערגרעסערן זיין ביזנעס,

א ווייב וואס גיט אב רעסטע פון א דאלער,

א נשרף וואס זאל ניט אב בויען א גרעסערע הויז,

א ווייב זאל זיך ניט בערימען פאר איהר מאַן וואס פאר א בריה זיא איז.

א פּרויענצימער וואס קוקט ניט אין שפּיעגעל.

א מחותן וואס זאל אבגעבען דיא טאָכטער נדן נאך דער חתונה,

א פרויענצימער וואס זאל ניט מקנא זיין דיא צווייטע וואס טראָגט א נייע קלייד.

א ליעבע וואס מען זאל זיך ניט ברעכען דיא ביינער נאך דער חתונה,

א קהלישער פיהרער וואס שפּאָרט ניט אָב אפּאָאר טויזענד דאלער,

א אידישער צייטונג וואס זאָל אויסלעבען א פּאָאר יאהר,

א בעל תפלה וואס זאל ניט הייזעריג ווערען פאר כל נדרי.

א ניויאָרקער בעאַמטער וואס נעהמט קיין חאבאר,

א באָס, ניט קיין עקספּלאָטאטאָר,

א רב וואס האט פיינט געלד,

א נט וואס זאל ניט פסול ווערען,

א פּיטער אהן בלויע אויגען,

א מאַן וואס וויל ניט פּטור ווערן פון זיין ווייב,

א ווייב וואס שילט ניט דעם מאַן,

א „פינישערין“ וואס האט ניט א פּאָר „פעהלערס“,

א דאַמע אָהן שוואכע נערוועז,

א דזאָדזש א בעל רחמים,

א לאָיער א בעל יושר.

א מאַרטש אָהן לויפערס,

א שידוך אָהן קריעג,

א סאָסייעטי אָהן געשלעג,

א באָרדער אָהן ליעבע,

א פּאָליסמאַן וואס האט קיין שנאַפּס ליעב.



# שפריכווערטער.

מען מוז לעבען וויא מען קען אבער ניט וויא מען וויל.

דוא וועסט גיכער קומען ווען דוא וועסט לאנגזאמער פֿאָהרען.

טאדעל ניט דעם שפּיעגעל ווען דיין געזיכט איז קרום.

שפּיי ניט אין ברונען, עס קען דיר נאך אויסקומען דיא וואסער צו טרינקען.

פערקויף ניט דיא פעל פון דעם בעער וועלכער איז אין וואלד.

שמיעד דעם אייזען זאָלאנג ער איז הייס.

א געשאָנקענעם פערד קוקט מען ניט אין דיא ציינער.

וויא מען בעט זיך אוים אזוי שלאָפט מען.

זאָג ניט האָפּ איידער דוא ביסט אריבערגעשפּרונגען.

ריהם זיך ניט מיט דיינע קרעפטען בעפאָר דוא געהסט צום פאַיט.

ווען מען האקט האָלץ פליהען שפּענער.

ווען דוא ליעבסט זיך צו גליטשען, מוסטו ליעבען דעם שליטען צו פיהרען.

וויא מען נעהמט זיך פיהר אזוי העלפט גאָט.

אין א'ן אונגליק מוז מען האבען גליק.

נעה ניט אין וואלד ווען דוא האסט מורא פאר וועלף.

וואו צוויי הינט שלאָגען זיך דארף א מענש זיך ניט אריינמישען.

איין אַלטער גוטער פריינד איז בעסער פאר צוויי נייע.

פון איין אָקס קען מען קיין צוויי פעלען ניט שינדען.

דיא אייגענע העמד איז נעהענטער צום לייב

דער זאטער וויל דעם הונגעריגען ניט גלויבען.

פון יעדען א שנירעל איז פאר דעם נאקעטען א העמדעל.

ביי דעם שטארקען איז אימער דער שוואכער שולדיג.

מען מוז מאכען דאס דיא שעפּסען זאלען זיין גאנץ און דער וואָלף זאט.

וואו עס איז ענג דארט רייסט זיך.

שפּאַציער פריילעך ווען דיא ארבייט איז פערטיג.

מען לערנט דעם גאנצען לעבען און מען שטארבט א נאר.

דאס וואס עס איז פארבייקע, מען שוין צוריק ניט אומקעהרען

א גרויסע שיף ברויכט א טיעפען וואסער.

וואס מיר האבען היטען מיר ניט, און ווען מיר פערליערען עס וויינען מיר.

אויף וואס פאר א פוהר מען זיצט אזא ניגון מוז מען זינגען.

אורטהייל ניט דעם צווייטען בעפאָהר דוא קענסט זיין לאגע.

זיעבען מאָל מעסט אָב אום איין מאָל אבצושניידען.

שפּרינג ניט אין וואסער ביז דוא ווייסט ניט וויא טיעף ער איז.

וויפיעל דוא ווערסט א וואָלף ניט קאָרמענען, ער וועט אלץ צום וואלד ציהען.

א וואָלף וועקסעלט נור זיינע האָאר אבער ניט זיין נאטור.

פון א קאַטץ דעם לייטער נעהמט מען ניט אוועק.

א טויטען פון בית עולם פיהרט מען ניט צוריק.

וואס פון וואָגען איז אראָבגעפאלען רעכען שוין פאר פארפאלען.

דיא מענשליכע פריינדשאפט ענדיגט זיך ביי'ם פאקעט.

ניט אלעס איז גאָלד וואס עס שיינט.

א נאָל איז א זאק קען מען ניט בעהאלטען.

מעהר אין וואלד מעהר האָלץ.

א בעריהמער איז גוט צו שלאָגען.

דער וואָרעם איז שטילל אבער ער גראָבט טיעף.

דער שרעק האט גרויסע אויגען.

איין שוואלב מאכט קיין זומער.

אלער אנפאנג איז שווער.

דאס ווערק לויבט זיין מייסטער.

פערטיגע ברויט פון הימעל פאלט ניט אראָב.

פאָרזיכטיגקייט איז דיא מוטער דער טוגענד.

פוילקייט איז דיא מוטער דער פערברעכען.

אייל דיך צו געניסען פון לעבען, מאָרגען קען שפּעט זיין.

מיט גערולד בויערט מען א שטיין אויף דורך.

לייג ניט אָב אויף מאָרגען דאס, וואס דוא קענסט מאכען היינט.

דער שליעסעל צום גליק איז ארבייט.

וואס מיט א פעדער איז אויפגעשריבען קען מען מיט א האק ניט אויסהאקען.

גאט העלפט נור דעם, ווער עס וויל זיך אליין העלפען.

א קאטץ אין הענטשקעס קען קיין מויז ניט כאפּען.

גיסס ניט ארויס דיא אונריינע ביז דוא האסט ניט קיין ריינע.

א שלאָפענדער פוקס מאכט קיין פאנג.

א שפּאָרער איז בעסער פאר א פארדינער.

נאך קליידער עמפּפאנגט מען, נאך דעם שכל בעגלייטעט מען.

אונטער א ליגענדיגען שטיין לויפט קיין וואסער ניט דורך.

גאָט זאל אונז שיצען פון פריינדע, פון פיינדע וועלען מיר זיך אליין שיצען.

יעדער רערט וועגען וואס עס טהוט איהם וועה.

גנב׳ענען פון א גנב, איז נור פערליערען דיא צייט.

לערנען א נאררען, איז וויא א טויטען צו קורירען.

ברענג ניט קיינע אייגענע געזעצע אין א פרעמדעס לאנד.

ווער עס קריכט דער מוז זיך לאָזען טרעטען.

צייט איז געלד.

שווייגען איז גאָלד.

בעסער א נאָהענטער יקרות איידער א ווייטע מציאה.

וואס מען פערזייט דאס שניידט מען.

אלעס איז גוט וואס ענדיגט זיך גוט.

ע נ ד ע

צום צוואנציגסטען יאהרהונדערט

דער גרעסטער סוקסעס פיר אללע אידען אין אַמעריקאַ

# קאשינגס האנד־בוך

## בעאַרבייטעט אין אידיש פון א. טאנענבוים,

קאָשינגס האַנד-בוך ענטהאלטעט אלע רעגעלען וויא צו פיהרען מיטינגען אין לאָדזשען, חברות, פעראיינען, סאָסייטעס. א. ז. וו.

קאשינגס האַנד-בוך איז א שלחן ערוך פיר פּרעזידענטען, וויס־פּרעזידענטען, סעקרעטערס, א. ז. וו. יעדער איד וועלכער בעלאנגט צו אירגענד וועלכער סאָסייטי דארף קויפען און שטודירען דיא געזעצע פון קאָשינגס האַנדבוך.

צו פיהרען אַ מיטינג ריכטיג ווים דיא נעוויסע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצע מוז יעדער איינער פון דעם פּרעזידענט ביז א מעמבער פון פעראיין וויסען דיא דינים און הלכות פון „קאשינגס האנד־בוך“ וועלכער איז אָנגענומען געוואָרען אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

א. טאַנענבוים האָט זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען צו ערקלעהרען יעדען רעגעל און יעדעם געזעץ אזוי לייכט זאָ דאס יעדער איינער זאָל עס קענען פערשטעהען.

קאָשינגס האַנד-בוך איז אין אלע שפּראכען פערקויפט געוואָרען הונדערטע טויזענדע עקזעמפּלארען. מיר האָפּפען אז אין אידיש וועט עס אויך האָבען דעמזעלבען סוקסעס וויא עס האָט געהאַט אין אנדערע שפּראכען.

קאָשינגס האַנד-בוך עלעגאנט בראָשירט קאָסט בלויז 25 סענט
דיטא פיין געבונדען „ „ 35 סענט

פערלאַג פון

## י. קאצענעלענבאגען,

66 קאַנאל סטריט. —— נויאָרק

# נאנא פון עמיל זאלא

בעארבייטעט אין ושארנאָן פון ב. נארין.

**נאנא** איז איבערזעצט אין אלע מאָדערנע שפראכען און דאָך קענט איהר עס זעהר זעלטען בעקומען אין אירגענד וועלכע שפראך.

## ווארום איז נאנא פערבאטען געווארען?

ווייל עמיל זאלא וועלכער מאכט מיט זיין פעדער די וועלט ציטטערן האָט אין קיינע פון זיינע ווערקע אזוי שטארק ניט אָנגעגריפען די פערדאָרבענהייט און נע־זונקענהייט פון פראנקרייכס אריסטאָקראטיע, וויא אין זיין בעריהמטע ווערק



## נ א נ א.

דער אתשטערבליכער גרויסער קינסטלער און מענשענקעננער—עמיל זאָלא, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען, עהרע און פרייהייט אין דער דרייפוס אַפערע, — זאָלא, וועלכער שעהמט זיך ניט צו זאָגען דעם אמת אָפען פאר דער גאנצער וועלט האָט אין זיין פיעלבעריהמטען בוך „נאנא“ אָבגעשילדערט די פערפוילטקייט פון דעם פאריזער לעבען אין אזעלכע שרעקליכע פארבען אז די גאנצע וועלט האט זיך אבגעשראָקען.

## ווען „נאנא“ איז ערשיענען

האָט עס אין פאריז און אין גאנץ פראנקרייך געקאָכט וויא אין א קעסעל, די שרעקליכע בילדער, סצענען און נאטור טרייע שילדערונגען האָבען אויפגערודערט דעם גאנצען פראנצויזישען פובליקום. וואו מען איז געשטאנען און וואָס מען האט גערעדט איז „נאנא“ געוועזען דער הויפט פונקט פון געשפרעך.

## „ווער איז נאנא“?

**נאנא** די הויפט העלדין פון דיזען ראָמאן איז א געפאלענעס פרויענצימער וועלכע מאכט דורך אלע שטופען פון אן אויסגעלאסענעם לעבען אָנגע־פאנגען פון אן איינפאכער שטראסען מיידעל ביז א בלענדענדע וועלט דאמע, גע־קליידעט אין זיידענס, געפוצט אין דיאמאנטען און ברילליאנטען. אלע פאלען צו איהרע פיס. פירסטען, פרינצען, גראפען, באנקירערן, הויך און נידריג, אלט און יונג. גרויס און קליין, אלעס וואָס קומט מיט איהר אין בעריהרונג.

## נאנא׳ס בילד

מיר האָבען קיין געלד געשפאָרט און זיך די מיהע געגעבען צו בעקומען נאנא׳ס בילד וועלכעס איז געצייכענט פון איינעם פון די גרעסטע קינסטלער אין דער וועלט. און מיר האָבען דאָס געגעבען אויפ׳ן טיטעלבלאט.

**דער פרייז פון דאס גאנצע ווערק איז בלויז 35 ס. מיט פארטא 40 ס.**

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען און ציימונגס סטענדס וויא אויך ביי

**יהודא קאצענעלענבאגען, 66 קאנאל סטריט, ניו יארק**

# פון חופה צום קבר

אדער

# מאדערנע חתונות און קבורות

## פון עמיל זאלא

איבערזעצט און ישארגאָן פון ב. נארין.

**פון חופה צום קבר** איז א ווערק וואס וועט אינטערעסירען יעדען לעזער ווייל אין דאס ווערק פון „חופה צום קבר" שפּיעגעלט זיך אָפּ דיא וועלט שטאדט פּאריז אין איהרע ריכטיגע פארבען דיא דונקעלסטע פלעצער וויא אויך דיא רייכסטע סאלאנען וואו דיא שטאָלצע אריסטאָקראַטען מיט זייער גאנצער פערדארבענהייט טהוען אָפּ דיא שענדליכסטע געוואלד טהאטען. „פון חופה צום קבר" איז א ווערק וואס איז געשריעבען פון דעם גרעסטען רעאליסטישען שרייבער,—עמיל זאלא.

**עמיל זאלא** איז דער גרעסטער שריפטשטעלער פון אונזער צייט. עמיל זאלא האט אין דיעזעס ווערק „פון חופה צום קבר" ענטדעקט אָפען פאר דער וועלט דיא גרעסטע געסייניהייטען דיא שרעקליכסטע נידערטרעכטיגקייטען פון דעם פּאריזער אריסטאָקראַטישען לעבען. עמיל זאלא איז א מאַן וואס שעהמט זיך ניכט צוא זאָגען דעם אמת אין דיא אויגען און האט דארום אין זיין ווערק „פון חופה צום קבר" געשילדערט מיט נאַטור טרייע פארבען, אללעס וואס ער האט געפונען פאר נעטהיג, ער האט ניט גע־שוינט קיינעם פון דעם קלענסטען ביז דעם גרעסטען.

**ב. נארין** דער איבערזעצער פון דיזעס ווערק איז געוויס דער בעסטער אין דיזען פאך. ב. נארין איז אנערקענט ביי דעם אינטעלליגענטען אידישען לעזע פּובליקום אלס דער בעסטער אידישער רעאליסטישער שריפטשטעלער, און דארום האבען מיר זיך דיא מיהע געגעבען און קיין געלד געשפּאָרט אז דאס ווערק „פון חופה צום קבר" זאל איבער־זעצט ווערען ריכטיג נאך דעם אָריגינאל אין א שעהנע אידישע שפּראכע פון דעם בעריהמטען ליטעראט ב. נארין.

דאס ווערק „פון חופה צום קבר" זעהר שעהן געדרוקט עלעגאנט בראָשירט ענטהאלט אויך עמיל זאלא'ס בילד

# דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 10 סענט.

## אין קאנטרי 12 סענט.

פערלאג פון **יהודא קאצענעלענבאגען.**

**נ י ו י א ר ק**

# דיא קאמעליענדאמע

א העכסט אינטערעסאנטער ראמאן פון

## אלכסנדר דיומא (זוהן)

„ד י א  ק א מ ע ל י ע נ ד א מ ע" איז איבערזעצט אין אללע מאָדערנע שפראכען, דאס איז א ראָמאן וועלכער האט איבערראשט דיא וועלט

אין דיעזען העכסט אינטערעסאנטען ראָמאן

——) ד י א  ק א מ ע ל י ע נ ד א מ ע (——

האט דער פּראָפעסער אלכסנדר דיומא געשילדערט דאס לעבען פון אן אויסגעלאַסענער פרויא, און מערקווירדיג, ווען מען לעזט דיעזען ראָמאן פיהלט מען אן אונגעוועהנליכע סימפּאטהיע צו איהר. אין דעם ראָמאן דיא קאמעליענדאמע איז געשילדערט

## דער פאריזער אויסגעלאסענער לעבען

אויסגעלאַסענע פרויען, פערדאָרבענע באראָנען, פערשווענדערישע גראפען און לאָרדען דיהן פון רייכע לייט, אויסווירפע פאן דער יעצטיגער געזעלשאפט, דיא נידריגסטע עלעמענטען פאן דער מענשהייט דיא העכסטע ליידענשאפט.

איבערהויפּט דיא העלדין פאן דיעזען ראָמאן „דיא קאמעליענדאמע" שפּיעלט איין העכסט אינטערעסאנטע, ריהרענדע ראָלע, אין דיעזען ראָמאן קומען פאָר אזעלכע פּרויערינע סצענען וועלכע קענען א שטיין ריהרען, וועלכע דרינגען אריין טיעף אין דעם מענשענס הערצען. אזעלכע איבערראשענדע סענסאַציאָנען וועלכע איהר האט נאָך אין קיין ראָמאן נישט געטראָפען.

קויפט און לעזט דיעזען העכסט אינטערעסאנטען ראָמאן „דיא קאמעליענדאמע"

דער פּרייז פיר דאס גאַנצע ווערק פון בראָשירט

בלויז 30 סענט.

פערלאַג פאן

J. KATZENELENBOGEN 66 CANAL STREET.

די אידישע

# טרילבי

נאך דערמאריער בעארבייטעט פון

# א. טאנענבוים

דאס איז א ווערק וועלכע האט אנגעמאכט דעם גרעסטען סענזאציאָן אויף דער גאנצער וועלט אין אלע שפראכען: אין דיזעס ווערק „די אידישע טרילבי“ איז געשילדערט דער קינסטלער לעבען אין נאטור טרייע פאַרבען.

דיעזעס ווערק בעהאנדעלט די קונסט פון היפּנאָטיזמוס, עס בעווייזט וויא אַזוי איינער קען מאכען דורך דער קראפט פון היפּנאָטיזם דעם אנדערען טהאָן וואָס ער וויל מיט איהם.

# די אידישע טרילבי

בעארבייטעט פון:

## א. טאנענבוים

אין קאָסט בלויז **10** סענט מיט פּאָרטאָ **12** סענט.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען וויא אויך ביים פערלעגער

**יהודא קאצענעלענבאגען,**
**68 קאנאל סטריט.**

# די קליינע תורה'לע.

א שווערע צייט האָט דורכגעלעבט יאָזעף פעלדמאַן די ערשטע פאר יאהר נאך זיין קומען אין אמעריקא. ער איז געווען האָפּנונגסלאָז, דען אלעס איז איהם געווען פרעמד — פרעמדע מענשען, א פרעמדע שפּראך! דער הימעל איז דער זעלבער, די זונן איז פיעלייכט אויך די זעלבע, נור זיא איז פערצויגען מיט א וואָלקען און ער קען איהר ניט זעהן.

ער האט ניט געהאט קיין קרוב, קיין גואל. איינער אליין האט ער געמוזט קעמפּפען מיט די אומשטענדען, זוכען ארבייט, א שטיקעל ברויט!........ מיעד ווערענדיג פון שווערען קאמפּף האט ער אויסגערופען: „אך בעסער וואלט איך פערבליבען אין רוסלאנד איידער זיך קווילען אין קאָלומבוס'עס מדינה — א קלאָג צו איהם! א גליקליכער צופאל האט איהם געבראכט אין האנד א שעהן געדרוקטען ביכעלע אין טאשען פאָרמאט, דאס איז געווען די קאנסטיטושאן פון די פעראייניגטע שטאאטען מיט ענגלישען טעקסט אין אידישע איבערזעצונגען. דיעזען ביכעלע האט יאזעף פעלדמאן שפּעטער בעטראכט אלס א קליין תורה'לע. ער האט געעפענט זיינע אויגען ער האט ערשט דאן בעגריפען אין וואס פאר א לאנד ער איז. וואס פאר א רעכטע ער האט אלס בירגער און וואס פאר א ווערטה דיעזע רעכטע האבען פאר אידען. ער האט דערנאך ביי ערשטער געלעגענהייט ארויסגענומען זיינע ערשטער בירגער פאפּירען. ער איז געווארען מוטהיג און האפנונגספאל, ער האט אנגעפאנגען צו לערנען די ענגלישע שפּראכע, עס איז איהם געגאנגען זעהר לייכט, ווייל די קאנסטיטושאן מיט דער אידישער איבערזעצונג האט איהם אריינגעגעבען פלייס צו לערנען, און האט געקאַנען א גוטען דושאב. ער האט געשטרעבט צו אמעריקאניזירען זיך פאלשטענדיג. זיינע פערדיענסטע האבען געשטיגען מיט זיינע קענטניסע. אין א פאר יאהר ארום האט ער ארויסגענומען זיינע צווייטע בירגער פאפּירען, פיעלע זיינען דורכגעפאלען, אבער ער האט האט געענטפערט אללע פראגען, ווייל ער האט געוואוסט די קאנסטיטושאן.

ער איז געווארען זעהר שטארק בעליעבט איבעראל אין ביזנעס קרייזען, ער איז געווארען געאכטעט און געשעצט דורך זיין קענטניס פון דער שפּראך פון

דאס לאנד איז איהם געלונגען צו געווינען דעם צוטרויען פון א רייכען אמעריקאנער, וועלכער האט איהם געגעבען קרעדיט און איהם געעפענט א געשעפט.

ער איז געשטיגען העכער און העכער, און דיא קליינע תורה'לע דיא קאנסטי־טוציאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אין אידישע איבערזעצונג, האט ער אימער געהאלטען אין פאקעט. עס איז א מזל'דיג ספר'ל, עס ברייננט עהרע, רייכטהום און גליק.

---

# ווערט סיטיזענס!

## —: עס קאסט בלויז 10 סענט. :—

עס זיינען פאראן פיעלע אידען אין אמעריקא וועלכע וואלטען שוין לאנג געקענט ווערען סיטיזנעס און מאנכע וועלכע זיינען שוין געגאנגען ארויסנעהמען זייערע סי־טיזען פייפערס, האט אבער דער דזשאדזש זיי געפרעגט איינינע פראגען פון דער קאנסטיטושאן האבען זיי ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן ווייל זיי האבען זיך גע־לערענט פון דיא זאגענאנטע סיטיזען ביכלאך אהן דיא קאנסטיטושאן, און זיי זיינען דאריבער ניט געווארען קיין סיטיזענס.

דער איינציגער ביכעלע וועלכער מאכט אייך פיר אן אמעריקאנעם סיטיזען איז דיא קאנסטיטושאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען (יונאיטעד סטייטס) און דיא דעקלאריישאן אוו אינדעפענדענס מיט א ביילאגע אלע פראגען און אנטוואר־טען פון סיטיזען עקזאמען ריכטיג איבערזעצט און ערקלעהרט אין פליין אידיש

## פון אלכסנדר הארקאווי,

עס איז ארויסגעגעבען אין טאשען פארמאט 4 אינטשעס ברייט 5¼ אינטשעס לאנג. דיא קאנסטיטושאן איבערזעצט פון אלכסנדר הארקאווי ענטהאלטעט 128 זייטען זעהר שעהן געדרוקט און עלעגאנט בראשירט.

## פרייז בלויז 10 סענט.

# י. קאצענעלענבאגען,

66 קאנעל סטריט, ניו יארק.

# דיא אידישע קרבנות

א זעהר שעהנער און אינטערעסאַנטער אידישער ראָמאַן, א זעלטענעס ווערק פון אידען פערפאָלגונגען געשריעבען פון דעם גרויסען רוסישען שריפטשטעלער

## מאָרדאָווצעוו,

### בעארבייטעט און זשארגאָן פון ב. גאָרין

דיא אידישע קרבנות איז א נייעס אין דער זשארגאָנישער ליטעראטור אין אַמעריקא. עס דערצעהלט איינע פון דיא טרויעריגסטע קאַפּיטלען פון דער אידישער היסטאָריע.

„דיא אידישע קרבנות" איז ערשיענען צום ערסטען מאָל אין דעם רוסישען זשורנאל „וואָסכאָד" צוליעב דיעזעס ווערק האט דער רוסישער צענזור גע־סטאָפּט דעם וואָסכאָד אויף 8 מאָנאטען. דער אָריגינאל פון דאס גאנצע ווערק איז נאכדעם ערשיענען אין דער שווייטץ. דער פערפאסער בעשרייבט אין דאס ווערק

## „דיא אידישע קרבנות"

א זעלטען שעהנעם ראָמאַן וועלכער איז דורכגעפלאָכטען אין אידישע צרות און פּאָנראָמען פון דיא גזרות פון גאָנטאַ. דיעזעס ווערק זאָגט דער פערפאסער איז גע־שריבען מיט דאָס בלוט פון אונשטערבליכען פאלק. אין דיעזעס ווערק שפּיעלען זיך אָפּ סצענען וויא מען האט אָהן רחמנות גע׳הרג׳עט, געברענט, געשניטען און געטראָ־טען מיט דיא פיס אונשולדיגע מענער, פרויען און קינדער מיט דיא שרעקליכסטע ווילדעסטע רויבערייען וועלכע קענען א שטיין ריהרען.

„דיא אידישע קרבנות" איז ארויסגעקומען א קונסטווערק אין דער זשארגאָנישער ליטעראטור. יעדער איד דארף און מוז עס קויפען און לעזען.

**דער פּרייז פיר דאָס גאנצע ווערק איז 15 ס. מיט פּאָרטאָ 18 ס.**

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען און צייטונגס סטענדס און ביי

## יהודא קאצענעלענבאגען,

**66 קאנאל סטריט, ניו יארק.**

# ברוך שפינאזא

דאָס לעבען און דיא פערפאָלגונגען פון דעם גרעסטען אידישען פילאָזאָף, פער־ וויקעלט אין אן אנציהענדען ראָמאן, נאָך בערטהאלד אוערבאך, פון ב. נאָרין.

ברוך שפינאזא איז איינער פון דיא וויכטיגסטע פערזאָנען אונטער אידען אָבער זעהר ווייניג אידען ווייסען ווער שפינאָזא איז געוועזען, און וואָס איז בעשטאַ־ נען זיין פילאָזאָפיע, ווארום האָט מען איהם ארייננעליינט אין גרויסען חרם, ווארום פאַרגעטטערט מען איהם יעצט און נאָך און נאָך אזעלכע וויכטיגע זאכען. אלע יעצטיגע גרויסע פילאָזאָפען און דיא אמאָליגע האָבען זיך בענוצט און זיך זעלבסט בעריהמט געמאכט שטודירענדיג און נאכאהמענדיג שפי־ נאָזאס פילאָזאָפיע.

בערטהאלד אויערבאך וועלכער איז בעוואוסט אלס דער גרעסטער וועלט־ בעריהמטער דייטשער שריפטשטעלער און ראָמאַניסט און אלס איינער פון דיא בעסטע שפינאָזאס היסטאָריקער האָט זיך מיט זיין ווערק „ברוך שפינאָזא" בעריהמט געמאכט און עס איז אנערקענט געוואָרען אלס דאָס בעסטע ווערק פון דיזען אונאיבערטראָפענעם דייטשען שריפטשטעלער.

ב. נארין דער בעוואוסטער אידישער שריפטשטעלער וועלכער האָט בעארבייטעט דיזעס ווערק אין זשארגאָן האָט אזוי מייסטערהאפט איבערגעגעבען דיא שעהנע שילדערונגען אין אידיש, אז ווען איהר לעזט דיזעס ווערק דיינקט איהר אז עס איז געשריעבען אָריגינעל אין אידיש. דאָס ווערק איז זעהר אינטערעסאנט און אנציהענד פון אָנפאנג ביז ענדע.

## דער פרייז פיר דאָס גאַנצע ווערק איז בלויז 20 סענט.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען וויא אויך ביי

## יהודא קאצענעלענבאגען,

66 קאנאל סטריט, ניו יארק.

# שאילאק

## שעקספיער אין אידיש אין פליין מאמע לשון.

## ווער איז שאילאק ?

**כמעט יעדער אידישער לעזער האט געהערט, אז שאילאָק איז א איד א פראָצענטניק, וועלכער וויל אויסשניידען פון א קריסט**

## א פונט פלייש.

**וואס האט דער גרויסער פאָעט שעקספיער געמיינט אויסצודריקען אין שאילאָק׳ס כאראקטער ?**

**האָט דער גרויסער פאָעט ווירקליך אוועקגעשטעלט שאילאָק׳ן אזוי פערדאָרבען וויא דיא שונאי ישראל בעטראכטען איהם ? האט שעקספיער געוואָלט פערדאמען אלע אידען מיט שאילאָק ? אלע אידען געפינען זיך בעליידיגט דערמיט וואָס מען רופט זיי „שאילאק“. ווארום ? דארום ווייל זיי האבען שאילאָק ניט געלעזען, זיי האבען נור געהערט וואס אנדערע זאגען, אז שעקספיער׳ס שאילאָק איז אנטיסעמיטיש און עס איז דעם אידען א פאטש אין פנים.**

**ווען איהר וועט אָבער דורכלעזען „שאילאק“ וועט איהר אויסגעפינען אז דער אונשטערבליכער שעקספיער, דער פרינץ פון אלע פאָעטען, האט מיט שאילאָק פערטהיידיגט דיא אידען מיט א וואָהרע הימלישע קראפט. אויסער דעם איז שאי־לאק, אדער דער קויפמאן פון ווענעדיג א קונסט ווערק, וועלכע האט קיין גלייכען אין קיין שפראך. „שאילאק“ איז דאס איינציגע ווערק פון וויליאם שעקספיער, וועלכע האט צו טהון מיט אידען.**

**יעדער איד מוז לעזען שאילאָק, אום צו וויסען ווארום א וועלט מיט מענשען זיינען אזוי פעראינטערעסירט צו זעהען שאילאָק אויף דער ביהנע און לעזען עס אין יעדער שפראך.**

**„שאילאק“, אדער דער קויפמאן פון ווענעדיג, איז איבערזעצט אין אידיש פון י. באָוושאָווער, דער איינציגער אידישער פאָעט, וואס קען איבערגעבען אויף אידיש דאס וואס שעקספיער׳ס פעדער האט געשריעבען אין ענגליש.**

**אין דיזעס קונסטווערק „שאילאק“ געפינט זיך אויך א קורצע ביאָגראפיע פון שעקספיער, א גלענצענדע פאָררעדע פון איבערזעטצער אונד א פראכטפאָלען בילד פון פערפאססער.**

### דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 15 סענט, מיט פארטא 18 סענט.

פערלאג פון **יהודא קאצענעלענבאגען,**

64 קאנאל סט. — נויארק

שפיעלט איהר פיאנא?

שפיעלט איהר וויאלין?

דער איינציגער פלאטץ פאן אללע

# אידישע מוזיק

**פיר פיאנא און וויאלין פאן דיא פאפולערסטע אידישע אפערא'ס וויא**

**שולמית, בר כוכבא, אחשורוש, מליץ יושר, גיהנום און גן עדן, עקידת יצחק, דוד'ס פיעדעלע, חמן דער צווייטער, דיא עקידה, בליהמעלע, כוזרי, צונזערס 12 פאָלקס־ליעדער, סקאַרבאָוועס נגונים, דער אָריגינעלער אָרטהאָדאָקסישער כל נדרי פאן ה. א. רוססאָטטאָ, מן המצר, אליעזר'ס קינדער־ליעד, פעריאָמערס פערקלאָגט, מאָררים ראָזענפעלדס אידישע פאָלקס ליעדער, גאָלדפאַדענס פאפולערע טהעאַטער ליעדער, מאָגולעסקאָס אמת אידישע קופלעטען, רייגנאָלדס פאָלקס־ליעדער, א. ז. וו. א. ז. וו.**

**דיעזע אללע אידישע מוזיק איז פיר פיאנא און וויאלין אררענזשירט ביים דעם בעריהמטען אידישען מוזיקער און קאמפאזיטאר**

## ה. א. רוססאטטא.

מאכט קיין מיסטייק און פאדערט נור דיא אבענגענאנטע אידישע אפערא'ס אררענזשירט ביי ה. א. רוססאטטא. ווייל זיי זיינען ריכטיג אררענזשירט און זעהר שעהן געדרוקט

פערלאג פאן

## קאצענעלענבאגען אונד ראבינאוויטץ

66 קאנעל סטריט, ניויארק.

**KATZENELENBOGEN & RABINOWITZ**

**PUBLISHERS**

**66 Canal Street, New York.**

---

**נאטיס!** מיר שיקען יעדען איינעם אונזער קאטאלאג און פרייז ליסט פאן אללע אידישע מוזיק פריי פער פאסט

קאצענעלענבאגען & ראבינאוויטץ, פובלישערס
66 קאנאל סטריט, ניו יארק.

# שולמית,

פון א. גאָלדפאדען, אררענזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.
קאָמפּליט אין 12 בויגען.

1טער בויגען: עולי רגל מאַרטש אין ירושלים,
2 „ יברכך, דיא פערבלאָנדזשעטע אין מדבר,
3 „ ראָזשענקעס מיט מאַנדלען, ביים ברונען,
4 „ אבשלום ביים ברונען,
5 „ דועט פון שולמית און אבשלום, דיא שבועה, דיא פאַסטוכער כאָהר,
6 „ דער אָריענטאַלישער טאַנץ, קום זשע בחור פיינער, ציגנערטאַנג,
7 „ שבת יום טוב און ראש חודש, דיא דריי חתנים,
8 „ דער גורל, קאַטץ און ברונים,
9 „ שולמית אַלס וואַהנזיניגע, דועט פון שולמית און מנוח,
10 „ דאָס אונגליק פוןביידע קינדער, פלאַקער פייערל,
11 „ גאָט זעה אַליין, דוד מלך ישראל, (פאן דיא צווייגען דיא פיערעלאָר),
12 „ דאָס געזאַנג אין בית המקדש,

יעדער בויגען פרייז 20 סענט,
אללע 12 בויגען צוזאממען פרייז 2 דאלאר.

# שולמית

דיא גאנצע אפערא קאמפּליט סימפּליפּאיד

(פיר קינדער און אנפענגער)
פרייז 1 דאָללאר.

# מליץ יושר,

פון א. גאָלדפאדען, אררענזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.

1טער בויגען: דיא מאָראַל, עס דרימעלט ניכט דער וועכטער, } פרייז 20 סענט.
2טער בויגען „ וואַלטץ, פרייז 20 סענט.
3טער בויגען „ גאָטטעס וואונדער, פרייז 15 סענט.

אלע 3 בויגען צוזאממען 50 סענט.

# דיא עקידה מארטש

פון זיגמונד מאָגולעסקאָ, פרייז 20 סענט.

Hebrew Melodies for Piano
Katzenelenbogen & Rabinowitz, Publishers,
66 Canal Street, New York.

קאצענעלענבאגען & ראבינאוויטץ, פובלישערס
66 קאנאל סטריט, ניו יארק.

# בר כוכבא,

פון א. גאָלדפאַדען, אררעזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.
קאָמפליט אין 10 בויגען.

1טער בויגען: רבי אליעזר המודעי'ס קינות, קלאַג פון ציון'ס טעכטער,
2 " דועט פון בר כוכבא און דינה,
3 " מיר בעגריסען דיך ירושלים, דיא נקמה פון פאפוס,
4 " מאַרטש פון בר כוכבא'ס קרוינונג,
5 " כאָהר פאַר'ן צעזאַר,
6 " דועט פון אליעזר און דינה,
7 " דינה'ס געבעט-ליעד ביין צעזאַר, בר כוכבא'ס זיעגעס ליעד,
8 " בר כוכבא צווישען ווילדע טהיערע, דאָס מיהלכעל,
9 " שלאָף ליעד, גאָטעניו,
10 " דאָס פאַסטוכעל, וועכטער ליעד, דער שטילער מאַרש

יעדער בויגען פרייז 25 סענט,
אַללע 10 בויגען צוזאמען 2 דאָללאַר.

# גי־הנום און גן־עדן, דער אידישער פאוסט

פון א. גאָלדפאַדען, אררעאנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.

1טער בויגען קווארטעט, (דיא 4 חסידים),
2טער בויגען דועט, (דער חסיד מיט'ן דייטש), השיבנו נאָזאַד.
יעדער בויגען פרייז 25 סענט. ביידע צוזאמען 40 סענט.

# עקידת יצחק,

פון א. גאָלדפאַדען, אררעאנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.
שלאָף ליעד, שרה און אברהם, יצחק'ס ליעד פון נח'ס תבה.
פרייז 25 סענט.

# המן דער צווייטער,

פאָן נ. מ. שייקעוויטץ, מוזיק פון זיגמונד מאָגולעסקאָ,
אררעאנזשירט ביי ה. א. רוססאָטטאָ.

מאַרטש, פרייז 25 סענט.
וואַלטץ („אל שדי"), פרייז 25 סענט.

# בליהמעלע, מאַרטש פון זיגמונד מאָגולעסקאָ,

אררעאנזשירט פון א. העלמאַן. פרייז 20 סענט.
בוזרי " " " פרייז 20 סענט.
דאָס ליעבעלע פרייז 15 סענט.

Hebrew Melodies for Piano
Katzenelenbogen & Rabinowitz, Publishers,
66 Canal Street, New York.

קאַצענעלענבאָגען & ראַבינאָוויטץ, פּובלישערס
66 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

## שולמית, פון א. גאָלדפאַדען,
דיא גאַנצע אָפּערא אין 3 בוינען פיר וויאָלין
יעדער בוינען פּרייז 25 סענט, אלע 3 בוינען 60 סענט.

## בר כוכבא, פון א. גאָלדפאַדען,
דיא גאַנצע אָפּערא אין 3 בוינען פיר וויאָלין
יעדער בוינען פּרייז 25 סענט, אלע 3 בוינען 60 סענט.

## אחשורוש, פון א. גאָלדפאַדען,
דיא גאַנצע אָפּערא אין 2 בוינען פיר וויאָלין
יעדער בוינען פּרייז 25 סענט.

## דער יודישער קעניג ליער,
פּרייז 20 סענט.

## בליהמעלע און כוזרי,
מארשעס, פון זיגמונד מאָגולעסקאָ
פּרייז 20 סענט.

## גאָלדפאַדען'ס, יענקעלע געהט אין שול אריין,
השיבנו גאָזאָד, שמעת אויף מיין פאָלק, שלאָף ליעד, פון „עקידת יצחק", דאָס פינטעלע, דיא תחינה, פון „אידישען פּאָסט".
אללע צוזאממען פּרייז 25 סענט.

## מאגולעסקא'ס,
מארטש פון „דיא עקידה",
דאס ליעבעלע,
מן המצר פון „בליהמעלע",
אליעזר'ס קינדער־ליעד פון „עקידת יצחק".
אללע צוזאממען פּרייז 25 סענט.

---

אלע אידישע מוזיק
## פיר וויאָלין
זיינען אויך גוט צו שפּיעלען אויף
## מאַנדאָלין.

Hebrew Melodies for Violin
Katzenelenbogen & Rabinowitz, Publishers,
66 Canal street, New York.

קאַצענעלענבאָגען און ראַבינאָוויטץ, פּובלישערס, 66 קאַנאַל סט. נ. י.

# דיא צויבערין

(„דיא כשופמאכערין“ אָדער „קאָלדוניו“ וויא מאנכע רופען עס)

פון א. גאלדפאדען,      אַרראַנזשירט פון ה. א. רוססאָטטא.

דיא גאַנצע אָפּעראַ „דיא צויבערין“ קאָמפּליט ענטהאַלטעט:

1. מירעלע׳ס געבורטסטאג.
2. האצמאך סאָלאָ (דיא פאַלשע וועלט).
3. דאס בלינדען־שפּיעל.
4. עלענד בין איך וויא א בוימעלע.
5. דער מארק.
6. הייסע באבקעלאך.
7. דער קצב.
8. אידען בני רחמנים.
9. מארקוס סאָלאָ (ענטפערט מיר פייגעל).
10. געזאנג בייא דער צויבערין.
11. ראָמאנס מירעלע (דיא יתומה).
12. פּתח שין שא.
13. דיא טערקען (קויפט, קויפט דייטשעלאך).
14. האָצמאך, קופּלעט.
15. מירעלעס ערקלעהרונג (דיא בת יחידה).

דיא גאַנצע אָפּעראַ צוזאמען פיר פּיאַנא, פּרייז $1.00
" " " " " וויאָלין, " 35 סענט.

# DIE ZAUBERIN

By A. GOLDFADEN,

Arr by HENRY A. RUSSOTTO.

Complete for the Piano........................$1.00
" " " Violin........................ 35c.

KATZINELENBOGEN & RABINOWITZ, Publishers,
66 Canal Street, New York.

# חייקיל דער לץ.

— אָדער —

# דער בעריהמטער וויטצלינג.

— פון —


מ. קרוין.




**פרייז 5 סענט.**


פערלאג פון

**דיא היברו אמעריקען פאבלישינג קאמפ.**

128 לעאָנאַרד סטריט, ברוקלין, ניו יאָרק.



Pu. lished by

THE HEBREW AMERICAN PUBLISHING CO.,

*128 Leonard St., Brooklyn, New York.*

1901.

## א עצה טובה.

**חייקעל.** זאָג מיר נאר מייקעל, דוא ביסט דאָך מיין בעסטער פריינד, קענסט דוא מיר ניט געבען אנ'עצה? — איך בין יעצט ניט לאנג נאָך דער חתונה און האָב עטליכע הונדערט דאָללאר און וויים ניט וואָס אָנצופאנגען, קענסטו מיר ניט ראטהען, וואָס פאר א געשעפט איך זאָל מאכען?

**מייקעל.** אזוי וויא דיא בעסטע געשעפטען ליגען היינט אין דער ערד, איז מיין עצה דוא זאָלסט אהין געהן, ועסטו געוויס דאָרט מאכען גוטע געשעפטען.

## ער וויל דיא קליינע.

**פאטער.** זעה מיין זוהן, דאָרטען געהט שטיינהאָלץ מיט זיינע צוויי טעכטער, ער זאָגט דוא ביזט דער ריכטיגער מאן, און ער וויל דיר איינע געבען. וועלכע געפעלט דיר בעסער, דיא גרויסע אָדער דיא קליינע?

**זוהן.** געפעלען, געפעלט מיר דיא גרויסע, אָבער נעהמען וועלל איך דיא קליינע, ווייל אויף איהרע קליידער דארף מען ווענינער וואארע געברויכען.

## אַ קוש שיקט זיך ניט.

א יונגער מאן קומט אבענדס נאָך הויזע, און טרעפט ביי דער טיהר דיא טאָכטער פון זיין ווירטהין. ער טרייבט א ביסעל שפאס און גיט איהר ענדליך א קוס. דאס פריילין ווערט פייער־רויט, גיט איהם א קלאפ איבער'ן האנד און זאָגט מיט כעס: וואָס פאלט אייך איין, דאס שיקט זיך דאָך ניט!

— איך וויים, ענטפערט ער געלאסען, א קוש שיקט זיך ניט, און דארום האָב איך עס אייך אליין געבראכט.

## אַ קליינער טעות.

אפּאָטהעקער (צום דיענער:) „זעה דאָ, טשאלי נעהם דיעזעס שאכטעל פילען און טראָג דאס אוועק צו הערר לעווענטהאל. און זאָג, אז דער דאָקטאָר האָט געהייסען דער קראנקער זאָל איינגעהמען צו 2 פילען א שטונדע; אָבער

ארונטער שלינגען, ניט קייען מיט דיא צייהן. דאן, אום דיר איינצושפּארען א וועג, טשאלי, נעהם אויך מיט דיא זעקס גענז פון דאנען און לאָז זיי צוריק ביי מיר אין דער היים."

טשאלי האָט אָבער געלאָזען דיא פּילען ביים אַפּאָטהעקער אין דער היים און געבראכט דעם קראנקען דיא גענז, וועלכען ער האָט געהייסען איינגעהמען „צו 2 אין א שטונדע; אָבער ארונטער שלינגען, ניט קייען."

## נעלעבט אין טעות.

אין א וואָגען זענען געזעסען צוויי מענשען. איינער האָט זיך געחאפּט, אז מען האט ביי איהם דיא נאָז־טיכעל ארויס גענגבעט, און האָט חושד גע־ווען אין דער גנבה דעם צווייטען, באלד אָבער האָט ער דיא טיכעל געפונען ביי זיך אין דער צווייטער קעשענע.

— זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב בטעות אייך חושד געווען.

— בארוהיגט אייך; מיר האָבעןביידע געלעבט אין טעות: איהר האָט מיך גערעכענט פאר א גנב און איך אייך פאר א פיינעם מענשען.

## אַ וואונדער.

— איהר ווייסט, ר' חיים, גרשון חיענעס האָט אייך בארעדט:

— דאָס וואונדערט מיך, האָט חיים געענטפערט, איך האָב איהם נאָך קיין מאָהל קיין טובה געטהון.

## אַ צוגלייכעניש

— וויא איז דיר ניט מאוס אזוי שפּעט צו ליעגען און שלאָפען? עס איז דאָך שוין א פּאָר שעה וויא דיא זון איז אויפגענאנגען.

— א צוגלייכעניש! דיא זון לייגט זיך אין אָנהויב אבענד, און איך בין געזעסען ביז א האלבע נאכט.

## דער שטעקען שלאָגט ניט.

א גביר האָט זיך געמאכט א רגילות ניט גלויבען אין דעם, וואָס איהם האָט ניט געשמעקט.

— ס'איז ליגענד, גלויבט ניט — פּלעגט ער שטענדיג רעדען, אז מען פּלעגט איהם דערצעהלען אזאך, וואָס איהם געפעלט ניט.

א מאָהל איז צו איהם צוגאסט געקומען זיינער א בעקאַנטער. דעם גביר'ס באַליעבטער הונד האָט זיך א וואָרף געטהון אויף'ן גאסט און איהם אַזא שטאַרקען ביסס געטהון אין פוס אז ער איז אויפגעשפרונגען פיר ווייטאָג.

— גיט האָט קיין מורא — האָט דער גביר געזאָגט: מיין הונד בייסט ניט.

דער גאסט האָט געחאַפּט זיין שטעקען און גוט אָנגעקלאַפּט דעם הונד.

— האָט קיין מורא—האָט ער צום גביר געזאָגט: מיין שטעקען שלאָגט ניט.

## אַ פויער ביים צאָהן־דאָקטאָר.

א פויער איז געקומען צו א בעריהמטען צאָהן־דאָקטאָר מיט א קראַנ־קען צאָהן דער דאָקטאָר האָט איהם דעם צאָהן אויסגעריסען אין איין הרף עין און—גאָר אָהן יסורים.

— א מאָלאָדיעץ! וויא איך בין א מענש – האָט דער פויער געזאָגט צו פריעדין און געפרעגט פיעל קומט איהם דער פאַר?

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט, דאָס פון רייכע נעהמט ער א גרויסע געצאָהלט און פון איהם וועט ער נעמען סך הכל א האַלב קערביל, אויב ס'איז פאַר איהם צו שווער.

— א פיינער סך הכל! איהר לאַכט, צו וואס? דער רופא האָט מיר ניט לאַנג געריססען א צאָהן, האָט ער מיר אפשר א שעה אופ'ן זיינער אַרום גע־שלעפּט איבער'ן גאַנצען הויף און פאַר אַזוי פיעל טרחה האָט ער נאָר גענומען איין צעהנער און איהר האָט נור א קאַלופּע געטהון מיט'ן פינגער, ווילט איהר א האַלב קערביל.

## נעבליבען א נאַר.

א בעל הבית האָט ניט געקענט אויס האַלטען פון דיא ווייסע חברה־ניקעס וואָס פלעגען צו איהם אין פענסטער ווארפען קולקעס און שטיקער שניי. א מאָהל האָט עס איהם שטאַרק דערעסען, ער איז אויף דרויסען אַרויס געלאָפען מיט א קאַנטשיק אין האַנד, האָט געחאַפּט א יונגעל און גענומען איהם שמייסען.

חאַ, חאַ, חאַ! האָט זיך דאָס געשמיסענע יונגעל צו לאַכט.

וואָס לאַכסט דוא? האָט דער בעל הבית געפרעגט פערווינדערט.

בעט! איהר זענט געבליבען דער נאַר: דיא קולקעס און שטיקער שניי האָט געוואָרפען גאָר א'נ'אַנדערער, ניט איך.

## נערעכטיגקייט.

א יוד האָט פערשפּיעלט א משפּט. ארויסגעהענדיג פון געריכט, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אונטען נעבען דיא טרעפּ, בעקוקען דאָס מארמערנע בילד פון טהעמידאָ (דיא געטטין פון נערעכטיגקייט ביי דיא אמאָליגע גריעכען), וועלכע איז דאָרטען געשטאנען.

— וואָס איז דאָס פאר א פיגור? האָט ער געפרעגט דיא פארבייגעהער.

— נערעכטיגקייט.

— אזוי! .... יעצט וואונדער איך זיך ניט וואָס זיא איז אינוועניג ניטאָ!..

## א קלוגע פרויא.

א מאן האָט אויף געהערט ליעבען זיין ווייב, ווייל זיא האָט געבוירען זיבען טעכטער און ניט איין זוהן. אקליינינקייט אָהן א קדיש שטארבען! .... און אפשר וועט ער נאָך דארפען דערפאר מגולגל ווערען?! .... בקיצ ר א גט!

— גוט, זאָגט דאָס ווייב, איך בין מסכים. קעהר מיר נור אום אלעס, וואָס איך האָב דיר געבראכט, חתונה האבענדיג מיט דיר.

— אָ, יא! ביז א סענט גיב איך דיר אוועק דיין נדן!

— ניין, מיין מאן, דאָס איז גאר נישט - איך וויל, דוא זאָלסט מיר אומקעהרען צוריק מיין מיידילשע שעהנקייט, מיין אמאהליגען כח, מיין יוגענד!.

דער מאן האָט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּף, געלעבט ווייטער מיט זיין קלוגע פרוי און געהאט א גוטע עלטער.

## דער לעהרער מיט דיא תלמידים.

א לעהרער האָט ערקלעהרט דיא תלמידים, וויא אזוי דער ערד־קוגעל איז פון וואסער און ערד, און כדי צו זעהן אויב זיי פארשטעהן, האָט ער זיי א פרעג געטהון:

— וואָס ווערט פון וואסער און ערד?

— א בלאָטע, האָבען דיא קינדער געענטפערט.

## צו א בעליעבטע פריילין.

— וואָס וואָלט איהר, פריילין, געטהון, ווען דער מענש, וואָס ליעבט אייך שטארק, זאָגט עס אייך פריי ארויס?

— איך וואָלט יענעם אויס געפּאטשט.
= נאט אייך זשע מיין באק.... נור פּאטשט ניט זייער שטארק.

## דער נייער רב.

א נייער רב איז געקומען אין א שטעדטיל; ער האָט זיך געוואָלט בעקאַנ־נען מיט דיא בעלי הבית'ים, ער איז אריין אין א שטוב, וואו ס'האָט זיך געהערט א קריעג, און פרעגט, ווער איז דאָ דער בעל הבית?
— זעצט זיך צו, רבי, און ווארט אווייל, האָט געענטפערט א זקן: מיין זון און שנור זענען טאקע פארנומען מיט דער פראגע.

## דער דאָקטאר א שכור.

א בעריהמטער דאָקטאָר איז געווען זעהר שכור, ווען מעז איז געקומען נאָך איהם פון זעהר אַרייכער דאמע וועלכע איז פּלוצלינג קראנק געוואָרען, ער האט זיך ניט געקאָנט אָבזאָגען און האָט געמוזט געהן. דיא קראנקע איז געלעגען אין בעט. ער האט זיא אנגענומען פארן פּולס. האט ארויס גענומען דעם זייגער און גענומען צעהלען דיא קלעפּ פון פּולס ער האָט אבער מחמת שכרות קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן. ער האָט צוריק בעהאלטען דעם זייגער און מיט אברוגעזדיגען טאָן אויף זיך אליין האָט ער אונטערגעבורט־שעט: „פּע, שכור וויא לוט!“ ער האָט געהייסען דער קראנקער בלייבען אין בעט און מאָרגען פריא וועט ער א צווייטען מאָל קומען, נור מאָרגען אין דער פריה בעקומט ער אזא בריף: „ליעבער דאָקטאר! איהר זייט גערעכט איך קען עס ניט אָבלייקענען.... איך האָב אזוי.... פון ראסקאָש.... וויא גאָטט איז אייך ליעב, איהר זאָלט קיינעם ניט דערצעהלען וויא איהר האָט מיך נעכטען געפונען.... פאר אייער וויזיט האָט איהר דאָ א פינף און צוואנציגער“.

## ניט דארפען אנקומען צו דאָקטוירים.

צווישען דיא פּאפּיערען, וועלכע זיינען איבער געבליעבען פון זעהר אבע־ריהמטען דאָקטאָר, האָט מאן געפונען אפערהתמטען קאָנווערט, אויף וועל־כען עס איז געוועזען אָנגעשריעבען: „דער איינציגער און בעסטער סוד פון דער מעדיצין“ אויפ'ן טארג פון זיין ביבליאָטהעק האָט מען דעם פּאקעט פערקויפט פאר 10,000 דאָלאר, אויף עפענדיג דעם קאָנווערט, האָט דער

קיפער געפונען אין איהם א גרויסען בויגען פאפיער, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעשריבען מיט גרויסע אותיות": האלט דיא קאפף אין קעלט, דעם מאגען ריין, דיא פיס אין ווארמקייט, וועסט דוא קיין מאהל ניט דארפען אנקומען צו דאקטוירים.

---

א שניידער האט אויף גענעהט פיר א פראפעססאר זעהר שמאלע הויזען. דער פראפעססאר האט זיי ניט געוואלט צונעהמען.

— דאס איז נאך דער דיא לעצטע מאדע, האט געזאגט דער שניידער — מען קאן דאך ניט אבשטעהן פון דער גאנצער וועלט!

— אבער איך בעט אייך, האט געענטפערט דער פראפעססאר, וויא וועל איך זיך קענען נאכיאגען נאך דער וועלט אין שמאלע הויזען?!....

## ער האט חרטה:

— פלאי פלאים איז דיא ליעבע, האט איינער געזאגט: אויף מארגען נאך דער חתונה האב איך געוואלט פון ליעבע אויף עססען מיין פרוי און היינט.... היינט האב איך שטארק חרטה, וואס איך האב עס דאמאלס ניט געטהון.

## צוויי סוחרים.

צוויי סוחרים האבען זיך בעריהמט איינער פאר דעם אנדערען מיט זייער בריהשאפט און קאפף פערדרייעניס.

— איך וועל דיך פערקויפען צעהן מאהל, איידער דוא מיך איין מאהל, האט איינער געזאגט.

— געווים, האט דער אנדערער געענטפערט, פאר דיר וועט מיר קיינער א גראשען ניט געבען.

## א דאקטאר'ס גלייך ווערטיל.

מיינע פריינד זענען דיא קעכינס. האט א דאקטאר געהאט זיין שטענדיג ווארטיל. און אז מען האט ביי איהם געפרעגט וואס פאר א שייכות האט ער מיט זיי, האט ער געענטפערט, אז זיי סם'ען ביי אללעמען דיא מאגענס און דער מיט פערשאפען זיי איהם פדיון,

א געוויססער דאָקטאָר האָט זיך אמאָהל געלייגט פריש און געזונד של
פען און איז אזוי איינגעשלאָפען אויף אייביג. איינער אַ לץ האָט אויף ד
רויף געזאָגט „דער טוידט, אפנים, האָט פאר איהם מורא געהאט און 
צו איהם געקומען אין שלאָף.

## א אנטוואָרט פון א אלטען דאָקטאר.

ביי א נײַנציג יעהריגען דאָקטאר האָט מען א מאָהל געפרעגט, ווא
איז דיא סבה פון זיין לאנג לעבען.

— דיא סבה איז גאָר א פשוט׳ע, האָט דער דאָקטאר געענטפער
איך האָב מיין גאנץ לעבען געהאט א גרויסע הכנסה פון רפואות און אליין הא
איך זיי קיין מאָהל געברויכט.

## אין גאַס.

פאר וואָס פארקעמט איהר ניט אייערע האָאר? זעהט וויא זייא זענ
פולל מיט פעדערען און צוקאסטרעט?

פארשטעהט איהר מיך איך בין לא עליכם אזא בעל חוב, אז דיא האָ
אין קאָפּ זענען ניט מיינע, היינט צו וואס זאָל איך זיי פוצען.

## א גרויסער אמת.

אין א געוויסער שטאָט ר. איז אמאָהל געוועזן א גרויסע שריפה. פי
יודען זענען נעביך אומגליקליך געוואָרען. צווישען זיי איז אויך אָפּגעברע
געוואָרען א דאָרפסמאַן וועלכער איז ניט לאנג אריין אין שטאָדט און הא
מיט זיך געבראכט שיינע עטליכע רוביל. אלע יודין האָבען מסתמא געוג
וויינט און געקרעכצט, נאָר מעהר פון אללע האָט געוויינט דער דאָרפס־מאַן

וואָס וויינט איהר אזוי? „פרעגט איהם איינער ניט קיין מרה שחורה׳נ
ד׳ נתן וד׳ לקח, גאָטט האָט אייך געגעבען דאָס געלד און גאָטט האָט דא
ביי אייך צוגענומען“.

זאָל איך — קריינקען ענפערט איהם דער דאָרפס־מאַן מיט פייער
זאָל איך אמיתה משונה איינגעהמען, אויב דאָ איז געוועזן איין פרעס
אפילו איין גראָשין, דאָס האָב איך נאָך אַלין געבראכט פון דעם דאָרף“.

## אין וואגאָן.

מיין הערר! שרייעט א דאמע אין וואגאָן, זעהט וויא אזוי איהר לייגט אייער גלאז ווארג אויף דער פּאָליצע, עס וועט מיר נאָך פאלען אין קאָפּף.

נישקאָשע מאדאם, בעאונרוהיגט זיך ניט, דאָרט איז קיין גלאָז ניטא, עס וועט זיך גאָר ניט צו ברעכען.

## א קלוגע טאָכטער.

„מאמע! מאמע!"

וואָס איז דאָרט — מיין טאָכטער?

„א מויז איז אריינגעפאלען אין קריגעל מילך!

„נו — האָסט דוא זיא ארויס גענומען?

„ניין! איך האָב אהין אריין — געוואָרפען דיא קאַץ".

## נייגיערדיגקייט

„מאמע! פארוואָס איז ביים טאטען ניטאָ קיין האָאר אין קאָפּ?

— דאָס איז איבער דעם. וואָס ער קלעהרט אסך"

„נו — און וואָס איז ביי דיר אזוי פיעל האָאר אין קאָפּ"?

אך — טשעפּע זיך אָפּ פון מיר! וואָס פאר א־נ־איינגעגעסענער דוא ביסט!

* *
*

דיא פרויען זיינען וויא דער שאָטען, יאָגסט דוא זיך נאָך זיי, אנטלויפען זיי, קוים קעהרסט זיך אָפּ פון זיי, יאָגען זיי זיך נאָך דיר.

דיא „ליעבע" איז א מין עפּידעמישע קריינק אזוי וויא פּאָקען; כמעט אלע מענשען מוזען אויף זיך איבער טראגען דיזע קריינק, אנדערע טראָגען איבער דיזע קריינק גרינג, האָבען א ביסעל היטץ, רעדען א ביסעל פון פייער און דער נאָך ווערען זיי פּאָלקאָמען געזונד און אנדערע מוטשען זיך לאנג אויף דיזער „ליעבע קריינק" און גייען אָפּט ארויס מיט א געשטופּעלטען פּנים..

עס קען זיין אז מיט דער צייט וועט מען דערקלעהרען וויא אזוי צו שטעלען „ליעבע" אזוי וויא מען שטעלט פּאָקען....

פון היינטיגע אפיקורסים איז גאָר ניט אויס — צו האַלטען קלאָגט זיך א גרויסער עם־הארץ אמאָהל ווייס איך פלעגט מען זאגען „בואי כלה בואי

קלה״ אלס מיט קופין און היינטיגע אפיקורסים מאכען דאס פארקעהרט, זיי זאגען גאהר „בואי חלה בואי חלה״ אלס מיט חית׳ן.

## א ריכטיגע ברכה

איין רייכער אלטער מאן האט חתונה געהאט מיט א יונג ארעם מיידעל; צו דער חופה האט דעם מיידעלס פאטער זייביידען געבענשט: דער מיידעל האט ער געזאגט „פרו ורבו״ ווען ער האט געהאלטען דיא הענד אויף איהר קאפ, און דעם חתן האט ער געבענשט: ומלאו את הארץ:

## א קלוגער אנטווארט

א יונגעל פון 8 יאהר האט געוויזען אין א געזעלשאפט וויא שארף זיין שכל איז. – דיא אלע קלוגע יונגליך — האט זיך איין עלטערער מענש אפ גערופען פון דער געזעלשאפט — ווערען אויף דער עלטער נארעש.

— איהר זיינט אפנים יונגעל־וויים געוועזען זעהר אקלוגער, האט איהם דאס יונגעל גיענטפערט.

## דער שכור

א שכור האט זיך אן געשפארט אין א הויז און איז געשטאנען ביז שפעט אין דער נאכט. דער נאכט־וועכטער איז צו איהם צו געגאנגען און איהם גע־פרעגט וואס שטעהט ער.

— דיא גאנצע שטאדט דרעהט זיך ארום מיר, האט דער שכור זייא גי־ענטפערט, ווארט איך ביז וואנען מיין הויז וועט נעבען מיר פארביי געהן וועל איך אריין נעהן אין מיין שטוב אריין.

---

אויף א אקשען האט מען פערקויפט ביכער, צווישען זייא איז איין בוך געוועזען א יודישעס, האט דער אקשענער ניט געוואוסט דעם נאמען פון דעם בוך.

— וואס גיט מען פאר דעם בוך — האט ער אויסגערופען — וואס דער אנהויב איז צום סוף?

## א קלוגע כלה

א כלה האט פאר דער חופה זעהר געוויינט. וואס האסט דוא צו וויי־

נען? האט זיך דיא מוטער צו איהר אן גערופען — א מאן איז ניט קיין בער. וואס פעהלט מיר אז איך האב חתונה געהאט מיט דעם טאטען? עס איז מיר גאנץ גוט.

— האסט דוא דאך חתונה געהאט מיט דעם טאטען — האט דאס מיידעל געענטפערט — און איך האב חתונה גאר מיט א פרעמדען מאנסביל.

## א בריעף מיט גרויסע אותיות

איינער האט געשריבען א בריעף מיט זעהר גרויסע אותיות. — מען האט איהם געפרעגט פאר וואס ער שרייבט מיט אזעלכע גרויסע אותיות? האט ער געענטפערט, צו דעם וואס איך שרייב דעם בריעף, איז א טויבער.

* * *

— דער רעגען איז ווערט אוצרות געלד. האט איינער געזאגט צום צווייטען, שטייענדיג אויף דעם גאנעק פון שטוב און קוקענדיג אויף דעם רעגען: איצט וועט אלץ ארויס פון דער ערד.

— זאל גאטט משמר און מציל זיין! האט דער צווייטער געענטפערט: איך האב דארט דרייא ווייבער.

---

א פאטער רעדט איין זיין זוהן, אז אויפשטעהן פריה איז זייער גוט און דערצעהלט איהם א מעשה, אז איינער, וואס האט געהאט א טבע אויף שטעהן פריה, האט אמאהל פאר טאג געפונען א בייטעל מיט געלד.

— יא! ענטפערט דער זוהן, מסתמא איז דער וואס האט פארלוירען דאס געלד אויפגעשטאנען נאך פריהער.

---

א זקן, וואס האט ליעב געהאט דעם טרונק און געהאט א רויטע נאז פונ'ם בראנפען, זאגט אמאהל צו זיין אייניקעל, א יונגעלע פון א יאהר פיער:

— עסס, מיין נחת, מעהר ברוידט, פון ברוידט װעלען דיינע בעקעלעך זיין רויט.

— און דוא, זיידינקע, האסט געמוזט פיעל שמעקען ברוידט — האט דאס קינד געענטפערט תמ'עוואטע.

— כפל ווייסט דוא שוין ? האט איינער געפרענט ביי א קליינעם איננעל.

— יאָ.

— וויא פיעל איז איין מאָהל איינס ?

— אזוי ווייט האלט איך נאך ניט.

---

פרידריך דער גרויסער איז אמאָל קראנק געוועזן און האט געהייסען זיין קאמער דינער, ער זאל איהם לייענען דיא נאכט־תפלה. ווען דער קאמער דיענער איז געקומען צום אָרט : זאל דיך גאטט באשירעמען און געבען דיר זיין ברכה האט ער געלייענט : גאטט זאל באשירמען און בענשען אייער קייזער־ליכע מאיעסטעט.

— לייען ריכטיג, טויגעניכטס ! האט אויף איהם פרידריך א געשריי געטהון : ביי גאט בין איך אזא בשר ודם וויא דוא !

---

שיללער האט יונגערהייט ליעב געהאט שפיעלען אויף דער ארפע. דאס איז אבער ניט געפעללען געוועזן זיינעם שכן.

— הערר שיללער, האט דער שכן געזאגט, איהר שפיעלט וויא דוד, אָבער ניט אזוי גוט.

און איהר, האט גיענטפערט שיללער, רעדט. וויא שלמה, אבער ניט אזוי קלוג.

---

איין אונערטרעגליכער באָלבעטון (פלאפלער) האָט זיך א מאָהל געפונען אין איין געזעלשאפט מיט דעם באוואוסטען קאָמפאָזיטאָר וועבער'ן. ווען וועבער איז ארויס פון צימער, האָט דער באָלבעטון געזאגט.

— וואָס זאָל עס בעדייטען ? מיר האָט מען געזאָגט, אז וועבער איז זייער א קלוגער מענש און ער האָט אפילו איין מאָל דאָס מויל ניט געעפענט.

א טעות, האָט מען איהם געענטפערט — אין דער צייט, וואָס איהר האָט גערעדט, האָט וועבער אוודאי א מאָל צעהן געגעניצט.

---

— בעססער אלס א גלאָז ווײן איז גאָר ניטאָ, האָט א מאָהל אײנער גע־זאָגט אין א געזעלשאַפט.

— און מיר דוכט, אז א פלאַש ווײן איז נאָך בעסער, האָט א צווײטער געענטפערט.

---

— וואס איז א קראַסאָוויצע ?

— א גן עדן פאר דיא אויגען, א גיהנם פאר דער נשמה און א אומגליק פאר דער קעשענע.

---

דער באריהמטער געלעהרטער ניוטאָן האָט א מאָהל צום פרישטיק גע־וואָלט (סמיאטקע לויזע) אײער. דיא דינסט האָט אַרײן געטראָגען אײערי געקאָכטעם וואסער און דעם זײגער און זאָגט איהם, אז א סמיאטקע אײ דארף ליעגען אין געקאָכטעם וואסער דרײ מינוט. דיא דינסט איז ארויס פון צימער.

אז דיא דינסט איז אין אַצײט ארום אַרײן צוריק אין צימער „צו נעה־מען פון טיש“, האָט זיא איהם געטראָפען וויא ער האַלט אין האנד דיא אײ און דער זײגער איז געלעגען אין וואסער.

---

אין א געזעלשאַפט איז געקומען צו רײד וועגען נאררעשקײט. אײנער האָט זיך דער היצט און געזאָגט : נאָך מײן מײנונג דארף מען דעם, וואָס זאָגט א נאררעשקײט אויס פאַטשן דאָס פּנים און דעם, וואָס שרײבט א נאררעשקײט אויף הענגען אויף דער טהיר פון זײן אײגען הויז.

— און איהר מוזט ווײנען אין שכנית, האָט איהם א צווײטער געענטפערט מיט א שטאָך.

---

וואָלטער־סקאָטט האָט א מאָהל שפּאצירט מיט זײנעם אבעקאַנטען. אויף דעם וועג האָבען זײ געטראָפען א־נ־אָרימאַן. וואָלטער האָט דיא האנד אַרײן געדוקט אין קעשענע און האָט אבער קײן קלײן געלד געפונען.

— נא דיר א צווייגילדערנעם, מיין פריינד, האָט ער נעזאָגט דעם אָרימאַ
נור געדענק, אז דיא ביזט מיר שולדיג רעשט.

— זאָל אייך טאקי גאָט־ברוך־הוא בענשין דערפאר, האָט דער אָרימאַ
נעענטפערט, און איהר זאָלט דער לעבען ביז יענער צייט, ווען איך וועל אייך
אומקעהרען דאס רעשט.

---

א שרייבער האָט צו טהיילט אלע מענשען אויף דריי קלאסען: דער ער־
שטער קלאַס דיינקט, אז אלס איז אזוי, דער צווייטער געפינט, אז אלס אי
ניט אזוי, דעם דריטטען איז אלס איינס: צו יאָ אזוי, צו ניט אזוי.

---

— וויא רעכענסטו, מען קאָן יודלען לייען געלד?

— וויא? יודלען לייען געלד! און אז דוא וועסט איהם אפילו געבען צום
ברעכען, וועט ער דיר אומקעהרען?

---

— איהר באשולדיגט לייבקען, אז ער האָט אייך בע'גזלט? ווען איז ע
געוועז?

— בייא נאכט.

— דיא לבנה האָט געשיינט?

— ס'איז געוועזן אזוי פינסטער. אז אפייג אונטער דער נאָז וואָלט מע
ניט געזעהן.

— אָפשר איז ליכטיג געוועזן פון א שכנ'עשע שטוב?

— אויף א מייל ארום איז קיין שטוב געוועזן.

— אויב אזוי פון וואנען שזע ווייסט איהר, אז לייבקע איז געווע
דער גזלן?

— הערט איהר? ער האָט מיר א ליאפע געטהון איבער'ן קאָפּ, א
פונקען האָבען זיך געשאָטען פון מיינע אויגען און ס'איז דער פון געוואָרע
אזוי ליכטיג, אז מען האָט געקאָנט זעהן וויא אריין ציהען א פאָדים אי
א נאָדעל.

---

## א שאנדע.

א עלטערע פרוי וועלכע האָט דערזעהן איהר העבאם אין גאס, איז אריבער אויפ׳ן אנדער זייט, אלס מען האָט איהר געפרעגט דיא אורזאכע דערפון, האָט זיא געענטפערט, עס איז מיר א שאנדע צו ווייזען מיינע אויגען פיר איהר ווייל איך האָב איהר שוין א לאנגע צייט ניט געניצט.

## דיא ערגסטע שטראף.

א מאן איז געוואָרען אנגעקלאָגט פיר הייראטהען מיט צוויי פרויען, אלס עס איז פאָרגעקומען דער משפט, האבען דיא פרויען פערלאנגט פון ריכטער מען זאָל איהם געבען דיא ערגסטע שטראף וואס קומט פיר אזא פער־ברעכען! דיא ערגסטע שטראָף דארף איך איהם שוין ניט געבען, ווייל ער האָט דאס שוין אליין גענומען, מיט וואָס? ווייל ער האָט צוויי שווינער האָט דער ריכטער געענטפערט.

## אַ טעות

א פרוי איז געגאנגען צו א צאָהן־דאָקטאָר ארויסנעהמען א קראנקען צאָהן, זיא האָט אָבער א טעות געהאט און אריין צו איין אדוואָקאט וועל־כער האָט געוואינט נעבען דעם צאָהן־דאָקטאר, ווען דיא דינסט איז איהר ארויסגעקומען אנטקעגען, האָט זיא געפרעגט צו דאָ וואוינט דער מאן וואס רייסט צייהנער?

— ניין מיין ליעבע פרוי, האָט איהר דיא דיענסט געענטפערט — דאָ רייסט מען דיא הויט.

## וויא אין גן עדן.

א בעל הבית האָט זיך א מאָל בעריהמט אז אין זיין הויז וואוינען דיא שכנים וויא אין א גן עדן.

— עס איז אֶמת האָט איהם איינער געענטפערט, דיא צימערען זיינען בייא אייך וויא איינגע קברים און דיא שכנים פיהלען זיך וויא אויף יענער וועלט.

## עס וועט קיין חברה קדישא ניט בלייבען.

אין א קליין שטעדטעל, איז געשטאָרבען איינער פון דיא דאָרטיגע חברה קדישא. מען האָט איהם מטהר געווען, אנגעטהון זיינע אייבינגע קלייי־דער, פלוצלינג האָט דער „מת" זיך אויפגעכאפט, ער איז ניט געווען טויט, נור ער האָט צו פיעל אריבער געכאפט דיא מאָס אין טרינקען.

— וואָס טהוט איהר מיט מיר ?

— האָט דער לעבעדיגער בר־מנן אויסגערופען — אז מען וועט בעגראָבען אלע שכורים וועט דאָך בייא אונז קיין חברה קדישא ניט בלייבען.

## ער האט מורא צו וואַרטען.

— יונגער מאן ! איהר געפעלט מיר זעהר, אָבער איך דיינק אז מיין טאָכטער איז נאָך יונג צו הייראטהען. ווארט בעסער ביז זיא וועט עלטער ווערען און קריגען מעהר פערשטאנד.

— ניין, ביז דאַן האָב איך מורא צו ווארטען.

## צווייא פערליעבטע.

זיא : מיין ליעבער מאקס איך וועל מיט דיר חתונה האָבען, מיט דיר צוזאמען וועל איך זיין צופריעדען אפילו מיט ברויט און וואסער.

ער : זעהר גוט מיין ליעבע פענני, נו, איין זאך וועל איך מיט דיר אויסריידען אז וועגען ברויט זאָלסטו זאָרגען און איך וועל שוין זאָרגען פאַר וואסער.

## דיענסט און ווירטהין.

דיענסט : איהר ווייסט מאדאם איך האָב געוואונען דיא גרויסע געווינס.

ווירטהין : ווירקליך ? איך ווינש דיר פון טיעפען הערצען גליק, איך בעדויער נור, וואָס מיר וועלען זיך מוזען צו שיידען.

דיענסט : אויב איהר ווילט נור מאדאם קענען מיר ווייטער אויך בלייי־בען צוזאמען.

ווירטהין : וויא אזוי ?

דיענסט : ווען איהר זאָלט זיך שטעלען בייא מיר פאַר א דינסט.

## אין געריכט

ריכטער: וויא איז איך קיינע שאנדע צו ווערען א גנב צו ליעב איין האלבען דאלער?

גנב: איך שעהם מיך טאקע, נור איך שווער אייך, אז עס איז דארט מעהר ניט געווען וויא דער האלבער דאלער.

## ניט קיין הינגער

איין ארעמאן איז אריין צו א גביר בעטען א נדבה, דער גביר האט אבער אויף איהם אנגעשריען און געזאגט — דאס צו קיין אורחים גיט ער ניט.

איך בין ניט קיין אורח, האט דער ארעמאן געענטפערט, איך בין א הינגער א געבארענער.

אז דוא וואלסט געווען א הינגער, האט איהם דער גביר געענטפערט וואלסטו וויסען, דאס איך גיעב קיין נדבות ניט, ביסטו דאך א אורח און צו קיין אורחים גיעב איך ניט.

## בייא טאג אויך

א שנארער איז אריין אין א געשעפט שפעט בייא נאכט בעטען א נדבה, אזוי שפעט בייא נאכט געהט איהר שנארען, האט איהם דער ווירטה פערוואונדערט געפרעגט.

איך שנאר בייא טאג אויך, האט איהם דער שנארער געענטפערט.

## ניט גערונגען.

א מאן איז אריין אין א קליידער געשעפט קויפען א אנצוג, מען האט איהם געוויזען פערשיעדענע פון וועלכע ער האט איינעם אויסגעקליבען.

וויפיעל קאסט דיעזער אנצוג האט דער מאן געפרעגט, איהר דארפט אבער וויסען אז איך וויל מיך ניט דינגען.

זעהר גוט האט איהם דער בעל הבית פון געשעפט געענטפערט איך ליעב אזעלכע קונדען, איך פערשפאר פיעל צו ריידען, אלזא איך וועל בייא אייך ניט בעטען 30 ניט 25 אויך ניט 20 דאלער מיט 10 סענט נור גלייך 18 דאלער.

דער מאן האט נאך א מאל בעקוקט דעם אנצוג און געזאגט איך

וועל זיך טאקי ניט דינגען, איך האָב זיך פיינד צו דינגען; איך וועל איך ניט זאָגען 15 ניט 10 נור טאקע 6 דאָלער, אקוראט 6.

מאך! פּאַק איין דעם אָנצוג פאר דיעזען הערן, האָט דער געשעפטס־מאַן געזאָגט צו זיין ארבייטער.

## קיינער האָט זיך ניט בעקלאגט.

א בעזוכער אין סינג סינג האָט געפרעגט דעם אויפזעהר, אויב דער טויט אויפ׳ן עלעקטרישען טשער איז א לייכטער און פערשאַפט ניט קיין שמערצען.

— ביז יעצט האָט דער אויפזעהר געענטפערט — האָט זיך נאָך קיינער ניט בעקלאָגט.

## דיא ווירטהין מיט איהר דינסט

א ווירטהין האָט אויסגעזאָלצען צוויי פונט שמאַלץ, און האָט אָנגעזאָגט איהר דינסט: איך לייג מיר צו א ביסעל שלאָפען, גיב אכטונג, אז דאס שמאַלץ זאָל ניט פערשוואונדען ווערען, דער הונד וואָס האָט דער ווירטהינס צואה גוט געהערט, האָט גאר קיין שהיות געמאכט און האָט דיא צוויי פונט שמאַלץ גלייך פערטיג געמאכט.

אז דיא ווירטהין איז אויפגעשטאנען און האָט דיא שמאַלץ ניט געפונען, האָט זיא דיא גאנצע תוכחה אויף דער ארעמער דיענסט אויס געגאָסען, דיא דינסט שרייט אז דאס האָט געווים דיא קאַטץ דיא נאשערען אויף געגעסען.

מען האָט געכאפּט דיא קאַטץ, און מען האָט זיא אָבגעוואויגען, פּונקט צוויי פונט! שרייט דיא ווירטהין: נוּא רעכט! דאס איז דיא שמאַלץ, וואו איז דיא קאַטץ?

## גוט געענטפערט.

א חזן וואָס איז געווען א למדן און דערצו א רייכער בעל־הבית, האָט א מאָל אין געזעלשאפט פון זיינע בעקאנטע, (דאָרט איז אויך געווען עט־ליכע פון זיינע שונאים) זיך בעריהמט: אז צווישען חזנים איז ער א חזן, צווישען לומדים איז ער א למדן, און צווישען עשירים איז ער א עושר.

— דארויף האָבען איהם זיינע שונאים געפרעגט „און צווישען הינט?“

— צווישען הינט — האָט דער חזן געענטפערט — צווישען הינט, בין איך היינט דעם ערשטען מאָל....

## דער קלוגער רב.

א רב וועלכער איז ארומגעפאָהרען אין רוססלאַנד פערקויפען א ספר וואָס ער אליין האָט פערפאַסט, האָט זיך צוזאמענגעטראָפען אויף איין אכסניא מיט א היינטוועלטיגען יונגען מאַן א געגאָלטען. דער יונגערמאַנטשיק מיט דער גלאַטע מאָרדע האָט אָנגעהויבען שפּאַסען פון אַלטען רב און געזאָגט: „אָה צו וואָס דארף מען אייער ספר? וועניג ספרים האָבען מיר דען?"

— איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען — האָט דער רב געזאָגט — מיין טאַטע, עליו השלום, ווען עס פלעגט איהם ארויספאַלען א האָאר פון באָרד פלעגט ער עס בעהאַלטען אין א ספר. היינט וויפיעל ספרים דארף מען האָבען פאר א באָרד וואָס איז אין גאַנצען אָבגעגאָלט?

## אדוואָקאַט און קליענט

אדוואָקאַט. נו וואָס האָבען זיי געמאַכט מיט איהר בעל חוב? שוין פערגלייכט?

קליענט. אך, ער וויל א סענט ניט געבען!

אדוואָקאַט. וואָס זאָגט ער, וואָס איז געווען זיינע לעצטע ווערטען?

קליענט. „געה צום טייפעל"!

אדוואָקאַט. נוּא?

קליענט. בין איך גֶעקומען צו אייך....

## נאָך דער חתונה.

זיא: וואָס פאַר א לעבען האָסטו נעבעך צו געבראַכט אָהן מיר?

ער: א גוטען און א בילינגען.

## געשעפט אָהן געלד.

— פריינד, אָהן געלד איז גאָר ניט צו מאַכען.

איך, האָט איהם יענער געענטפערט, קען אָהן געלד אויך מאַכען געשעפטען.

— וואָס צום ביישפּיעל?

— שולדען ....

## ניט פערשטאַנען.

דאָקטאָר. אייערע פרוי געפעלט מיר עפּעס ניט אזוי, זיים איינינע טעג.
מאַן. און מיר געפעלט זיא ניט באַלד פון ערשטען טאָג נאָך דער חתונה.

## נאָך דער הויכצייט.

— ביסט עפּעס גליקליך געוועזען צו ליעבע ?
— זעהר אונגליקליך : מיין ערשטע ליעבע איז געשטאָרבען, מיין צווייטע האָט חתונה געהאַט פאַר איין אנדערן און דיא דריטע....
נוא ?
דיא דריטע בּיזט דוא מיין ווייב......

## זיא איז בייא איהם טהייער

וואָס מאַכסט דוא דינה ? וויא געהט דאס דיר ? ביסט דוא צו פריעדען מיט דיין מאַן ? האַלט ער דיר בכבוד ? ליעבט ער דיך ? — האָט דינה'ן געפרעגט איהרער איין אַלטער שכן. — אָט אַזוי אַפילו איז ער צו מיר גאַנץ קאַלט בלוֹטהיג, נור פון דעסט וועגען בין איך בייא איהם דאָך טהייער, איך האָב אַליין געהערט וויא ער האָט געזאָגט צו זיינעם אַ גוטען פריינד : ווען מיין ווייב וואָלט היינט געשטאָרבען, וואָלט איך געגעבען צוויי טויזענד דאָלער קבורה געלד.

## אַ טעות געמאַכט

דער געלעהרטער בישאָף מאָנסיע ד'אָגוג איז איינמאָל געקומען בעזוך־בען דיא קראַנקע מארקיזע דעקארט און זיטצענדיג אויף אַ שטוהל בייא איהר בעט איז איהם ארויסגעפאלען פון האנד זיין געבעט בוך. ער האָט זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען אנשטאַט דעם בוך דיא מארקיזע'ס אַ פאַנטאָפעל, וועלכען ער האָט אריינגערוקט אין קעשענע. ער איז דאַן געקור־מען אין דער קירכע אונד ארויף אויפ'ן אַלטאַר אבריכטען דיא צערמאָניעס. דיא ערשטוינונג פון אַלע אנוועזענדע איז געוועזען זעהר גרויס אַלס זיי דערזעהן אַז דער בישאָף שלעפּט ארויס פון קעשענע אנשטאט דער געבעט־בוך אַ פרויען פאַנטאָפעל.

## ער דערקענט זיך ניט

א דייטש איז איינמאל געקומען אין א אידישער אכסניא אין א רוסישער שטאדט. אלע צימערען זיינען שוין געווען פערנומען און דער דייטש האט זיך געמוזט צופריעדען שטעלען צו שלאפען אין איין צימער מיט א מאנאך. פארזאגענדיג אז מען זאל איהם אויף מארגען אויפוועקען גאנץ פריה, אום ער זאל קענען נעהמען דעם ערשטען צוג, האט זיך דער דייטש געלייגט שלאפען.

אויף מארגען האט א דיענער אנגעקלאפט אין טהיר:

„שטעהען זיא אויף! עס איזט שאהן שפעט!" ·עס איז נאך געווען פינס־טער און דער דייטש האט זיך שנעל אנגעטהון און איז אוועקגעלאפען צום באהנהאף. ער איז געקומען נאך מיט איינינע מינוטען בעפאר דערצייט אבציע־הענדיג קוים דעם אטהעם האט ער א קוק געטהון אין שפיעגעל אין ווארטס־צימער. וויא ערשטוינט איז ער געווארען ווען ער האט דערזעהן, אז ער האט אין דער איילע אנגעטהון דיא קליידער פון מאנאך.

„דער דומער יודע! — האט ער אויסגערופען — ער האט אויפגעוועקט דעם מאנאך אנשטאט מיך!

## מיסעס און פעדלער.

מיסעס: געהט, געהט! איך דארף גאר נישט. מען ווערט אויסגעריסען פון דיא שנארערס, פעדלער ארויס, פעדלער ארייו.

פעדלער: ענטשולדיגט מיר מיסעס, איך האב אייך געוואלט בלויז צייגען א נייעם מיטטעל געגען רויטהע האאר, זומער שפרינקלאך אויף'ן געזיכט און פרישצעז אויפ'ן נאז. גוד באי!

## געמאכט א מיסטייק.

א יונגער מאן איז אריינגעקומען אין א בארבער שאפ אין איסט בראדוויא און אנגעשריבען אויף א שטיקעל פאפיער „איך וויל א שייוו".

— ער איז שטום וויא א פגר! — האט איין בארבער געזאגט צום צווייטען, ווערענד ער האט אנגעהויבען שייווען דעם קאסטימער.

ער איז טויב וויא דיא וואנט — האט דער צווייטער אויסגערופען.

— ער האט א מארדע וויא האלץ.

— ער האט קעטשישע אויגען.

— ער האָט אייזעלשע אויערען.

— טויב וויא א טשאָלענטאָפּ.

דיא בארבערס האבען געלאכט און געוויצעלט זיך איבער דעם יונגען מאן דיא גאנצע צייט וואס מען האָט איהם געשייוט. ווען דער טויב שטומער איז אויפגעשטאנען פון ט׳שער האָט ער א פרעג געטהון:

— וויפיעל קומט אייך פאר׳ן שייוו מיט דיא קאמפּלימענטען?

— ענטשולדיגט — האָט דער בארבער אנגעהויבען צו שטאמלען — נעווער מיינד, קומט אריין א צווייטען מאהל, ענטשולדיגט, מיר האָבען געמאכט א מיסטייק.

---

איינער וועלכער איז געוועז ארעסטירט פאר מאכען פאלשע געלד, האָט זיך פערטהיידיגט, אז ער איז געצוואונגען געוועזען צו מאכען דיא פאלשע געלד, וויל אֶמת׳ע געלד איז דאָ זעהר ווייניג.

---

ער: איך קען קיין נייעם סעט פאָרניטשור ניט קויפען. מיינע געשעפטען טראָגען עס יעצט ניט.

זיא: איך וויס עס גאנץ גוט, אָבער איך וויל בלויז ציינגען אונזער שכנה, אז מיר קענען בעשטעהן צו ספּענדען געלד אזוי וויא זיא.

---

ווען א יאפּאנעזער פרויא געהט קויפען א קלייד מוז זיא זאָגען וויא אלט זיא איז און אויב פערהייראטה, ווייל פיר יעדען עלטער איז דאָ א בעזונדער פאסאָן, פערהייראטהע פרויען טראָגען ניט דיא זעלבע קליידער וואָס זיי טראָגען מיידעלוויז. דער רעזולטאט איז, אז יעדע פרוי אין יאפּאן זעהט אויס וויא געמארקט מיט א לייבעל און מען וויים דיא יאָהרען פון יעדע פרוי וואָס מען באגעגענט אין גאסס.

---

מען האָט איינמאָהל אָנגעזאָגט איין אפּיקורס אז מען האָט איהם ריינגעלייגט אין „ח״. דער אפּיקורס האָט דארויף געענטפערט: איך האָב

האָב זייא אין „ט“. דיא מעשה איז אַלט דאָך בלייבט זיא אימטער נייא.

## נעפרעגט איין עצה.

א יונגער מאן איז געקומען צו א לאָיער אין איסט בראָדוויי און גע־פרעגט איין עצה, אויב ער קאָן אנקלאָגען דעם מאן פון זיין מיסעס, בייא וועלכע ער שטעהט באָארד, פאר דעם וואָס ער האָט פון איהם אבגערעדט דיא מיסעס.

---

א דאָקטאר האָט זיך אמאָל בעקלאגט אז מעדיצינישע פראָפעסיאָן, טראָצדעם וואָס זיא האָט אזוי פיעל געדיענט דער מענשהייט, האָט דאָך בעקומען וויינינ אנערקענונג. זעהר וועניג מאָנומענטען האָט מען געשטעלט נאָך בעריהמטע דאָקטוירים.

— אָה, דאָקטאָר, — האָט איהם איינער געענטפערט — גיט נור א קוק אויף אונזערע סעמעטערים. יעדע מצבה איז א מאָנומענט נאָך א דאקטאר.

## דיא ענטשולדיגונג.

מאדאם בלום א הוט פאבריקאנט האָט זיך צוקריגט מיט דיא פרוי פון זיין פארטנער מאדאם גאָלד, אונד ער האָט איהר גערופען „קלאטשע“, דיא מאדאם האָט דעם הוט פאבריקאנט פערקלאגט און דער ריכטער האָט איהם פערארורטהיילט צו צאָהלען 25 דאָלער שטראף אונד ער זאָל דיא בע־ליידיגטע פרויא בעטען אום ענטשולדיגונג. בלום צאָהלט דאס געלד און פרעגט דעם ריכטער גאנץ קאָלטבליטיג:

„דאָס הייסט אלזאָ, אז א מאדאם טאָר מען ניט רופען קלאטשע?“

„איהר זייט דאָך דאפיר פערארורטהיילט געוואָרען, ווארום פרעגט איהר נאָך?“ בייזערט זיך דער ריכטער.

„איך וויל אָבער וויסען אויב מען מעג א קלאטשע רופען מאדאם“,

„דאס מענט איהר וויא פיעל איהר ווילט“.

„אלזאָ“, ווענדעט זיך בלום צו דיא קלעגערין. „איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג, מאדאם“.

---

ערשטער: וויא אזוי איז דאס געקומען אז דוא האסט זיך צוקריגט מיט דיין פרוי?

צווייטער: איבער א קוסס.

ערשטער: א קוסס זאל פיהרען צו א קריעג, דאס איז טאקי א וואונ־דער.

צווייטער: זיא האט מיך געבאפט קוסענדיג אונזער קעכין.

---

אנ־אדוואקאט מיט א דאקטאר האבען זיך געאמפערט וועמעס פראפעסיע איז עלטער.

— מיין פראפעסיע — זאגט דער אדוואקאט – הייבט זיך אן כמעט גלייך פון בריאת העולם, קין האט געהרג'עט הבלין — האט האסט דוא שוין איין אונגאלאוונע פראצעס.

— און מיינע האט געענטפערט דער דאקטאר, הייבט זיך טאקע גלייך אן פון בריאת העולם. חוה'ן האט גאטט באשאפען פון ריפפ, וואס ער האט אויסגעשניטען פון אדם'ען — און האט האסט דוא א חירורגישע אפע־ראציע.

---

אויף א מערק, וואס איז א מאהל וויכטער דורך געפארען דאס קאלטע לאנד נארוועגיע איז אנגעפאלען א גאנצע סטאיע הינד און האבען איהם שיער ניט צוריסען. ער האט זיך אי׳נגעבויגען און געוואלט חאפען א שטיין, נור דער שטיין איז געוועזען צו געפרוירען צו דער ערד און ער האט איהם ניט גע־קאנט אב רייסען.

— וואס פאר א משונה'דיג לאנד נארוועגיע איז — האט דער מערק דער צעהלט ביי זיך אין דעם ווארמען פאטער לאנד: — הינד געהן דארט ארום פריי און שטיינער האלט מען צוגעבינדען.

---

דיא פראנצויזישע האפדאמעס האבען זיך געפארבט און געפודערט און האבען אויסגעוויזען, וויא געמאהלטע ליאלקעס. א מאהל איזביים פראנצאָ־

זישען קיסר געוועזן א טירקישער קאָנזול. דער קיסר פרעגט איהם, וויא גע־פעללען איהם דיא האָפדאמעס?

— איך בין — האט געענטפערט דער קאנזול: — אויף מאלעריי קיין מבין ניט.

— אלע חכמים און פילאזאפען זענען ארויס פון גריכען לאנד האט זיך באריהמט א יונגער גריך.

— דאריבער טאקע האט זיך דארט אפילו איינער ניט אבגעשטעלט.

---

— לייט מיר 20 רובעל, איך בעט אייך, האט איין יונגער הערר געזאגט צום צווייטען.

— איך האב ניט דיא עהרע אייך צו קאנען!

— דאריבער האב איך זיך געוואונדערט צו אייך, ווייל דיא וואס קאנען מיר, ווילען מיר ניט לייען.

## אַ פעריל און א פיש.

ביים טיש צו מיטטאג האָבען געסט דערצעהלט וואונדערליכע מעשות וועגען דעם, וויא אָפט טרעפט, אז מען געפינט ביי פיש אינעווייניג פעריל און אנדערע טהייערע חפצים.

— הערט א מעשה, וואָס מיט מיר אליין האָט געטראָפען — האָט זיך אָן גערופען א׳נ׳אלטער מאן, וואָס האט רוהיג אויסגעהערט אלע מעשות — בחור׳וויז בין איך געוועזן א׳נ׳אגענט אין איינע פון דיא רייכסטע היגע פאבריקען; איך האָב זיך דאמאלס, וויא ס׳פיהרט זיך געוועהנליך ביי יונגע לייט, פארליעבט אין א יונגע פרייליין און האָב מיט איהר געמאכט תנאים. גראדע האָט זיך געמאכט אז מיין ווירט שיקט מיך אוועק פון דאנען מכח געשעפט. ביים געזעגענען זיך מיט דער כלה האָבען מיר איינער דעם אנדערן פארשפראָכען שרייבען אָפטע בריעף. איך האָב זיך געזאָלט זאמען ניט לאנג. נור דאס געשעפט האָט מיך אבגעהאלטען אביסעל לענגער. ענדליך, אז איך האָב דאס געשעפט אָבגעפטר׳ט האב איך פאר מיין אברייזען פון דאָרט גע־קויפט פאר דער כלה א מתּנה, א רינג מיט א גרויסען ברילליאנט און בין אהן א נשמה געפלויגען אהיים צו דער כלה. אריין פאהרענדיג אין שטאדט האב איך זיך פאר געשטעלט, וואס פאר א פרייליכע באגעגעניש מיך ענט־

ווארטעט ביי דער כלה, וואס פאר א שמחה דארט וועט זיין.... אויף דעם וועג קויף איך א בלאט צייטונג און נעהם דער ווייל לייענען. פלוצים דערזעה איך א מודעה, אז מיין כלה האט חתונה מיט א צווייטען. פון כעס חאפ איך דעם רינג און טהו א שליידער אין ים. אין א צייט ארום איז מיר אויס געקומען א מאהל צו מיטטאגען אין א האטעל. מען האט דערלאנגט פיש, איך נעהם עססען און פלוצים דערפיהל איך אויף דיא ציין א הארטע זאך....

וואס, רעכענט איהר, איז עס געווען?

— דער רינג מיט דעם ברילליאנט! האבען אלע מיט שמחה אויס געשריגען.

— ניין; דאס איז געווען א ביין פון פיש.

---

דער באריהמטער ניוטאן האט א מאהל צו זיך אויף מיטטאג פאררופען א בעקאנטען און טאקע תיכף ומיד פארגעססען אן דעם. דער בעקאנטער איז געקומען צו דער צייט און האט געטראפען ניוטאנען זייער פערטראכט; ער האט איהם ניט געוואלט שטערען און האט זיך שטיל געזעצט צום טיש. דערווייל האט מען פאר ניוטאנען געבראכט זיין מיטאג. דער בעקאנטער האט גערעכענט, אז דער מיטאג איז פאר איהם און האט זיך גענומען צום עסען. אין א צייט ארום, אז ניוטאן האט זיך וויא ערוואכט פון זיין פארטראכטקייט, האט ער פארוואונדערט אנגעקוקט דיא פוסטע טעלער און געזאגט: אז איך וואלט ניט געהאט אזוינע אותות ומופתים פאר דיא אויגען, וואלט איך געווען גרייט שווערען, אז איך האב נאך הייגט ניט געמיטטאגט.

---

דער באריהמטער געלעהרטער קעננ יקאט האט זעהר ליעב געהאט פייגען. נעבען שטוב, וויא ער האט זיך באשעפטיגט האט געוואקסט א פייגען בוים. איין זומער איז אויף דעם גאנצען בוים געווען, נור איין פייג, דער פאר אבער איז זיא געווען זייער גרויס. קענניקאט פלעגט אלע טאג געהן ארום בוים און באטראכטען דיא פייג און כדי צו פארהיטען איהר פון א פרעמדע האנד, האט ער צו איהר צו געקלעבט א צעטיל מיט דער אויפשריפט: קעננ יקאטס פייג.

אויף מארגין האָט ער שוין דיא פייג ניט געפוננען און אויף איהר אָרט איז געהאָנגען א צעטיל מיט דער אויפשריפט: „א פייג קענניי־ קאָטיף.

---

דער גאסט (לייענענדיג דעם רעכנונג זיינעם פון גאסטהויז). זאָגט נאָר קעלנער, האָט דאָ ביי אייך אין גאסטהויז פיליכט „שיללער“ גענעכטעגט בעפאָר ער האָט געשריעבען „דיא רויבער“?....

*

דיא כלה מויד: אונפארשעמטער מענש! דער חתן האָט דאָך איין פוס א קורצען.

דער שדכן: חלילה דער פוס זיינער איז ניט קורץ, נור דער צווייטער איז אביסעל צו לאנג....

*

פיל מאָל זוכט דער מענש א זאך וואָס ער אליין האלט עס אין זיינע הענד......

*

„קרובים“ זיינען ניט אלע מאָל פריינדע, נור פריינדע זיינען אללע מאָל קרובים.

*

ווער עס יאָגט זיך נאָך גליקק. דער אנטלויפט פון צופרידענהייט....

*

דיא גוטע מענשען לערנען פון דיא שלעכטע, מעהר וויא דיא שלעכטע פון דיא גוטע....

*

דער זעלבער שטורם ווינד וואָס לעשט אויס א קליינעם פייער — בלאָזט אויף א גרויסען פלאַם....

*

עס גיבט פראגען, וואָס מיט דיא אקסלען איז בעססער צו אנטוואָרטען וויא מיט דעם מויל....

*

— איך קאן ניט שלאפען, וואס טהוט מען ?
— לייג דעם קאפף אויפ'ן קישען וועסטו קאנען שלאפען.
וואס הייסט, וואו דען לייג איך מיין קאפף ?
דיין קאפף לייגסט דוא אויף שמאדשטיק....!

*

— ביי אייך שטארבען פיעל מענשען.
— ניין ! ביי אונז זיינען פאראן נור צוויי דאקטורים.

*

דיא אינסטיטוטקע (דאס ערשטע מאהל אין קיך). מוטער ! איך וועל אין יעדער איי מאכען א לעכעל וועל איך קאנען זעהען וויא זיי קאכען און ווען זיי וועלן פערטיג ווערן.

*

דער גאסט (לייגט צו זיין נאז צו דער גאנז און זאגט) אך מיין גאטט זיא האט אנערוך !
קעלנער: האלט אייער נאז אביסעל ווייטער וועט איהר ניט פילען....

*

דער נייער מאדנער אריסטאקראט: שוין באלד פייערטאגע. דער שניי־דער האט מיר נאך ניט געבראכט מיינע נייע קליידער. איך וועל אפילו ניט האבען וואס צו פארמשכונ'ען. איך בלייב צו יום טוב אהן אגראשען !

*

דער פראנט: זאל איך קויפען אראק פאר 20 אדער 40 דאלער?
— וויא פיעל געלד האסטו ?
— קיין סענד, איך נעהם עס אויף בארג.
— אויב אזוי, איז גלייכער פאר 40 דאלער.

*

דאס 5 יאהריגעס מעדכען: מאמע אונזער שמואל וועט זיין אדירעק־טאר באנק:
— וויא זא קאנסט דוא דאס וויסען ? ער איז דאך יעטצט איין האלב יאהר אלט.
ווייל ער האט א פליך אין קאפף וויא אונזער דירעקטאר.

*

עס גיבט ביכער דיא מען קויפט אָבער ניט לעזט, מאנכע לעזט מען אָבער ניט קויפט מען, אויך אזעלכע וואָס מען קויפט ניט און מע׳לעזט ניט, נור מען — שרייבט זייא — .

*

מאנכע סודות וואָלט מען קיין מאָל ניט ערפאהרען ווען זיי זאָלען קיינע סודות זיין....

*

ביי א גרויסען איבערראשונג פליהען: ענטוועדער פּעטש, אדער קיסע, אָדער טרערען....

*

דער ריכטער (שופט). ווארום האָסט דוא אין דער פּאָליציי ניט גע־מאָלט אז דוא האָסט געפונען א בייטעל געלד?

— עס וואר שפּעט ביי נאכט.

— און אויף מאָרגען?

— אויף מאָרגען וואר שוין מעהר קיין געלד אין בייטעל....

*

שוין צוואָנציג יאהר האָב איך אייך ניט געזעהען איהר זייט נאָר ניט אָלטער געוואָרען!

— ווייל איך לעב גאָר ניט.....

*

דעם שדכן׳ס הויז: צו ערשט לויפט ער ארום ביז ער בעקאָמט דיא פּלאַץ.... נאכהער פיהרט ער צוזאמען א וואנד מיט א וואנד; לסוף לאָזט זיך אויס א בוידעם....

*

דריי נעמען האָט א מעדכען נאָך איהר חתונה: 1) „פרוי“. ווען דער מאַן איז מיט איהר פריילין.... 2) „ווייב“ — ווען דעם מאן טהוט וויי.... 3) „געמאַהלין“ אז זיא מאָהלט איהר פּנים מיט פּארב....

*

א גנב איז א מאָל אין אסטראָג געזעסען איינער אליין אין א צימער. ער האָט גענגב׳ט פון זיין שטרוי קישעלע א ביסעל שטרוי און האָט זיך אומגעקוקט אזוי וויא ער וואָלט מורא האָבען מ׳זאָל ניט זעהען, ער האָט דיא שטרוי בעהאלטען אין זיין קעשענע און האָט געזאָגט: אז איך האָב ניט קיינע

בעסערע ערטער וואו צו גנב'נען, וועל איך חאָטש גנבנען פון מיין אייגענעם קישען אום דיא מלאכה ניט צו פארגעסען.

*

דיא הינער זיינען אויך ניט גאָר אומשולדיגע בעשעפנים, זיי טהון אלע מאָל להכעיס: ווען אייער איז טהייער לייגען זיי ניט, נור דווקא ווען עס איז ביללינ....

*

זיא: וואָהין געהסט דוא?

— ער: א קלוגע פרויא פרעגט ניט איהר מאן וואָהין ער געהט.

— זיא: אָבער א קלוגער מאן דארף יאָ פרעגען זיין פרויא וואָהין זיא געהט?

— ער: אָ מיין קינד! א קלוגער מאן האָט גאָר קיין פרויא ניט....

*

א חזן האָט א מאָל פערלאנגט פון זיינע גבאים אז זיי זאָלען איהם העכערען שכירות. האָבען איהם דיא גבאים געפרעגט: ווארום קומט עס אייך? איהר הערט דען ניט דיא געלעכטער וויא דער עולם לאכט פון אייך וויא איהר שטעלט אייך נור ביי דעם עמוד.

— אָט טאקי דאריבער אליין — האָט דער חזן געענטפערט — ווייל איך האָב אזעלכע בזיונות, וויל איך חאָטש דאָס מ'זאָל מיר דאפיר גוט בעצאָהלען, האָב איך ניט קיין כבוד וויל איך לכל הפחות האָבען געלד.

## ניט פון איינע יאהרען און דאך פון איין עלטער.

א פערציג יעהרינער מאן האָט חתונה געהאט מיט א מיידעל פון צוואנציג יאָהר. און אלס מען האט מיט איהם אמאָל גערעדט פון דער אונגלייכקייט פון זייערע יאָהרען, האָט ער געענטפערט: „ווען זיא גיט א קוק אויף מיר ווערט זיא מיט צעהן יאָהר עלטער, און אז איך קוק אויף איהר ווער איך מיט צעהן יאָהר יונגער — אָט זיינען מירביידע פון איין עלטער“.

## ווער האט חובות צו צאהלען.

— פאר וואָס וואשט דוא דיך נישט מיט מים אחרונים? ווייסט נישט אז מים ראשונים זיינען א רשות און מים אחרונים איז א חוב?

— געה נארר! ווער האָט היינט חובות צו צאָהלען?

## א ריכטיגער חשבון.

ווען דוא ווילסט וויסען אויף ריכטיג דיא יאָהרען פון א פרוי, זאָלסט דוא איהר פרעגען, וויא אלט זיא איז און וויא אלט איהר פריינדין איז, און צו רעכנען דיא העלפט יאָהרען פון איהר פריינדין צו איהרע יאָהרען, און וויפיעל עס קומט אַויס צוזאמען, זאָ איז דער ריכטיגער חשבון פון איהרע יאָהרען.

## פערזיכערט.

— דיין מאַן איז אזוי קראַנק, און דוא ביסט נאָך פרעהליך; וויא שעמסט דוא דיך ניט?

— וואָס רעדסט דוא, ער איז דאָך פערזיכערט אין לעבענס פערזיכערונג....

## אין געריכט

ריכטער. רעדט נישט פיעל, דיא לעצטע וואָרטען אייערע וואָס איז?

בעשולדיגער. איך וואָלט וועלען איהר זאָלט זיין אויף מיין שטעלע און איך אויף אייערע.

## אויך א קרענק.

א פרוי פאַלענד אין גאסס, און האָט א האנד צערבראָכען, איז זיא אריין אין ערשטען הויז וואו עס איז א שילד געוועזען, מיט׳ן אויפשריפט „דאָקטאָר", און געבעטען ביי איהם רעטונג.

— איך בין קיין דאָקטאָר מעדיציני, נור א דאָקטאָר פילאָזאָפיע, האָט זיך דער דאָקטאָר פארענטפערט.

— פילאָזאָפיע? האָט דיא פרויא פערוואונדער נאָכגערעדט און ערענסט נעפרעגט: וואָס איז דאָס, ליעבער הערר דאָקטאָר, פילאָזאָפיע פאר א מין קרענק?!

## חרטה!

— ניעבסט דואווירקליך נישט דיין ווייב קיין מאָל קיין געשאַנק?

— ניין.... נור איין מאָל אין מיין לעבען האבע איך איהר יאָ געגעבען, טהוט מיר נאָך ביז היינט באנג! ....

— וויא זאָ דען?

— א קידושין פינגערל אונטער דער חופה....!

## ביים קראנקען.

דאָקטאָר. דוא זאָלסט דריי מאָל טעגליך איינגעהמען דיא פּראָשקעס אָבער גאָר נישט עסען!

קראנקער. איך וועל דאָך פון הונגער שטארבען.

דאָקטאָר. דאָס מאכט נישט....

---

דער מלוה. (צום בעל חוב) איך פרעג אייך נאָך צום לעצטען מאָל: ווען וועט איהר מיר מיין חוב בעצאהלען?

דער לוה. (פרעהליך) צום לעצטען מאָל! געלויבט איז גאָטט! אָ, וויא גליקליך בין איך, אז איך וועל שוין סוף כל סוף פון אייערע וויזיטען פּטור ווערען.

## א קליינער אונטערשיעד.

צווישען א נדבה און א מתנה איז דער קליינער אונטערשיעד: אז דאָס לעצטע גיט מען אום יענעם צו זיך מקרב צו זיין און דאס ערשטע—אום פון יענעם פּטור צו ווערען.

---

א פראנצויזישער קאָראָלי האָט בעזוכט דעם פּויפּס ליעוו דעם 10טען, האָט ער זיך זעהר פארוואונדערט אויף דעם שיינעם פּאלאַץ וואָס דער פּויפּס איז געזעסען און אויף זיין רייכען מעבעל. האָט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און האָט איהם געזאָגט: „אין דער וועלט געשיכטע זעהען מיר אז אלע נביאים און גאָטליכע מענשען האָבען געלעבט זעהר אָרום און פּראָסט" ? — „אָמת טאָקי" האָט דער פּויפּס געענטפערט — „נאָר דאס איז אבער נאר געווען אין דיא צייטען ווען קעניגען האבען שאָף געפּאסעט".—

---

איין אלטער חכם האט זיין זון נעהייסען בריינגען פרוכט פון א געוויר־סען שטארקען בוים, און זאגט איהם: „צוברעך דיא פרוכט״, ער צוברעכט, „וואס זעהסט דוא אינוויינינ״? — עטליכע קערנדליך — „צו ברעך א קערענדעל״ — ער צוברעכט. — „וואס זעהסט דוא יעצט אינוויינינ? — „גאר נים״.— „שוטה איינער״ זאגט דער אלטער חכם: אט דארט וויא דוא זעהסט גאר ניט, דארט ליגט דיא גאנצע קראפט פון דעם שטארקען בוים״.

וואס האט דער אלטער חכם געמיינט דער מיט? וויל איך מיינע לעזער זאלען אליין טרעפען.—

---

א בעל ענלה וועלכער פלעגט שטענדיג ארום פאהרען מיט'ן טאלנער רבי'ן ר' דוד ז״ל האט זיך אמאל ערלויבט איהם פרעגען: „רבי! נאך וואס דארפען קומען צוויי משיח'ס: משיח בן יוסף און משיח בן דוד, איינער וועט דען ניט קאנען אויסלייזען דיא יודען״?

האט איהם דער רבי געענטפערט אומגעטראכט: „מיר מוזען האבען צוויי משיח'ס, איינער זאל אונז אויסלייזען פונעם גלות און דער צווייטער פון דיא בעלי ענלות.

---

דער בערימטער שרייבער „היינע״ בריינגט א שיינע פאטרע וועלכען איינער האט פערקלאגט אין סוד פאר א טאפ, און האט געטענעט: איך האב איהם אנטליהען א גאנצען טאפ און ער האט מיר אבגעגעבען א צו בראכענעם. האט דער יוד געענטפערט: איך האב דריי טענות א קענגען: איין מאל האב איך ביי דיר קיין טאפ ניט גענומען, אין צווייטען איז ער געוועזען צו בראכען נאך איידער איך האב איהם גענומען. אין דריטען, בעת איך האב דיר איהם אב געגעבען איז ער געוועזען גאנץ, וואס זשע האסט דוא צו מיר? —

---

א גענעראל האט געפרעגט ר' יונתן פראגער: פאר וואס זיינען יודען אזוינע גדלנים, זייערע עלטערען איז אנגעשטאנען רייטען אויף עזלען, און זיי פארען נאר מיט פערד? האט איהם ר' יונתן געענטפערט: דאס איז ניט פאר

גדלות נאר פאר עניוות, ווארים פון זינט דיא עזלען זענען חשוב און גרויס געווארען, האבען מיר אנגעהויבען פארען אויף פערד.

---

א שניידער האט זיך א מאל בערימט אז זיין זיידע איז געוועז א גרויסער מאן. — מיט וואס? פרעגט איהם דער צווייטער, ענטפערט ער: ווארים ער האט געקאנט זיצענדיג אויף דער באנק דערלאנגען א ברויט פון דער פאליצע.

---

איינעם א חכם איז אנגעקומען א בריעף אז זיין פאטער איז געשטארבען. האט ער איבער געלעזט דעם בריף און זאגט: עט עס איז א ליגען. פאר וואס? פרעגט איהם זיין פרוי, ווארום, ענפערט ער, עס איז ניט מיין טאטענס כתב.—

---

א פרוי האט א מאל געזאגט צו איהר מאן וועלכער איז שטענדיג געווען פערטיפט אין ספרים: „איך וואלט א בעלן געוועזן אויך זיין א ספר וואלסט דוא אויף מיר אויך געקוקט טאג און נאכט" — „יא" — ענטפערט דער מאן — „איך וואלט עס אויך א בעלן געוועזן, נאר ווייסט דוא וואסער א ספר איך וואלט געוואלט? — וואסערן? — א יאהר לוח" — וואס איז עפעס נאר א יאהר לוח? —

— פערשטייסט דוא — ווייל א יאהר לוח דארף מען אלע יאהר בייטען.

---

מען דערציילט אז אין סדום איז געוועזן א מנהג, אז עס איז געקומען איין אורח האט מען איהם געבייט ער זאל עפעס דער ציילען. אויב ער האט דערציילט איין אמת האט מען איהם געדארפט, לויט זייער געזעץ, הרגענען, און אויב עס איז געוועזן א ליגען האט מען איהם געדארפט היינגען. איין מאל איז צו זיי געקומען א קלוגער מענש און מיט זיין קלוגשאפט, האט ער זיי געזאגט אזא זאך וואס מען האט איהם, לויט זייער געזעץ, גאר ניט געקאנט טהון. וואס האט ער זיי געזאגט? —

ער האט זיי געזאגט: „היינט וועט מען מיך אויף היינגען“. נאך דיא ווערטער האט מען איהם שוין גאר ניט געקאנט טהון. ווארים אז מען וועט איהם היינגען וועלען זיך זיינע רייד זיין אמת. און פאר א אמת קומט דאך איהם ניט היינגען נאר הארגענען. און אויב מען וועט איהם הארגענען, וועלען דאך זיינע רייד זיין פאלש און פאר א ליגען קומט דאך איהם היינגען.

---

א פראצענטניק וועלכער האט קיין קינדער ניט געהאט, האט אפ גע־שריבען זיין פערמעגען זיינעם א פריינד, אז ער האט שוין געדארפט שטאר־בען האט ער צו איהם געזאגט: „אויב דוא וועסט מיר געבען א גוטען דיס־קאנט וועל איך דיר תכף סילוקען דאס געלט“.

---

איין ארעמאן איז ארום געגאנגען אין הייזער נאך נדבות און האט אג־מעטהום געזאגט אז ער איז א נשרף. האט איינער געפרעגט: „האסט דוא עפעס א כתב פון א רב אז דיא ביזט באמת א נשרף“? האט דער ארע־מאן געענטפערט: יאה איך האב געהאט א כתב נאר עס איז פערברענט געווארען בעת דער שרפה.

---

א שדכן האט גערעדט א שדוך איין ארעמאן, זאגט ער איהם: איך האב פון דיינעטוועגען א פרוי מיט אלע מעלות היינו: רייך, שיין, קלוג א. ז. וו. נאר איין חסרון האט זיא וואס זיא ווערט איין מאל אין דריי יאהר משוגע אויף א קורצער צייט. „גוט“, — האט דער חתן געענטפערט, — אויב אויף א קורצער צייט מאכט ניט אויס מעגסט אפילו באלד רעדען מיט איהר — „נייען“ האט דער שדכן געענפערט יעצט קאן איך מיט איהר ניט ריידען פון דיר, איך מוז ווארטען ביז זיא וועט משוגע ווערען אויב ניט וועט זיא מיך מיט א שטעקען ארויס טרייבען.

---

איינער פלענט מורא האָבען זאָגען חד גדיא פסח באנאכט, האָט איהם זיין פרויא געפרעגט: „פאר וואָס זאָלסט דוא ניט זאָגען חד גדיא אזוי וויא אלע יודען? — „פערשטייסט דוא“ — האָט ער געענטפערט — א ציגעלע וועלכעס מען פערקויפט אום האלבע נאכט פאר צוויי גולדען איז דאָס געוויס א געגאנבעטע.

---

אן איין הויז האָבען זיך פערזאמעלט צעהן רבנים אויף צו דאווגען במנין. נאָר אז מען האָט שוין געוואָלט אָן הייבען דאווגען איז ניט געווען ווער עס זאָל דאווגען פער'ן עמוד, א פלא ניטאָ א וואָרט עברי ביי קיינעם. פלוצלים האָט זיך אריין געיאוועט א בעל עגלה, האָבען איהם אלע ארום געשטעלט און זאָגען איהם: „דוא מוזט דא דאווגען פאר'ן עמוד“ האָט דער בעל עגלה געענפערט.— צום בעדויערען קאן איך קיין עברי ניט וויל מיין פאטער האָט מיך אויך געוואָלט אין דער יוגענד מאכען פאר א רב.

---

א מגיד האָט א מאל געדרשינט ראשי תיבות, זאגט ער: גוף מאכט: געוואלד וואָס פרעסט דוא, געוואלד וואָס פאָוסט דוא, אין דעם מאמענט קומט אריין דער גאון „בעל שאגת אריה“ רופט ער זיך אן גוף מאכט: געוואלד וואָס פלוידערסט דוא.—

---

א פרוי האָט געפרעגט א מאן: „ביז ווּאנען איז אָדם הראשון געזעסען אין גן־עדן“? — „ביז ער האָט בעקומען א פרוי“— האָט ער געענפערט.

---

א רביצין האט געפרעגט איהר מאן און זאגט איהם: דוא ביזט דאך א בעל רוח הקודש זאג מיר אויס ווען וועל איך שטארבען? האט דער רבי געענטפערט א וואסער א יאהר און וואסער א טאג קאן איך דיר ניט זאגען נאר איין זאך וויים איך אז דיא וועסט שטארבען ערב יו"ט. — זאג זשע מיר פאר וואס גאר ערב יו"ט? — וויל דעם צווייטען טאג פון דיין שטארבען וועט ביי מיר זיין יו"ט.

---

# א גוטע עצה.

אין קייפטאָון איז צו איין אַדוואָקאט געקומען א יונגע פרוי און ער־צעהלט מיט טרעהרען אין דיא אויגען, אז זיא אונד איהר שוועסטער גע־פינען זיך דאָ אויף דער דורכרייזע אין אַ האָטעל. זיי האָבען ביידע קליינע האַלביעהריגע בייבים, וועלכע זיינען אזוי עהנליך איינע צו דיא אַנדערע, אז זעלבסט דיא מוטערס קענען זיי ניט דערקענען און צו קענען אונטערשיידען איין קינד פון דעם אנדערען האָט מען זיי געקליידעט אין פערשיעדענע אנ־ציגע. היינט פריה איז געשעהען איין אונגליק; דיא דיענסטמעדכען האָבען געבאָדען ביידע קינדער און יעצט ווייס מען ניט וועלכע פון זיי געהערט צו דער ריכטינער מוטער. דער אדוואָקאט האָט א ווײַלע געטראַכט, דאן רופט ער זיך אָב: בערוהיגט זיך, מאדאם, פילייכט זיינען דיא קינדער גאָר ניט פערביטען. אָה, ניין, איך ווייס געוויס אז זיי זיינען פערביטען! רופט אויס דיא פרוי אין פערצווייפעלטע אויפרעגונג, אויב איהר ווייסט עס געוויס ענפערט ער, דאן איז דאָך גאנץ איינפאך דיא זאך אין אָרדנונג צו ברענגען; בייט זיך אָב צוריק מיט דיא קינדער.

# ווירקליכע ליעבע.

א יונגע מיידעל איז ארומגעגאנגען שפאַציערען אין איהר פאטערס גארטען א מאן האָט זיא געזעהן און אין איהר זיך גלייך פערליעבט. ער איז איהר נאָכ־געגאנגען.

— ווארום געהט איהר מיר נאָך? — האָט זיא איהם געפרעגט.

— ווייל איך ליעב אייך — האָט ער געענטפערט.

— און ווארום ליעבט איהר מיך — האָט זיא געפרעגט — מיין שוועסטער וועלכע געהט דאָרט ווייטער איז נאָך שעהנער פון מיר. געהט פערליעבט זיך אין איהר, אנשטאט אין מיר.

דער מאן האָט זיא געפאָלגט און איז אוועק. אָבער דיא אנדערע שוועס־טער איז געווען אלט און מיאוס. ער איז געוואָרען ענטטוישט און איז צוריק געקומען צו דער ערשטער און זיא געפרעגט:

— ווארום האָט איהר מיך אָבגענארט?

— און זיא האָט געענטפערט:

— איהר האָט מיך אויך אָבגענארט. ווען איהר וואָלט מיך ווירקליך ליע־
בען וואָלט איהר ניט געגאנגען זוכען א שׂעהנערע.

———

— איהר זאָלט אָבער וויסען – האָט א פרויא געזאָגט צו א יונגען מאַן
וועלכער האָט זיך געשדכ'ענט צו איהר טאָכטער — אז מיין עני איז ערצוי־
גען געוואָרען אין דעם שויס פון איבערפלוס.
— נעווער מיינד — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט — זיא וועט זיך
געוואוינען צו מיין שויס אויך.

———

א מענשענס וויססענשאפט דארף מען ניט אורטהיילען נאָך דיא זאכען
וועלכע ער וויים, נור נאָך דיא זאכען אויף וועלכע ער זאָגט „איך וויים
ניט".

———

ווען א בחור געפינט אויס א מיידעל וועלכע איז נאָך זיין מיינונג ווערט
אַלע גוטע זאכען פון דער וועלט, דאן בעט ער זיא זאָל איהם נעהמען.

———

א מאַן איז ניט לאנג אומגעוואָרפען געוואָרען פון א קאר, ווען א פאָ־
ליסמאַן האָט איהם געפרעגט אויב ער איז פערלעצט, האָט ער געענט־
פערט : איך וויים ניט. איך מוז פריהער זיך זעהן מיט א לאָיער.

———

אין א קליינע קאַנטרי שטעדטעל איז ערוועהלט געוואָרען א גרויסער
ביזנעס מ״ן אַלס סיטי מעיר. דיא שטאָדט האָט געלאָזט אויסבויען איין
ארקע, דורך וועלכע דער מעיר האָט געזאָלט דורכפאָהרען. פון דער ארקע
איז געהאנגען א גרויסע קרוין געמאכט פון טהייערע בלומען און אונטען א
גרויסע פלאַקארדע „ער האָט עס פערדינט". בעפאָר דער מעיר מיט זיינע
מארטשערס זיינען אהין אָנגעקומען האָט יעמאנד צוגענומען דיא קרוין פון
דיא בלומען און בלויז איבערגעלאָזט דיא לאנגע שטריק אויף וועלכע דיא
קרוין איז געהאנגען און צו דיא שטריק דיא פלאַקארדע מיט דיא ווערטער
„ער האָט עס פערדיענט".

———

פאטער. דוא ווייסט יענקעלע וואָס איז א נשמה?
קינד. א נשמה איז א בעל ענלה.
פאטער. וויא פאלסט דוא אויס זאָ וואָס צו זאָגען?
קינד. ווייל איך האָב געהערט, וויאַ דיא מאמא רופט בערל דעם בעל ענלה, ווען זיא קושט איהם מיין נשמה.

---

זיא. וועה איז מיר! דוא הערסט מיין מאן? מיר שיינט, אז א גנב קריכט צו אונז — ער קאן דיך בדלות שטעלען.
ער. איך וועל זעהער צופריעדען זיין, דען מיין גאנץ פערמעגען ביזט דוא מיין גאָלד.

---

דינסטמעדכען. נוא הערר דאָקטאָר, וואָס מאכט מיין מיסיס?
דאָקטאָר. איך האָב פאר־אייער מאדאם ליידער קיין מיטעל.
דינסטמעדכען. וועה איז מיר פארוואָס?
דאָקטאָר. דערפאר וואס זיא איז געזינדער פון מיר.

---

קינד. פאפא מאקס קוסט אונזער ליזען.
פאטער. דאס איז קיין זינדע מיין קינד, דען זיי זיינען חתן כלה?
קינד. ביזט דוא פאפא מיט אונזער קעכין אויך חתן כלה?

---

הערר. (צו אוואהלטהעטער) עדלער הערר איך בין געקומען פון אייך בעטען הילף פאר אנ׳אונגליקליכע פאמיליע, וועלכע האט שאָן פאר דרייא מאָנאַטען קיין רענט בעצאהלט און אויב זיי וועלען ביז מאָרגען דאס רענט ניט אריינטראָגען, וועלען זיי אלע מיט זייערע בעביעס ליגען אין דער גאס.
וואָהלטהעטער. ווער זייט איהר?
הערר. איך בין טאקי דער לענדלאָר ביי וועלכען זיי וואהנען.

---

פרויא. הערר דאָקטאָר איך גלויב אז מיין מאן איז פערריקט.
דאָקטאָר. ווארום דענקט איהר אזוי?
פרויא. ער האלט אין איין שרייען אז איך בין א משוגענע.
דאָקטאָר. זייט רוהיג מיסיס ער איז ביי זיין בעסטען פערשטאַנד.

דיענסט. איך פערשטעה גוט, בעל־הבית'טע, וויא שטארק ליעב האָט איך אייער חתן.

ווירטהין. אן וואָס פערשטעהסט דוא דאָס?

דיענסט. ווען אייער גנעדיגער חתן ליעבט מיך, וואָס איך בין אייער דיענסט, היינט וויא ליעבט ער שוין אייך, וואָס איהר זייט מיין ווירטהין.

———

מוטער. (צום קינד) בעוויז מיין קינד דער מוהמע דיין צונג, דען זיא איז א דאָקטאָרין.

קינד. וויא זאָל איך דאס טהון?

מוטער. מאך א לאנגע צונג.

קינד. אפשר זאָל איך איהר מאכען א לאנגע נאָז?

———

לעהרער. זאָג מאקסעל וואו האָט קין ערמאָרדעט זיין ברודער הבל?

מאקסעל. אין חומש אין דער סדרה בראשית.

———

קינד. (צייגענד אויף אנ'אָקס) מאמא דאס איז דער פּאַפּאַ?

מוטער. נאַריש קינד, דאָס איז דאָך אנ'אָקס.

קינד. נוא דוא זאָגסט דאָך אלע מאָל, אז דער פּאפּא איז אנ'אָקס.

———

ווירטהין. איך האָב דאך דיר אָנגעזאָגט דוא זאָלסט דיינע חתנים מעהר אין מיין קיך ניט פיהרען.

דיענסטמעדכען. נוא שא שרייט ניט אזוי, איך וועל זיי שוין ווייטער פיה־רען אין אייער זאאל.

———

ערשטער מוזשיק. וויא אזוי לויפט דאס דער באהן אָהן פערד.

צווייטער מוזשיק. ער לויפט ווייל ער איז פול מיט פּארע (דאמפף).

ערשטער מוזשיק. פאר וואָס זשע לויפט אונזער באָד ניט אוועק זיא איז דאָך אויך אלע מאָל פול מיט פּארע.

———

ווירטהין. ווענען בעדארפט איהר דאָ?

יונגער מאן. איך וויל א ביסעל פערברייננגען מיט אייער דינסט, מיין כלה.

ווירטהין. זיא קאָן מיט אייך יעצט ניט פערברייננגען. זעהט איהר ניט וויא זיא וויינט, דען איהר פאָטער איז געשטאָרבען.

יוננער מאַן. אָבער אייער פאטער לעבט דאָך. פיעלייכט קאָנט איהר מיט מיר א ביסעל פערברייננגען.

---

בערל. ערקלער מיר איך בעט דיך, וואס איז דאָס אזוינס קאפּיטאל און ארבייט.

שמערל. איך וועל דאס דיר ערקלעהרען ווען צום ביישפּיעל איך לייה ביי דיר הונדערט דאָלאר ווייסט דוא אז דאס איז קאפּיטאל ?

בערל. יא איך וויים, אז הונדערט דאָללאר איז א קאפּיטאל. וואָס זשע איז ארבייט ?

שמערל. אויפמאָנען ביי מיר דיא הונדערט דאָלאר וועט זיין דיא שווער־סטע ארבייט.

בערל. ווער איז געווען דער ערשטער משרת ?

שמערל. שכם בן חמור. ווייל ער האָט זייער ליעב געהאט דינען (דינה בת יעקב).

---

זרח. וויא מיר שיינט ביזט דוא פון דיין שוויעגער זעהר צופריעדען, דען איך זעה זיא הייננען ביי דיר אויפ'ן וואנד.

ברוך. איך וואָלט נאָך מעהר צופריעדען געווען ווען דוא זאָלסט זיא זעהן הייננען אויף א בוים.

---

בעטלער. ליעבער הערר שענקט א נדבה.

ווירטה. ווייסט איהר דען ניט, אז דאָ אין נויאָרק איז ניט ערלויבט געהען איבער דיא הייזער.

בעטלער. נוא טא קומט מיט מיר ארויס אין דער גאס וועל איך ביי אייך דאָרט בעטען א נדבה.

---

מאַן. ווארום ביזטו אזוי מיאוס, מיין ווייב ?

פרויא. גאנץ איינפאך, ווייל איך בין נישט איך !

מאַן. וויא הייסט דאָס ?

פרויא. ווען מיין מאמע האָט מיך צו דער אמם אװעקגעגעבען, האָט מיך דיא לעצטע פערביטען.

---

פרויא. טהייערער מאַן, מיר טהוט זעהער וועה דיא ציין, פיעלייכט ווייסט דוא א רפואה צו זייא ?

מאַן. יא, מיין לעבען! נעהם איין אביסעל אלקאָהאָל, וועט דיר אויפהע־רען וועה צו טהון.

פרויא. סטייטש, וויא אזוי קאן מאַן איינגעהמען אלקאָהאָל? איינגעהמען איז דאָך נאָר א מיתה משונה?

מאַן. פון מיינט וועגען קענסט דוא דאָס אויך איינגעהמען....

---

אלטע קאָקעטע. וועה געשריען א מאָל זיינען עפּעס דיא מענער פיעל העפליכער געווען.

הערר. דאָס איז דערפאַר, וואָס אמאָל זייט איהר פיעל יונגער און שענער געווען.

---

דאָקטאָר. איהר האָט געמוזט א טעות האָבען איך בין א דאָקטאָר פון פרויענקרייננק.

פּאַציענט. אויף אזא קריינק לייד איך טאַקי, דען איך האָב גרויסע שמערצען פון מיין פרוי.

---

סאָלדאַט. הערר הויפּטמאַן, איך בעט אייך דריי טאָגע אורלויב.

הויפּטמאַן. וואָצו ברויכט איהר אזוי לויב?

סאָלדאַט. מיינע טאַנטע ליעגט אם שטערבען.

הויפּטמאַן. אָלרייט איהר קאָנט צו איהר פאָהרען, אָבער דאָס זאָג איך אייך, דאָס ווען אייער טאַנטע וועט נאָך דיא דרייא טעג ניט זיין געשטאָר־בען, שיק איך אייך אויף צוויי וואָכען אין אררעסט.

---

— אזוי פריינד? דיינע אבצעהניעהריגע ניבטע איז דורך דיא פערהייראַ־טונג מיט דיין פיפ־ניעהריגען ברודער אויך דיין שווענערין געוואָרען. אלזאָ וויא רופסט דוא איהר יעצט, ניבטע אָדער שווענערין?

— יעצט רוף איך איהר: מיינע פערניכטעטע שווענעריןֿ.

---

דאָקטאָר. איך גלויב, אז הייטע געהט בייא אייך דער הוסט א ביסעל לייכטער....

פאציענט. איך דענק אויך אזוי, איך האָב דאָך א גאנצע נאכט געפּרעקטיסט.

---

חייקעל. פון וואנען איז געדרונגען, אז דאָס אידישע פאָלק ליעגט מעהר אין דיא ערד וויא אנדערע פעלקער?

מייקעל. דאָס שטעהט דאָך בפירוש אין פסוק: „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ“.

---

חייקעל. גיעב מיר שוין א מאָהל אפּ דיא 10 דאָלער וואָס איך האָב דיר געליהען?

מייקעל. הייטע איז קורץ פרייטאג, צאָהל איך קיין חובות ניט,

חייקעל. ביזט דוא משוגע? וויא קומט היינט קורץ פרייטאג, עס איז דאָך נאָך פּסח.

מייקעל. בהמה! וואָס פערשטייסט דוא ניט, הייטע איז פרייטאָג און איך בין קורץ אין געלד.

---

חייקעל. וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען חנוכה ליכט און א שלעב־טער פרויא?

מייקעל. חנכה ליכט מוז מען אנצינדען און זיי ברענען נור איין מאָל אין יאָהר, און א שלעכטע ווייב צינדט זיך אליין אן און פלאקערט א גאנץ יאָהר.

*

חייקעל. זאָג מיר נור מייקעל קריין, אפשר ווייסט דוא וויא אזוי מאכט מאן א האָרמאָט?

מייקעל. דאָס איז א פּשוטער שכל מיא נעהמט א לאָך און מיא בעגיעסט זיא פון אלע זייטען מיט בליי, ווערט דערפון א האָרמאַט.

חייקעל. וואו זשע נעהמט מאן אזוי פיעל לעכער?

מייקעל. דאָס איז אַ קליינינקייט, מיא נעהמט אַ ביינעל און מיא עסט איהם אויף, בלייבט דאָך איבער דיא לאָך.

חייקעל. אַ וואַ אַ וואַ! איך שטעל מיך פאָר וויפיעל מיליאָנען בייגעל דיא האראָמאטען פאבריקאַנטען עססען אויף.

———

חייקעל. וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען לומפּינגע בעאמטע און פאפיער?

מייקעל. גאָר פשוט. לומפּינגע בעאמטע מאכט מען דורך דיא פּייפּערס און פּייפּערס מאכט מען פון לומפּען.

———

חייקעל. פאָר וואָס זעטצט מען דעם חתן אייבענאָן אין ווינקעל?

מייקעל. ווייל אַ חתן קוקט נאָר אויפ'ן קרן (ווינקעל).

———

חייקעל. פאר וואָס איז מען אין כעס אויף אַנ'אלטען מאַן, ווען ער האָט חתונה מיט אַ בתולה?

מייקעל. ווייל אזא אלטער איז געגליכען צו אַ הינד, וואָס שטעהט נעבען אַ וואָגען הייא: ער עסט אליין ניט, און לאָזט דעם צווייטען זיך צו איהם ניט צוריהרען.

———

חייקעל. ווארום זאָגט מען, אז מיט'ן אֶמת קען מען גיך צו גאָטט קוממען?

מייקעל. ביים אֶמת ניסט מען, און אין ניסן איז גוט צו שטארבען.

———

חייקעל. ביזט דוא נאָך היינט אויך בעפריינדעט מיט פּייטלען?

מייקעל. ניין, דען ער איז אַ פאלשער מענש. מיר האָבעןביידע גע־ליעבט איין מעדכען, און דער סוף איז געווען, אז איך האָב געמוזט מיט איהר חתונה האָבען.

חייקעל. וואָס זאָגסט דוא, איך בעט דיך, צו דיא צרות, וואָס איך האָב פון מיין ווייב, וויא זיא ווערט אויף מיר אין כעס, ווייזט זיא מיר באלד איהר געוועזענעם מאַנס בילד.

מייקעל. ביי מיר איז נאָך ערגער. ווען מיין ווייב ווערט אויף מיר אין כעס, בעוויזט זיא מיר דאס בילד פון איהר קינפטיגען מאַן.

---

חייקעל. וויא געפעהלט דיר מיין נייגעבאָרענער זאָהן?
מייקעל. ער איז פונקט אין דיר געראטען.
חייקעל. דוכט זיך, ער איז צו מיר גאָר ניט עהנליך.
מייקעל. ער איז פונקט וויא דוא, דען ער האָט אויך ניט קיין האָאר און קיין ציין, אזוי וויא דוא.

---

חייקעל. זאָג נור, מייקעל, איז דאס אנ'אֶמת וואָס מען זאָגט, אז עס זיינען פאראן הינד, וועלכע קענען א מענשען פון גרעסטען אונגליק רעטען?
מייקעל. געוויס איז דאָס אנ'אֶמת. ביי מיר אליין האָט אזא געשיכטע געטראָפען, איך בין אמאָל געווען אין א נויט. מיר האָט אויסגעפעהלט פשוט אויף ברויט, האָב איך פערקויפט מיין הינד פאר דריי דאָלאר און בין אויף אפּאָר טעג פון גרויס נויט געהאָלפען געוואָרען.

---

חייקעל. ערקלעהר מיר, מייקעל, וויא אזוי קענסט דוא דא לעבען, ועהרענד דיין ווייב איז אין דיא בעדער, איך האָב דאָך אימער געהערט, וויא דוא פלעגסט זיא רופען „מיין נשמה".
מייקעל. איך האָב דאָס געמיינט מיין נשמה יתירה.

---

חייקעל. איז דאס וואהר, מייקעל, אז אונזער פריינד טרייטעל איז משוגע געוואָרען?
מייקעל. יא, דאס איז אמת.
חייקעל. איז דאס אויך וואהר, אז ער האָט חתונה געהאט?
מייקעל. ניין, אזוי ווייט משוגע איז ער נאָך ניט.

---

חייקעל. פאר וואס ווערט דער שטן מבולבול בשעת שופר בלאָזען.
מייקעל. ווייל אלע ווייבער גייען הערען שופר.

---

חייקעל. זעהסט דוא מייקעל דעם שילד, וואָס היינגט אויף יענעם

הויז, „דא האָט געוואוינט דער פּראָפעסאָר פּיפּערנאָטער" ווען דוא וועסט שטארבען וועט מאן אויף דיין הויז אויף א שילד אויסהיינגען.

מייקעל. וואָס וועט שטעהען אויף דעם שילד.

חייקעל. „דאָס הויז איז צו פערענטען".

———

חייקעל. ווען איך דערזעה דיך דערמאהן איך מיך וויא ריכטיג דאָס ווערטעל איז, אז דער וואָס האָט געלד דער האָט אויך שכל.

מייקעל. איך האָב דאָך אָבער קיין געלד.

חייקעל. הערסט דוא דאס מיין איך טאקי.

———

חייקעל. דוא האָסט געהערט מייקעל, פון מיין אונגליק?

מייקעל. וואָס?

חייקעל. מיין פרויא איז געוואָרען משוגע אויף מאָרגען נאָך דער חתונה.

מייקעל. און איך האָב זיא נאָך געהאלטען פאר משוגע צו דיינע תנאים.

———

חייקעל. פאר וואָס ווילסט דוא מייקעל, נעמען פאר דיין טאָכטער נור א לערנער און ניט קיין בעל מלאכה?

מייקעל. ווייל א בעל מלאָכה, ווען ער ווערט אין כעס אויף דיא ווייב, איז ער א שניידער ווארפט ער אין קאָפּף דיא שער. א שוסטער דעם קאַ־פּול און ז. וו.

חייקעל. און א לערנער קען דאָך איהר ווארפען א גמרא אין קאָפּ.

מייקעל. געה דוא שוטה ווען האלט דאָס א לערנער נאָך דער חתונה א גמרא.

———

חייקעל. פאר וואָס טראָגסט דוא, מייקעל, א טיכעל אום שבת?

מייקעל. פאר וואָס זשע טראָגסט דוא אום שבת.

חייקעל. ווער? איך? וואָס טראָג איך דען?

מייקעל. א פערדעשען קאָפּ אויף זיך.

———

חייקעל. זאָג מיר נור מייקעל, פאר וואָס טראָגען דיא ליידעס אין אמע־ריקא זייערע פּאקעט ביכער אין דיא הענט?

מייקעל. זיי ציינען דאס זיי זיינען ניט קיין גרינע.
חייקעל. וויא אזוי ?
מייקעל. זיי ווייזען, אז זיי זענען שוין בא געלט.

---

חייקעל. זאָג מיר מייקעל, וואָס פאַר א מתנה זאָל איך שיקען מיין כלה זיא זאָל זיין צו פריעדען ?
מייקעל. שיק איהר אָפּ דיא תנאים.

---

חייקעל. פון וואנען קומסט דוא יעצט מייקעל ?
מייקעל. פון אנ׳אויסשטעלונג.
חייקעל. וואָס פאַר אנ׳אויסשטעלונג ?
מייקעל. דער לענדלארד האָט ארויסגעשטעלט מיינע כלי בית, אויפ׳ן סטריט.

---

חייקעל. פאַר וואָס ווערסט דוא מייקעל. ניט א שדכן ?
מייקעל. ווייל א שדכן בעדאַרף קענען זאָגען ליעגענס, און איך קען ניט.
חייקעל. שוטה ! אָט דאָס אליין וואָס דוא זאָגסט, אז דוא קענסט קיין ליגען זאָגען איז דער גרעסטער ליגען.

---

חייקעל. וואָס טהוט מאן ברודער וואָס פון טאָג צו טאָג ווער איך אלץ מעהר בעל חוב.
מייקעל. דוא ביזט פריינד גליקליך וואָס דוא קאָנסט קריכען אין חובות, מיר וויל שוין קיינער ניט באָרגען.

---

חייקעל. איך זאָג דיר, אז דאָ איז טאקע א עולם הפוך (א פערקעהרטע וועלט).
מייקעל. פון וואנען נעהמסט דוא דאס ?
חייקעל. איך ווייס, אז אין יוראָפּ ווען א פרויא געהט מיט איהר מאן שפּאַצירען, האלט זיא איהם צו ביי דער האנד און דאָ האלט ער זיא נאָר צו.

מייקעל. דאס איז א פשוטעה שכל: אין יוראָפּ, האַלט דיא פרויא צו דעם מאַן, כדי ער זאָל ניט אנטלויפען קיין אמעריקא און דאָ האַלט ער זיא צו, כדי זיא זאָל ניט אנטלויפען מיט דעם באָרדער.

חייקעל. איך זעה דאך אָבער, אז אלע געהען אזוי, קען דאָך זיין, אז איי־נע האַלט דאך גאָר צו דער באָרדער.

מייקעל. וואָס פערשטעהסט דוא דאָ ניט? דער באָרדער האט שוין פאַר איהר אויך מורא, זיא זאָל ניט אנטלויפען מיט א צווייטען באָרדער.

---

חייקעל. גיעב מיר אב מזל טוב, דען איך האָב דיא וואָך חתונה גע־האט.

מייקעל. מיר קומט נאָך א גרעסערער מזל טוב, דען איך האָב מיך דיא וואָך געגט מיט מיין ווייב.

---

חייקעל. האָסט דוא געטראָפען מיט דיין ווייב?

מייקעל. זעהר גוט געטראָפען.

חייקעל. נוּא און וואָס איז דיין שוויעגער פאַר א מענש?

מייקעל. זיא הערט גאָר דיא וועלט ניט.

חייקעל. אזא שלעכטע איז זיא?

מייקעל. ניין, זיא איז טויב.

---

חייקעל. וויא געפעלט דיר דיא חוצפה פון מיין באָרדער, ער האָט מיר היינט צוויי פעטש געגעבען?

מייקעל. נוּא און דוא האָסט געשוויגען?

חייקעל. ניין! איך האָב דיא גאנצע נאכט פון גרויס וועהטאָק געשריען.

---

חייקעל. וועלכע פרויא ווערט גיך יונג פון אלט?

מייקעל. אנ'אלטע מויד ווען זיא האָט חתונה ווערט זיא א יונג ווייבעל.

---

חייקעל. (טרעפט מייקלען, אום תשעה באב עססענדיג פלייש) אפיקורס! אום תשעה באָב עסט דוא פלייש?

מייקעל. (וויינענדיג) נאָך ניט גענוג, וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, זאָל איך נאָך קיין פליישׁ אויך ניט עסען?

———

חייקעל. וואָס טהוט א פרומער יוד צום סדר ווען ער האָט קיין מרור?
מייקעל. ער צייגט אָן אויף זיין ווייב און זאָגט! מרור זו.

———

חייקעל. ווארום שליסט מאן צו דיא טהיר ווען מען הויבט אָן זאָגען דיא הגדה?
מייקעל. ווייל פון אנהייב זאָגט מען דאָך כל דכפין ייתו וייכול.

———

חייקעל. וואָס איז דער אונטערשיעד פון איין שוחט ביז א מוהל.
מייקעל. דאָס איז א פשוטה זאך, א שוחט שניידט פון אויבען און א מוהל פון אונטען.

———

חייקעל. וואָס פאר נייעס האָט דיר דיין ווייב געבראכט פון דער אל-טער היימאט?
מייקעל. א קינד, פון וועלכען איך וויים ניט.

———

חייקעל. זאָג מיר מייקעל, דוא ביזט דאָך שוין א בחור אין יאהרען, פאר וואָס טהוסט דוא ניט קיין שידוך.
מייקעל. דוא ווייסט דאָך חייקעל, אז טהון איין שידוך דארף קאָסטען געלד און אויף דעם בין איך גאנץ קארג.
חייקעל. איך וועל דיר געבען איין עצה, מייקעל ברעך דעם קארג וועסט דוא טהון איין שידוך.

———

חייקעל. איז דאס אֶמת מייקעל, אז דיין בוכהאלטער איז מיט דיין קאַסע און מיט דיין טאָכטער אנטלאָפען געוואָרען?
מייקעל. יא, דאס איז אֶמת, אָבער וויא איך פערשטעה וויל ער תשובה טהון, דען ער צאהלט מיר אוים ביסליך ווייס.
חייקעל. אזוי? ער שיקט דיר אָב געלד?

מייקעל. ניין דערוויל האָט ער מיר נור מיין טאָכטער אריינגעשיקט.

———

חייקעל. ביי מיר איז איין שמחה, דען עס איז שוין אוועק איינינע וואָכען פון דעם טאג וואָס איך האָב געהייראטעט מיט מיין געליעבטע.
מייקעל. נוא, איז וואָס ?
חייקעל. און מיר האָבען זיך נאָך ניט פיינד.

———

חייקעל. וואָס זאָגסט דוא צו מיין שניידער ? ער נייט מיר אימער מיינע רעק אָהן פאקעטס.
מייקעל. מסתמא וויים ער פון דעם סוד, אז דוא האָסט ניט וואָס אין זיי צו לייגען.

———

חייקעל. דוא ווייסט, מייקעל, אז איך האָב מיט מיין פרוי זעהר שלעכט געטראָפען ? דען זיא האלט אין איין בעטען גט.
מייקעל. בייא מיר איז נאָך אנ׳ערגערע, מיינע וויל גאָר פון א גט ניט הערען.

———

חייקעל. וויא אזוי בענוצט מען דיא 4 רעגעלען פון רעבענען ?
מייקעל. גאנץ איינפאך : זאָגט א ליידי וויא פיעל זיא איז אלט, מאך א „כפל“, — א קלאָק מייקער — וויפיעל ער פערדינט, מאך א „חיסר“, און ווען דוא טרעפסט, אז דיין פרוי מאכט מיט דעם באָרדער א „חיבר“, זאָלסט דוא שנעל מאכען א „חילוק“.

———

חייקעל. איז דאָס אָמת וואָס מיא זאָגט, אז דיין ברודער בעקומט יע־דען טאָג זעהר פיעל ליעבע בריעף פון שיינע מיידלאך ?
מייקעל. דאָס איז א ליגען, מיין ברודער איז דער עהרליכסטער מאן אין דער וועלט, דיא בריעף, וואָס ער ערהאלט יעדען טאָג זיינען בילס פאר וואארע, וועלכע ער וויל ניט בעצאהלען.

———

חייקעל. דוא האָסט געהערט מייקעל ? דער קארנער דאָקטאָר ב... איז געפעהרליך קראנק.

מייקעל. ער קאָן דאָך זיך אליין קורירען.
חייקעל. דאָס וועט ער ניט טהון, ווייל קיינער וועט איהם דערפאַר בעצאהלען.

---

חייקעל. זאָג מיר נאָר, מייקעל, איבער וואָס האָסט דוא זיך דאָס גע'גט מיט דיין ווייב?
מייקעל. איבער א קליינינקייט. דערפאַר וואָס איך האָב מיט איהר חתונה געהאַט.

---

חייקעל. פון וואנען נעהמט דיא וועלט צו זאָגען, אז קנעלען איז שווע־רער פון האָלץ האקען?
מייקעל. גאָר פשוט. האָלץ האקען איז וואָס מיט א גוי מעהרער אלץ גרינגער, און קנעלען איז וואָס מיט א גוי מעהרער אלץ שווערער.

---

חייקעל. ווען זאָגט מען דריי לינענס מיט איין מאָל?
מייקעל. ווען דוא בעטסט ביי יעמאנדען באָרגען געלד און ער זאָגט דיר: יעצט (און ווען יאָ?) האָב איך ניט ביי זיך (און צו הויזע?) קיין קליינ־געלד. (און גרויס־געלד?)

---

חייקעל. איז דאָס אֶמת מייקעל, אז דוא האָסט זיך געוואָטען דוא זאָלסט פירציג טעג ניט עסען און פירציג טעג ניט שלאָפען?
מייקעל. יאָ. עס איז אֶמת, נאָך מיט צעהן טעג האָב איך דיא וועטע אָנגעפאנגען.
חייקעל. נוא וויא פיהלסט דוא זיך?
מייקעל. זעהער גוט, איך עס מיט אפעטיט און שלאָף זעהער גע־שמאַק.

---

ישובניק. איך וויל וויססען, רבי, פאַר וואָס זאָגט איהר. אז איך וועל פער־ליערען דעם דין תּורה?
רב. ווייל דוא האָסט ניט קיין עדות.
ישובניק. איך קען אייך, רבי, ברייגנען צוויי טהייערע עדות.

רב. נוער זענען זיי ?
ישובניק. אפאר ענדיקעס אויף פסח.

---

חייקעל. פאר וואס איז א קרש אזוי ווי דאס ערשטע בעשעפעניש פון גאטט ?
מייקעל. ווייל ער ווערט געמאכט פון „גאר נישט“ און מען ווייסט, אז עס איז גוט.

---

חייקעל. זאג מיר נאר מייקעל, ווארום האבען חתן כלה׳ איטמער נור ליעב צו פערברייננגען וואו עס איז פינסטער ?
מייקעל. כדי עס זאל זיי ניט „נגדיען“ קוקענדיג איינע אויף די אנדערע....

---

חייקעל. זעה א וואונדער וויא די טריינ׳ס געהן מיט פארע ?
מייקעל. בהמה איינער, דאס איז קיין נייס, ווען די אידען זיינען נאך געוועזן אין מצרים, איז מען שוין געפאהרען אין וועגען מיט פארע.
חייקעל. פון וואנען נעהמסט זיך דאס ?
מייקעל. עס שטעהט בפירוש אין פסוק: וישלח עגלות על פי־פרעה.

---

חייקעל. דוא ביזט דאך גאר קיין כהן, פאר וואס זשע נארסטו אפ דיין ווייב און מאכסט איין פדיון הבן ?
מייקעל. נאר איינער, מיין ווייב האט מיך אויך אפגענארט, עס איז ביי איהר שוין דאס דריטע קינד.

---

חייקעל. דוא ווייסט, אז מיין ווייב איז געשטארבען ?
מייקעל. (פערוואונדערט) וואס! דיין ווייב איז געשטארבען ?
חייקעל. יא, געסטערען האט מען איהר בעערדיגט.
מייקעל. איך האב דאך דיר געסטערען געזעהן אויף אנ׳אקשען.
חייקעל. דוא ביזט א גרויסער דום סאפ, ווייסט דוא דען ניט, אז ביז־נעס איז בעפאר פלעזשור״.

---

חייקעל. פאר וואָס ביזט דוא אויף מיין חתונה ניט געווען?
מייקעל. ווייסט דוא דען ניט, אז איך בין א כהן.
חייקעל. נוא איז וואָס?
מייקעל. ביזט דוא משוגע? דוא האָסט פערגעסען, אז א כהן טאָר ניט שטעהען אויף דעם בית הקברות?

---

חייקעל. וויפיעל איז שוין, אז דיין ווייב ליגט קראנק.
מייקעל. אז זיא וועט נאָך ליגען דריי וואָכען וועט זיין גלייך א חודש.

---

חייקעל. ווארום בעשיט מען א חתן אונטער דער חופה?
מייקעל. אז ער איז בעגראָבען זאָל ער זיין בעשאָטען אויך.

---

חייקעל. ווארום גייען חתן כלה געארעמט?
מייקעל. ער טאפט איהר דופק וויא לאַנג זיא וועט איהם ליעבען.

---

צדקה רעטעט פון טויט דעם מילדען, און דער טויט רעטעט פון צדקה דעם קארגען.

---

דער מענש איז געבוירען צום שמייסען: פאָרהער שמייסט איהם דער טאטע, נאָכהער שמייסט איהם דער רבי, נאָכהער שמייסט איהם דאָס ווייב, נאָכדעם שמייסען איהם דיא קינדער. נאָכדעם שמייסט איהם דער מלאך דומה.... נאָך אַלעם שמייסט מען איהם אויף יענער וועלט.

---

פרויענליבע איז גרעסער פון דער נאָהענט, מענשענליעבע איז גרעסער פון דער וויים.

---

ווען דיא ווייב איז יונג, ליעבט מען דיא קינדער צו ליעב דיא ווייב, ווען דאָס ווייב איז אלט, ליעבט מען דאס ווייב צו ליעב דיא קינדער.

---

דער קלוגער בעשולדיגט אין אַלע הינזיכטען נור זיך, דער נאַר אָבער, נור דען צווייטען.

דיא נאָדעל איז קליין און דין, און שפּייזט דיא גאַנצע הויז.

———

דער כאַנגעל לויערט צו פאַנגען זאַגאַר דעם פלייסיגען, דער אָבער לאָזט איהם אויף דער שוועל ניט הערויף טרעטטען.

———

עס איז פיעל אַנגענעהמער אָב צורוהען פון דער אַרבּייט, איידער ניט אַרבּייטען.

———

דיא אַלטע קוּראַציע האָט געהייסען בּלוּט לאָזען און ניט טרינקען קיין וויין און מען איז געזוּנד געוואָרען, היינט טרינקט מען וויין און מען לאָזט ניט קיין בּלוּט, און מען קרענקט ?!

———

היינטיגע הענדשקעס זיינען לענגער פאַר אַ מאָהליגע זאָקען, און היינטיגע אַרבּעל זיינען קוּרצער פאַר אַמאָהליגען שכל.

———

ווען קען מען דיא פרייהייט שעטצען ? ווען מען איז אין פעסטונג גע־שלאָסען.

———

צו וואָס בּרויכט מען פּאַפּיראָסען ? מען זאָל זיך קאָנען בּלאָזען געגען דען צווייטען !

———

איך האָב שוין דאָס אויך געזעהען, וויא פליגען פליהען הויך, און לייבּען ליגען אויף דער ערד.

———

א רבי זאָגט (צום תלמיד) : דוּא לעהרען, איך וועל זיך א ווייל לעה־נען שלאָפען — פאַר'ן לעהרנען, רבי, נעמט איהר דאָך געלד, טאָ לעהרנט איהר און איך וועל געהן שלאָפען, האָט דער תלמיד געענטפערט. – שטיל דוּא עז פּנים, איך נעם דאָך ניט שכר למוּד, נור שכר בטלה ! – האָט איהם דער רבי געענטפערט.

———

דריי שווערע זאַכען זיינען דאָ : אַ תענית פאַר'ן רייכען, יום טוב פאַר'ן אָרעמען, אַ גוּט וואָרט פאַר'ן קריטיקער.

איינער האָט פּראָטעסטירט געגען תורת משה, אז דאָס אָפּ־גטין א פרוי איז איינע מערדערליכע הארטקטערלאָזע בעהאנדלונג געגען דיא מענשהייט, — אויף דעם האָט איהם א קלוגער בעאנטוואָרטעט : בעסער זאָלען פיער מענשען לעבען מיט פערגעניגען, איידער צוויי מיט קרענקונג.

---

איינריכטען א קעניגרייך דויערט הונדערטע יאָהרען, פערניכטען = איי־ניגע טאָגען.

---

דריי ליעבען דריי, אָהנע אונטערשיעדונג, צו גוט צו שלעכט : דער פאָ־טער זיינע קינדער, דער מייסטער זיין ווערק, דער מאן זיין פאָטערלאנד.

---

עס איז פיעל גרינגער צו מאכען זיך פרום, וויא צו מאכען זיך קלוג, צו גלויבען — גרינגער וויא צו פערשטעהען, צו פערשפּרעכען — וויא צו ערפילען.

---

עס איז פיל גרינגער דעם מענשען ער זאָל געפינען טויזענד פעהלער ביי יענעם איידער ביי זיך איינעם.

---

נימאלס האָט נאָך קיין מענש חרטה געהאט אויף דעם וואָס ער האָט גוטעס געטהון.

---

וואָס דיא פרוי איז, א גוטע צו א שלעכטע, נעמט זיא אלץ פון איהר מאן, דיא ערשטע נעמט צו דאָס הערץ, דיא צווייטע — דיא גאלל.

---

דריי געהען גאנץ גלייך : דיא שיעף אויפ'ן וואסער, דער לאָקאמאטיף אויף דיא שינעס, דיא גליטץ־שיף (ליזשבעס) אויפ'ן גליטץ, און אלע דריי זיינען אין געפאהר.

---

זאָגאר א בלינדער מיט אלאָמען, נור צוזאמען, קענען ערגרייכען זייער ציעל.

---

דיא גרעסטע נקמה איז, צו פערגעלטען גוטעס פיר שלעכטעס.

---

אמאָהל האָבען אונזערע חכמים געזאָגט: כל המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תפלות, היינט זאָגט מען: כל המלמד את בתו תפלות כאלו מלמדה תורה.

---

ווען דער בלינדער פיהרט דען זעהענדיגען, מוזען ביידע פאלען.

---

דיא שטראפגעזעצטע זיינען גלייך וויא שפינוועב, דיא קליינע פליגעלאך פאללען הערייז, דיא גרויסע פאלען דורך.

---

ביים קויפמאן אין דיא אויגען זיינען אלע קויפער, ביים פערפאסער אין דיא אויגען, זיינען אלע לעזער.

---

א קנעכט איז געגליכען צו א בעזים, ער איז טריי, נור ווען ער איז ניי.

---

קוקסטו אויף דעם הימעל, פערגעס ניט אז דו שטעהסט אויף דער ערד.

---

ווען דיר גליקט דיא צייט, זאָלסט דו ניט מיינען ווייל דו ביזט קלוג, דו זעהסט דאָך פיעלע גרעסערע נאררען וויא דו, ווערען נאָך רייכער אלס דו.

---

וויא דער שענקער האָט ליעב דעם שיכור, דאָך וויל ער איהם זיין טאָכטער פאר קיין ווייב געבען.

---

עס איז גרינגער צו זיין קלוג פיר דען צווייטען, אלס פיר זיך.

---

זאָגאר מיט דיין שונא מעגסטו זיך בעראטהען (א עצה האלטען), נור וויסען זאָלסטו צו טהון פערקעהרט.

---

דער דאָקטאָר קען זיך ניט געזונד מאכען, דער ארעסטאנט קען זיך ניט פריי מאכען.

---

אין דער יוגענד דארף מען זיך לערנען צו קענען רעדען, אין די עלטערע יאָהרען דארף מען זיך לערנען צו קענען שווייגען.

---

נור דאן קען דער מענש זיך גליקליך רעכנען, ווען דאָס גליק אויף דאס אונגליק זאָלען זיין ביי איהם גלייכגילטיג.

---

קליינע קינדער זיינען קלוג, נאכהער לערנען זיי זיך פון די גרויסע, ווערען זיי נאררען.

---

דאָס געלד איז א שלעכטער הערר און א גוטער קנעכט.

---

האלסט דוא דיין סוד ביי זיך, איז ער ביי דיר פערקויפט, גיבסטו איהם אוועק דעם צווייטען, ביזט דוא שוין ביי איהם פערקויפט.

---

דער וואָס גיבט איבער זיין סוד איינע פרוי, דער בעהאלט זיין וויין אין א זיעב.

---

בעסער צו היטען אליין דעם סוד, איידער צו בעטען יענער זאָל'ן היטען.

---

זאָגט דיר נור יענער דאָס ער האָט א סוד, האָט ער שוין די ערשטע העלפט געזאָגט. די צווייטע העלפט—וועט ער דיר שוין מאָרגען זאָגען.

---

ווען עלטערען האָבען ניט קיין געלד איז א האלבע צרה, ווען קינדער האָבען ניט קיין שכל איז אגאנצע צרה.

---

וואָס איז דער אונטערשיעד פון קלוגען צום נאררען? דער קלוגער זעהט זיך הערום פאָרהער—דער נארר—נאָכהער.

---

ווען דער פעלדמאַן אַקערט ניט אום ווינטער, האָט ער ניט אויף זומער, ווען דער פוילער גרייט ניט אָן אום זומער, האָט ער ניט אויף ווינטער (די אלטע יאָהרען).

ווער איז דער נידעריגסטער מענש? דער וואָס וועגען איהם איז ניטאָ וואָס צו רעדען.

---

די ארמוטה איז א טאָכטער פון דער פוילהייט, און דאדורך האסטו מען דעם אָרעמאַן, ווייל מען רעכענט, דאָס זיינע ארמוטה קומט דורך פוילהייט.

---

אויב דו זאָגסט דו וועסט נארען דעם צווייטען, האָסט דו זיך שוין גענארט.

---

ניט מיט פיעל פיס קען די פליג לויפען, ניט מיט פיעל משרתים קען דיא שטוב גליקען.

---

דער שקר איז זעהר גרינג, דארום טראָגען איהם פיעלע.

---

וויא אונגליקליך איז דער וואָס לעבט אָרעם, אום צו שטארבען רייך.

---

וואָס ווענינער דו וועסט זיך ווינשען, וועסטו האָבען ווענינער מאנגעל.

---

עס איז לייכטער צו ערווערבען רייכטהום, אלס צו היטען רייכטהום.

---

אזוי וויא עס איז ניט שעהן פאר נאררען צו רעדען, אזוי איז ניט שעהן פאר קלוגע צו שווייגען.

---

דער קארגער איז געגליכען צו אנגעטרייען הינד: דער הונד היטעט זיין הערךענס געלד, דער קארגער היטעט זיינע יורשים'ס געלד.

---

דעם אָרעמאן פעהלט פיל, דעם קארגען פעהלט גאָר.

---

טהוא דעם שלעכטען ניט קיין גוטעס, וועט ער דיר ניט טהון קיין שלעכטעס.

---

בעסער צו זיין א נארר מיט דיא נאררען, איידער צו זיין א נארר ביי דיא נאררען.

---

זקנה, מאכט: זיפצען, קרעכצען, נוססען, הוסטען.

---

א גרויסער פרומער קלוגער יוד (רא"ק) האט געזאגט: הלואי וואלט איך אזוי געקענט ליעבען דעם צדיק וויא גאט האט ליעב דעם רשע.

---

פון וואנען שטאמט וואס דיא וועלט זאגט: „דיא מעשה האט שוין אבארד"? ווייל יעדערער לעגט צו אהאר, ווערט אבארד.

---

ווען דער שחרית וואלט ניט האבען אויף זיך דעם טלית און תפלין וואלט ער געהאט דעם אייגענעם פסק וואס מנחה און מעריב האט.

---

איין אפיקורוס איז געווארען א בעל תשובה. און אויף דער פראגע „עס שטעהט דאך כל באיה לא ישובון" (כדרשת רז"ל), האט ער געענטפערט, דער אפיקורוס האלט פון דעם פסוק אויך ניט.

---

א פראווינץ מענש האט זיך קורירט אין ווארשא, און צייט צוויי וואכען האט ער פערקרענקט 150 רובל.ביים רעכנונג מאכען האט ער אנגעהויבען וויינען און האט געזאגט: מיט אזא סוממע געלד האב איך דאך געקענט אין דער היים קרענקען מיט דיא גאנצע פאמיליע גאנצע צוויי יאהר.

---

איינער דערהערט ניט וויא יענער ריהמט איהם, כדי ער זאל נאך אמאל איבער זאגען.

---

חכמה אהן אמונה, איז גלייך וויא עס שיינט דיא זון אויף אייז און גליטש.

---

ער זאל וויסען אז אין שול איז קיינער ניטא נור גאט אליין, וואלט ער ניט געקומען דאווענען.

---

וארטען לאנג צו נעמען א פרוי, מוז מען איבער לאָזען יתומים.

---

ווילסט דוא דיין שונא אין גאנצען בעזיגען דאָס ער זאָל נימאלס אויפ־שטעהען געגען דיר, זאָלסט דוא מיט איהם שלום שליעסען.

---

בעסער זאָל מיין שונא זעהען אין מיין גליק, אלס איך זאָל זעהען אין זיין אונגליק.

---

אויב דער וואָלף וויל מיט דיר שלום שליעסען, זאָלסט דוא וואָס צום גיכסטען בעהאלטען דיינע שעבסעלאך.

---

דער צאהן דאָקטאָר: ביי מיר מוזען אלע פארביסענע און פארשלאָסענע מיילער, אויפגעעפענט ווערן.

---

דער ריכטער: ווייסט איהר וויא פיעל מאָהל איהר זייט שוין בעשטראָפט געוואָרען?

דער גנב: דאָס ברויכט איהר בעסער וויסען, וויל איך פארשרייב מיר נים אזעלכע זאכען אין בוך.

---

ווען מענשען אָרדנען זיך איין נאָך דיא געזעטצע איז גוט, נאָך בעסער ווען זיי אָרדנען דיא געזעטצע נאָכן מענשען....

---

פון קיין זאך קען מען זיך אזוי פיל נים אויפרעגען וויא צו הערען פון פרעמדע מענשען דאָס מען איז אויפגערעגט

---

דער חתן: בעסער דיא ערשטע קריג, איך מוז דיר זאָגען וויא באלד מיר וועלען חתונה האָבען. וועל איך זיין אייפערזיכטיג.

דיא כלה: איך דאנק דיר פאר דיינע אָפפענהערצינקייט. איך וועל זיך מיהע געבען צו זיין פאָרזיכטיג.

---

אז דער מענש ווערט ערהויבען דאַן ווייסט ער וואָס הייסט קנאה....

---

די אונגליקליכע ליבע ענדיגט זיך מיט — חתונה האָבען.

---

דער גאַסט: פאַר וואָס האָט איהר אייער גראָבען פינגער אריין געשטעקט אין טעללער זופּ?

דער קעלנער: עס שאַדעט ניט ווייל עס איז ניט הייס.

---

די קאָקעטקעס זיינען מיט אונז קיין מאָהל ניט צופרידען, זיינען מיר אייפערזיכטיג ערגערען זיי זיך. טהוּן מיר דאָס ניט, ערגערן זיי זיך נאָך מעהר.

---

דאָס חתונה האָבען איז אין לעבען איין וואָגען. דאָס ווייב זיצט אין איהם און דער מאַן מאַטערט זיך עס צו שלעפּען....

„קאָרטען" האָט מען אויסגעטראַכט אויף שפּיעלען; מיר האָבען אָבער א גרויסע טעות ווען מיר רעכנען, דאָס מיר שפּיעלען מיט די קאָרטען, ניין: די קאָרטען שפּיעלען מיט אונז, מיט אונזער שוואַכען חאַראַקטער און מיט אונזערע נאַטור פעהלערין....

די „ליעבע" איז איין קליין בריקעל, צווישען דעם גן־עדן און גיהנם....

---

די פרויען געדענקען דעם טאָג פון זייער געבאָרען און פאַרגעסען, אין וועלכען יאָהר דאָס איז געווען.

---

ווען צירונג וואָלט וועגען אפילו עטליכע פּוּד, וואָלט עס אויך פאַר פרויען ניט צו שווער געווען צו טראָגען אויף זיך.

---

א שטאַרקע פעסטונג און א פרוי א צנועה זענען גלייך: ביידען קען מען איינגעמען, ווען מען בעלעגערט אויף זיי א לאַנגע צייט; נור מיט דעם קליינעם אונטערשייד: די ערשטע פאַלט אריין אין די הענד פון שונא און די צווייטע — אין די אָרמען פון איהר געליבטען.

ע נ ד ע.

# שפּה חיה.

## אַ מעטהאָדע פיר קינדער צו לערנען לעזען, שרייבען און פערשטעהן העבּרעאיש.

## מיט 200 שעהנע אילוסטרירטע בילדער.

דער „שפה חיה" איז געמאכט געוואָרען אויף דעם זעלבען ארט וויא דיא נייעסטע ענגלישע און דייטשע ערשטע קלאס לעזע־ביכער, מיט שעהנע אילוסטרירטע בילדער. יעדער בילד שטעלט פאָר דעם אינהאלט פון דעם וואָרט און זאץ, וואס דאדורך האט דאס קינד שטארק חשק צו לערנען און לעזען, און פערשטעהט גאנץ לייכט אליין דיא בעדייטונג דערפון, אָהנע מען זאָל איהם דארפען ערקלעהרען.

דער „שפה חיה" לערנט דאס קינד שטופענוויז, פון אנפאנג אלף־בית ביז לעזען, פון לעזען ביז פערטייטשען ווערטער, פון ווערטער ביז פערשטעהן גאנצע זעטצע, און אזוי ווייטער, ביז ער פערשטעהט גוט דיא העברעאישע שפראך.

יעדער פאטער און מלמד קען מיט דיעזע מעטהאָדע גאנץ לייכט אָהנע שווערריגקייטען אין א קורצע צייט אויסלערנען דאס קינד צו לעזען, שרייבען און פערשטעהן „לשון הקודש", ווייל דיא שעהנע בילדער וועלען דאס קינד שטארק פעראינטערעסירען צו וועלען לערנען און וויסען.

בעזאָנדערס איז פיר דעם קינד זעהר גוט דיא שעהנע מעשה'לאך, פיינע וויטצען און קלוגע רעטענישען וואס קומט פאָר אין דער מעטהאָדע, ווייל דאס שטארקט איהם דעם זכרון ער זאָל אלעס געדיינקען וואס ער האט געלערנט.

דער „שפה חיה" איז אנערקענט געוואָרען פון אלע אייראָפּעאישע מלמדים פיר דיא בעסטע מעטהאָדע מיט קינדער צו לערנען, ווייל אויסער דיא גרויסע צאָהל שעהנע בילדער, איז ער אויך זעהר פּראקטיש צוזאמענגעשטעלט מיט א ריכטיגען סדר, וואס דאס איז דיא הויפּטזאכע אין א מעטהאָדע.

דער „שפה חיה" קאָסט אין רוסלאנד 50 קאָפּ. און דאך ווירד ער פערקויפט אין דיא צעהנדלינגע טויזענדער, אין יעדער חדר און תלמוד תורה ווירד יעצט קיין אנדער מעטהאָדע געלערנט מיט קינדער נור דער „שפה חיה".

אָט דיעזע ניטצליכע מעטהאָדע האב איך יעצט דאָ אין אמעריקאַ איבערגעדרוקט אויף א גאנץ פיינעם פּאפּיר און פערקויף פיר דעם פרייז פון בלויז

**10ס. בראָשירט און 15ס. פיין געבונדען.**

מ א כ ט ק י י ן מ י ס ט י י ק. ווען איהר געהט קויפען א מעטהאָדע פיר קינדער, פערלאנגט נור דעם „שפה חיה", ווייל דאס איז דיא לעצטע, בעסטע און לייכטעסטע מעטהאָדע פיר קינדער אויסצולערנען לעזען, שרייבען און פערשטעהן דיא העברעאישע שפראך.

גאנץ בעזונדער מאכען מיר אויפמערקזאם צו אלע אידישע לעהרער, מלמדים און פאטערס פון קינדער, צו פערלאנגען נור דעם „שפה חיה", וואס איז געדרוקט און ארויסגעגעבען בייא מאיר חינסקי 19 לודלאָוו סטריט, ווייל עס האט זיך לעצטענס געפונען א געוויסער פּובלישער וואס האט ארויף געדרוקט דעם נאמען „שפה חיה" אויף א גאנץ אנדערע מעטהאָדע, און דערמיט מיינט ער אָפּצונארען דעם אידישען פּובליקום.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען, וויא אויך ביים פערלעגער

**M. Chinsky, 19 Ludlow Street, New York.**

# דברי הימים
# לעם בני ישראל.
## מאת זאב יעבץ.

---

דער „דברי הימים לעם בני ישראל“ איז א העברעאישע מעטהאָדע פיר קינדער צו לערנען דיא געשיכטע פון אידישען פאָלק, און אין דער זעלבער צייט צו ערלערנען גרינדליך דיא העברעאישע שפראך.

דער „דברי הימים לעם בני ישראל“, דערצעהלט אין קורצען דיא גאנצע אידישע געשיכטע, פון דער צייט וואס אידען האבען אָנגעפאנגען צו עקסיסטירען ביז צו דער גענענווערטינער צייט, און א גוטע און לייכטע העברעאישע שפראך מיט נקודות.

יעדער פאטער און מלמד, וואס וויל אָהנע שוועריגקייטען דיא קינדער אויס־לערנען לעזען און פערשטעהן לשון הקודש, דארף נור מיט זייא קלאָר דורך לערנען דיעזע קורצע העברעאישע געשיכטע, וועלען זייא שוין נאכדעם אליין קענען לעזען און פערשטעהן העברעאיש.

אין דעם „דברי הימים לעם בני ישראל“ קומט פאָר אַלע העברעאישע ווערטער פון גאנץ תנ"ך, און ווען דאס קינד לעהרענט דורך דיעזע געשיכטע, איז אזוי גוט וויא ער האט דורך געלערענט גאנץ תנ"ך, וואס עס קומט אָן געוועהנליך מיט גרויסע שוועריגקייטען.

דער „דברי הימים לעם בני ישראל“, איז צו ערשט ערשיענען אין ירושלים, נאכדעם האט מען איהם איבערגעדרוקט אין ווארשא און אין ווילנא, אין רוסלאנד ווערט יעצט אין יעדער חדר און תלמוד תורה, אנשטאט תנ"ך, נור געלערענט דער „דברי הימים לעם בני ישראל“, ווייל ווען דאס קינד לערענט דורך דיעזע געשיכטע, וויים ער שוין אלעס וואס ווערט דערצעהלט אין תנ"ך, און אויך אלעס וואס מיט אידען האט פאסירט ביז היינטינען טאָג.

אָט דיעזען ספר „דברי הימים לעם בני ישראל“, האב איך יעצט דאָ אין אמעריקא איבערגעדרוקט אויף א גאנץ פיינעם פאפיר, און גוט געבונדען.

## —• פרייז בלויז 15 סענט. •—

☛ בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען, וויא אויך ביים פערלעגער

**M. Chinsky, 19 Ludlow Street, New York.**

צעהנטע אויפלאגע.

# מאטקע חב"ד

אָדער

## וויטצע איבער וויטצע.



### 180 שעהנע וויטצען אין ריין זשאַרגאָן.



פרייז, 5 סענט.

---

דרוק אונד פערלאג פון

די היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני,

122־128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין, נויאָרק.

תרס"ג.

# 1.
## אַשְׁנַיידֶער אַלְמְדָן .

אַשְׁנַיידֶערְשֶׁער יוּנְג הָאט שָׁבוּעוֹת צוּ קִידוּשׁ גִיזָאגְט „זְמַן חֵרוּתֵנוּ“. גְרָאבֶּער יוּנְג אֵיינֶער! — הָאט אוֹיף אִים דֶער בַּעַל הַבַּיִת אָנְגֶעשְׁרִיעֶן — מֵילָא פֶּסַח זָאגְט מֶען „זְמַן חֵרוּתֵינוּ“ עֶסְט מֶען חָאטְשׁ חֲרוֹסֶת, אָבֶּער וָואס אִיז הַיינְט פַאר אַחֵרוּתֵנוּ אוֹיף דַיין מְשׁוּגָע׳נֶע קָאפְּף?

## 2) אַרִיכְטִיגֶ׳ער וָוארְט .

מָאטִיל אִיז אַמָאהְל אַריין גֶעקוּמֶען צוּא אַוִוילֶנֶער גְבִיר; גֵייעֶנְדִיג צוּרִיק, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס גֶעגְלִיטְשְׁט אוּן אִיז אַרָאפּ גֶעפַאלִין פָאהְן אַלֶע טְרֶעפְּף; מֶען אִיז מְסְתָּמָא אַרוֹיס גִילָאפִין פָאהְן שְׁטוּב זֶעהְן, וָואס הָאט דָא אַזַא קְלַאפּ גֶעטָאהְן, זֶעהְן זֵייא, אַז מָאטִיל שְׁטֵייט אוּנְטֶערִין טְרֶעפְּף; וָואס אִיז דָאס דָא גְעוֶועהְן? פְּרֶעגִין זֵייא בַּיי אִיהְם, —נָאהְר נִישְׁט! נָאהְר נִישְׁט! —הָאט עֶר זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט, — מַיין פוּטֶער אִין אַרָאפּ גֶעפַאלֶן פָאהְן דִיא טְרֶעפְּף; אוּן וָואס הָאט דָא אַזַא קְלַאפּ גֶעטָאהְן? פְּרֶעגִין זֵייא בַּייא אִיהְם; פֶערְשְׁטֵייט אִיהְר — הָאט עֶר זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט, — עֶייל אִיךְ בִּין גֶעלֶעגְן אִין פוּטֶער.

## 3) דֶער גְרוֹיסֶער שַׁארְפְזִינִיגֶער .

אַמֵיידִיל אִיז גֶעקוּמֶען צוּם חֲסִידִישֶׁען רֶבִּין מִיט אַשַׁאֲלָה, דָאס מֶען הָאט אַריין גִישְׁטֶעקְט אַמִילְכִיגֶע לֶעפִיל אִין אַפְלֵיישִׁיגֶען טֶעפִּיל. דֶער רֶבִּי הָאט אַרוֹיף גֶערוּקְט דִיא הִיטֶעל בִּיז פַּאטִילְנִיצֶע אוּן הָאט אָנְגִיפַאנְגֶען אַזַא דִקְפּוּט „אַמִילְכִיגֶע לֶעפִיל אִין אַמִילְכִיגֶען טֶעפִּיל, אַפִילוּ מֶען זָאהְל אַריין שְׁטֶעקִין, אִיז אוֹיךְ כָּשֵׁר; אַמִילְכִיגֶע לֶעפִיל אִין אַפְלֵיישִׁיגֶען טֶעפִּיל, אַז מֶען זָאהְל נִיט אַריין שְׁטֶעקִין אִיז דָאךְ אוֹיךְ כָּשֵׁר; אַפְלֵיישִׁיגֶע לֶעפִיל אִין אַפְלֵיישִׁיגֶן טֶעפִּל, אַפִילוּ מֶען זָאהְל אַריין שְׁטֶעקִין אִיז דָאךְ אוֹיךְ כָּשֵׁר; אַפְלֵיישִׁיגֶע לֶעפִיל אִין אַמִילְכִיגֶען טֶעפִּיל, אַז מֶען זָאהְל נִיט אַריין שְׁטֶעקִין, אִיז דָאךְ אוֹיךְ כָּשֵׁר; נוּא! דַאכְט זִיךְ, אַז דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה אוּן דִי גַאנְצֶע קוֹמְדוֹת הָאב אִיךְ דִיר שׁוֹין דָא אוֹיס גֶערֶעכִינְט, נָאהְר וָואס הָאט דָא בַּיי דִיר גִיטְרָאפִין, אַז מֶען הָאט אַריין גֶעשְׁטֶעקְט אַמִילְכִיגֶע לֶעפִיל אִין אַפְלֵיישִׁיגֶען טֶעפִּיל, דָאס וֶועט שׁוֹין דֶער מִתְנַגְד׳שֶׁער רַב אוֹיךְ וִויסֶען“.

### 4) אויסָין הויט.

אֵיינֶער אִיז אַרַיין צום צְוֶוייטְין, און הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען ווִיא עֶר שֵיילְט אַהֶערִינְג, „אוּם גָאטֶעס ווִילֶען! — הָאט זִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אָפּ גֶערוּפֶען — פֶער שְׁלִיסְט ווָאס גִיכֶער דִי טִיהְר, דֶען אַלְס אִיהְר ווֶעט אִיהְם עֶנְדִיגֶען שֵׁיילִין, ווֶעט עֶר אויסִין הויט אַנְטְלוֹיפֶען“.

### 5) אַווִילְדֶער לַמְדָן.

בַּייא אַשְׁנַיידֶער — ווֶעלְכֶער הָאט זִיךְ גִיהַאלְטֶען פַאר אַגְרוֹיסֶען לַמְדָן — אִיז גִיפְּרֶעגְט גִיוָואהְרֶען: ווָאס אִיז דֶער טַייטְשׁ „מַשְׁלִיךְ קָרְחוֹ כְּפִתִּים“ ווָאס ווַייסְט אִיהְר דָא נִיט — הָאט דֶער שְׁנַיידֶער גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט נַאֲוָה: „מַשְׁלִיךְ אִיז זִיךְ מַשְׁלִיךְ, און קָרְחוֹ אִיז — כְּפִתִּים“.

### 6) אַגְרַייז אִין דֶער תּוֹרָה.

גְרָאבֶּע יוּנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ אַמָאהְל אִיזְבּוּנְטֶעווֶעט: ווָאס אִיז דָאס עֶפֶּעס! — הָאבִּין זֵייא גֶעזָאגְט — מִיר הָאבִּין אִין שׁוּהְל קֵיין שׁוּם צוּרָה נִיכְט, דִי בֶּעסְטֶע עֲלִיוֹת, און דִי שֶׁענְסְטֶע כִּבּוּדִים, גִיט מֶען אַוֶועק דֶעם לַמְדָן, אָדֶער דֶעם גְבִיר, און אוּנְז רֶעכִינְט מֶען נָאהְר פַאר קֵיין מֶענְטְשִׁין נִיט“; זֵיי הָאבִּין זִיךְ אַלֶּזָא בֶּעשְׁלָאסִין, אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ מַאכִין, גָאר אַבֶּעזוּנְדֶערֶע שׁוּהְל, און דֶער פַאר ווֶעט זִיךְ בַּייא זֵייא אִין שׁוּהְל קֵיין לַמְדָן נִיט טָארֶען אַיינְגֶעפִינֶען; וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זֵייעֶר „קוֹרֵא“ גִיפוּנֶען אַגְרַייז אִין דֶער תּוֹרָה, ווָאס אִיז? „קֹרַח“ דַארְף שְׁטֵיין — זָאגְט דֶער קוֹרֵא — מִיט אַ כָ“ף. און עֶס שְׁטֵייט גָאהְר מִיט אַ „חֵי“ת“ — ווֶען אַזוֹיא הָאבִּין זִיךְ דִיא חֶבְרָה אָפּ גֶערוּפֶען — אַז דוּא בִּינְסְט שׁוֹין אַזַא לַמְדָן צוּא הַאבֶּען אַזַא גְרַייז, טָאהֶרְסְט דוּא זִיךְ בַּייא אוּנְז נִיט אַיינְגְפִינֶען“.

### 7) אַ שְׁבַח.

אֵיינֶער הָאט אַמָאהְל גִיזָאגְט צוּ נָאךְ אֵיינֶעם: דוּ שְׁפִּיעל זִיךְ נִיט מִיט יֶענֶעם, אַ סְפַּאס עֶר! עֶר אִיז פָאהְן דִיא ווָאס דִי גְמָרָא זָאגְט אוֹיף זֵייא: „מְלֵאִים מִצְוֹת כְּרִמּוֹן“.

### 8) דֶער סֵדֶר.

אַפַארְצַייטִיגֶער יְשׁוּבְנִיק הָאט נִיט גִיוואוּסְט, ווִי אָפּ צוּ רִיכְטִין

רעם

דֶעם סֵדֶר , אוּן הָאט דַארוּם גֶעשִׁיקְט זַיין וַוייבּ , זִיא זָאהְל גֵיין בַּיין שָׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶענְסְטֶער, אוּן זֶעהְן וִויא עֶר טוּט, אוּן זִיא זָאל אִיהְם נַאכְהֶער אִיבֶּער גֶעבִּין וִוי אוּן וָואס ; דִיא וַוייבּ אִיז אַוֶועק צוּם שָׁכֵן אוּנְטֶערִין פֶענְסְטֶר אוּן הָאט גִיזֶעהְן וִויא עֶר שְׁלָאגְט שְׁרֶעקְלִיךְ זַיין וַוייבּ — זִיא אִיז אַוֶועק אַהֵיים אִין הֵיילֶע שְׁרֶעק, דֶען זִיא הָאט גִימֵיינְט, אַז אַזוֹי גִיט מֶען דָאס אָפּ דֶעם סֵדֶר ; נוּא מַיין וַוייבּ — פְרֶעגְט אִיהְר דֶער מַאן — אַלְס זִיא אִיז שׁוֹין צוּרִיק גֶעקוּמֶען — וָואס הָאסְט דוּ דָארְטִין גֶעזֶעהְן ? זִיא שְׁוַויינְט אָבֶּער אוּן הָאט מוֹרָא אוֹים צוּא זָאגֶען ; דָא אִיז דֶער יִשׁוּבְנִיק גֶעווָאהְרֶען שְׁטַארְק אִין כַּעַס אוּן הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אַפָּאר גוּטֶע פֶּעטְשׁ ; נוּא אַז דוּא וֵוייסְט שׁוֹין — הָאט זִיךְ דִיא יִשׁוּבְנִיצֶע אָפּ גִירוּפִין וַויינֶענְדִיג — טָא וָואס פְרֶעגְסְטוּ ?

## 9) אַ קְלוּגֶער וָוארְט .

מָאטִיל הָאט גִיבֶּעטִין בַּייא אַ גְבִיר פִינְף רוּבִּיל אוּן דֶער פַאר וֶועט עֶר אַרָאפּ שְׁלֶעפִּין דִיא זוּנְן ; דֶער גְבִיר הָאט אִיהְם בַּאלְד גִיגֶעבִּין דָאס גֶעלְד , הָאט מָאטִיל גֶעהֵייסִין מֶען זָאל אִיהְם בְּרֵיינְגֶען אַטִישִׁיל מִיט אַקָאטְשֶׁערֶע , אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַרוֹיף גִישְׁטֶעלְט אוֹיפִין טִישִׁיל אוּן הָאט אוֹיפְגִיהֵייבִּין דִיא קָאטְשֶׁערֶע אִין דֶער הוֹיךְ, אוּן הָאט גִיקוּקְט אוֹיפִין הִימִיל, אוּן אַלְס דֶער גְבִיר הָאט אִיהְם גִיפְרֶעגְט, וָואהְרוּם עֶר שְׁלֶעפְּט שׁוֹין נִיט אַרָאפּ דִיא זוּנְן, הָאט עֶר אִים גִיעֶנְטְפֶערְט : „זַיינְט אַזוֹי גוּט, נַאט אַייךְ דִי קָאטְשֶׁערֶע, אוּן צֶעפֶּעט נָאהְר אָן, אָן דִיא זוּנְן, אוּן אִיךְ וָועל שׁוֹין נַאכְהֶער אַרָאפּ צִיהֶען“ .

## 10) דֶער גְרַאף מִיטֶען דִינֶער .

דֶער גְרַאף ב. הָאט אַמָאהְל פֶער זָאגְט זַיין דִינֶער , אַז עֶר זָאהְל אִיהְם אוֹיף וֶועקִין פִינְף אוּהְר צוּא מִיטָאג ; זֵייעֶר גוּט — הָאט דֶער דִינֶער אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיהְר וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין דַאן אָנְקְלִינְגֶען וֶועל אִיךְ שׁוֹין אַבַיין קוּמֶען, אוּן אַייךְ אוֹיף וֶועקִין“ .

## 11) דִיא חַלָה .

דִיא פַּרְנְסֵי־הֶדָשִׁים , הָאבִּין אַמָאל גִישִׁיקְט דֶעם „מְשָׁרֵת־הַקָהָל“ אַז עֶר זָאהְל אַרָאפּ נֶעהְמֶען בַּיי מָאטְלֶען דִיא שַׁבָּת־לַייכְטֶער — פַאר אַ אַבְּצָאהְלוּנְג , וֶועלְכֶע מָאטִיל הָאט נִיט גִיהַאט אוֹיף צוּ בֶּעצָאהְלִין — מָאטִיל הָאט גִיקוֹיפְט

אחלה

אחַלָה און הָאט דָאס גְלַייךְ אַוֶועק גִיטְרָאגִין אִין קָהָל־שְׁטִיבֶּל, וואו זיי זַיינֶן אַלֶע גִיזֶעסִין אַרום אַטִיש און הָאט זיי דֶער לַאנְגְט דִיא חַלָה — וָואס אִין דָאס, מָאטִיל ? פְּרֶעגְין זיי בַּייא אִיהְם — פֶער שְׁטֵיים אִיהְר מִיךְ — הָאט עֶר זיי גִיעֶנְטְפֶערְט — בַּיי מִיר אִין שְׁטוּב גֶעמְט אַלֶע שַׁבָּת אַרָאפּ דִיא לַייבְטֶער, דֶער סְטָארָאזְש פוּן תּוֹיף, גִיב אִיךְ אִיהְם אַ „הַמּוֹצִיא חַלָה" אָבֶּער פַאר אַזוֹי פִיל סְטְרֶעזֶער . . . וָואס וֶועט דָאס זַנַאצֶענֶען אַיין „הַמּוֹצִיא" ? דְרוּם הָאבּ אִיךְ אַייךְ דָא גֶעבְּרַאכְט אַגַאנְצֶע חַלָה.

### 12) עֶרְשְׁטֶע פְּרַאגֶע.

וָואהְרוּם טָאהְר אַ אַלְטֶע יוּדֶענֶע קֵיין פֶעטֶע זוּפּ נִיט עֶסִין ?
ענטפער: וַוייל זיא וֶועט מֵיינֶען אַז דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גֵייט צוּ אִיהְר*).

### 13) צְוַוייטֶע פְּרַאגֶע.

פַאר וָואס קוּמְט שוֹין נִיט מָשִׁיחַ
ענט. : וַוייל דִיא יוּדִין אַלֵיין לֵיינִין אַלְס אָפּ אוֹיף שְׁפֶּעטֶער, דְהַיינוּ: פֶּסַח צוּם סֵדֶר זָאגְן מִיר: „לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם" ד.ה. אַז אִיבֶּער אַיָאר פֶּסַח זָאהְל שוֹין קוּמֶען מָשִׁיחַ, און נַאכְהֶער אִין אַהַאלְב יָאהְר אַרוּם צוּ נְעִילָה זָאגִין מִיר ווייטֶער: „לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם" לֵיינִין מִיר שוֹין ווייטֶער אָפּ אוֹיף אַיָאהְר, און זָא גֵייט עֶס ווייטֶער און ווייטֶער.

### 14) דְרִיטֶע פְּרַאגֶע.

וָואהְרוּם רֶעדְט מֶען בַּייא יוּדִין אַשִׁידוּךְ אוּם שַׁבָּת ?
ענט. : וַוייל עֶס אִיז נִישְׁט קֵיין קֶשֶׁר שֶׁל קַיָמָא.

### 15) פִיעֶרְטֶע פְּרַאגֶע.

וֶוען פִילְט אַ אַלְטֶער מַאן — וָואס הָאט שוֹין קֵיין אֵיין צָאהְן אִין מוּנְד נִיכְט — צָאהְן שְׁמֶערְצִין.
ענט. : וֶוען אַהוּנְד נִיט אִיהְם אַבִּיס.

### 16) פִינְפְטֶע פְּרַאגֶע.

פוּן וַואנֶען ווייסְט מֶען אַז קֹרַח מִיט זַיין סְוִויטֶע זַיינֶען גִיוֶוען חֲסִידִים ?

*) ווען דיא גמרא זאגט אז דער מלאך המות איז פולל מיט אויגין.

ווייל עס שטייט: „רב לָכֶם בְּנֵי לֵוִי".

### 17) זעקסטע פראגע.

וואהרום זאגין מיר אום סוכות זְמַן שִׂמְחָתֵנוּ?

ענט.: ווייל דיא ווייבער זיינען פריי מיט נִיט דא.

### 18) זיבעטע פראגע.

וואס איז דאס, וואס אלע ווינשען זיך דאס, און אז מען קריגט דאס, איז מען העכסט אונצופרידען?

ענט.: אלטע יאהרען.

### 19) אכטע פראגע.

פאהן וואס פאר אמלחמה זיינען אוים גיהארגעט גיוואהרען ריכטיג אפערטיל וועלט?

ענט.: פאהן קין מיט הבל'ען.

### 20) ניינטע פראגע.

וואהרום פאר היינגט מען דיא כלה, דיא צורה אונטערין חופה?

ענט.: כדי זיא זאהל נישט זעהן וויא מען קוילעט איהר.

### 21) צעהנטע פראגע.

וועלכע יודען עסען אֵבֶר מִן הַחַי?

ענט.: דיא וואבערניקעס.

### 22) דער רב מיטען ישובניק.

אישובניק איז גיקומען צום רב פרעגין, אויב ער מעג מאכין ביער אויף פסח? ניין! מען טאהר ניט — האט איהם דער רב גיענטפערט: איך פערשטייא דאס גאהר ניט — האט זיך דער ישובניק אפ גירופין — דאכט זיך איך האב אלע כלים דער צוא נייע, טא וואו שטייט דאס, אז מען טאהר ניט? אין דער הגדה שטייט

שְׁטֵייט דָאךְ — חָאט אִים דֶער רַב גִיעֶנְטְפֶערְט , אַז „אַלֶע בִּיעֶר חָמֵץ“ — „עַל בִּיעוּר חָמֵץ“ .

### 23) רייבּט און שְׁווייגְט .

מָאטִיל הָאט אַמָאהְל גִינוּמֶען אַפָרוּשׁ אוֹיף וֶועטְשֶׁערֶע , עֶר הָאט זִיךְ אִיהְם גִיהֵייסְן גֵיין ווַאשִׁין , און אַלְס דֶער פְּרוּשׁ הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט בַּיין טִישׁ , הָאט מָאטִיל דֶער לַאנְגְט אַ קֶעסְטִיל שְׁוֶועבֶּעלַאךְ , זָאגֶענְדִיג דַאבַּייא צוּא אִיהְם : „רייבְּט און שְׁווייגְט“ !

### 24) אַחָכְמָה פוּן אַחָכָם .

צוּא ר׳ אמ״ד הָאט זִיךְ אַיינְגֶענַאדְזֶעט אַבֶּעטְעֶר — ווָאס בֶּעט אוֹיף חֲתוּנוֹת — און ווַייל עֶר הָאט גוּט גִיוואוּסְט אַז ר׳ אמ״ד וֶועט אוֹיף חֲתוּנָה נִיט גֵיין , פְלֶעגְט עֶר אִיהְם דַוְקָא בֶּעטִין , אוֹיף אַלֶע חֲתוּנוֹת , נוּהְר אוּם צוּ בֶּעקוּמֶען בַּייא אִיהְם עֶטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶען פַארִין בֶּעטִין , ר׳ א׳מ הָאט זִיךְ אָבֶּער אַעֵצָה גִיגֶעבִּין וִויא פוּן אִים פָּטוּר צוּ וֶוערִין , דֶען אַלְס עֶר אִיז אַמָאהְל גֶעקוּמֶען צוּא אִיהְם , אִיהְם בֶּעטִין אוֹיף אַחֲתוּנָה , הָאט עֶר אִיהְם גִיגֶעבִּין אַנִילֶערְן , און בֶּעט בַּייא אִיהְם אוּיס גָאבּ , „אִיךְ הָאבּ נִיט“ — זָאגְט דֶער בֶּעטֶער צוּ אִיהְם — נוּא טָא גֵייט און בַּייט אָפּ , — הָאט אִיהְם ר׳ א׳מ גִיהֵייסְן — דֶער בֶּעטֶער אִיז ארוּיס , און אִיז שׁוֹין מֶעהְר צוּ אִיהְם נִיט גֶעקוּמֶען .

### 25) שְׁמֶערִיל און פַייטִיל .

שְׁמֶערִיל : ווָאס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה מִיט דִיר פַייטִיל , ווָאס דוּא שְׁרַייסְט נִיט „חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם !“ ?

פַייטִיל : אַי ! ווָאס פַאר אַנַאר דוּא בִּינְסְט ; פְרִיעֶר בִּין אִיךְ גִיוֶוען אַזַאמְד פִירָער , און יֶעצְט בִּין אִיךְ אַיוּד אַגְנִיד , און אַ נִבְזַאי אִין שׁוּהְל

### 26) אַנָוארְט פוּן אַבֶּעטֶער .

אַבֶּעטֶער הָאט דֶער לַאנְגְט אֵיינֶעם אַגְבִיר פִיער חֲתוּנָה־קַארְטֶס אוֹיף אַיין מָאהְל ; „אוֹיף וֶועלְכֶע זָאהְל אִיךְ פְרִיעֶר גֵיין ?“ — פְרֶעגְט אִים דֶער נְגִיד — „גֵייט אוֹיף אַלֶע פִיר !“ — הָאט אִיהְם דֶער בֶּעטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט .

דער

### 27) דער גענץ ביין רב.

אַגעוויסער סוחר משה גענץ האָט גיהאט אַדין תורה מיט נאָך איינינע סוחרים, אוּן וויא דער שטייגער איז פאַהן אונזערע יודין, האָבּען זיך דיא בּעלי דינים צוא שלאָגין ביין רב אין שטוב, אויף דעם האָט איינער גיזאָגט: „מה דאָך, אַז ביין רב אין שטוב האָט מען אָנגעשלאָגין אַ גענץ, טאָ וואָס זאָהלין שוין אַנדערע יודען טאָהן?"

### 28) דער פראַנצאָזישער אָפיציער.

אַפראַנצאָזישער אָפיציער, וועלכע פלעגט אַלע מאָהל, — ווען ער פלעגט זיך וועטין מיט נאָך איינעם — געווינען דעם וועט; איין מאָהל, אַלס מען האָט איהם נאָזנאָצעט אין אַ 2—טין פאָלק, האָט איהם זיין נייער גענעראַל גיפרעגט, צוא דאָס איז אמת, וואָס מען זאָגט אויף איהם, אַז ער וועט קיין מאָהל קיין געוועט ניט אָן?

— יאַ מיין העהר, — האָט איהם וועלכע גיענטפערט.

— אוּן וויא אַזוי קען דאָס געבּין?

— ווייל איך קען חכמת־הפּרצוף.

— נוּא, אוּן וואָס זעהסט דוא אויף מיר? — האָט איהם דער גענעראַל גיפרעגט.

— איך זעה אויף דיר — האָט איהם וועלכע גיענטפערט — אַז דיא וואונדען, וועלכע דוא האָסט געקראָגין אין דער מלחמה, האָבּין זיך יעצט אָפּ געפרישט, אוּן דוא ליידעסט שרעקליכע שמערצין דאַפאָהן.

— ווער, איך? האָט דער גענעראַל פערוואונדערט גיפרעגט — איך פערוואונדעט? . . . עס איז אַבּלויזער ליגענד.

— אָבּער . . .

— אוּן איך זאָג, האָט דער גענעראַל איבּער געשלאָגין זיינע רייד — אַז איך בּין קיין מאָהל פערוואונדעט נים געוועזען, אוּן יעצט געווים ניט, אַלזאָ לאָמיר זיך וועטין.

— אין וויפיעל? פרעגט וועלכע.

— אין פינף הונדערט פראַנק.

— זאָל זיין אַזויא.

זייא האָבּען זיך געוועט, אוּן דער גענעראַל האָט איהם אויין

גֶעפִיהֶרְט אִין אַבֶּעזוּנְדֶערִין צִימֶער, און הָאט זִיךְ אוֹיס גִיטָאן מוּטֶער נַאקֶעט, אוּם דָאס וְורֶעדֶע זָאהְל זֶעהְן, אַז עֶר הָאט פֶער שְׁפִּיעלְט דֶעם וֶועט.

— „נוּא! וְורֶעדֶע אָנְגֶעוָואהְרֶען! — הָאט דֶער גֶענֶעראַל טְרִיאוּמְפְּפִירֶענְד אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן —

— יַא, מַיין הֶערְר אִיךְ הָאבּ פֶער שְׁפִּיעלְט.

גְלַייךְ דַארוֹיף הָאט דֶער גֶענֶעראַל אַוֶועק גֶעשִׁיקְט אַ בְּרִיעף צוּא וְורֶעזֶעס עֶרְשְׁטִין גֶענֶעראַל, אִין דֶעם בְּרִיעף שְׁרַייבְּט עֶר אִיהְם: אַז בַּייא אִיהְם הָאט שׁוֹין וְורֶעדֶע נִיט גֶעוואוּנֶען; נָאהְר ווִיא פֶער וואוּנְדֶערְט אִיז עֶר גִיוָואהְרֶען, עֶרְהַאלְטֶענְדִיג צוּרִיק אַ עֶנְטְפֶער מִיט דֶעם אִינְהַאלְט; „לִיבֶּער פְרַיינְד! מִיט גְרוֹיס וואוּנְדֶער הָאבּ אִיךְ דַיין בְּרִיף גִילֶעזִין, דֶען אֵיידֶער וְורֶעדֶע אִיז אַוֶועק פָאהְן מִיר, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶועט מִיט מִיר אִין 2 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, אַז עֶר וֶועט דִיר גֵייטִין זִיךְ אוֹיס צוּא טָאהְן פַאר אִיהְם מוּטֶער נַאקֶעט, זֶעלְבְּסְט פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז עֶר הָאט יֶעצְט אָן גֶעוָוארֶען פִינְף הוּנְדֶערְט פְרַאנְק, הָאט עֶר אָבֶּער בַּייא מִיר גֶעוואוּנֶען 2 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

## 29) אַקְלוּגֶער דִינֶער.

וַאלְם בַּייא דֶעם גְרַאף ט. אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיס אַרְטִינֶער בַּאלְל, הָאט זִיךְ אַלִיכְט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא שְׁמֶעלְצִין, דֶער גְרַאף הָאט גֶעשִׁיקְט אַרַיין רוּפֶען דֶעם דִינֶער, אוּם דָאס עֶר זָאל אָפּ שְׁנַייצִין דֶעם קְנוֹיט, אַרוֹיס גֵייעֶנְדִיג פָאהְן זַאל הָאט זִיךְ דֶער דִינֶער שְׁרֶעקְלִיךְ פוּנַ'אנְדֶער גֶעלַאכְט זָאגֶענְדִיג דַאבַּאיי: „אַזַא שְׁטוּבּ מִיט מֶענְטְשִׁין, אוּן קֵיינֶער קֶען אַלִיכְט נִיט אָפּ שְׁנַייצִין"

## 30) נִיט קֵיין הִינֶער

אִיךְ פֶער שְׁטֵייא גָאר נִישְׁט — הָאט אֵיינֶער גִיזָאגְט צוּ נָאךְ אֵיינֶעם — עֶס אִיז דָאךְ שׁוֹין הַאלְבּ חוֹדֶש, אוּן דִיא לְבָנָה אִיז נָאךְ נִיט דָא? וָואס פְרֶעגְט אִיהְר בַּייא מִיר — הָאט יֶענֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — „אִיךְ בִּין נִיט קֵיין הִינֶער".

## 31) נִיכְט פֶערְלָארֶען.

אַסְאַטְרָאז הָאט גֶעפְרֶעגְט בַּיין קַאפִּיטַאן: „אִיז אֵיינֶע זַאכֶע פֶערְלָארֶען

פֶערְלָארֶען וֶוען מֶען וֵייס וואוּ זיא אִיז?״ נֵיין ! — זָאגְט דֶער קַאפִּיטַאן — „נוּא, וֶוען זָא ? עֶנְטְפֶערְט דֶער מַאטְרָאז — אִיזְט אוּנְזֶער טְהֶעֶע־קַאנְן נִיכְט פֶערְלָארֶען דֶען זיא לִיגְט אויפֶען גְרוּנְד פָאהְן מֶעֶער״.

## 32) אַזֶעלְטֶענֶע קְלָלָה.

נְוַואלְד ! וָואס טוּהְט מֶען ? הָאט אַיין מַארְק יוּדֶענֶע גֶעזָאגְט צוּא דִיא צְוֵוייטֶע, דִיא מַייז הָאבֶּען צוּא שְׁלֶעפְּט בַּייא מִיר אֶפְשַׁר אַשָׁאק עֶפְּפֶעל — אַזוֹיא פִיעל יָאהְר זָאהְלֶען זֵייא לִיגֶען אִין הֶקְדֵשׁ, וִויא פִיעל זֵייא הָאבֶּען בַּייא מִיר מֶעהְרֶער צוּא שְׁלֶעפְּט וִויא אָשָׁאק״ — הָאט אִיהְר דִיא צְוֵוייטֶע גִיעֶנְטְפֶערְט.

## 33 אַנוּאזְשְׁנֶע חֲתָנָה.

עֶס אִיז עֶפֶּעס גֶעוֶוען דָארְטִין אַשֵׁיינֶע חֲתֻנָה ? — הָאט אֵיינֶער בַּייא נָאךְ אֵיינֶעם גִיפְרֶעגְט — סְטַייטְשׁ ! אַחֲתֻנָה — הָאט עֶר אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶס אִיז גִיוֶוען טִישׁ אוּן בֵּיינְק וִויא הָאלְץ — מַיִם אַחֲרוֹנִים — וִויא וַואסֶער — פִּישׁ אוּן פְלֵייש — „עַיִן לֹא רָאֲתָה״.

## 34 אַ עֶנְטְפֶער פָאהְן אַ פְּיַאנִיצֶע.

וִויא קֶענְסְט דוּא דָאס טְרִינְקֶען אַזוֹיא פִיעל בְּרַאנְפְּן ? — הָאט מֶען גִיפְרֶעגְט בַּייא אַפְּיַאנִיצֶע — פַאר שְׁטֵייט אִיהְר—הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט — וִויא אִיךְ נֶעם אַגוּטֶען שְׁנַאפְּס, וֶוער אִיךְ גָאהְר אַ אַנְדֶער מֶענְשׁ, נוּא, דֶער אַנְדֶערֶער מֶענְשׁ בַּארְף דָאךְ אוֹיךְ מאכֶען אַשְׁנַאפְּס.

## 35) אַקֶעכִין ־ אַ עֶנְגֶעל.

— מַאמַא ! — הָאט אַקִינְד גְעפְרֶעגְט בַּייא דִיא מוּטֶער — וָואס אִיז דָאס אַמַלְאַךְ ?
— אַעֶנְגֶעל הָאט אִיהְם דִיא מוּטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט,
— אוּן וואוּ גֶעפִינְט זִיךְ אַ עֶנְגֶעל ?
— אִין הִימְמֶעל, מַיין זָאהְן.
— יָא ! — הָאט דָאס קִינְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אַז דֶער פַּאפַּא קוּשְׁט אוּנְזֶער קֶעכִין, רוּפְט עֶר אִיהְר אוֹיךְ : „מַיין עֶנְגֶעל״.

## 36) אַוואָרט פון אַ אָרעמאַן .

„איהר גיט מיר אַ נדבה צוא ניט ? — האָט אַ אָרעמאַן ניזאָגט צוא אַ נגיד — אַז נים וועט איהר ערגער מאַכען" וואס קענט איהר מיר טאָהן, ווען איך וועל אייך ניט געבין ? פרעגט איהם דער נגיד — פער שטייט איהר — האָט איהם דער אָרעמאַן גיענטפערט — איך בין דאך דעם דלות'ס שליח; איז אויב איהר וועט מיר ניט געבין, וועל איך שיקען דעם דלות אַליין צו אייך.

## 37) דער גנב .

מען האָט ניפרעגט בייא איינעם: פאַר וואס נעמט ער אַספר אין האַנד ניט אַריין ?" האָט ער גיענטפערט: איך בין אַמאָהל ניזעסין (אין טיורמא) איבער אַספר אין מיר ניט גוט געוואָהרען".

## 38) אונטער דיא אויגען.

מאַטילס ווייב איז געקומען צוא קהל מסור'ן אויף מאַטלען: אַז ער האָט איהר געשלאָגען מכות אַכזריות, און האָט איהר אונטער גישלאָגין דיא אויגין; קהל האָבין גלייך געשיקט רופען מאַטלען, און האָבען איהם ניפרעגט: וואָהרום שלאָגט ער זיין ווייב ? איך פער שטעה דאָס נאָהר ניט — האָט ער זיך אָפּ געמופין — אַז זיא איז אַזיינערקע, בין איך דאך אַזיינער, נוא, אַז עס קומט דיא שעה שלאָג איך. אָבער, וואס האָסט דוא איהר נאָך אונטער געשלאָגין, אונטער די אוגין פרעגין איהם קהל — „אונטער דיא אויגין מעג איך אַפילו דעם רב אויך שלאָגען" — האָט זייא מאָטיל גיענטפערט.

## 39) דער רבי מיטען מלאך המות .

אַ חסיד איז גיקומען צום רבין, און האָט איהם דערציילט אַז זיין ווייב איז גיפערלאך קראַנק; „גייא אַהיים — האָט איהם דער רבי גיזאָגט — זיא וועט זיין גיזונד"; אין אַפּאָר טעג אַרום, קומט דער זעלבינער ווייטער צום רבין, און זאָגט: „רבי, מיין ווייב איז שוין געשטאָרבען" תיינט וואו זיינען אייערע רייד ? איך בין אין דעם נאָהר ניט שולדיג — האָט

**אִיהְם דָער רַבִּי ׳ גִיעֶנְטְפֶּערְט — אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִירַאנְגֶעלְט מִיטֶען מַלְאַךְ־הַמָוֶת ׳ אוּן הָאבּ צוּא גִינוּמֶען בַּייא אִיהְם דֶעם שְׁוֶוערד ׳ נוּר ׳ עֶר הָאט** דָאס גָאהְר נִיט גִיהֶערְט ׳ אוּן הָאט אִיהְר דֶער שְׁטִיקְט מִיט דִיא הֶענְד ׳ נוּא בִּין אִיךְ עֶפֶּעס שׁוּלְדִיג ?

### 40) אַקְלוּגֶער וָוארְט .

אִין דַייטְשְׁלַאנְד אוֹיף אַ בַּאלְל אִיז גִיזֶעסִין אַ פַּאר בְּרֶענְטְעֶר אַנְטִי־סֶעמִיט אִין טִישׁ ׳ אוּן הָאט אוּיס גִירֶעדְט אוֹיף יוּדֶען דִיא נַאל ׳ אַנְטְקֶעגִין אִיהְם אִיז גֶעזֶעסִין אַ יוּדִישֶׁע מַאדַאם ׳ אוּן אַלְס זִיא הָאט גְרָאד יֶענְמָאלְט אַגֶענֶעץ גִיטָאהְן ׳ הָאט עֶר זִיךְ אָפְּגִירוּפֶען מִיט אַגֶעלֶעכְטֶער : אִיהְר זֶעהְט ׳ דָאס דִיא יוּדִין — הָאט יֶעצְט גִיעֶפִּינְט אַמוֹיל מִיר אַיינְצוּשְׁלִינְגֶען״ . „אִיהְר אִיהְרְט זִיךְ מַיין הֶערְר — הָאט זִיא אִיהְם גִיעֶנְטְפֶּערְט : וֶוייסִין זִיא דֶען נִיכְט ׳ אַז אוּנְז אִיז פֶּער בָּאטֶען שְׁוַויינֶען פְלֵיישׁ צוּא שְׁלִינְגֶען .

### 41) אַ רַבִּים אַוָוארְט .

מֶען הָאט גִיפְרֶעגְט בַּייא אַיין חֲסִידִישֶׁען רַבִּי׳ן פָאהְן וַואנֶען וֶוייסִין מִיר אַז עֶס דַארְף זַיין „קִידוּשׁ בְּמָקוֹם סְעוּדָה ?״ וַוייל עֶס שְׁטֵייט — הָאט דֶער רַבִּי גִיעֶנְטְפֶעְרְט — „אֶת הַכֶּבֶשׂ אֶחָד״ אוּן כב״ש מַאכְט קִידוּשׁ בְּמָקוֹם סְעוּדָה״ .

### 42) מַה נִשְׁתַּנָה .

אַגֶעוִוויסֶער יוּדִישֶׁער גִילֶעהְרְטֶער הָאט גֶעזָאגְט : „בַּייא יוּדֶען אִיז שׁוֹין אַזוֹיא אַיינְגֶעוָואהְנְט ׳ אַז עֶס זָאהְל אִין קֵיין זַאךְ ׳ קֵיין שׁוּם סֵדֶר נִיט זַיין — אִיז דֶער פַאר ׳ אַז עֶס קוּמְט פֶּסַח ׳ אוּן מֶען דֶער זֶעהְט עֶפֶּעס פָארְט אַשְׁטִיקֶעלֶע סֵדֶר . . . פְרֶעגְט מֶען גְלַייךְ דִיא קְלָאץ קַשְׁיָא : „מַה נִשְׁתַּנָה?״.

### 43) דִיא קְלוּגֶע כַּלָה .

דוּא נַאר אֵיינֶע ! — הָאט אַמוּטֶער גִיטְרֵייסְט אִיהְר טָאכְטֶער בְּשַׁעַת חוּפָּה — וָואס וֵויינְסְט דוּא ? אַמַאן אִיז דָאךְ נִיט קֵיין בֶּער . **וִויא אִיז נִיוָועז אַז אִיךְ הָאבּ חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיטֶען טַאטֶען ? „אַזוֹיא?**

**האט**

— הָאט זִיךְ דִיא כַּלָּה אָפּ גֶערוּפֶען — הָאסְט דוּא דָאךְ חֲתֻנָּה גֶעהַאט מִיטֶען טַאטְן, און אִיךְ הָאבּ יֶעצְט חֲתֻנָּה נָאהְר מִיט אַפְּרָעמְדִין מַאנְסְבִּילְד״.

## 44) נִיט קֵיין אֵייגֶענֶע הָאאר.

בַּייא אַ סוֹחֵר — בַּייא וֶועלְכִין עֶס אִיז גֶעוֶועֶן אַפוּלֶע קָאפְּף מִיט פֶּעדֶערְן אֲן גִישְׁטֶעקְט — אִיז גִיפְּרֶעגְט גֶעוָואהְרֶען: וָואהְרוּם קַאמְט עֶר זִיךְ נִיט אוֹיס דִיא הָאאר — פַאר שְׁטֵייט אִיהְר — הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט — ״אִיךְ בִּין אַזַא בַּעַל־חוֹב אַז דִיא הָאאר פָאהְן קָאפְּף זֵיינֶען נִיט מַיינֶע, הַיינְט נָאךְ וָואס זָאהְל אִיךְ קַאמֶען פְּרֶעמְדֶע הָאאר״.

## 45) אַנְיאַזְשְׁנֶע רָאשֵׁי תֵּיבוֹת.

אַחָסִיד, קַלְמָן, אִיז גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּין, זָאגְט דֶער רַבִּי צוּ אִיהְם: ״מַיין קִינְד טְהוּא תְּשׁוּבָה״, פַאר וָואס, רַבִּי? פְּרֶעגְט אִיהְם דֶער חָסִיד; ווייל ״קַלְמָן״ — עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער רַבִּי — מַאכְט אִין רָאשֵׁי תֵּיבוֹת: ״כִּזַּבְנוּ, לַצְנוּ, מָרַדְנוּ, נִאַצְנוּ״, סְטַאיטְשׁ, רַבִּי! זָאגְט דֶער חָסִיד — ״קַלְמָן״ אִיז דָאךְ גֶאהְר מִיט אַקוּ״ף, און ״כִּזַּבְנוּ״ אִיז מִיט אַכַּ״ף; פֶער שְׁטֵייסְט דוּא מִיךְ מַיין קִינְד — הָאט אִיהְם דֶער רַבִּי גִיעֶנְטְפֶערְט — רַשִׁ״י זָאגְט אִין אָן הֵייבּ פ׳ חַיֵּי שָׂרָה: ״בַּת ק׳ כְּבַת כ״״ דָאס הֵייסְט, אַז אַ ק׳ מִיט אַ כ׳ אִיז אַלְּם אֵיינְס.

## 46) אַבַּייסֶענְדֶער וָוארְט.

אִין אַגְרוֹיס אַרְטִיגֶען גֶעזֶעלֶענְשַׁאפְט, אִיז גִיפִיהְרְט גֶעוָואהְרֶען אַדִיסְפּוּט וֶועגִין תַּלְמוּד: דֶער תַּלְמוּד אִיז נָאךְ מֵיינֶער מֵיינוּנְג נָאךְ — הָאט זִיךְ אַפְּבַּיילִין אָפּ גֶערוּפֶען — גִיזְשֶׁע קְרִיטִיקִי *); און וָואהְרוּם — הָאט אִיהְר אַיוּנְגֶער הֶערְר גֶעפְּרֶעגְט — ״ווייל אִין דֶעם תַּלְמוּד וֶוערְט גֶעשְׁפְּרָאכֶען, און עֶס אִיז זָאגַאר דָא זַאגֶען וֶועגֶען שֵׁדִים און גֶעשְׁפֶּענְסְטֶען (מֵתִים) וֶועלְכֶע מִיר וֵוייסֶען יֶעצְט גֶעוִויס, אַז זֵייא גֶעפִינֶען זִיךְ גָאהְר אוֹיף דֶער וֶועלְט נִישְׁט״ — הָאט זִיא אִיהְם

נִיעֶנְטְפֶערְט

*) ״גיזשע קריטיקי״ הייסט; עס איז נאך גידעריגער פאהן צו קריטיקירען, און אז עס איז גאהר פיט בראי צוא ריידען וועגען דעם. ד״ם.

גיעֶנְטְפֶערְט — נוּא אוּן אִיהְר זֶעלְבְּסְט הָאט וֶוען גִיזֶעהֶן אוֹיף אַייעֶר לֶעבִּין אַשֶׁר? פְּרֶעגְט אִיהְר דֶער הֶערְר — גְעוִוים נִיט! — הָאט זִיא אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיר אִיז אַוואוּנְדֶער — הָאט זִיךְ דֶער הֶערְר וַוייטֶער אָפּ גֶערוּפֶען צוּ אִיהְר — אַז אִיהְר אַזאַ גֶעבִּילְדֶעטֶע פְּרֵיילֶען הָאט קֵיין מָאהְל, אִין קֵיין שְׁפִּיגֶעל גֶעקוּקְט.

## 47) דְרַייא מֹשֶׁה׳ס.

אֵיינֶער אַבֶּעוואוּסְטֶער גְבִיר, וֶועלְכִין מֶען הָאט גִירוּפִין משֶׁה — דֶער גְבִיר אִיז גִיוֶוען זֵייעֶר אַגְרָאבֶּער מֶענְשׁ — הָאט גֶעזָאגְט: „דְרַיי מֹשֶׁה׳ס אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶער וֶועלְט: אִיךְ, אוּן משֶׁה רַבֵּינוּ אוּן מַיין בְּרוּדֶער חַאצְקִיל״.

## 48) אַתּוֹרָה וֶוערְטִיל.

דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גְבִיר, הָאט אַמָאהְל זַיין וַוייבּ, אִיהְם דֶער לַאנְגְט עֶסֶען, אוּן הָאט אִיהְם פַאר גֶעסִין צוּא גֶעבִּין אַלֶעפִּיל — „אַי! מַיין וַוייבּ — הָאט עֶר זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען — דִיא מְלָכִים וֶועלֶען לַאבִין פוּן דִיר״, וָואס אִיז? — פְּרֶעגְט זִיא אִיהְם — עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק — הָאט עֶר אִיהְר גִיעֶנְטְפֶערְט — לֹא הִנִיחַ לְאִישׁ לְעָשְׁקָם (קָאזְשֶׁקֶע): אַז מֶען לֵייגְט נִיט אַוֶועק דֶעם מַאן קֵיין לֶעפִּיל — „וַיוֹכַח עֲלֵיהֶם מְלָכִים״ חַאחָאצֶען אוֹיף דֶעם דִיא מְלָכִים.

## 49) אַגְבִיר אַבוּר.

דֶער זֶעלְבֶּער הָאט אַמָאהְל שַׁבָּת נָאךְ פֶּסַח — אַלְס מֶען הָאט גֶענוּמֶען לֵייעֶנֶען דִיא „הַפְטוֹרָה״ — אַפַּאטְשׁ גֶעטָאהְן אִין שְׁטֶענְדֶער אוּן צוּא גְלַייךְ אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאהְן: אַךְ! נוּא! עֶס שְׁטֵייט דָאךְ: „אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח״ מֶען לֵייעֶנְט נִיט קֵיין מַפְטִיר אוּם שַׁבָּת נָאךְ פֶּסַח״.

## 50) אַגֶעשְׁפְּרֶעךְ וֶועגֶען יֵצֶר הָרָע.

**וָואס זָאגְסְט דוּא? — הָאט אֵיינֶער גִיפְרֶעגְט בַּיין צְוֵייטִין וָואס אִיז דֶער יֵצֶר הָרָע? אַ חָסִיד צוּא אַ מִתְנַגֵד?**

**— גְעוִוים אַ חָסִיד — הָאט אִיהְם יֶענֶער גִיעֶנְטְפֶערְט.**

— פאר וואס ?

— ווייל מען זעהט איהם אָפט ביין רבי׳ן.

## 51) אַגרויסער פערדינער.

אַ אָרעם בחור האט זיך אָן גינעבין אין נדן. אַז ער פער דינט 5 רובל אַ טאג, און אַלס דער שווער האט איהם נאך דער חתנה — גיפרעגט: וואהרום גייט ער שוין ניט אַרויס פער דינען דיא 5 רובל? האט ער איהם גיענטפערט — וואַרט, עס איז דאך נאך ניט פורים; פורים אי״ה וועל איך לייענען דיא מגלה, און וועל טראגען משלוח־מנות, וועל איך באַן פער דינען דעם טאג אפשר פינף רובל.

## 52) דאס געזעגענען זיך.

מאטיל איז אַמאהל אַריין צוא אַ גביר, און זאגט צוא איהם „זיינט געזונד ר׳ ש.! איך פאהר שוין אָפּ פאהן ווילנא, אַלזא ניט מיר עפּעס אויף דער הוצאה״, איך האב יעצט קיין קליין געלט ניט ביא זיך -- האט איהם דער גביר גיענטפערט — ערהערענדיג דעם ענטפער, איז מאטיל באַלד אַרויס פאהן שטוב; אין אַווייל אַרום קומט ער ווידער אַריין צום גביר און זאגט צוא איהם: ווייסט איהר ר׳ ש. איך האב מיך מישב גיוועזן אַז מיר לוינט ניט אָפּ צוא פאהרען פאן ווילנא, אַלזא זיינט שוין ניט געזונד״.

## 53) אַסגולה צוא ווערין יונגער.

וויא אַלט זיינען זיא? — האט אַהערר גיפרעגט ביי אַ פריילין —זיבענצעהן יאהר — האט זיא גיענטפערט. אין אַיאהר אַרום פרעגט ער איהר ווידער: וויא אַלט קענען זיא זיין? זעכצעהן יאהר — האט זיא דרייסט גיענטפערט — „נוא ווען זא — האט דער הערר ניזאגט — איז צוא האפפען, דאס אין איינינע יאהר אַרום וועררען זיא אַקליינעס מאדכען ווערען״.

## 54) אַ אֶמת׳ער וואָרט.

אַ חסיד איז געקומען צום רבי׳ן בעטין אויף קינדער, זאגט דער רבי צוא איהם: גייא אַהיים, איבער אַיאהר אין דער צייט וועט

דיין

דַיין וַוייבּ הָאבֶּען אַיוּנְגֶעל ; אוֹיף אִיבֶּער אַיָאהְר ، אִיז דֶער זֶעלְבֶּער וִוידֶער גֶעקוּמֶען צוּם רַבִּין ، אוּן דֶער צֵיילְט אִיהְם : אַז זַיין וַוייבּ הָאט גָאר גִיהַאט צְוֵוייא מֵיידְלַאךְ מִיט אַיין מָאהְל ; „פֶער שְׁטֵייסְט דוּא — הָאט אִיהְם דֶער רַבִּי גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין הִימְמֶעל שְׁטֵייט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַז דַיין וַוייבּ וֶועט הַיינְטִיגֶעס יָאהְר הָאבֶּען אַבֶּן ، נָאהְר אַז דֶער „בֵּ״ן״ אִיז גִיוֶועזֶען פֶער שְׁטְרִיכֶעלְט ، אוּן הָאט נָאהְר אַלְזָא גֶעמַאכְט : בּ׳ נְקִיבוֹת ، דָאס הָאבּ אִיךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט״ .

## 55) דִיא מַייז .

דִיא מַייז הָאבֶּען זִיךְ אַמָאהְל צוּא נוֹיף גִיקְלִיבֶּען ، אוּם זִיךְ אַ עֵצָה צוּא גֶעבֶּען ، וִויא בַּאוָוארֶענְט מֶען זִיךְ מִיט דִיא קַאטְץ ، אַיין מוֹיז הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפֶען : דִיא בֶּעסְטֶע זַאךְ אִיז ، אַז „מֶען זָאהְל אוֹיף הֵיינְגֶען בַּייא דִיא קַאטְץ אוֹיפֶען הַאלְדְז אַ גְלֶעקִיל ، אוּם דָאס מֶען זָאהְל עֶרְהֶערִין אִיהְר גַאנְג ، אוּן דַאהֶער וֶועט מֶען שׁוֹין גִיכֶער אַנְטְלוֹיפֶען״ ، דִיא עֵצָה אִיז אַלֶע מַייז גֶעפֶּעחְלִין גֶעוָואהְרֶען ، נוּהְר עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גֶעפוּנֶען ، וֶוער עֶס זָאהְל גֵיין „דִיא קַאטְץ אוֹיף הֵיינְגֶען דֶעם גְלֶעקְעל״ .

דֶער מָשָׁל קֶען דִינֶען פַאר אַפוּלֶע מֶענְשִׁין .

## 56) דִיא קְלֵיינֶע קִיכֶע .

דֶער דַייטְשֶׁער קֶענִיג קַארְל דֶער פִינְפְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּא אֵיינֶעם פָאהְן זַיינֶע מִינִיסְטָארֶען ، עֶס הָאבֶּען זִיךְ בַּייא אִיהְם אִין וָואהְנוּנְג גֶעפוּנֶען גְרוֹיסֶע צִימֶערִין ، אוּן גְרוֹיסֶע זֶאלֶע ، נוּהְר אַיין זֵייעֶר קְלֵיינֶע קִיכֶע ; אוּן אַלְס דֶער קֶענִיג הָאט אִיהְם דִיא אוּרְזַאךְ דַאפָאהְן גֶעפְרֶעגְט ، הָאט עֶר אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט : „מַיין קְלֵיינֶע קִיכֶע הָאט מַיינֶע זָאכֶע גְרוֹים גִימַאכְט״ .

## 57) דֶער שְׁפַּאנְיֶער .

אַ שְׁפַּאנִישֶׁער יוּנְגֶער מַאן אִיז מִיט אַ צוּפַאלְל גֶעקוּמֶען אִין אוּנְזֶער גֶעגֶענְד ، אוּם וִוינְטֶער ، אִין דִיא גְרוֹיסֶע פְרֶעסְט ; אוּן אַלְס עֶס אִיז אִיהְם אוֹיס גֶעקוּמֶען דוּרְךְ צוּא גֵיין דוּרְךְ אַדָארְף ، זַיינֶען אוֹיף אִיהְם אָנְגֶעפַאלֶען אַבַּאנְדֶע הִינְד ، דֶער שְׁפַּאנְיֶער הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען צוּא דֶער

ערד

עֶרד, אוֹיף צוּא הוֹיבֶּען אַשְׁטֵיין, זַייא אָפּ צוּא טְרַייבֶּען פָאהְן זִיךְ, עֶר הָאט אָבֶּער דֶעם שְׁטֵיין נִיט גֶעקָאנְט רִיהְרֶען פָאהְן אָרְט — זֶעלְבְּסְט פֶּער שְׁטֶענְדְלִיךְ, ווייל עֶס וואר אַיינְגֶעפְרָארֶען — „אַךְ פֶּער פְלוּכְטֶעס לַאנְד! — הָאט עֶר מִיט עֶרְגֶער אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן — דָא וואו מֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אָנְבִּינְדֶען, אוּן דִיא הוּנְדֶע לוֹיז לַאסֶען“.

## 58) דֶער לִיגְנֶער.

אִין אַ גֶעזֶעלֶענְשַׁאפְט, הָאט זִיךְ אַיוּנְגֶער מַאן בֶּערִימְט אַז עֶר אִיז אוֹיס גֶעוֶוען גַאנְץ אֵייראָפַּא, אוּן הָאט גֶעהַאט אוֹיפְטְרַאגֶע מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע מֶענֶער. אוּן מִיט דִיא דַארְדַאנֶעלְלֶען הָאט אִיהְר זִיךְ גֶעזֶעהֶען? הָאט אִיהְם אֵיינֶער פָאהְן דִיא קָאמְפַּאנְיֶע גֶעפְרֶעגְט; — „סְטַאיטְשׁ גֶעזֶעהֶען“! — הָאט דֶער יוּנְגֶער מַאן גִיעֶנְטְפֶערְט — „אִיךְ הָאבּ מִיט זַייא זָאנַאר וִויפִיעל מָאהְל מִיטָאג גֶעשְׁפֵּייזְט אִין אַיינֶעם“.

## 59) אַפְּרָאסְטֶער חַי וְקַיָּם.

פַאר צַייטִין אִיז גֶעוֶוען דֶער מִנְהָג, אַז אִין דִיא שַׁבָּתִים וָואס מֶען פְלֶעגְט זָאגֶען „יוֹצְרוֹת“, פְלֶעגְט מֶען מְכַבֵּד זַיין אֵיינֶעם מִיטֶען אוֹיס שְׁרַייעֶן דֶעם: „חַי וְקַיָּם“! אֵיינְמָאהְל אַלְס דֶער שַׁמָּשׁ אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אֵיינֶעם אַגְרָאבִּין יִשׁוּבְנִיק אִיהְם מְכַבֵּד זַיין מִיט דֶעם כָּבוֹד, פְרֶעגְט אִיהְם דֶער יִשׁוּבְנִיק, וָואס פַאר אַ חַי וְקַיָּם אִיז הַיינְטִיגֶער שַׁבָּת, צוּא „בְּגֶזֶרַת“ צוּא „כְּסוּכַּת?“— נֵיין, — עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער שַׁמָּשׁ: אַפְּרָאסְטֶער „חַי וְקַיָּם“, אַלְס עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אוֹיס שְׁרַייעֶן, הָאט דֶער יִשׁוּבְנִיק אוֹיס גִישְׁרִיעֶן: „אַפְּרָאסְטֶער חַי וְקַיָּם!!“.

## 60) דִיא גַבָּאִים מִיטֶען רַב.

אִין אַ שְׁטֶעדְטִיל אִין דַייטְשְׁלַאנְד, הָאט מֶען גֶעמַסוֹרְט דִיא גַבָּאִים, אַז זֵייעֶר רַב פָארְט אוּם שַׁבָּת — אוֹיבּ אַזוֹיא? — הָאבֶּען זַייא גִיעֶנְטְפֶערְט — „אִיז עֶר דָאךְ גֶעוָואהְרֶען אַגְרֶעסֶערֶער בַּעַל־הוֹצָאָה, דַארְף מֶען אִיהְם הֶעכֶערִין דִיא שְׂכִירוֹת“.

## 61) אַעֶנְטְפֶער פָאהְן אַ רַב.

קָאנְט מִיר בְּבִי, — הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט צוּא אַרַב — דִיא

גמרא

גְמָרָא זָאגְט דָאךְ אַז ; „צַדִיקִים כָּל זְמַן שֶׁמַזְקִינִין דַעְתָּן מְיוּשֶׁבֶת עֲלֵיהֶם״ — ד. ה. דִיא צַדִיקִים וָואס זַייא וָוערִין מֶעהְר עֶלְטֶער, וָוערִין זַייא אַלְס קְלִיגֶער, אוּן דִיא רְשָׁעִים וָואס זַייא וָוערִין אֶלְטֶער, וָוערִין זַייא אַלְס נַארֶעשֶׁער — טָא וִויא קוּמְט עֶס אַז דִיא סְפָרִים וָועלְכֶע אִיהְר הָאט יֶעצְט אַרוֹיס גֶעגֶעבִּין זַיינֶען עֶרְגֶער פַאר דִיא, וָועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען יוּנְגֶערְהֵייט? „אָט דָאס אִיז דָאךְ טַאקֶע דִיא אוּרְזַאךְ — הָאט אִיהְם דֶער רַב גִיעֶנְטְפֶערְט — וָואס אִיהְר זַיינְט אֶלְטֶער גֶעוָואהְרֶען״.

## 62) אַקְלוּגֶער עֶנְטְפֶער.

דֶער קֶענִיג פְרִידְרִיךְ דֶער גְרוֹיסֶער, הָאט סְמָאטְרֶעוָוענְדִיג זַיינֶע זָאלְדַאטִין, בֶּעמֶערְקְט אַז בַּייא אַיוּדִישֶׁען קְלֵיינֶעם זָאלְדַאט זַיינֶען דִיא שְׁטִיוָועל צוּא רִיסֶען, אוּן אַלְס עֶר הָאט בַּייא אִיהְם גֶעפְרֶעגְט: וָואהְרוּם אִיז בַּייא אַלֶעמֶען גַאנְץ דִיא שְׁטִיוָועל, נוּהְר בַּייא אִיהְם אֵיינֶעם אִיז צוּא רִיסֶען? — הָאט עֶר אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט — וַוייל יֶענֶע זַיינֶען גְרֶעסֶער פָאהְן מִיר, אַז דִיא שְׁטְרֶעקֶע וָועלְכֶע זַייא גֵייעֶן אָפּ פֶערְצִיג טְרִיט, דַארְף אִיךְ גֶעבִּין זֶעכְצִיג טְרִיט, דֶער פַאר אִיז בַּייא מִיר מֶעהְר צוּא רִיסֶען וִויא בַּייא אַלֶעמֶען.

## 63) דֶער קִידוּשׁ.

אַ יִשׁוּבְנִיק הָאט גִיבֶּעטִין בַּייא זַיין אִינְגֶעלְס רַבִּי׳ן אַז עֶר זָאהְל אִיהְם אוֹיס לֶערְנֶען קִידוּשׁ מַאכִין, נוּהְר דֶער אִינְגֶעל הָאט גֶעהַאט זֵייעֶר אַגְרָאבֶּען קָאפְּף, אוּן דֶער רַבִּי הָאט אִיהְם בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעקֶענְט אוֹיס לֶערְנֶען דֶעם קִידוּשׁ, אַלְזָא הָאט זִיךְ דֶער רַבִּי אַעֵצָה גֶעגֶעבִּין, אוּן הָאט אִיהְם אַיינְגֶעחַזֶרְט אוֹיף דֶעם אוֹפֶן: „יוֹם״ אִיז אִיוַואן, „הַשִׁשִׁי״ אִיז סְטֶעפַאן, „וַיְכֻלוּ״ וַואנְקַא, אוּן זָא כְּסֵדֶר דֶעם גַאנְצֶען קִידוּשׁ הָאט עֶר אִיהְם אַיינְגֶעחַזֶרְט, אוֹיף דִיא נֶעמֶען פ׳יהְן גוֹיִם פוּן זַיין דָארְף, אוּן הָאט אִים אַזוֹיא אוֹיס גֶעלֶערִינְט דֶעם „קִידוּשׁ״; אֵיינְמָאהְל מַאכְט עֶר אִין דֶער הֵיים „קִידוּשׁ״ אַזוֹיא: „יוֹם וַיְכֻלוּ הַשָׁמַיִם וכו׳״, פְרֶעגְט דֶער טַאטֶע בַּייא אִיהְם: וָואס זָאגְסְטוּ נִיט דֶעם וָוארְט הַשִׁשִׁי? „יָע! — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט — סְטֶעפַאן אִיז דָאךְ שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען״.

אשפיטצעל

## 64) אַ שְׁפִּיטְצֶעל פוּן אַ אָרוּם בָּחוּר.

אַ קַארְגֶער גְבִיר הָאט גֶענוּמֶען אַ אָרִים בָּחוּר אוֹיף שַׁבָּת, אַלְס עֶס אִיז גֶקוּמֶען צוּא דִיא לָאקְשֶׁען, גֶעמְט דֶער גְבִיר אוּן שֶׁעפְּט אָן פָאהְן שִׁיסֶעל אַקְאב־לֶעפִּיל גֶעדִיכְטֶע לָאקְשִׁין אוּן גִיסְט זִיךְ אַרַיין אִין טֶעלֶער, אוּן זָאגְט דַאבַּייא: „אָדָם קָרוֹב לְעַצְמוֹ“, נַאכְהֶער הָאט עֶר ווִידֶער אָנְגִישֶׁעפְּט דִיא גֶעדִיכְטֶע, אוּן גִיסְט אַרַיין צוּא דִיא ווַייבּ אִין טֶעלֶער, אוּן זָאגְט: „אָהַבְתִּי אֶת אִשְׁתִּי“, נַאכְהֶער דִיא קִינְדֶער, אוּן זָאגְט: „וְאֶת בָּנַי“, אוּן דִיא לֶעצְטֶע אַז עֶס אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען קְלָאהְרֶע ווַאסֶער, הָאט עֶר אַרַיין גֶעגָאסֶען דֶעם אָרִים בָּחוּר, דֶער אָרִים בָּחוּר הָאט אָבֶּער לַאנְג נִיט גֶעקְלֶערְט, אוּן גֶעמְט דִיא שִׁיסֶעל זוּפּ, אוּן גִיסְט זֵייא אַלֶעמֶן אָפּ, זָאגֶענְדִיג דַאבַּייא: „וְזָרַקְתִּי עֲלֵיכֶם מַיִם טְהוֹרִים“.

## 65) אַ עִיכּוּב אִין הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל.

וָואס מַאכְט אִיהְר? — הָאט אֵיינֶער גֶעפְרֶעגְט בַּיין צְווֵייטִין, אִיהְם אָנְגֶעגֶענְדִיג אוֹיפֶען גַאס — עֶס אִיז זֵייעֶר פַּאסְקוּדְנֶע — הָאט אִיהְם יֶענֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ יֶעצְט אַמֵיידִיל חֲתֻנָּה צוּא מַאכֶען, אוּן אִיךְ הָאבּ גְרַאדֶע פַאר אִיהְר זֵייעֶר אַגוּטֶען חָתָן נוּהְר דֶער חָתָן ווִיל אַנְדֶערְס נִיט ווִיא צְווֵייא הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל נַדַן, אוּן אִיךְ הָאבּ מֶעהְר נִישְׁט ווִיא הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל; — דָאס אִיז אַקְלֵיינִיקַייט — הָאט אִיהְם יֶענֶר גִיעֶנְטְפֶערְט — לַייט זָאגֶען צוּא גְרֶעסֶערֶע נַדַן, אוּן גִיבֶּען נָאךְ דֶעם נִיט אַוֶועק, דִיא זֶעלְבֶּע אִיז מִיט אַייךְ, אִיהְר זָאגְט אִיהְם צוּא, צוּא גֶעבִּין צְווֵייא הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל, אוּן נַאכְהֶער וֶועט אִיהְר אִיהְם הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אָנְזֶעצִין; הֶערְסְט דוּא! — הָאט אִיהְם דֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — אָט דָאס זָאג אִיךְ דָאךְ, אַז דִיא הוּנְדֶערְט וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם אָנְזֶעצִין, דִיא הָאבּ אִיךְ נָאהְר דִיא אֶמֶת׳ע הוּנְדֶערְט פֶעלִין מִיר.

## 66) דִיא גְרוֹיסֶע מַאטֶעמַאטִיקֶערֶען.

צְווֵייא אוֹרְחִים זַיינֶען אַיינְגֶע׳שְׁטַאנֶען שַׁבָּת אִין אַקְרֶעטְשְׁמֶע, נַאכְהֶער אַלְס זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין גֶעדַאוְונְט אָפּ פָּאהְרֶען, רוּפֶען זֵייא אַרַיין דִיא

קרעטשמערקע , זיא זאהל זייא געבין ארעכענונג , וויפיל זייא האבען אנגענומען איבער שבת ; דיא קרעטשמערקע האט אנגעהייבין צוא רכנען פאלגענדע : פאר צווייא נעכט נעכטיגען קומט צוא 16 גראשען פיר איינם פאר 2 קיטקעס הייא 48 גראשען 48 מיט 16 איז דאס אינאיינעם אניקלדען, טא נאט אייך אפופציגער און ניט מיר אעפרציגער , וועט שוין זיין בצאלט פארען שבת אויך .

## 67) דער לעהרער אונד דער שילער .

וויא פיעל אינזלען זיינען דא אין מעער (ים) און וויא הייסען זייא ? — האט אין דייטשלאנד א לעהרער זיינעם שילער גיפרעגט — אין מעער זיינען דא אפוללע אינזלען — האט איהם דער שילער גיענטפערט — און איך הייס האנז .

## 68) אשײנער וואָרט .

אקליין געוויקסיגער ארעם בחור האט געגעסין בייא איינעם אטאג, דער בחור איז אבער געוועזן אזא פרעסער אז ער האט געקאנט אויף עסען פאר פינף מענשין ; איינמאהל פרעגט איהם זיין בעל־הבית : „זאגט מיר וואס איז דיא מעשה , וואס איהר אזא קליינער מענשעלע , עסט אזויא פיעל אויף , און עז הרע. . . . " איך וועל אייך זאגען — האט ער איהם גיענטפערט — בשעת דער אויבערשטער האט באשאפין דיא וועלט , האט ער אויף גיהאנגען אלער האנד קישקעס , קליינע אונד גרויסע , דער הויכער מענש וואס האט גיקענט דער גרייכין העכער, האט ער זיך אויס געקליבען אקורצע קישקע , נאהר איך אלס קליינער מענשעלע האב גענומען א לאנגע קישקע .

## 69) א יודענע בלייבט א יודענע .

א יודענע איז אין כעס געוואהרען אויפען מאן , און איז זיך גילאפין טרינקען קומענדיג , צום טייך האט זיא אנגעטאפט דעם וואסער — אוי ! זאגט זיא — עס איז קאלט דער וואסער , מען קען זיך נאך חלילה צוא קיהלען , און איז געשווינד אנטלאפען אהיים .

### 70) דֶער מַאן, און דיא ווייב.

זיין לִיבֶּער מַאן — הָאט אַפְרוֹיא גֶעזָאגְט צום מַאן — דוא בִּינְסְט מִיר מוֹחֵל וָואס אִיךְ בִּין פָאהְן דִיר אַנְטְלָאפֶען גֶעוָואהֶרֶען? פַאר וָואס דוא בִּינְסְט אַנְטְלָאפֶען בִּין אִיךְ דִיר מוֹחֵל — הָאט אִיהְר דֶער מַאן גֶיעֶנְטְפֶערְט — „נוּהְר נִיט פַאר וָואס דוא בִּינְסְט צוּרִיק גֶעקוּמֶען".

### 71) נִיט עֶרְהַאלְטֶען דֶעם בְּרִיף.

אַדְרֶעסְפֶעשֶׁע פְרֵייליִן הָאט גֶעשְׁרִיבֶען אַ בְּרִיעף צוּא אִיהְר פְרַיינְדִין אִין שְׁטָאדְט אַז זִיא זָאהְל אִיהְר שִׁיקֶען דֶעם אִין דֶעם בוּךְ. דִיא לֶעצְטֶע הָאט אִיהְר דָעם בוּךְ נִיט גֶעשִׁיקְט, און אַלְם זִייא הָאבֶּען זִיךְ נַאכְהֶער אִין שְׁטָאט גֶעזֶעהְן, הָאט זִיךְ דִיא שְׁטָאדְטִישֶׁע פֶער עֶנְטְפֶערְט, פַאר דִיא דָארְפִישֶׁע: „פֶער צַייהֶע מִיר וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר דֶעם בוּךְ נִיט גֶעשִׁיקְט, דֶען אִיךְ הָאבּ דיין בְּרִיעף נִיט עֶרְהַאלְטֶען".

### 72) מֶען רוּפְט מִיךְ פֶּעטֶער.

פְרֵיילִין ס. אִיז גֶעוֶועזְן זֵייעֶר אַ שֵׁיינֶע, נָאהְר אַ אָרֶעמֶע, און הָאט זִיךְ דָארוּם גֶעמוּזְט בֶּעשְׁלִיסֶען, צוּא הֵיירַאטְהֶען מִיט אַיין אַלְטִין מַאן אַנְגְבִיר, אַלְם זִייא זַיינֶען גֶעפָאהֶרֶען אוֹיף דֶער חֲתֻנָּה, הָאט אִיהְר דֶער קוּטְשֶׁער אַלֶע ווַיילֶע גֶעזָאגְט: „פְרֵיילִין! מֶען רוּפְט מִיךְ פֶּעטֶער!" נָאךְ אִיהְר חֲתֻנָּה, פְרֶעגְט זִיא בַּייא אִיהְם, וָוארוּם עֶר הָאט אִיהְר דָאס אַלֶע ווַייקֶע גֶעזָאגְט? פֶער שְׁטֵייט אִיהְר, הָאט עֶר אִיהְר גֶיעֶנְטְפֶערְט — כְּדֵי אִיהְר זָאהְלְט נַאכְהֶער נִיט זָאגֶען: „דֶער טַייפֶעל הָאט מִיר צוּא דֶער חוּפָּה גֶעפִיהְרְט".

### 73) אַגוּט וָוארְט.

ווִיא אַלְט קֶענֶען זִיא זַיין? — הָאט אַהֶער גֶעפְרֶעגְט בַּייא אַדַאמֶע — 20 יָאהְר — הָאט זִיא גֶיעֶנְטְפֶערְט — עֶס קֶען מֶעגְלִיךְ זַיין... — הָאט עֶר עֶרְווִידֶערְט — וָואס אִיהְר צְווַייפֶעלְט נָאךְ? — הָאט אִים דִי דַאמֶע אִיבֶּער גִיפְרֶעגְט — אַךְ גִיוִויס! — הָאט דֶער הֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — ווִיא זָאל אִיךְ אַייךְ נִיט גְלוֹיבֶּען? דֶען שָׁאהְן בַּיינַאהֶע צֶעהְן יָאהְר, ווִיא אִיךְ הֶער דָאס פָאהְן אַייךְ, [illegible], זָאהְל אִיךְ אַייךְ נָאךְ נִיט גְלוֹיבֶּען?

## 74) אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַבָּאנְדַאר .

אַ חַזָן הָאט גֶעדַאוֶועֶנְט אִין אַ שְׁטֶעטִיל , אוּן הָאט זֵייעֶר נִיט אוֹיס גֶענוּמֶען , נָאכִין דַאוְונֶען גֵייט צוּא אֵיינֶער צוּם חַזָן אוּן זָאגְט : אַ ! אוּנְזֶערֶע פַּרְנָסוֹת וִויא שְׁוֶוער עֶס קוּמְט אוּנְז דָאס אָן ; וָואס פַאר אַמֶענְשׁ זַייט אִיהְר ? — פְרֶעגְט אִיהְם דֶער חַזָן — „אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַבָּאנְדַאר" — הָאט עֶר אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט .

## 75) נִיט קַיין שְׁלֶעכְטֶער שִׁידוּךְ .

אַשַׁדְכָן אִיז גֶעקוּמֶען רֵיידִין אַיוּנְגֶען מַאן אַשִׁידוּךְ , מִיט דִיא אוּן דִיא פְרַיילִין , אַךְ ! —זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן — דָאס מֶעדְכֶען הִינְקְט דָאךְ ? יַא — עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער שַׁדְכָן — דָאס אִיז זֵייעֶר גוּט פַאר אַייךְ , וֶועט זִיא אַייךְ נִיט קָאנֶען נָאךְ לוֹיפֶען ; אָבֶער זִיא אִיז דָאךְ בְּלִינְד ! — זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן — נוּא , גַאנְץ גוּט עֶרְווִידֶערְט דֶער שַׁדְכָן — וֶועט זִיא נִיט קָאנֶען זֶעהְן וִויא אִיהְר גֵייט אַרוּם מִיט אַנְדֶערֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער ; אָבֶער זִיא אִיז דָאךְ אוֹיךְ טוֹיבּ ! — זָאגְט דֶער יוּנְגֶער מַאן מִיט עֶרְגֶער — אַךְ ! אַוַואהְרֶעס גְלִיק פַאר אַייךְ , — זָאגְט דֶער שַׁדְכָן — אִיהְר וֶועט מָאגִין רֵיידִין אִין שְׁטוּבּ אַלְס וָואס אִיהְר וֶועט נוּר וֶועלִין , עֶס וֶועט זַיין , אַזוֹיא וִויא זִיא וָואהְלְט נָאהְר דֶער בַּייא נִיט גְעוֶוען ; זִיא אִיז דָאךְ אָבֶער אוֹיךְ שְׁטוּם ? ! נָאךְ בֶּעסֶער —עֶנְטְפֶערְט דֶער שַׁדְכָן — וֶועט בַּייא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ , אִימֶער שְׁטִיל אוּן רוּהִיג זַיין ; אָבֶער זִיא הָאט דָאךְ אַהוֹיקֶער , אוֹיךְ ! — שְׁרַייט דֶער יוּנְגֶער מַאן — נוּא ווִילְט אִיהְר — זָאגְט דֶער שַׁדְכָן צוּא אִיהְם — אַז זִיא זָאהְל שׁוֹין גָאהְר קַיין פֶעהְלֶער נִיט הָאבֶּען ?

## 76) אַ גִיטְרַייעֶר מַאן .

ווִיא הַאלְט עֶס מִיט מַיין פְרוֹיא ? — הָאט אֵיינֶער בַּיים דָאקְטָאר גֶעפְרֶעגְט — לֵיידֶער נִיכְט גוּט — הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעזָאגְט — אִיהְר מוּזְט זִיךְ אוֹיף דָאס שְׁלִימְסְטֶע בֶּעשְׁלִיסֶען ; וָואס זִיא וֶוערְט גֶעזוּנְד ? — הָאט דֶער מַאן גֶעפְרֶעגְט — .

## 77) דִיא צַוָואָה .

[illegible] הָאט גֶעלָאזֶען אִין צַוָואָה דְרַייא [illegible] : [illegible]
[illegible]

בְּשַׁעַת מֶען וֶועט אִיהְם מְטַהֵר זַיין , זָאל מֶען אִיהְם נִיט הַאלְטֶען אוּנְטֶער דִיא אָרֶעמְס , דֶען עֶר הָאט מוֹרָא פַאר קִיצְלֶען ; צְוַוייטְעֶן זָאהְל מֶען אִיהְם לֵייגֶען גֶעבִּין קְלֵיינֶע קִינְדֶער , כְּדֵי עֶר זָאל קָאנֶען אוֹיס נַארֶען פָאהְן זַייא דֶעם אִיבֶּערְבַּייסֶען ; אוּן דְרִיטֶענְס זָאהְל מֶען אִיהְם מְקַבֵּר זַיין נֶעבִּין אַבּוּדְקֶע (וואוּ אַ גָארְדָאוָואי שְׁטֵייט) כְּדֵי אַז דֶער מַלְאַךְ־הַדוּמָה וֶועט קוּמֶען זָאהְל עֶר קֶענֶען אַ גֶעשְׁרֵייא טָאהְן : גָארְדָאוָואי !

## 78) דֶער גֶעשְׁמִיסֶענֶער גְבִיר .

עֶס אִיז גִיוֶוען אַ מַעֲשֶׂה , אַ פָּארִיץ הָאט אָפּ גֶעשְׁמִיסֶען אַ גֶעוִויסֶען ווִילְנֶער גְבִיר , אֵיינְמָאהְל חַאפְּט דֶער זֶעלְבִּיגֶער גְבִיר אָן מָאטְלֶען אוֹיפֶען נַאסְס , אוּן זָאגְט צוּא אִיהְם : „מָאטִיל ! זָאג מִיר עֶפֶּעס אַווִיטְץ (דֶער גְבִיר אִיז גֶעוֶוען אַהוֹיךְ גֶעוִויקְסִינֶער) ' זָאגְט מָאטִיל צוּא אִיהְם : זֶעהְט ר'... אַוואוּנְדֶער דַאכְט זִיךְ אָט דָא נִיט לַאנְג , הָאט מֶען אַייךְ אוּנְטֶער גֶעהַאקְט , אוּן אִיהְר זַיינְט נָאךְ אַלְס אַזַא לַאנְגֶער ··· .

## 79) אַ קְלוּגֶע עֵצָה .

אִין ק. אַלְס עֶס אִיז אָנְגֶעפַּלֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁנֵייא , אוּן דִיא מֶענְטְשִׁין פָאהְן שְׁטֶעדְטִיל הָאבֶּען מוֹרָה גֶעהַאט אַז דֶער שַׁמָשׁ וֶועט גֵיין אִין דֶער פְרִיא רוּפֶען : „אִין שׁוּהְל אַרַיין !" וֶועט עֶר דָאךְ דֶער וַוייל אוֹיס טְרֶעטִין דִיא שְׁנֵייא , הָאבֶּען זַייא זִיךְ אַ עֵצָה גֶעגֶעבֶּען אַז פִיער מֶענְטְשִׁין זָאהְלֶען טְרָאגֶען דֶעם שַׁמָשׁ אוֹיף דִיא הֶענְד , אוּן עֶר זָאהְל רוּפֶען : „אִין שׁוּהְל אַרַיין !"

## 80) אַ גָאוֹן'ס אַ וָוארְט .

דֶער גְרוֹיסֶער גָאוֹן ר' זֶעלְמֶעלֶע הָאט גִיזָאגְט : אַז אֵיינֶער גֵייט אוֹיס שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה דַארְף מֶען אִיהְם גֶעבִּין : „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" דֶען אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאדְט אִיז עֶר נִיט אוֹיס גֶעוֶוען שְׁטֵייעֶנְדִיג שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה .

## 81) נַארֶענְיֶע אִין חָלוֹם .

מוּטֶער ! — הָאט אַ אִינְגֶעל גֶעזָאגְט צוּא זַיין מוּטֶער — אַלְס אִיךְ וֶועל זִיךְ וַוייטֶער לֵייגֶען שְׁלָאפֶען , זָאהְלְסְט דוּא מִיר אַרוּנְטֶער לֵייגֶען אַלֶעפִיל צוּא קָאפִּינְס , דֶען דִיא פָארִיגֶע נַאכְט הָאט זִיךְ מִיר נעחלומט

גֶע׳חָלוֹמְ׳ט אַז גֶעבִּין מִיר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ שִׁיסֶעל וַוארֶענִיקֶעס, גֶאוְ׳ר צוּם אוּנְגְלִיק הָאבּ אִיךְ קֵיין לֶעפִּיל נִיט גֶעהַאט.

## 82) אַ חֲזִיר אַ מֵבִין.

וִויא זָאנְגְסְט דוּא? — וֶוער קֶען בֶּעסֶער זִינְגֶען אִיךְ צוּא דוּא? — הָאט דִיא קְרָאעֶ דֶעם סָאלָאוֵוייא גֶעפְרֶעגְט — גֶעווִיס קֶען אִיךְ בֶּעסֶער — הָאט אִיהְר דֶער סָאלָאוֵוייא גִיעֶנְטְפֶערְט — נוּא, אוּן אִיךְ זָאג — הָאט זִיךְ דִיא קְרָאעֶ וַוייטֶער אָפּ גֶערוּפֶען — אַז אִיךְ זִינְג טוֹיזֶענְדֶער מָאל שֶׁענֶער פָאהְן דִיר — לָאמִיר זִיךְ וֶועטִין, זָאגְט דֶער סָאלָאוֵוייא צוּא דִיא קְרָאעֶ, וֶוער עֶס קֶען בֶּעסֶער זִינְגֶען, אוּן וֶוער עֶס וֶועט פֶער שְׁפִּילֶען, דֶעם, זָאהְל דֶער גֶעווִאוּנֶענֶער אוֹיס פִּיקֶען אַ אוֹיג; אָבֶּער בַּייא וֶועמֶען וֶועלִין מִיר פְרֶעגִין? — פְרֶעגְט דִיא קְרָאעֶ — וֶועמֶען מִיר וֶועלִין אֶן טְרֶעפִין דֶעם עֶרְשְׁטִין, בַּייא דֶעם וֶועלִין מִיר פְרֶעגֶען, — זָאגְט דֶער סָאלָאוֵוייא, — נוּא גוּט, — עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דִיא קְרָאעֶ; אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶועט — אוּן לָאזִין זִיךְ גְלַייךְ בֵּיידֶע, זוּכֶען אַמֵבִין, אוּן טְרֶעפִין גְלַייךְ אָן דֶעם עֶרְשְׁטִין אַחֲזִיר .... זָאגֶען זֵייא צוּא אִיהְם: זָאג אוּנְז נָאר דוּא חֲזִיר, „וֶוער קֶען בֶּעסֶער זִינְגֶען?“ „דִיא קְרָאעֶ קֶען בֶּעסֶער“ — הָאט דֶער חֲזִיר גִיעֶנְטְפֶערְט — נוּא פֶער שְׁטֵייט זִיךְ, אַז דִיא קְרָאעֶ הָאט בַּאלְד דֶעם סַאלָאוֵוייא אוֹיס גֶעפִּיקְט אַ אוֹיג; שְׁטֵייט דֶער סָאלָאוֵוייא אוּן וֵויינְט, זָאגְט דִיא קְרָאעֶ צוּא אִיהְם: וָואס וֵויינְסְט דוּא? דוּא הָאסְט דָאךְ אָנְגֶעוָואהְרֶען, אוּן דוּא אַלֵיין הָאסְט אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען אַזַא שְׁוֶוערִין פְּסַק; נֵיין! — הָאט אִיהְר דֶער סָאלָאוֵוייא גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיךְ פֶער דְרִיסְט נִיט אַזוֹיא אוֹיף דִיא אוֹיג, נָאר מִיר פֶער דְרִיסְט: „וִויא קוּמְט אַזַא גְרָאבֶּער חֲזִיר צוּא זָאגֶען מְבִינוּת אוֹיף“

דֶער פַאבֶּעל אִיז אַשְׁפִּיעגֶעל פַאר פִיעלֶע מֶענְשֶׁן.

## 83) וָואס דִקְדוּק אִיז.

אֵיינֶער אַ גְרָאבֶּער מֶענְשׁ — הָאט אַמָאהְל גֶעזָאגְט: „וָואס דִקְדוּק אִיז, שְׁמַע, הֶער צוּא, שְׁמָעֲנִי, הֶער מִיר צוּא, אוּן יִקְטָאלִים אִיז שׁוֹין נָאהְר קָאטֶערִין“.

## 84) רַבִּי יְהוּדָה מִיט דִיא סִמָנִים .

אִין פְּלוּג אִיז דָאךְ אַקַשְׁיָא : וָואס טוּהְט מִיר דָא רַבִּי יְהוּדָה אוֹיף מִיטָען וְצַ״ךְ עֲדַ״שׁ בְּאַחַ״ב ? נוּהְר דֶער תִּירוּץ אִיז : רַבִּי יְהוּדָה הָאט דָאךְ שׁוֹין אַיין מָאהְל אַ טָעוּת גֶעהַאט מִיט תָּמָרֶ׳ן , דְרוּם מַאכְט עֶר שׁוֹין יֶעצְט סִימָנִים ; אַי , נִיחַאי וָואהְלְט עֶר גֶעגֶעבִּין תָּמָרֶ׳ן דִיא מַכּוֹת , אוּן אִין דֶער הַגָּדָה דֶעם זִינְגֶעל , מִיטֶען שְׁטֶעקִין , מִיטֶען שְׁנוּפְּפטוּךְ ? נָאהְר אַז עֶר וָואהְלְט גֶעגֶעבִּין תָּמָרֶ׳ען מַכּוֹת , וָואהְלְט זֵיא אִיהְם גֶעגֶעבִּין יְסוּרִים . . .

## 85. אַגְלָאז וַויין .

בֶּעסֶער אַלְס אַגְלָאז וַויין אִיז גָאר נִיטָא הָאט אַמָאהְל אֵיינֶער גֶעזָאגְט אִין אַגֶעזֶעלְלְשַׁאפְט . אוּן מִיר דוּכְט אַפְּלַאשׁ וַויין אִיז נָאךְ בֶּעסֶער הָאט אַ צְוֵוייטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט .

## 86. גָאט גְלֵייךְ .

זָאג נָאהְר וַוייבֶּעל — הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט צוּא אַפְרוּיא — וָואס בִּינְסְט דוּא אַזוֹי אוֹיפֶען מַגִּיד אוֹיפְגֶעטְרָאגֶען , פַאר וָואס עֶר הַאלְט דִיר שְׁטֶענְדִיג אִין אַיין מוּסָר זָאגֶען ? דוּ ווייסְט דֶען נִיט , אַז דֶער מַגִּיד וִויל זַיין גָאט גְלֵייךְ וֶועמֶען עֶר הָאט לִיעבּ , דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר אַ סַךְ .

## 87) לִיגֶען אוֹיף הוֹילֶען .

מָאטִיל אִיז אַמָאהְל אַרַיין צוּ זַיינֶעם אַבֶּעקַאנְטִין , אוּן זָאגְט צוּ אִיהְם : אִיהְר ווייסְט ר׳ שְׁמוּאֵל אַז אִיךְ מוּז שׁוֹין וֶוערִין אַדָקְטָאר ; אוּן וָוארוּם ? — פְרֶעגְט אִיהְם דֶער שְׁמוּאֵל — וַוייל פֶעדְשְׁטֵייט אִיהְר — הָאט אִיהְם מָאטִיל גִיעֶנְטְפֶערְט — מֶען הָאט בַּייא מִיר הַיינְטִיגֶע נַאכְט אַרוֹיס גְנַנְבֶ׳ת דִי בֶּעט גֶעוואנְט , נוּא , וָועל אִיךְ שׁוֹין מוּזֶען „לִיגֶען אוֹיף הוֹילִין״ .

## 88) אַקְלַאפּ פֶער גֵייט , אוּן אַוָוארְט בֶּעשְׁטֵייט .

אוּם פּוּרִים בְּשַׁעַת אַלֶע הָאבִּין גֶעקְלַאפְּט הָמָנְ׳ען הָאט אֵיינֶער אַגֶעוויסֶער שְׁנַיידֶער גֶעמַאכְט אַגְרוֹיסֶען יוֹנָישֶׁען „מִי שֶׁבֵּרַךְ״ — אוּן אַלְס מֶען הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט : וָואס אִיז דָאס ? — הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט . „אַקְלַאפּ פֶער גֵיים , אוּן אַ וָוארְט בֶּעשְׁטֵייט .

אין

### 89) נים גֶעדאָוועגט פָאהָן פָארֶענְט.

אִין ווילְנָא, אִין אַלְטִין קְלויז, אִיז אַנְגֶעבֶּער יוּנג אַשׁוּסְטֶער, אַרויף גֶעקְרָאכֶען אויבֶּען אָן, אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דַאווְנֶען, דֶער אוּנְטֶער שַׁמָשׁ אָבֶּער הָאט דָאס גְרַאדֶע בֶּעמֶערְקְט, אוּן אִיז צוּא אִיהְם צוּא גֶעגַאנְגֶען, אוּן זָאגְט: הֶערְט ר' יוּד! אִיהְר הָאט שׁוֹין גֶעדַאוָוענְט פָאהְן פָארִינְט? דַאכְט זִיךְ נִיט, טָא זַייט זְשֶׁע מוֹחֵל, אוּן דַאוָוענְט פָאהְן פָארִינְט.

### 90) אִין לַייטֶעשֶׁע מַיילֶער.

דֶער זֶעלְבֶּער, אַלְס עֶר אִיז אַרויף גִיגַאנְגֶען אִין מַאלִיַארְסְקֶע קְלויז וואו עֶס אִיז גֶעווֶען זַייעֶר שֶׁעהְן אויס גֶעמָעלְט, אוּן אויס גֶעפּוּצְט, הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפֶען, זִיךְ אַרום קוּקֶענְדִיג. אוֹי! אִיךְ בִּין יֶעצְט אַריין גֶעפַאלֶען „צְווִישֶׁען לַייטִישֶׁע מַיילֶער“.

### 91) אַ שְׁלֶעכְטֶע פְרוֹי.

אַשְׁלֶעכְטֶע פְרוֹיא אִיז עֶרְגֶער פַאר אַ רֶעגֶען.

דֶער רֶעגִין טְרַייבְּט אִין שְׁטוּבּ אוּנְד אַשְׁלֶעכְטֶע ווַייבּ פֶערְטְרַייבְּט דֶעם מַאנְן פוּן שְׁטוּבּ.

### 92) אַמַאן צוּא דֶער ווַייבּ.

אַ מַאנְן הָאט אַ מָאהְל גֶעזָאגְט צוּ זַיין ווַייבּ: דוּא בִּיסְט מַיין לֶעבִּין, אָבֶּער מִיר אִיז דֶער לֶעבִּין אִיבֶּערְדְרִיסִיג.

### 93) זָאל גָאט הִיטֶען.

הַיינְטִיגֶער רֶעגֶען אִיז ווֶערְט גָאלְד, הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט צוּא אַ מֶענְשִׁין פוּן מִיטֶעלֶען אֶלְטֶער, אִיצְט ווֶעט פוּן דֶער עֶרְד אַלְץ אַרוֹיס. — זָאל גָאט הִיטֶען, הָאט גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט דֶער צְווֵייטֶער: אִיךְ הָאבּ דָארְטִין דְרַייא ווַייבֶּער.

### 94) דֶער ווַייזֶער טוֹיג נִיט.

אֵיינֶער הָאט אַמָאהְל גִיוָואכְט אַז דֶער מַגִיד זָאל שׁוֹין עֶנְדִיגֶען זָאגֶען ווַייל עֶס אִיז שְׁפֶּעט. עֶר הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען זַיין אוּהְר אוּן גֶעווִיזֶען

דער מגיד האָט זיך גוט איינגעקוקט אונד זאָגט: דיא אוהר איז גוט, נור דער זייגער טויג ניט.

## 95) אַמָאס אויף איין הֶסְפֵּד.

אַמַגיד איז אַמָאל גֶעקוּמֶען צוּא אֵיינֶעם מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין און האָט גֶעקוּקְט אויף דֶעם חוֹלֶה זֶעהר עֶרְנְסְט. — „רֶבִּי, זאָגְט צוּא אִיהְם דֶער חוֹלֶה, אִיר נֶעמְט מִיר אַמָאס אויף אַ הֶסְפֵּד? לאָזְט אויף אַשְׁטִיקֶעלֶע אִין דיא אַרְבֶּעל; עֶס זאָל נִיט זַיין אֵיינְג.

## 96) דיא זֶעלְבֶּע אוּרְזַאכֶע.

פאַר וואָס הֵייסְט אַמִיאוּסֶה מוֹיד „שֵׁיינְדִילי"? — אִיבֶּער דער זֶעלְבֶּע אוּרְזַאכֶע וואָס אַשְׁלֶעכְטֶע ווַייבּ הֵייסְט „גוּטֶעלי".

## 97) אַ בָּארְד.

אַ מוֹרֶה הוֹרָאָה האָט אַמָאל דֶער זֶעהן אַ יוּנְגֶען לַאסְט טְרֶעגֶער מִיט אַגֶעראַזִירְטֶען בָּארְד. — „הֶער דוּא, פְּרֶעגְט בַּייא אִיהְם דֶער רַבִּי, וִויפִיל גִיט מֶען דִיר פַארִין טְרָאגֶען? פִיל עֶס מַאכְט זִיךְ: 10, 15, 20, קָאפִּיקֶעס. — נוּא, נַא דִיר 20 קָאפִּיקֶעס און טְרָאג מִיר אויף עֶטְוָואס, האָט גִיזאָגְט דֶער רָב. — אַךְ רֶעבֶּוּנְיֶע וואָס? — „אַ בָּארְד".

## 98) עֶר זאָל לֶעבִּין.

דיא חֲסִידִים רֵיידִין וועגֶע רֶעבִּין, רוּפֶען זֵייא אִים נִיט מִיט זַיין נָאמֶען, נָאר זֵייא זָאגֶען: „עֶר, זָאל לֶעבִּין". מֶען זָאגְט: „עֶר זָאל לֶעבִּין, עֶסְט; עֶר, זָאל לֶעבִּין, טְרִינְקְט; עֶר, זָאל לֶבִּין, שְׁלָאפְט": אַיין חָסִיד דֶערְצֵיילְט ווֵיינֶענְדִיג דֶעם 2-טֶען עֶר, זָאל לֶעבִּין, אִיז גִישְׁטָארְבִּין!".

## 99) אַגְרוֹסֶער קַארְלוּק.

מֶען האָט אַרוּם גֶעטְרָאגֶען אִיבֶּער דיא נַאסְטֶען זֶעהְר אַקְלֵיינֶעם סַארְכוּס ווַייזִין פַאר עֶטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶעס. אַ קְלוּגֶער קְלוֹזְנִיק האָט דֶערְזֶעהְן וִויא אַלֶע לֵייפִין נָאךְ און קוּקֶען, האָט עֶר מִיט וואוּנְדֶער גֶעזָאגְט: אִיךְ פֶערְשְׁטֶעהֶע נִיט וואָס אִיז דָא אַזוֹי נָאךְ צוּ לֵייפִין? אִיךְ האָבּ גֶעזֶעהְן גְרֶעסֶערֶע קַארְלוּקֶעס!

### 100) אַ גְרוֹיסֶער שׁוֹטֶה.

ר' יָאקִיל אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער לַמְדָן, אָבֶּער, זָאל מִיר מוֹחֵל זַיין, אַגְרוֹיסֶער שׁוֹטֶה. אַיין מָאהְל הָאט עֶר זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט דֶעם שְׁטָאט גַבַּאי אוּנד זָאגְט: דָאס קֶענְט אִיר דָאךְ פָארְט נִיט אָפּ לַייקֶענֶען אַז אִיךְ קֶען לֶערְנֶען אוּנְד עֶס שְׁטֵייט דָאךְ בְּפֵירוּשׁ אַז דִיא תּוֹרָה מַאכְט קְלוּג אֲפִילוּ דֶעם נַארֶען. דֶער גַבַּאי הָאט אִים אוֹיף דָאס גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט: דִיא תּוֹרָה קֶען זִיךְ נִיט צוּ בַּייסִין, זִיא הָאט אִיר זַאךְ גִינוּג גֶעטָאן, אָבֶּער אַלֶע אַייעֶרֶע נַארֶעשְׁקַייט הָאט זִיא נִיט גִיקֶענְט פַארְזֶעהֶען.

### 101) לֶעבִּין וִויא אַ שְׁלֶעפֶּער.

אִיךְ הָאבּ מוֹרָא — הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט צוּא זַיין חָבֵר — אַז מִיר זָאלִין נִיט שְׁטַארְבִּין וִויא שְׁלֶעפֶּער. — אוֹיךְ אַ דַאֲגָה! הָאט גֶעזָאגְט דֶער אַנְדֶערֶער, — אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז מִיר וֶועלִין דַארְפִין לֶעבִּין וִויא שְׁלֶעפֶּער.

### 102) אַ קלוּגֶע כַּלָּה.

אַמֵיידִיל הָאט גִיפְרֶעגְט בַּייא דִיא אַנְדֶערֶע „שׁוֹין לַאנְג אַז דוּא בִּיסְט אַ כַּלָּה"? — הָאט דִיא כַּלָּה גִיעֶנְטְפֶערְט — שׁוֹין צְווֵייא יָאר בִּיז 120 יָאר.

### 103) אַשְׁמֶעק טַאבַּאק אַגְמִלוּת חֶסֶד.

אַיין אָרֶעמַאן הָאט גִיוָואלְט טָאהְן גְמִילוּת חֲסָדִים עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גִיהַאט מִיט וָואס, הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵּׁב גִיוֶוען אוּן הָאט גֶעקוֹיפְט שְׁמֶעק-טַאבַּאק אוּן פְלֶעגְט יֶעדֶערִין גֶעבִּין שְׁמֶעקִין, אִיז גִיקוּמֶען דֶער „גְמִילוּת חֶסֶד" טַעֲנֶהן פַארִין רבש"ע אוּן הָאט גֶעזָאגְט „אִיךְ בִּין דָאךְ אֵיינֶער פוּן דִיא דְרַייא זַאכֶען וָואס דִיא וֶועלְט שְׁטֵייט אוֹיף זֵייא: תּוֹרָה, עֲבוֹדָה, אוּן גְמִילוּת חֲסָדִים פַאר וָואס פַּטֶערְט מִיר דֶער אָרֶעמַאן מִיט אַשְׁמֶעק טַאבַּאק"; זָארְג נִיט — הָאט אִיהְם דֶער רבש"ע גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶס אִיז פַארַאנֶען אַנְדֶערֶע תּוֹרָה אוּן עֲבוֹדָה וָואס זַיינֶען קַיין שְׁמֶעק טַאבַּאק אוֹיךְ נִיט וֶוערְט.

### 104) דיא קַאשֶׁע מִיט דִיא תִּירוּצִים.

צְווייא אָרֶעמֶע בַּחוּרִים הָאבִּין זִיךְ צוּא זַאמֶען גִיטְרָאפִין, זָאגְט אֵיינֶער צוּם אַנְאנְדֶערֶען „אִיךְ הָאבּ אַטָאג וָואס וֶוען אִיךְ קוּם עֶסֶען קָארְמֶעט מֶען מִיר שְׁטֶענְדִיג מִיט קַאשֶׁע: אָבֶּער קַאשֶׁע אוּן ווִידֶער קַאשֶׁע", דוּא הָאסְט נָאךְ נִיט וָואס צוּא זִינְדִיגֶען — זָאגְט דֶער 2-טֶער — אִיךְ הָאבּ אַ טָאג וָואס מֶען קָארְמֶעט מִיר דָארְטִין שְׁטֶענְדִיג מִיט תִּירוּצִים: דָא הָאט מֶען נִיט גִיקָאכְט, דָא אִיז דִיא קֶעכִין נִיט גִיוֶוען אִין שְׁטוּבּ, דָא הָאט דִיא ווִירְטֶען קֵיין צַייט, אוּן מִיט תִּירוּצִים קֶען מֶען נִיט זַאט וֶוערִין.

### 105) אַ נַייעֶר פֵּירוּשׁ אוֹיף הַגָדָה.

אַ מְחַבֵּר הָאט גִימַאכְט אַ נַייעֶם פֵּירוּשׁ אוֹיף הַגָדָה, הָאט בַּייא אִים אֵיינֶער גֶעפְרֶעגְט; אִיז דֶען קְנַאפּ פֵּירוּשִׁים אוֹיף הַגָדָה, וָואס ווִילְט אִיר נָאךְ מִיט אַייעֶר פֵּירוּשׁ? פַאר שְׁטֵייט אִיר — הָאט אִים דֶער מְחַבֵּר גִיעֶנְטְפֶערְט — פוּן יֶענֶע פֵּירוּשִׁים קֶען אִיךְ אָבֶּער קֵיין פֶּסַח נִיט מַאכִין.

### 106) דֶער בַּעַל עֲגָלָה אִין מִזְרַח וַואנְד.

אַ בַּעַל עֲגָלָה אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעטֶעל אִיז גִיוָוארֶען אַ נָגִיד, הָאט עֶר גִיקוֹיפְט אַ שְׁטָאט אִין בהמ"ד אִין מִזְרַח וַואנְד לֶעבִּין אָרוֹן קֹדֶשׁ, אִיז אַ מָאל אַרַיין אִין בהמ"ד זַיינֶער אַפַּארְצַייטִיגֶער בַּאקַאנְטֶער, עֶר זֶעהְט דֶער בַּעַל עֲגָלָה שְׁטֵייט אוֹיבֶּען אָן, אִיז דָאס אִים גִיוֶוען זֵייעֶר אַוואוּנְדֶער, דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט דָאס בַּאמֶערְקְט הָאט עֶר אִיהְם צוּא גִירוּפִין אוּן זָאגְט צוּא אִים: וָואס וואוּנְדֶערְסְט דוּא זִיךְ? דוּא זֶעסְט נִיט אַ מִזְרַח מִיט פֶערְד דַארְף מֶען דָאךְ הָאבִּין צוּא זַייא אַ בַּעַל עֲגָלָה.

### 107) דֶער אוֹרַח מִיט דִיא גְרוֹיפֶּען.

מֶען הָאט דֶערְלַאנְגְט אַיין אוֹרַח גְרוֹיפֶּען צוּם עֶסִין, הָאט עֶר זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען צוּא דֶער ווִירְטְהִין: „אִיהְר הָאט נִיט גֶעמוּזְט זַייעֶן דִיא וַואסֶער? „וָואס אִיז"? הָאט זִיא גִיפְרֶעגְט. עֶס שְׁווִימְט עֶפֶּעס אַרוּם אַ גְרוֹיפּ אִין טֶעלֶער, הָאט דֶער אוֹרַח גִיעֶנְטְפֶערְט.

### 108) נִיט קַיין הִינֶער .

אַ אָרֶעמַאן אִיז אַרַיין צוּ אַ גְבִיר בֶּעטֶען אַ נְדָבָה , דֶער גְבִיר הָאט אָבֶּער אוֹיף אִיהם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּן גֶעזָאגְט , דָאס קַיין אוֹרְחִים גִיט עֶר נִיט .

— אִיךְ בִּין קַיין אוֹרֵחַ נִיט , הָאט דֶער אָרֶעמַאן גֶיעֶנְטְפֶערְט , אִיךְ בִּין אַ הִינֶער אַ נִיבָּארֶענֶער .

— אַז דוּא וָואלְסְט גֶעוֶוען אַ הִינֶער , הָאט אִיהם דֶער גְבִיר גֶיעֶנְטְפֶערְט , וָואלְסְטוּ וִויסֶען , אַז אִיךְ גִיבּ קַיין נְדָבוֹת נִיט , בִּיסְטוּ דָאךְ נִיט קַיין הִינֶער , אוּן אוֹרְחִים גִיבּ אִיךְ נִיט .

### 109) צְוֵוייא קְלָאג צוּא דִיר .

בַּיין וַואקְזַאל אוֹיף דִי קְלֵיינֶע סְטַאנְצְיֶעס קְלַייבֶּען זִיךְ אוֹיף וַוייבֶּער מִיט קִינְדֶער שַׁבָּת נָאכְ׳ן טְשָׁאלֶענְט זֶעהֶען וִויא דֶער טְרֵיין קוּמְט , אַמֵיידִיל הָאט דֶער זֶעהְן וִויא פוּן וַואגָאן אִיז אַרוֹים אַיוּד .

— מַאמֶע , מַאמֶע ! אַקְלָאג צוּא מִיר ! אַיוּד פָּארְט אוּם שַׁבָּת

— הָאט זִיא אוֹים גֶעשְׁרִיעֶן נִיט מִיט אִיהָר קוֹל .

דֶער יוּדִישֶׁער פַּאסַאשְׁזִירֶער אִיז צוּ אִיהְר צוּ גִינַאנְגֶען אוּן גֶעזָאגְט :

— צְוֵוייא קְלָאג צוּ דִיר , טָאכְטֶערְקֶע ! אִין וַואגָאן זִיצְט נָאךְ אַיוּד .

### 110) מָאטְקֶעס אַתְּשׁוּבָה .

אוֹיף אַ נְגִידִישֶׁע חֲתֻנָּה אִין מִינְסְק הָאט מֶען אַמָאל גֶעבֶּעטֶען מָרְדְכַי חַבַּר עֶר זָאל זָאגֶען אַ הַמְצָאָה .

— מָאטְקֶע הָאט גֶעפָאלְגְט אוּן גֶעזָאגְט :

— וַיִּסְעוּ מִסֻּכּוֹת וַיַּחֲנוּ בִּרְפִידִים , גֶעהַאנְגֶען זָאלֶען וֶוערִין אַלֶע מִינְסְקֶער נְגִידִים .

דִיא נְגִידִים הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק בַּעלֵיידִיגְט אוּן גִיפְרֶעגְט :

— וָואס אִיז דָא דִיא הַמְצָאָה ?

— אִיךְ קַיין אָהְן הַמְצָאוֹת !



## 110) אַ נאַרישע קשיא.

ביי א חכם האָט מען געפרעגט: פאר וואָס ליעבט ער צו ריידען מיט שעהנע פרויען?

אזא נארעשע קשיא—האָט דער חכם געענטפערט—פרעגט מען ביי א בלינדען....

## 112) בעסער מאַכען.

פאר וואָס פיעל מענשען פארשליסען דיא טיהר בעת זייא מאכען א וויכטיגע זאך?

— ווייל פיעל מענשען האָבען א נאטור צו זאָגען — בעת זייא זעהען וויא יענער טהוט עפּעס: ניט מיר איך וועל דאָס בעסער מאכען....

## 113) צוקראַצט דעם פּנים.

א בייזע שלעכטע פרויא האָט זיך אמאָל געצאנקט מיט איהר מאן, האָט זיא זיך פון כעס צוקראצט דעם פּנים און האָט געזאָגט:

— יעצט וועל איך זעהען וואו וועט ער מיך קושען?....

## 114) שפּיל וואָרט.

פון דער צייט וואָס מענשען האָבען געהאַט צרות „פאר—דינה׳ן“, האָט מען היינט צרות איידער מען קען „פארדינען“.

## 115) שוואַכע שפּירט.

איינער האָט זיך גוט אָנגעשיכור׳ת ער איז געקומען בייא נאכט צום טויער, עס האָט שטארק גערעגענט, ער איז געפאלען אונטער דיא רינע פון דאך און דאס רעגען־וואסער האָט זיך איהם געגאָסען איבער זיין פּנים.

ניין— האָט ער געשריען—א זעלכע שפּירט טרינק איך ניט!....

## 116) אַ גרויסער וואונדער.

אקליינ־שטעטילדיגער קרעמער איז געקומען אין ווארשא קויפען סחורה, ער האָט אין א גרויסען מאגאזין איינגעקויפט אביסעל סחורה, בעצאָהלט, בעקומען א רעכנונג. דיא סחורה איז שוין פאר פאקט אונד ער שטעהט, קוקט אויף אללע פאָליצעס, קוועצט מיט דיא פלייצעס.

— וואָס וואונדערט איהר אייך אזוי שטארק? האָט דער בעל הבית געפרעגט.

— איך וואונדער מיך צו זעהן א שרעקליכען חידוש — האָט דער סוחר׳ל געזאָגט, איך האָב א קליינע קרעמעלע אין מיין שטאָדט, בין איך א בעל חוב א שרעקליכע זאך, כמעט א גרעסערער וויפיל מיינע סחורה באטרעפט. טוא וויפיל זייט איהר שוין א בעל חוב, אז אין אייער קראָם איז דאָ אזוי פיעל סחורה?......

## 117) רייכע מעבעל.

ווינטער אין א גרויסען פראָסט לויפט אין פ״ב א שטודענט אונד טראָגט אין האנד א שטעקען.

— וואָס ברויכסט דוא א שטעקען, אין אזא גרויסען פראָסט?—האָט האָט איהם זיינער א בעקאנטער געפרעגט:

— איך קלייב מיר דאָס אריין אין א נייע וואָהנונג, — האָט דער שטודענט געענטפערט — טראָג איך איבער מיינע גאנצע מעבעל אהין אין מיין קווארטיר.

## 118) אַ נאַסע בעט.

א שכור׳ער איז אריין געפאלען אין א בלאָטע:

— אך א שלעכטע ווירטהין—האָט ער געשריען—מיין בעט איז היינט ניט טרוקען......

## 119) טרוקען אין האלדז.

— וואס ברויבען מיר אייער נייעם ספר? — האט א גביר נעפרעגט א מחבר—איז דען ווייניג פאר אונז דיא אלטע ספרים?

— פארשטייט איהר—האט דער מחבר גיענטפערט, פון דיא אלטע ספרים מאך איך קיילע מיין מאגען......און עס ווערט מיר טרוקען אין האלדז.

## 120) דער ליגנער.

א בעריהמטער ליגנער האט ערצעהלט: דאס א שטומער האט געזאגט וויא דער בלינדער האט געזעהן, דאס דער הינקעדיגער איז גלאָ־פען, האט ער אנגעהויבען שרייען, האט דער טויבער דער הערט און ער האט איהם קוים געחאפט.

## 121) דער אנטוואָרט וויא דיא פראגע.

— וויא געהט דיר ליעבער פריינד? — האט א בלינדער געפרעגט בייא א הינקעדיגען.

אט וויא דוא זעהסט!—האט דער הינקעדיגער גיענטפערט.

## 121) דער משוגענער.

— ניט אויס צו האלטען פון אייערע קינדער — האט דער שטאָדט גבאי געזאָגט צו א שניידער אנ׳עזות פנים — א גאנצען טאָג לויפען זייא נאך דעם משוגע׳נעם און שעמען זיך גאר ניט.

— איהר זייט אליין שולדיג אין דעם האט דער שניידער געענטפערט אז איהר האט א פראסטען שוסטער אנגענומען פאר דעם שטאָדט משו־גענעם דער פאר האבען דיא קינדער פאר איהם קיין דרך ארץ......אבער ווען איהר אליין וואלט דיא שטעלע אנגענומען צו זיין דער שטאָדט משו־גע׳נער, פאר אייך וואלטען דיא קינדער געהאט גרויס דרך ארץ......

## 122) השליך.

אנ'אלטער ניינציג יעהריגער מאן איז געלעגין אין בעט א פארמא־טערטער און האט געקרעכצט.

— וואס איז דיר פאטער? ווארום קרעכצסט דוא? — האט איהם זיין זאהן געפרעגט.

— איך האב מיר פארמאטערט גייענדיג צו תשליך — האט דער גיענטפערט.

— היינט איז דאך גאר ניט ראש השנה? האט דער זאהן געפרעגט, היינט געהט מען דאך גאר ניט צו תשליך.

— איך האב מיך פערמאטערט ניט היינט — האט דער אלטער גע־זאגט — נור דיא 90 מאל וואס איך בין געגאנגען צו תשליך.

## 123) שלעכט גערעדט.

— דוא ביזט שוין לאנג א חתן? — האט איינער געפרעגט ביי א קליין שטעדטיגען חתן —

— שוין באלד א יאהר ביז הונדערט מיט צוואנציג יאהר — האט דער חתן גיענטפערט.

## 124) אנ'עצה צום שלאפען.

וואס טוהט מען פאר א עצה איך זאל קענען שלאפען? — האט א גביר געפרעגט.

— לייגט דעם קאפ אויף א קיסען — האט איהם איינער גיענטפערט, וועט איהר קענען שלאפען.

— שטייץ! — האט דער גביר געזאגט — אויף וואס דען ליגט מיין קאפ? אייער קאפ — האט איהם יענער גיענטפערט — ליגט אויף שאטרעל.. דער פאר קענט איהר ניט שלאפען....

## 125) א האלבע שעה משוגע.

א קלונער שדכן איז אין כעס געוואָרען אויף א יונגען מאַנן פאר וואָס אויף יעדען שידוך וואָס ער האָט איהם גערעדט, האָט יענער געפונען א חסרון. דער שדכן האָט איהם איבער גערעדט מיט אלע שטאָדטישע מיידלאך און ער האָט זייא אויס בראַקירט, אויף יעדע האָט ער געפונען א חסרון.

— נאָך איין מאָהל וועל איך פרובירען אייך ריידען א שדוך,—האָט דער שדכן געזאָגט—א מיידעל, זיא איז רייך, שעהן, קלוג, געבילדעט, מיט נאָך פיעל מעלות, א גרויסע יחסן׳טע, איהר קענט איהר געוויס, רבי שמעלקעס טאָכטער זיא איז דיא יורש׳תע......

— אָ !—האָט דער חתן געזאָגט — יעצט זייט איהר א מאלאדעץ ! דער שדוך געפעלט מיר, נעהמט א ביסעל בראַנפען, (דער שדכן האָט גענומען) נעהמט פאַר בייסט, (דער שדכן האָט פארביסען), — זעהט איהר האָט דער חתן געזאָגט — אז איהר זייט קלוג בין איך גוט.... נור זאָגט מיר האָט איהר שוין מיט דיא כלה גערעדט ? איז זיא צופרידען ?

— היינט קען מען מיט איהר ניט ריידען, זיא איז פארדרייט מיט דיא ירושה.... נור איך מוז זאָגען פריהער, דאָס זיא האָט א חסרון, א האַלבע שעה אין א יאָהר ווערט זיא משוגע, און נאַכדער ווערט זיא וויעדער קלאָהר.

— דאָס איז א קליינער חסרון—האָט דער חתן געזאָגט—איין האַלבע שעה אין א יאָהר איז ניט קיין געפאהר.

— גוט — האָט דער שדכן געזאָגט — מוז איך ווארטען אויף יענע האַלבע שעה מיט איהר צו ריידען דעם שדוך מיט אייך, אין א קלאָרע צייט האָב איך מורא זיא זאָל מיר ניט אָנזידלען און ארויס טרייבען פון איהר הויז......

## 126) אמעריקאנער אתרוגים.

איינער איז געקומען פון אמעריקא, האט ער דערציילט אז דארטען וואכסען אתרוגים מיט דיא פיטום'ס אראפ, ווייל אמעריקא איז אונטער דער ערד.

## 127) דער בעל חשבון.

דער זעלבינער האט ערציילט; אז יום כפור האט ער מיטאג גגעגעסען בייא א מגיד פון א קלויז!

— וויא אזוי וועט א מגיד עסען אום יום כפור?—האט איינער איהם געפרעגט.

— גאנץ פשוט—האט יענער געענטפערט — דער מגיד איז פון דער ליטא, און ער איז א גרויסער בעל חשבון, האט ער אויס גערעכענט אז אין דער ליטא איז שוין נאך יום כפור.....

## 128) אנעצה אין א נויטת.

א יונגער מגיד איז געקומען אין א שוהל זאגען דיא ערשטע דרשה אויף זיין לעבען. פון שרעק האט ער פארגעסען זיין דרשה, ער האט זיך אומגעקוקט הין און הער, ער האט געזעהן דאס דער „עולם" איז פול א שול, האט ער באלד געפונען אנ'עצה בעפרייט צו ווערען פון זיין אונגליק.

— רבותי! האט ער א געשרייא געגעבען—עס הערט זיך שמיילענעס, מיר דאכט זיך עס ברענט אין שטאדט.

דער גאנצער עולם תאט זיך געלאזט לויפען, אין א פערטעל שעה צייט איז דיא שוהל ליידיג געווארען און דער מגיד איז אוועק געגאנגען איינתארן דיא דרשה......

## .129) א קליינער מאַגען.

צו א קאַרגען גביר איז נעקומען אנ׳אָרעמאַן בעטען איהם ער זאָל איהם נעהמען אויף שבת. בייא מיר האָט דער אָרעמאַן גזואָגט—איז דער מאָגען וויא א קינד פון 8 יאָהר. דער קאַרגער האָט זיך געלאָזט איינריי־דען און ער האָט דעם אָרעמאַן געלאַדען אויף שבת. ביים טיש האָט דער אָרעמאַן געגעסען פאַר דרייא מענשען, דער קאַרגער האָט איהם גע־פרעגט: א מענש וואָס האָט א קליינעם מאָגען וויא איין אכט יעהריגער קינד וויא קאָן דאָס אזוי פיעל עסען?

— איהר האָט מיר ניט פערשטאַנען — האָט דער ארעמאַן געזאָגט איך האָב געמיינט אייך מודיע צו זיין אז מיין מאָגען איז גרויס וויא דער גאַנצער אכט יעהריגער קינד.

## .130) שבת׳דיגע קוגעל.

זאָנטאָג בייא טאָג איז געקומען אנ׳אָרעמאַן צו א קאַרגען גביר, און ער האָט געבעטען עסען.

— איהר ווערט עסען שבת׳דיגע קוגעל?—האָט דער קאַרגער געפרעגט דעם אָרעמאַן.

— וואָרום ניט?—האָט דער ארעמאַן געזאָגט.

— אויב איהר האָט ליעב שבת׳דיגע קוגעל וועט איהר אזוי גוט זיין קומען צו מיר שבת וועט איהר געפינען קוגעל.... האָט דער גביר געזאָגט נאָר ניט דעם קינפטינען שבת, ווייל מיר פאָהרען ארויס צו לאַנד וועלען מיר איצט קומען אין א פּאָאר חדשים ארום.

## 131) דער שלעכטער פינטעל.

איינער האָט פיינד געהאט זיך צו קורירען בייא דאָקטוירים, האט מען איהם געפרעגט: עס שטעהט דאָך ורפא ירפא...האָט ער גיענט־פערט: אין אונזערע תפלות שטעהט רפאנו ה׳ ונרפא, אָהן פינטלעך, אבער אין ורפא ירפא שטעהט פינטלעך און איך האָב פיינד פינטלעך......

## 132) דער פיינקוכען.

א משרת בייא א גביר האָט חתונה געהאט מיט אנ׳אָרעמע מיידעל ויהי היום האָט ער צו איהר געזאָגט: איך פלעג זעהען וויא מיין בע״ב פלעגט עסען א פיינקוכען. טאָמער וועסט דוא פאר מיר אויך מאכען דעם מאכל?

— איך האָב קיין פוטער—האָט זיא געזאָגט.

— מאך אָהן פוטער.

— איך האָב קיינע אייער—האָט זיא געזאָגט.

— מאך אָהן אייער.

— איך האָב קיין ווייצענע מעהל—האָט זיא געזאָגט.

— מאך מיט קאָרענע מעהל.

— איך האָב קיין סקאוועראָדע (א באק פאן).

— מאך אָהן א סקאוועראָדע—האָט ער געזאָגט.

וואָס טהוט מען ניט צו ליעב א מאנן?....זיא האָט גענומען קאָ־רענע מעהל, פערמישט מיט וואסער, געלייגט אויף הייסע קוילען באקען. פון איין זייט איז פארברענט געוואָרען, פון דיא צווייטע זייט איז רויה גע־בליעבען, זיא האָט איהם דערלאנגט ער האָט געגעסען און האָט געזאָגט: דער טייוועל ווייסט אין וואָסערע מאכלים דיא גבירים קאָכען זיך......מען קען דאָך דאָס אין טויל ניט נעהמען....

## 133) אַנאַנדער שפּיז.

**איינער** האָט געהאט א שלעכטע בייזע פרויא, זיא פלעגט פיינט האָבען צו געבען צדקה אנאָרעמאַן. ויהי היום האָט איהר מאַנן געבראכט אנאָרעמאַן און האָט געזאָגט צו איהר: וואָס האָסט דוא אונז צו געבען מיטאָג עסען?

— איך האָב פאר אייך קריינק און יסורים.—האָט זיא געזאָגט מיט א גרויס בייזער.

— איינע עס דוא און דיא צווייטע גיב דעם אורח—האָט ער געזאָגט איך וועל פאר מיר געפינען אנ׳אנדער שפּייז......

## 134) זיך מישען אין אַ פרעמדען עסק.

**פרייטאָג** נאָך האלבען טאָג איז א רב אין א קליין שטעדטיל גע־געגאנגען אין באָד. אראָפּגייענדיג פון דיא פּאָלעס איז ער געווען זעהער צוהיטצט, איז ער ארויס געגאנגען אין צווייטען חדר וואו מען קיהלט זיך אָב. ער האָט זיך געזעטצט נאקעטערהייט אויף אשעפֿעלע קאלטע וואסער. איינער א לץ האָט גענומען א ריטעל ארויס געצויגען פון בעזעם, אפגעריסען דיא בלעטלעך, און גענעבען דעם רב אשמיטץ איבערן נאקעטען ..... אז ער האָט דערלאנגט א שפרונג פון שעפעלע, און האָט זיך אומגעקוקט זעהען ווער עס האָט איהם דעם שמיטץ געגעבען.

— האט קיין פאריבעל ניט רבי — האָט דער לץ געזאָגט — איך האב געמיינט אז דאס איז מיין דוד׳קע.

— און אז דוד׳קע — האָט דער רב געזאָגט — דארף מען געבען אזא שמיטץ?

— רבי! — האָט דער לץ גיענטפערט — צו וואָס מישט איהר זיך זיך צווישען מיר און דוד׳קען? וואָס איז דאס אייער עסק?......

## 135) איבער א קליינינקייט.

א דינסט מערבען האָט גענומען זיבען גילדען א זמן (האָס הייסט א האלב יאָהר), דיא גאַנצע זעכס חדשים האט זיא געהארעוועט וויא אין טאצקעס.... סוף זמן האט דיא בעל הבית׳טע זיך צובייזערט אויף איהר, האט זיא איהר גענעבען פינף קאפּייקען און דעם רובעל האט זיא געזאגט וועט זיא איהר ניט געבען.

— דערלאַנג אין סוד—האט איינער געזאגט צו דיא דינסטמערכען, דוא וועסט געווים געווינען.

— איבער א רוביל—האט דאס דינסטמערכען גיענטפערט—לוינט ניט זיך ביין מאַכען מיט אבעל הביתט׳ע....

## 136) דיא תורה,

א פּריסטאַוו איז געקומען אין א יודישען מנין וואס ער איז ניט געווען געמעלדעט, און האט צוגענומען דיא ספר תורה און האט דער־לאַנגט אין סוד. דער סודיא איז געווען א גרויסער יודענפריינד, האט ער געזאגט: איידער יודען האבען מקבל געווען דיא תורה האט גאט אללע פעלקער געוואלט נעבען דיא תורה נור זייא האבען ניט גענומען, וואס האסט דוא פּריסטאַוו יעצט מיישב געווען אזוי שפּעט צו צונעהמען בייא זייא דיא תורה? היינט ביסט דוא מיט דיא יודישע תורה גאר קיין מחותן ניט....גיב זייא אב דוא ספר תורה צוריק....

## 137) וואָס טויג דיר אָהן קוליעס.

וואס לויפסטו אזוי פּרית צו הויזע? — האט איין ארעמאַן געפרעגט בייא דעם אנדערין.

איך לויף אהיים צוריק, איך האב דארטען פארגעסען מיינע קוליעס.

## 138) מען גנבת.

פאר וואס—האט איינער געפרעגט—פערד קוילעט מען ניט און מע̇־עסט זייא ניט, פאר וואס זיינען זייא וויינינגער פאראן וויא אקסען וואס מען קוילעט זייא?

— ווייל—האט איינער גיענטפערט—פערד ווערין גענגבת און פאר קויפט.

— דארף דאך אין יענעם ארט זיין פיעל פערד?

— פארשטייסט דוא—האט יענער גיענטפערט — פון יענעם ארט גנבת מען אויף אוועק. וחוזר חלילה......

## 139) אַ קלוגער רב.

בייא א קלוגען רב האט מען געפרעגט: עס שטעהט דאך אל תרבה שיחת עם אשה, פאר וואס רעדט איהר מיט ווייבער?

— עס איז בעסער צו ריידין מיט א אידענע—האט דער רב גיענט־פערט—און טראכטען אין גאט, איידער צו ריידין מיט גאט און טראכטען פון א אידענע....

## 140) דיא עדות.

איינער האט זיינעם א בעקאנטען אנגעקלאגט דאס ער האט בייא איהם ארויסגעגנבת זיין אוהר.

— האט איהר עדות?—האט דער סוריא געפרעגט.

— איך האב צעהן עדות—האט דער קלענער געזאגט.

— מיט וואס קענט איהר אייך פערטהיידינגען?—האט דער סוריא געפרעגט דעם אנגעקלאגטען.

— גאנץ איינפאך—האט דער גנב געזאגט—אז צעהן מענשען האבען געזעהן וויא איך האב ארויס געגנבת, ווארום האבען זייא מיר געלאזען גנבנען?

דער גנב איז דאדורך בעפרייט געווארען.

## 141) אַ ריכטינער בעווייז.

פאַר וואָס איז זומער היים ?—האָט איינער געפרעגט.

— ווייל ווינטער הייצטמען דיא אויוועגס — האָט איהם איינער גע־ענטפערט—און אַ ריכטיגען בעווייז דער צו : זומער אז מען הייצט ניט דיא אויוועגס איז טאקע ווינטער קאַלט......

## 142) טויזענד עדות.

— וואָס ענטפערסטו אויף דיא רייד פון דיא פינף עדות ? — האָט דער שופט געפרעגט אַ גנב—זייא זאָגען דאָך אז זייא האָבען אַליין געזעהן וויא דוא האָסט געגנבת !

— מאַלע וואָס זייא זאָגען—האָט דער גנב געענטפערט—פינף מענ־שען זיינען דאָך ניט דיא גאַנצע וועלט, אָט וועל איך דיר ברייננען טוי־זענד עדות וואָס האָבען ניט געזעהן.

## 143) דער דאָקטאָר פהילאָזאָף.

אין אַ גרויסער שטאָדט איז געגאַנגען אַ קליין שטעטעלדיגע אידענע אויף דער גאָס, זיא איז געפאַלען און האָט זיך שטאַרק אָבגעשלאָגען איהר האַנד, זיא גיט אַקוק אויף אַ פאַראַדנע טהיר פון שטוב איז אויפגעשריבען דער נאָמען דאָקטאָר, איז זיא שנעל אריינגעגאַנגען און האָט אָנגעפאַנ־גען שרייען הערר דאָקטאָר ! גיט מיר אַ רפואה צו מיין האַנד, ראַטע־וועט מיך......

— איך בין קיין דאָקטאָר מעדיצין — האָט ער איהר געענטפערט — נור דאָקטאָר פהילאָזאָף !

— וואָס איז דאָס פאַר אַסאָך קריינק ? — האָט דיא אידענע גע־פרעגט......

## 144) אין חעלם שלאָפט מען.

אַ חעלמער האָט בעקומען אַ טעלעגראַמע בייא נאַכט ער זאָלל למע"ה ארויסשיקען סחורה וואס יענער האָט נייטיג געהאַט. דער חעל־מער האָט ניענטפערט, באַלד אַ בריף נעשריבען: איך קאָן אייער בקשה ניט מטלא זיין, ווייל אין חעלם שלאָפט מען!....

## 145) שאַדע דער שנעע.

אין חעלם *) איז ארויסגעפאַלען דער ערשטער שנעע צו דיא ערשטע סליחות, דיא ראשי הקהל האָבען גערופען דעם שמש און האָבען איהם נעזאָגט? ער זאָל זיין פאָרזיכטיג דעם שנעע ניט צוטרעטען......

— איך מוז דאָך אבער נעהן קלאַפּען צו סליחות האַט דער שמש נעפרענט.

— מיר וועלען זאָגען דעם שבת־גוי (וואָס שבת פארלעשט ער אין שוהל דיא ליכט) ער זאָל דיר טראָגען אויף זיך......

## 146) גאַנץ שטאָדט לאָדענס אויף איין אָרט.

אין חעלם האָט דער שמש געלאָזט מאַכען אנ׳אסיפה, ער האַט פון זייא נעבעטען מען זאָל איהם צו דיא סליחות צייט געבען נאָך איינעם א געהילף, און האָט געזאָגט א טעם ווייל ער פאַנגט אָן צו קלאַפּען אין איין עק (ברעג) שטאָדט, ביז ער קומט צו דיא צווייטע זייט שטאָדט ווערט שפּעט.

בייא דיא אסיפה איז געבליבען: מען זאָל פאַר נאַכט צוזאַמענטראָ־גען אַללע לאָדענס פון גאַנץ שטאָדט אויף איין אָרט און דער שמש זאָל שטעהן און קלאַפּען אויף איין אָרט אלע לאָדענס אויף איין מאָל.

---

*) דיא שטאָדט לייט פון חעלם האָבען זוכה געווען צו א גרויסען נאָמען אלע רופען זייא „חעלמער נאַראָנים" !....

## .147) דער חעלמער אריחען.

א רייזענדער איז אמאל געקומען אין חעלם און האט בעזוכט דעם בית המדרש האט ער געזעהן אויף דעם גרויסען אויווען שטעהט אויף גע־שריבען זה התנור (דיעזער אויווען) שייך (געהערט) לבית המדרש הגדול.

— צו וואס דארף מען דעם אויפשריפט ?—האט ער געפרעגט.

— טאמער וועט מען איהם אוועק גנבנען—האט איהם א חעלמער בעל חבית גיענטפערט.

## .148) דער רבי מיט דיא חסידים

עלטערע חסידים זיינען געזעסען בייא דעם רבי'ן אין קלויז און הא־בען גערעדט, פהילאזאפירט וועגען דיא וועלט, זייא האבען געפונען גרויסע פעלערין אין דיא גאנצע בריאה.

— ווען איך וואלט געווען גאט—האט איין חסיד געזאגט — וואלט איך געמאכט דאס אלע מענשען זאלען ווערען חסידים......

דער צווייטער חסיד האט געזאגט : ווען איך וואלט זיין גאט, וואלט איך געמאכט אין אללע טייכען זאלל זיין אנשטאט וואסער — בראנפען.

דער דריטער חסיד האט געזאגט : ווען איך וואלט געווען גאט, וואלט איך אריין געגעבען א גוטע מחשבה אלע מיליאנערין זייא זאלען זייער גאנצען פארמעגען אריין שיקען א פדיון אונזער רבי'ן ואלל לעבען.

דער רבי האט דאס געהערט, האט ער זיין טיהר גיעפינט און גע־זאגט : קינדערלעך ! הערט מיר אויס, ווען איך וואלט געווען גאט, וואלט איך מאכן דיא זעלבע וואס גאט טוהט.

## 149) דער בעל מקובל.

אין חעלם איז געווען א רב וואָס ער פלעגט האָבען עסקים מיט שדים, ער האָט געזאָגט דאס ער קען ריידען מיט מלאכים. א פרעמדער יונגער מאנן האָט געוואָלט וויסען אויב דאס איז אמת. האָט ער געמאכט א פּראָבע, ער האָט זיך בעהאָלטען אין שוהל—וואו דער רב פלעגט לער־נען דיא קבלה—אויף דעם געוועלב ארויפגעקראָכען, געקוקט דורך דיא לאָך וואס דיא שטריק פון הייננלייכטער איז ארי,נגעצוגען, ער האָט געזעהען וויא דער רב לויפט ארום הין און הער, האָט דער יונגער מאנן אריינגע־שטעקט זיין מויל אין יענער לאָך און האָט געגעבען א געשרייא: יחזקאל! יחזקאל! איך מלאך פצפציאל רוף דיר.

— חנני!—האט דער רב גיענטפערט.

— טוה אוים דיינע שיך!—האָט דער רב געהערט אקול פון אויבען.

דער רב האָט אויסגעטאָהן דיא שיך.

— געה ארויף צום ארון הקודש!

דער רב איז ארויפגעגאנגען.

— ציה זיך אוים אויף דער ערד!

דער רב האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, ער איז דאָרטען גע־לעגען אהיפשע צייט, נאכדעם האט ער געפרעגט: רבונו של עולם! אָדער גוטער מלאך, וואס זאל איך יעטצט טאהן?

— יעטצט — האט דער רב געהערט א שטימע וויא עס וואלט גע־דונערט—יעטצט לייען דעם פסוק ישקני......

פון גרויס שרעק איז ער אנטלאָפען פון שוהל, און פון דענסט־מאל אן האט ער אוועקגעווארפען דיא קבלה און האט געלערנט גאנץ אנדערש....

---

## 150) א סימן מובהק.

**אין חעלם האט** מען א מאָל געפונען א געהרג׳תן יודען. האָט מען איהם אריינגעטראָגען אין „הקדש“ און דער רב האט אויס גערופען אין שוהל מען זאָל קומען זעהן דעם מת, טאָמער וועט מען איהם ערקענען.

אין דעם זעלבען טאָג איז געקומען א אידענע און האט געזאָגט בדמעות שליש! רבי! דער געהרג׳תער איז מיין מאַן.

— האָסט דוא אויף איהם א סימן?

— יא, רבי, איך האָב אויף איהם א סימן מובהק ער איז געווען א זאהיקער.

— דאָס איז קיין סימן ניט—האָט דער רב געזאָגט—איין זאהיקע איז דאָ אויף דער וועלט?

## 151) אַ מאָל און היינט.

— פאר וואָס — האט איינער געפרעגט — פלעגט מען א מאָל דרוקען יודישע ספרים מיט גרויסע גליונות און היינט מיט גאַנץ קליינע גיליונות?

— ווייל—האָט דער צווייטער גיענטפערט—א מאָל האָט מען פיעל געלערנט, און יעדער למדן פלעגט צו שרייבען הערות און חידושי תורה, היינט לערנט מען וועניג, מען שרייבט וועניג חידושים, צו וואָס ברויכט מען די גרויסע גליונות?

## 152) דער צווייטער ראָטהשילד.

— פאר וואָס האָסט דוא חתונת געהאט מיט אַנ׳אָרעמע בלינדע מיידעל,—האָט איינער געפרעגט בייא אַנ׳אָרעמאַן.

— וואָס בייא אַנ׳אַנדערען איז א הסרון איז בייא מיר א מעלה — האָט דער אָרעמאַן גיענטפערט—דורך איהרע בלינדע אויגען וועל איך זעהן פיעל נדבות, איך וועל דורך איהר מאסף ממון זיין און מיט דער צייט וועל איך ווערען א צווייטער ראָטהשילד......

## 153) אַ בעל רחמים.

— און פאר וואָס האָסטו חתונה נעהאט מיט א כלה אויף צווייא קוליעס? — האָט דער חבר נעפרעגט בייא יענעם אָרעמאַן.

— זעהסטו איך בין ניט דוא, — האָט דער אָרעמאַן נעזאָגט—דאָס ערשטע האָב איך נעהאט אויף איהר רחמנות, ווער ווערט מיט אזא קייליקע ווערען חתונה האָבען. און צווייטענס פאר מיר איז בעסער א ווייב אויף צווייא קוליעס, ווייל זיא דארף א גאנצען טאָג ארום נעהן אין דיא הייזער, וואָלט זיא מיט געזונדע פיס זיך באלד נעווים איינמידען ארום צו נעהען, אָבער דיא קולעס ווערט ניט שאדען, זייא ווערען זיך קיין מאָל ניט איינמידען.

## 154) האַלב אין דער ערד.

א לאָנדאָנער רעדאקטאָר האָט א מאָל נערייזט, ער איז נעקומען אין א קליינע שטעדטיל אין בעסאראביע, ער האָט דאָרט נעזעהן דעם ערשטען מאָל אויף זיין לעבען א בלאָטע ביז דיא קניא, האָט ער נעשריבען איז זיין בלאטט אונטער אלע אנטיקען וואָס ער האָט אויף זיין רייזע נעזעהן, דאָס ער האָט אין רוסלאנד נעפונען א נענענד וואָס מענשען נעהען האַלב אין דער ערד און האלב אויף דער ערד.....

## 155) אַ תשובה פון אַ הויקער.

— דיר איז ווייניג וואָס דוא האָסט א הויקער, האָסטו דוא דער צוא נענומען א בלינדע ווייב? — האָט מען נעפרעגט בייא אן אָרעמאַן.

— אָט דער פאר — האָט דער אָרעמאַן ניענטפערט — האָב איך נענומען א בלינדע ווייב זיא זאָל מיין הויקער ניט זעהן......

## 156) א ווייבערשע פרעטענזיע.

א מאנן האָט א מאָל געגעבען זיין ווייב געלד זיא זאָל קויפען פאר איהם א פלעשיל ביער, זיא איז געגאנגען, געקויפט. טראָגענדיג אהיים איז זיא געפאלען, צו בראָכען דיא פלאש ביער און פארשטאָכען א האנד. זיא איז אריינגעפאלען אין שטוב מיט א כעס, גענומען שילטען דעם מאנן מיט טויטע קללות, שרייען אויף איהם מיט משונה קולות.

— וואָס בין איך שולדיג?—האָט דער מאנן זיך געבעטען רחמים ותחנונים בייא איהר,—וואָס האסטו צו מיר?

— ער פרעגט נאָך!—האָט זיא געשריען—ווער דען איז שולדיג? דוא וואָלסט מיר קיין געלד געגעבען, וואָלט איך נים געגאנגען און וואָלט נים געפאלען....

## 157) דרייא תירוצים.

בעת עס האָט זיך אין חעלם ניעפינט מיראָוואי־סוף, האָט א אידענע אָנגעקלאָגט איהר שכנ׳תה אז זיא האָט בייא איהר געליהען א טאָפּ א גאנצען און האָט אָבגעבראָכט איין צובראָכענעם.

דער סודיא האָט געלאָזט רופען דיא אָנגעקלאָגטע שכנ׳תה, און האָט איהר געפרעגט: וואָס זאָגט איהר? איז אמת וואָס יענע אידענע קלאָגט אויף אייך?

— אויף איהר בלבול — האָט דיא אָנגעקלאָגטע גיענטפערט — האָב איך דרייא תירוצים; איין תירוץ: איך האָב בייא איהר קיין מאָל ניט געליהען א טאָפּ......צווייטער תירוץ: דער טאָפּ איז פריהער אויף געווען צובראָכען.... דריטער תירוץ: איך האָב איהר אָב גיגעגעבען א גאנצען.... דא אליין האָט איהם נאכהער צובראָכען.

## 158) אַ ריכטיגער ענטפער.

דער גאון רבי יונתן פראגער, איז געווען בעקאנט מיט דעם קעניג. אַ מאָל האָט דער קעניג געזעהן דאס רבי יונתן געהט אויף דער גאס ניט וויא געוועהנליך, ער לויפט שנעל, דער קעניג האָט געשיקט זיינעם א דינער רופען רבי יונתן צו זיך און ער האָט איהם געפרעגט:

וואו הין געהסט דוא?

— איך וויים ניט! — האָט רבי יונתן געענטפערט.

— דוא פארדיענסט א גרויסע שטראָף — האָט דער קעניג געזאָגט — דוא לאכסט פון מיר, דען וועלכער מענש ווייסט ניט וואו הין ער געהט?

— חלילה! — האָט רבי יונתן געענטפערט — איך לאך ניט פון דיר, גרויסער קעניג, נור איך זאָג דיר דעם אמת, אָט זעהסט דוא דאָך, איך האָב געוואָלט געהן אין שוהל לערנען און איך בין געבראכט געוואָרען אין פאלאטץ. ווען דוא, קעניג וואָלסט מיר געפרעגט: וואו הין איך וויל געהן, וואָלט איך דיר געענטפערט: אין שוהל לערנען תורה.

דער ענטפער איז דעם קעניג געפעלען געוואָרען, ער האָט איהם דער פאר געשאָנקען א שעהנע מתנה, און ער האָט איהם אוועק געשיקט בשלום א היים.

## 159) אַ קלוגע אנטוואָרט.

אויף אנ׳עקזאמען האָט מען געפרעגט בייא א שילער וויפיעל איז 2 מיט 2?

— 40 — האָט דער שילער געענטפערט.

— וויא אזוי קומט אוים גראדע 40?

— ווייל צווייא מיט צווייא איז 4 און דיא פראגע איז א נאיל.. צהאמען איז 40.

## 160) אַ מתנה.

א רבי איז א מאָל קראנק געוואָרען, האבען זיינע חסידים איהם געשאָנקען יאָהרען, יעדער האָט אויפגעשריבען אויף א צעטעלע וויפיעל ער שיינקט פון זיינע יאָהרען דעם רבי'ן. דעם צעטעל האָט מען אוועק געטראָגען צו דעם רבי'ן ער זאָל זעהן וויא זיינע חסידים זיינען איהם געטרייא, דער רבי האָט געזעהן דאס זיין גבאי האט איהם דרייסיג יאָהר מיט דרייא שעה געשאָנקען.

— וואָס איז דאס פאר א חשבון ? — האָט איהם דער רבי גע־פרעגט.

— א פּראָסטער חשבון—האט דער גבאי גיענטפערט—דרייא שעה שיינק איך אייך פון מיינע יאהרען און דרייסיג יאהר שיינק איך אייך פון מיין ווייב'ס יאהרען.

## 161) דיא אלטע פריילין.

אן־אלטע מיידעל איז א מאל גערופען געוואָרען אין מיראָוואַ־סוד אלס ציינגעוין.

וויא אלט זיינט איהר, פריילין ? — האָט דער סודיא געפרעגט. דיא מעדכען האָט זיך ערשראָקען, און זיא האט געשוויגען.

— איך פרעג דאך אייך וויא אלט איהר זיינט ?—האט דער סודיא ערנסט געפרעגט.

זיא האט ניט גיענטפערט, נור זיא איז רויט געוואָרען. דער מיראָוואי־סודיאַ האט באָלד פערשטאנען פאר וואס זיא וויל ניט ענטפערין, האט ער צו איהר געזאגט: מיט אייער שווייגען מאכט איהר נאך ערגער, ווייל וואס עס געדויערט לענגער ווערט איהר דאך עלטער......

## 162) ראָטשילדס מוטער.

נאדולא די מוטער פון ראָטשילד, האָט געלעבט זעהר לאַנג, אין איהר נײַנציגסטען יאָהר האָט זיא אָנגעהויבען צו ווערען שוואַך און קרײַנקלעך, און האָט זיך געלאָזט קורירען פון א גרויסען דאָקטאָר, און עס וואר אלס ער האָט איהר קורירט אפּאָר חדשים, און זיא האָט זיך ניט געשפּירט בעסער, האָט זיא צו איהם געזאָגט „וויא איך זעה קר רירט איהר מיך נור עפּעס וויא איינע איינגעבילדעטע קראַנקע, און איך בין אין דער ווירקליכקייט קראַנק, „פערצייהען זיא מיר מאדאם" האָט ער איהר געענטפערט, „פון אלט קען מען ניט מאכען יונג", ניין ליעבער הערר דאָקטאָר האָט זיא איהם געענטפערט, „איך דיינק גאָר ניט דער פון דאס איך זאָל ווערין יונגער, איך וויל נור ווערין עלטער".

## 163) די דרייערלייא הלואות.

עס זיינען דאָ דרייערלייא הלואות אין דער וועלט פון וועלכע מען דאַרף זיך היטען, איין אָרעמען מענשען זאָל מען ניט לייען קיין סך, א נגיד זאָל מען ניט לייען א קליינינקייט און א ספר ביידען ניט.

## 164) ווען עסט דער מאַן גוט, ווען עסט די ווייב גוט ווען עסען ביידע גוט און ווען עסען ביידע שלעכט.

דיא ווייב עסט גוט ווען זיא ליעגט אין קינפּעט, דער מאַן עסט גוט בעת ער זיצט אין סוכה, זייא ביידע עסען גוט, בשעת זייא זיינען בייא איינעם אנדערין אויף א שמחה, און ביידע עסין קדחת אויף זייערע איין איינענע שמחה.

## 165) אַ װאונש צו איין געבורטס טאג.

איין געוויסער אלטער מאן וואס וואר א גרויסער גביר פלעגט מאכען אלע יאהר איין גרויסען מאַלצייט אין זיין געבורטס טאָג, און פלעגט בייא יעדעס מאָל זאָגען דאס ער איז מיט א יאָהר איננער וויא פאר א יאָהרען, דאהער האָט איהם זיין איידים בייא אזוי איין מאָלצייט צו געוואונשען „הלואי שוער זאָלען מיר זוכה זיין צו טרינקען אויף אייער בר מצות".

## 166) איינע שעהנע שולד בעצאַהלונג.

איין געוויסער פירשט וואס האט געהאט איין אייזען פאבריק האט געלאָזט זיך אוים בויען א מעכטיגען פאלאץ, און צווייא אידען האבען איהם צו געשטעלט דיא מאטעריאלען דערצו, און עס וואר אלס איינער פון זייא איז אריין געקומען צו איהם בעטען בייא איהם געלד, און האט איהם געטראפען בייא איינער שלעכטען הומאָר (בייז) איז ער געוואָרען אויף איהם אין כעס און האט אן געחאפט איין שטיק אייזען וואס מען האָט איהם געבראכט פון עם פאבריק, און האָט איהם דורך געבראכען דיא ביינער און ארויסגעיאָגט פון שטוב, קוים איז ער ארוים האט איהם באגעגינט דער צווייטער איד וואס האט אויך געוואלט אריינגעהן צו דעם פירסט אום געלד צו בעטען, און האט איהם געפרעגט צו האט ער וואס באקומען בייא איהם „קיין בארעס געלד" האט ער איהם גיענטפערט נור אייזען, „גאנץ גוט" האט זיך דער אנדערער אָבגערופען, מיר וועט עס יעצט צוניץ קומען בעסער אלס געלד, „נוא ווען אזוי" האט איהם יענער גיענטפערט, קענסטו געהן, דען דוא וועסט עס געווים בעקומען, נון איז ער אריין צו דעם פירסט און האט צו איהם געזאגט „איך האב געהערט דאס זייא צאהלען איהרע שולדען מיט אייזען, איך נעם עס אָן גערין". ווער האט עס דיר געזאגט, האט דער פירסט געפרעגט האלב בייז, „דער יודע וואס איז יעצט ארויס פון דיר האט עס מיר געזאגט", האט איהם דער איד גיענטפערט, דער פירסט האט דיעזען שטאך ווארט זייער גוט פערשטאנען און האט זייא ביידען בעצאהלט מיט בארעס געלד.

### 167) אַ גוטער אַנטוואָרט,

עס וואר א קליין שטעדטעלע וואָס זיא האָט נעהאט אין זיך מעהר נים וויא צעהן דערוואקסענע מענשען וואָס מען האָט פון זייא נעקאָנט מאַכען א מנין, און דאָך האָבען זייא נעהאט א שולבעלע מיט איין בית עולם דער בייא, איין מאָל איז דורך נעפאָרין א רייזענדער וואָס האט דאָרט שבת נעהאַלטען און האָט זייא נעפרעגט „וואצו דארפט איהר איין בית עולם מיט א שולכעל, ממה נפשך וועט איהר אלע אימער לעבען ברויכט איהר קיין בית עולם וועט איינער שטארבען דארפט איהר קיין שול, דען עס וועט קיין מנין בלייבין מיר דארפין עס פאר איין דורכרייזענדער, האָט איהם דער פרנס ניענטפערט.

### 168) אַ גרויסער טרייסט.

עס וואר א מאָל איין רייכער מאַן וואָס וואר א גרויסער נאר, און האָט זיך דאָך נעהאַלטען פאר זייער קלוג, איין מאָל האָט ער זיך דערפון אזוי וויים ניקלעמט דאָס ער איז קראַנק נעוואָרען און האָט אָנגעהויבען צו ריידען פון וועג „אוי ווייא איז מיר" האָט זיך דיא וויב אָבגערופען איך האָב מורא דאס ער האט דעם שכל פערלאָרן חלילה, „בעהיטע נאָט" האט זיך דער דאָקטאָר צו איהר אָבגערופען, „וויא קען א מענש פערלירען אזו אזאך וואָס ער האָט קיין מאָל נים נעהאט, זאָגט בעסער ער איז משונע נעוואָרין".

### 169) איינע שעהנע איינלאַדונג צו אַ מאָלצייט.

איין נעוויסער גרויסער נביר וואָס וואר איין פראָסטאַק האָט נעמאַכט א גרויסען מאָלצייט אויף וועלכע עס וואָרען נעלאַדען אַלע גרויסע לומדים און גרויסע חכמים, האָט ער לבד דיזע נעלאַדען צו זיך א פאָר פראָסטע נגידים, „איך בעט אייך קומט צו מיר" האָט ער נעשריבען צו זייא אין בילעט, רען זאָגסט וועל איך דאָך נים האָבען מיט וועמען א וואָרט אויס צו ריידן בייא דעם טיש.

## 170) דער ריכטער.

איין געוויסער ריכטער (דיין) האָט זיך געלאָזט בעשטעכען (משחד זיין) פון איין צד אין געריכטס הויז גופא, מען האָט איהם אריין גערוקט דאָרט אין האַנד שטילערהייט אונטער דעם טיש פינף גרויסע מטבעות און ער האָט געפּסקעט וויא יענער האָט געוואָלט, קומענדיג אהיים אָבער האָט ער זיך ארום געזעהען דאס דיא פינף גרויסע מטבעות ווארען נור פּיאטאקעס „אוי, אוי", האָט ער זיך אָבגערופען „האָבען מיר דאָס חיינט אַ פאַלשע וועלט אַ ביסעל".

## 171) אַ קלוגע תשובה פון אַ רב.

עס וואר אַ מאָל אין איין שטאָדט אַ גרויסער גביר וואָס איז נור רייך געוואָרען פון אונרעכטע רווחים, און וואר דערצו אַ גרויסער קאַרגער, נון האָט זיך איהם געטראָפען אַ סיבה אויף זיינע גאַנץ אַלטע יאהרען דאס ער איז געשטאָרבען, און חברה קדישה האט פערלאַנגט קבורה געלד צווייא טויזענד דוקאטען, דיא יורשים האָבען עס ניט געוואלט געבען און האבען עס אָנגעקלאגט אן דעם קעניג, און ער האָט געלאָזט רופען באלד דעם רב צו זיך און האט איהם געפרעגט, ווארום פערלאַנגט מען פון דעם גביר אזוי פיעל קבורה געלד, „פערצייהען זייא אייערע קעניגליכע מאיעס־טעט", האָט איהם דער רב גיענטפערט, אונזערע חכמים זאגען דאס דיא וואוכערער (פּראָצענטניקעס) וועלען ניט אויפשטעהן תחית המתים, נון וועט דאָך דיעזער גביר וואס וואר נור איין וואוכערער בלייבען ליעגען אויף אונזער בית עולם אימער און אויביג, נון וועט ער זיין צוליעב איהם אליין שטענדיג פערנומען, און ער קאָסט אונז אליין קרן געלד לבד אַ טויער ארום מעהר אַלס צווייא טויזענד דוקאטען, דען ער איז אין רעכטין שטאָדט. דער קעניג האט זיך פערנאנדער געלאכט, און האט געהייסין בעצאהלען ביז איין גראָסין.

## 172) אַ נייער נוסח אין צדוק הדין.

**אין צדוק הדין** שטעהען דיעזע ווערטער „ה' נתן וה' לקח יהי שם ה' מבורך" נון האָט זיך געמאַכט דאָס בייא איינעם איז געשטאָרבען איין עלטער פעטער וואָס וואר איין גרויסער גביר, און האָט איהם געמאַכט פאַר דעם יורש, און דערפאַר וואר ער בייא דער לוית און אויך אויף דעם בית עולם און האָט געזאָגט צדוק הדין זייער פלייסיג. נור וויא עס איז געקומען צו יענע פאָרינגע ווערטער, ה' נתן וה' לקח, האָט ער פארקערט געזאָגט ה' לקח וה' נתן, אוז דאן האָט שוין דער צו געפּאַסט בעסער דער סוף, „יהי שם ה' מבורך מעתה ועד עולם".

## 173) דיא פראַגע פון איין קאַרגען.

**איין גרויסער גביר** אַ קאַרגער איז אַ מאָל קראַנק געוואָרען אויף אַ היץ קראַנקהייט, און עס וואר אלס דיא דאָקטוירים האָבען איהם אָב געזאָגט דאס לעבען, דאָ האבען ווייב און קינדער אפּעלירט צו גאָט, מען האָט געלאָזט תהלים זאָגען און מען האָט צו טהיילט פופציג רובעל צדקה, און גאָט האט געהאָלפען דען ער איז געבליעבען לעבען, און עס וואר אלס ער איז שוין רעכט געזונד געוואָרען, און האט זיך אָנגעהויבען ארום צו זעהען זיין קאַפּיטאַל, און איז געוואָר געוואָרען דאס מען האָט צו טהיילט פופציג רובעל צדקה, איז ער געוואָרען בייז און האָט אָנגעהויבען צו שילטען דיא ווייב פאַר וואָס זיא האָט עס צו געלאָזען, „האָב ניט צו טאָהן", האבען זיך דיא קינדער צו איהם אָב גערופען, דוא האסט אונז אלליין געבעטען דאס מען זאָלל פופציג רובעל צו טהיילען, „אזוי האָט ער זיך אָב גערופען, אזוי? אין אזא היץ בין איך עס געלעגען דאס איך זאָל אַ זעלבעס הייסען".

## 174) אַ גרויסער העלד.

איין געוויסער יודע איז געשטאַנען דער בייא וויא איין אָפיצער איז אראָב געפאַלען פון אַ פערד „אַ שאַנדע“! האט זיך דער אידעל אָב גע־רופען, אַזוינס וואָלט מיר שוין ניט געטראָפען. ביסטו דאס אזי איין גרויסער רייטער“? האָט איהם דער אָפיצער געפרעגט, „ניין“ האט איהם דער יודע געענטפערט, גלאַט איך וואָלט גאר אויף דעם פערד ניט ארויפגעקראָכען.

## 175) איין בייסענדער אַנטוואָרט.

אין איין געוויסען טהעאטער וואר איין געוויסער אקטיאָר וואס האט געהאט איין גרויסעס געהאלט (שכירות) און וואר דאך גאנץ ארעם, און וויעדער וואר דארט אין דעם זעלבינען טהעאטער איינע אקטריסע וואס האט געהאט איין קליינעם געהאלט און וואר זייער רייך, איין מאל האט זיא איהם געפרעגט, וואס איז דיא מעשה מיט אייך, איך האב איין פיעל קלענערעס געהאלט אלס איהר האט, און דאך זייט איהר ארעם און איך בין רייך? „ווייל וואס אייך מאכט רייך, מאכט מיר ארעם“, האט ער איהר געענטפערט.

## 176) דער פּאַרוקענמאַכער.

איין געוויסער פּארוקענמאכער האט אויף געהאנגען אַ שילד (סיין) איבער זיין טהיר אויף וועלכען עס וואר אויס געמאלט וויא אבשלום רייט אויף זיין אייזעל און בלייבט הייננען מיט זיינע האָר אן אַ בוים, און יואב שטעכט איהם, און אונטען וואר אונטער געשריבען „וואָלט ער אבער איין פּארוק געטראָגען, וואלט ער ניט געהאנגען געוואָרען“.

## 177) א פרומער גנב.

איין געוויסער גנב וואס וואר זעהר פרום אין אללע אנדערע ענינים האט געפונגען א מאל א בייטעל מיט געלד, קוים האט ער עס אויפגעהויבען, האט ער דערזעהן וויא עס געהט א אידעל דיא הענד פערבראכען זוכט און וויינט, „וואס האט איהר פערלארען"? האט ער איהם געפרעגט „איין בייטעל מיט געלד" האט איהם יענער גיענטפערט, „איך האב עס געפונען", נון זאגט מיר סימנים וועל איך אייך דאס אבגעבען, האט איהם דער גנב אבגיענטפערט, נון האט דער אידעל געזאגט סימנים, און עס וואר ריכטיג זיינע, און דער גנב האט עס איהם אבגעגעבען, און אלס דער אידעל האט איהם געוואלט שיינקען וואס דער פאר און ער האט ניט געוואלט נעהמען, האט ער איהם אריינגעבעטען אין א שיינק אויף א שנעפסיל, און דארט זיצענדיג מיט איהם צוזאמען האט ער ארויס געגאנבעט בייא איהם דיזעס בייטעל געלד, נון האט מען איהם אן גענומען און ער האט עס געמוזט אבגעבען, און אלס מען האט בייא איהם געפרעגט, שטייט וויא ביסט דוא דיך אלליין דער ווידער, פריהער טהוסט דוא אזוי א מצוה און דער נאך גאנבעסט דוא אליין ארויס „דאס איז נאר צווייא זאכען", האט ער גיענטפערט, השבת אבידה איז א מצוה, נון האב איך איהר געטאהן וויא איך טוה אלע מצות, גניבה אבער איז מיין פרנסה, און א פרנסה אן גניבה האב איך דער ווילע ניט געזעהן.

## 178) דער קדיש זאגער.

בייא איינעם איז געשטארבען זיין פאטער, האט ער אבגעהיט דעם קדיש זייער פינקטליך, דער נאך אלס דיא מוטער איזט געשטארבען האט ער גאר קיין קדיש געזאגט, און אלסמען האט איהם דאריבער געפרעגט, האט ער גיענטפערט, זייא פלעגען זיך בחייהם ניט הויזען איינער מיט דעם אנדערן, און פלעגען זיך אונטער צו שלאגען אויך אפטער, דאהער וויל איך ניט האבען דאס זייא זאלען דארט בייא זאמען זיין אין גן עדן, און מאכען, דארט אויך לייטישע געלעכטער.

## 179) איין בעל העגלה.

איין בעל העגלה האָט זיך אַ מאָל בערימט דאָס ער האָט אַ מאָל איבער געפיהרט אסך קוילין (באָמבעס) פון איין פעסטונג אין דעם אנדערן און וויא ער פלעגט צו קומען אין אַ פּלאַץ וואָס דיא פערד האָבען ניט געקענט שלעפּין דעם וואָגען, פלעגט ער אלע מאָל איינינע באָמבעס ארונ־טער ווארפען, און אלס מען האָט איהם געפרעגט, וויא האָסט דוא גע־מאַכט ביי דעם איבער געבען, עס האָט דאָך געפעלט צום וואָג, איי איך בין אויך קיין נאר ניט, מיינער האָט עס אויך געוואוסט, און האָב זיך שוין פריהער פערזאָרגט, דען בשעת דער אָפיצער האָט מיר דיא באָמבעס צו געוואוינען און דיא סאָלדאטען האבען אן געהויבען צו פּאקעווען אין מיין וואָגען האב איך אפשר מעהר אלס דרייסיג שטיק צו געוואָרפען איבעריגע דאָמיט איך זאָל האבען וואס ארונטער צו ווארפען.

## 180) אַ קייזער איז זעהר טהייער.

דער אלטער דייטשער קייזער איז אַ מאָל געגאנגען ציווילען (פּאר־קליידעט) שפּאצירען אויף דעם בולוואר, אַ פרויא אַ יונגע אַ שעהנע און אַ קלוגע האָט פּארבייא געטראָגען צינדהעלצער צו פערקויפען.

— הערען זיא פרוי! — האט דער קייזער צו איהר געזאָגט — געבען זיא מיר אַ פּעקכען צינדהעלצער.

דיא פרויא האָט איהם העפליך געגעבען.

— וויפיעל קאסטעט דער פּעקכע?

— הונדערט מארק — האט דיא פרויא גיענטפערט.

דער קייזער האָט זייער בעוואונדערט און האט געפרעגט: איז היער אין בערלין זאָ טהייער צינדהעלצער?

ניין! — האט דיא פרויא גיענטפערט — צינדהעלצער זיינען בייא אונז זעהר ביליג נור אַ קייזער איז זעהר טהייער. איהר אנטווארט איז דעם קייזער זעהר געפעלען געווען און ער האט איהר מוסיף געווען איין נול, דאס הייסט ער האָט איהר טויזענד מארק געשאנקען.

# נייע ביכער פון אונזער פערלאג

| | | |
|---|---|---|
| די קאמעליען־דאמע | פון אלכסנדר דיומא (זוהן) | פרייז 30 סענט. |
| שיילאָק | „ וויליאם שעקספיער | „ 15 „ |
| נתן דער חכם | „ לעססינג | „ 10 „ |
| נאנא | „ עמיל זאלא | „ 35 „ |
| פון חופה צום קבר | „ „ „ | „ 10 „ |
| די פליה מאשין | „ זשול ווערן | „ 10 „ |
| דאָקטאָר און צויבערער | „ א. טאנענבוים | „ 10 „ |
| די שווארצע קונסט | „ „ „ | „ 10 „ |
| די אידישע טרולבי | „ נאך דע מאריער פון טאנענבוים | „ 10 „ |
| די טאקסע | „ ש״י אבראמאָוויטש | „ 15 „ |
| ברוך שפינאזא | „ בערטהאָלד אויערבאך | „ 20 „ |
| די אידישע קרבנות | „ מארדאווצעוו | „ 15 „ |
| לעבענס בעשרייבונג פון באראָן און באראָנעסע הירש | | „ 05 „ |
| תחית המתים | „ דאָקטאָר מאקס נאָרדאו | „ 05 „ |
| לא תרצח | „ א. ה. פריינקעל | „ 10 „ |
| א שפיטצעל פון א פורים שפיעלער | א. מ. שארקאנסקי | „ 05 „ |
| אמעריקאנישע הגדה | „ „ „ | „ 05 „ |
| פסח אין שניפעשאק | ב. גאָרין | „ 05 „ |
| וויצען פון קאָרט, אידישע וויצען | | „ 05 „ |

די אלע פרייזען זיינען אויסער פארטא.

# ענגליש-ענגלישע ווערטערביכער.

וועבסטערס ענגליש־ענגלישעס דיקשאנערי (ווערטערבוך)
ענטהאלטעט 1442 זייטען מיט 1500 איקוסטראציאָנען,
פיין געבונדען, אָריגינעלע אויסגאבע..................75

וועבסטערס אקאדעמיק דיקשאנערי, סקוהל אויסגאבע, זעהר
שעהן געדרוקט אויף גוטעם פאפיר מיט פיינע אילוס־
טראציאָנען און עקסטרא שעהן געבונדען..............$1.50

וועבסטערס האי סקוהל דיקשאנערי „ ...............98

וועבסטערס קאָממאָן סקוהל דיקשאנערי „ ...........72

וועבסטערס פאקעט דיקשאנערי „ ...........15

וועבסטערס וו סט פאקעט דיקשאנערי, ליינוואנד בונד....25

דיטא לעדער בונד.................................45

דיא אמעריקאן דיימאנד דיקשאנערי, שעהן געבונדען......25

## רידערס.

אפעלטאנס, בארנעס, הארפערס, הארווים, מאקגאפפיס,
סווינטאנס, מאנראעס, סאנדערס,
פון דיא ערסטע ביז דיא העכסטע קלאסע.

„אריטמעטיק׳ס“ אללער האָנד סאָרטען.

„בוקקיפינג“ פון דיא גרעסטע עקספערטען.

„געאָגראפיע“ פון דיא בעסטע פּערפאָסער.

„דיקשאָנערים“ פון דיא קלענסטע ביז דיא גרעסטע.

„היסטאָריע׳ס“ געשריעבען פון דיא גרעסטע היסטאָריקער.

„בריעפשטעלערס“ ענגלישע, דייטשע, און דייטש-ענגלישע.

ענגלישע קאָפּיבוקס צו ערלערנען אייגע שעהנע ענגלישע האנדשריפט.

## העברעאיש-ענגליש.

העברעאיש-ענגלישער ווערטערבוך, געדרוקט אין לאָנדאָן, פערפאסט פון מ. ה. ברעסלוי, ענטהאלטעט 674 זייטען זעהר שעהן געדרוקט און עקסטרא פיין געבונדען....$2.50

דיטא ענגליש-העברעאישער ווערטערבוך 282 זייטען „ ....$1.25

העברעאישע גראמאטיק אין ענגליש און העברעאיש, פון מ. ה. ברעסלוי....................................65

## רוסיש-ענגליש.

אלעקסאנדראָוו׳ס ענגליש-רוסישעם ווערטערבוך, בראָשירט $3.50

דיטא גוט געבונדען....................................$4.00

אלעקסאנדראָוו׳ס רוסיש-ענגלישעם ווערטערבוך..........$3.50

ענגליש-רוסישעם, און רוסיש-ענגלישעם לייפציגער טאשען ווערטערבוך....................................$1.25

נוראק׳ס מעטהאָדע פיר רוסייִש, צו ערלערנען די ענגלישע שפראכע אָהן א לעהרער...........................$1.00

דיטא שעהן געבונדען אין לייננוואנד......................$1.20

פורמאן׳ס סאמאָוטשיטעל, צו ערלערנען פון רוסיש די ענגלישע שפראכע..................................50

## פּאָלניש-ענגליש.

פּאָלניש-ענגלישעם און ענגליש-פּאָלנישעם ווערטערבוך.....$3.00

פּאָלניש-ענגליש מעטהאָדע, צו ערלערנען פון פּאָלניש די ענגלישע שפראכע.................................40

# דייטש-ענגליש.

---

דר׳ קאהלערס דייטש־ענגלישעס, און ענגליש־דייטשעס ווער־
טערבוך, 1263 זייטען................................$2.00
דיטא טאשען ווערטערבוך, 689 זייטען...................55
צאהנערס ווערטערבוך, ענגליש־דייטש, און דייטש־ענגליש..75
דיטא טאשען ווערטערבוך...........................45
וועסעלים ווערטערבוך, דער ענגלישען און דייטשען שפראכען 80
ציקס וועסט טאשען ווערטערבוך, ענגליש־דייטש, און דייטש־
ענגליש ........................................50
דר׳ אהנס אמעריקאנישער דאלמעטשער פיר דייטשע, צו ער־
לערנען דיא ענגלישע שפראכע אהנע לעהרער..........45
דר׳ אהנס מעטהאדע פיר ענגלישע צו ערלערנען דיא דייטשע
שפראכע .......................................65
ערסטעס לעזע און לעהר בוך פיר דייטשע שולען צו ערלערנען
רעדען, לעזען און שרייבען דיא דייטשע שפראכע, פון
הערמאן רעסעלט.................................30
דייטש פיר אנפאנגער, א קליינעס לעהרבוך פיר אידען צו
ערלערנען דיא דייטשע שפראכע......................05

**אויך פערשיעדענע דייטשע לעזע ביכער, פון דיא ערסטע ביז דיא העכסטע קלאסע צו ערלערנען שטופענווייז גרינדליך דיא דייטשע שפראכע.**

דער גרעסטער אויסוואהל פון

## רעקלאמס, אוניווערזאל ביבליאָטהעק

3650 פערשיעדענע איינצעלנע ווערקע אים דייטשען,
שעהן געדרוקט און עלעגאַנט בראָשירט, 7 סענט יעדעס בענדכען,
צום בייזשפיעל
דיא רויבער פאָן שיללער 7 סענט,
אויך אלע שיללער׳ס איינצעלנע ווערקע 7 סענט א שטיק,
האמלעט פאן שעקספיער 7 סענט,
פויסט פאן געטהע, דאָפּפּעל בענדכען, 14 סענט,
נאטהאן דער ווייזע פאן לעססינג 7 סענט, א. ז. וו.
זאָלכע ווערקע גיבט עס 3650 פערשידענע, פון דיא בעריהמטעסטע
דייטשע, ענגלישע, פראנצויזישע, רוסישע, איטאליענישע,
גריכישע אונד רעמישע ליטעראטור, זאָ וויא:

**איבסען׳ס, בערנע׳ס, געטהע׳ס, דאַרווין׳ס, הויף׳ס,
וויכטער׳ס, זאפיר׳ס, חערוביני׳ס, טאָלסטאי׳ס,
יאהנ׳ס, כאמיססיא׳ס, לעססינג׳ס, מענדעל-
זאהנ׳ס, נעסטראו׳ס, סקאט׳ס, עליאט׳ס,
פושקינ׳ס, צשאקע׳ס, קערנער׳ס,
רוססא׳ס, שפינאזא׳ס,
תורגעניעוו׳ס,**

און נאָך פיעלע און פיעלע פון אנדערע פערפאססער.

# הערשעלע אסטראפאלער

## דער וועלט בעריהמטער וויטצלינג.

בּעשריבּען זיינע אַנעקדאָטען, סצענעס און שטוקעס.

## אין דרייא טהייל.

ווער עס וויל גוט לאַבען און זיך פרעהליך מאַכען
זאָל טאקע גלייך לויפען דעם בוך קויפען.

**פּרייז 10 סענט.**


PUBLISHED BY

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

122–128 Leonard Street.

BROOKLYN, N. Y.

5662–1901.

## 1.

## דיא נשמה יתרה.

ביים רבי ר׳ ברוכ׳ל איז הערשעל א מאָל געווען אויף א שלש סעודות. עטליכע מנינים מענשען זיינען געזעסען אויסגעזעצט בייא לאַנגע טישען וועלכע זיינען געוועזען געגרייט מיט פיעל מאכלים און משקאות. דער רבי האט אָבגעזאָגט תורה און דער עולם האט גענומען עסען מיט גרויס אפּעטיט, וויא דער שטיינער איז פון חסידים ווען זייא זיטצען ביים רבינ׳ס טיש. אין דעם איז אהין אריינגעקומען חייקעל־חקרן, וועלכען מען האט געהאלטען פאַר א שטיקעל אפּיקורוס.

— עסט און טרינקט, מיינע ליעבע יודעליך — האט ער זייא א זאָג געטאהן אויף חוזק—וואָרום בייא דער נשמה יתרה איז היינט א עת רצון.

— פאַר וואס זשע זאלסט דוא ניט מיט עסען מיט אונז? האט איהם הערשעל א פרעג געטאָהן, דוא האסט דאָך אויך אזא נשמה יתרה וויא מיר!

— חלילה! האט חייקעל א חאַפּ געטאהן מיט פייער — איך האב נאָר איין נשמה.

— אָבער דיא איינע איז דאָך אויך א נשמה יתרה בייא דיר! האט איהם הערשעל גלייך געענטפערט.

דער עולם האט זיך צולאכט און דער חקרן איז פארשעמט געוואָרען.

---

## 2.

## הערשיל אין מאַרק.

עס איז ווינטער, דער פראָסט ברענט און א שנעע שיט, וויא קליינע פעדערן, פון דעם גרויען הימעל. דיא קרעמערליך לויפען אום און דרויסען פאַר זייערע קלייטליך און קלאפּען א פוס אין א פוס און דיא ווייבער דיא קרעמערקים און פיינע בריה׳ס זיטצען אויף דיא טהירען פון זייערע קראָמען איבער דיא פייערטעפּ און עס רינט זייא פון דיא נאָז. אין גאס איז פוסט, ניטאָ קיין קונים. הערשיל, וועלכער איז נאָר וואָס אנטלאָפען פון דער שטוב איבער דעם וויזוב׳ס געשרייא וואס זיא האט איהם געמאָהנט ברויט פאַר דיא קינדער, לויפט גלייך אין בית המדרש אריין און לויפט אויך פארבייא דיא קרעמערקעס. א נייע קרעמערקע וועלכע האט איהם ניט געקאָנט, מיינט אז ער איז א קונה און שטעלט איהם אָב:

— זייט זשע מוחל, פעטער, וואס קויפט איהר עפּעס?

הערשיל שטעלט זיך אָב, בעטראַכט דיא קרעמערקע וויא עס ר'ינט איהר פֿון דער נאָז און פרעגט איהר:

— וואס האָט איהר דען צו פאַר קויפען?

— שטייטש איך האב אלצדינג, וואס נאָר איהר ווילט!

— נאָזטיכליך האט איהר אויך?

— אַ ודאי! ענטפערט דיא קרעמערקע מיט גרויסקייט.

— נעהמט זעה אַ נאָזטיכעל און ווישט אייך אָב, זייט מוחל, דיא נאָז.

---

### 3.

### ניט געטראַכט און גוט געמאַכט.

הערשיל איז געגאנגען פאַרבייא אַ קירזנער וועלכער איז געזעסען אָהן דעם היטעל אין קלייט. דער קירזנער רופט איהם אריין און זאגט: נוא, הערשיל, זאָנסטו אַ גלייך וואָרט ניט געטראַכט, חאַפּסטו שוין אויף אַ טרונק בראַנפען פֿון מיר.

— אַז איך בין געוועזען אַ קינד, ענטפערט הערשיל, האב איך קיין מאָל ניט פערשטאַנען וויא עס איז מעגליך מען זאָל שטעהן בייא אַ וואסער און מען זאָל זיך ניט אָנטרינקען. היינט אָבער זעה איך אַז עס איז גאָר קיין וואונדער ניט: אָט זיצט איהר אין אַ פולע קלייט מיט היטלען און אליין געהט איהר אָהן אַ היטעל.

---

### 4.

### הערשיל דרעהט זיך אוים.

הערשיל קומט אריין אַ מאָל אין בית המדרש אין וועגס־קליידער: מיט אַ טאָרבע אין דיא פּלייצעס און מיט אַ גרויסען שטעקין אין דער האנד.

— וואס בעדייט עס, ר' הערשיל? וואוהין פאָהרט איהר עס? פרעגט מען איהם.

— איך פאָהר קיין אויסלאַנד!—ענטפערט ער קורץ.

— אין אויסלאַנד גאָר? איהר קענט דען דיא אויסלענדישע לשונות?

— נישט קשה, ענטפערט הערשיל, איך וועל זיך איין עצה געבען: אַ שטיינער אַז איך וועל קומען צו קירען, איז ביז איך וועל מיך אויסלערנען זיין לשון, וועל איך זיך פאַרשטעלען פאַר אַ שטומען.

---

5.

## איבער א קאַדיש.

הערשיל געהט א מאָל אין א ווינטער־אָבענד צום טייך זעהט ער וויא איינער וויל זיך דערטרינקען. ער לויפט צו צו איהם און האַפּט איהם בייא דער האַנד.

— שטעהט, ר׳ יוד וואָס ווילט איהר טאָהן? פרעגט איהם הערשיל.

— איך וויל זיך אין טייך אריין וואַרפען.

— אין טייך נאָר? פאַר וואָס איז?

— מינע צרות זיינען זעהר גרויס: נישט גענוג וואָס איך האָב א שלאַק א ווייב, בין איך נאָך אָהן קינדער אויך געבליעבען, און צו שטאַרבען אָהן א קדיש איז שוין גלייכער אַז איך זאָל זיך אין טייך אריינוואַרפען.

— איהר זענט געבאָך אודאי גערעכט — זאָגט הערשיל מיט א זיפץ — מען קאָן נאָר אַנדערש ניט זאָגען. נאָר ווען איהר זאָלט מיך וועלען פאָלגען, וואָלט איך אייך געראָטען אַז איידער איהר וואַרפט זיך אריין אין טייך אריין, זאָלט איהר זיך פריהער אויסטאָהן דיא מלבושים און ווען איך וועל נאָר דערזעהן דעם ערשטען פּוזיר אויף דעם וואַסער, וועלכעס וועט זיין א סימן אַז איהר זייט שוין טויט, וועל איך זיך צו־נעהמען דיא קליידער פאַר א זכרון און וועל נאָך אייך קדיש זאָגען.

דעם יודען איז געפעלען דיא עצה. ער האָט זיך אויסגעטאָהן נאַקעט און איז אריינגעשפּרונגען אין טייך. הערשיל האָט אָבער ניט געוואָלט וואַרטען לאַנג, ער האָט געהאַפּט דאָס פּעקעל קליידער און האָט עס אריינגעטראָגען אין א נאָהענטען שיינק און האָט עס דאָרט פאַרזעצט פאַר א גוטען ביסען. דער יוד אָבער, אַלס ער האָט נאָר דערפיהלט דיא קאַלטע וואַסער אויף דעם נאַקעטען לייב, האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה. ער איז געשווינד ארויסגעשפּרונגען פון דעם טייך און ניט געפינענדיג מעהר זיינע קליידער האָט ער גע̇מאַכט א גוואַלד. מען איז זיך באַלד צונויפגעלאָפען אויף זיין געשרייא. ער האָט איטליכען דערצעהלט זיין געשיכטע דער עולם האָט איהם באַלד אריינגענומען אין דעם נאָהענטען שיינק וואו ער האָט נאָך אַליין געמחט אויסלייזען זיינע אייגענע מלבושים.



6.

## הערשעל געווינט.

הערשיל האָט זיך פאַרוועט מיט חברה, אַז איהם וועט געראָטען אויסצורייסען

ביי׳ם קארגען גביר פון זיין שטאָט א גאנץ קערביל א נדבה. ער איז אריינגעגאנגען צו איהם אין שטוב און בעט איהם א נדבה. ער נעהמט ארויס א גראָשען און גיט איהם.

— גיט זשע מיר שוין אייער בייטעלע אויך, אז איך זאָל האָבען וואו צו בע־האלטען דעם גראָשען.

דער גביר זאָגט איהם מסתמא אָב.

— נא, גיט זשע מיר האָטש א שוועבעלע צו פעררויכערין א פאפיראָס—בעט איהם הערשיל.

דער גביר גיט איהם א שוועבעלע.

— אז איהר ווילט נאָך זיין אזוי גוט, זאָגט הערשיל ווייטער, גיט זשע מיר שוין א פאפיראָס אויך.

דער גביר גיט איהם מיט כעס א וואָרף א פאפיראָס גלייך אין שטערין.

— פאַר דעם בעליידיגונג — זאָגט הערשיל — וואס איהר האָט מיר נעוואָרפען דעם פאפיראָס אין שטערין אריין, קאָן איך אייך ניט מוחל זיין, אָדער בעט מיך איבער מיט א קערביל, אָדער קומט מיט מיר צום רב.

— צו ביזטו משוגע ? שרייט דער גביר — וואס האסטו זיך צו געצעפּעט צו מיר !

— צום רב זאָלט איהר געהן מיט מיר ! שרייט הערשיל אויף א קול און אויף דעם געשרייא זיינען זיך צונויף געלאָפען פון דער גאַס — איהר האט מיך מביש גע־שטעלט ! איך קען דאס אייך ניט מוחל זיין ! ניין, ניין, מיין שטערין וויל דאס אויך ניט מוחל זיין !

דער גביר האט זיך געשעמט פאַר דיא פרעמדע מענשען האט ער געמוזט ארויס נעהמען א רובל און עס געגעבען הערשלין.

---

7.

## וויא אזויא הערשיל מאַכט חתונה אַ אָרעמע בתולה.

אום עשרה בטבת האט זיך א מאל פערגלוסט הערשלין ניט צו פאסטין. ער איז אריינגעגאנגען אין א שיינק און האט גענוממען א ביסעל בראנפין און האט פערביסען מיט א בייגעל. אויף זיין אונגליק איז מען דעמאָלט אומגעגאנגען זוכען

חטאים אין שטאָדט, ווייל א געווינערין איז שווער געגאַנגען צו קינד. מסתמא האָפּט מען אונזער הערשלען אין שיינק און מען שלעפּט איהם צום רב.

— וויא אזויא עסט עס א יוד אין א תענית? פרעגט איהם דער רב.

— זאָגט מיר, רבי, ענטפערט הערשיל, א שטייגער אז איך האב געגעבען טויזענד רובל א אָרעמע בתולה זיא זאָל קענען חתונה האָבען, מעג איך שוין עסען אין א תענית?

— יא, זאָגט דער רב, נאָר וויא אזויא איז דאס געשעהן?

— איך בין געגאַנגען צום טייך, זיינען געשטאַנען צווייא מיידליך און האָבען געוואשען וועש. הער איך וויא איינע זאָגט: „איך גלויב, אז היינט פאסט בייא אונז דיא גאַנצע שטאָדט". ענטפערט דיא אַנדערע: „פון דעסטוועגען וואָלט איך געוואָלט האָבען אזויא פיעל טויזענדער וויפיעל מענשען עס וועללען היינט ניט פאַסטען". נא, האב איך דער פאַר אויך ניט געפאַסט, כדי דאָס מיידעל זאָל האָבען מעחר מיט טויזענד רובל.

דער רב מיט דיא מענשען האבען זיך צולאַכט און הערשיל איז זיך אוועק־געגאַנגען.

---

8.

## גלויב נים וואָס מען זאָגט.

הערשיל קומט א מאָל אריין אין בית המדרש דאווענען, לויפט צו צו איהם א יונג איידימיל און זאָגט איהם מיט א שמייכיל אז אללע זאָללען הערען!

— ר' הערשיל! מען זאָגט אויף אייך אז איהר זייט א נאָר!

— גלויבט ניט וואס מען זאָגט—ענטפערט הערשיל—אָט זאָגט מען אויף דיר אז דוא ביזט א קלוגער—נא, ווער זשע וועט דאָס גלויבען?

---

9.

## וויפיעל נאַרראָנים זיינען דאָ אויף דער וועלט.

איינער מיט א נאַקעטען קאָפּ פרעגט א מאָל הערשלין:

— וויפיעל נאַרראָנים זיינען דאָ אויף דער וועלט אַחוץ דיא איהר דיט!

— אזוי פיעל, ענטפערט הערשיל, וויפיעל האָר עס איז דאָ אויף דיין קלוגע קאָפּ.

## 10.

### דיא יארמילקע.

ר׳ ברוכיל׳ס גבאי האט קיין מאָל נים נעהויזט מיט הערשלין, ער האט הערשלין פיינד נעהאט פאר זיינע שטעכווערטליך. איין מאהל ארויסגעהענדיגנ פון דיא כלים איבער עפּעס אַ שטאָכוואָרט, זאָגט ער צו הערשלין: „ווארט אויס, אז דוא וועסט שטארבען וועל איך דיר אפילו אין קבר אויך נים רוהען לאָזען״.

אויף מאָרגען קומט הערשיל אריין צום רבין מיט אַ פערקנייטשט פּנים.

— וואס איז דיר, הערשיל? פרעגט דער רבי ר׳ ברוכ׳ל, ביזט נים געזונד?

— אַט וואָס מיר איז, ענטפערט הערשיל, איך קען נים לעבען אָהן אייער יארמילקע, שיינקט זיא מיר אוועק.

— צו וואָס דארפסט דוא מיין יארמילקע?

— אייער גבאי האט מיך פערסטראָשעט, אז אפילו אין קבר וועט ער מיך אויך נים לאָזען רוהען, דארום וויל איך מיך לאָזען מקבר זיין מיט אייער יארמילקע פאר וועלכע ער ציטערט זעהר (ווייל מיט דער יארמילקע פלעגט דער רבי אָפּט פּאַטשען זיין גבאי).

דער רבי האט זיך צולאכט און האט דערצעהלט הערשילס בקשה אלע זיינע חסידים.

פון דעמאָלט אָן איז דער גבאי שלום געוואָרען מיט הערשלין.

## 11.

### הערשעל גיט זיך איין עצה.

דער רבי ר׳ ברכ׳ל האט זיך אַ מאָל שטארק צובייזערט אויף הערשלען און האט איהם פערזאָגט מיט דעם הארבען וואָרט, ער זאָל מעהר נים בעטרעטען דיא ערד פון זיין הויף.

עס איז אוועק עטליכע טעג און הערשלען האט מען מעהר נים געזעהן אין

דעם רבינ׳ס הויף. א מאהל שטעהט דער רבי ביי׳ם פענסטער און קוקט ארויס אין הויף, זעהט ער הערשלען אומגעהן דאָרט. איז ער ארויסגעלאָפען צו איהם און פרעגט איהם:

— שטייטש, איך האב דאך דיר אָנגעזאָגט אז דוא זאָלסט מעהר ניט בעטרעטען דיא ערד פון מיין הויף?

— שאַט, רבי — ענטפערט הערשיל — בייזערט אייך ניט. איך האב מיר געקויפט א ביסעל ארץ ישראל־ערד ביי א ירושלמי און האב עס אריינגעשיט אין מיינע שיך, טרעט איך אצונד ניט דיא ערד פון אייער הויף, נאָר דיא ארץ ישראל ערד. טאָמער ווילט איהר מיר ניט גלויבען, לייהענט זשע איבער דעם שטר מכירה וואס דער ירושלמי האט מיר ארויסגעגעבען ווען ער האט מיר פערקויפט זיין ערד.

און הערשעל האט ארויסגענומען פונע׳ם בוזעם א שטר מכירה און האָט עס דערלאנגט דעם רבין דער רבי האט עס איבערגעלייהענט און האט זיך שטארק צולאכט פון דעם איינפאל.

פון דעמאָלט אָן איז הערשיל ווידער א חשוב געוואָרען ביי׳ם רבין.

---

## 12

### וואס פאַר אַ לשון איז דאָ בייא דיא רויטע יודליך.

אין מאָל אין א ווינטערנאכט, ווען הערשיל איז געזעסען מיט א סך בטלאָנים אין קלויז בייא דער רובע, האט זיך דער עולם שטארק מפלפל געווען װעגען דער פאָליטיק, פון דעם טוגר מיט דער ענגלישער מלכה און ענדליך האט מען זיך צו שמועסט פון דיא רויטע יודליך וואס זיטצען פון יענער זייט סמבטיון. איינער פון דיא בטלאָנים טוהט א פרעג: וואס פאר א לשון קען זיין בייא דיא רויטע יודליך? א טהייל זאָגען: לשון קודש, אנדערע מיינען: אז תּרגום לשון.

— איהר ווייסט ניט קיינער אויף ריכטיג, האט הערשיל זיך אריינגעמישט.

— און דוא ווייסט, הערשיל? האט איינער פון זייא איהם א פרעג געטאָהן אויף חוזק.

— יא, איך ווייס בעשטימט!

— נאָ, לאָם מיר הערען וואָס פאר א לשון איז דאָ בייא דיא רויטע יודלעך?

— אזא לשון וויא בייא אללע: א רויטע. אללע האבען זיך צולאכט פון דעם אנטוואָרט.

(ווען דער לעזער וועט זיך דערמאָהנען אז לשון איז אויך דיא טייטש א צונג וועט ער פארשטעהן דעם וויץ).

## 13.

## א פאַטש פאַר א פאַטש.

איינער פון דעם רבינס גבאים האט געהאט זעהר א בייז ווייב, וועלכע פלעגט אָפט מאָל אונטער פּאַטשען דעם מאַן. איין מאָל זאָגט דער דאָזינער גבאי אין א ווערטיל צו הערשלין:

— איך האב געהערט, אז נעכטען בייא נאכט האט אויף דיר געגאָסען א רעגען פון דער פּאָמוניצע וואס דיין ווייב האט אויסגעגאָסען אויף דיין קאָפּ.

— דאס איז אמת! — ענטפערט הערשיל — נאָר פריהער אָבער האט זיך גע־הערט א דונער, וואס דיין ווייב האָט געמאכט, ווען זיא האט אויסגעפּאַצט דיינע באקען און פון דעם דונער האט זיך נאָכדעם גענוממען דער רעגען.

אללע האבען זיך צולאכט און דער אונגליקליכער גבאי איז פאר בושה אנטלאָ־פען געוואָרען.

## 14

## דער חילוק פון א עזעל ביז דעם נאַר.

אויף א ברית מילה, אויף וועלכען עס האט זיך פערזאַמעלט א גרויסער עולם, האט הערשיל מסתמא אויך ניט געפעהלט און האט אונטערגעהאלטען דעם עולם מיט זיינע קלוגע וויטצען.

איינער פון דעם עולם, וועלכען מען האָט גערופען חייקעל חקרן, האט ניט גע־קאָנט ליידען זיינע נארעשקייטען. צום אונגליק איז איהם נאָך אויסגעקומען צו זיטצען פּונקט אנטקעגען הערשלין. דאָ האט ער זיך מישב געווען צו געבען איהם א שטאָך וואָרט. אפשר וועט ער שוין דעמאָלט קלוג ווערען און וועט אויפהערען צו פכוידערן נארישקיים.

און ער מהוט א פרעג הערשלען:

— זאָג מיר, הערשיל: וויא ווייט איז פון דיר ביז דאס נארישע עזעל?

— נאָר ניט וויט! — ענטפערט הערשיל — נאָר דער טיש אליין שיידעט אונז אָב איינס פונע׳ם אנדערן.

דער חקרן האט פערשטאַנען דאָס שטאָך־וואָרט און האט פערביסען מיט דיא ליפען.

15.

## גריבעס מיט טאַראַקאַנעס.

דאס ווייב פון דעם פרנס־חדש פון הערשילס שטאָדט האט שטארק ליעב גע האט צו עסען גריבעס אָן חאַטשי דאס האט איהר פערשאַדעט און איז אלע מאָי קראנק געוואָרען, דאָך האט זיא זיך ניט געקאָנט אָבגעוואוהנען פון דעם זיסען מאכל. איהר מאַן האט דער פון גרויסע יסורים געהאט, ווייל ער האט שטארק ליעב געהאט דאס ווייב. ער האט הערשלין דערצעהלט זיינע צרות און הערשיל האט זיך אונטער־גענומען אָב געוואוהנען דאס ווייב פון דיא גריבעס. און אָט וואָס ער האט געטאָהן.

דאס ווייב פון דעם פרנס־חדש האט שרעקליך ניט געקאָנט קוקען אויף שווארצע טאַראַקאַנעס. הערשיל האט דאס געוואוסט און האט עס בענוצט פאַר א מיטעל אום אויסצופיהרען זיין פּלאַן. ער האט געקויפט אין מארק ווייסע גריבעס, האט זייא צושפּאַלטען און אָנגעפּיהלט זייא מיט א סך לעבעדיגע טאַראַקאַנעס און נאָכדעם וויא ער האָט צוריק גאַנץ געמאכט דיא גריבעס האט ער עס אונטערגע־טראָגען פאַר א משלוח מנות צום ווייב פון דעם פרנס־חודש, דאס ווייב האָט גערן צוגענומען בייא איהם דיא טהייערע מתּנה און האט געהייסען איהר קעכנע זיא זאָל זייא אריין נעהמען אין קיך און אָב בראָטען זייא.

הערשיל האט זיך אונטערגעהאַפּט ער זאָל זייא אליין אריין טראָגען אין קיך און זאָל אבטונג געבען אויף דער קעכנע זיא זאָל ניט ענטדעקען זיין חיטרע איינפאַל.

באַלד זיינען דיא גריבעס פאַרטיג געוואָרען און הערשיל איז צוריק אריינגע־גאַנגען אין שטוב. דיא בעל הבית׳טע האט מכבד געווען הערשלין מיט א פולען טעלער מיט גריבעס. הערשיל האט זיך ניט אָבגעזאָגט פון דעם כבוד און דיא בעל הבית׳טע האט דערווייל שוין אויפגעגעסען עטליכע גריבעס.

פּלוצים הייבט זיך אָן הערשיל צו קרימען, חאַפּט אויס בייא דער בעל הבית׳טע דיא גריבעס און נאָכדעם וויא ער האָט אוועקגעוואָרפען זיין טעלער מיט גריבעס.

לויפט ער ארויס פון דעם טיש און הייבט אָן צו שרייען: „מען האָט מיך אָבגענאַרט! אָבגענאַרט! טאַראַקאַנעס! טאַראַקאַנעס"!

דיא בעל הבית'טע איז אויפגעשפרונגען פון איהר אָרט, האָט גענומען בע־טראַכטען דיא רויהע גריבעס: זיא האָט אויפגעשפּאָלטען איינע פון זייא, איז ארויס־געקראָכען א לעבעדיגער שוואַרצער טאַראַקאַן, דעם צווייטען, דעם דריטען—אויך דיא איינענע מעשה! דיא בעל הבית'טע איז חלשות געפאַלען און פון דעמאָלט אָן האָט זיא שוין מעהר ניט געקאָנט קוקען אויף דיא גריבעס.

הערשיל האָט אפילו געלייזט שיינע עטליכע שטעקינס אויף זיין פלייצע פון דעם פרנס־חדש פאַר דיא שרעק וואָס ער האָט פערשאַפט זיין ווייב, נאָר נאָכדעם האָט ער איהם איבערגעבעטען און האָט איהם אָוועקגעשענקט זיין שבת'דיגע קאַפּאָטע.

---

## 16.

### פאַר מיין פרייז פערקויף איך.

דיא קאַפּאָטע וואָס הערשיל האָט בעקומען פאַר א מתנה פונ'ם פרנס־חדש איז נאָך געווען א גאַנץ נייע און א טהייערע. איין מאָהל אין א יום טוב ווען הערשיל האָט זיך אויסגעפראַנטעט אין דער דאָזיגער קאַפּאָטע, געהט ער זיך שפּאַצירען איבער דער שטאָדט מיט דעם שטעקין אין דער האַנד. עס קומט איהם אנטקעגען דער משרת פון דעם פרנס־חדש און פרעגט איהם, אויב ער וואָלט א בעלן געווען איהם פערקויפען דיא קאַפּאָטע.

— אָך, פאַר וואָס דען נישט! — ענטפערט הערשיל — איך קען זיא דיר אפילו פערקויפען פאַר דעם פרייז וואָס זיא קאָסט מיך אליין.

און מיט דיא ווערטער האָט ער געחאַפּט דעם שטעקען און האָט מיט איהם אָנגעהויבען צו שלאָגען דעם משרת, צעהלענדיג דיא קלעפּ: איינס, צוויא, דרייא, א. ז. וו.

דער משרת איז מיט'ן גרעסטען כעס אנטלאָפען געוואָרען צום פרנס־חדש און האָט איהם דערצעהלט וואָס הערשיל האָט איהם געטאָהן;

דער פרנס־חדש האָט געשיקט נאָך הערשלין און פרעגט איהם, העכסט אויפ־געבראַכט:

— וויא אזויא האסט דוא זיך אונטערגעשטעלט צו שלאָגען מיין משרת אין מיטען גאס, ווען ער האט דיך גאָר ניט בעריהרט?

— ניין, ענטפערט הערשיל, איך האָב איהם ניט געשלאָגען, נאָר פערקויפט האב איך איהם דיא קאַפּאָטע פאר דעם זעלבער פרייז וואס זיא קאָסט מיך אליין.

— איך פערשטעה דיך ניט, רייד דייטליכער!

— דיא מעשה דער פון איז אזויא—זאגט הערשיל—דיא דאָזינע קאַפּאָטע האָב איך בעקומען פון אייך א מתנה, נאָר איידער איהר האט זיא מיר געגעבען, האָט איהר פריהער אָבגעצעהלט צוואנציג שטעקענס אויף מיין פלייצע. און אזויא וויא אייער משרות איז מרוצה געוואָרען צו קויפען בייא מיר דיא קאַפּאָטע פאַר דער פרייז וואס איך האב באצאָהלט, האב איך אָנגעהויבען איהם אָב צוצעהלען מיין פרייז.

דער פרנס־חדש האט זיך צו לאכט. נאָר פאר דעם קנס וואָס הערשיל האָט מבייש געשטעלט דעם משרת, האָט ער איהם געהייסען ער זאָל דעם משרת אוועק־געבען דיא קאַפּאָטע.

הערשיל איז געוואָרען א צוקאָכטער.

— שטייטש, שרייט ער, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אין דער וועלט אזא אומרעכט?

— וואס איז דאָס פאר אזא אומרעכט? פרעגט איהם דער פרנס־חדש.

— א ודאי! שרייט הערשיל — מיך קאָסט דיא קאַפּאָטע צוואנציג שטעקינס אויף מיין אָרמער פלייצע און אייער משרת האט נאָר זעכס שטעקינס פון מיר בע־קוממען! הייסט זשע איהם ער זאָל פון מיר בעקוממען דיא איבעריגע 14 שטעקינס און לאָם איך ניט ליידען קיין היזק!....

נאָר דער משרת האט זיך איבערגעשראָקען פאר הערשילס שטעקינס און האָט זיך אָבגעזאָגט פון דער קאַפּאָטע.

---

17.

### הערשיל בעשטראָפט זיין ווייב.

הערשילס ווייב — א יודענע אָהן חכמות, פלעגט קיין מאָל ניט פאָלגען דעם מאַן, שטענדיג האט זיא געטאָהן קאַפּויר וואס ער האָט געזאָגט. דאָס האט הערשילן

פערדראָסען און ער האט זיך בעשלאָסען ער זאָל זיא בעשטראָפען אזויא ווי איהם פּאַסט.

ער איז געוועזען א חשוב בייִ׳ם פּריץ פון דער שטאָדט, וועלכער איז אויך געוועזען א נעריהמטער צאָהנאַרצט.

איין מאל קומט הערשיל אריין צו איהם מיט א פערזאָרגט פּנים.

— וואס איז, הערשיל? וואס ביזט דוא אזויא פערזאָרגט? פרעגט איהם דער פּריץ.

— אך, פּריץ! דאס ווייב מיינס גיט מיר גאר קיין מנוחה ניט: חאָטש נעהם און אנטלויף אין דער וויטער וועלט אריין! וויפיעל מאָל איך האָב זיא שוין געבעטען זיא זאָל זיך לאָזען ארויסנעהמען דעם שלאָפען צאָהן, איז זיא אבער איין עקשן און וויל דאס' אפילו ניט הערען. סיידען דוא אליין זאָלסט זיך נעהמען צוא איהר....

— שיין!—האט געענטפערט דער פּריץ. — איך וועל איהר בעפרייען פון דעם קראנקען צאָהן, דעמאָלט וועט איהר ביידע בעפרייעט ווערען פון דיא שמערצען.

און נעהמענדיג א קליין צוואנגעל האט דער פּריץ זיך אריין געזעצט מיט הערשלען איז זיין קארעטע און זיינע צווייא בעדינטע—געזונטע פויערן—האט ער גע־הייסען נאָכגעהן און זיינען אָנגעקומען צו הערשילס וואָהנונג.

דער פּריץ פרעגט הערשילס ווייב וועלכער צאָהן עס טוחט איהר וועה און גיט איהר איין עצה זיא זאל זיך לאָזען אויסרייסען דעם צאָהן. הערשילס ווייב שווערט זיך נעביך מיט כל השבועות אז איהר טהוט גאר קיין מאָהל ניט וועה קיין צאָהן, נאר הערשיל שטעהט אונטער דעם פּריץ און רוימט איהם איין א סוד אז דאס ווייב פארשטעלט זיך, זיא נארט אָב.

דער פּריץ הייסט זיינע צווייא בעדינטע זייא זאללען זיא אנידער זעצען אויף א באנק און פעסט צוהאלטען זיא. ער פרעגט הערשלין וועלכער צאָהן איז א שלא־פער בייא איהר און הערשיל ווייזט איהם אויף דעם געזונדעסטען צאָהן און וויא אזויא דיא אָרעמע פרויא האָט ניט געשריען פון וועהטיג, האט דער פּריץ ארויס־געשלעפּט דעם שטארקסען צאָהן פון איהר מויל.

שפּעטער איז דער פּריץ געוואָהר געוואָרען פון הערשילס איינפאל און האט א לאנגע צייט געלאכט. נאר הערשילס ווייב האָט פון דעמאָלט אָן שוין תמיד גע־פאָלגט דעם מאַן.

---

18.

## הערשעלם שוטקעס.

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל איז איין מאָהל אריינגעפאַלען אין אזא גרויסער מרה שחורה, אז ער האָט זיך פערמאַכט אין זיין צימער און האָט קיינעם ניט נעהייסען אריינקר מען צו זיך, אפילו קיין עסען האָט ער זיך ניט געהייסען אריינטראָגען.

דיא רביצין האָט געבעטען הערשלען ער זאָל זעהען מיט עפּעס צו פערטרייבען פונ׳ם רב׳ן דיא מרה שחורה. נאָר וואָס קאָן מען דאָ טאָהן, אז דער רבי האָט פער־זאָגט קיינער זאָל זיך ניט וואגען צו איהם אריינקומען?

דאָך אונזער הערשעל איז בייא זיך ניט אראָב געפאלען.

אזוי וויא צום רעב׳ן אין שטיבעל האָט ער ניט געטאָרט אריינקומען, האָט ער זיך אראָבגעלאָזט אין קוימען, און פון דאָרט אין רובע, וועלכע איז אריינגעגאנגען גלייך צום רבין אין שטיבעל.

אויסשמירענדיג זיך דאָס פנים מיט סאַזשע, האָט הערשעל געזעהן, וויא דער רבי זיצט אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענד דעם קאָפּ ביי׳ם טיש נעגען דעם שפּיגעל און דאָס איז פּונקט אויסגעקומען נעגען דער רובע.

הערשעל האָט ארויסגעשטעלט דאָס שווארצע פנים זיינס און דער רבי האָט פּלוצים דערזעהן אין שפּיעגעל דאָס אויסגעריסטע און פערחושכ׳טע צורה. ער האָט אקוק געטאָהן צו דער טהיר — צו זעהען ווער עס איז אריינגעגאנגען צו איהם, נאָר הערשיל האָט זיך דערוויל בעהאַלטען אין דער רובע. דער רבי האָט זיך ווידער פער־טיעפט אין זיינע געדאנקען. נאָר אין עטליכע מינוט שפּעטער האָט זיך ווידער בע־וויזען אין שפּיגעל דאָס פערשמירטע פנים. דער רבי האָט זיך ווידער אומגיקעהרט און הערשיל איז ווידער פערשוואונדען. דער רבי האָט אריינגערופען דעם גבאי און האָט איהם געהייסען אויסזוכען אין אלע ווינקעלעך נאָר ער האָט קיינעם ניט געפּר נען. דער גבאי איז ארויסגעגאנגען און דער רבי האָט זיך ווידער פערטיעפט אין זיינע פערזאָרגטע געדאנקען.

פּלוצים דערזעהט ער וויא פון דעם קוימען פון דער רובע קומט ארויס א שוואר־צע צורה פון א מענשען. מיינענדיג אז דאָס איז עפּעס א גנב, האָט דער רבי גע־חאַפּט זיין שווערען שטעקען און צולויפענדיג מיט איהם צו דער רובע האָט ער א געשריי געטאָהן:

— ארויס פון דאנען, אז ניט צושפּאַלט איך דיר דאָרט דעם קאָפּ!

נאָר קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען.

דער רבי האָט איבער געהאזערט זיין באַפעהל.

קיין אנטוואָרט איז אַלץ ניט געקומען.

דאַן האָט דער רבי אָנגעהויבען מיט כעס צושלאָגען מיט דעם שטעקען אין קוימען און באלד דערויף האָט זיך געהערט פון דעם קוימען אַ געבילערייא פון הינד און נאָכדעם אַ מיוקערייא פון קעץ. אויפ'ן סוף איז הערשעל ארויסגעקראָכען פון דעם קוימען שוואַרץ וויא אַ רוח און האָט איבערגעבעטען דעם רבי'ן און געזאָגט צו איהם:

— זייט מיר מוחל, רבי, וואָס איך האָב אייך אַ ביסעל דאַקוטשעט. וואָס זשע דען האָב איך געזאָלט טאָהן: אַז צו אייך אין שטוב האָב איך ניט געטאָרט אריינקומען, האָב איך מיר געפונען איין אָרט דורך דעם קוימען.

— וואו זשע ביזטו געווען דיא גאַנצע צייט ווען איך האָב געשלאָגען מיט דעם שטעקען אין קוימען?

— שומר פתאים ד', שטעהט אין תהלים — האָט הערשעל געענפערט — איך בין אין דער גאַנצער צייט געשלאָפען אין קוימען.

און דאָ האָט הערשעל גענומען גענעצען און איסציהען זיך, פונקט וויא ער א'ז ערשט פון דעם שלאָף אויפגעשטאַנען. דאָס איז אויסגעקומען אזוי קאָמיש, אַז דער רבי האָט זיך געמוזט צולאַכען. ער האָט אריינגערופען דיא רביצי'ן און וויזענדיג איהר אויף הערשעלען האָבען זייא ביידע לאַנג געלאַכט.



## 19.

## פאַרזעצונג פון הערשעלס שטוקעס.

דער פריץ, בייא וועמען הערשעל איז געווען חשוב, האָט זיך אַמאָל צובייזערט אויף דעם אַרענדאַר זיינעם און האָט איהם געהייסען אָבלאָזען דיא אַרענדאַ. דער אַרענדאַר האָט געבעטען הערש'לען ער זאָל איהם דאָ זעהען אַ טובה טאָהן בייםמ פריץ. הערשעל איז זונטיג אין דער פריה אוועקגעגאַנגען צום איספּראַווניק און האָט איהם געזאָגט, אַז דער פריץ האָט געהייסען ער זאָל ביז זייגער 12 צונויפזאַמלען אַלע מענשען פון דער שטאָט וואָס האָבען ליסע קעפּ און זאָלען אויסשטעלען זייא אין צווייא שורות נעבען דער קירכע.

— צוא וואָס דאַרף ער דאָס?

— ווער קאָן וויסען וואָס אַ פריץ פערגלוסט זיך! האָט הערשעל געענטפערט.

דער איספּראַווניק האָט מיט גרויס מיהע קוים אָנגעזוכט 96 מענער מיט ליסע קעפּ און האָט זייא אויסגעשטעלט אין צווייא אין דרויסען נעבען דער קירכע.

פונקט זייגער 12, ווען עס האָט זיך גיענדיגט דאָס גיבעט אין דער קירכע איז דער פריץ פון דאָרט ארויסגעגאַנגען. דער טאָג איז געוועזען אַ שיינער, דיא זון האָט

נעשיינט. פלוצים האָבען אַלע 36 מענער אויף איין מאָל אראָב געחאפּט דיא היט־לען פון דיא קעפּ און דיא זון האָט בעלויכטען זייערע נאַקעטע קעפּ.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? — האָט דער פּריץ געפרעגט דעם איספּראַווניק.

— אייער דורכלויכט! — האט זיך פאַרענטפערט דער איספּראַווניק — האט דאך דאס בעפוילען דורך הערשעלען און איך האב ריכטיג ערפילט אייער באַפעהל.

דער פּריץ האט זיך צולאַכט אויף הערשעלס שוטקע.

אין דעם האט זיך הערשעל בעוויזען פאַר דעם פּריץ.

— זייט מיר מוחל, פּאַן! האט ער געזאגט, וואס אין דער גאַנצער שטאט האבען זיך נאר געפונען 96 ליסע קעפּ, דען פון דיא איבעריגע קעפּ האט נאך ניט אוספּייעט דיא האר אויסצוקריכען.

דער פּריץ האט וויטער געלאַכט און הערשעל האט בענוצט דיא אויפגעלעג־טע צייט אויסצובעטען בייא דעם פּריץ ער זאָל צוריק אבגעבען דעם אָרענדאַר זיין אָרענדע.

---

## 20.

### הערשעל ווערט אַ דאקטאָר.

א אַלטע מויד, שוין אריבער דרייסיג יאהר, האט אפט געליטען פון קאָפּ־שמערצען. אין דעם האט זיא געהערט אז א נייער דאקטאר איז אראבגעקומען אין שטעטעל און האט געשיקט איהם רופען.

דער נייער דאקטאר איז געוועזען טאקע אונזער הערשעל. איהם האבען זיך שוין אויסגעלאזט אלע שוטקעס, האט ער זיך מישב געווען און האט זיך אויסגעגעבען פאַר א דאָקטאר.

הערשיל בעטראַכט דעם חולה און געפינט דיא סבה פון איהר שלאַפקייט.

— איהר מוזט חתונה האבען — זאגט ער איהר קורץ — וועט איהר פאלקאם געזונד ווערען.

— עס קען זיין אז איהר זייט גערעכט, איך גלויב אייך הער דאקטאר. איך וועל פאלגען אייער עצה. געפינט זעה מיר א חתן.

— איך בין ניט קיין שדכן, און קאן ניט זיין קיין שדכן.

— אַז איהר קאנט ניט זיין קיין שדכן, זייט זעה מיין חתן.

— ניין, זאגט הערשעל, מיר דאקטורים פערשרייבען נאר רעצעפּטען, אבער מיר נעהמען זייא ניט אויס.

---

21.

## פארטזעטצונג.

איין אנדערס מאל קומט צו איהם א בויער אך בעט איהם ער זאל איהם געבען א רפואה.

— וואס טוהט דיר וועה? פרעגט הערשיל.

— אָט דאָ אין דער זייט טוהט מיר זעהר וועה.

— הייב אויף דיא הענד ארויף און ציה דעם אָטהעם.

דער בויער טוהט אזויא וויא הערשיל הייסט איהם.

— נאָ, וואס הערט זיך?.... דוא אָטהעמסט שווער?

— נישט קשה.... ענטפערט דער בויער, נאָר קוים ריהר איך זיך נאָר צו צו דער זייט, טוהט מיר שוין וועה.

— ווייסטו זשע וואָס, זאָגט הערשיל, ריהר זיך קיין מאָל ניט צו צו דער זייט, וועט דיר מעהר ניט וועה טאָהן.

— טאָקע?! שרייט אויס מיט פרייד דער בויער.— לאנג לעבען זאָלט איהר פאר דער עצה.

---

22.

## פארטזעטצונג.

איין מאָל קומט אריין צו הערשלען א אלטע יודענע מיט א געוויין:

— העלפט מיר, רבי דאָקטאָר! ראַטעוועט א נפש.

— וואָס פעהלט אייך?

— דער קאָפּ ברעכט אזויא, אז עס שטעכט אז אין דיא זייטען.

— מען דארף לייגען א פלאסטער אויף דער פּאָטילניצע. ניט אהער 20 קאָפּיקעס.

דיא יודענע גיט איהם דאס געלד און הערשיל מאכט א פלאסטער און לייגט עס איהר ארויף אויף דער פּאָטילניצע.

— אין צווייא שעה ארום זאָלט איהר דאָ ווידער זיין, וועל איך זעהן וויא אזויא עס האט אָנגעריסען און דער וויל געהט א היים.

— שטייטש! זאָגט דיא יודענע פערוואונדערט, גיא אזויא זשע זאָל איך א היים געהן?

— וואָס הייסט וויא אזויא? אזויא וויא אללע מענשען גייען.

— אפשר האט איהר, רבי דאָקטאָר, נאָך א פלאסטער?

— צו וואָס איז?

— חיא הייסט צו וואָס? פאר מיין שנור! איך בין דאָך נים קראנק, נאָר די א שנור איז קראנק!

— צו וואָס זשע האט איהר זיך געלאָזט לייגען דעם פלאסטער?

— ווייל איך האָב נים געקענט דערווידער זיין אייערע רייד.

הערשיל האָט זיך שטארק צולאכם.

מיט פיעל מיא האט ער אָבגעריסען דעם פלאסטער פון איהר פאָטילניצע און זיא האט עס אוועקגעטראָגען דער שנור.

## 23.

## פאָרמזועטצונג

ווידער האָט זיך געטראָפען א מעשה אין הערשילס פראקטיקע.

מען האט איהם גערופען צו א חולה. הייסט ער דעם חולה ער זאָל איהם ווייזען דיא האנד. הערשיל זעהט אז דיא האנד איז באדעקט מיט רויטע פלעקען. זאָגט ער.

— דער חולה האָט א חיציג שלאפקיים מיט פלעקען, מוז ער שטארבען, ווייל ער האט זיך זאראזעט פון פעראיפעשטע בהמות.

— וואָס זאָגט איהר, הערר דאָקטאָר! —ענטפערט דעם קראנקענס ווייב, מיין מאן איז א פארבער און פון דיא פארב איז איהם רויט דיא האנד.

— אויב אזויא—זאָגט הערשיל—איז ער גליקליך וואָס ער איז א פארבער, אז נים וואָלט איך איהם אצונד שוין אָבגעזאָגט דאָס לעבען.

## 24.

## דיא לעצטע פראָקטיקע פון הערשילס דאָקטאָרייא.

הערשיל האט געהאט אויסגעצייכענט פונ׳ם ספר רפואות אללע רעצעפטען, האט ער עס איבערגעשריבען אויף קליינע קוויטעליך און ווען מען האט איהם גערו־פען צו א חולה, האט ער איהם געהייסען ארויסציהען אויף גליק א קוויטעלע און וואס פאר א רפואה עס איז געווען פערשריבען אין דעם קוויטעלע, האט ער עס געהייסען מאָכן.

איין מאָהל רופט מען איהם צו א ווייבעל, וועלכע עס האט געהאט אָנגעריסע

א מכה אין האלז. הערשיל האט איהר געהייסען ארויסשלעפען א קוויטעלע פון זיין טאַש און האט עס איהר איבערגעלייהענט און געשטאַנען דאָרט, אז מען זאָל מאַכען אַ קאָנץ.

דאס ווייבעל האט זיך שטארק צולאכט; און פון דעם גרויס געלעכטער איז צוזעצט געוואָרען איהר מכה אין האלז און זיא איז געהאלפען געוואָרען.

•••••~~~~~•••••

25.

## הערשיל ווערט אַ שדכן.

אז הערשלין איז ניט געראָטען דיא דאָקטאָרייא איז ער א שדכן געוואָרען.

איין מאָל קומט ער אריין צו איין אויפגעקומענעם גביר, וועלכער איז פריהער געוועזען א בעל עגלה און וועלכער האט געהאט א טאָכטער חתונה צו מאכען. נאַטירליך האט אונזער גביר יעצט געוואָלט טאָהן א גרויסען שידוך, וויא דער שטיינער איז פון דיא אויפגעקומענע גבירים.

פּלוצים לייגט איהם הערשיל גאָר פאָר א שידוך מיט א שוסטערס א זוהן.

— דוא פּארח! צובייזערט זיך אויף איהם דער גביר — וויא אזויא שטעלסטו זיך אונטער מיר פאָרצולייגען אזא שידוך? ארויס פון מיין שטוב.

און הערשיל איז מיט חרפּה אוועקגעגאַנגען פון איהם.

אין עטליכע וואָכען שפּעטער קומט ער ווידער צו איהם.

— שוין? ביזט ווידער געקומען—פרעגט איהם דער גביר מיט כעס—איך האב אַך דיר שוין איין מאָל ארויסגעטריבען פון דאַנען!

— איך האָב אצונד גאָר א גרויסארטיגען שידוך פאר אייך—ענטפערט הערשיל.

— מיט וועהמען איז?—פרעגט ניינעריג דער גביר.

— מיט דעם האַצעלער רב׳ס א זוהן.

— אָט דאס איז א פיינער שידוך! האָט איהר שוין דאָרט גערעדט?

— א ודאי האָב איך גערעדט.

— וואָס זשע האָט מען אייך געענטפערט?

— דאָס איינענע וואס איהר האט מיר געענטפערט ווען איך בין צו אייך געקומען דאָס ערשטע מאָל.

דער גביר איז פארשעמט געוואָרען.

---

## אין בית המדרש.

אין דיא גרויסע ווינטערדיגע נעכט פלעגט הערשיל ליעב האָבען צו זיטצען אין בית־המדרש בייא דער וואַרעמער רובע מיט אַ חברה בטלאָנים און עוסק זיין אין שאלות־ותשובות.

מען פרעגט הערשלין:

— וואס האָט ער בעסער ליעב: אַ רייכען ברית אָדער אַ רייכע לויה?

— רייכען ברית—ענטפערט הערשיל.

— פאַר וואָס איז?

— ווייל פון דעם רייכען ברית וועט שפעטער ווערען אַ רייכע לויה.

מען פרעגט ווייטער הערשלין:

— וואָס וויל ער בעסער: אַ שיסעל באָרשט צו צווייא שיסלען רויהע בוריקעס?

— דיא צווייא שיסלען רויהע בוריקעס. ענטפערט הערשיל.

— וואָס קענסטו דען טאָהן מיט זייא?

— פון זייא קען איך האבען אַ וואוילע שיסעל באָרשט און זאָל נאָך פערבייסען מיט דיא בוריקעס.

מען פרעגט ווייטער הערשלין:

— ווער איז געווען דער ערשטער אַפּטייקער אויף דער וועלט?

— דיא ציג—ענטפערט הערשיל. ווייל זיא האָט אויפגעזוכט קרייטער און פילען געמאַכט.

מען פרעגט ווייטער הערשלין:

— וואָס איז נוצליכער אויף דער וועלט: דיא זון צו דיא לבנה?

— אַ ודאי דיא לבנה — ענטפערט הערשיל—וואָרום דיא זון שיינט דאָך נאָר בייא טאָג, ווען עס איז אזויא אויך גענוג ליכטיג.

— פאַר וואס האט מען אדם הראשון ארויסגעטריבען פונ'ם גן עדן?

— מסתמא האט ער ניט געצאָהלט קיין דירה־געלד.

— פאַר וואָס קומט ניט משיח אזייא לאַנג?

— כדי דער יין המשומר זאָל אַלט ווערען, וועט ער בעסער זיין צום טרינקען.

— קאָן זיין אויף דער וועלט אַ צווייטער מבול?

— ער איז שוין פון לאַנג דאָ, ענטפערט הערשיל. ווען נח איז לעבען געבליבען פון דעם ערשטען מבול, האט ער געפלאַנצט אַ וויינגאַרטען און האט אויפגעטראַכט

דעם וויין, איז אַט פון דעם דאָזיגען מבול פון וויין זיינען שוין אַ סך מעהר מענשען אומגעקומען וויא פון דעם ערשטען מבול.

— וואָס איז דאס ערגסטע אין דער תולדות הטבע (נאַטור געשיכטע)?

— וואַנצען מיט צווייא פיסיגע עזלען.

— וואס וואלסטו טאָהן, הערשיל, ווען דוא זאלסט פּלוצים רייך ווערען?

— איך וואָלט אָנשטאָפּען דיא אלע לעכער פון מיינע קליידער מיט אסיגנאַציעס.

— פון וועלכער צייט האבען דיא מענשען אָנגעהויבען צו שטאַרבען?

— זינט דיא מענער האבען אָנגעהויבען צו פאָלגען דיא ווייבער.

— וואס איז דער חלוק פון אַ חסיד ביז אַ מתנגד.

— דער חסיד זאגט אז דער רבי איז אַ צדיק און דער מתנגד זאָגט, אז אַ צדיק איז נאָט.

— וועלכע נאַציע איז דיא חשוב'סטע אין דער וועלט?

— דיא אַסיג־נאַציע.

— וויא קומט עס וואָס פון ראש חדש אלל הייבט שוין אָן קיהל צו ווערען?

— מחמת מען בלאָזט שופר דעם גאנצען חדש, איז דיא ווינדען וואס געהען ארויס פון דיא שופרות קיהלען זייא אָב דעם הייסען אויר, ווערט קאַלט.

— פאַר וואָס פאַלט אַ שכור פון דיא פיס און ניט פונ'ם קאָפּ?

— ווייל עס שטעהט: שקר אין לו רגלים און שקר „מיט שכור" גלייכט זיך כמעט אוים ביי'ם ריידען.

— נאָך וואס טויג דעם מענשען דיא אויערן?

כדי דאס היטעל זאָל איהם ניט אראָפּפאַלען איבער דיא אויגען.

— עס איז אמת, הערשיל, מען זאָגט אז אָפּט שלאָגסטו דיין ווייב מיט'ן שטעקען און זיא דיך מיט דער קאָטשערע?

— עט!—ענטפערט הערשיל—עס טרעפט בייא אונז אַ מאָל פארקעהרט אויך...

27.

## הערשיל איז זיך נוקם.

הערשיל איז אַ מאָל אָנגעקומען ווינטער בייא נאכט צו איין אכסניא ווען זיא איז שוין געווען פערמאַכט און אין דרויסען איז געווען אַ שרעקליכער פראָסט. הערשיל קלאַפּט אָן אין דער טיהר מען זאָל איהם עפענען. דער בעל אכסניא וועלכער איז שוין געלעגען אין בעט זאָגט צו זיין ווייב: „אַ רחמנות, חלעבען, אויף דעם יודען וואָס שטעהט אויפ'ן גאַס" נאָר דיא טיהר עפענט ער איהם ניט.

הערשיל קלאפט ווייטער אָן און בעט: „האט רחמנות! לאזט מיך אריין און שטוב, ווארום איך וועל פארפרוירען!"

און דער בעל אכסניא זאָגט ווייטער צו דיא ווייב:

— רחמנות אויף דעם יודען וואס שטעהט אין דרויסען!"

— שטייטש, זאָגט דאָס ווייב, אז דוא האסט יא רחמנות אויף איהם, פאר וואס זשע לאזט דוא איהם ניט אריין אין שטוב?

— נארעלע! — ענטפערט ער — אז איך וועל איהם אריין נעהמען אין שטוב, וועט דאָך שוין ניט זיין קיין רחמנות אויף איהם!

הערשיל האט דעם ענטפער גוט געהערט און טראכט זיך: „ווארט איך וועל דיר שוין אָבטאָהן א גוט שפיצעל!"

אין א פאר טעג שפעטער קומט הערשיל אריין אין דער זעלבער אכסניא, לייטיש אָנגעטאָהן און פרעגט דעם בעל אכסניא צו קאָן ער בייא איהם האלטען סטאנציע אויף ניט קיין בעשטימטער צייט.

— אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד! — ענטפערט דער בעל אכסניא—איהר דארפט א ודאי א בעזונדער חדר מיט מעבעל?

— יא, און מיט עסען אויך.

— גוט, גוט! זאָגט דער בעל אכסניא, נאָר געלד טהט איהר מיר בעצאהלען פאר א חדש פאָראויס.

— פאָראויס צאָהל איך קיין מאהל נים, ווייל דער שווער מיינער שיקט מיר צו געלד נאָכ'ן חדש, דארום קאָן איך בייא אייך קיין אורח נים זיין.... נאָר וויפיעל, למשל, נעהמט איהר פאר דעם חדר?

— פינף רובל א חדש.

— איך בין אומשטאנד צו צאָהלען זעקס רובל פאר דעם חדר, ווייל ער איז מיר געפעלען. און וויפיעל נעהמט איהר פאר קעסט?

— פופצעהן רובל א חדש, וועט שוין זיין דרייא געריכטען א טאָג מיט 2 מאָהל טייא.

— איך קאָן אייך געבען 20 רובל א חדש, זאָגט הערשיל, אבי עס זאָל זיין גוטע עסען.

— אויב אזויא זאָגט דער בעל אכסניא, בין איך מרוצה צו ווארטען מיט דעם געלד אויף נאָך דעם חודש, אבי איהר זאָלט נאָר האלטען וואָרט און מיך ניט אָבנארען.

— איך האב נאָך קיינעם ניט אָבגענארט, ענטפערט הערשיל. מיר קומט אָפט אויס איין צו שטעהן אין אכסניות און שטענדיג ווען איך ציא זיך ארויס, בעגלייט מיך דער בעל אכסניא מיט טרערען.

און הערשיל איז געבליבען אין דער אכסניא.

עס איז אוועק א חדש און צווייא, הערשעל דערמאָהנט זיך ניט געלד צו צאָה־לען, נאָר ער עסט און טרינקט און קוממט צו זיך.

דעם בעל אכסניא איז דאס אריין טיעף אין דער נאָז.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען, ר׳ הערש? פרעגט ער איהם ענדליך. איהר האָט דאך געזאָגט אז איהר צאָהלט נאָכ׳ן חדש, צום סוף איז שוין אוועק צווייא חדשים און איך זעה נאָך אלץ ניט פון אייך קיין געלד!

— וואס פאר א שוטה איהר זייט! ענטפערט הערשיל. צו מיינט איהר אין אמת׳ן, אז ווען איך זאָל זיין א גוטער צאָהלער וואָלט איך בעשטאנען צו וואינען אין אזא קבר? אָדער צו עסען אזא שלעכט עסען וויא בייא אייך איז?.... היינט פאר־געסט ניט אז איך האב אייך צוגעזאָגט צו געבען 25 רובל א חדש, ווען איך פארדין ניט אפילו קיין 26 קאָפּיקעס א חדש און מיין שווער פון יענער וועלט זאָגט, אז פון דאָרט איז זעהר שווער איבער צו שיקען געלד....

— פאר וואס זשע האט איהר מיך אָבגענארט?

— איך האב אייך ניט גענארט, מיין ליבער יוד, איך האב זיך נאָר בעריהמט פאר אייך.

— וויא אזויא האט איהר זיך אונטער געשטעלט דאָס צו טהאן?

בייזערט אייך נאָר ניט, פעטער! ענטפערט הערשיל. פאר אזא פינסטערען און נאסען חדר און פאר אזא שלעכט עסען וויא איך האב בייא אייך געהאט, איז פשוט איין עבירה אייך צו בעצאהלען. פארקעהרט, איהר דארפט מיר נאָך צו צאָה־לען וואס איך האָב אזוי לאנג געליטען בייא אייך.

דער בעל אכסניא האט פון פערדראָס זיך צו וויינט.

— וואס איז דאס פאר איין אונגליק? שרייט הערשיל. שטענדיג ווען איך דארף זיך ארויסציהען פון איין אכסניא, בעגלייטעט מיך דער בעל הבית אדער דיא בעל הבית׳טע מיט טרערען, זייא בעוויינען מיך וויא א געשטאָרבענעם. הערט אויף, איך בעט אייך, צו וויינען, עס קאָן זיין אז מיר וועלען זיך נאָך זעהן.

— ניין, ניין, לאָז נאָט אָבהיטען! האט דער בעל אכסניא איהם נאָכגעשריען.



## 28.

## דיא קאפּאָטע.

הערשיל האט א מאָהל אומגערען פארפלעקט איינעם זיין נייע קאפּאָטע. האָט יענער איהם געשלעפּט צום רב. דער רב האט געפּסקינט, אז הערשיל זאָל דעם יודען

בעצאהלען דרייא רובל פאר דער קאפאָטע. הערשיל האט גראדע בייא זיך געהאט געלד, נעהמט ער ארויס דרייא רובל און בעצאלט. דער יוד איז געווען זעהר צופריע־דען און וויל שוין אוועקגעהן, נאָר הערשיל לאָזט איהם ניט געהן.

— שטעה, זאָגט ער, איך האב דאָך דיר בעצאָהלט פאר דער גאנצער קאַ־פאָטע איז זיא דאָך שוין מיינע, טוה זשע זיא אויס און גיב זיא מיר אָב.

— קום מיט מיר א היים, זאָגט יענער. וועל איך זיא דיר געבען.

— ניין! שרייט הערשיל, איך וויל דיר ניט לאָזען געהן מעהר אין מיין קאַ־פאָטע, שוין טוא זיא אויס און גיב זיא מיר אָב!

דער יוד פרובט זיך בעטען בייא איהם: שטייטש, וויא אזוי געהט מען עס אין גאס אָהן א קאפאָטע? דער צו טראָגט ער נאָך תחתונים אָהן הויזען.

נאָר הערשיל וויל ניט נאָכגעבען, דער יוד האט זיך געמוזט אָבזאָגען פון דיא דרייא רובל און דאס האט טאקע הערשיל געמיינט.

29.

## אַ תירוץ.

מען פרעגט א מאָהל הערשלען, פאר וואָס טראָגט ער אזא צוריסענע קאפאָטע; נישט קשה, ענטפערט ער, זאָרגט אייך ניט, איך האב אין קאסטען א נייע קאפאָטע.

פאר וואָס זשע נעהמסט דוא זיא ניט ארויס?

ווייל דער קאסטען איז פערשלאָסען.

נאָ, שליסט מען אויף!

דאס שליסעלע ליגט אבער אויך אין קאסטען, ענטפערט הערשיל.

30.

## אין מאַרק.

קויפט, ר׳ הערשיל, דיא שאָפע בייא מיר, איך פערקויף זיא אין גליכען געלד!

וואס זשע וועל איך אריינלייגען אין איהר?

שטייטש! אייערע מלבושים.

און אליין זאָל איך נאַקעט געהן? פרעגט איהם הערשיל מיט ברוגזדיגען טאָן

31.

## הערשיל עסט פאַר זיין געלד.

הערשיל קומט א מאָהל אין א קרעטשמע הונגעריג וויא א וואָלף און פרעגט דעם קרעטשמער אויב מען גיט דאָ אומזיסט עסען.

— ניין, ענטפערט דער קרעטשמער. דאָ עסט איטליכער פאר זיין געלד.

— זייט עדות ליעבע יודען, ווענדעט זיך הערשיל צו דיא איבעריגע אורחים

פון קרעטשמע, דער קרעטשמער זאָגט מיר צו, אז נאָר פאר מיין געלד קאָן איך דאָ עסען. נא, בעל הבית! גיט נאָר אהער א ביסעל בראנפען מיט א גוטען באָרשטש מיט קאַשע.

דער קרעטשמער האָט איהם דערלאַנגט וואָס ער האט געהייסען.

הערשיל האט אריינגעשטעלט דעם באָרשטש מיט קאשע, האט נאָכדעם זיך געהייסען דערלאנגען א שטיקעל גענזינס, נאָכדעם האט ער זיך געהייסען מאכען וואַרעניקעס און האָט פערטרונקען מיט א גוט גלעזעל וויין.

נאָכדעם אלעם נעהמט הערשיל ארויס א גרויסען פיאַטאַק (3 גראָשען) פון זיין קעשענע און דערלאַנגט עס דעם קרעטשמער.

דער קרעטשמער קוקט איהם אָן גאַנץ פערוואונדערט.

— וואס ניהט איהר מיר עפּעס א פיאַטאַק? פרעגט ער ענדליך.

— דאָס בעצאָהל איך אייך, זאָגט הערשיל. פאר דעם בראנפען, פאר דעם באָרשטש מיט קאַשע, פאר דעם גענזענס, פאר דיא וואַרעניקעס און פאר דעם וויין.

— וואָס זשע, איהר מאכט חוזק פון מיר? דאס איז דאָך א פיאַטאַק?!

-- איך וויים אויך וואָס דאָס איז, ענטפערט הערשיל. נאָר איהר אליין האָט דאָך פאר עדות מיר געזאָגט, אז דאָ עסט איטליכער פאר זיין געלד און איך שווער אייך ביים מיין הן, אז מעהר וויא דרייא גראָשין מיין איינענס האב איך נים. א גוטען טאָג!

און ער איז אוועקגעגאנגען.

---

## 32.

## ביים עססען קלייבט מען נים איבער.

הערשיל זיצט א מאָל אין איין אכסניא זעהר פערשמאכט. אין דעם זיינען אהין אָנגעקומען א חברה מחותנים פון נאָך א חתונה און האבען געהייסען דער בעל הבית׳טע זיא זאָל מאכען א גוטע וועטשערע פאר זייא.

דאס עססין איז פארטיג געוואָרען און דער עולם האט זיך אויסגעזעצט בייא דיא טישען און האט אויך אָן הערשלען נים פארגעססען.

— אין מיטען דעם עססען רופט זיך הערשיל אָן צו זייא?

רבותי! ווער קאָן זיך מיט מיר פּארוועטען אין עססען? איך נעהם זיך אונטער מיט נאָך איינעם אויפצועססען א גאנצען זאק קארטאָפּלעס מיט שמאלץ!

ער נארט אָב! שרייען אללע, דאס איז נים מעגליך.

ווער? איך נאר אָב? פרעגט הערשיל, שטעלט איין 10 ר. וועט איהר זעהן וויא איך מיט נאָך איינעם עסען מיר אויף א זעק׳ל אבגעקאָכטע קארטאָפּלעס מיט שמאלץ.

— מיר שטעלען איין! זאָגט דער עולם נאָר אויב דוא מיינסט אז איינער פון אונז וועט צו דיר צו שטעהן פאר א שותף צום עססען, האסטו א טעות.

— נישט קשה, איך וועל שוין געפינען א שותף.

דער עולם האט איינגעלייגט 10 רובל ביים אכסניא און האבען איהם געהייסען צוגרייטען א זעקיל אָבגעקאָכטע קארטאָפלים מיט שמאלץ.

אין א פּאָר שעה איז דער מאכל פארטיג געוואָרען און דער בעל אכסניא האט עס הערשלין דערלאַנגט אין א גרויסען קעסיל אויף דעם טיש.

הערשיל האט געווארט ביז דיא קארטאָפלעס האבען זיך אויסגעקיהלט, נאָכדעם איז ער ארויסגעגאַנגען אין הויף און האט זיך באלד צוריק אומגעקעהרט מיט א גרויסען חזיר אויף דיא הענד.

— אָט איז מיין שותף וואס וועט מיר העלפען עסען, זאָגט ער צום עולם, וויי־זענדיג אויף דעם חזיר וועלכער דערשמעקענדיג נאָר דעם רוח פון דיא קארטאָפלעס, האט ער זיך שוין געריסען צום קעסיל.

דער עולם איז ערשטוינט געוואָרען פון הערשילס איינפאַל.

— מיר גלויבען דיר, האבען דיא מענשען געזאָגט, בייא אונז איז מעהר קיין ספק ניט, אז פאר אייך ביידע וועט נאָך וועניג זיין דער קעסעל מיט דיא קארטאָפעל.

— הייסט עס, האב איך געוואונען דיא 10 רובל.

— ניין, הערשיל, א חזיר קאָן דען זיין א שותף צו דיר?

— ביי'ם עססען קלייבט מען ניט איבער, ענטפערט הערשיל און ווידער: איך האב דאך אייך ניט געזאָגט ווער עס וועט זיין מיין שותף, דארום האב איך געוואונען.

דער עולם האט איהם אָבגעגעבען דיא 10 רובל און הערשיל איז ארויס פון דער אכסניא זאט און נאָך מיט 10 רובל אין קעשענע.



## 33.

## הערשיל בייא א גוסס.

מען האט הערשלין א מאָל גערופען צו א קארגען גביר וועלכער האט שוין געהאלטען בייא דער גסיסה און הערשיל איז געקומען וידוי זאָגען מיט איהם. זעהט ער וויא דער חולה קרעכצעט זעהר ביטער און לאָזט אלע מאָל ארויס שווערע זיפצען.

— וואס קרעכצעט איהר אזוי? פרעגט איהם הערשיל, שטארבען מוז דאך יעדער מענש און אייביג לעבט ניט קיינער.

— אך, מיין ליבער יוד! ענטפערט דער חולה, איך קרעכץ ניט דערויף וואס

איך דארף שטארבען, נאָר מיר איז א גרויסער ווייטאָג וואס איך נעה אין דרערד או מיין גאָלד און זילבער בלייבט דאָ איבער.

— גלויבט זשע מיר, זאָגט הערשיל, אז פאר אייער גאָלד און זילבער איז א סך גלייכער וואָס עס בלייבט דאָ איבער, וואָרום דאָרט וואוהין איהר גערט באלד אוועק, איז אזוי שטארק היים, אז דאס גאָלד וואָלט באלד צושמאָלצען געוואָרען....

## 34.

## הערשיל פערליהרט זיך נים.

הערשיל קומט א מאָהל אריין אין קלויז מיט א צודראפעטען נאָז. ער האט זיך אין דער היים געקריגט מיט דיא ווייב, האט זיא איהם מסתמא דיא נאָז צודראפעט.

— וויא קומט עס, הערשיל, וואס דיין נאָז איז צודראפעט? פרעגט מען איהם.

— איך האב זיך אליין א בים געטאָהן אין דער נאָז, ענטפערט ער.

— שטייטש, וויא אזוי האסטו געקאָנט דערלאנגען?

— איך האב מיך ארויפגעשטעלט אויף א ביינקיל, ענטפערט ער קורץ.

## 35.

## הערשיל פסק׳נט שאלות

### I.

הערשיל קומט א מאהל אריין צום רב אין שטוב, דערוויסט ער איהם שלאָפען אין דעם צווייטען חדר און אין דעם ערשטען חדר איז אויף דער קאנאפע געלעגען דעם רב׳ס האלאט מיט דער יארמילקע. הערשיל טראכט ניט לאנג און טהוט זיך אָן אין דעם רב׳ס קליידער זעצט זיך ביים טיש און פערטיעפט זיך אין א ספר.

עס עפענט זיך דיא טיהר,עס קומט אריין א בעל הגלה מיט דער בייטש אין דער האנד און ווענדעט זיך צו איהם:

— רבי! אז איך האב שבת אָבגעזאָגט גאנץ תהלים, האב איך נאך געדארפט זאָגען ברכי נפשי אויך?

— בארעבען זיך נאָר, ענטפערט דער פארשטעלטער רב, דוא ביזט שוין, דאכט זיך, דרייסיג יאָהר א בעל עגלה און דוא ביזט נאך אלץ א פריץ! אז דוא פיהרסט א שטייגער א גאנצען וואָגען מיט סמאָלע, דארפסט דוא דען נים שמירען דיא רעדער?

### II.

א יודענע קומט נאָכדעם אריין צו איהם מיט א הילצערנעם לעפעל אין דער האנד.

— רבי זאָגט זיא, אַט דער לעפעל איז א מילכינער און איך האב שיער ניט אויסגעמישט מיט איהם א פליישיגען בארשט, איז שוין טרייף דער לעפיל צו ניין?

— אָבער האָסט נאָך ניט אויסגעמישט?

— ניין, איך האב נאָר געוואָלט דאס טאָהן און האב זיך **פערחאפט.**

— דאס ערשטע מאָל בין איך דיר מוחל—ענטפערט הערשיל—נאָר אז עס וועט זיך מיט דיר טרעפען נאָך א מאָל אזא מעשה, וועל איך שוין טרייף מאכען דעם לעפעל מיט דעם עססען.

— **ניין, ניין, רבינו! שרייט דאָס ווייבל, איך וועל שוין מעהר נים.**

**III.**

א פערפלאָמטער חסיד לויפט אריין אין שטוב און **שרייט:**

— **רבי!** גנעציל דער חקרן לאכט פון אונזער **רבין!**

— **טרייב** איהם ארוים! ענטפערט הערשיל.

— ער שטעהט דאָך אָבער אין דרויסען?

— נאָ, נעהם איהם אריין אין שטוב און טרייב **איהם ארוים.**

---

**36.**

**הערשיל לויבט אַ חתן.**

מען האט א מאָל זיך אָנגעפרעגט בייא הערשלין אויף א קארגען **חתן, וועל**-האט זיך געהייסען געבען זעהר פיעל נדן. האט הערשיל **געענטפערט: אז איהם** ומט **טאקע** א סך נדן איבער פיעל מעלות, א מאָהל האט א פערד נעקאָסט 20 רובל **קאָסט** היינט איבער הונדערט רובל, א הזיר וואס פלעגט קאָסטען 5 רוביל קאָסט היינט 20 רוביל און א בחור וואָס פלעגט נעהמען 200 גילדין נדן נעהמט היינט 2000 רוביל נדן, היינט אז ער איז א חזיר איינער אין דער מדינה און א פערד איז זיין גלייכען נימאָ און דערצו א חתן אויך, טאָ וויפיעל איז ער היינט ווערט צו נעהמען **נדן?**

—0—0—

**37.**

**הערשיל דערקענט מענשען.**

הערשיל געהט אין גאָס פערטראכט, פלוצים לויפט ער צו צו א **מענשען פון** דער גאָס שטופט איהם אריין דיא האנד און שרייט אוים מיט **שמחה:**

— א! וואס מאכט איהר ר' טאדרים? שוין א צייט אז איך האב אייך ניט געזעהן! איהר האט זיך אזוי פיעל איבערגעביטען אין דער צייט אז איך האב אייך קוים דערקענט.

— איהר האט א טעות, מיין ליעבער יוד, איך הייס נאר יאנקעל, ניט טאדרעס.

— אך!—וואונדערט זיך הערשיל ווייטער—וויא אזויא א מענש בייט זיך דאס איבער! אפילו דער נאמען אייערער האט זיך שוין אויך פערביטען.



## 38.

### הערשיל און חייקעל חקרן.

**חייקעל חקרן:** זאג מיר הערשיל, ווען בדומה, למשל, א שטיינער, עס זאל ווערען אזא מין שנוי (פארענדערונג) אין דער נאטור, אז דיא זון זאל אנהויבען שיינען בייא נאכט, וואס וואלסטו דערויף געזאגט?

**הערשיל:** איך וואלט געזאגט אז דאס איז דיא לבנע.

**חייקעל:** ווען מען זאל דיר אבער אויפקלערען אז דאס איז נאר דיא זון?

**הערשיל:** וואלט איך יענעם זאגען אז ער איז א ליגנער!

**חייעלק:** נאר מיך קענסט דוא דאך ניט פאר קיין ליגנער אף אז איך אליין זאל דיר זאגען אז דאס איז דיא זון, וואס וואלסטו מיר דערויף געענטפערט?

**הערשיל:** איך וואלט געענטפערט, אז דוא ביזט משוגע!



## 39.

### פארטזעטצונג.

הערשיל טרעפט א מאהל זיין חבר חייקלען וויא ער וואשט זיך מיט בראנפען דעם קאפ.

— וואס איז דאס פאר א שנעץ — פרעגט ער איהם — וואס מיט בראנפין וואשטו זיך דעם קאפ?

— איך האב דעקרלערט מיט מיין חקירה, ענטפערט חייקעל חקרן, אז דאס איז א סגולה דיא האר זאל וואקסען.

— עט, גלויב דאס נים! זאגט הערשיל, ווען דאס זאל טאקע אין אמת זיין, וואלט אין נארגעל בייא מיר שוין לאנג אויסגעוואקסען א בארד אויף עטליכע ארשין!

---

## 40.

### הערשיל דערצעהלט דיא וואונדער פון אויסלאנד.

ווען הערשיל איז א צייט ניט געוועזן אין אסטראפאליע און נאכדעם האט ע זיך ווידער בעוויזען, פרעגט מען איהם וואו איז ער דאס אזוי לאנג געוועזן?

— איך בין געוועזן עס ווייט אין אויסלאנד, אז אין לאָנדאָן.

— אזוי? אין לאָנדאָן ביזטו געוועזן? פרעגט איהם איבער חייקעל חקרן — זאָג זשע מיר, איך בעט דיך, עס איז אמת וואס מען דערצעהלט, אז אין לאָנדאָן איז שטענדיג טומאַנען?

— אָט הער אוים וואס מיט מיר האט זיך געטראָפען! ענטפערט הערשיל, שבת בייא טאָג געה איך מיר שפּאַצירען איבער דיא לאָנדאָנער גאַסען און מיר איז שטארק פינסטער אין דיא אויגען פון דיא טומאַנען, אז איך מוז טאַפּען דעם וועג. דערוייל דארף איך זיך אָבווישען דיא נאָז, נאָר פון גרויס פינסטערניש האב איך נישט געקאָנט טרעפען צו מיין אייגענער נאָז און האב אַ פרעמדען מענשען אָבגעווישט דעם שטערן.

## 41.

## הערשיל פאַר דעם טויט.

קיין מענש לעבט ניט אייביג, שטאַרבען מוז יעדער, אויף איטליכען קומט זיין צייט, און אויף אונזער הערשלען איז געקומען דיא צייט פון צו שטאַרבען.

ער ליגט אין בעט, וידוי האט ער שוין לאנג אָבגעזאָגט, יעצט וואַרט ער נאָר אויף דעם מלאך המות, ער זאָל ארויסנעהמען דעם חלף פון דער שייד און זאָל איהם קוילען. נעבען הערשלען זיצט דאס ווייב און וויינט. צו וויינט זיא דער פאַר וואס ער שטאַרבט אצונד, אָדער ווייל ער איז שוין לאנג ניט געשטאָרבען, וויים איך נים.

פלוצים רופט זיך הערשיל אָפּ צו דיא ווייב.

— מיין ליעב ווייב! טוה מיר מיין בקשה אין דער לעצטער מינוט פון מיין לעבען און וואש זיך ארום און פוטץ זיך אוים אין דיינע יום-טובדיגע קליידער.

דיא בקשה פון אַ גוסס איז הייליג בייא יעדען מענשען, דארום האט הערשילס ווייב ניט איבערגערעט דאס אנדערע וואָרט און האט תיקף ערפילט דעם מאַנס בקשה.

וויא הערשיל האט זיא דערזעהן שיין אויסגעפּוצט, נעהמט ער זיא אָן בייא דער האנד און רופט זיך וויא צו אימיצען אָפּ: „נוא זאָג מלאך המות! איז דען מיין ווייב נים שענער פון מיר? צו וואָס זשע דארפסטו מיך? נעהם בעסער איהר צו!....

## 42.

## הערשיל בייא אַ קאַרגען גביר.

הערשלען איז אַ מאָהל אויסגעקומען צו עסען שבת בייא אַ קאַרגען גביר, וועלכער האט נעמחט געהמען אַ אורח צו זיך פשוט פאַר בושה, ווייל דער גבאי פון שול איז אליין צוגעשטאַנען צו איהם. מען דער לאנגט פיש נעהמט דער גביר דאס קלענסטע פישיל און גיט עס הערשלען אויף אַ טעלער און אליין מיט זיין פאמיליע עסט ער דיא בעסטע פיש. הערשיל לייגט צו דעם אויער צום פישיל.

— אנטקעגען וואס טוהט איהר עס? פרעגט איהם דער גביר.

— איך הער זיך צו וואָס דאס פישיל זאָגט מיר, ענטפערט הערשיל.

— וואס זשע זאָגט עס אייך?

— עס דערצעהלט מיר, ענטפערט הערשיל, אז עס איז שוין זעהר לאנג פון דעם טייך.

דער גביר שמייכעלט צו און ניט שוין הערשלען א גרעסער שטיקל פיש.

מען דערלאנגט דיא יויך. דער גביר נעהמט זיך אראפ אין א טעלער דיא אויבערשטע יויך און זאגט דערבייא א פסוק: אדם קרוב לעצמו; נאכדעם נעהמט ער אראפ פון דער שיסעל פאר דעם ווייב און זאגט ווידער א פסוק: אהבתי את אשתי; נאכדעם ניסט ער אפ יויך פאר דיא קינדער און זאגט ווידער א פסוק: אהבתי את בני; אז אין שיסעל האט זיך אפגעשטעלט נאר א ביסעל אונטערשטע וואסער, ניט ער עס אוועק הערשלען און הייסט איהם אויך זאגען א פסוק. הערשיל שטעלט זיך אויף, נעהמט דיא שיסעל מיט ביידע הענד און זאגענדיג אין דער הויך דעם פסוק: וזרקתי עליכם מים טהורים ניסט ער זייא אלע אפ און אנטלויפט.



43.

הערשיל אסטראפאליער שרעקט איבער דעם רבין.

אין א ווינטערדיגע נאכט ווען אין קלויז איז שוין געוועזן אויסגעלאשען אללע ליכט איז הערשיל געשלאפען אויף דער באנק. דערווייל איז אהין אריינגעקומען דער רבי ר' ברוכ'ל. נאר אזוי וויא עס איז געוועזן פינסטער האט ער פונקט געטראפען צו הערשלען.—ווער איז דא? פרעגט דער רבי.—איך, הערשיל אסטראפאליער!—ענט־פערט הערשיל און געהט אוועק פון דער באנק צום באלעמער. דער רבי איז דערווייל צוגעקומען צום באלעמער און טרעפט ווידער גלייך צו הערשלען.

— ווער איז דא?—פרעגט ער ווייטער.—איך הערשיל אסטראפאליער—ענט־פערט הערשיל און טראגט זיך אפ צום עמוד. דער רבי געהט ווייטער אין דער פינסטער און קומט גלייך צו צום עמוד און שלאגט זיך ווידער אן אין הערשלען. און ווער איז דא? פרעגט ווייטער דער רבי. איך הערשיל אסטראפאליער בין עס, ענטפערט הערשיל ווייטער. דער רבי הויבט אויף ביידע הענד אין דער הויך און שרייט אויס פערוואונדערט: רבונו של עולם! עפעס א פולער קלויז מיט הערשיל אסטראפאליערס!

44.



הערשיל ווינטשעוועס.

הערשיל האט א מאהל צוגעווינטשעוועט א ארמען ישיבה־בחור אז גאט זאל איהם צו שיקען א כלה מיט דרייא מעלות, זיא זאל זיין שיין, רייך אונד משוגע.

צו וואס זשע ר' הערש זאל זיא גאר זיין משוגע? פרעגט איהם דער ישיבה־בחור.

שוטה איינער! ענטפערט איהם הערשיל, אז זיא וועט זיין שיין און רייך און יעט דיר נעהמען איז זיא דאך משוגע.

ע נ ד ע.

# צווייטער טהייל.

——OOO——

## 45.

איין מאָל אין דער פריא עס איז שוין געוועזן צייט חמץ צו פארברענען אונד דער רבי ר׳ ברוכ׳ל האָט זיך זעהר פארטראכט וועגען אָרעמע לייט וואס עס איז דאָ וויינינ מעות חיטים אונד דיא חסידים האָבען ניט געהאט דעם עזות צו זאָגען רבי עס איז שוין צייט צו דאוונען.

דערווייל איז אָנגעקומען דער גבאי ר׳ הערשיל האָבען זייא איהם דערצעהלט, אז דער רבי האָט זיך פאר דבקיט אונד האָט נאָך ניט גידאווינט אונד עס איז שוין אזוי שפעט.

האָט ער זייא געזאָגט, אז עס וועט זיין רעכט.

ער איז גלייך אריין צום רבין אונד זאָגט:

— רבי איך האָב איבערגעלייגט דעם קאסטען אונד האָב געפונען דיא כתובה פארחתמעט מיט זויער טייק, פרעג איך אייך צו מעג איך וואוינען מיט מיין וויב צו ניין. פילייכט ניט, האב איך קיין מלכה ניט אונד עס איז שוין אזוי שפעט, עס איז שוין צייט דאָס חמץ צו פארברענען אונד דאוונען געווים, דאמאָלסט האָט זיך דער רבי דערמאָנט.

ווען ניט הערשעלע ווער ווייסט צו וואס עס וואָלט געקומען.

## 46.

איין מאָל איז געקומען ערב פסח אונד ער האָט ניט געהאט אפילו על מזן סעודע אחת, פרעגען איהם אללע חסידים, ר׳ הערשעלע איהר האָט שוין אויף פסח, זאָגט ער איין האלבען פסח האָב איך שוין אין שטוב אונד דאָס איבערינע וועט גאָט באשערין.

זייא האָבען דאָך אָבער געוואוסט, אז ער איז א גרויסער קבצן איז דאָס בייא זייא געוועזן א וואונדער וואו האָט ער דאָס גענומען?

האָט ער זייא געענטפערט: עס זאָל אייך ניט זיין קיין וואונדער, וואָרום אין וואָס באשטעהט דער פסח, אויסראמען דעם חמץ אונד אריינגעהמען מצה, האָב איך שוין דעם חמץ לאַנג אויסגעראמט אונד מצה וועט גאָט באשערען.

## 74.

איין מאָל ערב פסח, איז הערשיל אוועק נעגאַנגען צו דער חברה קדישה אונד האָט אָנגעהויבען צו וויינען, אַז דיא ווייב איז איהם געשטאָרבען אונד ער האָט ניט אויף תכריכים.

דיא חברה קדישה האָט איהם געגעבען א פּאָר רוביל ער זאָל געהן נעהמען תכריכים אונד האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז שפּעטער מיט צווייא שעה וועלען זייא קומען איהר צו נעהמען.

ר׳ הערשיל האָט צו גענומען דיא פּאָר רוביל אונד איז געגאַנגען אונד האָט געקויפט מצות.

אין א פּאָר שעה ארום זיינען אָנגעקומען דיא חברה קדישה איהר צו נעהמען, זעהען זייא וויא זיא געהט ארום אונד שמירט אויס דיא שטוב אויף פסח.

פרעגען זייא: הערשיל, וואָס איז דאָס?

ענטפערט ער איך האָב דאָס נאָר גענומען האנד געלט בייא אייך אונד האָב פערביטען פון תכריכים אויף מצות, נאָר איך זאָג אייך צו אויף מיין וואָרט, אַז זיא איז אייערע אונד איך וועל זיא שוין אין ערגעץ ניט אוועק פיהרען, אויב איהר האָט נאָך א פּאָר גילדין, מעגט איהר נאָך געבען וועל איך אויף זיין אייערער, וואָרום א אָרעמאַן אונד א מת איז גלייך.

## 48.

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל איז אמאָל אוועק געגאַנגען אונד האָט זיך פערזאָמט. דערווייל זעהט הערשעלע דורך דעם פענצטער וויא א אידענע לויפט אונד שרייט פריהער נאָט אונד דערנאָך דער רבי וועט ראטעווען מיין קינד. ער האָט גיך גע־חאַפּט דעם רבינס שטריימעל מיט א חאלאַט אונד האָט זיך אָנגעטאָן אונד האָט גענומען א ספר אין דער האנד אונד האָט זיך אנידערגעזעצט! אויף דעם רבינס שטול.

דיא אידענע קומט אריין פאַרוויינט אונד שרייט רבי ראטעוועט מיין טאָכטער זיא געהט שוין צווייא טעג צו קינד.

הערשיל האָט זיא קיין סאַך ניט געלאָזט טענה׳ן ער האָט גענומען א קאָפּיקע פון קעשענע אונד זאָגט דאָס זאָלט איהר צולייגען אייער טאָכטער צום נאָפּיל וועט זיא באַלד מוליד זיין.

מיט א מאָג שפעטער קומט דיא אידענע אונד ברייננט דעם רבין א פּדיון א פּאַר הינער, ווייל זיא האָט געהאנדעלט מיט העגער אונד הינער.

דער רבי האָט געמאכט א שוויינ.

ווען דיא אידענע איז ארויס געגאנגען פרעגט דער רבי: הערשעלע, זאָג מיר דעם אמת, וואָס פאר א סגולה האָסטו געטאָהן צו דעם, זאָגט ער, איך האָב איהר נעגעבען א קאָפּיקע זיא זאָל דאָס צו לייגען צום נאָפּיל אונד נאָך א קאָפּיקע לויפט ־עדער אַרעמאַן, איז ער אויך געלאָפען נאָך דער קאָפּיקע.

## 49.

ווען ער איז נעגאנגען איבער דער וועלט, איז ער אמאָל געקומען אין א קרעטשמע, קאלט איז איהם געווען אונד הונגעריג איז ער אויך געווען אונד דער בעה״ב איז נים געווען אין דער היים, בעט ער עפּעס עסען.

זאָגט צו איהם דיא בעל הבית׳טע, גלויבט מיר, איך האָב אייך ניט וואָס צו געבען, ער האָט פארשטאנען אז מען האָט יאָ געקאָכט וועטשערע, בעט ער זיך בייא איהר זיא זאָל איהם חאָטשע לאָזען לייגען זיך שלאָפען אויף דעם אויווען, ווייל עס איז איהם זעהר קאלט.

דיא בעל הבית׳טע האָט איהם נעלאָזען, ווייל זיא האָט געזעהן, אז דא וועט זיך פון איהם ניט אָפּטשעפּען, גם האָט זיא געוואָלט אז ער זאָל גיך אנטשלאָפען ווערען.

אז ער איז געווען אויף דעם אויווען האָט איהם פארשמעקט, גלייך וויא ער וואָלט געטראָפען אז אינעווייניג שטעהט א טאָפּ מיט קרעפּליך.

— זאָגט ער, איך בעט אייך וואָס איז דאָס דער אויווען אזוי הייס אפּנים אז איהר האָט עפּעס געמוזט קאָכען.

דיא בעל הבית׳טע שווערט זיא אויף איהרע נאמנות, אז זיא האָט גאָר ניט געקאָכט, נאָר זיא וואשט גרעט, האָט זיא אריין געשטעלט אין אויווען עס זאָל זיך אויספארען, פון א סימן ווענען האָט זיא זיך קלוימפּערשט געלייגט שלאָפען מיט דיא קינדער אונד האָט פארלאָשען דעם לאָמפּ אונד האָט צו געמאכט דיא ספּאַלנע.

ער איז אראָפּ פון דעם אויווען אונד האָט ארויס גענומען דעם טאָפּ מיט קרעפּליך האָט איהם אויס געליידיגט אונד האָט אויס געטהאָן זיינע א פּאָר שווארצע גאטקעס אונד האָט אריינגעלייגט אין טאָפּ אום ניט צו דערקענען, האָט ער פון אויבען אנידער געלייגט פינף קרעפּליך אונד האָט צו געמאכט דעם אויווען גלייך וויא עס וואָלט גאָר ניט געווען.

דערווייל איז געקומען דער בעל הבית פון דעם פריץ וואס ער האלט פון איהם דיא ארענדע, אונד קלאפט אן אין טהיר.

זיא איז ניך געלאפען אונד האט איהם געעפענט, אונד זאגט צו איהם, מאך נים קיין קולות עפעס איין ארעמאן א שלעפער האט זיך איינגעבעטען שלאפען אויף דעם אויווען.

זאגט דער מאן, אלעס איז רעכט עס איז שון שפעט, גיב מיר עפעס עסען אונד איך וועל זיך לייגען אפרוהען.

זיא האט איהם געגרייט צום טיש אונד טראגט אריין דעם טעפיל מיט דיא קרעפלעך אונד קעהרט דאס איבער אין שיסעל, איז אריין געפאלען א פאר גאטקעס אין שיסעל.

— וואס קען דאס זיין? האט דער מאן אנגעהויבען צו שרייען.

אללע זיינען גלייך אויפגעשטאנען, הערשיל איז אויך אראפ זעהן וואס דאס איז, אין דעם האט ער דערקענט, אז דאס זיינען זיינע גאטקעס. פרעגט מען איהם, צו וואס האט איהר דאס געטאהן?

— זאגט ער, איך וויים דיא בעל הבית׳טע האט געזאגט, אז זיא וואשט גרעט וויל איך, אז זאל מיינע גאטקעס אויך אויסוואשען, זיא זאל נאך זיין א גוטע וואלט איך איהר געגעבען איין העמד אויך אוים צו וואשען.

אויף מארגען זיינען אנגעקומען א סך מענשען אונד האבען דערקענט הער־שעלען, פרעגען זייא איהם: וואס טהוט איהר דא? האט ער דערצעהלט אלעמען דיא מעשה, אללע האבען שטארק געלאכט אונד חוזק געמאכט.

## 50.

איין מאל זאגט צו איהם איין עושר הערשיל זאג מיר א ליגען נים געטראכט, גיב איך דיר א רוביל. זאגט הערשיל איהר האט דאך געזאגט, אז איהר גים מיר צוויא רוביל.

## 51.

איין מאל איז ער אריין אין א געוועלב אונד הייסט מען זאל איהם אפרייסען ריפס אויף א קאפאטע, ער חאפט דעם ריפס אונד לויפט אוועק, מען יאגט איהם נאך אונד ער לויפט, ביז ער איז געקומען צווישען א סך בעקאנטע, פרעגט מען איהם ר׳ הערשעל, וואס האט איהר דאס געטאהן? זאגט ער, איהר זעהט דאך, איך

גּעה נאַקעט אונד וואָס מען רייסט ניט אָפּ מיט געוואַלד דאָס האָט מען ניט.

דיא מענשען האָבען געמאַכט צווישען זיך אַ נדבה אונד האָבען באַצאָהלט פאַר'ן ריפּס.

## 52.

איין מאָל זיינען בייא נאַכט אריין גנבים צו איהם אין שטוב זייא זוכען אויף דער ערד, זייא טאַפּען אויף דיא וועגט טאָמער הענגען מלבושים אָדער לייכטער, עס איז אָבער גאָר ניט צו געפינען.

זיין ווייב האָט דאָס דערהערט, וועקט זיא איהם שטילערהייט. הערשיל, דוא הערסט גנבים זיינען דאָ. זאָגט הערשיל שוויינ שטיל, אויף מיר פלאַמט דער פּנים זייא האָבען געבעך ניט וואָס צו נעהמען אונד דוא שרייסט נאָך אונד עס האַרט דיך גאָר ניט.

## 53.

איין מאָל איז ער געקומען לבארדיטשעב האָט ער געהערט, אַז אַ גרויסער גביר מאַכט אַ חתונה אַ זוהן, קיין זיטאָמאָר זיינען מיט איהם מיטגעפאָהרען אַ סך נגידים. הערשיל איז געקומען אונד בעט זיך אויך פאָהרען אויף דער חתונה, ווייל עס זיינען דאָרטען געוועזען אַ סך נגידים וואָס האָבען געקענט הערשלען פאַר אַ פריי־ליכען מענשען, נאָר דער מחותן האָט בשום אופ'ן ניט געוואָלט איהם מיטנעהמען, טראַכט ער בייא זיך איך דאַרף עפּעס מאַכען, אַז דער מחותן זאָל מיך האָבען צו געדענקען, איך הייס דאָך עפּעס הערשעלע פון עסטראָפּאָליע.

דיא מחותנים זיינען אוועק געפאָהרען אונד ער האָט זיך געלאָזט געהן מיט דיא דערפער אויף דעם וועג וויא מען געהט נאָך זיטאָמיר. דער ווייל איז ער גע־קומען אין אַ דאָרף צו אַ איד אַ שניידער, דער שניידער איז ניט געוועזען אין דער היים. אַז ער איז אריין אין שטוב האָט ער געטראָפען דעם שניידערס ווייב זיטצט אונד וויינט, בייא איהר איז לא עלינו אַ קינד געשטאָרבען אונד זיא ווייס ניט וואָס צו טאָהן מיט דעם אונד קען זיך קיין עצה ניט געבען.

זאָגט הערשיל צו איהר, איך וועל אייך איין עצה געבען, איהר ניט מיר דאָס קינד, דאָ ניט וויט איז דאָ אַ שטעדטיל קאָטניע אונד איך וועל דאָס דאָרטען אוועק טראָגען וועט מען דעם קינד מקבר זיין כדת משה וישראל.

זייא האָט איהם געדאַנקט אונד געגעבען אויף הוצאות.

ער איז געקומען אין א דאָרף וואָס דאָרט געהט דער וועג פון זיטאָמיר קיין סאַטאַניע אין דעם דאָרף האָט ער געוואוסט, אז זייא מוזען דורכפאָהרען, ווייל ער האָט געהערט אויפ'ן וועג אז זייא זיינען שוין ארויסגעפאָהרען פון זיטאָמער.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א קרעטשמע ווארטען ביז זייא וועלען דורכ־פאָהרען.

אין א קליינער צייט ארום זעהט ער וויא זייא פאָהרען, ער איז ארויס אנט־קעגנען זייא אונד געהט צו גלייך צום מחותן אונד בעט זיך בייא איהם ער זאָל איהם מיטנעהמען זיין קלומיקיל אונטער פיהרען קיין בארדיטשעב.

דער מחותן האָט שוין ניט געוואָלט זיין אזוי שלעכט אָפּזאָגען איהם אזא קלייניגקייט, נאָר דאָס איינע בעט איך פון אייך זאָגט הערשעלע מען זאָל זיך ניט זעטצען אויף דעם קלומיקיל וואָרום איך בין געוועזן דאָ ניט ווייט אויף א חתונה האָט מען מיר געגעבען צווייא עופות געבראָטענע מיט א סך לעקאָך, פיהר איך דאָס מיין ווייב א מתנה.

דער מחותן האָט דאָס איהם צו געזאָגט אונד זייא זיינען אוועקגעפאָהרען. געוואוסט האָט ער, אז זייא דארפען זיך שטעלען אין באָדניע פאַסען דיא פערד. ער האָט גיחאַפּט א פוריל אונד איז אויף אָנגעקומען קיין באָדניע אונד האָט געזעהן וויא זייערע פוהרען שטעהען אין דרויסען אונד דיא פערד פאַסען זיך. אלע קלומקעס האָט מען אריינגענומען אונד מען פרעגט עפּעס עסען.

זאָגט דיא בעל הבית'טע זיא וועט ערשט צו שטעלען קאָכען. זייא האָבען גע־נומען צו ביסלעך בראַנפין אונד צו פארבייסען איז ניט געוועזן וואָס, איז געבליבען בייא אלעמען א הסכם מען זאָל געהן צו הערשעל'ס קלומיקיל, מען זאָל איהם אָן...

מען עפענט דאָס קלומיקיל, מען האָט אויפגעוויקעלט, אויף דעם אָרט וואָס זייא האָבען גערעכענט צו געפינען צווייא עופות געבראָטענע, האָבען זייא געפונען א טויט קינד.

זייא זיינען אלע שטארק דערשראָקען געוואָרען אונד האָבען מורא געהאַט פאַר א בילביל, האָבען זייא געשיקט דעם משרת ער זאָל רופען חברה קדישה מען זאָל צו נעהמען דאָס קינד.

הערשעלע האָט דאָס אָבער פריהער באוואָרענט אונד איז געקומען צו חברה קדישה אונד האָט זייא געזאָגט, איהר זאָלט וויסען, אז דאָ פאָהרען גרויסע גבירים פון א חתונה אונד זייא פיהרען מיט א טויט קינד, עס איז א סברה, אז עס איז א ממזר, טאָמער וועט מען קומען צו אייך, זאָלט איהר וויסען וואָס איהר האָט צו טאָהן. בקיצור דיא מעשה איז אזוי געוועזן: דיא חברה קדישה האָבען גענומען

צווייא הונדערט רוביל אונד האָבען מקבר געווען דאָס קינד אונד דיא מחותנים זיינען זיך אוועק געפאָהרען.

אז הערשיל איז געקומען אין בארדיטשעב האָט ער פאר אלעמען דערצעהלט דיא מעשה אונד האָט געזאָגט, אז מען וויל ניט געבען יעקב'ן מוז מען געבען עשו'ן.

## 56.

איין מאָל איז געקומען צו איהם א בעל חוב וואָס ער האָט געליהען בייא איהם מזומן געלד פופציג רוביל, ווען ער האָט געדארפט א קינד חתונה מאכען אונד האָט איהם ניט געהאט אָפּ צו געבען, זאָגט ער צום בעל הוב:

ווען דוא גיסט מיר נאָך צווייא רוביל האָב איך א פּלאַן וואָס איך קען דיר דעם חוב אָפּגעבען אונד מיר זאָל נאָך אויך עפּעס בלייבען.

האָט ער איהם געגעבען צווייא רוביל, ווייל ער האָט געוואָלט זעהן וואָס פאר א פּלאַן ער האָט אונד ער האָט איהם געשוואָרען, אז ער וועט זייא אין קעשענע ניט אריין לייגען.

הכלל לאָם איך שוין זעהן זאָגט דער בעל חוב וואָס דוא וועסט טהאָן מיט דיא צווייא רוביל?

זאָגט ער צו איהם קום מיט מיר.

ער איז מיט איהם געגאנגען אויף דעם מארק טאָרג אונד האָט געקויפט פינף הינער. זעהסטו דיא פינף הינער וועלען לייגען אייער, יעדער הון צו דרייסיג, בס"ה הונדערט פופציג אייער, דיא הינער וועל איך איבערזעטצען אויף דיא אייער וועלען זייא אויספיהרען הינדלעך, אזוי לאנג וועט עס געהן ביז איך וועל אויסהאָדעווען א סך הינער, וועל איך פארקויפען דיא הינער אונד וועל דיר באצאָהלען דיין חוב. דער בעל חוב האָט אָנגעהויבען שטאָרק צו לאכען.

זאָגט הערשעלע, איאָ דוא לאכסט שוין ווייל איך האָב דיר שוין געסיליקט, וואָס וועלען טהאָן דיא איבעריגע בעלי חובות?

## 57.

### פון ראש חודש אויף יו"ט.

איין מאָל פאָהרט ער מיט חסידים אויף א חתונה זייא זיינען געקומען אין א קרעטשמע זעהר פריילין אונד האָבען געמאכט א מנין אונד האָבען געשטעלט

**הערשעלען פאר א בעל תפלה.** עס איז געקומען אין דער הויכער שמונה עשרה נאך רצה האבען זייא נענעבען א קלאפ אין טיש ער זאל זאגען יעלה ויבא געוואוסט האט ער אז היינט איז ערב ראש חודש, נאר פילייכט האט ער א טעות, אז אלע שרייען ראש חודש האט ער געזאגט יעלה ויבא. נאך דעם האט ער געוואלט זאגען „הלל" האבען זייא איהם ניט געלאזען, זייא האבען זיך זעהר צו לאכט פון איהם, איז געבליבען, אז נאך דעם דאווענען זאל ער געבען תיקון.

ער טראכט עס וועט אייך טייערער קאסטען, איך הייס דאך עפעס הערשיל.

זייא זיינען אוועקגעפאהרען אונד זיינען געקומען זייגער צווייא נאך האלבען טאג צו א קרעטשמע, זאגט דער בעל עגלה, מען דארף געבען דיא פערד א פאפאס. הערשיל האט דערקלערט א פלאן, וויא אזוי מען זאל זייא אן לערנען אונד זאגט: איהר ווייסט? אז אין דער קרעטשמע טאר איך מיך ניט שטעלען, איך בין דא שולדיג א גמילת חסד אונד האב ניט אפצוגעבען.

זאגען זייא ווייסט איהר וואס, געהט איהר זיך דורך אביסיל אונד מיר וועלען אייך אניאגען.

ער איז אוועק געגאנגען ווייטער פון זייא מיט עטליכע ווארסט, געוואוסט האט ער, אז דער בעל עגלה בעריל שטעלט זיך תמיד אין דער קרעטשמע אפפאסען דיא פערד, ער האט זיך אנגעטאן דיא שבתדיקע קאפאטע אונד נאך עפעס אונד נעהט אריין פרעהליך אונד פרעגט:

ר' זיידיל איז דא?

זאגט דיא בעל הבית'טע ער איז דא.

זאגט הערשיל, איהר זאלט וויסען, אז ר' בער דער בעל עגלה פאהרט מיט זיעבען פארשוינען, אללע נגידים אויף א חתונה, ווילען זייא בייא אייך נעכטיגען, נאר בזה האופן האבען זייא מיך געשיקט פאראויס, אז איהר זאלט אנגרייטען גוטע פיש מיט גוטע פליישען אונד גיבראטינס מיט א גלעזעל וויין, אז עס זאל זיין אלעס כיד המלך אונד וועגען געלד וועט מען זיך מיט אייך ניט דינגען, נאר געזאגט אונד געטאהן, ווייל עס איז שוין נאכט אונד זייא ווילען פארברייננען דיא גאנצע נאכט פרייליך, ווייל מיט צווייא טעג פריהער זיינען זייא בעפאלען געווארען פון גזלנים אונד זייא זיינען ניצל געווארען דארום מאכען זייא א סעודה אונד זייא ווייסען, אז בייא אייך קריגט מען אלעס.

דער בעל הבית האט זיך געשטעלט קאכען אונד דיא בעל הבית'טע מיט הערשעלען האבען גענומען צו קלייבען אין שטוב, גלייך וויא מחותנים דארפען קר־טען. הערשעלע האט געהייסען אנציגדען אין אללע לייכטער ליכט אונד גענריים

צום טיש מיט בולקעס אונד בראנפין אונד אליין איז ער אוועק אנטקעגנען דיא אורחים.

זייא האבען איהם געפרעגט נאך וואס זייט איהר אונז געגאנגען אנטקעגנען? דערצעהלט ער זייא א גאנצע מעשה, אז ר׳ זיידיל מאכט א סעודה, מען הולעט שוין פון דרייא טעג אונד ווער עס פאהרט דורך לאזט ער ניט אוועק אונד מען גיט עסען אונד טרינקען אונד ער נעהמט ניט א גראשין, אז איך בין אנגעקומען אין קרעטשמע זיינען אוועקגעפאהרען א בויד מיט פארשוינען אונד מען האט בייא זייא א קאפיקע ניט גענומען ניט פאר עסען אונד ניט פאר טרינקען. איהר וואלט זעהן וויא אין שטוב איז צוגעקליבען אונד דער טיש איז געגרייט פאר יעדען.

דערווייל זיינען זייא צוגעפאהרען צו דער קרעטשמע אונד זעהען עס איז אמת, זיינען זייא אריין אונד האבען זיך געזעטצט אללע צום טיש אונד מען האט נאר ניט געמאכט קיין טענות אונד מען האט גענומען קערען דיא כוסות.

דער בעל הביתהאט זייא געהייסען זיך געהן וואשען אונד מען האט דערלאנגט צום טיש פון אלעם בעסטען עסען אונד טרינקען אונד פרעגט אללע מאל דיא אורחים אויב זייא זיינען צופריעדען פון דעם וויין, ווייל ער האט אין קעלער נאך בעסערע.

מען האט דערלאגט גוטען ווישניק אונד מען איז געווארען פריילין ביז שפעט אין דער נאכט, ביז דער בעל עגלה איז געקומען אונד זאגט: איהר ווייסט עס איז שוין שפעט אונד מיר האבען נאך א סך צו פאהרען.

וויא הערשיל האט דער הערט פאהרען, האט ער געמאכט א ויברח.

זייא זיטצען שוין אללע אויפ׳ן פוהר, דערלאנגט זייא דער בעל הבית א חשבון, עס קומט פופציג רוביל.

עס איז געווארען א געשרייא, וואו איז הערשיל, שרייא היינט מארגען הערשיל איז ניטא.

זאגט דער בעל הבית אז איהר האט זיך געוואלט מאכען פריילין ווער איז אייך שולדיג?

זאגען זייא, איהר מאכט דאך א סעודה, ווייל איהר זייט ניצול געווארען פון גזלנים, לסוף ווילט איהר געלד? מיר זאלען ווסען, וואלטען מיר זיך גאר ניט גע־שטעלט. קוים זיינען זייא געוואהר געווארען, אז זייא האבען זיךביידע גענארט אונד שולדיג איז אין דעם הערשיל, האבען זייא באצאהלט אונד זיינען אוועק געפאהרען אונד זאגען אזוי: ווען מיר קריגען הערשלען, וועללען מיר איהם צו רייסען אויף שטיקער.

הערשיל איז נעקומען אין דער אנדער קרעטשמע ווייטער מיט עטליכע וויארסט אונד נעהט אריין אונד געהט צו צום אויבין אונד וויל זיך לייגען שלאָפען. אויף דעם אויבען האָט געשלאָפען דיא שיינקערין א אלטע גויע וואס דער בעל הבית האט איהר געהאלטען צום שענק.

זאָגט הערשיל צו איהר זאי אזוי גוט אונד לאָז מיך אויף דעם אויבין זיך אָן ווארעמען. אונד דוא געה לייג זיך אויף דעם טיש, איך גיב דיר פאר דאָס צעהן קאָפּיקעס אונד מיין פלאשץ גיב איך דיר אויך צו צודעקען זיך.

דיא מחותנים זיינען געקומען צו דער קרעטשמע, אויף דעם אויפ'ן זייא זאָל־לען זעהן, פיליכבט איז דאָ הערשיל, גלייך וויא זייא זיינען אריין נעקומען, האָבע; זייא נענעבען א געשרייא, אָט ליגט ער אויפ'ן טיש.

זייא האָבען געחאפּט איינער פאר דיא הענד אונד איינער פאר דיא פיס אונד א דריטער האָט אויפגעהויבען דעם פלאשץ אונד אללע האָבען זיך גענומען צום שמייסען.

דיא שענקערין שרייט שמאָ וויא מייעטע דאָ מניע ?

זאָגט איינער דוא הערסט שמיליק, ער מאכט זיך כלומרשט, אז דאָס איז ניט ער אונד רעדט רוסיש, אונד דאָ דערווייל פאטשט מען מיט דיא פאנטאָפיל אונד מיט דיא הענד, מיט וואָס מען קען.

דער שענקער האט זיך אויף נעחאפּט, עס איז נעוואָרען אזא געשרייא אונד האָט זייא נעגעבען צו פארשטעהן, אז זייא שמייסען איהר אומזיסט.

רופט זיך אָפּ הערשעלע פון דעם אויבין, פאר וואָס אומזיסט ? איך האָב איהר פריהער באצאָהלט צעהן קאפּיקעס, גיט איהר א צווייא שמיץ פון מיינעט וועגען אויך.

זייא האָבען דערהערט הערשיל'ס קול, האָבען זייא אָנגעהויבען צו שרייען: איבער דיר, אלעס איבער דיר, האָבען מיר נעמוזט באצאָהלען פופציג רועיל זיידלען אין יענער קרעטשמע.

זאָגט הערשעלע, אז איהר האָט מיר געמאכט א ראש חודש האָב איך אייך נעמאכט א יום טוב.

## 58.

איין מאָל האָט ער זיך נעלאָזט נעהן קיין באלטימאָרע אויף דעם יריד. גייענ־דיג מיט'ן וועג זאָגט ער צו זיך, איך בין דאָך שטענדיג א מזל'דינער, מיט א פוהר

האב איך קיין מאָל קיין דאגה, ווען איך געה פאָרט מען מיר אנטקעגען, אפשר וועל איך מיר דעם האלבען רוביל איינברייננגען.

וויא ער איז געקומען אין באַלטאָ, האָט ער אָנגעהויבען צו זוכען דעם האלבען רוביל אין קעשענע, אזוי וויא ער נעהט, זעהט ער אין גאס שטעהען א סך מענשען אונד מען רעדט, רופט איהם צו א בעקאַנטער אונד זאָגט אזוי, איהר קריגט פינף אונד צוואנציג רוביל, נאָר אויף דעם אויפ׳ן איהר זאָלט דאָ מיט איינעם לערנען בלק נאָר מיט שכל.

דיא מענשען האָבען געוואוסט, אז הערשעל קען אזעלכע זאכען, האָבען זייא איהם גענומען אָן אַ זייט אונד האבען איהם דערצעהלט וואָס דאָ איז פאר א מעשה. עס איז געקומען איינער פון סטאמביל אונד האָט מיט געבראכט א סך סחורה אונד מאכט אונז קאַליע דעם יריד מיט זיינע מקחים, עס איז געקומען אז מיר מוזען פארשליסען אונזערע געוועלבען, איבערהויפט האָט ער פינף מינים צו א סך פון א מין.

זאָגט הערשיל עס וועט רעכט זיין, נאָר איהר מוזט מיר געבען הונדערט רוביל אין קעשענע מיט שיינע מלבושים איך זאָל מיך האָבען מיט עפּעס אָן צו טאָהן אונד דיא הונדערט רוביל דארף איך האָבען אויף האנד געלד אונד זייא וועלען ח״ו ניט פארפאלען ווערען.

דיא אללע סוחרים זיינען בעשטאַנען אויף דעם, מען האָט איהם אללעס גע־געבען וואָס ער האָט בעדארפט, צום ערשטען האָט ער זיך ארום געוואשען אונד אָן געטאָהן געפּוצטע שטיוויל אונד מיט א שעהנעם זאָנטעק אין איין האנד אונד אין דער אנדער האנד א שעהנע לולקע ציבוך מיט גוטען טאבאק, אז ווער עס האָט אויף איהם א קוק געטאָהן, האָט געמיינט, אז ער איז דער גרעסטער סוחר.

ער איז אוועקגעגאַנגען צום סוחר אין געוועלב אריין, דאָס איז געווען זאָנטאָג עם פינף אונד צוואנציגסטען מאי, ווען דער יריד הייבט זיך אָן.

געוואוסט האָט ער, אז דער סוחר רעדט, היקעט ער צו, אז ער איז אריינגע־גאנגען אין געוועלב, איז ער צו געגאַנגען צו א משרת אונד פרעגט איהם ווע... ווע... ווער אי.... איז דע.... דע.... דער בע.... בע... בע... בעל הבית, ווייזט איהם דער משרת אויף דעם בעל הבית.

דער בעל הבית גיט איהם שלום אונד פרעגט דעם בעל הבית אי.... אי.... איהם האָט פון מא... מא... מיינעט ווענגען סחו... סחו... סחורה.

זאָגט דער בעל הבית אי.. אי.. איך האָב ני.. ני.. ניבראכט סחו... סחו...

סהורה א סך, אי... אי... אין קעסקע.. קענט קוי.. קרי.. קויפען נא... נא... נאר וואַ... וואַ... וואַלט.

זאָגט הערשעלע, אי... אי... איבערהויפּט דאַ... דאַ... דאַרף איך האַ... האַ.. האבען פּי... פּי... פינעף מי... מי... מינים או... או... אונד דאָס זיי... זיי... זיינען זייא פּעו... פּעו... פּעפער אונד ני... ני... ני... נים אונד רי... רי... רי... רייז, ראַ... ראַ... ראָזינקעס, פּאַ... פּאַ... פּאַ... פּאַנין.

ער האָט בייא איהם אויסגעדונגען איין מין רייז אונד האָט איהם באַצאָהלט, ווייל ער האָט געזעהן, אז מעהר וויא פּאַר הונדערט רוביל וועט ער קיין רייז נים האבען, איבער דעם האט ער דאָס בייא איהם אוועק געהאנדעלט אין גאנצען. גערעכענט האָט הערשעל, אז אפילו נאָך דעם יריד איז דאָס אויך א סחורה האָט ער געהייסען מען זאָל פּאַרפּאַקען דיא סחורה אונד אָפּווטנען אונד האָט איהם באַ צאָהלט וויא פיעל עס איז איהם געקומען.

אָבער ביז וואנען דיא צווייא לייט האָבען זיך אויסגעדונגען אונד צו רעכענט אונד צו צאהלט איז אוועק געגאַנגען דער גאנצער טאָג, אז צוליעב הערשלען האָט מען שוין נים אין זינען געהאָט קיין שום סוחר אונד געזעהען האָבען אלע משרתים לויט וויא דער סוחר שטעלט זיך קויפען, דאַרפען זייא נים האָבען קיין אנדערן סוחר וואָרום ער וויל צו נעהמען דיא אַללע מינים צו סאַבען. עס איז אפילו נמאס געוואָרען ווארטענדיג וויא דיא צווייא סוחרים רעדען, ווייל ביז וואנען דער בעל הבית האָט עפּעס אוים גערעדט אונד דער סוחר האָט עפּעס אוים גערעדט איז אוועק געגאַנגען א צייט, נאָר זייא האָבען זיך מישב געווען, אז פּאַר דעם בעה״ב איז רעכט איז פּאַר זייא אויך רעכט אונד דער סוחר האָט מיט קיינעם נים געוואָלט ריידען, נאָר מיט דעם בעה״ב אליין.

בייא נאַכט האָבען ביידע סוחרים גענעבען וויין אונד האָבען געטרונקען כיד המלך אונד דיא משרתים זיינען אויך געווען אונד האָט צוגעזאָגט אז אין דער פריא וועט ער קומען אונד וועט געבען צו לייזען א סך געלד עטליכע טויזענד רוביל.

אויף מאָרגען ווער עס איז געקומען קויפען אביסיל סחורה האָט מען קיינעם נים געענטפערט, זייא האָבען זיך גערעכענט, וואָס טויג זייא האָבען צו טהאָן מיט א סך קונים.

אויף מאָרגען איז הערשיל געקומען מיט א גרויסען אונד א לאַנגען גוט מאָרטען, דער גוט מאָרגען האָט געדויערט א גאנצע שעה ווייל ער האָט זיך אויף דעם אנ־ דערען טאָג מעהר פאַרהיקעט וויא דעם ערשטען טאָג אונד האָט זיך געהייסען ווייזען

דיא אַללע מינים סחורות אונד האָט זיך בייא יערען מין נוט געדונגען אונד האָט געזעהן אנידער צו שטעלען אין צעטיל כמעט אין גאנצען פון דעם מין, ביז וואנען ער האָט אויסגעדונגען אַללע מינים אונד איבער געוואויגען אונד איבערגערעכענט איז אוועק געגאנגען דער גאנצער טאָג.

דער בעל הבית מיט דיא משרתים זיינען געבליבען אָן כוחות מיט איהם ריי־דענדיג, נאָר בייא דעם בעה"ב איז געוועזן אלעס רעכט, ווייל ער האָט געהאט א סוחר אויף דיא גאנצע סחורה אונד בעטראָפען האָט דאָס שעהנע עטליכע טויזענד רוביל. נאָך אזא געשעפט האָט בעל הבית געשיקט אונד מען האָט געבראַכט אביסיל משקה מיט פארבייסען אונד קיין זאך איז ניט געוועזן צו טהייער, ביז עס איז נאכט געוואָרען.

יעדערער איז זיך געגאנגען אויף זיין קוואטיר שלאָפען, מיט דעם בעדינגונג אז מאָרגען זאָל מען איהם זעהן עקספעדירען, ווייל ער האָט קיין צייט ניט אונד מען האָט זיך געזאָגט א גוטע נאכט.

דער בעל הבית איז געוועזן צופריעדען, ווייל ער האָט גערעכענט, אז אויף מאָרגען זעהט ער זיך מיט דער מטבע אונד וועט זיך זעהן מאכען פארטיג צו פאָה־רען א היים.

עס איז געקומען אויף'ן דריטען טאָג זיינען ווייטער געקומען סוחרים אונד ווילען קויפען פון דיא מינים אונד מען ענטפערט זייא גאָר ניט, זייא זאָגען, אז מיר וועלען אייך צאָהלען טהייערער, ווייל מיר ווילען שוין אוועקפאָהרען, זאָגט דער בעל הבית, אז ער האָט איין מאָל פארקויפט דיא גאנצע סחורה זיינע, זיינען זייא גע־גאנגען צו יענע סוחרים אונד האָבען געצאָהלט פיעל מען האָט בייא זייא געבעטען.

דיא סוחרים האָבען געוואוסט, אז דאָס וואקסט פון הערשלען אונד האָבען דער ווייל אָנגעלייזט פאר זייער סחורה.

צעהן א זייגער אין דער פריא הערשיל איז שוין דאָ אין געוועלב אונד הייסט פאקען, מען האָט אָנגעהויבען צו פאקען איי דאָס אוועק געגאנגען ביז פאר נאכט, מען האָט געהייסען שיקען א משרת, ער זאָל בריינגען פוהרען אונד מען זאָל אָפ־פיהרען דיא סחורה צום באַהן.

דער בעל הבית האָט געמיינט, אז אָט נעהמט ער ארויס געלד אונד באצאָהלט דיא פוהרען שטעהען אונד ווארטען נאָר ארויף צו לייגען אויפ'ן וואָגען דיא סחורה.

דער בעל הבית האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען אונד זאָגט:

ר... ר... רב ק... ק... קרוב, געלד.

זאגט הערשיל דא.. דא.. דאס וועטגיי.. ג.. גיין או.. או.. אויף אנא
אנא.. אנאכנאמע.

זאגט דער בעה"ב צו איהם גי.. גי..גיט מי.. מיר נא.. נאך עפע..עפעס האנ
האנד גע.. גע.. געלד.

זאגט הערשיל, אז מע.. מע.. מעהרקיי... קי. קיין געלד הא.. האב אי.. אי
ניט, נא.. נאר דיא ריי.. רייז ווע.. וועטזיין האנ.. האנד גע.. געלד

דער סוחר האט זיך בעטראכט, אזדאס איז א שלעכטער עוסק, ווייל די
סחורה בעטרעפט ביז דריי טויזענד רובעלאון האבען האט ער אויף דעם הונדער
רובעל אט דיא רייז וואס ער האט גע־קויפט און דא שטעהען דיא בעלי עגלו
און שרייען זיי האבען קיין צייט ניט צושטעהען עס איז ביי זיי א יריד.

דער בעל הבית שרייט, ער האטאיהם געשמערט פון יריד.

הערשיל שרייט, וואס האט איהר צומיר? ביז זיי האבען זיך גוט צוקריג
און הערשעלע זאגט צום בעה"ב אי.. אי..איהר זיי.. זיינט א פא.. פא.. פארך, אי
וויל איי.. איי.. אייך ניט קע.. קע.. קענען,מי.. מי.. מיט איי.. איי.. אייער סחו
סחו.. סחורה, ווי.. ווייל ווא.. ווא.. וואכאי.. אי.. איך ריי.. ריי.. רייד קע.. קערווי
אי.. אי.. איהר מי.. מי.. מיר נא.. נאך.

עס איז געווארען א געשריי ביז ווא־נען א סך מענשען זיינען זיך צונויף גע
לאפען און האבען אויסגעהערט ביידענסטענות

דער בעה"ב שרייט, פאר וואס ער גיטאיהם קיין געלד ניט.

דער קונה שרייט, ער וויל איהם ניטקענען דערפאר, אז וואס ער רעדט קרימ
מען איהם נאך.

דיא מענשען האבען זיך גוט אויס־געלאכט און האבען געגעבען איין עצה
אז מארגען מוזען זיי געהן צו א דיןתורה.

אויף מארגען זיינען זיי געגאנגען צוא דין תורה און מען איז זיי נאכגעלאפט
אויפן וואונדער, ערשטענס, עס איז גע־ווען שעהן צו הערען וויא דיא צוויי הא
בען זיך געקריגט און צווייטענס איז יע־דען געפעלען דער מסחר, אזא אזא מעש
זאל פארקומען ביי א דין תורה.

דער רב האט געזעהען, אז ער ועטמיט זיי ניט קומען צו א טאלק, האט מע
געמאכט פשרה, אז דיא רייז דארף דערבעל הבית אפגעבען און דיא איבריג
סחוריה מעג ער פערקויפען ווען ערוויל.

אזוי איז געבליעבען. הערשיל האטצוגענומען דיא רייז און איז זיך או

אויף זיין קוואטיר, דאס הייסט צו דעם סוחר וואס ער האט איהם .ענעבעגעג די הונדערט רוביל.

די סוחרים האבען ארויסגענומען פינף אונד צוואנציג רוביל אונד האבען איהם באצאהלט אונד ער האט זייא אפגעגעבען אלע זייערע חפצים אונד האט זיך אנגעטאהן צוריג זיינע מלבושים אונד איז נעגאנגען זעהן וויא זיינע סוחרים האבען אפגעקויפט דיא אלע סחורות בייא דעם סטאמבילער פאר העלפט געלד, ווייל עס איז שוין געווען נאך דעם יריד אונד ער האט שוין ניט געהאט קיין אנדרע קונים.

## 59.

איין מאל געהט הערשיל ארויס אויף דעם מארק טאג, שטעהט א פויער מיט אייער אונד א סך מענשען שטעהען ארום איהם אונד דינגען. עס האט דאן געהאלטען דרייסיג קאפיקעס א שאק אונד ער וויל זעכציג קאפיקעס א שאק. ער זאגט, אז זיינע אייער זיינען טהייערער פון איין אנדערנס. אללע האבען פון איהם גוט געלאכט, נאר וויא באלד זייא האבען דערזעהן הערשלען האבען זייא א וואונק געטאהן צו איהם, אז ער זאל מיט איהם עפעס מאכען א שפיעל.

הערשיל האט זייא צוגעזאגט נאר אויף דעם אויפ׳ן, אז שפעטער מיט א שעה זאללען זייא קומען צו געהן אונד זאללען איהם זאגען אויף רוסיש, הערשיל דיא מאמע דיינע איז געשטארבען.

זייא האבען איהם צוגעזאגט אונד זיינען אוועק געגאנגען.

הערשיל האט זיך אנגעהויבען צו דינגען מיט דעם פויער, ער גיט איהם דרייסיג קאפיקעס אונד פינף אונד דרייסיג ביז פערציג אונד געהט אוועק. אין א האלבע שעה ער איז דא ווייטער אונד דינגט ווידער אונד דער פויער וויל ניט אנדערש נאר וויא זעכציג קאפיקעס, ער גיט איהם פינף אונד פערציג ביז פופציג קאפיקעס אונד ער וויל ניט. דיא וויב פון דעם פויער שרייט גיב איהם אפ אונד ער וויל ניט, ער גיט איהם פינף אונד פופציג קאפיקעס ביז ער האט איהם געמוזט געבען דיא זעכציג קאפיקעס.

דערווייל האט ער דערזעהן פון דער ווייטענס וויא דיא מענשען געהען שוין, האט ער אנגעשטעלט דיא פאלע אונד האט איהם געהייסען צעהלען.

דער פויער האט איהם אפגעצעהלט אין גאנצען, דערווייל זיינען אנגעקומען דיא מענשען אונד האבען גענעבען אללע איין געשרייא.

הערשקא סקארעי, טוואי מאטערי פאמערלא, דאס הייסט, הערשיל גישווינד,

אליין האָט ער געטאָהן א פאטש מיט דיא הענד אונד האט געגעבען א געשרייא גיוואלד, עס איז מיר ניט גוט אונד דער פויער האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן, פאר צרות האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען.

הערשיל האָט געחאפט דיא פיס אויף דיא פלייצעס אונד איז אנטלאָפען. לויפענדיג שרייט ער פלאטש גוי פאצוזאיא מאטעריא דיה. איך ווין נאָך איין פרעמדע מוטער.

דיא מענשען וואָס זיינען געשטאנען לעבען איהם האָבען געטרייסט דעם פויער ווייל זייא האָבען געזעהן וויא ער שטעהט לעבען דיא אייער אונד זאָגט אלע מאָל א גדיע מאָיא פראציא.

דיא מענשען האָבען איהם געזאָגט, אז דאָס האָט דיך גאָט געשטראָפט, ווייל דוא האָסט בייא אונז געוואָלט צווייא מאָל אזוי פיעל וויא פיעל עס איז ווערטה געווען.

## 60.

איין מאָל איז ער געקומען אין קלויז אריין צו דיא חסידים אונד זאָגט, אז ער דארף בענשען גומל, האָבען זיך אללע א חאפ געטאָהן אונד זאגען, אז דא מוז זיין עפעס א נייע זאך.

זייא האָבען גוט פערשטאנען, אז דאָ וועט זיין עפעס נייעס, ווייל זייא האָבען איהם שוין גוט געקענט מיט זיינע וואונדערליכע שטוקעס. פרעגען זייא איהם הערשיל וואס פאר א געפעהרליכע זאך האָט זיך דיר געטראָפען?

ענטפערט ער, איך וועל אייך דערצעהלען וואָס פאר א נס עס האָט זיך מיר געטראָפען.

איך בין געגאנגען איבער א בריק פון טייך, האָב איך געהערט שטארק קלאפען האָב איך געטאהן א קוק אויף דעם וואסער, האָב איך דערזעהן וויא דיא וועשערין האָט געקלאפט אין מיין העמד, אז איך וואָלט געווען אין העמד וואָלט פון מיר קיין זכר ניט געבליבען.

## 61.

נתן ער איז נאָך געווען בייא דעם רבין א שמש, פלעגט זיין זיין ארבייט

ריילעך צו מאַכען דעם רבין. דער רבי פלעגט שטענדיג זאָגען, אַז ער איז נאָו נעשאַפען געוואָ־ען פון זיינט וועגען. דער רבי פלעגט שטענדיג זיין אין מרה שחורה זיבערהויפט האָט ער געקלאָגט אויף חורבן בית המקדש.

איין מאָל האָט דער רבי געמאַכט אַ סעודה פאַר אנשי מקובלים, דאָס מיינט מען פאַר דיא מענשען וואָס לערנען קבלה אונד הערשיל איז אויך געווען אויף דער סעודה.

דער רבי האָט געזעהן, וויא הערשיל זיצט ביין טיש, אַללע זיינען געזעסען אונד האָבען געגעסען אונד ער איז געזעסען אונד האָט ניט געגעסען, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין לעפעל, האָט דער רבי געזאָגט צו איהם, הערשיל, גיב אַ הוסט, וועט מען דיר דערלאַנגען אַ לעפיל.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז דער רבי געגאַנגען אויף נקיות אונד הערשיל איז געשסען אין דרויסען, האָט ער דערהערט וויא דער רבי האט געגעבען אַ הוסט אָגט ער, וואָס הייסט איהר, זאָל איך אייך געבען אַ לעפיל?

דער רבי איז געוואָרען אויף איהם אין כּעס צאָרן אונד האָט איהם אָפּ־עשאַפט.

## 62.

איין מאָל איז הערשיל אריין געגאַנגען צו אַ גביר אונד האָט געזעהן דיא פירות זיינען זעהר שעהן אויסגעמאָלט, זאָגט ער צום גביר עס איז טאַקע זעהר שעהן אויסגעמאָלט בייא אייך, נאָר בייא מיר איז שעהנער געמאָלט. דעם גביר האָט דאָס זעהר פאַרדראָסען, ער ווייזט איהם נאָך אנדערע דירות מיט שעהנערע געמאָהלטע. אָגט איהם הערשיל יאַ עס איז טאַקע זעהר שעהן געמאָלט, נאָר בייא מיר איז פיעל שעהנער געמאָלט.

פרעגט איהם דער גביר, וואס איז דאָס בייא אייך אזוי שעהן געמאָלט?

ענטפערט איהם הערשיל, פאַרשטעהט איהר, בייא מיר איז געמאָלט, אַז איך האָב קיין ברויט ניט אין שטוב.

דער גביר האָט זיך זעהר צולאַכט אונד האָט איהם געגעבען אַ גאַנץ פיינע נדבת.

## 63.

איין מאָל געהט הערשיל פרייטאָג אין מרחץ אריין, איז געקומען אַ גרויסער

נביר אונד האָט געזאָגט, ער וויל א שמייסער זאָל איהם אויספּאַרען; אונד אויס שמייסען, אזוי וויא דער סדר איז.

הערשיל איז צוגעגאַנגען צו איהם אונד זאָגט איהם, ער איז א גוטער שמייסער, נאָר ער וויל, ער זאָל איהם פריהער באַצאָהלען.

דער מענש האָט איהם ניט געקאָנט אונד האָט געמיינט אין אמת, אז ער איז א שמייסער, ער האָט איהם פריהער באַצאָהלט אונד האָט זיך אויסגעטאָהן.

הערשיל האָט איהם ארומגעוואשען אונד אויס געזייפט אונד האָט איהם געהייסען זיך לייגען אויף דעם אויבערשטען באַנק אונד האָט איהם געלאָזט ליגען איין ערך פון א האַלבע שעה.

דער גביר זעהט, אז ער קומט ניט צוגעהן צו איהם, איז ער אראָפּ פון באַנק אונד זוכט איהם אויף אונד זאָגט צו איהם: זאָגט מיר פעטער, איך בעט אייך, פאַר וואָס געהט איהר מיך ניט שמייסען?

ענטפערט איהם הערשיל פאַרשטעהט איהר, דער פאַר וואָס איהר האָט זיך אליין געלייגט, דער פאַר האָב איך אייך דאָס ערשטע מאָל געשענקט דיא שמיץ אונד איהר זייט שוין פּטור, עס קומט אייך שוין ניט צו שמייסען.

## 64.

איין מאָל איז הערשיל געגאַנגען אויף דער וועלט, איז ער געקומען אין א שטאָט וואו עס זיטצען אפשר צעהן יונגע לייט מיט א נקבה אונד שפּיעלען אין קאָרטען, שטעהט ער בייא דער טיהר אונד שאָקעלט מיט דעם קאָפּ אונד וואונדערט זיך; זאָגען זייא צו איהם וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי, ווייל זייא האָבען איהם דערדערקאָנט, אז דאָס דאַרף זיין הערשיל.

זאָגען זייא צו איהם, וועט איהר עפּעס זאָגען א גלייכע זאך, וועלען מיר אייך געבען א שעהנע נדבה אונד אז ניט...

זאָגט הערשיל, איך וועל אייך זאָגען דיא וואַרהייט, אז היינט איז א וועלט זעהר א עהרליכע אונד שווערע צייטען, אמאָל מיט פיעל יאָהר צוריק איז געוועזען בעסערע צייטען וויא היינט, א איד האָט געהאַט צעהן ווייבער, היינט געביך, זעה איך צעהן יונגע לייט בעגעהען זיך מיט איינע...

זייא איז דיא זאך שטאַרק געפעלען געוואָרען אונד האבען איהם געגעבען א שעהנע נדבה.

## 65.

איין מאָל געהט הערשיל לעבען א גרויסע קלייט וואָס איז געוועזען פול מיט טייערע סחורות, געהט ער אריין אין קלייט אונד טהוט א קוק אונד געהט אוועק אזוי האָט ער געטאָן אפשר צעהן מאָל בייא יעדער מאָל האָט ער געגעבען א שאָקעל מיט׳ן קאָפּ אונד איז אוועק געגאַנגען.

דער בעל הבית מיט זיינע משרתים האָבען פון אָנפאַנג געמיינט, אז דאָס איז א משונענער, האָבען זייא זיך מישב געוועזן זייא וועלען איהם פרעגען וואָס וויל ער רופען זייא איהם אריין אונד זאָגען איהם ר׳ קרוב אפשר ווילט איהר עפּעס קויפען וועלען מיר בייא אייך לייזען נאָר וואָלוויל.

זאָגט הערשיל, קויפען דארף איך גאָר ניט, נאָר איך וואונדער מיך אויף אזא גרויסע קלייט מיט אזוי פיעל סחורה אָן עין הרע.

זאָגען זייא צו איהם, איהר מוזט זיין פון א קליין שטעדטיל איז בייא אייך דאָ קליינע קלייטלעך, אין א גרעסערע שטאָדט איז נאָך דאָ גרעסערע קלייטען וויא אונזערע.

זאָגט הערשיל, דאָס האָט איהר געטראָפען איך בין טאַקע פון א קליין שטעד־טיל אונד האָב א קליין קלייטעלע אפשר פון פופציג רוביל אונד שולדיג בין איך אויף איהר אפשר הונדערט רוביל, היינט וויפיעל קענט איהר זיין שולדיג אויף אזא גרויסע קלייט.

## 66.

הערשיל איז אמאָל געשטאַנען פערטראַכט, איז צו איהם צוגעגאַנגען דעם רבין׳ס גבאי אונד האָט איהם אָנגעהויבען צו דער קוטשען ער זאָל איהם עפּעס יערציילען, האָט דאָס הערשלען זעהר פאַרדראָסען אויף דעם גבאי.

זאָגט הערשיל צו איהם איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען, איהר זאָלט וויסען אז א קאַטשקע איז בייא איהר דער בויך פעט אונד דער רוקען איז מאָגער, ווייל פון הינטען, אז זיא שווימט אויף דעם טייך האָט זיא גאָר קיין מורא ניט, נאָר פון אויבען האָט זיא מורא פיעלייכט שיסט מען איהר, איבער דעם איז זיא אונטען פעט אונד אויבען איז זיא מאָגער, דער אָדלער איז אונטען מאָגער אונד אויבען פעט, ווייל פון אונטען האָט ער מורא טאָמער וועט מען איהם שיסען, אבער העכער פון איהם איז דאָך קיין מענש ניטאָ ער זאָל איהם שיסען. דארום לאָמיר זעהן, דער

ז-לער האָט מורא פאַר דעם אונטערשטען אונד דיא קאַטשקע האָט מורא פאַר ייִם אויבעשטען אונד איהר אפּנים האָט קיין מורא ניט פאַר דעם אונטערשטען אונד ניט פאַר דעם אויבערשטען, איבער דעם זייט איהר גראָב אונד פעט פוןביידע זייטען וויא א דבר אחר (דאס רוב גבאים האָבען גרויסע בייכער מיט גראָבע קאַרקען.

## 67.

איין מאָל האָט זיך איינער געקלאָגט פאַר איהם, אַז בַּייא איהם אין דער דירה איז דאָ פיעל עכברים.

זאָגט הערשיל צו איהם, איהר זאָלט אנידער לייגען צו שטיקלעך אפּיקומען בייא יעדער נאָרע, ווייל נאָך דעם אפיקומען טאָר מען שוין גאָר ניט עסען, דארום אַז זייא וועלען אויפעסען דיא שטיקלעך אפּיקומען וועלען זייא שוין מעהר ניט עסען.

פרעגט איהם יענער, שטייטש ר' הערש, פון וואַנען ווייסען דיא עכברים, אַז נאָך דעם אפּיקומען טאָר מען שוין מעהר ניט עסען?

ענטפערט איהםהערשיל, זייא האָבען בייא מיר אליין אויפגעגעסען א שולחן ערוך האָבען זייא דאָך שוין געזעהן דעם דין, אַז נאָך דעם אפּיקומען טאָר מען ניט עסען.

## 68.

הערשיל האָט אמאָל גענומען א שטיקעל ברויט אונד האָט זיך צוגעבונדען צי דער קאַפּאָטע אונד איז אַזוי אומגעגאַנגען אין גאַס.

פרעגט איהם איינער וואָס מאַכט איהר ר' הערשיל, וויא געהט דאָס אייך אין דער פרנסה?

ענטפערט איהם הערשיל, אָה, זעהט א דאַנק נאָט דאָס שטיקעל ברויט שלעפּט זיך.

## 69.

איין מאָל איז געווען א גרויסער פייער אין מעזביז, דאָס גאַנצע שטעדטיל האָט געברענט אין הערשילס דירה אויך, דאָס גאַנצע שטעדטיל איז געבאָך אומגעגאַנגען מיט גרויסע צרות אונד הערשיל איז געשטאַנען אונד האָט געלאַכט אונד איז געוועזען בייא זיך פריילעך

פרעגט איהם איינער, ר' הערשיל, וואָס זייט איהר איצט אַזוי פריילעך אייער דירה ברענט דאָך?

ענטפערט הערשיל, עס טהוט מיר הנאה וואס זיא ברענט, איך האב א
זה אויף דיא וואנצען, זיי וועלען איצט פערברענט ווערן אין גאנצען.

70

איין מאל איז הערשלען זעהר שלעכט געווארען דיא צייט. ער האט ניט געהאט
אין סעודה אחת, איז הערשיל געגאנגען צו א מענשען, וועלכער האט געהאלטען
בראנפען געשעפט און האט איהם דערצעהלט, אז עס איז איהם שלעכט, ער
איז א מחוסר פרנסה, בכן בעט ער איהם אז ער זאל איהם געבען א פעסיל בראנ־
פען און ער וועט דאס פערקויפען ביס־לעכווייז, וועט איהם השי"ת העלפען ער
וועט זיך דערפון פערדיענען זיין ברויט
דער מאן האט איהם צוליעב געטאן און האט געגעבען איין ערך פון דריי
פערטער בראנפען און האט איהם אנגע־זאגט, זעהט ר' הערשיל, אז איהר וועט
פערקויפען דיא בראנפען זאלט איהר מיר אפגעבען דיא געלד, וועל איך אייך נאך
אמאהל געבען בראנפען.
הערשיל האט ביי איהם גענומען דאס פעסיל מיט דיא בראנפען און איז געגאנ־
גען גלייך אהיים.
הערשיל איז געקומען צו זיין ווייב זעהר פרעהליך, נא דיר מיין ווייב דיא
פעסיל מיט דיא בראנפען זאלסט פער־קויפען און למע"ה ניט געבען קיינעם אהן
געלד. ער אליין איז אוועק געגאנגען אין שוהל דאווענען.
ווען ער איז געקומען פון דאווענען, זאגט ער צו דיא ווייב נא דיר א דרייער
און גיב מיר א טרונק בראנפען, זיא האט ביי איהם גענומען דעם דרייער און האט
איהם געגעבען א טרונק בראנפען. זיא אליין אבער האט אויך געוואלט נעהמען
א ביסעל בראנפען, זאגט זיא צו איהם נא דיר הערשיל א דרייער און גיב מיר
א טרונק בראנפען, אזוי האבען זיי זיך געצאהלט כסדר, ווען ער האט געוואלט
א ביסעל בראנפען האט ער איהר געגע־בען דעם דרייער און ווען זיא האט גע־
וואלט א ביסעל בראנפען האט זיא איהם בעצאהלט דעם דרייער, ביז גאט האט גע־
האלפען זיי האבען אויסגעליידיגט דיא פעסיל.
הערשיל נעהמט דעם דרייער מיט דיפעסיל און געהט גלייך אוועק צום בעל
הבית פון דעם בראנפען געשעפט און גיט איהם דעם דרייער מיט דיא ליידיגע פע־
סיל ער זאל איהם געבען אנדערע בראנ־פען.
זאגט דער בעל הבית, שטייטש פארא גאנץ פעסיל בראנפען גיט איהר מיר
א דרייער און קוקט איהם אן.

זאָגט הערשיל צו איהם, איך שווער אייך בנאמנות, אז איך האָב ניט גענר־מען איין ביסל בראָנפין ביז איך האָב ניט באצאָהלט מיין ווייב א דרייער אונד מיין ווייב אויך דאָס גלייכען ווען זיא האָט גענומען אביסל בראָנפין האָט זיא מיר באַ־צאָהלט א דרייער.

דער בעל הבית האָט גוט געלאכט אונד האָט איהם געגעבען איין אנדער פעסיל בראָנפין.

## 71.

איין מאָל האָט זיך הערשיל אָנגעשיקערט אונד איז געלעגען אין דרויסען אונד שילט אין טאטען אונד אין טאטענס טאטען.

דיא חסידים געהען ארויס אונד פרעגען איהם, הערשיל וועמען שילט איהר?

ענטפערט הערשיל איך שילט דעם בעל הבית פון דער דירה, נאָך וואָס האָט ער געמאכט דיא פריזבע אין דרויסען, אז איך ליג שיקער זאָל יעדערער זעהן, ער האָט געדארפט מאכען דיא פריזבע אינעווייניג אין שטוב, איך זאָל זיך אנידערליי־גען שיקער, וואָלט דאָך מיך קיינער ניט געזעהן שיקער.

## 72.

איין מאָל איז הערשיל אָנגעקומען אין א קרעטשמע אויף נאכט לענער אונד האָט דאָרטען קיין אורח ניט געטראָפען אונד דער בעל הבית איז אויך ניט געווען, עס איז דאָרט מעהר ניט געווען נאָר דיא קרעטשמערקע מיט דיא קינדערליך, הער־שיל בעט דיא קרעטשמערקע זיא זאָל איהם געבען עפּעס עסען.

דיא קרעטשמערקע גיט איהם ניט עסען אונד ענטפערט איהם איך האָב אייך ניט וואָס צו געבען אזוי וויא דער סדר איז פון דיא וואָס ווילען קיין אָרעמאַן ניט געבען קיין נדבה אָדער אמאָל געבען יענעם עפּעס עסען.

הערשיל האָט אָבער מיט איהר קיין טענה ניט געמאכט אונד ענטפערט איהר כהאי לישנא, נישט קשה, איהר ווילט מיר קיין עסען ניט געבען, אָבער איך וועל מוזען טאָהן אזוי וויא מיין טאטע האָט געטאָהן אונד געהט אום איבער דער שטוב אונד רעדט צו זיך אליין יא איך זעה שוין, אז איך וועל מוזען טאָהן וויא מיין טאטע האָט געטאָהן, נישט קשה עס וועט שוין נאָר ניט העלפען איך האָב קיין אנדער ברירה ניט.

וויא דיא קרעטשמערקע האָט דער הערט, אז ער רעדט צו זיך אליין אונד

זאָגט אלץ, אז ער מוז מאַהן וויא זיין טאטע האָט געטאָהן, האָט זיא זיך זעהר דערשראָקען אונד זאָגט זיינט מוחל זאָגט מיר וואָס האָט אייער טאטע געטאָהן ?

הערשיל שווייגט אונד ענטפערט נאָר ניט, איך ווייס שוין אליין, וואס דארף איך אייך דערצעהלען.

הקיצור זיא האָט זיך זעהר דערשראָקען, זיא האָט איהם באלד געגרייט צום טיש אונד האָט איהם שוין געבעטען ער זאָל נעהן עסען, זיא האָט איהם נעגעבען א גוט ביסל שנאַפּס מיט א גוטע וועטשערע.

נאָך דעם עסען פרעגט זיא איהם, זאָגט מיר איך בעט אייך, וואָס האָט איהר געמיינט, איהר וועט טאָהן וויא אייער טאטע האָט געטאָהן.

ענטפערט הערשיל, פארשטעהט איהר, מיין טאטע, אז ער האָט ניט געהאַט קיין וועטשערע צו עסען האָט ער זיך געליינט הונגעריג שלאָפען.

## 73.

איין מאָל איז ער געקומען צו א רענדאר אין א קרעטשמע, דער רענדאר פלעגט פאָהרען קיין מעזביז צום רבין אמאָל וועגען איין עצה, אמאָל וועגען קינדער ערציהען, נאָר לערנען האָט ער גאָר ניט געקענט.

וויא הערשיל איז נאָר אריין אין טיהר, האָט איהם דער רענדאר באלד דער־קענט אונד האָט איהם געגעבען שלום, ווייל ווען ער פלעגט קומען קיין מעזביז פלעגט ער איהם זעהן ביים דעם רבין, דער ווייל געהט אריין זייער בן יחיד פון פופ־צעהן יאָהר אונד ברענגט אָפּ א שטיק ברויט אונד געהט איבערן שטוב אונד עסט, הערשלען האָט דאָס זעהר פאַרדראָסען פאר וואָס ער האָט זיך ניט געוואַשען צום עסען אונד ניט געמאַכט קיין המוציא, רופט ער איהם צו אונד ניט איהם א גלעט איבערי מוח אונד זאָגט יא, ער וואקסט, ער וועט זיין, אזוי האָט ער עטליכע מאָל איבער גערעדט.

דיא עלטערן האָבען זיך דערמאָנט, אז דער רבי האָט איהם פיעל מאָל גע־בענשט קליינער הייט, אז ער וועט זיין א רב, האָבען זייא אָנגעהויבען ווייטער צו האָפען, ווייל זייא הערען אלס וויא ער רעדט, ער וועט זיין, ער וואקסט, האָבען זייא אָנגעהויבען איהם צו בעטען, האָט רחמנות אויף אונז, מיר זיינען אויף אונזער קינד קיינע מבינים ניט זאָגט אונז וואָס וועט ער זיין אונד וואָס וואקסט ער, אפשר ווייסט איהר ?

זאָגט הערשיל, אז איהר וועט מיר געבען א שעהנע נדבה וועל איך אייך

זאָגען נאָר בזה האופן, אז איהר זאָלט קיין פאַראיבעל ניט האָבען. זייא האָבען איה
געגעבען צו עסען אונד צו טרינקען אונד א שעהנע נדבה אונד ער זאָגט אלע מאָ
ער וואקסט, ער וועט זיין.

ווען ער איז געשטאנען לעבען טיהר, זאָגט ער צו זייא איהר זאָלט וויסען, ע
וואקסט א גרויסער שיינעץ, ער וועט זיין א כפרה פאר אייך אונד פאר מיר אונ
פאר כל ישראל אונד ער איז גלייך אנטלאָפען.

## 74.

איין מאָל איז ער געקומען אין וויניצא, אויף שבת האָט איהם גענומען א גרו
סער גביר פאר איין אורח, נאָר דער גביר איז געווען א גרויסער קמצן.

צום טיש האָט מען דערלאנגט א גרויסען טעלער מיט פיש, זעהט ער ווי
בייא זיין זיים טעלער ליגט קליינע פישלעך, לעבען בעל הבית ליגט גרויסע, זיצט ע
אנגעשפאַרט אונד טראַכט.

פרעגט איהם דער בעל הבית, וואָס עסט איהר ניט, וואָס טראַכט איהר?
זאָגט הערשיל איך טראַכט וויא דיא וועלט איז קיילעכדיג וויא דער טעלע
אונד טהוט א דרייא מיט דעם טעלער איז איהם אויסגעקומען דיא גרויסע פי
לעבען איהם אונד דיא קליינע פיש לעבען בעל הבית אונד זאָגט אזוי מיט א שמייכע
אַט אזוי דרעהט זיך דיא וועלט אונד האָט אזוי פאוואָלע אויפגעגעסען וואָס עס אי
געוועזען, דער נאָך האָט מען דערלאַנגט דיא יויך, זעהט ער וויא בייא דעם בע
הבית איז פעטע יויך אונד זיינע איז געלע וואסער. הערשיל האָט דאָ געגעבען
קלער ער זאָל איהם ווייזען עפּעס א קונץ, ער זאָל איהם האָבען צו געדענקען, א
אמאָל האָט בייא איהם געגעסען הערשיל עסטערפאָלער שבת.

זאָגט הערשיל צום בעל הבית, פיליכט ווילט איהר הערען אביסל תורה, ווע
איך אייך געבען צו פארשטעהן וויא אזוי דיא יודען זיינען געגאנגען איבער דעם
ים, ווייל עס איז געוועזען שבת שירה.

זאָגען אללע, זאָגט עפּעס, אז איהר קענט.

הערשיל נעהמט אראָפּ זיין יארמעלקע פון קאָפּ אונד גיט א זעץ איבער
שיסעל. זעהט איהר, אזוי האָט געגעבען א זעץ משה מיט דעם שטעקען.

דער בעל הבית האָט דיא יויך שן ניט געוואָלט עסען ער האט איהם שוי
ניט געוואָלט קענען מיט זיין תורה, ווייל ער האָט איהם געהאלטען פאר א משוגענעם.
ער האָט הערשלען אָפּגעגעבען דיא יויך אונד הערשיל האט זיא גענומט אויפעסען.

75.

אײן מאָל איז הערשיל געקומען אין א קרעטשמע, דיא קרעטשמע האָט געהאט שם, אז מען גיט ניט א אידען אפילו א לעפעל קאלטע וואסער, נאָר הערשיל אָט שטענדיג ליב געהאט צו זוכען אזעלכע קרעטשמעס מיט אזעלכע ראנדארין ונד האָט זיך באריהמט פאר אלעמען, אז אין דער קרעטשמע וועט ער האָבען לעס, אפילו א מלבוש אויך.

וויא הערשיל איז אריין געגאנגען צום בעה״ב, זאָגט ער א גוט נאָווינד אייך.

פרעגט איהם דער רענדאר, וואָס דארפט איהר ר׳ קרוב, אוודאי א נדבה, א קומען בייא טאָג אויך גענוג אָרעמע לייט אונד איהר געהט נאָך אום בייא נאכט.

זאָגט הערשיל מיט א רחמנות פעניםל, איך פארלאנג פון אייך ניט קיין נדבה ונד ניט קיין עסען, נאָר איין זאך בעט איך פון אייך, איך בין זעהר מיעד אונד לעפערדיג אונד פארפראָרען, בעט איך אייך לאָזט מיר איך זאָל מיך לייגען אָט א צווישען אויווען שלאָפען, איך זאָג אייך, אז איהר וועט פשוט פערדינען עולם הבא.

דער בעל הבית האָט געזעהן, אז ער וועט זיך פון איהם אזוי גיך ניט אָפּ-שטעפען, האָט ער איהם ערלויבט.

אזוי וויא ער ליגט זעהט ער פון דער ווייטענס וויא דיא בעל הבית׳טע זיצט בייא דעם טיש אונד שנייט דיא נעגיל אונד האָט צוזאמען גענומען אין א פאפיריל אונד האָט דאָס אריין געוואָרפען אין אויווען, באלד איז געקומען א שליטיל אונד יא איז אוועק געפאָהרען אונד מיט א שעה שפעטער איז זיא געקומען צוריק.

אין דער צייט וואָס זיא איז אוועק געפאָהרען האָט הערשיל געפונען א פען מיט א מעסערל אונד האָט געמאכט גלייך וויא נעגיל אונד האָט עס אריין גע-וואָרפען מיט א פאפיריל גלייך אין דער וועטשערי וואָס האָט זיך געקאָכט אין אויווען אונד האָט זיך גלייך געלייגט שלאָפען אזוי וויא עס איז גאָר ניט געווען.

דיא בעל הבית׳טע האָט געגרייט צום טיש, דער נאָך האָט זיא דערלאנגט דיא יויך, זעהט דער בעל הבית וויא עס שווימט עפּעס אין א פאפיריל ער נעהמט ארויס דיא פאפיריל זעהט ער וויא אינעווייניג ליגען עפּעס נעגיל.

דיא בעל הבית׳טע האָט זיך דערמאָנט, אז זיא האָט זיך אָפּגעשניטען דיא נעגיל אונד האָט אריין געוואָרפען אין אויווען קען זיין, אז זיא האָט דאָס אריין גע-וואָרפען אין דיא יויך.

**וואס טחום מען? דער בעל הבית זאגט איך וויל דאס ניט עסען.**
**איז נעבליבען** מען זאל אויפוועקען דעם אידען ער זאל דאס אויפעסען, אז
איז נעוועזען ער האט אויפגעגעסען אונד זייא האבען געמוזט עפעס אנדערס עס
אונד מען האט פאר לאשען דיא ליכט אונד האבען זיך געליינט שלאפען.
מיט א האלבע שעה שפעטער טוט הערשיל א געשרייא, רוק דיך ארויף
דער בעל הבית מיט דער בעל הבית'טע האבען זיך ביידע דערשראקען, וואס ק
דאס זיין ער שטעהט אויף אונד צינד אן א ליכט ער נעהט ארום דיא גאנצע שטו
ער זעהט קיינעם ניט אונד הערט קיינעם ניט נאר דער איד ליגט צווישען דע
אויוועו אונד שלאפט געשמאק, ער האט פארלאשען דיא ליכט אונד האבען זיך גע
ליינט ווייטער שלאפען. מיט א האלבע שעה שפעטער טוט ער ווייטער א געשריי
נוא, רוק דיך אהער, דיא בני בית האבען זיך אללע איבערגעשראקען מען צינד א
א ליכט מען זוכט ווייטער, ווייטער דאס אייגענע דער איד שלאפט געשמאק אלל
חידושין זיך וואס קען עס זיין אונד קיינער וויים ניט, מען האט פערלאשען די
ליכט מען לעגט זיך ווייטער שלאפען, טוט ער ווייטער א געשרייא רוק דיך ארא
אזוי האט ער געשריען א גאנצע נאכט.
אויף מארגען פרעגט איהם דער בעל הבית וואס איז דאס געוועזען מיט איי
בייא נאכט, עפעס האט איהר געשריען פון שלאף.
זאגט הערשיל, אז איהר וועט מיר שענקען עפעס א מלבוש וועל איך איי
דערצעהלען וועט איהר אליין פארשטעהן דיא זאך.
דער בעל הבית איז געוועזען גערען צו הערען וואס דאס איז, האט ער איה
געשענקט איין אלטען חאלאט.
הערשיל האט גענומען דעם חאלאט אונד האט איהם אנגעטאהן אונד זאגט
זעהט איהר בעל הבית, איך געה אין א צוריסענעם פעלצעל אונד דער פעלציל א
קורץ, אז איך דעק מיר צו דיא פיס אונד ווער אנטשלאפען ווערט מיר קאלט א
דיא פלייצעס שרייא איך צו איהם פון שלאף רוק דיך ארויף, שפעטער ווערט מי
קאלט אין א זייט, שרייא איך צו איהם רוק זיך אהער, דער נאך ווערט מיר קאל
אין דיא פיס שרייא איך צו איהם רוק דיך אראפ, היינט אז איך האב שוין א חאלא
א לאנגען, א ברייטען וועל איך פארשפארען צו שרייען בייא נאכט אונד האט זי
מיט איהם געזעגענט.

**76.**

**איין מאל איז הערשיל** נעגאנגען אין גאס, זעהט ער איינער שטעהט מיט

סוחר פּאַלאָווינעס אפשר מיט צוואנציג זעק, ארום איהם שטעהט א רעדיל אונד מען דינגט בייא איהם דיא פּאַלאָווינעס אונד ער וויל זעהר טייער, ער וויל פאר א זאק פּאַלאָווינעס וואָס איז ווערטה א גילדען וויל ער ניט וועניגער פון צווייא גילדען.

דיא מענשען האָבען דערזעהן הערשלען האָבען זייא זיך גאָר מחיה געוועזען אונד זאָגען אַזוי, ר' הערש, איהר זייט דאָך א בריה צו אַזעלכע סוחרים פון לאַנג אָן פיליייכט קענט איהר דאָ עפּעס מאַכען מיט דעם סוחר.

זאָגט הערשיל געהט איהר נאָר א היים, איך וועל איהם שוין ווייזען ווער עלטער איז. ער געהט צו צו דעם סוחר אונד פרעגט איהם, וויא טהייער ווילסטו א זאק, אַזוי לאַנג האָט ער זיך מיט איהם געדונגען ביז זייא זיינען צורעכט געקומען אונד ער האָט איהם געהייסען פּאַהרען.

ער האָט איהם צו געפיהרט צום באָד אונד האָט איהם אָנגעצייגט צו דער זייט וואו דיא מקוה איז אונד האָט אויפגעעפענט א פענסטער אונד האָט איהם געהייסען שיטען.

ער האָט אריין געשאָטען אין מקוה אפשר ביז פופצעהן זעק פּאַלאָווינעס. הערשיל האָט א קוק געטאָהן דורך דעם פענסטער, זאָגט ער זעהסטו עס קען שוין מעהר ניט אריין עס איז שוין פול, געה נאָר אריין אינווייניג אונד טרעט איין מיט דיא פיס.

דער מוכר איז אריין אין באָד אונד האָט אָנגעהויבען צו טרעטען מיט דיא פיס איז ער שיעור דערטרונקען געוואָרען, האָט ער געמאַכט א גרויסען געוואַלד זיינען זיך אָנגעלאָפען זעהר פיעל מענשען אונד דער בעדער איז אויך געקומען אונד האָבען אָנגעהויבען זעהר שטארק צו לאַכען, ווייל עס איז זייא געוועזען א וואונדער וויא קומט ער אַהער אונד עס איז עפּעס אָנגעשאָטען א פולע מקוה מיט פּאַלאָ־ווינעס. הכלל זייא האָבען ארויסגעשלעפּט דעם מוכר פון דער מקוה איז ער געוועזען נאַס וויא א האָן.

ווען זייא האָבען אָנגעפאַנגען מיט איהם צו ריידען אונד אויסצופרעגען האָט ער זייא דערצעהלט פון אָנפאַנג ביז'ן סוף, האָבען זייא פערשטאַנען, אַז דאָס וואַקסט פון הערשלען.

דער מוכר האָט אָנגעהויבען צו בעטען געלד, האָט איהם דער בעדער אָפּגעע־שיקט צו דעם וואָס ער האָט מיט איהם באַדונגען. דער מוכר האָט אָנגעהויבען צו שרייען וואו איז מיין געלד? דער בעדער שרייט, ער זאָל איהם אויסרייניגען דיא מקוה. הערשיל האָט זיך ערגעץ בעהאַלטען אונטער איין אויוון גלייך וויא ניט איהם מיינט מען דאָס.

איהר קענט זיך פאַרשטעלען מיט וואָס עס האָט זיך געענדיגט.

## 77.

**הערשיל איז אין דעם זעלבינען פרייטאָג געשטראָפט געוואָרען מדה כנגד מדה**
ער איז געגאַנגען אין באָד אריין אונד מען האָט בייא איהם אוועק גענגב'עט א העמד
אז ער איז געקומען אהיים האָט ער געבעטען זיין ווייב זיא זאָל איהם געבען א ווייסע
העמד, זאָגט זיא צו איהם וואו איז דאָס העמד וואָס איך האָב דיר מיטגעגעבען,
זאָגט ער עס האָט מיר איינער פערביטען, פרעגט זיא איהם וואו איז דאָס פאַר־
ביטענע, זאָגט ער יענער האָט פארגעסען אנידערצולייגען, האָט ער מיטגענומען
זיינע מיט מיינע.

## 78.

**איין מאָל איז ער געקומען אין בארדיטשעב, דאמאָלסט איז געוועזן א יאריד**
ער איז אביסל געגאַנגען זעהן טאָמער וועט ער עפּעס זעהן א בעקאַנטען, וואָרום
בייא א בעקאַנטען וועט ער קריגען א שעהנע נדבה, דערזעהט ער אויף דעם מארק
שטעהען א סך בעקאַנטע אונד מען רעדט וועגען געשעפט זאַכען.

אין מיטען איז געשטאַנען א נביר א ארענדאר, אלע גיבען איהם נדבות, נאָר
דער ארענדאר האָט איהם געגעבען א קליינע נדבה, אז איהר וועט עפּעס זאָגען
וועל איך אייך געבען א גרעסערע נדבה.

יא, זאָגט הערשיל, נאָר איהר זאָלט קיין פאראיבעל ניט האָבען, וואָרום דא
רוב מענשען, אז מען זאָגט זייא דעם אמת האָבען זייא פאריבעל.

זאָגט דער ארענדאר, אז ער וועט אויף איהם קיין פאראיבעל ניט האָבען;
אללע זיינען געוועזן צופריעדען אונד האָבען אויסגעשטעלט דיא אויערן צו
הערען, וואָס הערשיל וועט דאָ עפּעס זאָגען נייעס.

זאָגט הערשיל, מען רעדט פון אייך דרייא זאַכען, ערשטענס, אין גאָט גלויבט
איהר ניט, צווייטענס, אין שוהל געהט איהר ניט אונד דריטענס פון א רבין האלט
איהר ניט.

דער ארענדאר איז געוואָרען אביסל פארשעמט, ווייל ער האָט אביסל גע־
טראָפען.

זאָגט דער ארענדאר צו איהם, קענט איהר מיר דאָס אויפווייזען ?

יא, זאָגט הערשיל, איך האָב אליין געזעהן, אין מיטען תמוז דיא צייט איז
געוועזן שעהן אונד לויטער אונד אז איהר האָט געדאַרפט פאָהרען האָט איהר

מיט גענומען א פאראסאָל מיט א רעגען ראָק, איז א סימן אז איהר גלויבט ניט אין גאָט איהר רעבענט, אז אין דער שעהנסטער צייט קען זיין א רעגען. אין קיין שוהל געהט איהר ניט, וואו האט איהר דען אין דאָרף א שוהל איהר מוזט דאָך פאָהרען איין שטאָדט אריין אז איהר ווילט דאווענען אין א שוהל, אונד פון קיין רבין האלט איהר ניט, ווייל איהר האלט בעסער פון דער...

## 79.

איין מאָל איז ער נעקומען אין א שטעדטיל האָט מען איהם געוואָלט צו נעהמען פאר א שמש אין שטעדטיל.

פרעגט ער דעם גבאי וואָס וועט זיין מיין ארבייט?

אייער ארבייט וועט זיין, איהר וועט אלע טאָג קלאַפּען אין שוהל.

זאָגט הערשיל, וואָס טויג אלע טאָג צו ביסלאך, איך וועל מיר אָפּקלאַפּען אין איין טאָג א סך וועל איך מיר דער נאָך זיין רוהיג.

ניין זאָגט דער גבאי איהר וועט דארפען געהן אלע טאָג אין דער פריא בייא רעדען בעל הבית אונד געבען דרייא קלעפּ אין דיא לאָדינס.

זאָגט הערשיל, אז איך זאָל דארפען געבען יעדען בעל הבית דרייא קלעפּ ער זאָל געהן דאווענען, וויל איך ניט אזא פרנסה.

## 80.

איין מאָל איז ער נעקומען פון וועג, האָבען איהם געפרעגט יונגע לייט, איהר זייט געוועזען אויף דער וועלט, קענט איהר וויסען א סאך נייעס, מיר בעטען אייך דערצעהלט אונז עפּעס.

זאָגט הערשיל, איך וויים א סך נייעס נאָר הייסט געבען אביסל בראַנפּין, אז מען האָט אָפּגעגעסען, אונד אָפּגעטרונקען, זאָגט הערשיל איך בין געוועזען אין קיעוו, האָט מען געחאַפּט אין טייך א פיש, האָט ער געהעדט גלייך וויא אללע מענשען.

הא, ר׳ הערש, זאָגען צו איהם דיא יונגע לייט א צו גרויסען ליגען האָט איהר אויסגעטראַכט.

הערשיל שווערט מיט אללע שבועות, אז ער האָט אליין געזען אונד ער האָט אליין געהערט רעדען דעם פיש.

פרעגען זייא איהם, אפשר איז דאָס א וואַסער מענש, נאָר א וואַסער מענש

קען אויך נט רעדען, צו האָט ער א קאָפּ, אויב ער האָט פיס אונד הענד, ווייל דיא וואסער מענשען זיינען האלב מענש אונד האלב פיש.

זאָגט הערשיל, ער האָט הענד, פיס, א קאָפּ אונד א צונג, ער געהט וויא א מענש אונד רעדט וויא א מענש אונד איז א מענש נאָר מען האָט איהם נעחאפּט אויף דעם בריק פון טייך ער איז א שפּיאָן אונד זיין פאמיליע איז פיש אונד דיא מעשה איז געשטאנען אין דיא צייטונג.

## 81.

מזל טוב, הערשיל מאכט א ברית אויף דעם ברית זיינען געוועזן דיא שעהנסט בעלי בתים, איהר דארפט וויסען, אז הערשיל האָט צו דעם ברית נאָר ניט צונג לייגט עס איז איהם נאָך געבליבען אין קעשענע א פּאָר רובעל נאָך דעם ברית האָבע אללע געזאָגט, אז ער זאָל געבען וויין.

זאָגט הערשיל, איך וועל אייך געבען דעם בעסטען וויין נאָר וואו איך ווי נעהן דארף איך האָבען שעהנע מלבושים. באלד האָט ער זיך פיין אָנגעטאָן, שטיוו מיט קאלאָשען מיט ברילען אויף דיא אויגען, מיט א פּאראסאָל אונד מיט א טיי צינאר, עס איז איהם גאָר ניט געוועזן צו דערקענען.

אללע מענשען וואָס זיינען געוועזן אויף דעם ברית האָבען פארשטאנען, אז ע וויל דאָ עפּעס וויזען אונד אללע טראכטען וויא אזוי וועט ער ברייגנען וויין.

זאָגט הערשיל, איהר וועט זעהן וואס פּאר א וויין איך וועל ברייגנען אונגא־ רישען אונד געהט גלייך צו א שענקער וואָס ער האָט וויין פון אונגארן אונד פון נאָך ערטער. ער איז נאָר אריין געקומען אין שטוב אריין, גיט איהם דער בעל הבית שלום אונד פרעגט איהם וואָס ער דארף.

זאָגט הערשיל, איך בין א מטבאניק פון וויין, איך קען מאכען פון פּראָסטע וויין גוטע אונד פון גוטע נאָך בעסערע, ווייל איך האָב דאָס געלערנט אין אונגארין.

זאָגט דער בעל הבית צו איהם, איהר דארפט עפּעס דאָ היא צו פארברעננען, זאָגט הערשיל, ניין, דיא נאכט פאָר איך אוועק.

דער בעל הבית בעט איהם אונד זאָגט, איך וועל אייך גוט באפרידיגען איהר זאָלט מיך עפּעס אויסלערנען, וויזט מיר נאָר אייער קעלער מיט דיא ווייגען וועל איך שוין זעהן וואס עפּעס אייך אוים צו לערנען. ער נעהמט א ליכט מיט איין עקבויער אונד געהען ביידע אין קעלער אריין.

דער קעלער איז געוועזן אין גאס דיא טיהר, וויא זייא זיינען נאָר אראָפּ אין

ער, נעהמט הערשיל אונד מאכט אין איין פאס א לאך אונד פארזוכט דעם וויין
ז דעם פינגער, נוט איך וויים שוין אונד הייסט דעם בעל הבית צו האלטען, דער
י מאכט ער מיט א עגבויער נאך א לאך אין דעם אנדערן פאס וואס איז געשטאנען
בען עם אונד פארזוכט, עס איז רעכט איך וויים שוין זאגט הערשיל אונד הייסט
הם כוט דער אנדערער האנד אויף צו האלטען דער וויין זאל ניט ארוים.

דער בעל הבית האט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאלטען אונד פרעגט
הם וואס וועט איהר יעטצט טאהן?

זאגט הערשיל, איהר וועט שוין זעהן אונד איז צונענאנגען צו א גוטען פאס
ן אונד האט אנגעצאפט א גרויסע פלאש וויין אונד געהט אהיים אונד איז מכבד
לעמען וואס האבען אויף איהם געווארט.

לאמיר זייא לאזען טרינקען אונד מיר וועלען געהן זעהן וואס דער שענקער
הט דארטען אין קעלער, ער איז דארטען געשטאנען א פאר שעה, ער איז מיעד
וארען שטייענדיג אונד אוועקגעהן האט ער אויך ניט געקענט.

דיא ווייב האט געזעהן, אז עס איז שוין אזא צייט אונד דער מאן קומט ניט
ייק, איז זיא גענאנגען זעהן וואס דאס קען זיין, עס איז שוין געווען נאכט, זיא
הט אראפ זעהט זיא ער שטעהט אונד ער האלט צו מיטביידע הענד דיא פעס־
ך דער וויין זאל ניט ארוים, ווען ניט דיא ווייב וואלט ער נאך געשטאנען. ער
הט זיך געשעמט צו דערציילען פון דעם אין גאנצען, נאר ווען הערשיל אליין זאל
ס ניט געווען דערצעהלען וואלט נאך קיינער פון דעם ניט געווען געוואוסט עד
ים.

82.

הערשיל נעהמט איין מאל ארוים אין מארק אריין זעהט ער וויא עס שטעהט
רעדיל מיט מענשען אונד לאכען פון דעם אונד פון יענעם, דער זאגען זייא איז
קבצן אונד דער איז א דלפון אונד דער איז א אביון.

רופט זיך אפ הערשיל איהר לאכט פון קבצנים? איהר מעגט מיר גלויבען,
איך האב אליין געזעהן פיעל נגידים אדירים מיליאנערין האבען פערקויפט מויערין,
יזער, סקלאדען, מעבעל טייערע אונד זילבער מיט גאלד, הכלל זייא האבען פאר־
יפט אלץ וואס זייא האבען געהאט איידער זייא זיינען געווארען קבצנים.

83.

הערשיל האט אמאל געפרעגט א קשיא, טיילא דער סאמאוואר זים איז קיין

קשיא נים ווארום מען שים אויף איהם ארויף הייסע קוילען, אבער אויף דער היפקע
איז מיט א קשיא, שטייטט מען שלאגט דעם קראטין, וואס האסטו היפקע
אנצונעמען.

## 84.

הערשיל איז אמאל ארומגעגאנגען אין דיא הייזער, עס איז געוועהן פרייטאג.
ער געהט אריין אין א שטוב צו א גרויסען ליגאנט.

דער ליגאנט פרעגט הערשלען אויף וואס געהט איהר יעטצט ארום?

רופט זיך אפ הערשיל מיר געהען ארום אויף חלה אויף שבת.

רופט זיך אפ דער ליגאנט, דער פאר האב איך פיינד דיא חסידארניע, א
גאנצע וואך הייסט עס בייא זייא בילקע אונד עס קוממט שבת רופט מען דאס חלה.

זאגט הערשיל, דער פאר אבער האב איך פיינד דיא ליגאנטין, א גאנצען טאג
רופט מען זיא דינסט אונד בייא נאכט רופט מען זיא ווייב.

## 85.

הערשיל אסטערפאליער האט זיך אמאל באגעגנט מיט יאסיל מארשאלא
אויף א חתונה, נא פארשטעהט זיך אליין, אז זייאביידע אויף איין חתונה האט
פנים וויא צווייא קעץ אין איין זאק.

רופט זיך אפ יאסעל צו הערשלען, ווייסטו וואס הערשיל, זאל אזוי צווישע
אונז בלייבען, ווער עס וועט זאגען א גרעסערען ליגען דער זאל בלייבען אויף דע
חתונה.

אזוי איז געבליבען, מען האט געווארפען גורל ווער זאל זאגען פריער דעם
ליגען, איז געפאלען, אז יאסיל זאל זאגען פריער דעם ליגען.

הייבט אן יאסעל זאגען א ליגען אונד דערצעהלט, איך בין אויפגעשטאנע
גאנץ פריה עס איז נאך געוועזן פינסטער, זעה איך עס שטעהט אויף דעם שפיי
דאך א פלוי אונד געניצט האב איך איהר געווארפען א שטיינדעל אין מויל אריי
איז זיא דערווארגען געווארען.

רופט זיך אפ הערשיל, עס איז טאקע אמת איך האב דאס מיט מיינע אויגע
געזעהן.

ע נ ד ע.

# דריטער טהייל.

**86.**

א רענדארקע האט געהערט פון איהר מאן אז עס דארף באלד זיין שבת נחמו, האט זיא זיך פארגעשטעלט, אז שבת נחמו איז געווים א מענש פון יענער וועלט. גראדע האט זיך געמאכט אז דער רענדאר איז אין דער היים נישט געווען ווען דער ארימער הערשעל אסטריפאליער איז אין דער קרעטשמע אנגעקומען. דיא רענדארקע האט געמיינט אויף איהם, אז ער איז א ארימאן וואס געהט ארום קבצנ'ען, האט זיא איהם געגעבען א נדבה און פרעגט איהם דערבייא: ר' קרוב! מען זאגט, אז שבת נחמו דארף באלד אנקומען, בייא אייך איז ער שוין געווען?... הערשעל, וועלכער האט פון איהרע רייד שוין ארוים געזעהען וואס פאר א חכמה זיא איז, ענטפערט ער באלד: וואס איז דאס פאר א שאלה? שבת נחמו בין איך דאך אליין!

— אזוי? איהר זייט דער שבת נחמו, זייט איהר דאך פון יענער וועלט? דערצעהלט זשע מיר, איך בעט אייך, ר' שבת נחמו, וויא געהט עס דארט מיט מיינע עלטערן? — מיט אייערע עלטערן געהט עס דארט זעהר שלעכט, ענטפערט הערשעל, זייא זיינען נאקעט און בארוויס און האבען ניט פון וואנען א טאג איבער צו לעבען!

וויא דיא רענדארקע האט דאס דערהערט, האט זיא באלד פון דעם קאסטען ארויס נעכאפט אלע מלבושים, האט דערפון געמאכט א פעקעל און האט דאס איבערגעגעבען הערשעלען. זיא האט איהם נאך צוגעגעבען אביסעל געלד אויף און האט איהם אנגעזאגט ער זאל דאס אלעס איבערגעבען איהרע עלטערן אויף יענער וועלט, און פאר דער טרחה האט זיא איהם בעלוינט מיט אביסעל געלד. אונזער הערשעל האט זיך פון אזא שליחות נישט אבגעזאגט, און איז זיך מיט דעם פעקעל אוועק געגאנגען. וויא ער איז פון דער קרעטשמע ארויס געגאנגען, האט ער זיך געטראכט, אז אנטלויפען מיט דיא זאכען איז נישט מעגליך, מחמת דער רענדאר וועט זיך באלד אומקעהרען אהיים, און וויא ער וועט זיך דערוויסען וואס ער האט

אָבנעטהון, וועט ער נעוויס איהם נאכלויפען. דאָ האט אתזער הערשעל זיך מישב נעווען און האט זיך אויסגעטהון נאקעט און אריינלעגענדיג זיינע מלבושים אין דעם פעקעל, האט ער דאס בעהאלטען העט ווייט אין וואלד און אליין; איז ער צוגעגאנגען צו דעם עק וואלד, וואס פיהרט אין דאָרף אריין און האט ארומגענומען מיט ביידע הענד א בוים און איז אזוי געשטאנען. דער רענדאר, וועלכער איז ווירקליך באַלד אהיים געקומען, און וויא ער האט פון זיין וויב דערהערט פון דעם גאסט שבת נחמו, האט גלייך פערשטאנען, אז בייא איהם אין קרעטשמע איז א שווינדלער געווען און כדי אָבראטעווען זיינע זאכען, האט ער זיך געלאָזט איהם נאכלויפען. כ׳ר קוים איז ער אריין געקומען אין וואלד, האט ער גאר פלוצים דערזעהן א נאקעטען מענשען שטעהן און ער האלט פעסט צו א בוים. דערפון האט זיך דער רענדאר נים וועניג דערשראָקען, דאָך האט ער זיך אָבגעשטעלט און געפרעגט איהם ווער ער איז.

— איך בין א מענש פון דעם הימעל, ענטפערט אונזער הערשעל, דארום גערה איך נאקעט, און דאָ שטעה איך און האלט צו דעם בוים מיט אלע כוחות, ווייל אויף דעם בוים שטעהט דיא גאנצע וועלט. ווען איך לאָז איהם אויף א רגע אָב, ווערט חס ושלום חרוב דיא גאנצע וועלט!

— אויב אזוי, אז איהר זייט יא א הימעל מענש, זאָגט זשע מיר, איך בעט איך, האט איהר ניט געזעהן דאָ דורכלויפען א מענש מיט א פעקעל זאכען?

— יא, איך האב איהם טאקי געזעהן, זאָגט הערשעל, ער האט זיך גענומען אויף איין אנדער וועג. איצט איז ער שוין זעהר ווייט און איהר וועט איהם שוין ניט דעריאָגען, נאָר איך קען אייך דאָ העלפען. ניט מיר אייער פערד און וועגעלע מיט אייערע מלבושים, וועל איך מיך אוועק לאָזען נאך איהם און וועל איהם געוויס כאפען, און איהר זאָלט דאָ דערווייל מיין שטעלע פארטרעטען. איהר זאָלט צו האלטען דעם בוים מיט אלע כוחות, ביז איך וועל צו אייך צוריק קומען. נאָר געדענקט זשע! קוים לאָזט איהר אויף א רגע אָב דעם בוים, פאלט איין דיא גאנצע וועלט!...

דער רענדאר האט איהם געפאָלגט, ער האט זיך אויסגעטהון ביז צום העמד און הערשעל האט זיך אָנגעטהון אין זיינע קליידער און איז מיט זיין פערד און וועגעלע אוועק געפאָהרען צו יענער זייט וואלד, וואו ער האט דאס פעקעל בעהאלטען. ער האט דאס פעקעל ארויף געלייגט אויף דעם וועגעלע און איז זיך אוועק געפאָהרען זיין וועג, און דעם נאקעטען רענדאר האט ער געלאָזט שטעהן צו האלטענדיג דעם בוים אין וואלד.

87.

הערשיל קומט אמאל אריין צום גוטען יודען ר' ברוך'ל און זאָגט איהם:
רבי! פאַרענטפערט מיר א תוספות'ל.

— נא פרעג, לאָם איך הערען.

— מיר איז קשה, זאָגט הערשעל, דיא דאָזיגע קשיא: ואם תאמר מה נאכל? וואס טהוט מען אז ס'איז ניטאָ וואס צו עסען?

ר' ברוך'ל האט פערשטאַנען זיין כונה און האט איהם דאס מאל נעגעבען עטליכע קאָפּיקעס ער זאָל האבען וואס צו עסען. נאָר אלס דער הערשעל איז שפּעטער ווידער צו איהם נעקומען מיט דער זעלבער קשיא, האט ער גזעהן, אז דאָ איז א מעשה אָהן א'נ'עק, האט ער איהם גלייך געפרעגט: זאָג מיר הערשעל, א ך האב דאָך דיר שוין איין מאָל פאַרענטפערט דיא קשיא, וואס זשע ביסט דוא געקומען איצטער מיר ווידער פרעגען?

— פאַרשטעהט איהר מיך, רבי לעב, אז איך בין נאָר אהיים נעקומען און האב גענומען צו קייען אייער תירוץ, איז מיר גאר נישט געבליעבען, דארום בין איך געקומען צו אייך נאך א נייעם תירוץ.

— גוט! זאָגט ר' ברוך'ל, ויש לישב בדוחק, איך קען דיר ענטפערן דאָרויף, אז ווען ס'איז נישט דאָ וואס צו עסען, לעבט מען אין דחקות.

88.

אין באַרדיטשוב איז געווען אמאל איינגעפיהרט צווישען דיא קרעמער, אז פאר 8 דעם זייגער אין דער פריה האבען זייא נישט געעפענט דיא קלייטען. נאָר איין אלמנה איז געווען וואס זיא פלעגט יא עפענען דיא קראָם פאר 8 דעם זייגער און דאס האט דיא אנדערע קרעמער שטאַרק פערדראָסען. אמאל בעקומען זייא דעם הערשלען און זאָגען איהם צו א גוטע מטבע ער זאָל אָבטהון א שפּיצעל דער אלמנה אז זיא זאָל שוין מטהר נישט עפענען דיא קראָם פאר דער צייט. אונזער הערשעל האט פיעל נישט געטראַכט. ער האט זיך באַלד אנטליהען א נייעם קאַפטאַן מיט א טיזליק, א שיינעם ספּאָדיק מיט א גרויסען שטעקען אין דער האנד און איז אין א געוויסען פריה־מאָרגען אריינגעקומען צו דער אלמנה אין קראָם און האט זיך גע־מעלדעט, אז ער איז א רענדאר, א גביר, וואס מאכט חתונה זיין טאָכטער, נאָר אזוי וויא זיין ווייב האט קיין צייט ניט, האט זיא איהם געשיקט אין שטאָט אריין, ער זאָל איינקויפען חתונה קליידער. דיא אלמנה האט זיך שטאַרק דערפרייט מיט

אזא קונה. זיא האט איהם געשטעלט א שטוהל און פרעגט איהם וואס ער וויל קויפען. גלויבט מיר, ענטפערט הערשעל, מיין ווייב האט מיר אזוי פיעל אויסגע־רעכענט, אז איך געדענק שוין גאר נישט! נאָר איך פערלאָז מיך אויף אייך. איהר האט דאָך מסתמא אמאל שוין חתונה געמאכט א טאָכטער, ווייסט איהר אליין וואס מען דארף, קלויבט זשע מיר אוים אזוי וויא איהר פערשטעהט.

דיא אלמנה טראכט זיך, אז איצט וועט זיא בייא איהם שוין פערדיענען א שעהן קערבעל און קלויבט איהם אויס פון דיא געמיינע סאָרטען שטיקער סאמעט, צייג, זיידענס א. ד. ג.

הערשעל זיצט און שאָקעלט צו מיט דעם קאָפּ: יא, יא, דאס טאקי האט מיר מיין ווייב געהייסען קויפען, און ער דינגט זיך נישט פיעל אויף דער פּרייז. וויא ער האט געזעהן, אז דיא קרעמערקע האט שוין אָנגעוואָרפען א היבשען פּאק מיט סחורה פון זיינעטוועגען, הייבט ער פלוצלינג אָן צו קרעכצען און לייגט ארויף איין פוס אויף דעם אנדערן.

— וואס קרעכצט איהר אזוי, מיין ליעבער יוד? פרעגט איהם דיא קרעמערקע.

— איך האב אזא חולאת, ענטפערט הערשעל, וואס איך קען דאס אייך נישט ארויס זאָגען. נאָר אלס ער האט אלע מאל מעהר געקרעכצט און זיך געקנייטשט און דיא קרעמערקע איז צו איהם צוגעשטאנען ער זאָל איהר זאָגען וואס איהם איז, האט ער ענדליך פאר איהר זיך מודה געוועזען אויף זיין פעהלער.

— שאט, זאָגט זיא, איך האב א גוטע ענגלישע באנד, אָט קויפט און טהוט זיא אָן.

— יא, ענטפערט ער, איך ווייס אָבער נישט וויא אזוי מען טהוט אָן א באנד.

מיט זיין טאמעוואטקייט האט ער זיא געבראכט דערצו, זיא זאָל דאס אויף זיך אָנטהון, וועט ער שוין זעהן וויא אזוי מען דארף מיט א באנד זיך באגעהן. מחמת איין ברירה האט זיא געמוזט דיא באנד אויף זיך אָנטהון.

וויא הערשעל האט געזעהן אז זיא איז שוין גוט איינגעשפּאנט אין דער באנד, האפּט ער דאס פּעקעל סחורה און לאָזט זיך לויפען אויף דער גאס ארויס, און דיא אלמנה מיט דער באנד נאך איהם.

אויף דער גאס זיינען שוין אלע קרעמערס געשטאנען גרייט, און וויא זייא האבען דערזעהן דיא קרעמערקע מיט דער באנד, האבען זייא זיך שטארק צולאכט

און הערשעל האט זיך אויך אנידער געשטעלט נעבען זייא און האט צונעפאטשט מיט דיא הענד און צו איהר געזאגט:

— איהר וועט נאך עפענען דיא קראם פאר 8 דעם זייגער?

דיא קרעמערקע איז מיט דעם פעקעל סחורה און מיט דער באנד קוים אריין געלאפען צוריק אין קלייט אריין און האט זיך שוין דאס ווארט געגעבען זיא זאל מעהר נישט עפענען דיא קלייט פאר 8 דעם זייגער.

89.

הערשעל געהט אמאל ארויס אויף דעם מארק און מעסט אויס דיא ערד מיט זיין שטעקען און פלוצים לייגט ער זיך אנידער אויף דער הוילער ערד.

דיא מענשען פון דעם מארק פרעגען איהם וואס דאס זאל בעדייטען. ענטפער ער:

— איך האב אויסגעמאסטען דיא ערד, ווייל איך וויל מיר א שטוב דא אויסבויען, האב איך אויסגעמאסטען וואו עס זאל זיין דער הויף, וואו דיא צימערן און וואו דער אויווען. דא אויף דעם פלאץ איז מיר געפעלען צו מאכען דעם אויווען, האב איך מיר דערווייל שוין ארויף געלייגט אויף דעם אויווען.

— דאס איז יא, זאגען דיא מענשען, פריש, געזונד און משוגע!

90.

צו הערשלען אין שטוב איז אמאל בייא נאכט אריין געקומען א גנב און הערשעל ליגט אויף דעם געלעגער און שלאפט נישט.

דער גנב קוקט זיך אויף אלע זייטען ארום, ער וויל געפינען וואס צו גנב'ענען, נאר צו זיין פערדראס איז אין שטוב גאר נישטא. נאר דער איינציגער דלות וואס פייפט אין אלע ווינקעלעך.

פאר גרויס צער נעהמט דער גנב ארויס זיין פושקע טאבאק און וויל האטש פאר צרות א שמעק טאבאק טהון.

דא כאפט זיך הערשעל אראפ פון זיין געלעגער און געהט צו צום גנב און שטעקט אויך אריין דיא האנד אין זיין פושקע.

ווייא דער גנב האט דערהערט, אז עמיצער שטעהט נעבען איהם, האט ער זיך שטארק דערשראקען און האט שוין געוואלט ארויס לויפען, נאר הערשעל האט איהם אנגעבאפט בייא דער האנד און געזאגט:

— שא, שא! שרעק דיך ניט, אדרבא לאָמירביידע זוכען, אפשר וועלע
מיר דאָ פאָרט עפּעס געפינען.

91.

הערשלען האט זיך אמאל פערגלוסט א מכנים אורח צו ווערען און ברענגע
אמאל אהיים איין אורח אויף וועטשערע.

וויא זיין ווייב האט דערזעהן נאך איין עסער, הייבט זיא איהם אָן שטארק צ
שעלטען:

— שטייטש, קבצן איינער! האסט אליין נישט וואס צו עסען, ברענגס
דוא נאך איין אורח מיט זיך!

דער אורח, אז ער האט דאס דערהערט, איז ער שטארק אונמוטהי
געוואָרען.

רופט זיך הערשעל צו איהם אָב:

— נישט קשה, ר׳ יוד, לאָז אייך ניט הארען וואס דיא ארורה רעדט. נישט
קשה, איהר טהוט אייך אייערס!

— וואס־זשע זאָל איך טהון? פרעגט דער אורח, אלס ער זעהט ניט קיי
סימן פון קיין עסען.

— איהר טהוט אייך אייערס, זאגט ווייטער הערשעל, נעהמט דעם זאק או
ליינט אייך שלאָפען.

92.

הערשעל איז אמאל געגאנגען אין זעהר א צעריסענע קאפּאָטע, פרעגט מע
איהם:

— ר׳ הערשעל! וואס געהט איהר אין אזא צעריסענע קאפּאָטע? איה
האט דען נישט קיין אנדערע?

— איך האב דוקא נאך א קאפּאָטע.

— פאר וואָס־זשע טהוט איהר זיא נישט אָן?

— וייל יענע איז נאך ערגער צעריסען פון דער!

93.

הערשעל האט זיך אמאל פארוועט, אז בייא דעם געוויסען רענדאר, דע
קארגען גביר, וואס ניט קיינעם ניט קיין נדבות, מוז ער א נדבה נעהמען.

ער האט זיך לייטעש אַנגעטהון און איז אריינגעקומען צו דעם רענדאר נאך א נדבה.

— איהר האט דאָך געוויס געהערט, זאגט צו איהם דער רענדאר מיט פערדראָס, אז איך גיב ניט קיין נדבות, וואס־זשע זייט איהר געקומען?

— ווייל איך וויס, ענטפערט הערשעל, אז דיא נדבה וואס איהר וועט מיר געבען, וועט דאס זיין פון אייער טובה וועגען.

— וויא אזוי איז דאס מעגליך? פרעגט דער רענדאר.

— גאנץ פשוט! עס איז אצינד אָבגעברענט געוואָרען דער גיהנם און איך געה דאס צונויף מאכען נדבות אויף א נייעם גיהנם צו מאכען.

— סטייטש, וואו זשע שטראָפט מען דערווייל דיא רשעים?

— דערווייל האט מען בייא א בויער געדונגען א גרויסע שטאל פון חזרים און אהין פערטרייבט מען דיא רשעים. נאָ פרעג איך אייך, איז עפּעס שעהן, אז אזא גביר וויא איהר זייט, וועט דארפען זיך געפינען אין א שטאל פון חזרים?

דער קארגער גביר האט דאס מאל געמוזט מילד ווערען און האט הערשלען געגעבען א שעהנע נדבה, ווארום ער האט פערשטאנען, אז דאס איז טאקי פון זיין אייגענע טובה וועגען.

דערפאר האט איהם הערשעל פערזיכערט, אז מען וועט איהם אָבגעבען דעם שעהנסטען אויבען אָן אין דעם גיהנם וואס ס'וועט זיך אויסטרויען.

94.

ר' ברוך'ל איז אמאל ארומגעפאָהרען אויף דער וועלט נאך פּדיונות און האט אויך הערשלען מיטגענומען.

וויא זייא זיינען פארבייא געפאָהרען נעבען א דאָרף איז דער טהויער פארשטעלט געוועזען מיט שומרים וואס זייא האבען נישט געלאָזט קיינעם דורכפאָהרען און דאָ איז גראדע געוועזען א גרויסע בלאָטע. וואס טהוט מען דאָ?

אונזער הערשעל טראכט ניט פיעל און זאָגט צום רבי'ן, אָט וועט איהר זעהן וואס איך וועל אָבטהון דיא פויער'ן! נאָר אז איהר וועט זעהן וויא איך וועל דורכלויפען דורך דעם טויער, זאָלט איהר טאַקי באלד מיר נאך פאָהרען.

הערשעל האט זיך באלד אויסגעטהון נאקעט און האט זיך אויסגעשמירט מיט בלאָטע פון קאָפּ ביז פיס און איז אזוי צוגעגאנגען צום טויער.

ווי די שומרים האבען איהם דערזעהן, האבען זייא געמיינט, אז דאס איז א רוח און זיינען פאר שרעק זיך צולאָפען.

דעמאָלט איז הערשעל דורכגעלאָפען דורך דעם טויער און דער רבי איז אויך באלד אריינגעפאָהרען, און אזוי זיינען זייא ביידע אָנגעקומען מיט א טרוקענעם וועג אין דעם דאָרף.

## 95.

הערשעל איז אמאל אהיים געקומען שפעט בייא דער נאכט ווען זיין טהיר איז שוין פערשפארט געוועזן. ער קלאפט שטארק אָן, הערט ער פון אינוועניג וויא זיין ווייב שעלט איהם און זידעלט איהם, וואס ער איז אזוי שפעט אין שענק געלעגען און געשיכור'ט.

— דוא נאר! זאָגט איהר הערשעל פון דרויסען, עפען נאָר אויף, איך האב דיר געבראכט א גאנצען פאס מיט וויין!

דאס ווייב הערענדיג א פאס וויין, האט געמיינט, אז אימיצער האט איהם פאר א שענקער געמאכט, איז זיא מיט שמחה אראָבגעלאָפען און האט געעפענט די טהיר.

— ווארזשע איז דיין פאס וויין? פרעגט זיא פערוואונדערט, ווען ער איז אין שטוב אריין געקומען.

— דוא נאר! איך האב היינט אויסגעטרונקען נאך מעהר פון א פאס וויין, און דוא בעמערקסט דאס גאר נישט!...

## 96.

הערשעל איז אמאל אריינגעקומען אין א קרעטשמע איבער צו נעכטיגען, און אזוי וויא מען האט פון זיין גאנג ארויס געזעהן, אז ער איז א גרויסער קבצן, האט מען איהר דארום געגעבען א קליין קישעלע צום שלאָפען.

מען טהוט א קוק, אונזער הערשעל לייגט אנידער דאס קישעלע אויף דער ערד, און שטעלט זיך דארויף אנידער מיט ביידע פיס און אזוי שטעהט ער א צייט.

מען פרעגט איהם וואס זאָל דאס בעדייטען?

— פערשטעהט איהר מיך, ענטפערט הערשעל, דאס קישעלע איז א קליינס, זאָל איך דאס לייגען צו קאָפּענס וועט מיך קוועטשען אין דער זייט, זאָל איך דאס

ליגען אונטער דער זייט, האב איך נים אויף וואס דעם קאפ אנידער צו לייגען, אמעהר האב איך מיך דערויף אניעדער געשטעלט, וועט עס זיין אין גאנצען אונטער מיר.

## 97.

איין אלטער עם הארץ א רענדאר. פרעגט אמאל הערשלען וואס טהוט דער עולם אין שול יום־כפור ווען מען פאלט כורעים ?

— איך וועל אייך זאגען, ענטפערט הערשעלע, איהר האט געזעהן וויא איטליכער נעהמט מיט זיך א יונגעל און ער טראגט אין א גרויסע פאטשיילע עפעס איינגעבונדען ? דאס טראגט יעדער יוד בלינצעס מיט זיך, און ווען מען פאלט כורעים, עסט ער זייא אויף.

דער רענדאר האט דאס גוט אריין גענומען אין קאפ און אויף יום־כפור האט ער זיך שוין אנגעגרייט א היבש ביסעל בלינצעס.

וויא עס איז געקומען צו כורעים פאלען, איז דער רענדאר אויך געפאלען כורעים און האט זיך געשמאק גענומען צו דיא בלינצעס.

דער ריח איז זיך צוגאנגען אויף דער גאנצער שול, און וויא דער עולם האט דערפיהלט דעם ריח און האט געזעהן וויא דער רענדאר לינט מעהר וויא אלע אויף דער ערד, זיינען זייא צונעגאנגען צו איהם און צו זייער גרויסען וואונדער האבען זייא דערזעהן וויא דער אלטיטשקער קייט אויף ביידע באקען דיא בלינצעס.

— זיידע ! וואס טהוט איהר ? פרעגען זייא איהם.

— גזלנים ! וויא האט איהר קיין נאט אין הארצען ניט ! ענטפערט זייא דער אלטער רענדאר, גוט איז אייך וואס איהר האט יונגע צייהן, איך האב דאך אבער שוין גאר קיין צייהן נישט, ווארט־זשע אויס אביסעלע, לאם איך חאטש אראב שלינגגען וואס איך האב אין מויל.

מען קען זיך פארשטעלען דיא סצענע וואס עס איז געוועזען אין שול, ווען דער עולם האט דעם רענדאר אויפגעקלערט, אז צו כורעים פאלען עסט קיינער נישט, און אז יום־כפור טאר מען נישט אפילו טרינקען אויך.

דער רענדאר נעביך האט זיך דיא האר געריסען פאר גרויס בושה און צער וואס דער הערשעל האט איהם אנגעמאכט.

---

הערשעל קומט אמאל אריין אין א קרעטשמע מיט הונגער׳ן און בעט דער רענדארקע זיא זאָל איהם געבען עפּעס עסען.

נאָר דיא רענדארקע איז געווען א שלעכטע, האט זיא געזאגט, אז עס איז גאר נישטאָ וואס צו געבען.

הערשעל געהט אָבער אריין אין קיך, זעהט ער א גאנצע שיסעל מיט וואַרעניקעס שטעהן. איהם איז נעביך דיא סלונע איבערגעגאנגען, נאָר דאָך האט ער געמוזט שווייגען און האט זיך אנידער געזעטצט אין א ווינקעלע פערזאָרגט.

דערווייל איז אין קרעטשמע אריין געקומען א מענש פון דעם פריץ מיט א בייטש אין דער האנד און האט א געשרייא געטהון צו דער רענדארקי:

— דאַי ראַשי, זיא זאָל בעצאָהלען פאר דער ארענדע.

דיא רענדארקי האט זיך גענומען צום געלד געבען, און דער מענש זעהט וויא הערשעל זיצט זעהר פערזאָרגט.

— וואס ביזטו אזוי פערזאָרגט, זשידזשי? פרעגט ער הערשלען.

דאָ האט הערשעל איהם דערצעהלט זיין ביטער הארץ מיט דער שיסעל וואַרעניקעס.

— נעהם דיא וואַרעניקעס און עס זייא אויף ביז איינעם, אויף מיין חשבון!

הערשעל האט איהם דיא מינוט געפאָלגט און האט זיך געשמאק גענומען צו דיא וואַרעניקעס.

דיא רענדארקי האט אנפאנג געשוויעגען, נאָר וויא זיא האט געזעהן, אז הערשעל ווערט גאר נישט מיעד צו עסען, הייבט זיא איהם אָן צו ווינקען מיט דיא אויגען ער זאָל נישט אויפעסען אין גאנצען.

נאָר אונזער הערשעל הערט קיין וואָרט נים און עסט ווייטער.

דאָ געהט זיא צו איהם שוין צו און זאָגט שטיל:

— יהודי! האט רחמנות! לאָזט עפּעס איבער פיר דיא ילדים׳ס ווענען.

— אוועק פון מיר! שרייט הערשעל, וואס ווילט איהר מיך אונגליקליך מאכען? איהר זעהט נים וויא דער ערל שטעהט מיט דער בייטש?

— געוואלד, האט רחמנות, יהודי, בעט איהם ווייטער דיא רענדארקי, דיא ילדים וועלען אויפשטעהן, און איך האב זייא גאר נים וואס צו געבען צו עסען.

— געוואַלד! מאַכט מיר ניט אומגליקליך, שרייט הערשעל נאָך העכער, איהר ווילט אַז דער ערל זאָל מיך דערהרגענען.

און אַזוי האָט הערשעל אין איינע שרעק און אַנגסט, נעביך געמוזט אויפ־עסען די גאַנצע שיסעל וואַרעניקעס.

99.

הערשעל קוממט אַמאָל אַריין אין אַ קרעטשמע, ער זעהט וויא דער טיש איז גע־גרייט. עס שטעהט אַ גרויסע שיסעל מיט הייסע מילך און בייא דער זייט ליגט אַ פּריש ברויט.

דער רענדאַר נעהמט זיך וואַשען צום עסען און איהם בעט ער ניט צום טיש.

הערשלען פאַרדריסט דאָס זעהר, דאָך שווייגט ער. ער נעהמט אַרויס זיין קליין מעסערל און שטעלט זיך סאַמע אויף דעם עק טיש זיין מאַכאָרקע שניידען. דער טיש איז געוועזן אויף דרייא פיס, און וויא הערשעל האָט אָנגעהויבען צו שניידען דיא מאַכאָרקע, האָט דער טיש זיך געטהון אַ שאָקעל און דיא שיסעל מילך האָט זיך פערחליפעט.

דער רענדאַר, וועלכער זאָגט דערווייל דעם שאו ידיכם, זעהט דאָס גוט צו און שרייט צו הערשלען, ווייזענדיג אויף דער שיסעל:

— נאָ, האַ! . . .

— איך דאַנק אייך זאָגט הערשעל, איך וויל ניט עסען.

דער רענדאַר מיינט דאָך אָבער גאָר נישט דאָס, און וויא ער זעהט, אַז דיא מילך פערחליפעט זיך ווידער, שרייט ער שוין העכער:

— נאָ, האַ! און ווייזט איהם אויף דער שיסעל וויא זיא פערגיסט זיך.

— האַ, זאָגט הערשעל, איהר ווילט דווקא איך זאָל מיט אייך געהן עסען, נאָ טהו איך אייך צוליעב.

און נאָך איידער דער רענדאַר האָט אויסגעפייעט איין המוציא צו מאַכען, האָט הערשעל זיך שוין געוואַשען און איז שוין געזעסען בייא דעם טיש.

דער רענדאַר האָט שוין ניט געקאָנט איהם צו זאָגען, אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט מיט זיין „נאָ, האַ."

---

## 100.

הערשעל האט געוואָלט אמאל א שידוך אויספיהרען, דער חתן איז אָבער געווען נאך גאר א גראָב אינגעל, האט כלה׳ס צד איהם נישט געוואָלט.

נאָר אלס הערשעל איז זייא ערוב געווען, אז ביז צו דער חתונה וועט דער חתן קענען א בלאט גמרא אָבלערנען, איז דער שידוך געשלאָסען געוואָרען.

עס איז שוין אָבער גאר נישט וויט געווען צו דער חתונה און דער חתן האט פאָרט נישט געקענט, זיינען אָנגעפאלען כלה׳ס צד אויף אונזער הערשלען און שרייען:

— געוואלד! וואס האט איהר אונז גענארט?

— וואס הייסט איך האב אייך גענארט? זאָגט הערשעל, איך בין אייך ערוב געווען, אז דער חתן וועט קענען א בלאט גמרא אָבלערנען און וויא דער שטייגער פון יעדען ערוב איז, אז ווען דער לוה האט נישט צו בעצאָהלען מוז דער ערוב פאר איהם דעם חוב בעצאָהלען, נאָ וועל איך אויך אזוי טהון: אז דער חתן וועט ביז צו דער חתונה נישט קענען אליין אָבלערנען קיין בלאט גמרא, וועל איך זיין ערוב, פאר איהם אָבלערנען דעם בלאט גמרא!...

## 101.

הערשעל האט זיך אמאל שטארק געקריגט מיט זיין ווייב און בעת דעם קריגען זיך זאָגט ער צו איהר:

— דוא ביזט מיר ערגער פון 10 הולטייעס קינדער! ווען איך זאָל האבען 10 מופקרים זיהן אָדער ברידער, וואָלט מיר אזוי שלעכט נים זיין, וויא איך האב דיך נאָר אליין.

— וואס מיינסטו דו דערמיט? פרעגט איהם דאס ווייב.

— אָט וועל איך דיר זאָגען, צוריק מיט יאָהרען ווען איך בין נאך יונג געווען, בין איך געגאנגען אין וועג און בין זעהר הונגריג געוואָרען. מיט אמאל בעגעגנען איך איין אָרימאַן, פרעג איך איהם:

— איז ערגעץ נישטאָ נאָהענט א דערפעל וואס עס זיצען דאָרט יודען און איך זאָל בייא זייא קענען עפּעס אָבעסען.

ענטפערט ער מיר, אז דאָ נים וויט זיצט א יוד, נאָר ער איז זעהר קארג, ער וויל קיינעם נים געבען קיין עסען. ווען עס קומט אָבער צו איהם א שדכן, ניט

ער איהם דאס בעסטע און דאס שענסטע צום עסען, ווייל ער האט א בתולה, צום ער פאר איהר א חתן.

בין איך זיך מישב און מעלדע מיך בייא דעם קארנען פאר א לייטישען יונגען מאן, איין אלמן.

וויא ער האט מיט מיר גערעדט. בין איך איהם באלד נעפעלען און ליינט מיר פאר זיין איידעם צו ווערען.

זעהר שעהן! איך בין צו מזל א חתן געוואָרען פאר זיין טאָכטער און דיא חתונה האט מען אָבגעליינט אויף גאר א קורער צייט.

וויא עס איז געקומען דער חופה טאָג, רוף איך אָב דעם מחותן אָן א זייט און זאָג איהם, אזוי וויא תיינט דארף שוין זיין דיא חופה, לכן וועל איך אייך זאָגען מיין יחוס, בכדי טאָמער געפעלט אייך נים, זאָלט איהר דערנאָך צו מיר קיין פרעטענציעס נים האבען.

— איהר זאָלט וויסען, אז איך האב א ברודער א מופקר.

— דאס מאכט נישט אויס, ענטפערט ער קאַלטבלוטיג.

— מיין שוועגערין איז אויך א מופקרת!

— העט, דאס איז נאך נישט פון דיא גרויסע אונגליקען.

— צווייא פעטערס האב איך, זיינען זייא ביידע הולטייעס!

— מעהר קיין אונגליק זאָלט איהר נישט האבען.

— אין מיין משפחה געפינען זיך בסך הכל 10 מופקרים און הולטייעס.

— נא, וואס־זשע איז? זאגט ער ווייטער מיט א שמייכעל. מען נעהמט ארויס דיא קוה און מען פערברענט דיא שטאל.

— און א ווייב האב איך אויך.

וויא ער האט נאָר דערהערט אז איך האב א ווייב, האט ער מיך באלד אָנגעכאפט ביים קארק און האט מיך ארויס געוואָרפען.

— נא, איצט זאָג אליין, ביזט דוא מיר דען נישט ערגער פון 10 הולטייעס אין מיין משפחה?

## 102.

ר' בחוך'לס ווייב, דיא רעביצען, האט אמאל אָנגעזידעלט הערשלען, נאָר ער האט פערשווינען און האט זיך דאס וואָרט געגעבען ער זאָל איהר אמאל אָבמהון א שפיצעל.

אין א צייט ארום האט דיא רביצען איהם געבעטען ער זאָל צו איהר שיקען זיין ווייב, זיא וויל זיך מיט איהר בעקענען.

— זעהר שעהן, ענטפערט הערשעל, נאָר איהר זאָלט וויסען, אז מיין ווייב איז טויב וויא דיא וואנד, מען מוז צו איהר גוט שרייען ביז זיא דערהערט עפעס.

דיא רביצען האט איהם צוגעזאָגט צו שרייען.

הערשעל איז אהיים געגאנגען און האט געזאגט זיין ווייב, אז דיא רביצען ווינשט מיט איהר זיך צו בעקענען. נאָר אזוי וויא דיא רביצען איז טויב וויא דיא וואנד, זאָל זיא צו איהר שטארק שרייען.

וויא הערשעל'ס ווייב איז אריינגעקומען צו דער רביצען, איז צווישען דיא צווייא ווייבער געוואָרען אזא שרעקליך געשרייא, אז דער רבי האט דיא קולות דער־הערט אזש פון זיין שטיבעל, וואו ער איז געזעסען מיט זיינע חסידים, און אלע זיינען אין איינע שרעק אריינגעפאלען צו דער רביצען אין שטוב, און וויא זייא האבען דערזעהן וויא דיא צווייא ווייבער זיינען שוין אָהן כוחות געבליעבען צו שרייען איינע צו דיא אנדערע, האבען זייא געפרעגט נאך וואס זייא שרייען אזוי.

וויא דיא רביצען האט זייא דערצעהלט אין הערשעל'ס נאמען, אז זיין ווייב איז טויב, איז הערשעל'ס ווייב אויפגעשפרונגען פון איהר אָרט און האט אויס־געשריען:

— סטייטש! ער האט דאָך מיר געזאָגט, אז דיא רביצען איז טויב.

דאָ האט דיא רביצען שוין פערשטאנען, אז הערשעל האט געמיינט אין איהר זיך נוקם צו זיין.

---

צו ר' ברוך'לען אז מען פלעגט אָנקומען מיט א ספר נאך א הסכמה, פלעגט ער ניט וועלכען געבען. וואס־זשע פלעגט ער טהון, פלעגט ער אָבשיקען צו הערשלען.

דער בידנער מחבר ווייסט נעביך פון גאר ניט, נעהמט ער צו הערשלען און מיינט, אז דער ר' הערשעל איז זעהר א גרויסער גוטער יוד.

איינמאל האט געבראכט א מחבר א ספר צו ר' ברוך'לען און דער ספר איז נאך ניט געווען קיין געענדיגטער.

ר' ברוך'ל שיקט איהם מן הסתם אָב צו הערשלען.

הערשעל אָסטראָפּאָליער נעהמט דעם ספר און ליינט איהם אריין אין שטיינ פון דיא הויזען.

דער מחבר קומט צו געהן און מיינט נעהמען איין הסכמה, ועהט ער וויא דער ר' הערשעלע נעהמט ארויס זיין ספר פון דער שטייג.

רופט זיך אָן דער מחבר צו הערשלען ברוגז'ערהיים.

— וואס איז? איהר האט קיין אנדער אָרט ניט געהאט פון מיין ספר וועגען, וואס איהר האט איהם אריין געלייגט אין שטייג אריין.

הערשעל ענטפערט איהם אָבער:

— פערשטעהט איהר, סערדצע, אייער ספר איז נאך ניט קיין דערמאכטער, זאב איך איהם אריין געלייגט אין שטייג אריין, דיא היהנער זאָלען איהם דער־זאבען.

---

הערשעל אָסטראפּאָליער, ווען ער פלעגט זיין אין ליובאָוו, פלעגט ער איינ־שטעהען בייא איינעם וואס ער האט געהייסען יאָסיל טורקיל, אויך א גרויסער ווערטיל־זאָגער, נאָר זייער א גרויסער קבצן. דער יאָסיל פלעגט זיין זעהר ברוגז אויף איהם וואס ער שטעהט איין בייא איהם סטאַנציע, און פלעגט איהם זאָגען:

— וואס האסטו בייא מיר דערזעהען אזוינס, וואס דוא האסט בייא מיר זיך אויסגעקליבען האלטען סטאַנציע. דוא ווייסט דאָך וואויל, אז איך בין אזא קבצן וויא דוא אָן איך פערמאָג ניט דיך האלטען אייף שבת. דוא קענסט דיר ניט אויס־קלייבען איין אנדער יודען זאָל דיך נעהמען אויף שבת.

הערשעל זאגט, איך האב אָבער בעסער ליעב האלטען בייא דיר שבת. פערשטעהסטו סערדצע, מיר זיינעןביידע קבצנים, איז אזוי, דיינס מיינס, מיינס דיינס, און בייא דיא נגידים, מיט דעם קאָפּ זאָלען זייא אָנלייגען, בלאָזען פון זיך און מען דארף זיך היטען ביים עסען גלייך וויא מען עסט זייערס.

יוסף רופט זיך אָן צו הערשלען, געדענק! איך וועל דיר אמאל אָבטהון א שפּיטצעל, אז דוא וועסט שוין פערזאָגען דעם צעהנטען, ער זאָל בייא מיר ניט איינשטעהן.

זאָגט הערשעל וואס קענסטו מיר אָבטהון?

זאָגט יוסף טורקיל, איך וועל דיר צו האקען דיין ווענעלע אויף פּיין פּיצלעך און וועל עס אויסהייצען אויף טשאָלענט.

הערשעל מיינט, אז דער יאָסיל זאגט איהם דאס אויף קאטאָוועס.

מן הסתם פערפאָהרט הערשעל נאך איינמאל פרייטאג צו דעם יאָסלין אויף שבת, און שפּאַנט אוים זיי' פערד און געהט אריין אין שטוב, און רעדט אביסעל מיט יאָסליו, און נאכדעם נעהט ער אין באָד אריין.

מיין יאָסיל איז זיך מישב און צו האקט הערשעל׳ס וועגעלע מיט דיא רעדליך אין גאנצען און הייצט אויס אין גאנצען אויף טשאָלענט, און נעהט אויף אין באָד אריין.

אזוי וויא ער נעהט בענגענט ער׳ שוין הערשלען נעהן פון באָד. יאָסיל דערזעהט הערשלען, הייבט ער אָן לאכען. הערשעל אָבער לאכט נאָך שטארקער.

— יאָסיל זאָגט וואס לאכסטו הערשעל?

— הערשעל זאגט וואס לאכסטו יאָסיל?

— יאָסיל זאגט איך וויים וואס איך לאך. נעה אהיים וועסטו זעהן וואס איך לאך. אָבער וואס לאכסטו?

רופט זיך אָן הערשעל, איך לאך טאקי אויף דערפון. איך פערשטעה, אז דוא האסט אוודאי געמוזט צו האקען מיין וועגעלע. פאַר וואס האסטו אזוי געטהון? ווייל מיין וועגעלע איז זעהר טרוקען האָלץ. דוא ביזט אָבער פאָרט א נאַר, פאַ וואס האסטו ניט צו האקט בעסער מיין פערד. ער איז דאָך נאָך א סך דארעו און טריקענער פון מיין וועגעלע. איאָ יאָסיל מיר לאכעןביידע פון איין נע־שעפט?

## 103.

הערשעל איז אמאל געוועזן אין א קליין שטעדטעל, איז ער נעגאנגען אין קלוי־דאווגען, זעהט ער וויא איינער נעהט אום איבער׳ן קלויז און דאווענט, אָבע קיין ווערטער הערט מען פון איהם ניט, נאָר ער מאכט בי מי, בי מי.

נאָך דעם דאווגען, ווען דער מענש איז ארויס נעגאנגען פון דעם קלויז, נעה־ איהם הערשעל אויף נאָך און רופט צו איהם:

— ר׳ קרוב! ר׳ קרוב!

דער יוד נעהט צו איהם צו און פרעגט איהם וואס ער וויל?

— בי מי, בי מי! ענטפערט איהם דערויף הערשעל אָב.

דער יוד בטלט איהם אויס אלע חלומות און נעהט זיך אוועק.

אונזער הערשעל רופט איהם אָבער נאָך אמאל:

— ר׳ קרוב! ר׳ קרוב!

און וויא יענער נעהט ווידער צו איהם צו, זאגט ער איהם נאָך אמאל:

— בי מי, בי מי!

— רעדט ווערטער, לאָם איך אייך פערשטעהען! שרייט צו איהם דער יוד.

— וואס־זשע, פרעגט הערשעל, איהר פערשטעהט מיך דען ניט?

— אוודאי פערשטעה איך ניט אייער בי מי, בי מי!

— אויב אזוי זאגט הערשעל, אז איהר פערשטעהט יא ניט מיין מורקען, פאר וואס־זשע ווילט איהר אז גאָט זאָל אייך יא פערשטעהן און איהר מורקעט אָב דאס גאנצע דאווגען מיט בי מי, אָהן ווערטער?

דער יוד וועלכער איז אָבער אויך קיין נאר ניט געוועז, ענטפערט ער איהם באלד אויפ׳ן אָרט:

— קומט צו מיר אהיים, וועל איך אייך עפּעס ווייזען.

ווי זייא זיינען נאָר אהיים געקומען, זיינען עטליכע קליינע קינדערליך אקעגען געלאָפען דעם יודען, זייער טאטען מיט א לשון:

— בי מי, בי מי!

— איהר פערשטעהט וואס זייא ווילען פון מיר? פרעגט הערשלען דער יוד.

— ניין, ענטפערט הערשעל, איך הייב אפילו נישט אָן צו פערשטעהן וואס זייא ווילען פון אייך!

— און איך פערשטעה זייא יא, זאגט דער יוד, און האט דאס איהם גלייך בעוויעזען אויפ׳ן אָרט.

— נאָ מילא זאגט הערשעל, איהר זייט דאָך זייער פאטער, דארום פערשטעהט איהר שוין אויפ׳ן ווינק פון אייערע קינדער וואס זייא מיינען מיט זייער בי מי, אָבער וויא קום איך זייא צו פערשטעהן?

— זעהט איהר שוין, רופט זיך אָב דער יוד, בייא אייך איז א חידוש געוועזן וואס איך מאך אָב דאס דאווגען מיט בי מי, וואס איהר פערשטעהט דאס ניט, ווייל איהר זייט א פרעמדער, אָבער דער רבונו של עולם, מיין פאטער, פערשטעהט מיך שוין גוט און ווייסט שוין וויא אזוי איך דאווען.

**104.**

הערשעל האט זיך אמאל צוקריגט מיט דעם בעל תפלה פון דער קלויז, נאך וואס ער האט איהם אָנגערופען שיכור, און האט זיך דאס וואָרט נעגעבען ער זאָל איהם דערפאר אָבטאָן א שפּיצעל.

עס איז געקומען הושענא רבה אויף דער נאכט, ווען דיא יודען זאגען דיא גאנצע נאכט תקון און פארטאג געהען אונזערע אבערגלויבישע ארויס צו קוקען אויף זייער שאטען אויף דער שיין פון דער לבנה, און ווער עס זעהט נישט זיין גאנצען שאטען, רעדט זיך איין, אז ער וועט דאס יאָהר נישט אויסלעבען.

אונזער בעל־תפלה איז פארטאג אויך ארויס געגאנגען צו זעהען זיין שאטען. ער האט זיך געלאָזט אריין געהן אין מקוה, וואס דאָרט איז געוועזען בייא דער וואנט א פענסטער אין גאס ארויס, און דיא שיין פון דער לבנה האט זיך דאָרט ארויס געזעהן.

דאָ האט הערשעל אנידער געשטעלט א ציג נעבען דעם פענסטער פון דער מקוה.

וויא דער בעל־תפלה האט א קוק געטהון אויף דעם וואסער פון דער מקוה איז אראָב געפאלען דער שאטען פון דער ציג גלייך אויף דעם וואסער אזוי, אז דער בעל־תפלה האט געזעהן פאר זיך א שאטען פון א רעכטע ציג.

ער האט זיך שטארק דערשראָקען, דען ער האט געגלויבט, אז דאס יאָהר דארף ער מגלגול ווערען אין א ציג און איז אין איינע שרעק אהיים געלאָפען.

אין דער היים האט זיין ווייב געקנעטען חלה און האט אין דער קוואָרט וואס מען שעפט וואסער צושלאגען עטליכע אייער אויף צו בעשמירען דיא חלות.

דער בעל־תפלה, וועלכער איז געוועזען שטארק צוטראגען פון דער מעשה מים דער ציג, האט אין איילעניש געכאפט דיא קוואָרט און האט מיט דיא צושלאגענע אייער זיך אָבגעשמירט דאס פנים, ווייל ער האט געמיינט, אז דאס איז וואסער.

וויא דא ווייב האט איהם דערזעהן, שרייט זיא אויס:

— וועה איז מיר! וואס איז דיין פנים אזוי פארגעלט?

דעם בעל־תפלה האט זיך אויסגעדאכט, אז פון איהם ווערט שוין א ציג, איז ער באלד אריין געלאָפען אין זיין חדר און האט זיך פערשלאָסען.

דאס ווייב האט געמיינט, אז ער איז פונ׳ם זינען אראָב און האט געמאכט א געוואלד, אז אלע שכנים זיינען זיך צונויף געלאָפען און האבען געריסען דיא טהיר, נאָר ער האט אלץ ניט געוואָלט עפענען.

— געוואלד! וואס ווילט איהר פון מיר? האט ער צו זייא ארויס געשריען פון זיין חדר. ניט גענוג וואס איך בין אזוי אונגליקליך, לויפט איהר נאך זיך צונויף אויף מיין בעז וואונדער!...

דערווייל איז רעכט טאָג געוואָרען, מען האט אין קלויז שוין געדאַרפט הושענות זאָגען און דער בעל־תפלה איז נאך נישטאָ.

מען האט צו איהם געשיקט דעם שמש.

ער וויל ניט געהן.

מען האט נאך אמאל צו איהם געשיקט דעם שמש, וועלכער האט שוין טאַקי נישט געוואָלט פון איהם אָבטרעטען און האט איהם מיט געוואַלד געבראַכט אין שול אריין.

דער בעל־תפלה איז אריין געקומען אין קלויז מיט א פערוויקעלט פנים און איז צוגעגאַנגען צום עמוד.

איידער ער האט זיך געשטעלט דאַוונען, האט ער זיך אָבגערופען צום עולם:

— רבותי! איך האב ניט געוואָלט געהען אין שול, איבער דעם אונגליק וואס מיך האט געטראָפען, נאָר אזוי וויא איהר האט מיך מיט געוואַלד אהער געבראַכט, בעט איך אייך זעהר, אז אויב וויא איך וועל מעקען, זאָלט איהר חאָטש ניט לאַכען פון מיר.

דערנאָך האט ער זיך געשטעלט זאָגען הושענות.

הערשעל האט זיך הינטער איהם אויך געשטעלט.

וויא דער חזן האט נאָר א געשרייא געטהון:

— הושענאָ!

הערשעל האט איהם אין דער שטיל אונטערגעזאָגט:

— מע־ע־ע־ע! ...

דעם חזן האט זיך אויסגעוויזען אז ער אליין מעקעט דאס אזוי, איז ער אוועק געלאָפען פון דעם עמוד.

דער עולם האט זיך נישט געקענט אָבוואונדערן דערויף, ביז הערשעל האט געמוזט צוגעהן צו דעם בעל־תפלה און האט פאר איהם זיך מודה געווען, אז דאס האט ער דיא גאַנצע שפיעל געמאכט, ווייל ער האט אין איהם זיך געוואָלט נוקם זיין פאר דעם וואָרט שכור, וואס ער האט איהם אמאל געזאגט.

ערשט דאמאלס, האט זיך דער בעל־תפלה רעכט בערוהיגט.

———

## 105.

הערשעל איז אמאל געקומען אויף א יריד גראדע אין דעם טאג ווען ער האט יאהרצייט געהאט.

ער האט צו מנחה געוואלט א מנין צונויף נעמהען, כדי ער זאל קענען קדיש זאגען.

אבער דאס איז ניט מעגליך געווען אויסצופיהרען, ווייל איטליכער איז געווען פארנומען.

האט ער זיך מישב געווען און איז אריין געגאנגען אין א שטוב און האט אנגעהויבען צו שרייען:

— געוואלד!

באלד זיינען זיך צונויף געלאפען א פוללע שטוב מיט מענשען.

דערווייל האט הערשעל באלד א געשרייא געטהון:

— יתגדל ויתקדש.

## 106.

הערשעל, ווען ער איז געווען א קליין אינגעל, איז איהם דער בעהעלפער געקומען אמאל רופען אין חדר אריין.

זאגט ער צו דעם באהעלפער:

— געה זאג דעם רבי'ן, אז ס'איז גלייך וויא איך בין שוין געווען אין חדר.

— וואס איז דאס פאר א תירוץ? פרעגט איהם דער פאטער.

— ווארום איך האב אמאל געהערט, ענטפערט הערשעל, וויא דוא האסט געזאגט, ווען מען איז דיך געקומען רופען אויף א חתונה, אז ס'איז גלייך וויא דוא ביזט שוין געווען, און אז אויף ניט צו געהען, זאל מען קיינמאל קיין חרטה נישט האבען, נא זאג איך אויך אזוי.

## 107.

דרייא מענשען האבען אמאל פעררופען הערשלען אין א ווינשענק און בייא א גלעזעל וויין, האבען זייא איהם אויסדערצעהלט זייערע צרות, און האבען איהם געבעטען איין עצה.

איינער דערצעהלט איהם, אז ער לייזט געשמאַק אין קראָם און איז א קליינער בעל הוצאה און דאָך ווערט פון טאָג צו טאָג וועניגער סחורה אין זיין קראָם.

הערשעל האט איהם איין עצה געגעבען, ער זאָל זיך לייגען אין דרויסען שלאָפען בייא דער קראָם.

דער צווייטער קלאָגט זיך, אז ער האט קיין אפּעטיט ניט צום עסען.

הערשעל הייסט איהם געהן אין וואלד.

דער דריטער דערצעהלט איהם, אז ער האט א שלעכט ווייב, וואָס זיא שילט איהם נאָר תמיד.

הערשעל הייסט איהם אין מיהל אריין געהן.

אלע דרייא מענשען האבען זיינע ווערטער ניט פערשטאַנען, דאָך האבען זייא זיך גענומען צו פּריווען וואס ער האט זייא געזאגט, אפשר וועט דאס פאָרט העלפען.

דער סוחר האט בייא נאכט זיך געלייגט אין דרויסען נעבען דער קראָם שלאָפען, האט ער דעזעהען וויא זיינע משרתים האבען שטילערהייט דיא קראָם געעפענט און האבען פון דאָרט ארויס גענומען דיא טהייערסטע עסענוואַרג און האבען מיט גוטע ברידער אָנגעהויבען אָבצולעבען א גוטע נאכט.

ער האט שוין דאן פערשטאַנען, פאר וואס עס ווערט אלע מאל וועניגער סחורה אין זיין קראָם.

ער האט אויף מאָרגען באַלד איבערגעביטען דיא משרתים, און פון דעמאָלט אָן האט ער טאקי אָנגעהויבען מצליח צו זיין.

דער צווייטער איז אוועק געגאַנגען אין וואלד.

פון דעם געהן איז ער געוואָרען שטאַרק מיעד, דערצו האט ער נאָך געזעהען וויא א בויער מוטשעט זיך ארויף צו לייגען אויף זיין וואָגען דיא אָבגעהאַקטע בוימער, האט ער איהם צוגעהאָלפען.

פון דער שווערער ארבייט איז ער אזוי מיעד און הונגעריג געוואָרען, אז ווען ער איז אהיים געקומען, האט ער זיך גענומען צום עסען וויא א וואָלף.

ער האט שוין פערשטאַנען, אז ווען מען מאַטערט זיך גוט אָן, האט מען איין אפּעטיט צום עסען.

דער דריטער איז אוועק געגאַנגען אין מיהל אריין, זעהט ער וויא א בויער פיהרט א וועגעלע מיט מעהל און דאס פערד בלייבט פּלוצלינג שטעהן און וויל ניט ארויף געהן אויף דעם בארג.

אלס דער בויער האט אָנגעהויבען שמייסען דאס פערד מיט דער בייטש און האט איהם אָבגעצעהלט 40 שמיטץ, איז דאס פערד ארויף געפאָהרען אויף דעם בארג.

דאן איז דעם מענשען איינגעפאלען א געדאנק אין קאָפּ, ער זאָל זיך אויך קויפען א בייטש און זאָל פּרובירען זיין ווייב אָבצעהלען 40 שמיטץ, אפשר וועט זיא פון דיא שמיטץ ווייבער ווערען.

ער האט אזוי געטהון.

וויא זיין ווייב האט איהם נאָר אָנגעהויבען צו שילטען, האט ער זיא אָנגע־הויבען צו שמייסען מיט דער בייטש.

אנפאנגס האט דאס ווייב איהם טאקי געשאָלטען, חאָטש ער האט גע־שמיסען, נאָר וויא זיא האט דערפיהלט גוט דיא שמיטץ, איז זיא שוין ווייבער געוואָרען, נאָר ער האט אלץ געשמיסען.

דאס ווייב האט איהם שוין צוגעזאגט קיינמאל ניט צו שילטען, אבי ער זאָל שוין אויפהערען.

— ניין, זאגט ער, 40 שמיטץ מוז איך דיר אָבצעהלען, ווייל דאס איז א רפואה, און האט טאקי אזוי געטהון.

פון דעם טאָג אָן, ווען זיא האט נאָר געוואָלט א מויל אויף איהם עפענען, איז פאר איהם גענוג געווען, ער זאָל איהר נאָר דאס וואָרט „פערציג" ארויס זאָגען, איז זיא באלד פערשטומט געוואָרען.

108.

ווען הערשעל איז נאך א קינד געווען, איז ער אמאל געזעסען אים ווינטער מיט דעם פאטער ביים מיטאג עסען.

מען האט דערלאנגט געזאָטען־פלייש מיט דיא פיסלעך פון דער גאנז.

דערווייל האט זיך דער פאטער פערקוקט, האט הערשעל א כאפּ געטהון א פיסעל און האט עס אויפגעגעסען.

דער פאטער האט זיך אומגעקוקט, זעהט ער, אז ס'איז דאָ נאָר איין פיסעל, זאגט ער צו איהם:

— הערשעל! וואס האסטו אויפגעגעסען א פיסעל?

— ניין, טאטע, ענטפערט הערשעל, איך האב דאס פיסעל ניט אויפגעגעסען, מסתמא האט דיא גאנז געהאט נאָר איין פוס.

— סטייטש! זאגט דער פאטער, וואו האסט דוא געזעהען א גאנץ מיט איין פוס?

— קום צום טייך, וועל איך דיר ווייזען א סך גענז, וואס האבען נאר איין פוס.

נאך דעם עסען, איז דער פאטער מיט איהם געגאנגען און הערשעל האט איהם געוויזען, וויא א גאנז איז געשטאנען אויף דעם איין נאר אויף איין פוס, און דער אנדערער פוס האט זיך ניט ארויס געזעהן.

— נאָ, זעהסטו טאטע! אָט איז א גאנז מיט איין פוס.

— ווארט, זאגט דער פאטער, אָט וועסטו זעהן, אז דוא האסט א טעות, און ער האט מיט דער האנד א טרייב געטהון די גאנז, האט זיא אראָב געלאָזט דעם אנדערן פוס אויך.

— הע, זאגט הערשעל, האסטו דאָך מיט דער האנד א טרייב געטהון די גאנז, איז געוואָרען צווייא פיסלעך.

— ווען דוא זאָלסט געווען בייא דעם טיש אויך א טרייב טהון מיט דער האנד, וואָלט אויך געוואָרען צווייא פיסלעך. (דאס האט ער געמיינט, אז ווען דער פאטער זאָל געזען איהם א קלאפּ טהון איבער דיא הענד, וואָלט ער ניט גענומען דאס פיסעל.)

## 109.

הערשעל איז אמאל געקומען צו ר' ברוך'לען אום ערב־פסח און זאגט איהם, אז ער האט ניט אין וואס דיא הגדה צו זאגען, האט איהם דער רבי אוועק געגעבען דיין סדור.

צום אנדערן סדר איז הערשעל ווייטער צו איהם געקומען און דערצעהלט ווידער, אז ער האט ניט אין וואס דיא הגדה צו זאגען.

— סטייטש! פרעגט דער רבי, נעכטען ערשט האב איך דאָך דיר מיין סדור געגעבען, פאר וואס זאָגסט דוא, אז דוא האסט ניט אין וואס דיא הגדה צו זאָגען.

— פערשטעהט איהר מיך, רבי לעב, דיא מעשה דערפון איז אזוי געווען:

— נעכטען, אז איך האב אָנגעהויבען צו זאָגען דיא הגדה און בין צוגעקומען צו דעם אָרט וואו עס שטעהט:

— מעשה ברבי אליעזר בר׳ עזריה ור׳ עקיבא, ור׳ טרפון, און איך האב פאַר זיך דערזעהען אזעלכע געסט, מיט וועלכע איך האב מיך א גאַנץ יאָהר ניט געזעהן, האב איך זייא זעהר שעהן אויפגענומען און מיר האבען געטרונקען וויין. נאָר אַזוי וויא איך האב געהאט נאָר אביסעל וויין, האבען מיר עס באַלד אויס־געטרונקען.

— דאַן זאג איך צו זייא, קומט חברה אין ווינשענק, וועלען מיר דאָרט ווייטער טרינקען.

— מיר זיינען אלע אוועק געגאַנגען אין ווינשענק אריין, און האבען זיך גע־שמאַק גענומען צום טרינקען.

— איך, וואס בין שוין מיט דעם טרינקען געוואוינט, האט דאס מיר נאָר ניט געשאדעט און האב געקענט אהיים טרעפען, נאָר זייא זיינען געווען קליינע טרינקער, האבען זייא שוין ניט געקענט אהיים געהן, און זיינען געבליבען דאָרט אין ווינשענק ליגען און זייא ליגען דאָרט נאך איצט אויך.

דער רבי האט פון זיין דערצעהלען שוין פערשטאַנען, אז ער האט זיין סדור פאַרזעצט אין שענק פאַר משקה, האט ער געמוזט שיקען דאס אויסלייזען און האט עס איהם ווייטער געגעבען.

## 110.

הערשעל, ווען ער פלעגט זיך אוועק לאָזען איף דער וועלט, פלעגט ער נאָר צו פוס געהן.

מען פרעגט איהם אמאל, וויא אזוי געהט עס א מענש נאָר צו פוס, וויא אזוי קוקט מען ניט נאָך, מען זאָל זיך אמאל קענען איבערכאַפּען מיט א פוהר?

— איך האב קיינמאל קיין דאגה ניט מיט קיין פוהר, ענטפערט הערשעל, דען קוים געה איך נאָר ארויס פון דער שטאָדט, קומט מיר באַלד אנטקעגען א פוהר...

## 111.

אין א געוויסער שטאָדט, האט געוואָהנט א גביר, וועלכער איז געווען זעהר קאַרג און האט שלעכט בעהאנדעלט דיא אורחים אין זיין אכסניא. ער פלעגט זיך רייסען פאַר אלעמען זעהר טהייער בעצאָהלען.

אלס הערשעל האט פון איהם זיך דערוואוסט, האט ער גזאגט, אז ער מוז איהם אָנלעהרנען פאר זיין שלעכט הארץ.

ער האט זיך אנטליהען שעהנע קליידער און איז פארפאָהרען צו דעם בעל־אכסניא און האט זיך אָבגענומען א בעזונדער חדר, און זיך געמעלדעט פאר א גרויסען גביר פון איין אנדער שטאָדט.

עטליכע טעג איז ער אין זיין חדר אזוי אָבגעזעסען.

אין א געוויסען טאָג מאכט ער זיך שטארק פערזאָרגט.

דער בעל־אכסניא פרעגט איהם וואס איהם פעהלט?

— פערשטעהט איהר מיך, ענטפערט הערשעל, היינט איז מיין געבורטסטאָג, און איך בין געוואוינט בייא זיך אין דער היים צו מאכען אין דעם טאָג א סעודה פאר אָרעמע לייט, און זייא אויסטהיילען נדבות, נאָר דאָ אין דער פרעמד וויא אזוי קען איך דאס אויספיהרען?

וויא דער בעל־אכסניא האט דאס דערהערט, טראכט ער זיך, אז דאָ וועט ער שוין קענען אָבלעקען א פעט ביינדעל, און זאגט איהם צו, אז ער נעהמט אויף זיך דיא טרחה צו מאכען דאס אָרעם מאָהלצייט, און האט זיין וואָרט טאקי גלייך מקיים געווען.

דיא סעודה איז געווען כיד המלך און הערשעל שרייט אלץ אונטער צום בעל אכסניא:

— זשאַלעוועט נים קיין געלד, איך בעצאָהל פאר אלעם!

אויף דער נאכט, האט מען פעררופען דיא אָרימע לייט פון דער גאנצער שטאָדט.

מען האט זייא געגעבען גענוג צו עסען און צו טרינקען.

הערשעל האט נאך געהייסען דעם בעל־אכסניא, ער זאָל זייא אויסטהיילען נדבות און אויף מאָרגען, וועט ער איהם אומקעהרען וויפיעל ער וועט איהם אָנווייזען אין דעם חשבון.

וויא עס איז טאָג געוואָרען און דער בעל־אכסניא איז אריינגעקומען אין הערשעל'ס חדר מיט א גרויסען חשבון, איז שוין הערשעל דאָרט מעהר נישט געווען.

הערשעל האט איבערגעלאָזט א קוויטעלע, אין וועלכען עס איז געשטאנען, אז דאס האט ער געוואָלט דעם קארגען גביר אָנלעהרנען, ער זאָל ווייטער שוין נים זיין אזוי קארג און שלעכט.

מען קען זיך שוין פֿאָרשטעלען דיא לאגע, אין וועלכער דער בעל־אכסניא האט זיך געפונען, ווען ער האט דאס קוויטעלע איבערגעלעזען.

112.

הערשעל קומט אמאל אריין אין א שענק. אונטער דער סטויקע איז גע־שטאנען א קליין מיידעל.

הערשעל הייסט איהר, זיא זאָל איהם אָנגיסען אביסעל בראנפען.

דאס מיידעל, וועלכע האט איהם געקענט פאר איין אָרימען, האט איהם דערלאנגט נאָר א קליין גלעזעל בראנפען.

— ניין, זאגט הערשעל, פון דעם גלעזעל טאָר איך ניט טרינקען, ווארום דאס איז נישט קיין געטובל'ט גלעזעל.

— אָבער פון א גרויס גלעזעל מעגט איהר טרינקען? פרעגט דאס מיידעל.

— יא, ענטפערט הערשעל, דאס גרויסע גלעזעל איז א געטובל'טס.

דאס מיידעל, וועלכע איז קיין נאר ניט געווען, נעהמט באלד דאס קליינע גלעזעל בראנפען און גיסט עס איבער אין א גרויס גלעזעל, און גיט עס איהם ער זאָל טרינקען.

הערשעל האט געזעהן, אז דאס קליינע מיידעל האט איהם שוין אָבגענארט, זאָגט ער:

— עס איז שוין דאָ קלינערע פון מיר, בין איך שוין איבעריג.

פון דאמאלס אָן האט שוין הערשעל אויפגעהערט ארום צו פּאָתרען אויף דער וועלט מיט זיינע חכמות.

113.

אין אָסטראָפּאָליע איז געווען א מאָדע, אז דער שוחט האט גענומען דיא קאָפּ פאר זיין שחיטה־געלד.

דערווייל מאכט זיך א מעשה, אז הערשעל האט געקוילעט א פעטען אָקס בייא איינעם א מוכסין, אין א דאָרף נאהענט לעבען אָסטראָפּאָליע.

דער מוכסין איז געווען זעהר א גראָבער יונג און א קארגער און האט איהם ניט געוואָלט געבען דעם קאָפּ.

הערשעל איז זיך מיישב, נעהמט ער צו דעם קאָפּ שטילערהייט און פּאַרט מיט איהם אַוועק אין שטאָט אַריין.

דער מוכסין אָבער איז איהם שפּעטער אַביסעל נאָכגעפאָהרען און האָט שוין הערשלען ניט געטראָפען אין דער היים.

ער האָט געזעהן, אַז הערשעל׳ס ווייב׳ס קליידעל הייננט אויף אַ צוואָק, האָט ער דאָס אַראָב גענומען און פאָהרט דערמיט אַ היים.

הערשעל איז דערפון געוואָהר געוואָרען, איז ער זיך מיישב און געהט צום רב און זאָגט עדות, אַז דער מוכסין איז אַ נואף.

ביי אַמאָליגע יאָהרען איז דאָך דאָס געווען אַ גאַנצער געוואַלד.

דער רב האָט געשיקט דעם שמש צו דעם מוכסין און האָט איהם געבראַכט צום רב.

דער מוכסין איז שיער נעשטאָרבען פאַר שרעק.

ער טהוט אָבער אַ בליק, אַז הערשעל זאָגט עדות אויף איהם, געהט ער צו איהם צו און הייבט אָן בעטען און וויינען פאַר איהם:

— וואָס האָסטו אַזוינס געזעהען אין מיר, וואָס דו זאָגסט, אַז איך בין אַ נואף.

רופט זיך אָן הערשעל צו איהם:

— זאָג מיר הולטייא, דוא האָסט דען ניט גענומען מיין ווייב׳ס קליידער איבער דיין קאָפּ?

## 114.

אין דער שטאָדט מעזשיביזש איז געזעסען דער גרויסער גוטער יוד, ר׳ ברוך הנקרא, וואָס ער ווערט אָנגערופען ר׳ ברוך׳ל מעזשיבעזעשער. ער איז געווען אַ פייערינער גוטער יוד, ער איז אָבער געווען זעהר אַ גרויסער מרה־שחורה׳ניק.

איינמאָל האָט ער זיך נעקלאַגט פאַר זיינע געהויבענע מענשען און האָט צו זייא אַזוי געזאָגט:

— איך ווייס, אַז מיין מרה־שחורה שאַט מיר אין דער גאַנצער וועלט, און איך ווייס דערצו קיין שום עצה ניט.

רופט זיך אָן איינער צו ר׳ ברוך׳לען:

— איך וואָלט אייך געגעבען איין עצה, מען זאָל אייך אָבזוכען אַ ווערטעל־זאָגער, וועלכער וועט זעהן, אַז איהר זייט מרה־שחורה׳דיג, זאָל ער מיט זיין ווערטעל אייך צו שלאָגען דיא מרה־שחורה.

רופט זיך אָן ר׳ ברוך׳ל צו איהם:

— „קריינא דאנרתא להוי פרונקא״, דאס איז דער טייטש, ווער עס קען לייענען דאס בריוועל, דער זאָל זיין אליין דער שליט.

— אדרבא, זוך אָב עפעס אזא שעהנעם ווערטעל־זאגער!

רופט זיך אָב דער מענש:

— איך האב געהערט, אז אין אָסטראפאליע איז דאָ א שוחט, קריענט מען ניט אויף דער גאנצער וועלט אזא חכם און אזא ווערטעל־זאגער.

וויא ר׳ ברוך׳ל האט דאס דערהערט, האט ער באלד אוועק געשיקט צווייא פיינע מענשען, זייא זאָלען איהם ברענגען באלד קיין מעזשיביזש.

דיא צווייא מענשען זיינען באלד אוועק געפאָהרען קיין אָסטראפאליע, און האבען איהם געזאגט, אז ר׳ ברוך׳ל האט געשיקט, אז ער זאָל קומען צו איהם.

הערשעל האט באלד אוועק געוואָרפען זיין שחיטות און האט זיך איינגעפאקט און פאָהרט שוין מיט דיא צווייא מענשען.

דיא צווייא יודען קוקען איהם אָן, וואס קען דאס זיין פאר א מענש, אז אזא גרויסער ר׳ ברוך׳ל, וואס דיא גאנצע וועלט האט געציטערט פיר איהם, זאָל ער שיקען נאך אזא קבצן, א דלפון, וויא דער הערשעל איז?

דיא צווייא חברה קוקען זיך צו צו דעם הערשלען, וואס פאר א מענש קען דאס זיין.

אזוי וויא מען פאָהרט נאָר ארויס פון אָסטראפאליע, איז עטליכע ווייארט ארום איז דאָ א קרעטשמע.

הערשעל האט געוואוסט זיין שלים־מזל, אז איהם וועט מען ניט אריין לאָזען אין קיין סטאנציע, האט ער ארונטער געבויגען זיין קאפאָטע, זיא זאָל אויסקומען קורצער, און ארונטער געשארט זיינע פאות אונטער דעם אויער.

דאן נעהמט ער דיא לאנגע בייטש ביים בעל־העגלה, און נעהט פריהער אריין אין קרעטשמע און טרעפט דיא בעל־הבית׳טע שטעהען לעבען א בוטעל בראנפען און שיינקט דיא גוים.

הערשעל רופט זיך אָן צו איהר:

— איך פיהר איין אדונית מיט פאנאליך, דיים אזוי גוט, קלויבט מיר אָב א שעהנעם חדר פון זייערטווענען.

דיא בעל־הבית׳טע האט זעהו׳ קיין צייט ניט געהאט, רופט זיא זיך אָן צו הערשלען:

— נעהט זיים מוחל אליין און קלויבט איך אָב א ציטער פון אייער אדונית ווענען.

הערשעל איז נעגאנגען און האט זיך אָבגעקליבען א פיינעם חדר און פער־פאָהרט מיט זיין ווייב, מיט דיא פערשמוצטע קינדערלעך, מיט דיא פערדריפּעטע קישעלעך און פּעלישקעס, אין א שעהנעם חדר, און היינגט אויף דיא פּעלישקעס אייף דיא געפאָליטאָרטע שאפעס, זייא זאָלען זיך טריקענען, און דיא קישעלעך אויף דיא געדעקטע קאַנאַפּעס, און האט געמאַכט א פיינעם פּאראַדיק.

שפּעטער אביסעל, זאגט דיא בעל־הבית'טע צו איהר משרת:

— געה נאָר, גיב א קוק, טאָמער וויל דיא אדונית דעם סאמאָוואר?

דער משרת נעהט און טהוט א בליק, וואס פאר א מין חתונה הערשעל האט דאָ אָנגעמאַכט.

ער לויפט מיט אזא אומפּיד צו דער בעל־הבית'טע און זאגט צו איהר:

— נעהט נאָר, בעל־הבית'טע, וועט איהר זעהן וואס פאר א מין אדונית דער יוד האט אייך געבראַכט.

דיא בעל־הבית'טע פליהט ניך און ווארפט אראָב דיא עקליך פון איהר קאָפּ זאַטשיילע, וועלכע זיינען געוועזען פערוואָרפען פוןביידע זייט אויערן. יעטצט האט זיא אראָב געוואָרפען פון דער זייט אויערן צום פנים, און עפּענענדיג דיא טהיר און זעהענדיג דעם הקדש, וואס דער יוד האט איהר אננעמאַכט, טהוט זיא א געשרייא:

— וואו איז אייער אדונית מיט דיא פּאַנאַליך?

ענטפערט הערשעל:

— מיין ווייב איז בייא מיר איין אדונית און מיינע קינדער זיינען בייא מיר פּאַנאַליך!!!

דיא בעל־הבית'טע זאגט:

— הערט־זשע אקאָרשט צו און קלויבט זיך באלד ארויס!

הערשעל ענטפערט:

— וואס נעהט מיר דאָ אָב?

דיא בעל־הבית'טע שרייט!

— סטיי־טש, מיין מאן וועט קומען וועט ער דאָך מיך בעגראָבען!

הערשעל ענטפערט:

— ער וועט טאקי זעהר גערעכט זיין. וויא טהוט מען אזא נאריש־קייט?

דיא בעל־הבית׳טע זאגט:

— וואס־זשע האב איך געזאָלט טהון?

הערשעל ענטפערט:

— ווערט איהר טאקי דאס מעגען טענה׳ען: „וואס האב איך געקיינט טהון?“

דיא צווייא יודען האבען געזעהען, אז דער מענש איז א סחורה (מיט א מם), געהן זייא צו צו דער בעל־הבית׳טע און זאגען צו איהר:

— זייט געדולד, מיר וועלען אייך בעצאָהלען גלייך וויא פאר איין אדינית מיט גאנאליה.

הערשעל אָסטראפאליער האט איבערגענעכטיגט אין דער קרעטשמע, און שטעהט אויף פריה בעגינען.

דיא צווייא יודען קוקען איהם שוין נאך סליעדאָם.

ער געהט ארוים אין הויז גאנץ פריה צו קאָשמיט, צו באָרשטים, דיא היטעל פול מיט פעדערן.

אין קאָרידאָר שטעהט א גרויסער פריץ און רויכערט א לאַנגען לולקע־צוביך מיט טהייערן טאטין.

הערשעל געהט פארבייא נעבען דעם פריץ, און האט ניט אָבאכט געגעבען אויף דעם פריץ.

דעם פריץ האט דאס פערדראָסען, וואס דער זשידיק נעהמט ניט אראָב פאר איהם דיא היטעל. טהוט ער איהם א פרעג:

— סקאָנד זשידיק?

הערשעל ענטפערט:

— אָסטראפאָלסקי!

דער פריץ פרעגט וויטער:

— א טשאפקא?

הערשעל ענטפערט:

— טאקזשע אָסטראפאָלסקי!

דאן האט זיך דער פריץ צו לאכט, און דיא יודען נאך בעסער.

אזוי זיינען זייא געקומען בשלום קיין מעזשיביזש צום גרויסען ר׳ ברוך׳ל, דעם בעל־שם׳ס אייניקעל.

הערשעל איז אָנגעקומען צו ר׳ ברוך׳לען סאמע בייא נאכט און איז אריין גע־גאנגען צו ר׳ ברוך׳לען.

ר׳ ברוך׳ל איז געווען זעהר מרה־שחורה׳דיג, און גענומען ארום אין א
איין ווענד צו דער אנדערער, און פון ביידע זייטען שטעהען מענשען און קוקען אן
דער רבי גענומען ארום אזוי אומעדיג אראב געלאָזט דיא קאָפּ.
הערשעל איז נאָר אריין געגאנגען, לויפט ער צו צום טיש, כאפט א ליכט
און ביינט זיך צו צו דער ערד און קריכט נאך ר׳ ברוך׳לען סליעדאָם.
רופט זיך אָן ר׳ ברוך׳ל צום אונבעקאנטען מענשען מיט דער ליכט:
— וואס זוכט איהר ר׳ קרוב?
— איך זוך דעם רבי׳נס נאָז, רופט זיך אָן הערשעל, איך זעה דער רבי האט
אראב געלאָזט דיא נאָז, וויל איך זיא אייך אויפהייבען.
ר׳ ברוך׳ל האט אָנגעהויבען לאכען און איז געוואָהר געוואָרען, אז דאס איז
הערשעל אָסטראפּאָליער.
ערשט דאן איז געוואָרען א שמחה אין אלע עולמות.
דיא גבאים מיט דיא שמשים האבען דערזעהן, אז עס איז אָנגעקומען א נייער
מענ׳ש, וועלכען מען האט אויפגענומען זעהר פרעהליך, און דער רבי זעלבסט לאכט
פון זיינע ווערטליך און איז שטארק צופריעדען מיט איהם, האבען זייא געקלערט,
אז דער מענש מוז אוודאי ווערען א גבאי אָדער א שמש, איז זייא געוואָרען ביטער
אין פּיסק און האבען אָנגעהויבען איהם פיינד האבען.
מיט וואס קענען זיך אזוינע מענשען נוקם זיין אין איהם?
זייא האבען זיך געסטארעט, אז מען זאָל איהם ניט געבען קיין עסען (דאס
איז א וואוילע עצה חלעבען).
הערשעל איז געקומען צו ר׳ ברוך׳לען דאָנערשטאג בייא נאכט, אזוי וויא מיר
האבען שוין אויבען דערצעהלט.
דעם ערשטען פרייטאג צו נאכט, זיצט הערשעל בייא ר׳ ברוך׳לען ביים
טיש.
מען הייבט אָן דערלאנגען עסען איין געריכט נאך דעם אנדערען.
הערשלען גיט מען ניט.
הערשעל ווינקט און רופט נעביך דעם שמש, דעם באפּעטשיק, ער זאָל
איהם אויך עפּעס אָפּשטעקען.
מען גיבט אָבער גאר ניט.
בקיצור, מיין הערשעל איז אוועק געגאנגען הונגעריג פון טיש.
אויף מאָרגען, דאס הייסט, שבת ביים עסען, מען הייבט אָן דערלאנגען רעטיך
מיט שמאלץ.

הערשעל ווינקט מען זאָל איהם אויך געבען.

מען גיט אָבער ניט.

נאכדעם דערלאַנגט מען אייער מיט ציבעלעס, מיט שמאלץ.

הערשעל וויל נעביך.

מען גיט ניט.

דערנאָך הייבט מען אָן דערלאַנגען פעטשע, דאס הייסט פוס אין זיערץ.

דער שמש טראגט דיא פעטשע און האַלטביידע הענד מיט'ן טעלער ארויף און דיא עקען פון דער קאַפּאָטע זיינען פערשטעקט פון ביידע זייטען אין גאַרטעל.

הערשעל ווינקט, ער זאָל איהם אויך דערלאַנגען א טעלער'ל.

דער שמש מאכט זיך אָבער ניט וויסענדיג.

הערשעל איז זיך מיישב און שטעהט אויף פון זיין אָרט, וואו ער זיצט דאָרט ביים עק טיש און שפּילעט איהם אָב דאס קנעפּעל פון דיא תחתונים און זייא זיינען אראָבגעפאַלען אין דער מינוט.

דער משמש איז געבליעבען שטעהן, און האט זיך ניט געקענט קיין עצה געבען.

דער עולם האט אָנגעהויבען זייער לאכען.

דער שמש האט א שטעל געטהון דיא ביידע טעלער אויף דעם טיש.

אונזער ר, הערשעל האט זיך גענומען א טעלער'ל מיט פעטשע און עסט דערווייל.

דער עולם לאכט דערווייל און ר' ברוך'ל אויך.

דער שמש אָבער, האט אָנגעהויבען וויינען און ג'ערציטערט דאס גלייך ר' ברוך'לען.

ר' ברוך'ל פרעגט איהם באלד:

— הערשעל, וואס האסטו דאס געטהון?

רופט זיך אָן הערשעל און זאָגט:

פערשטעהט איהר, רבי סערדצי, אז ער נעהמט אלץ מיט דיא פיס ארויף, (דאס הייסט צו דיא גרויסע לייט, וועלכע זיצען אויבען אָן), וואס־זשע טויג איהם א קנעפּיל צו דיא תחתונים.

ר' ברוך'ל האט פערשטאנען וואס מען מיינט, האט ער אָנגעזאגט, אז מען זאָל הערשלען יא געבען עסען.

שפּיעט דעם חתן וויינענדיג און ער האט זיך זיינס אין זינען.

אזוי איז מיט אונזער שמש אויך.

מילא, אז מען האט שוין איהם נעזאגט, אז ער זאָל געבען הערשלען עסען, ער האט איהם אָבער פאָרט פיינד. ער גיט איהם שוין טאקי עסען, נאָר אזעלכעס וואס מען מעג שוין פאַר דיא הינט אַרויס וואַרפען.

115.

איינמאל ביים שלושודעס (שלש־סעודות) דערלאַנגט דער שמש צום טיש הערינגג, און האט אָבגעקליבען פון הערשעל'ס וועגען א הערינגעל וואס עס איז ניט ווערט געווען אפילו קיין האלבען גראָשען.

וואס טהוט מיין ר' הערש? ער פרעגט בייא דיא רבנים, וואס זיינען בייא רבי'נס טיש, וואס פאַר א ברכה מען מאַכט אויף דעם הערינגעל.

דיא רבנים לאַכען געווים און ווייסען איהם ניט וואס צו ענטפערן.

פרעגט ער דעם גרויסען ר' ברוך'לען אליין:

— רבי, וואס פאַר א ברכה מאַכט מען אויף דעם הערינגעל.

דער רבי לאַכט און שמייכעלט און זאָגט צו הערשעל'ן:

— זאג דוא, וואס פאַר א ברכה מאַכט מען אויף דעם הערינגעל.

הערשעל פערדרעהט דעם פנים, און קערעווייט זיך אָב פון דיא און זאָגט:

— אי זייט איהר אַלע עמי־הארצים! עס איז דאָך א בפירושי משנה על שמועות רעות אומר ברוך דיין אמת. דאס איז דער טייטש, אויף שלעכטען הערינג מאַכט מען דיא ברכה „ברוך דיין אמת!“

מען גיט שוין הערשלען עסען. דער שלעכטער מענש אָבער געפינט שטענדיג מיט עפעס אָנצוטהון יענעם יסורים.

מען דערלאַנגט שוין דאכט זיך נאר גוט עסען, דערלאַנגט מען ניט הערשל'ען קיין לעפעל.

הערשעל זיטצט און שווייגט.

ר' ברוך'ל האט דאס דערזעהן, פרעגט ער הערשל'ען:

— וואס עסט דוא נישט?

— איך האב קיין לעפעל ניט!

— טהוט מען א הוסט, וועט יענער זיך אָנשטויסען, אז רהוא [illegible] א לעפעל.

— וועל איך ווייטער וויסען, ענטפערט הערשעל.

אמאל מאכט זיך, אז דער רבי איז געווען אין בית־הכסא, און האט גענעבען א הוסט, פליהט אריין הערשעל און דערלאנגט דעם רבי׳ן א לעפעל.

## 116.

ר׳ ברוך האט אויסגענומען א תנאי מיט הערשלען, אז ער זאָל איהם פרעגען אלע טאָג וואס מען זאָל קאָכען.

איינמאל פרעגט הערשעל ר׳ ברוך׳לען:

— רבי, וואס זאָל מען היינט קאָכען?

דער רבי איז אבער דאמאלס געווען מרה־שחורה׳דיג, רופט ער זיך אָן מיט זיין הייליג מויל:

— פון מיינעטוועגען זאָל מען קאָכען שפענער!

הערשעל זאָגט, וואס־זשע זאָל מען קאָכען פון דעם עולם׳ס וועגען.

## 117

ר׳ ברוך׳ל איז אמאל נעגאנגען אין וואסער.

דער עולם האט זיך אָבער נעשראָקען, דער רבי זאָל זיך חלילה ניט צו קיהלען, שיקט מען הערשלען, ער זאָל דעם רבי׳ן אומקעהרען עפעס מיט א ווערטעל.

הערשעל לויפט ארויס און שרייט:

— רבי! רבי! קעהרט זיך אום, פאָלגט מיך, נעהט ניט אין וואסער! ווארום מיין ווייב איז נעגאנגען אין וואסער אריין, איז זיא אזוי גראָב געוואָרען וויא א פאָס!

## 118.

ר׳ ברוך׳ל איין אייניקעל האט חתונה געהאט, האט ער זיך ביים גראָם זאגען זייער צו וויינט.

דער עולם האט געבעטען הערשלען, ער זאָל איהם אביסעל פרעהליך מאכען.

הערשעל נעהט צו איהם צו און זאגט:

— שאַ תתנ׳יאָ, דוא וועסט דאָך חתונה האבען, וועסטו דיך האבען א ווייב

מיט קינדערלעך, וועסטו חתונה מאכן דיינע קינדערלעך, וועסטו זיך בלייבן דיאז רא באבא און דעם נדן נעלד וועסטו זיך אויף האבן, וואס־זשע וועט דיר אָב געהן?

## 119.

הערשעל אָסטראָפּאָליער איז געקומען איינמאל דאָנערשטאג צו ר׳ ברוך׳לען, (ער האט געוויס בעדאַרפט האבען מעהל אויף שבת און האט ניט געהאט,) קומט ער צום רבי׳ן און דערצעהלט איהם אזא מעשה:

— הערט איהר רבי! פאר צווייא וואָכען (ניט היינט געדאכט) האב איך ניט געהאט אויף שבת, נעה איך נעביך ארום אזוי פערטראכט און קלער, וואו נעהמט מען ערגעץ אויף שבת.

באגעגענט מיך דער יצר־הרע און זאגט צו מיר:

— הערשעל, וואס געהסטו ארום אזוי פערטראכט?

זאג איך צו איהם, איך נעה ארום און קלער וואו נעהמט מען ערגיץ עפּעס אויף שבת.

רופט זיך אָן דער יצר־הרע און זאגט צו מיר:

— אי דוא נאר, נעה אריין צום רבי׳ן ר׳ ברוך׳ל, און נעהם בייא איהם א זילבערנע לעפעל, וועסטו זיך האבען איין אויפגעשפּיעלטען שבת.

בקיצור, איך האב איהם געפאָלגט און האב טאקי באמת געהאט איין אויפ־געשפּיעלטען שבת.

פאראכטאָגנען האב איך ווייטער ניט געהאט אויף שבת, האב איך מיר געוואָלט געהן אויף דעם אלטען גאנג, איך וויים דאָך שוין וואו מען נעהמט אויף שבת.

בענעגענט מיך דער יצר־טוב און פרעגט מיך וואוהין געהסטו, הערשעל:

— איך דערצעהל איהם, אז איך נעה צום רבי׳ן נעהמען א לעפעל, איך זאָל האבען אויף שבת.

רופט זיך אָן דער יצר־טוב צו מיר:

— מען טאָר דאָך ניט גנב׳ענען! דוא ווייסט דאָך יא וואס מען טאָר ניט, און וואס מען מעג.

רוף איך זיך אָן צום יצר־טוב, וואס דען זאָל איך טהאן?

זאגט דער יצר־טוב צו מיר:

— פאָלג מיך גנבי ניט, און נאָט וועט דיך אויספיהרען, דוא וועסט האבען אויף שבת.

בקיצור, איך האב איהם געפאָלגט און האב אויסגעפיהרט דעם שבת מיט צרות און מיט ליידען.

היינטיגען דאָנערשטאג האב איך ווייטער ניט אויף שבת, און געה ארום און קלער, וועמען זאָל איך היינט פאָלגען, דעם יצר־טוב אָדער דעם יצר־הרע.

בענעגענט מיר ווידער דער יצר־טוב און זאגט צו מיר:

— הערשעל, נאָט האט אויסגעפיהרט פאראכטאָגען, דוא האסט געהאט אויף שבת אָהן גנבה.

— גוטער ברודער, ענטפער איך צו איהם, אָבער מיט זייער גרויסע צרות. היינט טראַכט איך בעסער פאָלגען דעם יצר־הרע איידער דיך.

כאפט זיך דער יצר־טוב אויף מיר מיט א געוואלד און זאגט:

— איך זאג דיר, אז מען טאָר ניט גנב'ענען!

זאג איך צום יצר־טוב, אז דוא ביסט יא אזא פרומער, טאָמער וואָלסט דוא אריין געגאנגען צום רבי'ן און בעטען איהם ער זאָל מיר געבען אויף שבת.

רופט זיך אָן דער יצר־טוב צו מיר:

— הערשעל, איך זאג דיר, איך וואָלט דיר דאס אוודאי געטהון אזא קליינע טובה, נאָר איך קען דיר שווערען, אז זייט איך לעב, איז מיין פוס אויף זיין שוועל ניט געווען.

## 120.

הערשעל אָסטראָפּאָליער איז אמאל געקומען צו ר' ברוך'לען (ער האט געווים געדאַרפט האָלי' און האט געביך ניט געהאט) און קלאָגט זיך פאר איהם, אז דער פראָסט איז א גואף.

ר' ברוך'ל זאָגט צו איהם, וויא אזוי ווייסטו דאס.

הערשעל דערצעהלט איהם, אזוי וויא מיין ווייב איז געגאנגען אין מארק און ער לויפט נאך איהר נאך, זיא לויפט אריין אין שטוב און ער נאך איהר, און איך זוך א שייטעל האָלץ ארוים טרייבען איהם, און עס איז ניטאָ קיין שייטעל האָלץ.

121.

אמאָל האָט זיך אַנידער נעזעצט איין אָריטער מיוחס, ער האָט געהייסען ר׳ נחום.

זעהר הויך אויבען אָן און מען האָט איהם בעדאַרפט אַראָב רוקען, נאָר עס איז דאָך ניט שעהן איהם צו זאָגען ער זאָל אַראָב געהן, האָט מען א ווינק געגעבען צו הערשלען, ער זאָל עפּעס אויפטהון א שעהנע שטיק.

הערשעל איז זיך מיישב און כאַפּט א סידער׳ל און געהט צו איהם צו און הייבט אָן לערנען דיא משנה פון „במה מדליקין״, און הייבט אָ, זאָגען:

— במה מדליקין ובמה אין מדליקין, אין מדליקין לא בלבש ולא בחוסן ולא בחלב נחום.

הא ? וואס איז דאס פאר א פשט ולא בחלב נחום ?

הא, הא ? נאָ מוז מען זאָגען, אז דאס וואָרט נחום געהט אַראָב.

דערווייל טהוט ער א שטופּ ר׳ נחום׳ען און זאָגט :

— ר׳ נחום, איהר הערט, געהט אַראָב.

122.

הערשעל אָסטראָפּאָליער איז אמאל אָרום געגאַנגען אין דיא הייזער און איז אָנגעקומען צו א גרויסען גביר.

דיא מעשה איז געווען אין מיטען זומער, אין דרויסען איז געווען זעהר היים.

דער גביר איז געווען אין א סקלאַד אָנגעטהון אין א ווייסען און טהייערן חאַלאַט, און רויכערט א טהייערן לולקע־צובעך.

הערשעל טהוט נעבעך א בליק, דעם אונטערשיעד פון איהם ביז דעם נגיד.

דער גביר האט געזעהן, אז הערשעל איז איהם ווילד מקנא, רופט ער זיך אָן צו איהם :

— הערשעל, זאָג מיר, וואס נעהמט מיר אָב אצינד ? וועל איך דיר געבען א פיינע מתנה.

הערשעל זאָגט, ניט מיר פריהער אייער מתנה, וועל איך אייך דערנאָך געווים זאָגען צו דער זאַך.

דער גביר נעהמט אַרויס א רובעל און גיט איהם, און פרעגט איהם נאָך אמאָל :

— הערשעל, וואס נעהט מיר אָב אצינד?
הערשעל רופט זיך אָן און זאגט:
— פערשטעהט איהר, סערדצע, אין דער ערד ליענט איהר, אין תכריכים נעהט איהר אָנגעטהון, נעהט אייך מעהר ניט אָב, נאָר ווערים זאָלען אייך טאָטשען.

## 123.

הערשעל אָסטראָפּאָליער איז אמאל אָנגעקומען אין שטאָדט אריין, אין וועלכער עס איז געווען א גרויסער גביר, וואס האט קיינמאל קיין יודען קיין שטיקעל ברויט ניט נעגעבען זינט ער לעבט.
דיא חברה וואס האבען געהערט פון הערשעל'ס שטוקים, האבען געזאגט צו איהם:
— הערשעל, ווען דוא האלסט שבת בייא דעם גביר, ווילען מיר דיר שענקען א דרייא רובעל־שטיק.
הערשעל איז געווען צופריעדען, און נעהט דאווענען אין דעם בית־המדרש וואו דער גביר האט געדאווענט.
מען האט אָבגעדאווענט, דער גביר נעהט אהיים און הערשעל נעהט איהם נאך שטילערהייט.
דער גביר נעהט אריין אין שטוב.
הערשעל בלייבט הינטער דער טהיר.
הערשעל הערט וויא דער גביר זאגט שלום־עליכעם און מאכט קידוש.
ווען דער גביר האט נאָר אָבגעמאכט קידוש, לויפט הערשעל אריין גלייך צום טיש און מאכט אויך אָב קידוש.
דער גביר האט נאך קיין צייט ניט געהאט אפילו זיך ארום קוקען, דערזעהט ער הערשלען, פרעגט ער איהם וויא קומט ער אהער?
הערשעל זאגט, אז ער איז געווען בייא א יודען און איז ארויס אין דרויסען, און אזוי וויא ער איז זעהר קורצזיכטיג, האט ער אָנגעטראָפען אהער.
אָבער וואס איז דער אונגליק, אז איך וועל א מאל בייא אייך עסען וועטשערע, וועט איהר דען חלילה אָרימער ווערען.
בקיצור, דער גביר וואשט זיך און זעצט זיך אויבען אָן.
הערשעל וואשט זיך אויך, ציינט מען איהם אָן א פלאַטץ פון הינטען ביים טיש, פונקט אנטקעגען דעם בעל־הבית.

דער בעל־הבית מאכט המוציא, און שנייט אָב איטליכען צו מוציא׳ס, און הערשלען אויך המוציא, און דיא איבּריגע חלות, לייגט ער הינטער זיך אויף דער קאנאפּע וואו ער זיצט.

דער גביר עסט אָב דיא המוציא, און פרעגט הערשלען:

— פון וואנען איז א יוד?

— פון חאלעוויטש, ענטפערט הערשעל.

— וואו וואקסט ערגיץ דער חאלעוויטש, פרעגט דער גביר.

— אונטער סמאָחקאָוויטש, ענטפערט הערשעל.

דער גביר האט זיך זעהר צולאכט און דערלאנגט שוין הערשלען א היבשע שטיק חלה.

נאכדעם דערלאנגט מען צום בעל־הבית מיט דעם ווייב און דיא קינדער זעהר שעהנע פיש, און הערשלען דערלאנגט מען צוויא קליינע פלאָטישקעלעך, וועלכע מען האט נעקאָכט פון דיא דיענסטען ווענען.

הערשעל לייגט צו דעם אויער אין טעלער אריין, און האלט דעם אויער ביי דיא פישלעך.

דער גביר וואונדערט זיך אויף דעם אורח און פרעגט איהם, וואס טהוט איהר דאס?

הערשעל ענטפערט איהם אזוי:

— איך בין אמאל געפאָהרען אויף דעם ים, און האב ביי זיך געהאלטען מיין ווייב׳ס פעריל, איך האב זיך מיט זייא געשפּיעלט. פלוצים פאלען זייא ארויס פון מיינע הענד אין ים אריין, פרעגט איך דיא פישלעך, טאָמער וויסען זייא וואו דיא פערל זיינען? ענטפערען זייא מיר, אז דיא פערל זיינען ביי דיא גרויסע פיש.

ביי דיא רייד, טהוט ער א בליק אויף דעם טעלער וואס שטעהט ביים גביר.

דער גביר מיט׳ן ווייב און דיא קינדער טהוען א שמייכעל און מען דערלאנגט שוין הערשלען א פיינע שטיק פיש.

נאכדעם דערלאנגט מען צום טיש א גוטע זופּ מיט לאָקשען, און הערשלען האט מען אנידער געשטעלט א גרויסע ערדינע שיסעל מיט א סך אָקראָפּ און א צווייא לאָקשען.

הערשעל האט דאס דערזעהן, האט ער אראָב געוואָרפען פון זיך דיא קאפּאָטע

מיט דעם לייבעל און דעם האלזטוך, און נעהמט אראב ווארפען פון זיך דיא תחתונים אויך.

דער בעל־הבית האט זיך דערשראָקען און פרעגט הערשלען:

— ר' קרוב, וואס טהוט איהר?

הערשעל ענטפערט, איך וויל מיך אויסטהון, און וויל שווימען כאפען א לאָקש.

דער גביר רופט זיך אָב, טהוט זיך אָן צוריק, מען וועט אייך געבען א סך לאָקשען און איהר וועט פערשפארען שווימען.

בקיצור, מען האט שוין הערשלען אריין געליינט עטליכע לעפעל לאָקשען פון דעם גביר'ס טעלער.

דער גביר טהוט א קוק, אז דאס איז אזא מין סחורה, הייסט ער איהם שוין זיך צורוקען צו זייא, און מען וועט שוין עסען פלייש פון איין טעלער.

הערשעל רוקט זיך שוין ארויף, און מען דערלאנגט א גרויסען טעלער מיט פלייש.

דער בעל־הבית נעהמט שניידען דאס פלייש, און לייגט לעבען זיך דאס בעסטע פלייש, און לעבען הערשלען, לייגט ער גאָלע ביינער, צאָפּ און מאָגער פלייש.

הערשעל זעהט, אז איהם וועט אויסקומען אריבער שטעכען, הייבט ער אָן דערצעהלען דעם בעל־הבית א מעשה:

— איהר מעגט מיר גלויבען, בעל־הבית סערדצע, אז איך בין אויך אמאל געוועזען א נגיד, איך האב געהאט מויערן, הייזער, קראָמען, אלערלייא פאבריקען (דער בעל־הבית שניידט דערוויל דאס פלייש) און הערשעל דערצעהלט אלץ פון זיין עשירות, ביז דער בעל־הבית האט געענדיגט דאס שניידען.

הערשעל ענדיגט זיין געשיכטע און זאָגט:

— נאכדעם, אז גאָט האט אָבער געוואָלט מאכען פון מיר א תל, האט מיין עשירות אזוי פיעל געדויערט, וויא מען דרעהט איבער דעם טעלער.

בייא דיא רייד, טהוט הערשעל א דרעה דעם טעלער און דיא גאנצע פעטע פלייש איז אויסגעקומען פון זיין זייט, און דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע האבען געביך געמוזט אריבער שטעכען.

נאך דער וועטשערע, זאגט דער בעל־הבית צו הערשלען:

— איך בעט אייך, איהר זאָלט מאָרגען אין ערגיץ ניט געהן, האלט שוין בייא מיר דעם גאנצען שבת, איהר זייט מיר געפעלען פאר א פיינעם מענשען.

הערשעל זאגט איהם צו און איז איז מקיים.

איף מאָרגען, זעצט מען שוין הערשלען ביים טיש נעבען בעל־הבית. ער האט געווים געזאגט געגוג גלייכע ווערטלעך.

נאך דעם טיש, האט דער בעל־הבית געהייסען דערלאנגען ווייז און האט אריין געטהון אין הערשעל'ס פלאש וויין אזא זאך, אז עס זאָל איהם שטארק משלשל זיין.

נאך דעם עסען און טרינקען, רופט ער הערשעלען מיט זיך אין א בעזונדער חדר שלאָפען.

דער בעל־הבית פערשליסט דעם חדר פון אינעווענינג, און לייגט דעם שליסעל בייא זיך צוקאָפּענס.

דער בעל־הבית מיט הערשעלען זיינען ביידע שטארק אנשלאָפען געוואָרען, נאָר אין א האלבע שטונדע ארום, האט דאס הערשעלען צונומען.

ער כאפט זיך אויף און וויל לויפען, ער טהוט זיך א כאפ צו דער טהיר, זיא איז אָבער פערשלאָסען. וואס טהוט מען ?

· בקיצור, הערשעל לויפט צו איין טישעל צו, און כאַפּט ארויס א שופלאָד און פיהרט אויס דאס זייניגע, און שטעלט אריין דעם שופלאָד צוריק און לייגט זיך ווייטער שלאָפען.

נאכדעם שטעהן ביידע אויף.

דער גביר וואונדערט זיך, וואָרום זיין מוקישטאָר האט גאר ניט געווירקט. ער קלערט זיך, אפשר איז בייא איהם אזא שטאַרקער מאָגען, האט דאס ניט געווירקט, דארף מען איהם זעהען נעבען דאס צווייטע מאל אביסעל שטאַרקער דעם מור־קישטאָר.

מען האט אָבגעפראוועט דעם שלש סעודות, אָבגעדאוונט מעריב, און הערשעל וויל שוין געהן אויף זיין סטאַנציע.

רופט זיך אָב זיין בעל־הבית צו איהם :

— ר' קרוב ! וואוהין וועט איהר געהען בייא נאכט ? נעכטיגט שוין בייא אונז בעסער, וועט איהר עסען מלוה־מלכה ! זייט איבער בייא אונז דיא עטליכע טעג, וואס איהר דארפט זיין אין שטאָדט, איך זאג אייך דעם אמת, אז איהר זייט בייא אונז שטאַרק חשוב.

הערשעל רופט זיך אָן, אומזיסט וויל איך בייא אייך ניט עסען, איך וויל איהר זאָלט מיר נעבען א שעהנע נדבה, וועל איך בייא אייך זיין דיא עטליכע טעג, וואס איך דארף זיין אין שטאָדט.

דער בעל־הבית האט איהם שוין צוגעזאגט צו געבען א שעהנע נדבה.

נאך דער מלוה־מלכה, האט מען ווייטער געטומען אביסעל ווין און מען האט הערשלען ווידער אריין געטהון אביסעל מיקעשטאר.

דער בעל־הבית לייגט זיך ווייטער מיט הערשלען שלאפען אין דעם אייגענעם צימער וואו פריהער און פערשליסט ווייטער דיא טהיר פון אינעווייניג, און נעהמט צו זיך דעם שליסעל.

הערשעל מיט דעם גביר ווערען שטארק אנשלאפען נאך דעם ביסעל משקה, נאר אין א שעה ארום כאפט זיך הערשעל ווידער אויף, עס האט איהם זעהר שטארק צונומען, נאר ער האט שוין א גרייט ארט.

ער איז צוגעגאנגען צום שופלאד און האט אבגעטהון זיין געשעפט און לייגט זיך ווידער שלאפען.

מען שטעהט אויף אין דער פריה, דער גביר קען זיך גאר נים פערוואונדערן אויף הערשעל'ס מאגען, וואס עס נעהמט איהם קיין קויל נים.

דער גביר האט הערשלען געגעבען א שעהנע נדבה, און האט איהם ווידער געבעטען, אז וויפיעל ער וועט זיין אין שטאדט, זאל ער צו איהם קומען עסען, טרינקען און שלאפען.

הערשעל האט מקיים געוועזן זיין געבעט.

דיא חברה האבען אבגעגעבען הערשלען זיין דרייער'ל וואס זייא האבען איהם צוגעזאגט, אויב ער וועט עסען בייא דעם קארגען גביר שבת.

הערשעל האט זייא נאך געוויזען דיא שעהנע נדבה, וואס דער גביר האט איהם געגעבען.

עס איז געקומען דער טאג, דיענסטאג, וואס הערשעל האט שוין געוואלט אוועק פאהרען פון דער שטאדט, איז ער געגאנגען צום גביר און האט אבגעגעסען מיטאג. ער הייבט זיך אן געזעגענען מיט דעם גביר, מיט זיין ווייב און ויינע קינדער.

דער גביר זאגט צו הערשלען:

— עס טהוט מיר זעהר באנק, וואס איהר פאהרט שוין אוועק פון דאנען אזוי שנעל, איך האב געמיינט, אז איהר וועט בייא אונז האלטען חאטש נאך איין שבת.

דער גביר נעהמט הערשלען בייא דער האנד און פיהרט איהם ארום אין אלע צימערן, אין אלע זאלען און ווייזט איהם אוים זיין עשירות.

הערשעל רופט זיך אָן, איך בין אייך אויף אלע זאכען ניט אזוי מקנא, וויא אויף דעם.

— פערשטעהט איהר, סערדצע בעל־הבית׳ניא, דיא גמרא זאגט, איזהו עשיר, מי שיש לו בית־הכסא סמוך לשולחנו, דאס איז דער טייטש, ווער הייסט א נגיד, ווער עס האט א בית־הכסא לעבען זיין טיש, און איהר האט טאקי דעם בית־הכסא אין טיש אליין. טאָמער ווילט איהר מיר ניט גלויבען, האט נאט אייך.

בייא דיא רייד עפענט ער אויף דעם שופלאָד...

## 124.

ר׳ ברוך׳ל איז אמאל געפאָהרען אין וועג מיט הערשלען, דערווייל איז געוואָרען א בורע מיט א ווינט אויף סכנות נפשות.

הערשעל שטעלט זיך אין מיטען דערינען אנידער, און הייבט אָן עפּעס צו זוכען.

ר׳ ברוך׳ל פרעגט איהם:

— וואס האסט דוא זיך אנידער געשטעלט אין מיטען דערינען זוכען, און וואס זוכסט דוא?

— איך זוך, רבי לעבען, דיא פלאש, איך וויל נעהמען אביסעל בראנפען.

— וואס איז דיר אויסגעקומען אין מיטען דערינען נעהמען אביסעל בראנפען.

— פערשטעהט איהר מיך, רבי לעבען, דער ווינט בלאָזט מיר אין פּנים, וויל איך נעהמען אביסעל בראנפען, וועט זיך מיר פערדרייען דיא קאָפּ, וועט דער ווינט מיר בלאָזען אין דער פּאָטיליניצע.

## 125.

הערשעל האט אמאל דערשמעקט, אז זיין ווייב האט א דרייער׳ל, און ער וואָלט בעדארפט האבען דאס דרייער׳ל נאר אויף א קאפּאָטע, נאָר ער ווייסט, אז דאס ווייב וועט איהם ניט געבען.

ער איז זיך מיישב און נעהט ארויף אויף דעם בוידעם, און רעדט עפּעס, מענה׳עט און בייזערט זיך, גלייך וויא ער רעדט עפּעס מיט אימיצען.

הערשעל איז נאכדעם אראָב געגאנגען.

דאס ווייב פרעגט איהם:

— מיט וועמען האסטו גערעדט אויף דעם בוידעם?

— מיט דעם דלות, ענטפערט הערשעל.

— וואס האסטו דאס גערעדט מיט איהם אזוי לאנג?

— דער דלות זאגט, ענטפערט הערשעל, ווען איך זאָל איהם אויפנייען א זאפּאָטע, וואָלט ער פון אונז אָבגעטרעטען אויף אייביג.

— נאָ, פאר וואס־זשע מאכסטו איהם ניט קיין קאפּאָט? פרעגט ווידער דאס ווייב.

— ווייל איך האב ניט דאס דרייער׳ל, וואס עס דארף קאָסטען א קאפּאָטע, ענטפערט הערשעל.

— איך האב א דרייער׳ל, ענטפערט דאס ווייב. נא דיר דאס דרייער׳ל און נעה נעהם איהם א קאפּאָטע, נאָר ווייסטו דען דיא מאָס זיינע? מען דארף דאָך אראָבנעהמען פון איהם א מאָס!

ענטפערט הערשעל:

— מען דארף ניט נעהמען קיין מאָס, ווארום דער דלות איז פונקט וויא איך, עס זאָל ניט פעהלען איין האר!

בקיצור, דאס ווייב גיט שוין הערשלען דאס דרייער׳ל.

הערשעל נעהט אין קראָם און נעהמט זיך אויף א קאפּאָטע, לאָזט זיא אויפ־נייען, טהוט זיא אָן און נעהט ווידער ארויף אויף דעם בוידעם און טענה׳עט עפּעס מיט אימיצען און געהט אראָב מיט דער קאפּאָטע.

דאס ווייב רופט זיך אָן צו איהם און זאגט:

— נאָ, הערשעל, פאר וואס־זשע האסטו ניט אָבגעגעבען דיא קאפּאָטע דעם דלות? לאָז ער שוין אָבטרעטען פון אונז.

הערשעל ענטפערט:

— דער דלות איז שוין גרעסער און גרעבער געוואָרען!! (פערשטעהט איהר, ווייל דאס דרייער׳ל איז שוין אויך ניטאָ.)

**126.**

הערשעל איז אמאל געקומען צו א קאָמפּאניע יונגע לייט, וואס מען האט אויף זייא געמורמעלט, אז זייא זיינען שטילע הולטייעס, האט ער זייא גע־פרעגט:

— זאגט מיר, איך בעט אייך, תשובה איז א זכר צו איין נקבה?

זאגנען זייא צו הערשלען, זאָג דוא אונז וואס איז דאס?
רופט זיך אָן הערשעל און זאגט:
— מען מוז זאגען, אז תשובה איז א זכר, ווארום ווען תשובה זאָל זיין איין נקבה, ווייא וואָלט איטיצער פון אייך קיין הרהור תשובה ניט געהאט?

## 127.

הערשעל אָסטראפאליערס ווייב רופט זיך אָן אמאל צו הערשלען:
— גיב מיר עטליכע קאָפּיקעס.
הערשעל פרעגט זיא, וואס דארפסטו געלד?
דאס ווייב ענטפערט, איך וויל איינזועצען געגז!
הערשעל רופט זיך אָן ברוגז:
— פאר וואס זאָלסטו זייא איינזועצען?
דאס ווייב זאָגט: פאר וואס זעצען לייטען איין געגז?
הערשעל ענטפערט:
— מילא, לייטען האבען פאר וואס איינצוזעטצען, אָבער דוא, פאר וואס זאָלסטו זייא איינזועצען?

## 128.

הערשעל איז אמאל געזעסען ביים רבי׳ן ר׳ ברוך׳ל ביים טיש.
מען האט דערלאנגט צום טיש א געבראָטענעם אינדיק. דערווייל האט איהם גענומען בראָקען אזא רב, וואס הערשעל האט פערשטאנען, אז ר׳ ברוך׳ל וויל ניט ליידען, וואס ער האט גענומען דעם אינדיק בראָקען, און האט געוויס א ווינק געגעבען צו הערשלען ער זאָל איהם צונעהמען.
וויא אזוי־זשע נעהמט מען צו דעם אינדיק נאר אָהן א ווערטעל.
ער איז זיך מיישב און דערצעהלט דעם עולם א מעשה:
— הערט איהר רבותים, רופט זיך אָן הערשעל, איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה. איך בין אמאל געגאנגען אויף א חתונה מאכען פרעהליך דעם עולם. אזוי וויא איך געה, בעגעגען איך א רב.
— וואוהין געהט איהר, רב?
— אויף דער חתונה געהמען רח״ש.
איך געה ווייטער, בעגעגען איך א אינדיק.
— וואוהין געהסטו אינדיק?

— איך גנעה אויף דער חתונה, מען זאָל מיך קוילען, ווען מען האָבען פליש אויף דער חתונה.

איך גנעה אביסעל ווייטער, בעגעגענען איך א רוח.

— וואוהין געהסטו, רוח ?

— איך גנעה אויף דער התונה, מאכען אביסעל קונצען.

מיר גנעהן שוין אין פיערען. איך מיט דעם רב, דער אינדיק און דער רוח.

דערוויל זיינען מיר צוגעקומען צו א טייך.

מילא איך, הערשעלע, קען געווים אריבער דעם טייך, נאָר דער רב מיט דעם אינדיק, צוויא שווערע לייט, קענען נים אריבער דעם טייך.

וואס־זשע טהון מיר, כאַפט דער רוח דעם רב, און איך דעם אינדיק, און מיר זיינען אריבער.

בייא דיא ווערטער, טהוט הערשעלע א כאַפּ דעם אינדיק, און הייבט איהם אָן ברעטען.

**129.**

קהל האָט אמאל צונענומען בייא הערשעלען א פּאאר לייכטער פיר פּאָדאָט.

הערשעלע איז זיך מיישב און ברענגט קהל א קוילעטש.

דער עלטסטער פון קהל פרעגט איהם, וואס איז דאס ? וואס האסטו עפּעס געבראַכט א קוילעטש צו קהל.

הערשעלע רופט זיך אָן און זאגט :

— פערשטעהט איהר מיך, סערדצע, אז דיא ערלית נעהמט בייא מיר אראָפּ דיא לייכטער אום שבת, גיב איך איהר נאָר א שטיקעל חלה, אָבער אז קהל האָט בייא מיר אראָפּ גענומען דיא לייכטער, דארף מען זייא דאָך געבען א גאַנצע חלה.

קהל האבען זיך אביסעל צו לאכט.

דער עלטסטער פון קהל רופט זיך אָן צו איהם :

— הערשעלע, זאג עפּעס א גלייך ווערטעל, וועלען מיר דיר אָבגעבען דיא לייכטער.

הערשעלע זאגט, גיט מיר דיא לייכטער, איך וועל געווים אייך זאגען עפּעס א גלייך־ווערטעל.

דער ראש־הקהל הייסט איהם אָפּגעבען דיא לייכטער.

הערשעל האט שוין אריין גענומען דיא לייכטער אין דיא הענד, רופט ער זיך אָן אזוי:

— מיר איז עפּעס א וואונדער איין זאך, איך קען זיך דאס ניט פערענטפערן, לאָמיר זעהן, קהל נעהמט איין פּאָראט, סעמסקי, סוועטשנע סבאָר און נאך אזוינע זאכען, פאר וואס נעהמט קהל ניט איין קיין מיתה־משונה?

דער עולם צו לאכט זיך זעהר שטארק.

נאכדעם פרעגט איינער פון זייא:

— זאג־זשע, הערשעל, א תירוץ אויף דיין קשיא.

הערשעל רופט זיך אָן און זאָגט:

— איך וועל אייך ענטפערן א תירוץ, פערשטעהט איהר, מיינע פריינד, וואס קהל טהוט, איז אלץ ניט רעכט. למשל: זייא ראבעווען דעם קבצן, זייא נעהמען משכנות ביים אָרימאַן, איז אלץ אזוינע זאכען, וואס איז ניט רעכט. נאָר קהל זאָל איינגעהמען א מיתה־משונה, וואָלט זעהר רעכט געווען. ווען קהל טהון אזוינס וואס רעכט איז?

130.

הערשעל אָסטראָפּאליער איז אמאל אריין געגאנגען דאָנערשטאג צום רבי׳ן, און דערצעהלט איהם זיין מעשה, אז ער האט ניט אויף שבת.

ר׳ ברוך׳ל זאגט צו איהם, זאג עפּעס א גלייך־ווערטעל, וועל איך דיר געבען אויף שבת.

הערשלען האט דיא זאך אביסעל פערדראָסען, זאגט ער צום רבי׳ן:

— ניט נאָר מיר עפּעס אויף שבת, וועל איך אָפּשיקען אהיים, מען זאָל דערווייל איינקויפען אויף שבת, און איך וועל שוין געווים אָפּזוכען וואס אייך צו דערצעהלען.

ר׳ ברוך׳ל האט איהם געגעבען צוויא גילדען.

הערשעל האט זייא באלד אהיים געשיקט, און הייבט אָן דערצעהלען דעם רבי׳ן א מעשה:

— איהר ווייסט, רבי, איך האב א דין־תורה מיט נאָט, און עס איז בייא אונז געבליעבען, מיר זאָלען זיך פערלאָזען אויף אייך.

— דיא מעשה איז אזוי געווען, איך האב געהאט א ווייב, און געלד האב איך אויך געהאט א צוויא הונדערט רובעל, וואס טהוט דער רבש״ע, נעהמט ער

צו בייא מיר פריהער דיא עטליכע רובעל, און נאכדעם נעהמט ער בייא מיר צו דאס ווייב, האב איך שוין נעמוזט נעהמען דאס אנדערע ווייב אָהן נעלד. אז איך האב שוין מיין איינען נעלד נים געהאט, טענה איך צו נאָט, בעסער וואָלט ער בייא מיר גענומען פריהער דאס ווייב, וואָלט איך מיר גענומען איין אנדערע אויך מיט צווייא הונדערט רובעל, נאכדעם וואָלט ער בייא מיר צונענומען מיינע 200 רובעל, וואָלט ער נעהאט א ווייב מיט צווייא הונדערט רובעל און איך וואָלט אויך נעהאט א ווייב מיט צווייא הונדערט רובעל. א יא, רבי, מיר דאכט זיך, אז איך האב א גוטע טענה און איך בין גערעכט.

ר׳ ברוך׳ל רופט זיך אָן:

— וואס איז דיר גראד אויסגעקומען פאַר מיר זיך צו משפט׳ן.

הערשעל ענטפערט, פערשטעהט איהר, רבי, אלע רבנים האבען מורא פאַר נאָט, וויס איך, אז זייא ווערען נאָט צו פסק׳ענען, נאָר איהר האט דאָך פאר נאָט קיין מורא נים, וועט איהר פסק׳ענען איין אמת׳ן דין־תורה. א יא, רבי, איך בין גערעכט.

## 131.

ר׳ ברוך׳ל פרעגט אמאל הערשלען:

— פאַר וואס נעהסטו אזוי ניך אוים שמונה־עשרה?

הערשעל רופט זיך אָן און זאגט:

— פערשטעהט איהר מיך, רבי לעבען, איהר האט א סך זילבער און נאָלד, איידער איהר רעכענט דאס איבער, גערוויערט בייא אייך א סך דיא שמונה־עשרה, אָבער איך האב מעהר נים וויא א ווייב מיט א ציג, בערעכען איך מיר איין מאל, ווייב ציג, ציג ווייב, און אויסגעשטאנען שמונה־עשרה.

## 132.

הערשעל אָסטראפאליער פרעגט אמאל ר׳ ברוך׳ן:

— רבי, וואס איז דער חילוק פון רזין ביז דרזין?

ענטפערט ר׳ ברוך׳ל, זאגט דוא מיר דעם חילוק.

רופט זיך אָן הערשעל און זאגט:

— פערשטעהט איהר, רבי לעבען, רזין הייסט אז איהר ווייסט און איך ווייס נים, און רזין דרזין הייסט, אז מיר ווייסען ביידע נים.

———

183.

ר׳ ברוך׳ל רופט זיך אָן איינמאל פאר פסח, ווער עס וועט מיר דערצעהלען, אַז ער האט שוין אויף פסח הוצאות, און פון זיינע רייד וועט זיין געדרונגען, אַז ער האט ניט אויף פסח הוצאות, וועל איך איהם געבען אויף פסח הוצאות.

כאפט זיך ארויס הערשעל און זאגט:

— הערט איהר, רבי, איך האב היינט איין אויפגעשפּיעלטען פסח, נעמליך, הינדיקעס האב איך, מיין ווייב בלאָזט זיך, שמאלץ האב איך, מיין ווייב האט צו־לאָזט איהר פיסק, אייער האב איך, אַלע פיער ווענט ליינען זיך בייא מיר, האַלץ האב איך אויך, איך האב געפּרעגט מיין מלמד פאר וואס מיין יונגעל קען ניט דעם חומש, האט ער מיר נעענטפערט, אַז מיין יונגעל איז א האָלץ. צו דעם אלעמען בין איך נאָך א גרויסער בטוח אויך, דהיינו, נאָט ליינט בייא מיר איין דעם דאָך.

134.

הערשעל אַסטראפּאָליער איז אמאל געגאנגען נאָך א נדבה, זעהט ער וויא צווייא יונגע לייט זיטצען מיט א מיידעל און שפּיעלען אין קארטען, און מען לעבט גאנץ פיין.

ער הייבט אָן שאָקלען מיט דעם קאָפּ און טהוט א זאג:

— אך! ישראל עם קדושים המה! דאס איז דער טייטש, ישראל איז א הייליג פאָלק.

דיא יונגע לייט פערשטעהן, אַז דער אָרימאן מיינט עפּעס דערמיט.

רופט זיך אָן איינער צו איהם און זאגט:

— ר׳ קרוב! נאָט אייך א שעהנע נדבה, אבי פערטייטשט אונז, וואס מיינט איהר דערמיט, מיט אייער ישראל עם קדושים וואס איהר זאגט.

הערשעל נעהמט צו דיא נדבה און זאָגט:

— פערשטעהט איהר מיך, אמאל האבען יודען געמעגט נעהמען עטליכע ווייבער, איז געקומען ר׳ גרשון, א הייליגער יוד, און האט געמאכט א חרם, אַז מען זאָל מעהר ניט נעהמען נאָר איין ווייב, און היינטיגע יודען, אָט וויא איך זעה דאָ בייא אייך, זייט איהר גאר הייליג, און בענוגענט זיך צווייא יונגע לייט נאָר מיט איין ווייב, זעהט מען דאָך וואס פיר א הייליג פאָלק יודען זיינען, וואס מען מאכט אַלע מאל מעהר חומרות.

## 135.

הערשעל נעהט אמאל ארוים אין מארק אריין, זעהט ער וויא עס שטעהט א רעדעל מיט מענשען און לאכען פון דעם און פון יענעם. דער, זאגען זייא איז א קבצן, דער איז א דלפון און דער איז א אביון.

רופט ער זיך אָן און זאָגט:

— איהר לאכט פון קבצנים? איהר מעגט מיר גלויבען, אז איך האב אליין געזעהען פיעל נגידים, אדירים, מיליאָנערען, האבען פערקויפט הייזער, סקלאדען, טהייערע מעבלען, גאָלד און זילבער. הכלל, זייא האבען פערקויפען אלסדינג וואס זייא האבען געהאַט, איידער זייא זיינען געוואָרען קבצנים.

## 136.

הערשעל אָסטראפּאָליער איז אמאל געקומען אויף א יריד, און ער האט נאר ניט געהאט וואס צו קויפען אָדער פערקויפען, האט ער זיך מיישב געווען, און האט אָנגעברענט עטליכע שמאטעס און האט געמאכט עטליכע פּראָשקעס, און שטעלט זיך מיט א טישעל אין מארק זייא פערקויפען.

דער עולם נעהט פארבייא און זעהט וויא עס שטעהט א יוד מיט א פול טישעל מיט פּראָשקעס, פרעגען זייא איהם:

— ר' קרוב, וואס איז דאס פאר א פּראָשקעס?

הערשעל ענטפערט:

— דאס איז א סגולה צו פלייא.

דער עולם האט דערהערט א סגולה צו פלייא, האט מען בייא איהם צוכאפּט דיא פּראָשקעס.

נאכדעם האט ער ארוים געטראגען נאך פּראָשקעס, ער האט אָבער דאס אויך פערקויפט. אזוי האט ער א גאנצען טאָג געמאכט פּראָשקעס און פערקויפט צו דרייא גראָשען א פּראָשיק.

פאר נאכט געהען דורך עטליכע מענשען, וועלכע האבען בייא איהם געקויפט דיא פּראָשקעס און פרעגען איהם:

— זאגט אונז, מיין ליעבער יוד, וואס זאָל מען טהון מיט דיא פּראָשקעס? צו זאָל מען אָפּרייבען דאס לייב, אָדער בעשיטען דאס לייב ... וויף וואס מען שלאָפט.

הערשעל ענטפערט, חלילה, ניט אזוי דארף מען טהון, נאר איך וועל אייך ערקלערען:

— וויא באלד דיא פלוי טהוט א ביס, זאל מען זיא כאפען און געבען א קיטצעל, וועט זיא דאך אנהייבען געוויס לאכען, זאל מען איהר באלד ארייין שיטען אביסעל פון דעם פראשיק אין מויל ארייין, וועט זיא באלד פגר׳ן.

## 137.

אין מעזשיביזש האט איינער געבויעט א הויז, האט ער גערופען הערשלען צו זיך פאר א מבין, און דער ארכיטעקטאר האט איהם געצייגט וואו עס וועט זיין אלע צימערן:

— דא וועט זיין דיא זאאל, דא וועט זיין דאס שפייזע־צימער, דא וועט זיין דאס שלאף־צימער, דא וועט זיין דאס קינדער־צימער און דא וועט זיין דיא קיך.

הערשלען איז אויסגעקומען, אז דיא קיך זאל זיין וואו דער בעל־הבית וויל דיא זאאל זאל זיין.

דער בעל־הבית האט איהם גענעבען צו פערשטעהן, אז עס איז גלייכער אזוי וויא ער זאגט.

הערשעל אבער שפארט זיך איין, אז עס זאל נאר זיין אזוי וויא ער זאגט.

רופט זיך אן דער בעל־הבית און זאגט צו איהם:

— דוא אונפערשעהמטער מענש, וואסט האסטו מיר צו זאגען א דעה, וואו איך זאל שטעלען דיא קיך אדער דיא זאאל.

הערשעל רופט זיך אן און זאגט:

— פערשטעהסטו, פריינד, דיא וועלט זאגט א ווערטעל, אז איינער בויעט און דער אנדערער וואהנט. טאמער וועט מיר אויסקומען דא צו וואהנען, וויל איך, אז דיא קיך זאל זיין דא און דיא זאאל דא, נאך מיין וואונש.

## 138.

הערשעל אסטראפאליער האט אמאל א פרעג געגעבען ר׳ ברוך׳לען:

— רבי! אלע אידען ווייסען גוט, אז אונזערע תנאים, ר׳ עקיבא, ר׳ אליעזר און ר׳ שמעון בן יוחאי, זיינען געווען א סך גרעסער פון היינטיגע גוטע יודען; פון דעסטוועגען, נעפינען מיר, אז זיא זיינען געווען גרויסע קבצנים, און היינטיגע גוטע

ודען, וואס זייא קומען ניט אפילו לקרסוליהם, זיינען גבירים און פאָהרען אין קאַ־רעטעם מיט פיער פערד, און עסען ביים טיש אין זילבערנע און גאָלדענע געשיר.

רופט זיך אָן ר׳ ברוך׳ל, זאג דוא דעם ענטפער.

הערשעל רופט זיך אָן און זאגט אזוי:

— איך וועל אייך זאגען דעם טעם דערפון, איך האב געזעהען א קליוואנער בעטלער וואס ער שפּיעלט אויף דער לירע, אז עס איז א פערגניעגען צו הערען, גיט מען איהם פאר זיין שפּיעלען, דער אביסעל מעהל, דער א ביינעל און דער א קאָפּיקע.

איך האב געזעהן א חזן, וואס מאכט נאך א קליוואנעם בעטלער און שפּיעלט נאך זיין לירעלע, נעהמט ער 50 רובעל א שבת און 150 א ימים־נוראים, זעהן מיר דאָך ארויס, אז דיא נאכגעמאכטע פאלשע זאכען, צאָהלען זיך זעהר טהייער אין דער פאלשער וועלט.

ר׳ ברוך׳ל טהוט א שמייכעל.

רופט זיך אָן הערשעל און זאגט:

— מיר איז א וואונדער, ווען איך דערצעהל דאס, מיינט ער, אז איך מיין ניט איהם.

ר׳ ברוך׳ל האט א קוק געטהון אויף הערשלען מיט א בעזען בליק, אז עס איז איהם פערקיהלט געוואָרען אין הארצען און איז קראנק געוואָרען.

ר׳ ברוך׳ל איז איהם געקומען מבקר־חולה זיין, פרעגט ער איהם:

— זאג מיר, הערשעל, וואס טראכסטו צו טענה׳ן אויף יענער וועלט?

— וואס איך וועל טענה׳ן, וואס מען וועט מיך פרעגען, וועל איך וויסען וואס צו ענטפערן.

מען וועט מיך פרעגען מה שמך? וועל איך זאגען געציל.

סטייטש, דוא הייסט דאָך גאר הערשעל.

— נאָ אז דוא ווייסט, וואס־זשע פרענסטו מיך.

מען וועט מיך פרעגען עסקת באמונה, דאס הייסט, צו האסטו געהאנדעלט עהרליך.

וועל איך ענטפערן, האנדעל ניט מיט מיר.

אז מען וועט מיך פרעגען, מה תקנת בעולם, דאס איז דער טייטש, וואס האסטו פערריכט אויף דער וועלט?

וועל איך ענטפערן, אמאל דיא תחתונים, אמאל דיא העמד, און אויף פריה ורביה, וועט מיר נאך ארויס קומען.

ר' ברוך'ל האט זיך זעהר צולאכט און זאגט צו איהם:

— זאגט מיר, הערשעל, דאס איז אלץ אויף שפאס, זאג מיר דעם אמת, וואס טראכסטו צו ענטפערן אויף יענער וועלט?

איך טראכט ענטפערן אזוי:

— רבונו של עולם, דוא האסט בעשאפען דעם מענשען מיט פינף „על כרחך" געמליך, ע"כ אתה נוצר, ע"כ אתה נולד, ע"כ אתה חי, ע"כ אתה מת וע"כ אתה עתיד לתן דין־וחשבון, האב איך שוין איבער געקומען פיער ע"כ'ס. וואס וועט זיין, רבש"ע, אז דוא וועסט מיר שענקען איין ע"כ, שענק מיר, איך בעט דיך, נאטאניא, איין על־כרחך און נעהם בייא מיר ניט אב קיין חשבון.

ר' ברוך'ל האט דאס דערהערט האט ער צו איהם געזאגט:

— הערשעל! חי נפשך, איך שווער בייא דיין לעבען, ווייל דוא האסט דאס אויסגעטראכט, איז דאס פאר דיר א תירוץ און דוא וועסט זיך דערמיט אויסדרייען פון דעם גיהנם, פאר דיר איז אפען גלייך דער גן־עדן.

---

139) ווען עסט דער מאן גוט, ווען עסט דיא ווייב גוט און ווען עסעןביידע גוט, און ווען עסען ביידע שלעכט.

דיא ווייב עסט גוט, ווען זיא ליעגט אין קינפעט, דער מאן עסט גוט, ווען ער זיצט אין סוכה, זייא ביידע עסען גוט, ווען זייא זיינען בייא איין אנדערן אויף א שמחה, און ביידע עסען קדחת, ווען עס איז בייא זייא א שמחה.

140) „איינע גוטע ווירטהשאפט".

עס וואר אמאל איין נעוויסער לארד, וואס איז נעוועזן אזא פערשווענדער, דאס ער האט אויסגעבראכט זיין גאנצען פערמעגען און האט שוין גענומען נעהמען אלעס אויף קרעדיט.

איינמאל איז אריין געקומען צו איהם זיין קוטשער און האט איהם געזאגט, דאס ער האט קיין האבער פאר דיא פערד, דען דער קרעמער וויל שוין מעהר ניט צוגעבען.

— „נו ווען אזוי", האט ער זיך אבגערופען, לאזען זייא דיעזע מאל פאסטען.

— זייא האבען שוין נעכטען אויך ניט נעגעסען, האט איהם דער קוטשער געענטפערט.

— ווען אזוי, נעה אריבער צו דעם בעקער און נעהם ביי איהם צווייא הונדערט ביקסקאַקט (טערטליך) און גיב עס דיא פערד, דען בייא איהם האב איך נאך קרעדיט.

## 141) דיא ווינשעוואַנע צו איין געבורטס־טאַג.

איין געוויסער אלטער מאַן, וואס וואר א גרויסער גביר, פלעגט מאַכען אלע יאהר א גרויסען מאַהלצייט אין זיין געבורטס־טאַג, און פלעגט בייא יעדעס מאל זאגען, דאס ער איז מיט א יאהר אינגער וויא פאר א יאהרען.

דאפיר האט איהם זיין איידים בייא א מאַהלצייט, צוגעווינשעוועט אמאל:

— הלואי, שווער, זאָלען מיר זוכה זיין צו טרינקען אויף אייער בר־מצוה.

## 142) איינע שעהנע שולד בעצאַהלונג.

א געוויסער פירשט, וואס האט געהאט איין אייזען־פאבריק, האט געלאַזט זיך אויסבויען א מעכטיגען פאלאַץ, און צווייא אידען האבען איהם צוגעשטעלט דיא מאַטעריאַלען דערצו.

ווען איינער פון זייא איז אריין געקומען צו איהם בעטען געלד, האט דער פירשט בייא איין שלעכטען הומאָר (בעז), אָנגעכאפּט א פרענטעל אייזען וואס מען האט געבראכט פון דער פאבריק, און האט איהם געבראָכען דיא ביינער און ארויס געיאָגט פון שטוב.

קוים איז ער ארויס אין דרויסען, האט איהם בעגעגענט דער צווייטער איד, וואס האט אויך געוואָלט אריין געהן צו דעם פירשט געלד בעטען, האט ער איהם געפרעגט צו האט ער בעקומען „מזומן געלד“, האט ער איהם געענטפערט, נאר אייזען.

— גאנץ גוט, האט זיך דער אנדערער אָבגערופען, מיר וועט עס אצינד צוניץ קומען בעסער אלס געלד.

— נו ווען אזוי, האט איהם יענער געענטפערט, קענסטו געהן, דען דוא וועסט עס געוויס בעקומען.

נון, איז ער אריין צו דעם פירשט און האט צו איהם געזאגט:

— איך האב געהערט, דאס איהר צאַהלט אייערע שולדען מיט אייזען, איך נעהם עס אָן גערן.

— ווער האט עס דיר געזאגט, האט איהם דער פירשט געפרעגט האלב בעז.

— דער יודע וואס איז נאר וואס ארויס פון דיר, האט עס מיר אצינד געזאגט, האט איהם דער איד געענטפערט.

דער פירשט האט דיעזען שטאך ווארט זייער גוט פערשטאנען און האט זייא ביידע בעצאהלט מיט מזומן געלד.

### 143) א גוטער אנטווארט.

עס וואר א קליין שטעטעלע, וואס זיא האט געהאט אין זיך מעהר ניט וויא צעהן דערוואקסענע מענשען, וואס מען האט פון זייא געקענט מאכען א מנין, און דאך האבען זייא געהאט א שוהל׳בעלע מיט א בית־עולם דערבייא.

איינמאל איז דורכגעפאהרען א רייזענדער, וואס האט דארט שבת געהאלטען, און האט זייא געפרעגט:

— צו וואס דארפט איהר איין בית־עולם מיט א שוהל׳בעל, ממה נפשך, וועט איהר אלע אימער לעבען, דארפט איהר קיין בית־עולם, וועט איינער שטארבען, דארפט איהר קיין שוהל, דען עס וועט קיין מנין בלייבען.

— מיר דארפען עס פאר איין דורכרייזענדער, האט איהם איינער גער ענטפערט.

### 144) א גרויסער נאר.

עס וואר אמאל איין רייכער מאן, אבער א גרויסער נאר, און האט זיך דאך געהאלטען פאר זעהר קלוג.

איינמאל האט ער געהאט א גרויסען שאדען, זיינע א שיף איז צושלאגען געווארען, האט ער זיך דערפון אזוי געערגערט, דאס ער איז קראנק געווארען און האט אנגעהויבען צו רעדען פון וועג.

— אוי וועה איז מיר, האט זיך דיא וויב אבגערופען, איך האב מורא, דאס ער האט חלילה דעם פערשטאנד פערלוירען.

— בעהיטע גאט! האט זיך דער דאקטאר צו איהר אבגערופען. וויא קען א מענש פערלירען אזוי א זאך, וואס ער האט קיינמאל געהאט. זאגט בעסער, ער איז משוגע געווארען.

### 145) א גלייכער שידוך.

עס האבען אמאל חתונה געהאט א הויכע מויד מיט א נידערינגען בחור, האבען אלע געזאגט, אז דאס איז ניט קיין גלייכער שידוך, ווייל זיא איז מיט א קאָפּ העכער פון איהם, האט זיך דאן איינער אָבגערופען:

— עס קען גלייכער ניט זיין, דען ער האט איהר אראָב גענומען דעם קאָפּ, ווייל ער איז א גרויסער שלים־מזל.

### 146) דער ריכטער.

איין געוויסער ריכטער האט זיך געלאָזט אונטערקויפען פון איין צד אין גער־ריכטס־הויז.

מען האט איהם אריין גערוקט דאָרט אין האנד שטילערהייט אונטער דעם טיש פינף גרויסע מטבעות און ער האט געפסק'ענט וויא יענער האט געוואָלט.

קומענדיג אהיים אָבער, האט ער זיך ארום געזעהען, דאס דיא פינף גרויסע מטבעות ווארען נאָר פּיאטאקעס.

— אוי, אוי! האט ער אויסגערופען, מיר האבען דאס היינט א פאלשע וועלט אביסעל.

### 147) איין אָרענטליכע שאלה.

איין געוויסער פּראָסטאק האט שבת געראָוענט מיט דעם טלית איבער דעם קאָפּ, וואס דאס פּאסט נאָר פאר איין למדן.

האט זיך אָבגערופען א געוויסער וויצלינג צו איהם.

— דוא ביזט דאָך געוויס א למדן, דארפסט דוא דאָך וויסען, דאס א פּראָסטאק דארף ניט טראגען דעם טלית איבער דעם קאָפּ.

### 148) לוט'ס ווייב.

איינער האט אמאל געפרעגט אין א געזעלשאפט, אונזערע חכמים זאגען, דאס דערפאר וואס לוט'ס ווייב האט געזשאלעוועט זאלץ פאר דיא אורחים, איז זיא פערוואנדעלט געוואָרען אין א שטיק זאלץ. נון, ווען זיא וואר יא קארג, ווארום האט זיא נאָר זאלץ געקארגט?

— ווייל זאלץ מאכט אפּעטיט, האט זיך דיא ווירטהין אָבגערופען.

### 149) א נייער נוסח אין צדוק הדין.

אין צדוק הדין שטעהן דיעזע ווערטער „ה׳ נתן וה׳ לקח, יהי שם ה׳ מבורך“, האט זיך אמאל געמאכט, דאס בייא איינעם איז געשטאָרבען איין עלטער פעטער, וואס וואר א גרויסער גביר, און האט איהם געמאכט פאר דעם יורש.

דערפאר וואר ער בייא דער לויה און אויך אויף דעם בית־עולם, און האט געזאגט צדוק הדין זעהר פלייסיג, נאָר וויא עס איז געקומען צו יענע פאָריגע ווערטער, ה׳ נתן וה׳ לקח, האט ער געזאגט פערקערט, ה׳ לקח וה׳ נתן, און דאן האט שוין דערצו געפאסט בעסער דער סוף, „יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם“.

### 150) דיא פראגע פון א קארגען.

אמאל איז קראנק געוואָרען א גרויסער גביר, זעהר א קארגער, אויף א היץ קראנקהייט, און אלס דיא דאָקטוירים האבען איהם אָבגעזאגט דאס לעבען, האבען ווייב און קינדער אפעלירט צו גאָט, מען האט געלאָזט תהלים זאגען און מען האט צוטהיילט פופציג דאָלאר צדקה, און גאָט האט געהאָלפען דאס ער איז געבליעבען לעבען.

ווען ער איז שוין רעכט געזונד געוואָרען, האט ער זיך אָנגעפאנגען ארום צו זעהן ארום זיין קאפיטאל און איז געוואָהר געוואָרען, דאס מען האט צוטהיילט פופציג דאָלאר צדקה, איז ער געוואָרען בעז און האט אָנגעהויבען צו שרייען אויף דער ווייב, פאר וואס זיא האט עס צוגעלאָזען.

— האב ניט צו טהון, האבען זיך דיא קינדער צו איהם אָבגערופען, דוא האסט אונז אליין געבעטען, דאס מען זאָל פופציג דאָלאר צוטהיילען.

— אזוי, האט ער זיך אָבגערופען, אין אזא היץ בין איך דאס געלעגען, דאס איך זאָל אזעלכעס הייסען טהון ?

### 151) ד ע ר פ ל ע ם.

צו דעמזועלביגען קארגען האט מען א גרויסען אָרעמען למדן גענעבען א פלעם אויף שבת.

ווען ער האט איהם דערזעהן, איז איהם דיא דמים איינגעפאלען.

— ניין, איך וויל איהם ניט אויף שבת בייא מיר, האט ער געזאגט, רען ער איז גרויס וויא עוג מלך הבשן און וועט מיר דעם קאָפ אָבעסען.

— שרעקט אייך ניט פאר זיין גרויס, האט איהם געענטפערט דער אונטער שמש, וויא גרויס ער איז האט ער א מאָגען נאָר וויא א קינד, איך וויים עס זעהר גוט, איך גיב איהם שוין ניט דעם ערשטען שבת א פלעט, און מען האט עס מיר שוין פון עטליכע ערטער געזאגט.

ער איז געבליבען בייא דעם קארגען גביר אויף שבת, און האט אריין געריבען פאר פינף.

קוים האט דער גביר דערלעבט דעם זונטאג, האט ער געשיקט נאך דעם אונטער־שמש און האט איהם גוט אויסגעזידעלט, פאר וואס ער האט איהם איין לינען געזאגט.

— ניין, מיין ליעבער הערר, האט איהם דער שמש געענטפערט, איך האב קיין ליגען געזאגט, זיין מאָגען איז ווירקליך מעהר ניט גרויס וויא א קינד.

## 152) דיא גוטע אכסניא.

עס האט אמאל איינער פערלויבט דעם אנדערן איין געוויסע אכסאניא.

— עס איז זעהר גוט צו פערפאָהרען אהין, דען מען האט דאָרט אלע וויגאָדעס.

— דאס איז אפילו וואהר, האט איהם דער צווייטער געענטפערט, עס איז דאָרט גוט צו פערפאָהרען, אָבער עס איז שלעכט ארויס צו פאָהרען פון דאָרט, וויל מען בערייסט זעהר.

## 153) א גרויסער העלד.

א געוויסער איד איז געשטאנען דערבייא, וויא איין אָפיציר איז אראָב גע־פאלען פון א פערד.

— אָ, שאנדע, האט זיך דער אידעל אָבגערופען, אזוינס וואָלט מיר שוין ניט פאסירט.

— ביזט דוא דאס אזא גרויסער רייטער? האט איהם דער אָפיציר גע־פרעגט.

— ניין, האט איהם דער אידעל געענטפערט, איך וואָלט גאר אויף דעם פערד ניט ארויף געקראָכען.

### 154) איין בייסענדער אנטוואָרט.

אין א געוויסען טהעאטער וואר א געוויסער אקטאָר וואס האט געהאט איין גרויסען געהאלט און וואר דאָך גאנץ אָרעם, און ווידער וואר אין דעם זעלבינען טהעאטער איינע אקטריסע, וואס האט געהאט א קליינעם געהאלט און וואר זעהר רייך.

איינמאל האט זיא איהם געפרעגט, וואס איז דיא מעשה מיט אייך, איך האב א פיעל קלענערעס געהאלט אלס איהר, און דאָך זייט איהר אָרעם און איך בין רייך?

— ווייל, וואס אייך מאכט רייך, מאכט מיר אָרעם, האט ער איהר גע־ענטפערט.

### 155) עס איז פון קיין זאך אזוי צו לאכען וויא פון א פראָסטאַק, אלס ער וויל זיך ציינען פאר איין געלערענטען צווישען חכמים.

איין געוויסער גביר, א פּראָסטאַק, האט געשפּייזט אין האָטעל צוזאמען מיט געלערענטע און געבילדעטע לייט.

בייא דעם טיש האט מען געשפּראָכען זעהר פיעל פון דיא גאז בעלייכטונג, און אלע געסט וואס ווארען דאָרט, האבען מסכים געווען, דאס דער גאז איז פיעל בעסער און געזינטער אלס דאס אייל.

נאכדעם האט דער בעדיענטער דערלאנגט דעם גביר סאלאטע, און האט בייא איהם געפרעגט צו ער פערלאנגט ניט דערצו אייל (בוומאייל).

— בעסער גאז, האט ער איהם געענטפערט.

### 156) דער ניחום אבלים.

עס איז אמאל איינער געקומען מנחם אבל זיין איין געוויסען נגיד, וואס איז שבעה געזעסען שוין נאך זיין לעצטען ברודער, וואס וואר עלטער פאר איהם.

נון האט שוין יענער געמיינט דאס לויט סדר העולם איז שוין דאס בייא איהם דיא לעצטע שבעה, דען ער האט שוין ניט געהאט קיין עלטערן פאר זיך אין זיין משפחה, און איז מנחם.

— גאָט זאָל געבען דאס איהר זאָלט שוין מעהר קיין שבעה זיצען.

דער אבל איז געוואָרען זעהר פערדריסליך און האט איהם געזאגט:

— איך האב שוין דאס וויפיעל מאל בעמערקט, דאס א אידעשע ברכה איז נאָר א קללה.

— מיט וואס האב איך אייך דאָ געשאָלטען, האט איהם יענער געפרעגט, מיר דאכט, אז איהר זייט דער עלטערער אין אייער גאנצער משפחה.

— סטייטש, און מיין ווייב? האט זיך דער אבל אָבגערופען בייזליך.

— אייער ווייב זאָל געזונד זיין, האט איהם יענער געענטפערט, וויא איך וויים, איז זיא פיעל אינגער פאר אייך.

— אבי זיא זעהט אויס עלטער, האט זיך אָבגערופען דער אבל.

## 157) דער ביקור חולים.

א געוויסער אָקסען־הענדלער וואס האט געהאט א טאָכטער, האט געטהון א שידוך מיט א קצב, וואס האט געהאט א זוהן.

נאך דיא תנאים, איז דער קצב זעהר קראנק געוואָרען, און דער אָקסען־הענדלער איז געקומען איהם מבקר חולה צו זיין.

אוועק געהענדיג פון איהם, האט ער איהם געטרייסט:

— זאָרגט ניט, מחותן, מיר זיינען וואָרטס־לייט, שידוך בלייבט שידוך, און דער יתום בלייבט מיינער.

## 158) דער פערנעסענער שטריכעל.

וויא ווייט עס קען אמאל פון דער קלענסטער קלייניגקייט ארויס קומען א גרויסער אונגליק, איז צו זעהן פון דיעזער קליינער געשיכטע.

א יונגער מאן איז אמאל אוועק געפאָהרען אויף א יריד האנדלען, און האט דאָרט אָנגעוואָרען ביז אַיין גראָשען און איז ניט געקומען צוריק און האט אויך קיין בריעף ניט געשיקט אהיים צו דער ווייב און האט איהר אויך ניט געענטפערט אויף אלע איהרע בריעף וואס זיא האט צו איהם געשריעבען.

זיא האט זיך מיישב געווען און האט געשריעבען א בריעף צו יענעם פרנס־חודש פון דאָרט, וואס ער וואר איהר מאַנ׳ס א קרוב, דאס ער זאָל אָבשרייבען, וואס איז דיא מעשה מיט איהר מאַן.

דער פרנס־חודש האט איהר באלד געענטפערט מיט דיעזע ווערטער:

— בעלך זה שנה כי הנהו מת בעיר שחיז, דאס איז דער טייטש, עס איז שוין א יאָהר, דאס דיין מאַן איז געשטאָרבען אין שחיז.

דאַן האָט זיא איהם בעטרויערט דרייא מאָנאַט, און האָט דערנאָך חתונה געהאַט מיט איין אַנדערן, און אַלס זיא איז שוין געלעגען אין קינפּעט, איז געקומען איהר ערשטער מאַן.

עס איז געוואָרען אַ גרויסער לאַרעם, און דיא גאַנצע שטאָדט האָט געזאָגט, דאַס יענער פּרנס־חודש וואָס האָט דעם בריעף געשריבען, איז אַ גרויסער זינדער און אַ ליגנער נאָך דערצו.

— דאָס איז ער ביידע ניט, האָט זיך אָבגערופען דער ערשטער מאַן, דען ער איז גאָר אַ גרויסער צדיק. ווייזט מיר נאָר דעם בריעף.

קוים האָט ער איהם איבער געלייענט, האָט ער אַ געשרייא געטהאָן:

— וועה איז צו מיינע יאָהרען, ער האָט נאָר איין שטריכעל פערגעסען צו מאַכען אויף דעם וואָרט „מת", דען עס איז נאָר איין ראש התיבות, עס מאַכט „מלמד תינוקות", דאָס הייסט, ער לערענט מיט קליינע קינדער, דען איך האָב דאָרט גע־קנעלט.

## 159) דער וואונדערליכער פערד.

עס איז אַמאַל איינער געקומען אין אַ שטאָדט און האָט אָנגעמעלדעט, דאָס אין דרייא טעג אַרום, וועט ער ווייזען איין וואונדערליכען פערד, וואָס האָט אַזוי פיעל אויגען אין קאָפּ, וויפיעל טעג עס איז אין יאָהר.

דער עולם האָט זיך איבער דיזער מעלדונג זעהר פערוואונדערט, און יעדערער האָט בייא איהם געקויפט אַ בילעט, דאָס ער האָט איינגעלייזט מעהר אַלס צווייא טויזענד דאָלאַר.

עס פערשטעהט זיך, דאָס ניט איינער האָט שוין געפעהלט צו דער בעשטימ־טער שטונדע צו זיין אויפ'ן פּלאַטץ.

עס וואַר אויפגעריכטעט אַ ביהנע מיט טהייערע דיוואַנעס, אויף וועלכען מען וועט דאָס פערד אַרויף פיהרען, מען האָט קוים דערלעבט דיא מינוט.

מען האָט געבראַכט דאָס פערד גאַנץ פערדעקט און פערשלייערט, וויא איינע מערקישע דאַמע, און מען האָט איהם אַרויף געפיהרט אויף דער ביהנע.

דער מאַן האָט אַ געשרייא געטהאָן:

— אַכטונג, מיינע הערען און דאַמען! צעהלען זייא נאָר ריכטיג, און האָט אָפּגעדעקט דאָס פערד.

מען קען אַנדערש ניט זאָגען, דער פערד וואַר אַ שעהנעס פערד און דערצו

נאך זעהר ארטיג (בעל דרך־ארץ), דען ער האט זיך צו אלעמען נעניינט, נאר אוינען תאם ער מעהר ניט נעהאט וויא צווייא, וויא אלע פערד.

— א, דוא בעטרינער! האט זיך צו איהם אפנערופען דער פאליצייא־מייסטער, דוא ווילסט מיט איינעם לינען נאר דאס נעלד ארויס בעקומען.

— פערצייהען זייא, מיין העררע, האט איהם דער מאן נעענטפערט, איך האב קיין לינען נעזאגט, איך האב דאך אנגעמעלדעט, דאס מיין פערד האט אין קאפ אזוי פיעל אוינען וויפיעל טעג עס איז אין יאהר, און היינט האבען מיר נאר דעם צווייטען יאנואר, איז דאך נאך נייא־יאהר צווייא טעג ערשט, האבען מיר דאך נאר צווייא טעג אין יאהר.

עס איז נעווארען א גרויס נעלעכטער, און מען איז אוועק אהיים וויא דיא נארען.

### 160) ווארום וואקסט בייא פרויען קיין בארד?

האט מען אמאל נעפרעגט בייא איין גרויסען פילאזאף.

— וועיל זייא וועלען זיך ניט קענען ראזירען, האט ער געענטפערט, ווייל ווען מען ראזירט זיך, מוז מען שווייגען און ניט א ווארט רעדען.

האט מען איהם ווייטער נעפרענט:

ווען עס טרעפט זיך דאך אמאל, דאס עס וואקסט אויס בייא א פרוי א בארד, ווען זאל זיא זיך ראזירען?

— אין פעברואר, האט דער פילאזאף נעענטפערט, ווייל דאן ריידען זייא אם וועניגסטען, און דאס איז דערפאר, ווייל דער מאנאט האט אין זיך נאר אכט און צוואנציג טעג.

### 161) וואס זאגען ווייבער ניט אויס.

דיא פרויען פלוידערן אלץ אויס, נאר דאס האלטען זייא אימער בסוד, דעם צאהל פון זייערע יאהרען, זייא זאגען קיינמאל ניט וויא אלט זייא זיינען.

**ענדע**

# מעטהאָדעס און ווערטערביכער צו לערנען ענגליש.

| | סענטס. |
|---|---|
| ענגלישע טאבעלע, פון אלכסנדר הארקאווי | 2 |
| ענגלישער אלף־בית, פון אלכסנדר הארקאווי | 5 |
| ענגלישער לעהר־ביך, פון אלכסנדר הארקאווי | 15 |
| אמעריקאנישער לעהרער, אין מאשע׳ פאָרמאט, בראָשירט | 20 |
| " " " " " געבונדען | 25 |
| דער אמעריקאנער (פיר גאליציאנער אידען), געבונדען | 15 |
| ענגליש אין אמעריקא, פון אלכסנדר הארקאווי, בראָשירט | 25 |
| " " " " " " געבונדען | 35 |
| יודיש־אמעריקאנישע שוהלע, פון אלכסנדר הארקאווי, געבונדען | 25 |
| ענגלישער לעהרער, פון אלכסנדר הארקאווי, בראָשירט | 30 |
| " " " " " געבונדען | 40 |
| דיא נייעסטע ענגלישע מעטהאָדע, בעאַרבייטעט נאך דר. אהנס דאָלמעטשער, בראָשירט | 25 |
| דיא זעלבע נייעסטע ענגלישע מעטהאָדע, געבונדען | 35 |
| קראנץ׳ס ענגלישע מעטהאָדע, איינגעטהיילט אין 28 לעקציאָנען, געבונדען | 75 |
| אָלענדאָרפ׳ס מעטהאָדע מיט׳ן שליסעל, איינגעטהיילט אין 78 לעקציאָנען און ענטהאלטעט 600 זייטען, פון א. הארקאווי, פיין געבונדען | $1.00 |
| ענגליש־רוסיש מעטהאָדע, פון אלכסנדר הארקאווי, געבונדען | 35 |
| תורת לשון אנגלי, א ענגליש־העברעאיש מעטהאָדע, פון א. הארקאווי | 25 |
| ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער און ספעלער, פון אלכסנדר הארקאווי | 30 |
| ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער און ספעלער, פאָלשטענדיג פון אלכסנדר הארקאווי | $1.00 |
| פרענקעל׳ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, בראָשירט | 25 |
| וואַרן׳ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, פיין געבונדען | 75 |
| ענגליש־יודישעס טאשען ווערטערבוך, קלאָט באנד | 40 |
| " " " לעדער באנד | 60 |
| ענגליש־יודישעס האנד ווערטערבוך, געבונדען | 75 |
| ענגליש־יודישעס ווערטערבוך, פאָלשטענדיג, געבונדען | $2.25 |
| יודיש־ענגלישעס ווערטערבוך, פאָלשטענדיג, געבונדען | $2.00 |
| דיטא ביידע צוזאמען, געבונדען אין 1 באנד | $4.00 |
| העברעאיש־יודיש־דייטש־ענגלישעס ווערטערבוך, פון מ. מינץ | 15 |
| בוכהאלטונג און געשעפטס־פיהרונג צו לערנען גרינדליך דיא איינפאכע און דאפעלע בוכהאלטונג. דאס איז א גאנץ נייע מעטהאָדע, פון אלכסנדר הארקאווי | 25 |

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען, וויא אויך ביי

THE HEBREW PUBLISHING CO.,

122-128 Leonard Street, Brooklyn, N. Y.

# שייקע פייפער

אדער

## דער וועלט בעריהמטער וויצלינג.

גאַנץ נייע אַנעקדאטען, סצענעס אונד שטוקעס וועלכע
ער האט יעצט בעשאַפען צום לאַכען אונד פערגעניגען צו מאַכען.

**פרייז 5 סענט.**

פערלאג פאָן

**דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,**

122-128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין.

# שייקע פייפערס וויצען.

**1) בעריל וואס לויפסטו?**

שייקע האט א מאהל איינעם א פרעג געגעבען אין גאס, בעריל וואס לויפסטו? האט איהם בעריל געענטפערט איך מוז לויפען ניך א היים ווייל דיא דיענסט מיינע איז גראדע היינט אוועקגעפאהרען איז דיא ווייב אליין. וויא באלד אזוי האט שייקע געזאגט מוז איך אויך לויפען וואס צום גיכסטען א היים, וואס איילסטו זיך האט בעריל געפרעגט? פארשטייסטו מיך, האט שייקע געזאגט ווייל מיין ווייב איז היינט אוועקגעפאהרען איז דיא דיענסט אליין.

**2) הנאה פון רעגען.**

שייקע האט א מאהל געזאגט אז איהם טהוט שטארק הנאה ווען עס גיסט א גרויסער רעגען און נאך מעהר הנאה האט ער ווען ער פאהרט אין א פינסטערע נאכט און דער רעגין גיסט איהם אונטער דעם קאלנער. וואס איז דאס פאר א הנאה האט איהם איינער געפרעגט? און אז מיר זאל ניט הנאה טהאן וועל איך בעסער מאכען? האט שייקע געענטפערט.

**3) א חזן קען מען טרויען.**

ער האט א מאהל אריינגעפיהרט א חזן אין א רעסטאראן און האט געזאגט דעם ווירטה: איהר קענט דעם חזן געבען עסען פיעל ער וויל און בפרט אז איהר וועט זיין זיכער אויך. מיט וואס בין איך דאס זיכער, האט דער ווירטה געפרעגט? דער חזן האט פיעל זאכען, האט איהם שייקע געענטפערט.

**4) א פור טאבאק אין א ליולקע.**

ער האט א מאהל געבעטען בייא א ווילנער גביר ער זאל איהם לייען 25 רוביל ווייל איהם מאכט זיך צו קויפען א פוהר טאבאק פאר א ווילדע מציאה. אין אכט טאג ארום האט בייא איהם דער גביר געפאדערט דיא געלד צוריק. זאגט ער איך קען אייך שוין דאס געלד היינט ניט געבען ווייל מיר האט געטראפען א סיבה וואס עס איז גאר א חרפה צו ערצעהלען. דער שווארץ יאהר האט מיר עפעס אנגעטראגען א חסיד און האט מיר געבעטען א ליולקע טאבאק. נוא וויא גיט מען דאס ניט א ליולקע טאבאק, איז אבער געוועזען אזא בייזענע גרויס פון א ליולקע אז דיא גאנצע פוהר טאבאק איז דארט אריין.

### 5) א אמתער גמילות חסד.

ער האט א מאהל נעבעטען בייא איינעם ער זאָל איהם לייען 1 רוביל אויף מארגען האט איהם שייקע אָפּגעגעבען 2 רוביל. פרעגט איהם יענער וואס איז דיא מעשה מיט אייך וואס איהר גיט מיר 2? פארשטייט איהר מיך האט ר' שייקע גע־זאגט דער רוביל האט פראָסט געבויירען נאָך איינעם. מילא זאָגט יענער וויא באלד איהר זייט אזא מאבער גיב איך אייך יעצט א גאנצע הונדערטער און ברייננט מיר אָפּ 200 זאָל זיין אזוי! האט שייקע געזאָגט און האט בייא איהם גלייך גענומען דיא הונדערט רוביל. אין א פּאָר טאָג ארום אלס יענער האט איהם געטראָפען אין גאס און פרעגט איהם וואס הערט זיך מיט מיין הונדערטער? שלעכט, האט שייקע גע־זאגט, גאנץ שלעכט. איך וויל אייך גאָר אזא שלעכטע בשורה נים אָנזאָגען, וואס איז? האט יענער ערשראָקען געפרעגט. וואָס זאָל זיין האט שייקע געזאגט זיא איז געגאנגען שווער צו קינד און איז געשטאָרבען. וואס רעדט איהר עפּעס געשטאָרבען האט יענער געזאגט איהר מאכט פון מיר חוק. איך פערשטעה גאָר נים האט שייקע געזאָגט אויף געבאָרען האט איהר געגלויבט פאר וואס זאלט איהר נים גלויבען אויף שטארבען?

### 6) א גוטער וואונש.

איינער האט איהם א מאהל געליהען 5 קאָפּיקעס האט איהם שייקע געגעבען א ברכה אז גאָט זאל איהם אָפּגעבען כפל כפלים. אלס יענעם האט פערדראָסען דער וואונש האט איהם שייקע געזאגט איהר האט נאך צייט מיר צו לייהען א פּאָר טוי־זענד רוביל אויף דעם זעלבען וואונש.

### 7) א גוטע קווארטיר.

ער האט א מאהל גענומען צו זיך א אורח אויף א ווערערע. אלס ער האט דעם אורח געבראכט צו זיך שפּעט אין דער נאכט איז דיא ווייב ארויסגעלאָפען מיט קולות און געשריען: בעטלער! דוא האסט אליין ניט וואס צו עסען האסטו נאך איין אורח אויך געבראכט? — הערט איהר ניט דיא ארוריה האט ער צום אורח געזאָגט נעהמט אייער קלומיקעל צו קאָפּינס און לייגט זיך אויף דער ערד שלאָפען.

### 8) נעכטיגע ווערערע.

א ארימאן איז א מאהל צו איהם אריין און געבעטען א ביסעל געקעכץ. אפשר וועט איהר עסען נעכטיגע ווערערע? האט איהם שייקע געפרעגט. אָך פאר וואס ניט האט דער אָרימאן געזאָגט. וועט איהר מוחל זיין קומען מאָרגען האט איהם שייקע געזאָגט וועט איהר האבען נעכטיגע ווערערע.

### 9) א מיטאָג פאר א שיינעם גראָשען.

ער איז א מאהל אריין אין א גאָרקיך און האָט געבעטען מען זאָל איהם צו־גרייטען אַ רעכטען מיטאג פאר אַ שיינעם גראָשען. אלס ער האט אָפּגעגעסען האט ער דערלאַנגט דעם ווירטה פון גאָרקיך א דעניזקאַ, וועלכע איז געווען שפּאָגעל נייא און האט געזאגט: איהר מעגט מיר גלויבען אז דער גראָשען איז פון נייעם מינץ— איז דאס ניט א שיינער גראָשען?

### 10) א מיטאג אָהן פּאַראַד.

שייקע האט א מאהל געבעטען אין א גאָרקיך מען זאָל פאר איהם מאכען א שיינעם מיטאג עס זאָל זיין דיא שעהנסטע געריכט פיש, פלייש, קאָמפּאָט מיט דיא בעסטע ווייגען נאָר אָהן פּאראַד.

— וואס מיינט איהר אָהן פּאראַד, אדרבה—האט דער ווירטה געזאָגט—איהר זאָגט דאָך מען זאָל אייך געבען דיא שעהנסטע מאכלים.

— אָהן פּאראַד, מיין איך, אָהן כלי זמאָרים—האַט שייקע געענטפערט.

### 11) דער בייגעל הײנגט?

דער זעלבער שייקע האט א מאהל גענעכטיגט אין אַ רעסטאָראציע, האט גע־קויפט אַ בייגעל און האט אויפגעהאנגען אויף דעם צוועק וואס איבער זיין בעט. בשעת אַלע געסט זיינען שטאַרק איינגעשלאָפען איז זיך ר' שייע אראָפּ געקראָבען פון זיין געלעגער און האט איבערגעקעהרט דיא טיש און ביינק, דיא פּאָמוניצע וואַ־סער האט ער געשטעלט אויפ'ן מיטען שטוב, ער האט אָנגעשטעלט אין שטוב אזוי פיעל זאכען אז עס איז ניט געווען וואו דורך צו געהן. אלס ער האט אָפּגעטאהן דיא ארבייט איז ער אריין אין בעט און האט אָנגעפאנגען צו שרייען מיט גרויסע קולות: גוואלד מיר איז ניט גוט ראַטעוועט ניכער ראַטעוועט! איך בין פערביי! דער ווירטט מיט דער ווירטהין אלע געסט האבען אָנגעהויבען צו לויפען צוואַלאָם צו איהם. דער שרייט: איך האב שוין ניט קיין קאָפּ דער שרייט דיא האנד, דיא פוס מען האט שוין קוים וויא עס איז אָנגעצונדען א ליכט און מען איז שוין צוגעאנגען צו שייקען פרעגען וואס איהם איז און וואס האט ער דאָ אָנגעמאכט אזא גערודער האט ער גאַנץ רוהיג געפרעגט א קוק געבענדיג אויפ'ן וואנט מיין בייגעל הענגט? מיר האט זיך אויסגעוויזען אז מען האט מיר אָפּגעגאַנבעט דעם בייגעל.

### 12) א גוטער געלעגער.

ער איז א מאהל געגאנגען מיט איינעם שפּאַצירען אין גאס. אויפ'ן מיטען וועג זאגט שייקע צו זיין טאָוואַרישץ: ווארט מיר אויף איין ווייל איך מוז זיך דאָ א ביסעל צו לייגען: מיר שלעפערט זייער. דוא ביסט משוגע אָדער חסר דעה האט

איהם דער טאָווארישץ נעפרעגט? וויא לייגט מען זיך אויפ'ן מיטען גאס? פער־שטעהסטו מיך האט איהם שייקע געענטפערט. איך האב אויסגערעכענט ריכטיג אויף דעם אָרט צו בויען א הויז און דאָ וואו איך וויל מיך לייגען וועט זיין מיין שלאָף־צימער, נוא אין מיין שלאָף־צימער מעג איך מיר לייגען.

13) געטראָפען ווען צו פרעגען.

איינער האט איהם א מאהל געפרעגט וואו דער מרחץ איז. האט איהם שייקע אריינגעפיהרט אין א רייך געפוצטע הויז און האט איהם געהייסען ער זאל זיך אויס־טאָהן אין קאָלידאָר.

14) א טובה בייא א ישיבה בחור.

ער האט א מאהל געבעטען א ישיבה בחור אז ער זאָל איהם טאָהן א קליינע טובה אזוי וויא ער עסט דאך במילא טעג זאל ער איהם אויפעסען אלע תעניתים פון א גאַנץ יאָהר דערפאר וועט ער איהם בעפרידיגען.

15) א גרינגע סלוזבע.

איינער האָט אמאל געבעטען שייקען ער זאל איהם רעקאָמאנדירען א גרינ־גע סלוזבע — האט איהם שייקע געהייסען פאָהרען קיין ווארשא און טונקען הייסע בלינצעס אין קאַלטע סמעטענע.

16) אַ סגולה צוא א מקשה לילד.

איינער האט איהם ערצעהלט אזוי וויא זיינע א שוועסטער געהט שוין פון א פאָר טאָג צו קינד און קען ניט האָבען דאס קינד. שאַ איך האב א גוטען מיטעל, האָט שייקע געזאָגט, מען זאָל זאָגען 7 מאָל יזכור וואָרום אז מען זאָגט איין מאל יזכור געהען ארויס אידען מיט בערד, אז מען וועט זאָגען 7 מאָל וועט אזא קליינער אידעלע ניט ארויסגעהן?

17) אַ סגולה צוא בויך ווייטאָג.

איינער האָט איהם א מאָל געפרעגט א מיטעל צוא בויך ווייטאג. האט ער איהם געהייסען אָפּגאָלען א ביסעל האָר פון קאָפּ און אָנטריפען א ביסעל טריוואקס איבער א ליכט. — נו וואס וועט זיין דערנאך? וועסט שוין אָן בויך פערגעסען. האָט שייקע געזאָגט, דוא וועסט נאָר שרייען דיא קאָפּ, אפשר א שלעכטער מיטעל הא?

18) צוא מיר האט איהר אויך געמיינט?

א ווילנער גביר האט א מאָל אָפּגעזאָגט א עטליכע קהל'סלייט דעם צווייטען פסוק פון שיר השירים. שייקע איז גראדע אויך געשטאנען נעבען דיא קהל'סלייט, בייא נאכט האָט ער געקלאפּט בייא דעם גביר אין שטוב און האָט איהם געפרעגט אויב ער האָט בעת מעשה איהם אויך געמיינט אָדער ניין?

טאָמער האט איהר מיר אויך געמיינט האט שייקע געזאָגט, בין איך געקומען ערפּיללען...

19) אַ ווייב אַ פּאַטשערקע.

ער האָט זיך אַ מאָל פאר איינעם געקלאָגט אז זיין ווייב איז א גרויסע פּאַטשערקע (פּערברייגגערקע), מיט וואָס? האט איהם יענער געפרעגט. דיא אללע קולות וואס זיא דארף מיר געבען א גאנץ יאָהר, האָט זיא מיר אויסגעשאָטען היינטיגען פריה מאָרגען האָט שייקע געזאָגט.

20) אַ ליגען קורץ און שאַרף.

איינער האט איהם אַ מאָל געבעטען ער זאָל אָפּדערציילען א מעשה א ליגען קורץ און שארף. האט שייקע דערציילט בזה הלשון: אז שבועות צום סדר בעת איך בין געזעסען אין סוכה און געפלאָכטען דיא הושענות זיינען אריין פּורים־שפּילער און האָבען מיט דיא שופרות פערלאָשען דיא חנוכה ליכטלעך.

21) דיא 10 בטלנים.

ער האָט א מאָל אריינגעשיקט צו א ווילנער גביר 10 בטלנים און האט זייא געזאגט אזוי וויא דער גביר האט יאָהרצייט פערלאנגט ער מען זאָל בייא איהם אין שטוב לערנען משניות מיט א מנין מענשען און ער וועט יעדערען געבען צו 3 רובעל.

22) אַ שדכן מוז האבען א אייגענע הויז.

ער האט א מאָל געזאגט אז דער געמיינסטער שדכן מוז האָבען איין אייגענע הויז, ווייל איידער ער רעדט דעם שדוך בעקומט ער דיא פלאץ האט ער שוין א פלאץ, דערנאָך פיהרט ער אויף א וואנט מיט א וואנט, דערנאך לאזט זיך אויס בוידים פּאָליצע און צום סוף פיהרט ער גאָר אויס א קוימען. אָט האָט ער א פארטיגע הויז.

23) אין דיא 9 טעג טאָר מען זיך ניט גריזען.

ער איז א מאל אריין צו א ווילנער גביר אין דיא 9 טעג און האט בעמערקט וויא דיא ווירטהין האָט זיך געגרגיזעט אין קיך און האט געליארעמט אויף דיא דינסטען וואס זייא האָבען ניט גוט אויסגיפּאַרמעט דיא בלינצעס. אום גאָטעס ווילען האָט שייקע צוא דער ווירטהין געזאָגט, איהר פארגעסט גאָר אז מען טאָר זיך היינט ניט גריזען? אז איהר גריזעט זיך עסט איהר דאָך פון זיך דיא פלייש, און איהר ווייסט דאָך אז מען טאָר אין דיא 9 טעג קיין פלייש ניט עסען.

24) וואס טהוט מען וואס מאכט מען וואס הייבט מען אָן.

ער האָט א מאָל געהערט וויא איינער שרייט: גוואלד וואָס טהוט מען וואס מאכט מען וואס הייבט מען אָן. האָט איהם שייקע גלייך געזאָגט: טהו א טרונק

בראנפען מאך א חערינג הייב און א קעז.

25) שייקע מיט'ן קוימען קעהרער.

שייקע איז א מאָל געזעסען אין טראקטיר און האָט געטרונקען א גלאָז ביער. אלס איין קוימען קעהרער איז אין טראקטיר אריין האָט שייקע פעסט צוגעהאלטען דיא גלאָז מיט ביידע הענד. וואס האט איהר אזוי מורא האט דער קוימען קעהרער געפרעגט, ווייל איהר קעהרט שטענדיג אוים, האט איהם שייקע געזאגט.

26) פאר פיש און נאָך פיש.

אז מען פאָהרט אריבער א טייך. האָט שייקע געזאָגט, דארף מען טהאָן פריהער א טרונק בראנפען, דאס הייסט איידער מען פאָהרט אריבער און נאָך דעם וויא מען פאָהרט אריבער, ווייל אין מיטען טייך איז דאך פיש, וועט דאס זיין ריכטיג, פאר פיש און נאָך פיש.

27) אַ טובה פאר א שדכן.

א שדכן האט איהם א מאָל געבעטען ער זאָל איהם טהאָן א טובה, אזוי וויא ער האט בעקענטשאפט בייא איינעם א געוויסען גביר, און ער רעדט גראדע דעם גביר'ס טאָכטער א שדוך. זאָל ער איהם העלפען אויספיהרען דעם שדוך. מיט וואס קען איך אייך העלפען, איך קען דען דעם חתן? האט שייקע געזאגט.

איהר דארפט גאר ניט קענען, האט דער שדכן געזאָגט, אז איך וועל לויבען דעם חתן זאָלט איהר נאך מעהר לויבען, דאס איז גאר פשוט. אז איך וועל זאגען א גוזמא זאלט איהר זאָגען נאך א גרעסערע. אלס דער שדכן האט זיך צוריסען לויבענדיג, דער חתן איז א וואול לערנער, האט שייקע געזאגט א גאנץ עולם, ער איז א גוואלדיגער שרייבער, האט שייקע געזאגט דער גרעסטער פּאָעט אין דער וועלט. און אז דער שדכן האט זיך אויסגערעדט אז דער חתן איז עטוואס קורצזיכטיג, האט שייקע געזאגט אז ער האט דיא אמת'ע ליכטיגע שטאָר.

28) ר' משה בטלן.

אין ווילנא איז געוועזן איינער ר' משה בטלן וועלכער פלעגט זיצען גאנצע נעכט און לערנען אין קלויז. ער איז געוועזן א למדן מופלג אבער קיין איברינגען שכל האט ער ניט געהאט. ויהי היום האט זיך מישב געוועזן ר' שייקע ער מוז איהם עפּעס אָפּטאהן. אין א ווינטערדיגע נאכט. אלס ר' משה בטלן איז זיך געזעסען אין קלויז און געלערענט גאנץ געשמאק, דאס איז שוין געוועזן שפעט אין דער נאכט און מעהר וויא ער אליין האט זיך שוין אין קלויז ניט געפונען, איז זיך ר' שייקע ארויף אויף דעם בוידעם פון קלויז מיט א עמער קאלטע וואסער און האט אָפּגערוקט דיא ברעטעל וואס דאס געפינט זיך אין יעדען קלויז (ימים נוראים עפענט מען אויף דיא

ברעטעל אריין לאָזען פרישע לופט) און האט א געשריי געגעבען דורך דער לאָך מיט א פערשטיקטען קול: משה, משה! ר׳ משה בטלן האט זיך שטארק דערשראָקען און האט מיט זיך אליין גערעדט: גאנץ ווילנא רופט דאָך מיר ר׳ משה, און איצט אז מען רופט משה מסתמא איז דאס דער רבונו של עולם, הנני, האט משה געגע־בען אויף געלומפערט א געשריי. האט זיך ר׳ שייקע אפגערופען פון דער הויך וזרקתי עליך מים טהורים (איך וועל אויף דיר גיסען ריינע וואסער. זרוק, זרוק, האט משה געענטפערט. שייקע האט ניט לאנג געקלערט און האט איהם אראָפּגע־גאָסען דעם עמער קאלטע וואסער.

## 29) א שניידער א למדן.

א שניידער וועלכער פלעגט ליעב האבען א ביל טאהן צווישען לומדים און אומעטום אריינקריכען מיט א לשון קדש ווערטעל, האט איהם א מאהל איינער גע־פרעגט, פון וואנען קען ער אזוי פיעל לשון קדש. וואס דארפט איהר מעהר, האט דער שניידער געזאגט, איך האב א מאל גענייט אין א הויף ביי א אידעשען פאר־מער, איז איהם גראדע דער הונט פערפאלען געווארען, האט ער מיר געפרעגט אויב איך האב דעם הונט ניט געזעהן. האב איך איהם גלייך געפרעגט: — השומר אחי אנכי?

## 30) אָזנים לכותל.

דער זעלבער שניידער איז א מאל געזעסען אויף א בן זכר, האט איהם איינער געפרעגט, ווארום קנאקט איהר קיין נים ניט? האט ער געעפענט דיא מויל זאגענ־דיג, אזנים לכותל, ער האט קיין ציין ניט.

## 31) דער רייכער שניידער.

א רייכער שניידער האט זיך משדך געווען מיט א רב. פסח צום סדר האט ער אראָפּגעבראכט דיא כלה צו זיך, עס איז געקומען צו דיא עשר מכות, האט זיך דער שניידער אנגעהויבען קלאָפּען אין הארצען, האט איהם דיא כלה ערקלערט אזוי וויא איהר פאטער דער רב איז זיך נוהג אָפּטונקען מיט דעם פינגער. אזוי זאָגט דער שניידער, איהר גלייבט מיר צוא א רב, ווער האט דאס אַזאַ ריינעם פינגער וויא א רב? פאר אונז פּראָסטע מענשען איז געגונג אז מיר שלאָגען זיך אין האר־צען צו דיא עשרת הדברות.

## 32) דער שניידער מיט דער ווייב

א שניידער האט א מאל געזאגט דער ווייב אזוי וויא ער האט גענומען א צעטעל און אז נאט וועט איהם מזכה זיין מיט דער גרויסער געווינס איז דיא ערס־טע כפרה וועט זיין דער מלמד וואס קנעלט בייא זייא אין קאמער. איך קען פון

איהם קיין נאכט ניט שלאפען האט ער צו דער ווייב נעזאגט, א מענש זאל האל-
טען קינדער אזוי שפעט, און דוא בינסטאך פון דיא נשים צדקניות, פון דיא גוט-
הערצינע, וועסטו דאך זאגען א רחמנות, א געמיינער מאן מיט קליינע קינדער, און
אזוי ריידענדיג האט ער איהר אראפגעלאזען א גרויסען פאטש, און האט געזאגט,
אז איך זאג איז געזאָגט, וויטער שפאר מיר ניט איבער.

33) דער פאַכטער.

אויף דעם זעלבען ארט דערצעהלט מען אז א מלמד האט געזאגט דער ווייב
אזוי וויא ער האט בדעה נעהמען א פאכט, איך וויס דאך, האט ער צוא דער ווייב
געזאָגט, אז דוא וועסט אראָפּנעהמען פון דיא לאדישקעס דיא שמעטענע און דיא
זויערמילך וועסטו לאָזען, האט ער איהר אגב אורהא מכבד געווען מיט א פייערדי-
גען פאטש זיא זאָל ניט זיין קיין נאשערקע.

34) דער פאַכטער מיט דער ווייב.

א פאכטער האט דערצעהלט דער ווייב אז בעת ער איז נעגאנגען צום פריץ
נעהמען דעם פאכט אלס ער האט זיך מיט דעם פריץ געטאָלקעוועט אין פּאָקאָי
וועגען דעם פאכט האט ער בעמערקט וויא בעריל דער פאכטער האט זיך געבאָרעט
מיט 2 גרויסע הינט און זייא האבען איהם ניט געגעבען קיין דריסת הרגל צום פריץ
דערוויל איז בייא מיר געבליבען דער פאכט אין גלייכען געלד. נאר האט איהם דיא
ווייב געזאגט, דוא מיינסט אז דאס זיינען געווען הינט? דאס זיינען געווען מיין
טאטע מיט דיין טאטען א ליכטיגען גן עדן זאלען זיי האבען און זייא האבען זיך בע-
מיהט פון אונזערטוועגען..

35) דער בלינדער מנקר.

א מנקר וועלכער טרייבערט פלייש האט געהאט בייא זיך א ביכעל פערשרי-
בען וויא עס נעהט צו מיט דעם טרייבערען, וויל ער איז געווען א גראָבער יונג
האט ער זיך פערצייכענט מיט כתיבה אותיות, פראָסט: מען שטעלט אוועק דעם
קלאָץ און מען לייגט אוועק דעם.... און מען רייסט און מען טרענט
דיא אָדערען ביז עס ווערט כשר. אויף דער עלטער אלס איהם איז טונקעל געוואָ-
רען דיא ראיה איז ער געווארען א משגיח אויף דעם הייליגען אָרט און האט זיך
גראָדע אוועקגעליינט דעם ביכעל אין דעם אהל וואו עס לינען דיא מענה לשון'ס.
א אידענע איז זיך געקומען ר"ח אלול אויף דעם בית עולם האט זיא ריכטיג געפּאקט
דעם גוטען ביכעל און האט זיך צולאָזען בייא איהר טאטען אויפן קבר: מען שטעלט
אנידער דעם קלאָץ און מען לייגט אוועק דעם.... און מען רייסט און מען טרענט
דיא אָדערען ביז עס ווערט כשר. אלס איין צווייטע פרוי וועלכע איז געבען איהר

געשטאנען האט איהר געפרעגט וואס האט זיא זיך אזוי צוכליפעט מיט אזעלכע משו־נה'דיגע ווערטער האט זיא איהר געענטפערט: וויא זאל איך ניט וויינען, אז מען טהוט אזוי מיין טאַטען אויף יענער וועלט.

36) אַ מגיד אהן א נאָז.

א מגיד וועלכער האט פשוט קיין נאָז ניט געהאט האט זיך אָפּגעזאגט אין א קליין שטעדטעל עטליכע דרשות און עס האט זיך ניט געפונען קיין מהלכים אז זייא זאלען געהען איבערן שטאדט פאר איהם, ער איז איין מאָל ארויף אויף דער בימה און האט געזאָגט: — רבותי, וואס מיינט איהר, איהר וועט דאס מיר אלץ אזוי פיה־רען פאר דער נאָז? בייא מיר איז דאס ניטאָ, איך האב אייך אָפּגעזאָגט עטליכע דרשות בעצאהלט מיר וועל איך פאָהרען אהיים.

37) אַ מגיד אַ הארבול.

דער הארבול איז דער בעוואוסטער מגיד וואס דיא וועלט קען איהם ער האט אמאל געזאָגט אין א שטעדטעל א דרשה וואס זייא האבען נאָך איהם קיין מאל ניט געהערט אלס ער איז אויף דער בימה געשטאנען איז געווען דיא ערשטע ווער־טער; פון הר סיני האט איהר געהערט? פון הר גריזים האט איהר געהערט? וועט איהר היינט הערען פון הארבול אויך.

38) א קלאָץ קשיא פון א מגיד.

א מגיד איז אמאל ארויף אויף דער בימה און האט אוועקגעשטעלט א קלאָץ קשיא: שטייטס פאר וואָס זאל אין דיא נעמען פון דיא אבות ניט זיין קיין טית? וואס דער אות איז דער אנהייב פון טוב. און נאָך מעהר קשיא, טיטוס הרשע וואס ער איז געווען א רשע מרושע קומט איהם צווייא טית'ן דאס איז דאָך ניט געהאָרכט גע־ווארען אזא ווילדע רציחה צייט דיא וועלט שטעהט.

39) ברכי נפשי.

איין בע"ג האט געפרעגט דעם צווייטען אזוי וויא ער האט אָפּגעזאגט גאנץ תהלים אויב ער דארף זאָגען ברכי נפשי? וואס האט הודו צו דער ארענדע, אז דוא פיהרסט א וואָגען מיט הייא דריבער דארפסטו דיא פערד קיין אָבראָק ניט געבען?

40) איין קלוגער ענטפער פון איין בעל עגלה.

מען האט בעשטעלט א בעל עגלה ער זאל קומען זאנטאג, איר ער גאר גע־קומען פרייטאג. אלס מען האט איהם געפרעגט ווארום ער איז ניט געקומען צוא דער צייט, האט ער געענטפערט, איהר האט דאך מיר בעשטעלט זאנטאג, מיינען האט איהר געמיינט מאנטאג, איך האב געמיינט דיענסטאג, האב איך דאך געדארפט קומען מיטוואך, אמת הא? האב איך ניט געקענט קומען דאנערסטאג, נאָר פרייטאָג.

41) דער ישיבה בחור מיט'ן שדכן.

א ישיבה בחור האט געבעטען א שדכן ער זאל איהם אויסזוכען א כלה זיא זאל זיין שעהן און רייך און פון שעהנסטען יחוס. וויל איך בין ניט שעהן, ניט רייך און ניט פון שעהנעם יחוס. איך האב פאר דיר אזא מין כלה, האט דער שדכן געזאגט, ווען ניט דער קליינער חסרון וואלט דאס געווען א גוטער שדוך פאר דיר. וואס איז דער חסרון? האט דער ישיבה בחור געפרעגט, עס טרעפט צייטען וואס דיא כלה ווערט משוגע, האט דער שדכן געזאגט. נו, האט דער ישיבה בחור געזאגט וויבאלד עס איז דא אזוי פיעל מעלות איז שוין בייא מיר דיא משוגעת נאָר קיין חסרון ניט. וויא באלד אזוי, האט דער שדכן געזאָגט? מחמו ווארטען ביז זיא וועט משוגע ווערען.

42) אַ קל וחומר פון אַ ישיבה בחור.

אַ ישיבה בחור האָט אַ מאָל געזאָגט: מה דאָך אז מען ליינט זיך אויף איין פעדער איז הארט? פשיטאָ שוין אז מען לייגט זיך אויף אַ זאק פעדער'ן איז דאָך בודאי הארט, איז ניט אַ נארישקייט וואָס מען שלאָפט אויף קישענס מיט פערענעס?

43) אַ ממה נפשך פון אַ ישיבה בחור.

אַ ישיבה בחור האט זיך אמאל געליינט שלאָפען, אלס ער האט בייא נאכט געהערט עפעס אַ שאָרכעריי אין שטוב, האט ער געזאגט פשיק, פשיק, גוואלד גוואלד, שמע ישראל, שמע ישראל. און אלס מען האט איהם געפרעגט וואס הייסט דאס האט ער געזאגט, ממה נפשך, איז דאס א קאַץ פשיק, פשיק, איז דאס אַ גנב גוואלד, גוואלד, איז דאס א שד שמע ישראל, שמע ישראל.

44) א ישובניק א בעל שכל.

אַ ישובניק האט אמאל דערקלערט מיט זיין אייגענעם שכל אז לאה איז 13, דאס איז גאר פשוט האט ער געזאגט, אז שרה (עשרה) איז צעהן, איז דאך רבקה עלף, רחל צוועלף, נו ווער קען שוין אָפלייקענען אז לאה איז 13?

45 אנעים זמירות.

א ישובניק האט אמאל געזאגט אז דיא בעסטע שותפות איז נאר צו מאכען מיט אנעים זמירות, מיר א פסוק, יענעם א פסוק, אי טאמער כאפט יענער א פסוק מעהר, זאל איהם כאַפען בייץ בויך.

46) שכירות פאר א שניידערשען מגיד.

חברה שניידערס האבען אמאל געמאכט איין אסיפה פון וואנען צו נעמען שכירות פאר זייער מגיד איז איינעם א'ן אלטען שניידער איינגעפאלען א פלאן, אז מען זאל אוועקשטעלען בייא דעם מגיד א פעסעלע און יעדער זאָל זיך אָפּניסען

אלע פרייטאג א גלעזעל שנאפס פון דיא וועלכע ער וועט נעמען אויף שבת. איין שניידער איז געפאלען אויף א פלאן ןער וועט דאס וויסען אז ער וועט ארייננייסען אלע פרייטאג א גלעזעל וואסער? אלס דער מגיד האט גענומען צוא דער פעסעלע פערקויפען און אפנעהמען זיינע שכירות איז געווען דורך וואסער וויל אלע שניידערס זיינען געפאלען אויף איין פלאן.

## 47) מאן און ווייב.

מאן און ווייב וואס פלעגען זיך אפט אויף שיטען איינע דיא אנדערע מיט קללות האבען אמאל אפגעמאכט בייא דעם רב פון שטאדט אז מעהר זאלען זייא זיך ניט שילטען. נאך מעהר צו בעווארענען זיך האבען זייאביידע געמוזט שווערען ביי'ן רב אין שטוב אז קיין קללה וועט שוין מעהר ניט געדאכט ווערען. איידער זייא זיינען פון רב אוועק זאגט דיא ווייב צום רב: איהר מיינט דאך רבי אז ער וועט האלטען דעם ווארט מיט דער שבועה וואס ער האט אייך געגעבען אז ער וועט שוין מעהר ניט שילטען? אזוי פיעל גוטע יאהר מיר און מכות איהם פיעל קללות ער וועט מיר נאך געבען אפילו תיכף קומענדיג אהיים; זעהט איהר איך האב גע־שווארען וועל איך מקיים זיין.

## 48) צווייא ליגנער.

איין ליגנער האט אמאל דערציילט דעם צווייטען אז ער האט אמאל געזעהן א הויז 20 שטאק דיא הויך.

וואס דערציילסטו מיר דא פאר א זאך האט דער צווייטער געזאגט, אז איך האב געזעהן א קוה וואס דיא הערנער האבען געהאלטען 300 איילען דיא לייגג. וויא קען דאס זיין חאט דער ערשטער געפרעגט, וויא קען דאס זיין 300 איילען? אז דו וועסט מיר אראפלאזען פון דיא עטאזען, האט דער צווייטער געזאגט, וועל איך דיר אראפלאזען פון דיא הערנער. ווען ניט וויל איך ניט.

## 49) א גוטער טראַקטאַמענט.

איינער האט זיך אמאל בעקלאגט פאר שייקען אז ווען ער קומט צו איהם איז נאר אויף טרוקענעם אבער המצאה און ווידער המצה. דעם צווייטען מאל אלס ער איז צו איהם געקומען האט ער איהם מכבד געווען מיט א עמער קאלטע וואסער און האט איהם געוואלט ניסען גלייך אויפ'ן קאפ.

## 50) א טענה פון א פראָסטע אידענע.

איין אידענע האט געטראקטירט דער צווייטער מיט דיא שעהנסטע אויפנאמעס אלס דער צווייטער ווארְ איבערדריסיג וואס זיא בעמיהט זיך אזוי פיעל ארום איהר האט זיא געזאגט: גוואלד צו וואס זאלט איהר לעבען? צו וואס זאלט איהר געזונד

זיין דארפט איהר זיך מאַכען אזוי פיעל מאוס (מיהע), צו וואס זאלט איהר אנדרעס גוטס האבען, צו וואס דארף מען דאס ס'איז בנאמנות איבעריג.

**51) א גאון'ס א וואָרט.**

א רב האט אמאל געזאגט צו א מחבר אז דעם חבור וואס ער האט געמאכט אויף משלי געפעהלט איהם גאר ניט, נאָר דעם חבור וואס ער האט געמאכט אויף איוב וויא ער האט נאָר אקוק נעגעבען אויף דעם שער איז איהם שוין געפעהלט געווארען. וואס איז דיא מעשה רבי האט איהם דער מחבר געפרעגט. פארשטייט איהר מיר האט דער רב געזאגט, איוב האט געהאט אזוי פיעל צרות אויף זיך זאל ער האבען נאך א צרה. —

**52) א גוטער איינפאַל פון א רב.**

א ישובניק'ס א איידים האט זיך בעקלאגט בייא א רב אז זיין שווער דער ישובניק וואס ער האט איהם צונעזאגט קודם החתונה האט ער ניט מקיים געווען. וואס האט ער אייך צוגעזאגט? האט דער רב געפרעגט. ער האט מיר צוגעזאגט קעסט האט ער מיר ניט געגעבען, ער האט מיר געגעבען א קוה האט ער צוגענומען און האט מיר נאך גוט אָנגעקלאפט דיא ביינער אויך. פאר אלץ דארף אייך דער שווער בעצאהלען 24 רובעל, האט דער רב געזאגט. וואס איז דאס פאר א חשבון האט דער איידים דעם רב געפרעגט. דאס שטייט בפירוש אין סידור: הקשט שנים עשר פאר דיא קעסט 12 רובעל , וקלופה פאר דיא קלעפ שלשה 3 רובעל, וקנמון פאר דער קוה צונעהמען תשעה 9 רובעל, אט רעכענט אויף איז דאס 24 רובעל.

**53) א גוטער וואָרט.**

א שניידער האט זיך בעקלאגט פאר א רב אז זיין ווייב איז א שטיק נבלה אָדער נאך בעסער א שטיק.... הכלל ער וויל זיך מיט איהר גט'ן, אלס ער איז צום רב אריין איז געווען דיא ערשטע ווערטער: רבי מיין ווייב איז א שטיק.... איך בעט אייך לייגט זיך אריין אין דעם עס זאל ווערען א גט.

**54) דרייא חסידים.**

3 הסידים האבען זיך צורריסען לויבענדיג זייערע רביים. עפעס א שפּאס מיין רבי, האט איין חסיד געזאגט, ער פראוועט דאך דיא נקיות ביז 12 נאך האלבען טאג. און מיין רבי, האט דער צווייטער געזאגט ביז רעכט נאכט איז ער פערנומען מיט דיא נקיות. טפשים בהמות, האט דער דריטער געזאגט, מיין רבי איז דאך דיא נקיות אליין.

**55) א קלוגער מתנגד.**

א חסיד האט זיך אמאל בעריהמט פאר א מתנגד. אז דיא גדלות פון זיין

רבי'ן איז גאר ניט צוא בעשרייבען, ער לעבט נאר מיט הוילע נסים אז ער עסט שוין אמאל יא א שטיקעל פלייש בעשיט ער מיט פעפער און זאלץ אבי ער זאל קיין הנאה ניט האבען. פיעל פעפער און זאלץ דארף ער שוין שיטען אויף דער רעבעצין? האט דער מתנגד געפרעגט תם'עוואטע.

56) בייא א ישובניק צום סדר.

א ישובניק'ס א זון האט געפרעגט דעם פאטער, וויא קומט קרח (כורך) אין דער הגדה. האט איהם דער פאטער געענטפערט: דאס ווייזט אז א מענש טאר זיך ניט איבערנעהמען, הגם מיר זיצען דאך היינט וויא דיא שררות פון דעסטוועגען קענען מיר נאך האבען דיא מפלה וויא קרח.

57) נאך א מין שאלה.

טאטע וואס איז דאס פאר ווערטער רצ"ך עד"ש באח"ב, האט א זוהן געפרעגט דעם פאטער בייא'ן סדר. דאס מוז עפעס ווייזען קעגען דער זוהן מיט דער לבנה און דיא שטערען, אדער גיכער איז דאס א רמז אז עשו האט פערקויפט אונזער טאטען יעקב דיא בכורה פאר א טאפ לינזען, ווייל עדש איז לינזען.

58) א קלוגער ענטפער פון א טאטען.

א ישובניק האט אמאל געזאגט אין דער הגדה, דם צפרדע בנים, האט איהם דער זון אונטערגעבראכען בנים, נאר, האט דער פאטער געזאגט, בנים איז אויך א גוטע מכה.

59) טיפשישאקער נאראנים.

דיא וועלט דערציילט עפעס פון טיפשישאק פלאי פלאים הגם איך וויים ניט צוא דאס איז אמת אדער ליגען, נאר א וועלט איז דאך ניט משוגע, מען דערציילט אז טיפשישאקער אידען האבען אמאל דורכגעפיהרט א גרויסען קלאץ דורך אשמא־לע געסעל, דיא קלאץ איז געלעגען אין דער ברייט און האט ניט געקענט בשום אופן דורכגיין דורך דער געסעל, איז איינגעפאלען א טיפשישאקער אידען אז מען דארף אראפוואַרפען א רייהע הייזער.

60) געפאקט דיא לבנה.

טיפשישאקער אידען האבען זיך אמאל מיישב געווען אז מען דארף אריינקרי־גען דיא לבנה אין שוהל, כדי דיא גאנצע וועלט זאל בייא זייא פאהרען אויף קדוש לבנה, וועלען זייא האבען שיינע הכנסה דערפון. וויא בעקומט מען אזא מין סחורה אין שוהל אריין? איז איינגעפאלען א טיפשישאקער אידען ארויסטראגען נעבען שוהל א כלי וואסער און וויא דיא לבנה וועט אריינשיינען אין כלי וועט מען נעמען גיך ארומבינדען מיט א גראבע טוך און אריינטראגען אין שוהל אריין. אלס איי טיפ־

שישאָקער איד איז אמאל געקומען אין א'ן אַנדער שטאָדט און האט געזעהן וויא מען זאָגט קדוש לבנה אויפ'ן גאס האָט ער געזאָגט: וויא איך זעה איז שוין נאָר קיין בעהעלטענעס ניטאָ.

61) דער בית עולם.

אלס מען האָט בעדארפט מאכען אין טיפּשישאָק א בית עולם האָבען דיא שטאָט לייט בשום אופן ניט געקענט וויסען פיעל פּלאַץ מען דארף אויף א בית עולם איז איינגעפאלען איין טפשישאָקער אידען נאָר א וואוילער פלאַן. אז דיא אלע מענשען פון שטעדטעל זאָלען זיך צולייגען אויף א פּליאַץ ועט מען וויסען איין מאָל פאר אלע מאָל פיעל פלאַץ מען דארף אויף א בית עולם.

62) דרייא נאַיע מאָדנע קללות.

איין מארק זיצערקע האָט געשאָלטען דער צווייטער, א פייער זאָל איהר ברע־נען אין דיא אויגען אז אלע זאָלען מיינען דאָס איז א לימענאציע.

און דיא צווייטע האָט איהר געענטפערט, איהר זאָל דרייען אין בויך מען זאָל מיינען אז דאָס איז א קאטערינקע.

און דיא דריטע האָט געזאָגט: איהר זאָל קלינגען אין דיא אויערן מען זאָל מיינען אז דאָס איז א פּראזדניק.

63) אַ קלוגע פּריילין.

א ריכטינגען פאקט דערציילט מען: איין אכצען יאָהריגעס מעדכען איז געגאַנ־גען עפּעס קויפען פאר איין סענט. אלס דער קרעמער האָט איהר איבערצייגט אז דער סענט איז ניט קיין גוטער, האָט דיא פריילין געענטפערט: הלואי פארמאָגט מיין טאטע אזעלכע הונדערט.

64) פון מאָדע אַרוים.

איין פריילין האָט געפרעגט דער צווייטער ווארום לויפט זיא זאָ שנעל? פאר־שטייסטו מיר. האָט דיא פריילין געענטפערט, איך האָב היינט איין נאַייעם מאַנטעל געקויפט לויף איך שנעל א היים איך האָב מורא ער זאָל פון מאָדע ניט ארוים.

65) דער ערשטער ביסען איז א עקבויער.

דיא וועלט דערציילט: אז עוזר מארשעלעק האָט א מאָל גיפראוועט א חתונה בייא זיינע א טאָכטער; אלס דער עולם איז זיך צונויף געקומען צו איהם אויף דער חתונה האָט מען געפונען אויפ'ן טיש איין פלאַש וואסער מיט א עקבויער. דיא חתונה לייט האָבען איהם געפרעגט צו וואָס האָט ער געשטעלט א פלאַש וואסער מיט א עקבויער האָט ער זייא ערקלערט: בעת איך בין געגאַנגען קויפען פלייש האָט מיר דער קצב געזאָגט ער האָט פלייש נאָר שמאלץ, גו האָב איך מיר בערעכענט מסתמא איז

דאָך שמאַלץ בעסער; איך געה קויפען שמאַלץ זאָגט דער קרעמער עפּעס א שפּאַס וועל איך אייך געבען שמאַלץ נאָר בוימעל, בין איך שוין געגאַנגען קויפען בוימעל זאָגט דער קרעמער איך האָב בוימעל נאָר וואַסער מסתמא איז דאָך וואַסער בעסער האָב איך בעסער געשטעלט א פלאַש וואַסער. און דער ערשטער ביסען זאָגט דיא וועלט איז איין עקבויער.

---

# מעשיות פון משוגעים.

**66)** א קלוגער ענטפער פון א משוגענעם.

א געוויסע זאַך דערציילט מען: איינער איז געגאַנגען בעזוכען זיינעם א פּלע-מעניק אין דול הויז, אלס ער האַט געפרעגט דעם פלעמעניק וויא ער פיהלט זיך האַט ער איהם געענטפערט: הלואי אויף דיר געזאַגט געוואָרען.

**67)** א וועלט זאגט משוגע איז משוגע.

איינער האט בעזוכט זיינעם א קרוב אין דול הויז. דער משוגענער האט זיך פאר איהם געקלאַגט אז ער ליידעט זעהר צאָן שמערצען, און ריידענדיג האט ער ער איהם געעפענט דיא מויל און האט איהם געוויזען אז ער האט א גרויסע לאָך אין באַקצאָהן און האט איהם געבעטען ער זאָל איהם א טאַפּ טאָהן מיטן פינגער, אלס יענער האט איהם צוגעלייגט דעם פינגער, האט ער איהם א ביס געטאָהן און האַט געזאָגט: אז א וועלט זאָגט משוגע איז משוגע.

**68)** א גוטער איינפאַל.

איינער איז ארויף צו א משוגענעם וועלכער האָט געוואָהנט אויף דעם צוויי-טען שטאָק. אלס ער האָט מיט איהם גערעדט אויף דעם באַלקאָן האָט איהם דער משוגענער א נעם געטאָן און זאָגט צו איהם: קום וועלען מיר ביידע אראָפּשפּרינגען. נאַר! וואָס דארפסטו שפּרינגען פון אויבען אראָפּ, האָט דער קלאָרער געזאָגט, קום בעסער אראָפּ- וועלען מיר שפּרינגען פון אונטען ארויף, — אויך רעכט, האָט דער משוגענער געזאָגט.

**69)** א משוגענער פּלאַן.

עס איז א מאָל געווען א משוגענער אין א שטעדטעל, איז איהם א מאָל איינ-געפאַלען א פּלאַן אז ער מוז איבערקעהרען דיא שטעדטעל און האט געשריען אין דיא גאַסען אז ער וועט נעווים איבערקעהרען דיא שטעדטעל. איינער א קלוגער

האָט איהם געבעטען ער זאָל אויף איהם רחמנות האָבען ער זאָל איהם זיין הויז לאָזען שטיין ער זאל איהר ניט איבערקעהרען. איך וועל דיר דאס טאָהן, האט דער משוגענער געזאגט, איך וועל דיר דיין הויז ניט קעהרען. אין א פאָר שעה ארום איז ער צו יענעם געקומען און האָט איהם געזאָגט אז ער קען דאס ניט טאָהן, אז קעהרן איז געקעהרט.

**70) דער גוטער איד מיט דעם משוגענעם**

דיא וועלט דערצעהלט א ריכטינע מעשה: עס איז אמאל געקומען צו פאָהרען א גוטער איד און א שטעדטעל. א משוגענער וועלכער האָט זיך געפונען אין דער שטעדטעל איז אריין צו איהם אין קארעטע און האט בשום אופן ניט געוואָלט ארויסגעהן. וואס שפּאָרט דיר דוקא צוא פּאָהרען מיט דעם רבי'ן? האט איהם חסיד געפרעגט. איך וויל אז דיא גאנצע וועלט זאָל זיין אונזערע, האט דער משוגענער געענטפערט, ווייל נאָך דעם רבי'ן לויפען נאך משוגענע און נאָך מיר קלאָהרע, אז מיר וועלען פאָהרען ביידע צוזאמען וועט דאך דיא גאנצע וועלט זיין אונזערע.

**71) א מאָדנער צופאַל.**

אויב דיא מעשה איז אמת אָדער ליגען וועל איך ניט שווערען, נאָר דערצעהלען דערצעהלט מען, אז א מוהל איז געפאָהרען פון א ישובניק'ס א ברית פרייטאג, אין א ווינטערדיגען קליינעם טאָג, דער מוהל מיט דעם פוהרמאַן, וויא עס ווייזט אוים זיינדן ביידע געווען מלא און האָבען שטאַק איינגעשלאָפען אויפ'ן פוהר.

דער פערד איז זיך אראָפּ פון וועג און האט אנגעהויבען געהן איבער בערג און טהאָלען, עס איז שוין געוואָרען רעכט שבת זייא שלאָפען זיך גאנץ געשמאַק. דער פערד איז זיך וויא עס איז פערקראָכען צו א קרעצמע און האָט זיך אוועקגעשטעלט, דער מוהל מיט דעם פוהרמאַן האָבען זיך וויא עס איז אייפגעכאַפּט, זייא האָבען געזעהן עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, מילא א סיבה, זייא האבען אָנגעקלאַפּט.

דיא שיינקערקע דיא קריסטין האָט זייא געעפענט, זייא זיינען אריין אין שטוב געוואשען דיא הענד אָפּגעדאַבענט און זיך געלייגט שלאָפען.

דער ישובניק וואס איז געזעסען אין דער צווייטער סטאנציע האָט נאָר ניט געהערט וואס דאָ האָט זיך בייא נאַכט געטאָהן און אויב יעמאַנד איז געקומען אָדער ניט, ער איז זיך אויפגעשטאַנען פאַר טאָג וויא זיין שטייגער איז זאָגען תהלים, אלס ער האט דעם מוהל מיט דעם בעל עגלה דערזעהן איז ער געבליבען שטעהן וויא א צומישטער, ער האָט מיט זייא נאָר ניט גערעדט ווייל זייא זיינען געשלאָפען. וואָס זאָגסטו שפרה? האט ער צוא דער ווייב געזאָגט, אידען זיינען דאָך

היינט ב״א נאכט צוא אונז פערפאהרען. מסתמא איז דאך היינט ניט שבת, האט דיא ווייב גענאגט, מיר האבען געווים געהאט א טעות, נעהם שוין ניכער אראפ דיא טישטיכער מיט דיא לייכטער און מאך אויס שבת און דערצעהל נאר קיינעם קיין מעשה ניט, עס וועט דאך אונז זיין א חרפה פאר פרעמדע מענשען, און זייא וועלען דאך באמת זאגען אז וואס מען דערצעהלט זיך אן פון ישובניקעס איז טאקע אמת. קורץ עס איז געווארען אויגען בליק אויס שבת.

אלס דער מוהל מיט דעם פוהרמאן האבען זיך אויפגעכאפט און האבען ניט געפונען ניט קיין לייכטער ניט קיין טישטיכער און דער ישובניק האט זייא אפגעגעבען דעם ברייטען גוט מארגען האבען זייא שוין גאר ניט געוואוסט וואס צו קלערען. זייא האבען גאר גערעכענט אז דיא גאנצע מעשה איז א חלום און האבען זיך נאר געשעהמט צו דערצעהלען וואס מיט זייא האט פאסירט.

זייא האבען זיך אפגידאבענט א וואכעדיגען דאבנען און אפגינעסען א דאר־פישען קרופניק און זיינען זיך אוועקגעפאהרען אהיים בשלום.

וואס דערנאך איז געווארען אלס זייא זיינען אריינגעפאהרען אין שטעדטעל, ווייס איך ניט. נאר וויא עס ווייזט אויס איז געווען ניט קיין שלעכטע סצענע.

**72) א גוטער ווארט.**

איינער האט אמאל געזאגט אז דאס וואס דיא וועלט זאגט אז פון קינדער ווערט מען אלט שטעהט דאס בפירוש אין דער תורה, (כי תוליד בנים ובני בנים ונושנתם בארץ.)

**73) גוטע טייטש ווערטער פון מלמדים.**

א רבי האט געטייטשט מיט א אינגעל כצפיחית בדבש אזוי וויא אין האניג. וויא איז דער טייטש כצפיחית אליין, האט דער אינגעל געפרעגט. גראבער יורקע, האט דער רבי געזאגט, וואס ווייסטו דא ניט, כצפיחית בדבש אזוי וויא אין האניג, דאס איז דאך אבער צווייא בעזונדער ווערטער. האט דער אינגעל געזאגט, פרעג איך אייך וויא איז דער טייטש כצפיחית. דאס איז א גראבע קאפ, האט דער מלמד געשריען, פיעל מאל וועל אוך דיר זאגען? דו האסט געלערענט אז בשעת אידען זיינען ארויס פון מצרים און זיי זייא זיינען געוועזן אין דער מדבר 40 יאהר האבען זייא געגעסען מאן (מן) וואס דער מן האט געהאט א טעם „כצפיחית בדבש“ מילא דאס אלץ ווייס איך, האט דער אינגעל ווידער געזאגט, איך פרעג דאך אייך אבער וויא איז דער טייטש כצפיחית אליין?

אזוי, האט דער מלמד פארקנייטשט דעם שטערן? דיא פרעגסט מיר כצפיחות אליין? אט אזוי רייד, וועל איך דיר זאגען. כצפיחית ? ? כצפיחית ? ? האט דער

מלמד נעקלערט, מוז עפעס זיין א מין צפיחית׳ל וואָס דאָס וואקסט אין דיא וואַ
רימע לענדער.

### 74) רבי אַבאָ אַ יונג

א ישובניק האט געשיקט זיין בחור א למדן מופלג ער זאל געהן אין שטאָדט פרעגען בייא דעם רב וועלכען מען האט גערופען ר׳ אבא א שאלה. דער בחור האט גיחזערט א גאנץ וועגס שאלה, שאלה. אלם ער איז אריין צום רב זאָגט ער: רבי איך וועל אייך פרעגען א קשיא. א שאלה מיינסטו מיין קינד, האט איהם דער רב גענעבען א גלעט פאר׳ן בעקיל. אבא א יונג האט איהם דער בחור גענעבען א קלאפ אין פלייצע, מאלאדיעץ.

### 75) א גוטער אינגעל.

א רבי האט געלערענט מיט א אינגעל אין דער פרשה חיי שרה, ותמת איז געשטאָרבען שרה, פרעגט דער רבי דעם אינגעל: ווער איז געשטאָרבען? האט דער אינגעל געענטפערט, נאך וואס פרעגט איהר מיר? גראבע קאפ. האט דער מלמד געליארעמט, ותמת איז דער טייטש געשטארבען. נו ווייס איך שוין דער טייטש געשטארבען. ניין יורקע. שרה איז דאך געשטארבען, האט דער מלמד זיך צושריען מיט דיא גרויסע קללות, אזוי, האט דער אינגעל געזאגט, שרה איז אויך געשטארבען איז דאך דארטען עפעס געווען א גאנצע מגפה.

### 76) נאָך א בעסערער.

א רבי האט געלערענט מיט א אינגעל אין דעם פרשה נח: צא נעה ארוים מן אתבה פון קא.... מסתמא האט דער אינגעל אזוי לאנג געצויגען דעם קא.... קא.... ביז ער האט געזאגט פון קאמער. אי פערכאפט זאלסטו שוין ווערען, האט דער רבי זיך צוגעזונגען דעם אינגעל. דער אינגעל האט איהם באלד נאכגעזאגט: אתה דוא ואשתך און דיין ווייב ובניך און דיינע קינדער ונשי בניך אתך און דיא ווייבער פון דיינע קינדער זאלען אלע פערכאפט ווערען מיט דיר אין איינעם.

### 77) א גמרא בחור.

א ישובניק האט אפגעגעבען זיינעם א בחור א למדן מופלג צוא א גוטען מלמד ער זאל מיט איהם אנהייבען לערנען גמרא. דער רבי האט מיט איהם אנגעהויבען פון שנים אוחזין בטלית זה אומר אני וזה אומר אני מצאתיה, אז צווייא האלטען אין איין קלייד, דער זאגט איך האב געפונגען און דער זאגט איך האב געפונען בלייבט דער דין ויחלוקו, אז מען זאל דיא קלייד פערקויפען און זייא דארפען, זיך ביידע צוטהיילען.

דער בחור האט מסתמא ניט אנגעהויבען צו פערשטיין וואס דא טהוט זיך,

געוויינליך האט ער בעקומען קלעפּ וויא האָלץ. דער רבי האט זיך שוין גוט פערשוויצט און האט איהם ערקלערט אזוי וויא ראוּבן מיט שמעון'ן האבען געפונען. ער פארשטייט דאס אלץ ניט, ער לייקענט גאר אָפּ דיא גאנצע מעשה, ער זאגט גאר עס קען גאר אזא מעשה ניט טרעפען. שטייטס וויא געפינט מען דאס א קלייד? וועלכער משוגענער ווערט דאס אָן א קלייד? וויא איז דאס מעגליך אז צווייא זאלען האלטען איין קליד? דיא קאפּ בענעהמט איהם אויף קיין פאל ניט, דער רבי איז איינגעפאלען נאר אויף א גוטען פלאן אזוי וויא קאזמיר מיט פיעטרוקען, וואס זייא וואונען נאהנט נעבען פאטער אין דארף און זייא ביידע האבען געפונען און קענען ניט מאכען קיין זגאָדע.

דער בחור האט שוין אנגעפאנגען אביסעל יע צו פערשטיין אבער דיא מעשה אליין האט זיך איהם גאר ניט געגלויבט. אלס דער פאטער איז אמאל געקומען צוא איהם אין חדר האט ער דעם פאטער געבעטען ער זאל איהם מאכען א מיטעל אין דארף צווישען קאזמיר'ן און פיעטרוקען מיט דער סערמינגע ווארום צוליעב זייא קריגט ער קלעפּ וויא האָלץ.

---

# תורות פון גוטע אידען.

### 78) ויקח קרח.

ויקח, יעדער מענש דארף זיך אריין נעמען אין זינען ער זאל געהן אין קאלטע מקואות אזוי וויא אייז מלשון קרח (קעלט). אז ער וועט אזוי טאָהן וועט ער געבענשט ווערען בן יצהר מיט א ליכטיגען זוהן (מלשון צהר תעשה לתבה) בן קהת א זוהן וואס אלע וועלען זיך צו איהם אויפזאמלען (ולו יקהת עמים) בן לוי ער וועט זיין בעהעפט צוא גאט ודתן ער וועט וויסען א דת ואבירם און ער וועט זיין א הויכער טאטע ואון בן פלת ער וועט זיין א וואונדערליכער זוהן בני אליאב ער וועט זיין א קינד ביי גאט דעם טאטען בני ראובן ער וועט זיין אזא קינד וואס יעדערער וועט אויף איהם זאגען ראו זעהט בן-אָט דעם זוהן.

### 79) וירא בלק.

וירא אז גאָט וועט זעהן בלק אז א איד וועט זיין מיט א הייליגע הארץ (בלק מאכט ראשי תיבות בלב קדוש) וועט ער זוכה זיין צוא האבען בן צפור א זוהן וואס וועט מניח זיין אויף דעם דור וויא א פויגעל. את כל אשר עשה אלץ וואס ער וועט טאהן ישראל לאמורי וועלען אלע אידען מורא האבען פאר איהם, ויגר מואב יעדע־

רער וועט פאר איהם מעהר מורא האבען וויא פאר א טאטען. מפני העם מאד
דיא גאנצע פאלק וועלען פאר איהם ציטערן, כי רב הוא ווייל ער וועט זיין א רב
ויקץ מואב מפני בני ישראל דער סוף וועט זיין אז ער וועט מגלה זיין דעם קץ פאר
דיא בני ישראל.

80) ותשר דבורה.

ותשר דוא זאלסט אפטאהן (תסיר) דבורה דעם בין, א מענש זאל ניט זא־
גען איך בין.... אז דוא וועסט זיך ניט האלטען פאר א איך בין וברק וועסטו שיינען
בן אזוי וויא דיא זון אבינועם זיסינקער טאטע.

81) וואס איז פריהער שחיטה אדער בדיקה?

א ישובניק האט געלערענט זיין איידים א למדן מופלג פאר א שוחט, אלס
מען האט איהם אמאל געפרעגט וואס איז פריהער שחיטה אדער בדיקה? האט ער
בחרפתו ניט געוואוסט. איין מאל האט ער געהערט וויא א איד שרייט אין גאס:
גוואלד מען האט מיר געקוילעט, וויא ער האט געהערט דעם וואָרט געקוילעט פרעגט
ער דעם אידען, וואס האט מען אייך פריהער געטאָהן ר' קרוב? פרעגט שוין נאר
ניט האט יענער געענטפערט, מען האט מיר גוט געבדקנט. אויב אזוי ווייס איך
דאך שוין האט דער שוחט געענטפערט, און איז גלייך אוועק צו דעם פרעגער און
האט איהם געזאָגט אז בדיקה איז פריהער פאר שחיטה.

82) צעהן פראַגען.

1־טע פראגע: וואס איז פריהער נייטיג געוועזען אויף דער וועלט איין דאָק־
טאָר אדער איין אדוואָקאט?

אנטווארט: איין דאָקטאָר, בשעת גאט האט אויסגעשניטען דיא זייט פון אדם
הראשון האט מען בעדארפט א דאָקטאר און נאך דעם וויא קין האט גיהרגעט הבל'ן
האט מען שוין בעדארפט איין אדוואקאט.

2־טע פראגע: ווער איז געוועזען דער ערשטער שדכן אויף דער וועלט?

אנטווארט: אליעזר דער קנעכט פון אברהם

3־טע פראגע: ווער איז געוועזען דער ערשטער פריקאשציק אויף דער וועלט?

אנטווארט: יוסף בייא פוטיפר'ן.

4־טע פראגע: מיט וואס קומט א חתן צוא א כלה?

אנטווארט: מיט דיא פיס.

5־טע פראגע: וואס פיר איין טיטעל שרייבט מען אויף בייא א גנב אויף
דער מצבה?

אנטווארט: בחכמה פותח שערים.

6־טע פראגע: פארוואס נעמט א גוטער יוד געלד?
אנטוואָרט: ווייל מען גיט איהם.
7־טע פראגע: פאר וואס טאָר זיך א בלינדער איד ניט שפּיעלען שבתות־צוא נאכט מיט א בייזען הונד?
אנטוואָרט: ער זאל איהם ניט איינבייסען.
8־טע פראגע: צוא איין האלבען דאך דארף מען 300 שינדלען פיעל דארף מען צוא איין גאנצען?
אנטוואָרט: גאָר ניט.
9־טע פראגע: וואס איז דאס פיר א זאך וואס דיא גאנצע וועלט מוז דער־פאר דיא הוט ארונטערנעמען?
אנטוואָרט: א קאַם....
10־טע פראגע: וואס איז דאס פאר א זאך וואס דיא גאנצע וועלט מוז דאס האבען און קיינער קען אהן דעם ניט אויסקומען?
אנטוואָרט: א נאָמען.

### 83) א מיטטעל צו מייז.

איין רייזענדער איז אריינגעפאהרען אין א האטעל, וואו ער איז געשטאנען א פּאָר טעג. פאר׳ן אוועקפאהרען האט מען איהם דערלאנגט א רעכענונג אויף צעהן דאללער מיט סענטען. איהם האט דאס זעהר פערדראסען, וואס מען האט איהם נערעכענט אזוי טהייער, אבער פערפאלען. אלס ער האט שוין געוואלט פערלאזען דאס האָטעל, האט איהם דערווירטה געבעטען, אז אויב עס וועט זיך איהם מאכען נאך איינמאל צו זיין אין דיעזער שטאדט, זאל ער אויך צו איהם אריינפאהרען.

— איך וועל אייך זאגען דיא ווארהייט, האָט דער רייזענדער געענטפערט, ביי אייך וואלט געוועזען זעהר גוט צו לאָזשירען, מען קען אבער ניט אויסהאלטען פון דיא מייז, וועלכע לאזען ניט שלאָפען א גאנצע נאכט.

— וואס זאל איך דערצוא טאהן? האט איהם געפרעגט דער ווירטה.

— איך קען אייך געבען דערצוא אמיטעל אויב איהר ווילט.

— אך איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, זאגט מיר איך בעט אייך האט דער ווירטה געזאגט.

— ווייזט זייא אייערע א רעכנונג, וועט איהר זעהן, וויא זייא וועלען פון אייך אנטלויפען און זיך מעהר ניט ווייזען.

### 84) דער מעבעל הע דלער.

א מאן האט דערצעהלט דאס ער איז פריהער געווען א מלמד, אבער יעצט

האנדרלט ער מיט מעבעל.

— וויפיעל מעבעל האט איהר שוין פערקויפט? האט מען איהם געפרעגט.

— פארלויפיג נור דיא אייגענע האט ער געענטפערט.

85) דער פילאָזאָף סאָקראַטעס.

דעם גרויסער פילאָזאָף סאָקראַטעס האט געהאט זעהר א שלעכטע פרוי וועלכע האט איהם אימער געשאָלטען, ער איז אבער דערבייא אימער זעהר גלייכגילטיג געבליבען. איינמאל איז זיא דערפאר נאך מעהר צאָרניג געווארען און האט איהם ארויף געגאָסען אויפ'ן קאפ איין עמער וואסער, איהם האט אבער אויך דאס ניט געארט. זיינע שילער וועלכע זיינען געווען דערבייא האבען איהם געפרעגט: וויא אזוי ער קען דאס אויסהאלטען? ער האט אבער אָנגעפאנגען צו לאכען און געענטפערט:

— וואס וואונדערט איהר זיך אזוי, ווייסט איהר דען ניט אז נאך א דונער קומט א רעגען?

86) גיפאסט און גינעסען.

אין דייטשלאנד, אין א שטעדטעל האבען דייטשען אין א תענית געדונגען איינעם ער זאָל פאר זייא פאסטען, איז איינער אריין צוא איהם און האט איהם געפונען ער עסט, זאָגט ער צוא איהם, מען האט דיר דאך געדונגען דוא זאלסט פאסטען. איך פאסט נור פאר עטליכע מענשען, האט ער געענטפערט, פאר א גאנץ שטאדט קען איך איינער ניט פאסטען.

87) דער אָרימאַן מיט חברה קדישא.

איין ארימאַן האט ניט געהאט אויף פסח, איז ער געקומען צוא חברה קדישא און געזאָגט:

מיין ווייב איז געשטאָרבען און איך האב ניט אויף אויסריכטונג פאר איהר. זייא האבען איהם געגעבען געלד אויף אויסריכטונג, דערנאך האבען זייא געשיקט דעם קאסטען נעמען דעם מת אוועקפיהרען אויפ'ן בית עולם, זייא קומען צוגעהן אין שטוב זייא געפינען דער מת שטעהט ביי'ן אויוון און קאָכט אָנבייסען, זאגען זייא צוא איהם: וואס האסטו אונז אָפּגענארט?

זייט רוהיג, האט ער זייא געענטפערט: זיא וועט זיין אייערע, איז ניט יעצט איז איבער א יאָהר צוא איין אנדער צייט אָבער אייערע וועט זיא זיין, זיא וועט פון אייך ניט אנטלויפען.

88) דער קהל'ס מאַן.

א קהל'ס מאן האט געשיקט צוא זיינעם א רבי'ן צווייא סאָלדאטען נעמען

בייא איהם א משכון. האָבען זייא בייא איהם גענומען דיא גמרא מיט א קיסען. דערנאָך האָט ער אָנגעטראָפען דעם קהל'ס מאן און פרעגט בייא איהם: וויא האלטען דיא סאָלדאטען?

האלטען זייא וויא דער מאן דאמר, לא איברא לילה אלה לגירסא (דיא נאכט איז נור בעשאפען צום לערנען) טאָ וואס האָבען זייא גענומען דיא גמרא? און אויב זייא האלטען וויא דער מאן דאמר, לא איברא לילה אלא לשינתא (דיא נאכט איז נור בעשאפען צום שלאָפען) טאָ פארוואס האבען זייא גענומען דיא קיסען?

— פארשטייט איהר, האט איהם דער קהל'ס מאן געענטפערט, דערפאר האב איך אייך געשיקט צווייא סאָלדאטען, איינער האלט וויא איין מאן דאמר און דער אנדרער האלט וויא דער אנדער מאן דאמר, האט איינער צוגענומען דיא גמרא און דער אנדערער דיא קיסען.

89) דער חזן מיט דעם פרנס חודש.

א חזן איז נעקומען אין א שטעדטעל און האָט דאָרט געוואָלט דאבנען שבת, און ער איז אוועק צום פרנס חודש נעמען ערלויבנים.

דער פרנס חודש וויל איהם אבער ניט לאָזען דאבנען, פרעגט דער חזן בייא איהם: פאר וואָס ווילט איהר מיר ניט לאָזען דאבנען, איהר האט געהערט אז איך בין א שלעכטער חזן?

— ניין נאר ניט דאס, ענטפערט דער פרנס חודש.

— אפשר האט איהר געהערט עפּעס אויף מיר שלעכטעס?

— חס ושלום, זאָגט דער פרנס חודש.

— טאָ וואס זשע איז פאָרט דיא אורזאכע וואס איהר ווילט ניט איך זאָל דאבנען?

— פארשטייט איהר, רופט זיך אָפּ דער פרנס חודש, איך האב איין איידים לערענט ער אין מינסק, האט ער מיר געשריעבען א בריעף אז ער וואָלט מעהר ניט קומען אין מינסק וויא צוא הערען סענדער דעם חזן וואלט איהם אויך געגוג געוועזן, נוא זאגט אליין, נאך אזא בריעף קען מען הערען איין אנדער חזן?

90) דער חכם און דער רשע.

א חכם איז געפּאָהרען מיט מענשען אויף א שיף און מיט זייא איז מיטגעפארען א גרויסער רשע אנידערטרעכטיגער מענש, האט זיך דיא שיף אָנגעהויבען צוא טרינקען האבען אלע אָנגעהויבען בעטען בייא גאט און דער רשע האט אויך אָנגעהויבען שרייען צו גאט, רופט זיך אָפּ דער חכם צו איהם: שריי ניט, גאָט וועט הערען אז דוא ביסט דאָ מיט אונז זיינען מיר אלע פערלאָרען.

91) דער קעניג מיט דעם פויער.

א מארגענלענדישער קעניג איז געפאהרען שפאציערען אונטערען שטאדט. ער איז אראפגעשפרונגען פון קארעט און געגאנגען צוא פוס זעהט ער עס געהט א פויער.

— וואוהין געהסטו? פרעגט ער דעם פויער.

— אין שטאדט, רופט זיך אפ דער פויער, איך וויל דארטען זעהן דעם קעניג. זאגט דער קעניג צוא איהם, זעץ זיך אין קארעט מיט מיר, וועלען מיר פאה־רען אין שטאדט ועסטו זעהן דעם קעניג.

— וויא וועל איך וויסען ווער עס איז דער קעניג?

זאגט דער קעניג, דוא וועסט זעהן פאר ווימען אלע וועלען אראפנעמען די היטלען און שרייען הורא, יענער איז דער קעניג.

זייא זיינען געקומען אין שטאדט. אלע האבען אראפגעכאפט דיא היטלען און מען האט געשריען הורא.

פרעגט דער קעניג בייא איהם: נוא יעצט ווייסטו ווער עס איז דער קעניג?

— ניין, ענטפערט דער פויער, וויל איך ווייס ניט פאר ווימען מען האט א ראפגענומען דיא היטלען, פאר דיר צו פאר מיר.

92) א טעות געהאט.

איינער איז אריין אין דער פינסטער אין קיך צוא זיין וייב און האט איהר א קוש געטאהן.

— וואס ביסטו יעצט עפעס אזוי גוט געווארען? פרעגט זיא.

— טפוי, האט ער געזאגט איך האב געמיינט אז דאס איז דיא מויד.

93) דער נאר און דער רב.

א נאר איז אמאל אריין צום רב און זאגט צו איהם: וואס טהוט מען רבי, וואס איך בין א נאר? זאגט דער רב צו איהם: אז דוא פארשטייסט אז דו ביסט א נאר ביסטו קיין נאר ניט.

— מא פארוואס זאגען פארט אללע אז איך בין א נאר?

— ווען אזוי, רופט זיך אפ דער רב, אז אליין פארשטייסטו ניט, נאר דוא הערסט וואס לייטען זאגען, ביסטו טאקע א נאר.

94) בורא מיני מזונות

מען האט אמאל אויפגערופען אין בית המדרש א ישובניק'ס א זוהן צוא דער תורה. האט ער געמאכט א ברכה איבער דער תורה „בורא מיני מזונות" איז גע־ווארען א גרויס געלעכטער, רופט זיך אפ דער פאטער ויינער, אט ער איז געוויינט

געווארען אין דערהיים רק צוא דיא בולבעס מיינט ער אז איבער דער תורה מאכט מען אויך „מזונות".

93) דער דאָקטאָר מיט דער שפיעז

א דאָקטאָר איז געגאנגען מיט א שווערד, איז ער אריין צוא איינעם אַ גרויסען חכם, פרעגט דער חכם בייא איהם, צוא וואס דארפט איהר דעם שווערד? טאָמער וועט אייך בעגעגענען איינער און וועט אייך וועלען הרג'ענען האָט איהר דאָך אייער פעדער, זייט איהר דאָך פיעל זיכערער, וויל מיט אייער פעדער הרג'עט איהר דאָך טויזענדער מענשען.

94) געפרעגט א שאלה.

איינער האָט געמויערט א מויער, האָבען דיא ארבייטער געארבייט שבת, האָבען איהם מענשען געפרעגט, וויא לאזט איהר דאס אייערע בעלי מלכות ארביי־טען אום שבת?

— איך האָב געפרעגט א שאלה בייא דיא מורא הוראות, האָט ער זייא גע־ענטפערט. נוא, וואס האָבען זייא געזאָגט? האָבען דיא מענשען געפרעגט.

— און אז זייא האָבען ניט געהייסען, הער איך אפנים, האט דער מאן זייא געענטפערט.

95) דער ישובניק מיט דער ספר תורה.

א ישובניק א פּראָסטער מענש האט זיך אמאל שמחת תורה זעהר משמח געווען מיט דער תורה, ער האט מיט איהר געטאנצט און געשפרונגען. האט איינער בייא איהם געפרעגט:

— זאָג מיר דוא האָסט עפּעס פּיעל געלערענט דעם גאנצען יאָהר וואס דוא פרעהסט זיך אזוי מיט דער תורה?

— פארשטייט איהר, האט דער ישובניק געענטפערט, דיא תורה האָט מיר גע־ראטעוועט אין צווייא הונדערט רובעל, איך האָב בייא איינעם געליהען צווייא הונ־דערט רובעל און איך האָב דערנאָך אָפּגעשוואָרען בייא דער ספר תורה אז איך האָב בייא איהם גאָר קיין געלד ניט גענומען און מיט דער שבועה האָב איך ניט גע־דארפט בעצאהלען.

96) דער ארעמאן מיט דעם בעל אכסניה.

איין ארעמאן איז איינגעשטאנען אין איין אכסניא און האט געגעסען און גע־טרונקען. עס איז אוועק איינינע וואָכען זאָגט דער בעל הבית צו איהם, נוא וואס וועט זיין ווען וועט איהר מיר בעצאָלען?

— אָט ווארט, האָט געענטפערט דער ארעמען, איך וועל נעמען דיא טאָרבע

וועל איך נעהן איבער דיא הייזער צונויף מאכען וועל איך אייך בעצאהלען.

דער בעל הבית איז געוואָרען זעהר אין כעס און זאָגט:

איך וועל אייך לאָזען ארויס נעהן און איהר וועט אנטלויפען?

— נוא, זאגט דער אָרעמאַן, אויב איהר גלויבט מיר ניט, טאָ קומט מיט מיר ביידע איבער דיא הייזער.

דער בעל הבית האָט אנגעהויבען זעהר צוא שרייען אויף איהם און זאָגט:

— וועל איך דען געהן מיט אייך איבער דיא הייזער?

— נוא, ווען איהר ווילט ניט מיט געהן מיט מיר, זאָגט דער אָרעמאַן, טאָ נאָט אייך דיא טאָרבע און געהט אליין איבער דיא הייזער.

97) דיא שכר לימוד.

א רבי האָט געהייסען א אינגעל, זיינעם א תלמיד ער זאָל געהן בעטען ביי'ן פאטער שכר לימוד. דער אינגעל איז געקומען צוריק פרעגט איהם דער רבי: נוא, וואָס האָט דער טאטע געזאָגט?

דער טאָט ; האט געענטפערט זאגט דער אינגעל, אז ער וואָלט וועלען בעצאָלען וואָלט ער האָבען אפולע רביים.

98) דיא רעבעצין מיט דיא אָרעמע אידענע.

אין א שטעדטעל איז געגאנגען אַ'ן אָרעמע אידענע איבער דיא הייזער האָט זיא צונויף געקליעבען אכט גילדען, האט זיא דאָס אוועקגעגעבן דיא רעבעצין בע־האלטען, נאָך א מאָל האָט זיא צונויף געקליעבען נאָך פינף גילדען האָט זיא אויך אוועקגעגעבען דיא רעבעצין.

איין מאלל פרעגט זיא בייא דיא רעבעצין: וויפיעל געלד האָב איך אייך שוין געגעבען?

זיעבען גילדען, האָט געענטפערט דיא רעבעצין.

זאָגט מיר רעבעצין, האָט געזאָגט דיא אידענע, אז וואָס איך גיעב אייך מעה־רער ווערט אלץ ווייניגער, טאָ וויעפיעל זאָל איך אייך דערלייגען, אז איך זאָל שוין בייא אייך גאָר ניט האָבען?

99) דיא כשרה קינד.

איינער איז געגאנגען אין גאָס זעט ער וויא א אידענע טראָגט א קינד און זאָגט: וואָס פאַר א כשרה קינד דאָס איז, האָט ער ניט פערשטאַנען וואָס הייסט א כשרה קינד, דערנאָך געהט ער ווייטער זעהט ער וויא א אידענע טראָגט א קאָשיק מצה און זאָגט: וואָס פאר א כשרה מצה דאָס איז, דאָ איז ער שוין גע־ווען א בעלן צו פרעגען בייא איהר, וואָס הייסט כשרה מצה?

— פארשטעהט איהר, האָט זיא איהם געענטפערט, עס זיינען געוועזן זעהר א פולע העלפער.

— יעצט פארשטעה איך שוין, האט ער געזאָגט, וואָס יענע האָט געזאָגט א כשרה קינד, ווייל עס איז געוועזן א פולע העלפער.

**100)** געשיקט קושען דורך פאָצט.

א פריילין איז אָנגעקומען דורך פאָצט א פאַסילקע מיט א בריעף, זיא האָט אליין ניט געקענט לעזען, האָט זיא געבעטען דעם פאָצטעליאָן ער זאָל איבערלעזען דעם בריעף. ער האט אויף געעפענט דעם בריעף און האָט איהם געלעזען, דער בריעף איז געוועזען פון איהרען א געליעבטען, ער שרייבט, אז ער שיקט איהר א פאַסילקע און שיקט איהר צעהן קושען, זאָגט דער פאָצטעליאָן צוא איהר: דיא פאַסילקע מיט דעם בריעף האָב איך דיר אָפּגעגעבען און יעצט דארף איך דיר דיא קושען אויך אפגעבען.

ער האָט איהר אפגעגעבען דיא צעהן קושען און זיא איז אוועק פריילעך און זאָגט: אָך וואס פאר א וועלט עס איז דאס היינט געוואָרען, אז אפילו קושען קען מען אויך שיקען דורך פאָצט.

**101)** דרייא יאָהר אויף איין אָרט.

א מיידעל האָט געוואלט אָנקומען אין א'ן אָרט פאר א דיענסט, האבען זייא בייא איהר געפרעגט וואו זיא איז געוועזן ביז יעצט? האט זיא געזאגט אז זיא איז געוועזן דרייא יאָהר אויף איין אָרט.

— נוא, האבען זייא געקלעהרט, אז זיא איז געוועזן דרייא יאהר אויף איין ארט איז זיא געווים איין אָרענטליכע און זייא האבען איהר צוגענומען.

זיא איז בייא זייא געוועזן עטלעכע טעג און האָט זייא בע'גנב'עט האבען זייא בייא איהר געפרעגט: וואו ביסטו דאס געוועזן דרייא יאהר אויף איין ארט?

— איך בין געזעסען דרייא יאהר אין טורמע, האט זיא געענטפערט.

**102)** דער פרוש.

איינער איז געזעסען און געלערענט אין א שטאדט, איז איהם אנגעקומען א בריעף אז זיין ווייב האט געהאט א אינגעל, האט בייא איהם איינער געפרעגט: איהר זייט דאך גאר ניט געוועזן אין דערהיים וויא אזוי האט אייער ווייב געהאט א קינד?

— דיא גמרא זאגט, האט דער פרוש געענטפערט, בזמן שישראל עושים רצונו של מקום מלאכתם נעשית על ידי אחרים (אז דיא אידען טהוען דעם וויללען פון גאט ווערט זייערע ארבייט געטאהן דורך אנדערע.)

**103) איספראָוועט זיך מיט בריעף.**

א ווייבעל האט געהאט א קינד און איהר מאן איז געוועזן שוין פון א יאהר 3 אוועק געפאהרען.

— דאכט זיך אייער מאן איז שוין ניטא לאנג אין דער היים ? האט בייא איהר איינע געפרעגט.

— א גוט יאהר אויף אייך, האט דיא ווייבעל געענטפערט, וואס איז/ער שיקט מיר קיין בריעף ניט ?

**104) געוואָלט געבען פעטש.**

איינער האט אמאל דערצעהלט, אז ער איז אריין צום פריץ, האט איהם דער פריץ געוואלט געבען 3 פעטש.

— פון וואנען ווייסטו וויפיעל ? האט מען בייא איהם געפרעגט.

— ער האט מיר געגעבען, האט ער געענטפערט.

— טאָ וואס זאגסטו אז ער האט געוואלט געבען ?

— נוא פארשטעהט זיך האט ער געענטפערט, אז ער וואלט ניט וועלען וואלט ער דאך ניט געבען.

**105) מדה כנגד מדה.**

איינער האט אמאל געגעסען טרפה. פאר וואס טהוסטו דאס ? האט איהם איינער געפרעגט.

— פאר וואס האב איך געזעהען אז א קריסט האט געגעסען קוגעל ? האט ער געענטפערט, וויא זייא טהוען אונז אזוי דארפען מיר זייא אָפטאהן.

**106) דער-געזונטער קאַליקער.**

איינער איז געקומען אין א שטעדטעל זיינען דארטען געוועזן אלע הינקעדיגע און זיינען געגאנגען אויף קולעס נור ער איינער איז געגאנגען אָהן א קולע, זיינען קינדער איהם נאכגעלאפען און געשריען, א קאַליקער, א קאַליקער.

קינדער וואס האט איהר צוא איהם, האט געזאגט א'ן אלטער מאן, וואס איז ער שולידג אז גאט האט איהם געשטראפט און ער געהט אהן א קולע ?

**107) געלערענט זאגען קדיש.**

א ישובניק האט גענומען א מלמד צו לערנען מיט זיין זוהן, איין מאל געהט אריין דער ישובניק אין חדר זעהט ער דער רבי לערנט מיט זיין זוהן זאגען קדיש. האט ער געזאגט מיט כעס צום רבין :

— וואס לערנט איהר עפעס מיין זוהן קדיש, איהר ווילט אז איך זאל שוין שטארבען ?

— אויב דער פון וועגען, האט דער רבי געענטפערט, קענט איהר נאך לעבען הונדערט יאהר דען ביז הונדערט יאהר וועט ער זיך נאך אויך ניט אויסלערנען זאגען קדיש.

108) א ישובניק האט אָפּגעריכט דעם סדר.

א ישובניק האט אָפּגעריכט פסח דעם סדר. עס איז געקומען צו ורחץ, האט ער געוואסען דיא הענד און געמאכט א ברכה, ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו.

— וואס איז דאס פאר א ברכה? האט איהם איינער געפרעגט.

האט ער געענטפערט, עס שטעהט דאך מען זאגט ניט על נטלת ידים.

109 דעם בעל שם׳ס צואה,

א בעל שם, א רייכער מאן איז געשטארבען אהן קינדער; האט ער געשריעבען א צואה פאר זיין טויט, אז גאר זיין געלד זאגט ער אפּ פאר דיא נארען.

— פאר וואס טהוט איהר דאס? האט מען איהם געפרעגט.

— פון דיא נארען בין איך רייך געווארען, האט ער געענטפערט, דארפען זייא מיר יעצט ירשענען.

110) דער חזן.

א חזן האט געדאבענט אין א בהמ״ד, נאכ׳ן דאבנען האט ער בייא איינעם געפרעגט:

— וויא געפעלט אייך מיין דאבנען?

— אין איין אָרט איז געוועזן אויסגעצייכענט, האט ער געענטפערט, נור איהר האט דארטען זעהר מקצר געוועזן, איהר האט געדארפט מעהר מאריך זיין וואלט אס גאר געוועזן אין אנטיק אין דער וועלט.

דער חזן האט געפרעגט זעהר נייגעריג:

— אין וועלכען אָרט איז אייך דאס אזוי געפעלען?

— אין דער אנדער קדושה, האט איהם יענער געענטפערט, האט איהר זיך א ביסעל פארהוסט אָט דאס איז געוועזן זעהר גוט, נור איהר האט בעדארפט מעהר מאריך זיין.

111) דער משוגענער.

א משוגענער איז אמאל געקומען אין בהמ״ד מיט איין אָפּגעשאָרענע באָרד האט בייא איהם איינער געפרעגט:

— וואו איז דיין באָרד?

— איך האָב פארקאמט, זאגט דער משוגענער.

יענער האט א טאפּ געטאהן מיט'ן האנד און זאגט: עס איז דאָך אָפּגעשארען.

— וואס פארשטעהסט ניט, האט דער משוגענער געענטפערט, פארקאמט און פארשאָרען.

**112) געשלאָפען שבועות'דיגע נאכט**

איינער האט דערצעהלט: ער האט געשלאפען אכט טעג פאר שבועות און אכט טעג נאך שבועות און שבועות'דיגע נאכט אויך און קען זיך אלץ ניט אויסשלאָפען, האט איינער בייא איהם געפרעגט:

וויבאלד אז איהר האט שבועות'דיגע נאכט אויך געשלאפען טאָ פאר וואס קענט איהר זיך ניט אויסשלאָפען?

—עפּעס א קלייניגקייט אוועלט שלאָפט ניט, האט יענער געענטפערט.

**113) אַ לעבעל ברויט איז ברוגז געווארען.**

איינער האט דערצעהלט אז בייא איהם איז א לעבעל ברויט ברוגז געווארען, ער קומט אהיים ער זוכט דעם לעבעל ברויט ער איז ניטאָ, ער איז אוועק צום בעקער זוכען איהם, אפשר איז ער דארטען דאָ. ער איז געקומען צום בעקער ער געפינט ער איז דאָ, פרעגט ער דעם לעבעל ברויט, פאר וואס ביסטו עפּעס ברוגז געווארען אויף מיר? רופט זיך אָפּ דער לעבעל ברויט: דו קריגסט זיך מיט דער וויב פאר וואס זיא קאָכט שיטערע גרויפּען בראָקסטו מיר אריין.

**ענדע.**

# צווייטער טהייל.

## אַ גרויסער פערדיענער.

א ארעם בחור האט זיך אָנגעגעבען אין נדן, אז ער פערדיענט 5 רובעל א טאָג, און אַלס דער שווער האט איהם נאָך דער חתונה געפרעגט ווארום ער געהט שוין ניט ארוים פארדיענען דיא 5 רובעל? האט ער איהם געענטפערט — ווארט, עס איז דאָך נאָך ניט פורים, פורים אי"ה וועל איך לייענען דיא מגילה, און וועל טראָגען משלוח־מנות, וועל איך דאָך פערדיענען דעם טאָג אפשר 5 רובעל.

## א פראָסטער חי וקים.

פארצייטען איז געוועזען דער מנהג אז אין דיא שבתים וואס מען פלעגט זאָגען „יוצרות" פלעגט מען מכבד זיין איינעם מיט'ן אויסשרייען דעם „חי וקים". איינ־מאָל, אַלס דער שמש איז צוגעגאנגען צו איינעם א גראָבען ישובניק, איהם מכבד זיין מיט דעם כבוד, פרעגט איהם דער ישובניק, וואס פאר א חי וקים איז הייגטיגער שבת, צו „בגזרת" צו „בסוכת" — נייז, — ענטפערט איהם דער שמש: א פראָסטער „חי וקים". אלס עס איז געקומען צום אויסשרייען, האט דער ישובניק אויסגעשריען „א פראָסטער חי וקים"!

## אַ קלוגער ענטפער.

דער קעניג פרידריך דער גרויסער, האט מוסטירענדיג זיינע סאָלדאטען, בע־מערקט בייא א אידעשען קליינעם סאָלדאט זיינען דיא שטיוועל צוריסען, און אַלס ער האט איהם געפרעגט ווארום בייא אַלעמען איז גאנץ דיא שטיוועל און נור בייא איהם איז צוריסען? האט ער איהם געענטפערט, ווייל יענע זיינען גרעסער פון מיר, אז דיא שטרעקע וואס זייא געהען אָפּ פערציג טריט, דארף איך געהן 60 טריט, דערפאר איז בייא מיר מעהר צוריסען וויא בייא זייא אלעמען.

## אַ געטרייער מאַן.

וויא האלט עס מיט מיין פרוי? האט איינער ביים דאָקטאָר נעפרענט, ליידער ניט גוט, האט דער דאָקטאָר נעענטפערט, איהר מוזט זיך אויף דאס שלימסטע בעשליסען: וואס זיא ווערט נעזונד? — האט דער מאַן נעפרענט.

## אַ באָרד.

א רב האט אמאל געזעהן אין א פוילישע שטעדטעל א יונגען לאסט טרעגער מיט א נעראזירטען באָרד, הערסטו, פרעגט בייא איהם דער רב, וויפיעל ניט מען דיר פאר'ן טראָגען? פיעל עס מאכט זיך: אמאל 10, 15, 20 קאָפּיקעס. נא דיר 20 קאָפּיקעס און טראָג מיר אויף עטוואס, האט נעזאָגט דער רב, — אָך, רעבעניו, וואס? „אַ באָרד".

## דיא גבאים מיט'ן רב.

אין א שטעדטעל אין דייטשלאַנד, האט מען נעמסורט פאר דיא גבאים, אז זייער רב פאָהרט אום שבת, אויב אזוי? האבען זייא נעענטפערט, איז ער דאָך נעוואָרען א נרעסערער בעל הוצאָה, דארף מען איהם העכערען „דיא שכירות".

## א שעהנער וואָרט.

א קליין נעוואקסינער ישיבה בחור האט נענעסען בייא איינעם א טאָג, דער בחור איז אָבער נעווען אזא פרעסער אז ער האט נעקענט אויפעסען פאר פינף מענשען. איינמאָל פרענט איהם זיין בעל־הבית, זאָג מיר, וואס איז דיא מעשה, וואס איהר, אזא קליינער מענשעלע, עסט אזוי פיעל אויף אָהן עין־הרע? איך וועל אייך זאָגען, האט ער איהם נעענטפערט, בשעת גאָט האט בעשאפען דיא וועלט, האט ער אויפגעהאנגען אלערהאנד קישקעס, קליינע און גרויסע. דער הויבער מענש וואס האט נעקענט דערגרייכען העכער, האט ער זיך אויסנעקליבען א קורצע קישקע, אָבער איך אלס קליינער מענשעלע האב נעמוזט נעהמען א לאנגע קישקע.

## דער מאַן און דיא ווייב.

מיין ליעבער מאַן, האט א פרוי נעזאנט צום מאַן, זייא מיר מוחל וואס איך בין פון דיר אנטלאָפען נעוואָרען, פאר וואס דוא ביזט אנטלאָפען נעוואָרען, בין איך דיר שוין מוחל. האט איהר דער מאַן נעענטפערט, אָבער איך בין דיר ניט מוחל פאָר וואס דוא ביזט צוריק נעקומען.

### 1) ער קען נאך דערהערען.

בתיה. איז דאס אנ'אמת חאסיע לעב, וואס מען זאגט, אז אייער מאן איז ניט פאר מיר נעדאכט טויב געוואָרען?

חאסיע. דאס איז אמת, נור רעדט ניט אזוי הויך, דען ער איז אין צווייטען צימער, קען ער דאס דערהערען, וועט איהר פון איהם כאפען א שווארצען סוף דערפאר.

### 2) אזוי האט דער דאָקטאָר פערשריבען.

ריכטער. דיא פרוי בעשולדינט אייך, אז איהר האט פון איהר מעדיצין־שאכטעל נעסטערן צווייא מאל געלד גע'גנב'עט.

גנב. דאס איז וואהר, וויל אויף דער שאכטעל שטעהט דייטליך גע־שריבען, אז מען דארף פון איהר נעהמען צווייא מאל אין טאָג.

### 3) נאר פשוט.

בערל. זאג מיר שמערל, פאר וואס זאגט בעשטענדיג חיים, אז דוא האסט איהם צום אונגליק נעפיהרט?

שמערל. נאר פשוט, וויל צו זיין חתונה, בין איך זיין אונטערפיהרער געוועז.

### 4) דער עהרליכער קרעמער.

קויפער. פערקויפט איהר אלטע קליידער?

קרעמער. ניין, איך קויף נור אלטע, אָבער איך פערקויף נור נייע.

### 5) קינדער שכל.

קינד. (וויינענד) פאפא! דיא מאמא האט מיך געשלאָגען.

פאטער. נו וואס־זשע ווילסט דוא?

קינד. איך וויל דוא זאָלסט אנ'אנדער מאמא נעהמען!

6) צו הויך.

פ אָ ע ט. שטער איך ניט מיט דעם פאָרלעזען מיינע ליעדער אייער מוטערס רוהע?

פ ר י י ל י י ן. ניין, זיא שלאָפט זעהר געשמאַק.

פ אָ ע ט. וויא קומט דאס, וואס זיא איז פלוצלינג אנשלאָפען גע־וואָרען?

פ ר י י ל י י ן. ווייל איהר האט צו הויך אייערע ליעדער געלעזען.

7) דער ערגסטער בעל־חוב.

ב ע ר ל. האסט דוא א סך בעלי־חובות.

ש מ ע ר ל. איך האב איין ערך פון צעהן.

ב ע ר ל. ווער דריקט דיך מעהר פון זייא אלע?

ש מ ע ר ל. מיין ווייב.

8) עס מאכט ניט אוים.

ו ו י ר ט ה י ן. (ערשראָקען) אום גאָטעס ווילען, וואס זעה איך, דוא ווישט דיא טעלער מיט דיין טאשענטוך?

ד י ע נ ס ט. עס מאכט נישט אוים בעל־הבית'טע, זיא איז שוין אלץ איינס א פערסמארקעטע.

9) ער לעבט פון שרייבען.

ב ע ר ל. פון וואנען לעבסט דוא היינט, שמערל.

ש מ ע ר ל. פון שרייבען.

ב ע ר ל. דוא שרייבסט אין א צייטונג?

ש מ ע ר ל. ניין! איך שרייב צום טאטען ער זאָל מיר שיקען געלד, און ער שיקט.

10) גלייך גענענטפערט.

ע ר. פריילײן, איהר זייט א ליעבהאָבערין פון פערד?

ז י א. ניין מיין הערר, איך וועל אייך ניט הייראטהען.

### 11) א וואהרע ערקלעהרונג.

**חיים.** פאר וואס נעהמט דיא אקטריסע ג... אלע טאָג אין באָד?

**אפרים.** ווייל זיא שפיעלט אימער זעהר שמוטציגע שטיק.

### 12) א פראקטישע תשובה.

**ער.** אך, מיינע טהייערע, וויא גליקליך איך בין, וואס איך זיטץ מיט דיר אליין אונטער פיער אויגען.

**זיא,** האסט דוא גאר קיין מורא נישט, טאָמער וועט דיא מאמע אָנ־קומען.

**ער.** כל־זמן זיא איז ניט מיין שווינגער, האב איך פאר איהר קיין מורא נישט.

### 13) א קינדישע פראגע.

**קינד.** מאמא, וואס איז בעסער א שוהל צו א שענק?

**מוטער.** נארוניו, ווייסט דוא דען ניט, אז א שוהל איז בעסער?

**קינד.** פאר וואס־זשע איז ביי אונז אין שטעדטעל פאראַן נור 1 שוהל און 10 שענקען?

### 14) דיא גליקען פונ'ם אייזענבאהן.

**בתיה.** איך זאג דיר, האסיע לעב, אז מיט'ן אייזענבאהן איז א פערגניגען צו פאָהרען.

**חאסיע** ווארום?

**בתיה.** איך בין מיט א יונגען מאן נור דרייא סטאנציאָנען אָבגעפאָהרען, האט ער זיך שוין פאר ־יר אין ליעבע ערקלעהרט.

### 15) גלייכע חלקים.

**חיים.** וויא? דוא גט'סט דיך מיט דיין וויב? דוא האסט דאָך אליין געזאגט, אז דוא האסט מיט איהר אימער געטהיילט פריידען און ליידען.

**אפרים.** דאס איז וואהר, אבער זיא האט אימער צוגענומען דיא פריידען און אויף מיין טהייל זיינען אָנגעקומען נור דיא ליידען.

### 16) א קליינער פעהלער.

דיכטער. וויא געפעלט אייך מיין ווערק, וואס איך האב געשריעבען אום מיין צייט צו פערטרייבען?

קריטיקער. איין פעהלער האט עס, וואס איהר האט דאס ווערק ניט געשריעבען אום אנדערע זאָלען אויך קענען דאמיט דיא צייט פערטרייבען.

### 17) קיין בעוויי.

חיים. וואס זאגסט דוא פאָרט דערצו, וואס אלע נארישע מענער האבען קלוגע פרויען.

אפרים. פון דיין ווייב נעהם קיין בעוויי.

### 18) נעבען מיר.

אמאל איז ארייננעפאָהרען אין אנ׳אכסניא (גאסט־הויז) א יודעל, פון דעם שטעדטעל טורעץ (מינסקער גובערניע, נעבען דער שטאָדט מיער.) וועהרענד ער האט געענדינגט דעם סאפער און האט זיך געליינט שלאָפען, איז א מערכען ארום געגאנגען פארבייא איהם, גלייך וויא זיא זוכט עטוואס.

— וואס זוכט איהר, פריילליין? האט ער איהר געפרעגט.

— א פליים אויף שלאָפען, וואר איהר אנטוואָרט.

— שלאָפט אין טורעץ, וואר זיין ראטה.

— וואו איז טורעץ? האט דאס פריילליין געפרעגט.

— דאס איז נעבען מיר, האט דער גאסט געענטפערט.

### 19) אויב אזוי.

חיים. זייא געזונד, אפרים, איך פאָהר אוועק, און דוא וועסט מיך שוין מעהר ניט זעהן.

אפרים. אויב אזוי לייה־זשע מיר 25 דאָלאר.

### 20) א בייזע מורא.

רויבער. דיין געלד אָדער דיין טויט.

רייזענדער. וועה איז צו מיר! נאר מיין ווייב׳ס ווערטער.

### 21) דער רב אלס טעפּער.

דער רב פונ׳ם שטעדטעל פּילווישאק, פּלעגט אָנמאכען גרויסע קריגע צווישען דיא בעלי־בתים פון זיין שטעדטעל.

אמאל איז געקומען א פרעמדער מאַן אין פּליווישאק און האט געפרעגט א יודען, וואו איז דאָ טעפּ צו פערקויפען?

דער יוד האט איהם צום רב אין הויז אריינגעפיהרט, און אז דער רב האט איהם געפרעגט דיא אורזאכע, ווארום ער האט דעם טעפּ־קויפער צו איהם גע־בראכט? האט ער איהם געענטפערט, דאס ער האט זיך געקלערט, אז וויא באלד ער (דער רב) מאכט קריג, האט ער געמיינט דאס ער מאכט טעפּ אויך...

### 22) איין אומזיסטע שמחה.

פּ א ט ע ר. דוא ווייסט, מיין טאָכטער, אז אונזער נאכבארין דבורה האט באלד חתונה.

ט אָ כ ט ע ר. אזוי? זיא האט חתונה? געלויבט איז גאָט, וואס מיר וועלען פון איהר פּטור. נור זאג מיר מיט וועמען האט זיא דאס חתונה?

פּ א ט ע ר. מאקי מיט מיר.

### 23) דער געטרייער מאַן.

פ ר ו י. זאג דעם אמת, מיין מאַן, ביזט מיר געטרייא?

מ אַ ן. איך וועל דיר געטרייא זיין ביז צום קבר.

פ ר ו י. טפוי צו מיינע שונאים׳ס קעפּ, ווארום דערמאָנסט דוא דיין קבר?

מ אַ ן. נארוניו, איך מיין חלילה ניט מיינעם....

### 24) א שרעקליכע נקמה.

פ ר ו י. (צו א מאַן, וועלכער זיטצט אין געפענגנים) מיין ליעבער מאַן, איך האב דיר א גוטע בשורה געבראכט. מאָרגען ווערסט דוא בעפרייעט ווערען, מאָרגען ווערסט דוא שוין זיין בייא מיר.

מ אַ ן. שטיל! רייד ניט אזוי הויך.

פ ר ו י. ווארום?

מאן. ווייל דער וועכטער איז מיר א גרויסער פיינד, וועט ער זיך ערפרייען מיט דער בשורה און וועט זעהן אָן מיר נקמה.

25) שטארקע ליעבע.

ברוים. וואס? אזוי ניך ווילסט דוא שוין אוועק נעהן?
ברוימינאם. צעהן יאָהר פון מיין לעבען וואָלט איך אָבגעגעבען, ווען איך זאָל נאך א האלבע שטונדע קענען מיט דיר פערברענגען, איך מוז אָבער געהן צו א מיטינג, און ווען איך פערשפעטיג א פערטעל שטונדע, דארף איך 50 סענט שטראף צאָהלען.

26) עס העלפט ניט.

שניידער. זאָל איך אייך פיעלייכט אין אייער ראָק איינגעהען איינע פון מיינע פאטענטירטע געהיימע קעשענעס?
קאָסטימער. דאס איז איבעריג, דען איך האב א ווייב, און פאר א ווייב ניבט עס קיין געהיימע קעשענע.

27) זאָג עס נאך אמאל.

חתן. מיט דעם קוס, מיין ענגעל, האב איך דיר געזאגט אלעס וואס בייא מיר אין הערצען איז פערבאָרגען.
כלה. איך האב דאס ניט גוט פערשטאנען, זאג עס מיר נאך אמאל.

28) א מאן א ברית.

פרוי. (בעגעגענד דעם מאן אויפ'ן וואקזאל). ווארום שלעפסט דוא אליין דעם טשעמאָדאן, ליעבער מאָררים?
מאן. אום דוא זאָלסט ניט זאָגען, אז איך בין צו דיר געקומען מיט לעדיגע הענד.

29) א גוטע עצה.

אברעמעל. וואס טהוט מען, פריינד? עפּעס קלעפּען זיך אין מיינע ליעדער ניט איין וואָרט צום צווייטען, און אלעס וואס איך שרייב, טויג אויף כפּרות.
לעמעל. שרייב נור איין אָפּערא פאר דעם יודישען טהעאטער.

### 30) ער האט פערגעסען.

מאן. איך פרעג דיך, פעסיע, פאר וואס נעסט דוא בעשטענדיג ארום מיט א זויער פערקקאנט פנים ? זעה, פאר וואס איז אונזער שכנה אסתר אימער אזוי מונטער און פרעהליך.

פרוי. דוא האסט נעמווזט פערגעסען, אז אסתר איז געוואָרען איין אלמנה.

### 31) א מאָרגען־גרום.

לעהרער. חיים'קע, וואס זאגט מען אין דער פריה, באלד וויא מען שטעהט אויף, צום טאטען ?

— נו, ווארום שווייגסט דוא ?

חיים'קע. איך ווייס ניט.

לעהרער. וואס זאגט דיין מאמע אלע אין דער פריה צו דיין טאטען ?

חיים'קע. זיא זאָגט איהם, שכור'ניק! דוא ביזט נעכטען ווייטער ביז האלבע נאכט געזעסען אין שיינק ?

### 32) אויף א חרפה.

בערל. (נעהענדיג אין גאס מיט שמערל'ן), געשווינד, שמערל, לאָמיר זיך אומקעהרען צוריק, מיין הויז דאָקטאָר קומט אונז ענטקעגען.

שמערל. נו וואס־זשע שרעקסט דוא זיך פאר איהם ?

בערל. איך שרעק מיך ניט, איך שעהם מיך, ווייל איך בין שוין לאנג קראנק ניט געוועזן.

### 33)) נור א מלאך.

מאן (ארויס נעהענדיג פון פאָטאָגראף). איך זאג דיר, מיין פרוי, אז דער פאָטאָגראף מוז זיין נור א מלאך.

פרוי. וואס פאר א וואונדער האסט דוא פון איהם געזעהן ?

מאן. ווען ער האט אונז פאָטאָגראפירט, האט ער דיר געהייסען זיטצען און מיר שטעהן. ווען ער זאָל ניט זיין קיין מלאך, פון וואנען ווייס ער, אז איך קען געבען דיר ניט איינזיטצען ?

34) נים פאר דיר נעדאכט.

חייקעל (בענענענט זיין שונא מייקלען). וויא נעהט דאס דיר מייקעל?

מייקעל. וויא מיר נעהט פרענסט דוא? אה, ליעבער פריינד, צעהן מאל נים פאר דיר נעדאכט.

חייקעל. (ערפרייעט) וואס, דיר נעהט שלעכט?

מייקעל. ניין, פערקעהרט, מיר נעהט זעהר גוט.

35) א בריעף פון א ווייב.

ליעבער מאן, איך שיק דיר דיין אלטע פאאר הויזען. דוא זאָלסט זיך נים וואונדערן וואס דיא קנעפּלעך זיינען אויסגעריסען, איך האב זייא אממיסטען אויס־געטרענט, אום עס זאָל קאָסטען בילינער דיא פּאָרטאָ, דוא ווערסט זייא געפינען אין דער לינקער קעשענע.

36) דער בעסטער פריינד.

ריכטער. זייט איהר מיט דעם קברות־מאן בעפריינדעט?

אנגעקלאגטער. ער איז מיין בעסטער פריינד, דען ער האט מיינע צווייא ווייבער בעגראָבען.

37) גרויס גליק.

יונגער מאן (צו איין אלטען). האט איהר נעהאט גליק בייא פרויען?

אלטער. זעהר פיעל גליק.

יונגער מאן. זייא האבען אייך געליעבט.

אלטער. ניין, זייא האבען מיט מיר נים געוואָלט חתונה האבען.

38) ריכטיגע נעמען.

הערר. מאקסעל, דיין מוטער האט א צווילינג געבאָרען?

מאקסעל. יא.

הערר. וויא הייסען זייא?

מאקסעל. שלים, שלימזל.

הערר. וואס זיינען דאס פאר נעמען?

מאקסעל. איך ווייס ניט, נור אזוי האט דער טאטע געזאָגט, ווען זייא זיינען געבאָרען געוואָרען.

### 39) קאלטבליטיג.

בוכהאלטער (ערשראָקען). הערר באנקיר, דער לייטער איז אונטער דעם פיינטער צובראָכען געוואָרען, און דער ארמער מאן האט ביידע פיס צו־בראָכען.

באנקיר. נו, וואס־זשע האסט דוא זיך אזוי דערשראָקען? איך וועל קויפען א נייעם לייטער.

### 40) פאר מיין געלד.

גאסט (אין רעסטאָראנט). קען איך בייא אייך בעקומען א מיטאג פאר מיין געלד.

רעסטאָראטאָר. געוויס.

גאסט (נאך דעם עסען). דאָ האט איהר דרייא סענט פאר דעם מיטאג.

רעסטאָראטאָר. וואס? איהר מאכט שפאס? דרייא סענט ניט איהר פאר א מיטאג?

גאסט. איך האב דאָך מיט אייך אָבגערעדט, איהר זאָלט מיר געבען א מיטאג פאר מיין געלד, און דרייא סענט איז אין גאנצען דאס געלד וואס איך האב.

### 41) דער עהרליכער מאן.

חייקעל. נאָט זייא דאנק, איך קען פרייא קוקען אין דער פערגאנגענהייט, קיינער האט זיך אויף מיר ניט בעקלאגט, אפילו דער דירעקטאָר פון דעם אסטראָג וואו איך בין פינף יאָהר געזעסען פאר א גנבה, האט געזאגט, אז אזא עהרליכער ארעסטאנט וויא איך בין, איז אין גאנצען אסטראָג ניטאָ.

### 42) פרעמדע גנבים.

סטודענט. דוא ווייסט טשאלי, אז היינטיגע נאכט, ווען איך בין געזעסען אין ביער־סאלון, האבען גנבים אין מיין וואָהנונג אריינגעדרונגען.

טשאלי. זייא מוזען זיין ניט קיין היגע גנבים.

## 43) פראקטישע גנבים.

חייקעל. וויא קומט דאס מייקעל, וואס דיין ווייךקעלער איז אימער אפען, דוא האסט נאר פאר גנבים קיין מורא ניט.

מייקעל. ניין, וויל זייא האבען מיך שוין איינמאל בעגנב'עט און זייא קענען מיינע סחורה זעהר גוט.

## 44) ניט נעגארט.

אננא. איך פערשטעה נאר ניט ליעבער מאקס, פאר וואס בעטסט דוא ניט בייא דעם טאטען מיין האנד. ער איז אין דיר ניט נעגארט, ער וויס גאנץ גוט אז דוא ביזט א קבצן.

מאקס. איך בין אבער אין איהם אויך ניט נעגארט, דאס זעלבע וויים איך פון איהם אויך.

## 45) א לייכטע שטראפע.

ריכטער. (צו דער אנגעקלאנטער, וועלכע איז אנ'אלטע מויד) איך פערארורטהיילע אייך צו זיטצען דרייא מאנאטען.

אנגעקלאגטע. איך בין שוין צום זיטצען געוואהנט געווארען.

## 46 דער ערשראקענער מאן.

פרוי. ווען דוא וועסט זיך ניט דערשרעקען, מיין מאן, וועל איך דיר דער־צעהלען א זאך.

מאן. ערצעהל, מיין לעבען.

פרוי. איך האב געהייסען היים דעם שניידער ער זאל פאר מיר אויס־נעהען תכריכים.

מאן. (ערשראקען) וועה איז מיר, וואס האסט דוא געטהאן?

פרוי. פאר וואס'זשע האסט דוא זיך ערשראקען?

מאן. נאט איז מיט דיר! דוא ווייסט ניט, אז היים דער שניידער קען אבהאלטען א שטיקעל ארבייט עטליכע וואכען?

## 47) א ריכטיגער בעווייז

ריכטער. דוא ביזט אננעקלאגט, אז געסטערן נאך האלבע נאכט ביזט דוא אריינגעקראָכען צו לעהמאנען אין וואָהנונג.

גנב. דאס איז א ליגען.

ריכטער. איך האב אָבער עדות וואס זייא האבען דאס געזעהן.

גנב. דאס איז אונמעגליך, ווייל איך האב מיר גוט ארומגעקוקט אין אלע זייטען קיינער זאָל מיר ניט זעהען.

## 48) גוטע קאָנדיציאָנען.

ווירטהין (צו איהר נייע דיענסט). מערק זיך, ליזע, אז בייא אונז פיהרט זיך א שטרענגע פינקטליכקייט: 6 אוהר מאָרגענס מוז מען שוין אויפ־שטעהן און פריהשטיקען, אום 12 מוז מען מיטאג עסען, ריכטיג 7 מוז מען אבענד־ברויט עסען, און פונקט 10 מוז מען צו בעט געהן.

דיענסט־מעדכען. אויב דאס איז דיא גאַנצע ארבייט, בין איך צו־פריעדען.

## 49) א גוטער לעהרער.

מאקס. פאפא, דוא ווייסט, מיר האבען היינט זעהר א גוטען לעהרער. ער האט אונז פערשפראָכען, אז ווען מיר וועלען זיך גוט לערנען ועט ער אונז א פריידע פערשאפען און ער האט וואָרט געהאלטען.

פאטער. וואס פאר א פריידע האט ער אייך פערשאפט?

מאקס. ער האט אונז היינט געשיקט אָנזאגען, אז צווייא וואָכען וועט ער מוזען אין בעט ליעגען, ווייל ער איז קראנק.

## 50) גוט געפרענט.

ערשטער הערר. איהר קענט זיך גאר ניט פאָרשטעלען וויא מיין מאָכטער ליעבט דעם קלאוויר.

צווייטער הערר. פאר וואס־זשע מאטערט זיא איהם אזוי?

## 51) א קינדערשע פראגע.

קינד. פאר וואס נעהסט דוא ניט צו דיא איטאליענער.

אלטע טאנטע. פאר וואס זאָל איך נעהן צו דיא איטאליענער?

קינד. ווייל דער פאפא זאגט, אז דוא ביזט אַנ'אַלטע שטאטע און דיא איטאליענער קלייבען דאָך אויף אַלטע שמאטעס.

## 52) דער בייזער חתן.

רעוורענד. ווען איהר ברענגט מיר ניט דיא נעטהיגע פאפירען פון קאָרט, קען איך אייך קיין חופה וקדושין ניט געבען.

חתן (שטארק אין כעס). ווען איהר ניט מיר ניט באלד קיין חופה וקדושין, שווער איך אייך, אז ווען איך וועל נאך אמאל חתונה האבען, וועל איך נעהמען אַנ'אַנדער רעווערענד פאר א מסדר קדושין.

## 53) א שווערער פערלאנג.

דאָקטאָר. איהר מוזט רוהע האבען ליעבע פרוי.

פאציענטין. זאָל איך אייך ווייזען מיין צונג?

דאָקטאָר. איך רייד דאס טאקי פון אייער צונג, אז זיא מוז רוהע האבען.

## 54) אזוי לאנג.

דזשאָדזש. פון ווען אָן זייט איהר פאר איהם א כלה געוואָרען?

דיא מיידעל. פון פסח אָן.

דזשאָדזש. וואס איז דאס פסח?

דיא מיידעל. ווען דיא אידען זיינען ארויס פון מצרים.

דזשאָדזש. אָה, מיין גאָט! זאָ איין לאנגע צייט נאך ניט חתונה גע־האט?!!

## 55) דאס קלוגע קינד.

פאטער (צום קינד). פאר וואס שלאָגסט דוא דזשייקעלען? ווייסט דוא דען ניט, אז מען טאָר א קלענערן פון זיך ניט שלאָגען?

קינד. פאר וואס־זשע שלאָגסט דוא מיך?

### 56) סוחריש.

חתן. מיסטער רעווערענד, וויפעל וועט איהר בייא מיר נעהמען פאר מסדר קדושין זיין.

רעווערענד. דרייא דאָלאַר.

חתן: דאס איז צופיעל.

רעווערענד. ווען איהר וועט מיר פערשפרעכען, אז איהר וועט אלע מאל מיך פאר אייער מסדר קדושין נעהמען, לאָז איך אייך פאר צווייא דאָלאַר.

### 57) צווייא חסידים.

ערשטער חסיד. דוא האסט נעהערט פון דעם אונגליק וואס האט געטראָפען דעם רבין?

צווייטער חסיד. וואס?

ערשטער חסיד. זיין גבאי איז משוגע געוואָרען.

צווייטער חסיד. דאס איז דאָך א גליק פאר איהם.

ערשטער חסיד. פאר וואס?

צווייטער חסיד. זייא וועט יעצט צו קומען א סך חסידים: משוגעים וועלען נאכלויפען דעם רבי'ן, און קלארע זיין גבאי.

### 28) אויב אזוי איז רעכט.

ווירטהין (צו דער דיענסט). איז דאס ניט א שאנדע, קיידי, מען זאָל צוליעב א האלב פונט קאפעע זיך זאמען דרייא שטונדען אין סטאָר?

דיענסט־מעדכען. איהר האט א טעות, בעל הבית'טע, איך האב געקויפט א גאנץ פונט קאפעע.

### 59) איין אדרעסע.

א מאן האט אמאל געגעבען זיינעם א פריינד איין אדרעסע. דער מאן האט מורא געהאט, פיעללייכט וועט ער פערליערען, האט ער איהם געבעטען, ער זאָל נאך אמאל דיא זעלבע אדרעסע אָנשרייבען.

אויף דעם האט דער אדרעסען־געבער געענטפערט:

— גוט, איך וועל דיר זיא אָנשרייבען אויף דער צווייטער זייט.

## 60) צווייא קלויזניקעס.

משה. זאג מיר, נטער ברודער, וואו שטעהט אין דער תורה כסדר פיער פתח'ן?

חיים. איך וויים נים.

משה. שווער מיר, אז דוא וועסט קיינעם נים אויסזאגען און אז דאס וועט בלייבען בייא דיר אליין.

חיים. איך שווער דיר, אז דאס וועט בלייבען נאָר בייא מיר אליין.

משה. הקדחת (פיעבער).

## 61) א קלוגער פעדלער.

פעדלער. ליעבער מיסטער, קויפט בייא מיר עפעס.

הערר. דוא ביזט זאָ צודרינגליך וויא א וואנץ.

פעדלער. נו מאָ קויפט־זשע בייא מיר וואנצען־פוידער, וועט איהר פון מיר פטור ווערען.

## 62) א יאָהר צייט.

זרח. מיסטער, קויפט אייך א מצוה און קומט אריין צו מנין.

ברוך. אי לאָזט מיך, איך האב קיין צייט נים.

זרח. קומט אריין אויף א פאאר מינוט, איך האב א יאָהר צייט.

ברוך. אזוי? איהר האט א גאנץ יאָהר צייט? איך האב אפילו איין מינוט קיין צייט נים.

## 63) גוט געענטפערט.

לעהרער. ווען דער זיינער זאָל צום ביישפיעל שלאָגען 14, וואס פיר א צייט וואָלט עס דאן געווען?

שיללער. צייט, צו שיקען איהם פיקסען.

## 64) א גרויסער פרייז.

ערשטער גנב. וואו האסט דוא דערטאפט אזא שעהנעם ראָק?

צווייטער. בייא א פעדלער.

ערשער. וויא פיעל קאָסט ער דיר?

צווייטער. פיער וואָכען געפעננגנים.

### 65) פון א חופּה.

**בערל.** גוט מאָרגען ר׳ חיים, פון וואנען קומט איהר?

**חיים.** איך קום פון א חופּה.

**בערל.** בייא וועמען איז הייטע געווען א חופּה?

**חיים.** דיא זונן האט חתונה געהאט מיט דער לבנה.

**בערל.** לאכט אייך פון א צווייטען, אָבער ניט פון מיר.

**חיים.** וואס גלויבט איהר דאָ ניט.

**בערל.** זעהט איהר, אז דיא זונן (זאָהן) האט חתונה געהאט, קען זעהר מעגליך זיין, אָבער דיא לבנה, זיא איז דאָך ניט קיין ליידי.

**חיים.** זאָלט איהר קרעפּליך עסען, ווען דיא לבנה זאָל ניט זיין א היינט־מאָדישע ליידי, וואָלט זיא זיך דאָך ניט ארום נעשלעפּט גאנצע נעכט.

### 66) דער שד פאר דיא אוינען.

**יאָקעל.** זאָג מיר שמערל, פאר וואס איז א חתן פּטור מקריאת שמע וכ"ו.

**שמערל.** דוא ביזט א נאר, ווייסט דאָך, אז קריאת שמע לייענט מען דער־פאר מען זאָל ניט זעהען קיין שדים, און דאָ האט מען דעם שד פאר דיא אוינען, טאָ וואס העלפט דיר דער לייענען קריאת שמע.

### 67) ריכטער און גנב.

**ריכטער.** דוא ביזט בכויז פופצעהן יאָהר אלט, און דוא גנב׳עסט שוין?

**גנב.** מיין פאטער ערצעהלט, אז ער האט אָנגעהויבען גנב׳ענען צו צוועלף יאָהר.

### 68) פאטער און קינד.

**קינד.** פאפא, דער לעהרער זאגט, אז אלע מענשען קומען ארויס פון אפען. איז עס וואהר?

**פאטער** (בייז). דומער יונג, פיעללייכט קומסט דוא ארויס פון איין אפע איך ניט.

### 69) ער שוויצט נענוג.

צו א גנב. אונגליקליבער! ווארום זאָלסט דוא ניט פערדיענען דיין ברויט מיט שוויים?

גנב. מיינט איהר, אז מען שוויצט ניט נענוג ביז מען גנב'עט עטוואס?

### 70) בעשווינדעלט.

קויפער. פערד גנב! דוא האסט מיך בעשווינדעלט, דוא האסט מיר א בלינדען פערד פערקויפט.

הענדלער. וואס האסט דוא געוואָלט? ער זאָל לעזען צייטונגען?

### 71) א האלבען אָקס.

ריכטער. און אז מען איז הונגעריג, גנב'עט מען א האלבען אָקס?

גנב. וואס וואונדערט איהר זיך אזוי? הונגערינערהייט קען איך ניט טראגען אזא משא, וויא א גאנצער אָקס, דארום האב איך זיך געמוחט בעגונגענען מיט א האלבען.

### 72) א ענטפער.

שעף. נוא, דוא ביזט געווען מאָגען בייא מייקען דאס געלד?

קלערק. יא, הערר פרינציפאל.

שעף. וואס האט ער דיר געענטפערט?

קלערק. ער איז געוואָרען אין כעס און האט מיר געהייסען געהען צום טייפעל.

שעף. וואס זשע האסט דוא געטאָהן?

קלערק. איך בין גלייך אוועק צוריק צו אייך.

### 73) אין הערצען איין אלבום.

פרייליין ב. טראגט אין הערצען א גאנצען אלבום, דען דאָרט געפינען זיך דיא בילדער פון איהרע אלע ליעבהאבער.

## 74) אין עק וועלט.

**ער.** מיט דיר געליעבטע וועל איך פליהען אין עק וועלט.

**זיא.** ניין, אין עק וועלט וויל איך ניט פליהען, ווייל דארט מוז שוין זעהר ענג זיין פון דיא געליעבטע פּאַרלעך וואס פליהען אהין.

## 75) דיא שטערען אין הימעל.

**סיימאָן.** מען זאָגט, דאס דיא שטערען אויפ'ן הימעל, וועלכע קוקען אונז אויס צו זיין נאָהענט איינע נעבען דיא אנדערע, זיינען מאנכעס מאָל מיליאָנען מיילען ווייט איינס פון'ם צווייטען.

**דזשעני.** פונקט וויא מיר ביידע, סיימאָן.

## 76) וועניג געליטען.

**דזשאָדזש.** דוא זאגסט, אז דוא ווילסט זיך גט'ן מיט דיין וייב, פערגעס ניט, אז דוא האסט מיט איהר געלעבט מעהר וויא א האלבען יאהרהונדערט?

**מאן.** נוא און דאס הייסט בייא אייך וועניג געליטען?

## 77) צום פּראָפּעסאָר.

**זינגער.** דיינקט איהר, אז מיין שטיממע קען עפּעס נוטצען.

**פּראָפּעסאָר.** ווארום ניט? יעדענפאלס אין צייט פון א פייער קענט איהר דאָך מאכען א געוואלד.

## 78) ניין הייסט יא.

**מאמא.** ווארום האסט דוא גענומען דיא קייק. האסטו פערגעסען, אז איך האב נעכטען געזאגט, אז דוא זאלסט ניט נעהמען?

**קינד.** איך האב אבער געהערט, דער פּאפּא זאגט, אז א פרויא זאגט ניין—הייסט עס יא.

## 79) דאָ מוז זיין א טעות.

**טאנטע** (צו איהר ניכטע אין וואגאָן). דוא הערסט א רציחה, ווען מיר זיינען דורכגעפאהרען דעם טונעל, האט מיך איין מאן פון יענע הערען א קוש געטאהן.

**ניכטע.** ערנערט זיך ניט, טאנטע, ער האט געמוזט א טעות האבען.

### 80) מיסעס און דער באָרדער.

— אדרבא, טאָמער ווייסט איהר עפּעס א מיטעל פאר דיא וואנצען ?—האט דוא מיסיס לעק געזאָגט צו איהר באָרדער, וועלכער האט צוקיעב זייא געוואָלט טופען.

באָרדער. גיט זייא דיא זעלבע קאָפּפע וואס מיר, וועט איהר זייא מעהר ניט זעהן.

### 81) מוטער און טאָכטער.

טאָכטער (שטעהט ביים סינק) צו דער מוטער. מאַמע, וואס וועל איך אנטאהן, דעם קאָלער צו דעם ריבען ?

מוטער. וואס איז דער אונטערשיעד ?

טאָכטער. איך דארף דאס וויסען, וויא וויט דעם האלדז צו וואשען.

### 82) ערשט געסטערן געהערט.

פּאָליסמאַן. ווארום שלאָגסט דוא דעם יודען, דוא לומפּ איינער ?

שכור. ווייל ער האט יעזוס קריסטוס געהרג'עט.

פּאָליסמאַן. אבער וואס האסטו דיך יעצט דערמאָנט, עס איז דאך שוין באלד צווייא טויזענד יאהר אוועק ?

שכור. ענשולדיגען זיא מיר, הערר פּאָליסמאן, איך האב דאס ערשט געסטערן געהערט.

### 83) א מאַן אין פּיינשאָפּ.

מאַן. וויא פיעל קענט איהר מיר געבען פאר מיין טלית ?

באָס. 50 סענט, מעהר נישט !

מאַן. היינט וויא פיעל קענט איהר מיר געבען פאר'ן דאוונען ?

באָס. א גאנצען גן־עדן !

### 84) צדקה קנעפּלעך.

ארץ ישראל משולח. (עפּענענדיג רבי מאיר בעל הנס צדקה פּושקע) וואס זעה איך קיין געלד נור הויזענקנעפּלעך ?

ווירטה. געווים האבען אונזערע יודען בני רחמנים בעמערקט, אז זייא פעהלע בייא אייך...

### 85) א בריעף.

ליעבער הערר דאָקטאָר, זייט מיין ווייב האט איינגענומען אייער מעדיצין צו איהר הייזערינקייט, קען זיא גאר ניט ריידען. איך בעט אייך שיקט מיר צו נאך א פאאר פלעשלאך פון דער זעלבער מעדיצין.

### 86) אין א סטאָר.

פערקויפער. איך גאראנטירע אייך, אז דיא האנדשוה וועלען זיך ניט צורייסען.

קויפער. און וואס וועט זיין, אז זייא וועלען זיך יא צורייסען.

פערקויפער. דאן פערקויף איך אייך איין אנדער פאאר.

### 87) צוויא פריילײנס.

ערשטע פריילײן. וואס טהוט מען, מערי? טשאַלי האט מיט זיין ליעבע מיין הערץ פערוואונדעט.

צווייטע פריילײן. פערבינד זיך מיט איהם.

### 88) צוויא בעקאנטע.

אייק. איהר האט זיך געמוזט שטארק פערליעבען אין זשענין?

מייק. ניין, איך האב האצו גאר קיין צייט געהאט, דען באלד נאך אונזער בעקאנטשאפט האבען מיר געהייראטעט.

### 89) א צייכען דער ליעבע.

ער. האט איהר מיר ניט געגעבען דעם שעהנעם אמברעלאר אלס צייכען דאס איהר ליעבט מיך?

זיא. אהו! מיין ליעבער פריינד, דעם אמברעלאר האב איך אייך געשענקט וייל איך האב געקויפט א נייעם.

### 90) ביים ציין דאָקטאָר.

טרעמפ (ביים טהיר פון דענטיסט). וויא ווילט איהר מיר פילען מיינע ציינער?

דענטיסט. מיט סילווער, אָדער גאָלד.

טרעמפ. מיט א גוטען בראטען וועט אויך זיין גענוג.

## 91) זיא מאכט מיר אונגליקליך.

מאן. מיין פרוי האט צובראָכען דעם שפינעל, ווידער אַרויס געוואָרפען הונדערעט דאָלאר, זיא מאכט מיך אונגליקליך, איך וועל איהר....

קינד. אה, נאָ פאפא, דאס האט צובראָכען אונזער נייע דיענסט.

מאן. וועל! זיא איז דאָך ניט מעהר וויא א מענש דורך א פערזעהן.

## 92) א זאמלער פון זעלטענהייטען.

אייק. איהר זיים א זאמלער פון זעלטענהייטען?

מייק. יא, איך זאמעל צייטונגען אהן געשיכטען פון מאָרד פראָצעסען.

## 93) ליטיין א שפראך פיר קראנקע.

— חיים! האט געפרענט דיא קראנקע פרוי דעם מאן, נאכדעם וויא דיא דאָקטוירים, וואס זיינען געווען גערופען צו א קאָנסוליום, זיינען אוועק. פאר וואס רעדען דיא דאָקטוירים אין ליטיין.

—וואס פערשטעהסטו ניט, חיה? ליטיין איז א טוידטע שפראך און א קראנקער מוז זיך צו איהר צוגעוואוינען.

## 94) דערקענט זיין קייזער.

צוויא ענגלענדער האבען זיך אָבגעשטעלט רעדען אין גאס נעבען ענגלישען קלוב אין בערלין. דאס געשפרעך איז געווען וועגען ווילהעלם, און איינער פון זייא האט זיך אָנגערופען:

—דער אימפעראטאָר איז א ד... פול.

א דייטשער שפיאָן, וועלכער האט פערשטאנען ענגליש, האט דאס דער־הערט און האט דעם ענגלענדער גלייך ארעסטירט.

— איהר האט געזאגט אויף אונזער קייזער, אז ער איז א ד... פול (נאַר.)

— ניין, האט זיך פערטהיידיגט דער בעשולדינטער ענגלענדער. איך האב גע־מיינט דעם רוסישען צאר.

— דערצעהלט ניט קיין מעשיות! האט זיך אַרויס געכאפט דער שפיאָן. עס איז ניטאָ קיין אנדער ד... פול. וויא אונזער אימפעראטאָר!

ער האט זיך באלד בעטראכט, האט א שטייכעל געטהאן און איז גע־שווינד אוועק.

## 95) א געבארענער פאליטישען.

מאטע־מאמע האבען געבראכען דעם קאפ און געקלעהרט, וואס פאר א קאריערע אויסצוקלייבען פאר זייער בן יחיד. ענדליך האט זיך דער מאן אנגע־רופען:

— מיר וועלען אין פראנט־רום איבערלאזען געלד, א חומש און בראנפען און פערשפארען דארטען אונזער יאנקעלען אויף א קורצע צייט. וועט ער נעהמען דאס געלד, דאן מוז ער זיין א באנקיר; דעם חומש — וועט ער זיין א רב און אויב דעם בראנפען וועט ער חליכה בלייבען א שכור.

ווען מען האט יאנקעלען פערשפארט אין צימער, האט ער קודם כל אויסגע־טרונקען דעם בראנפען, דערנאך בעהאלטען דאס געלד און ענדליך גענומען דעם חומש אונטער'ן ארם.

— איך וויס שוין! האט דער פאטער אויסגעשריען: יאנקעלע וועט זיין א פאליטישען (קהל'שע קליאמקע). ער נעהמט אלעס, וואס ער זעהט.

## 96) א פרוי וואס זוכט בילדונג.

פרוי (צום מאן, וואס איז געקומען צוויי א זייגער ביי נאכט) שוין געקומען? היינט איז שוין דאס דריטע מאל פאר היינטיגע וואך, וויא דוא קומסט צווייא א זייגער בייא נאכט.

מאן. מיין נאם! וויא ווערט דיר ניט מיאוס אזוי שפעט אין דער נאכט בעשעפטיגען זיך מיט סטאטיסטיק!

---

לעהרער. פאר וואס רופט מען דיא פערצוגהיילטע צום טוידט „ארימע זינדער"?

שילער. וויל רייכע זינדער פערצוגהיילט מען ניט.

---

שדכן. הערר קאהן, איך האב פאר אייך א גוטען שידוך, דיא כלה האט 20 טויזענד...

קאהן. אויף וואס פאר א פוס הינקט זיא?

### 97) היים־מאָדיש.

הערר... דארף איך פרעגען, גנעדיגע, אויב אייער הערץ איז נאך פרייא?

דאמע. מיין הערץ איז פרייא, אבער מיין האנד ניט מעהר.

### 98) פארמאָג.

פאָליסמאַן (צו איינעם וואס ער האט געפונען ליעגען אויפ׳ן סטריט). וואס זוכט איהר דאָ?

בעטרונקענער. דעם וועג אהיים, ליעבער הערר.

### 99) א קינד׳ס אנטוואָרט.

פאטער (צום קליינעם זוהן). וויטער א באראבאַן! דיא מאמע האט עס דיר געקויפט, אום דוא זאָלסט מיר שטערן אין מיין ארבייט?

זוהן. ניין, פאפא. איך וועל נאָר פויקען, ווען דוא וועסט זיך צולייגען אָברוהען.

### 100) דער קלוגער פלימעניק.

דיאביידע קאָזינס הובער און מילער האבען זייער רייכע מאנטע צום באהן בעגלייטעט. יעדער האט זיך געסטארעט דער מאנטע בעסער צו געפעלען און האבען זיא מיט אלע קרעפטען געשמייכעלט. אלס עס איז צום אבשיידען גע־קומען, איז מילער שנעל צוגעקאָפען, דער מאנטע אין וואגאָן ארייגצושטייגען צו העלפען.

„זעהסט דוא,“ האט זיא צו הובער׳ן געזאגט, „וויא גאלאנט דיין קאָזין איז, דיר וואָלט דאס גאר ניט איינגעפאלען!“

מילער האט טריאומפירט און האט שוין גערעכענט, דאס ער האט זיין פארטנער אין דער ירושה פון וועג אָבגעראמט.

דאָ האט הובער געזאָגט:

„אָבער ליעבע מאנטע, דוא ביזט דאָך נאך גענוג יונג, אום אליין אין וואגאָן ארייגצושטייגען!“

אלס די מאנטע האט א קורצע צייט נאכדעם איהר פערמעגנען אָבגע־שריעבען, האט זיא איהר פלימעניק הובער פיר איהר איינציגען יגרש גע־מאכט.

### 101) מאכען פיר א פילאנטראָפּ.

נאסט. וואס דענקט איהר צו מאכען פון אייער ליעבען בן יחיד ווען ער וועט ווערן גרויס?

מאדאם. אָ, איך דענק ער זאָל זיין א פילאנטראָפּ.

נאסט. א פילאנטראָפּ? אָבער בעצאָהלט זיך עס דען? איך זעה קיין געלד ניט דארין.

מאדאם. אָבער... אָבער אלע פילאנטראָפּען זיינען דאָך די גרעסטע מיליאָנערען.

### 102) ווען דענקען פרויען פון קליידער?

מאקס. עס פאסירט א געוויסע צייט, ווען פרויען דענקען בלויז פון קליידער.

ליזא. אזוי? ווען איז עס און וויא לאנג האלט אָן דיעזע צייט?

מאקס. פון וויעגעלע ביז'ן קבר...

### 103) שפיעלען אין מאן און ווייב.

ליעבען יעהריגע עווא. יעטצט, פענני, לאָמיר שפיעלען אין „מאן און ווייב.“

פעננ״. אָ דאס איז גוט. דוא פאנג אָן דעם פאיט..

### 104) איינס פיר איינס.

פרוי (איהר מאן איבערראשענדיג). וויא דוא קושט די קעכין? (צום דיענער) גיעב מיר אויך גלייך א קוש!

### 105) ניט ריכטיג אָנגערופען.

פרעמדער. נו האב איך דעם צוג פערזאמט. ווארום האט איהר מיך ניט אויפגעוועקט?

וו י ר ט ה. ענטשולדיגט, מען האט אייך דרייא מאל אונטער'ן טהיר גע־רופען, הערר ראָזענצווייג, און איהר האט ניט געהערט.

פ ר ע מ ד ע ר. וואס געהט מיר ראָזענצווייג אָן, איך הייס, פ אָ ן ראָזענ־צווייג.

### 106) זעהר וויכטיג.

א. איז עס אמת, דאס איהר ליעבט אימער אליין צו זיין, וויא אייער פרוי זאגט?

ב. זעהר ריכטיג, דאס הייסט: אָ ה ן מ י י ן פ ר ו י בין איך עס אימער גערן.

### 107) ד י א ע ו ו י ג ע מ ע נ ל י כ ק י י ט.

1טע פ ר י י נ ד י ן. ווארום ביזט דוא דען אזוי מעלאנכאָליש?

2טע פ ר י י נ ד י ן. אָ, מיין ברויטיגאם האט זיין גאנצע מענליכקייט פער־לאָרען.

1טע פ ר י י נ ד י ן. נוא — וואס האט דען מיט איהם פאסירט?

2טע פ ר י י נ ד י ן. יא, — ער טראגט ניט מעהר קיין ברילען.

### 108) ד י כ ט ע ר און ר ע ד א ק ט אָ ר.

ד י כ ט ע ר. נו, וויא געפעלט אייך דאס ק י נ ד פון מיין מחע?

ר ע ד א ק ט אָ ר. עס ג ע ה ט נאך ניט.

### 109) ר י כ ט י ג.

פ ר אָ פ ע ס אָ ר (וועהרענד ער איז אין א רעגען־וועטער אין א קאפע־סאלון אריינגעגאנגען). ענטשולדיגט, האב איך דאָ געסטערן מיין שירם ניט איבער־געלאָזען?

וו י ר ט ה. ליידער ניט, איך קען אייך אָבער איין אַנדער שירם אויס־באָרגען.

פ ר אָ פ ע ס אָ ר. אָבער דער איז דאָך מיין שירם!

וו י ר ט ה. הם — יא, אָבער ניט דער פון נעכטען... דיעזען האט איהר דאָ שוין מיט א האלב יאָהר צוריק איבערגעלאָזט.

### 110) קורץ און שארף.

יונגער מאן. האט איך אייער טאָכטער אויף מיין אנטראג ניט פאָר־בערייטעט?

באנקיער. וואס דארף זיא מיך פאָרצובערייטען.... אזוי פיעל קליין געלד האב איך אימער אין הויז.

### 111) קלוג.

מאן (טראכטענדיג). דאָ האב איך א קניפּעל אין מיין טאשען־טוך געפונען, און וואס זאָל איך זיך דערמאָהנען?

פרוי. פיעללייכט האסט דוא דעם בראָנזעלעט געוואָלט קויפען, וועלכען דוא האסט מיר שוין לאנג פערשפּראָכען.

### 112) שווער צו פערשטעהן.

ברויטיגאם. מיט דיעזן קוש, מיין טהייערע, האב איך דיר אַלעס געזאָגט.

ברויט. איך האב דאס נאך ניט גוט פערשטאנען; זאג עס מיר נאך אמאל.

### 113) קינדערליכע לאָגיק.

מוטער. קארל, גיעב דיין שוועסטער א העלפט פון דיין עפּעל! דוא ווייסט דאך, דאס געטהיילטע פרייד איז א דאָפּעלטע פרייד.

קינד. יא, אָבער א געטהיילטער עפּעל איז דאך קיין דאָפּעל־טער עפּעל.

### 114) דיא געקריינקטע פרוי.

פרוי. (צו דער קעלנערין). איז פיעללייכט דער הערר מיללער דא?

קעלנערין. הערר מיללער — הם, איז עס פיעלליכט דער אלטער, העסליכער מיט דער גראָבער רויטער נאָז?

פרוי. יא, דאס מיין איך טאקע; — איך מוז אייך אָבער בעמערקען, דאס מיין מאן איז ניט אַלט און ניט העסליך, און האט קיין גראָבע, רויטע נאָז... איהר זאָלט עס וויסען.

### 115) א פערפּאַלנטע.

א. אייער שווינגער־מוטער פערפּאַלגט אייך נעווים אויף טריט און שריט?
ב. איך זאג אייך, ווען איך וואָלט אין איין אָבגרונד נעפאלען—וואָלט זיא מיר נאכגעשפרונגען.

### 116) שפּאַרזאַמקייט.

א. איהר פאָהרט צוזאמען מיט אייער פרוי אין קאַרלסבאַד?
ב. יא, דאס וועט מיר וועניגער קאָסטען, וויא זיא וועט דאָרט אליין פאָהרען.

### 117) א רייכע פאַנטאַזיע.

אייער פריילין טאָכטער האט נעווים א זעהר לעבהאפטען גייסט? אין יעדען טראָפּען טינט זעהט זיא איין אָנגעשריבענעם ראָמאַן...

### 118) זעלבסט־קריטיק.

הויז־פרוי. אונזער שכנ'טע מוז דאס א שעהנע בעל־הבית'טע זיין — דרייא מאל האב איך שוין צו איהר געשיקט, אז זיא זאָל מיר א נאָדעל באָרגען, און ניט איין מאל האט זיא געהאט.

### 119) אפאָריזמען.

פיר זיך איז קיינער קלוג גענוג, פיר אנדערע יערער.

### (120

ווערטער זיינען א מין פארב, וועלכע ענטהאלט אין זיך אלע קאָלירען. א קינסטלער קען מיט זייא אויסמאָלען דאס שעהנסטע בילד, דערפאר קען דער וואס ווייס ניט דערמיט וויא אומצוגעהן, זיך און אנדערע אַזוי פערפּאַטשקען, דאס זייא זאָלען זיך אין לעבען ניט קענען איינוואשען.

### (121

— ווען פרויען זאָלען ניט האבען זייערע צוויא גרעסטע חסרונות — קאָקעטסטווע און ניין מאָס רייד — אך, וויא לאנגווייליג וואָלטען זייא דאן געווען!

דער אויסדרוק: „עס טהוט מיר לייד“ איז דער פערברייטעסטער ליגען.

(122

עס איז אָפט לייכטער צו האלטען א גלענצענדע רעדע, אלס צו געפינען דאס ריכטיגע וואָרט.

(123

דער צווייפעל איז דער קבר פון גלויבען און דיא וויעג פון וויסענ־שאפט.

(124

דורך דיא ליעבע האט מאנכער שוין דעם פערשטאנד פערלאָרען, דורך דעם פערשטאנד — מאנכער דיא ליעבע.

(125

אויף הונדערטע טויזענד, וועלכע לעבען פון א זאך, פאלט אויס איינער, וועלכער שטארבט פאר דער זאך.

(126

אין קאָמעדיע פון לעבען שפיעלט דיא פריינדשאפט דיא ראָלע פון קוליסען. וויל מען זיך אויף זייא שטיצען, פאלען זייא גלייך איין.

(127

דער געזונדער האט טויזענד פערלאנגען, דער קראנקער — נאָר איינעם.

(128

ווילסט דוא געהן דעם בארג ארויף,
לעהרען צו בוקען און קרימען דיין נוף;
געהסט דוא אָבער בארג אראָב,
דאן האלט הויך און שטאָלץ דיין קאָפּ.

### 129) דיא חכמה איז טהייערער פאר איינע ראננע.

איין געוויסער גרויסער קייזער האט געמאכט אמאל א גרויסען באַלל, וואס ווארען געלאדען אויף איהם דיא גרעסטע לייט פון דער מדינה.

דאָרט איז געשטאנען צווייא לאנגע טישען, איינער פאר דיא גרויסע גע־נעראלען, וואס ווארען בעהאנגען מיט אָרדענס, און דער צווייטער טיש וואר נאָר פאר גרויסע געלערנטע און פילאָזאָפען.

יעדערן בעזונדער האט שוין דער צערעמאָנאל מיניסטער אריינגעזעטצט אין זיין פאסענדען אָרט.

נון האט זיך געמאַכט, דאס עס איז געקומען א גרויסער גענעראל, וואס וואר אויך דערצו א גרויסער חכם, א גרויסער פילאָזאָף, וואס האט געמאכט שוין זעהר פיעל ביכער אין זיינעם לעבען.

דאָ איז דער צערעמאָנאל מיניסטער (דאס איז איין ארט מארשאלאק, וואס פאסט אויף אימער בייא דיא בעללער) געבליבען א היבשע צייט אין פערלעגענהייט, דען ער האט ניט געוואוסט בייא וועלכען טיש ער זאָל איהם זעצען; צו בייא דעם טיש פון דיא גרויסע גענעראלען אָדער בייא דעם טיש פון דיא גרויסע געלערנטע לייט, ביז עס איז בייא איהם דאָך געבליבען, דאס ער זאָל איהם בעסער אריינ־זעצען צווישען דיא גענעראלען, דען ער וואר דאָך אויך בעהאנגען מיט פיעל קרייצין און אָרדענס.

קוים אָבער האט עס דער קייזער דערזעהען, איז ער צונעגאנגען צו דיזען גרויסען מאן און האט איהם אָנגענומען בייא דער האנד, האט איהם ארויסגענומען פון צווישען דיא גענעראלען און האט איהם אריינגעזעצט צווישען דיא געלערנטע, זאָגענדיג:

— גענעראלען קען איך מאכען וויפיעל איך וויל און וויפיעל איך דארף, א חכם אָבער קען איך ניט איינעם מאכען, נון, איז בייא מיר א חכם גרעסער פאר דעם גרעסטען גראף.

### 130) דיא פרויען פון פרייבורג.

אין דער צייט וואס דער דייטשער קייזער פערדינאנד האט בעלאגערט דיא שטאָדט פרייבורג און האט איהר אזוי ווייט אויסגעהונגערט, דאס דיא איינוואוינער האבען זיך געוואָלט שוין אונטערגעבען צו איהם בתנאי, דאס ער זאָל זייא נאָר לאָזע לעבען.

דער קייזער האט זייא געענטפערט:

— איהר מוזט זיך מיר אונטערגעבען גאר אָהן א שום תנאי, און ער האט געגעבען א בעפעהל, דאס נאָר דיא פרויען האבען א רעכט ארויסצוקלייבען זיך פון שטאָדט און געהמען מיט זיך וואס זייא קענען נאָר אויף זיך אליין טראָגען, און דאס איבעריגע פאָלק אויסצוטייטען ביז איינעם.

קוים האט מען דאָרט דערהערט דיעזעס בעפעהל, האבען דיא איינוואוינער געעפענט דיא טויערן פון שטאָדט און טויזענדע פרויען האבען אָנגעהויבען ארויס צו געהען, און יעדע פון זייא האט אויף זיך געטראָגען איינע שווערע לאסט, דאָך קיינע קליידער, קיינע גאָלד און קיינע זילבער, נאָר איהר מאַן.

מען האט עס אָנגעמעלדעט דעם קייזער, און עס האט איהם געפרייט צו קענען זיין גנעדיג, ניט איבערמאכענדיג זיין בעפעהל, און האט זייא אלעמען דאס לעבען געשיינקט.

## 131) דער בעל העגלה.

איין בעל העגלה האט זיך אמאל בעריהמט, דאס ער האט אמאל איבער־געפיהרט א סך קוילען (באָמבעס) פון איין קרעפּאָסט אין דעם אנדערן, און וויא ער פלעגט צו קומען אין א בלאָטע, וואס דיא פערד האבען ניט געקענט ארויס שלעפען דעם וואָגען פון דאָרט, פלעגט ער אלע מאָל איינינע באָמבעס ארונטער ווארפען.

און אלס מען האט איהם געפרעגט, וויא האסט דוא געטהאָן בייא דעם איבערגעבען, עס האט דאָך געפעהלט צום וואָג.

— אי איך בין אויך קיין נאר ניט, מיינער האט עס אויך געוואוסט, און האב זיך שוין פריהער פערזאָרגט, דען בשעת דער אָפיציר האט מיר דיא באָמבעס צוגע־וואוינען, און דיא סאָלדאטען האבען אָנגעהויבען ארייצולייגען אין מיין וואָגען, האב איך אפשר מעהר אלס דרייסיג שטיק צוגעוואָרפען איבעריגע, דאמיט איך זאָל האבען וואס ארונטער צו ווארפען.

## 132) איינע גרויסע פאָרזיכטיגקייט.

איין געוויסער קליין־שטעדטעלדיגער יונגער מאַן האט געהאט איינע זעהר שלעכטע פרוי, און האט איינינע יאָהר פון איהר געליטען מיט גרויס גערולה, ביז גאָט האט זיך מרחם געווען איבער איהם, דאס זיא איז קראַנק געוואָרען און איז געשטאָרבען.

פון גרויס שמחה האט ער זיך גאר ניט געדוננען מיט חברה קדישא, האט בעצאָהלט וואס זייא האבען פערלאַנגט.

פון גרויס איילעניש אָבער האבען זייא זיך ניט איינגעהיט און זיינען ארונטער מיט איהר געהענדינג דורך א וועלדיל אונטער א געדיכטען בוים, וואס האט איהר א שטאַרקען קראַץ געטהאָן אין געזיכט, און זיא האט זיך אויפגעכאפט.

זיא וואר נאָר איין שיינטויטע (ביי אונז אידען רופט מען עס היהנער־פלעט), נו האט מען איהר געבעך צו זיינעם לייד און קימער געבראכט צוריק צו איהם אהיים, און ער האט געליטען פון איהר נאך שעהנע עטליכע יאָהר, דען זיא וואר שרעקליך בייז, און האט ניט געוואָלט שטארבען, חאָטש עס וואר שוין בע־צאָהלט קבורה־געלד פאר איהר מיט הוצאות.

נו האט דער מלאך המות נאך אמאל געמאכט מיט איהר א פראָבע, און וויא עס ווייזט אוים שוין ניט אויף קאטאָוועס.

דעם מאן האט געבעך דאס הערץ געשראָקען, און האט שוין געוואָלט מיט חברה קדישא זיך אויסקוואטירען, דאס הייסט עס האט זיך איהם שוין געוואָלט דאס זיינע קבורה־געלה, וואס ער האט פאר איהר שוין לאנג בעצאָהלט, זאָל שוין ניט ליגען ביי זייא אָהן פראָצענט, און האט צוגעזאגט דיא שמשים טרינק־געלה, אבי זייא זאָלען עס מאכען זעהר גיך.

נו האט מען געמאכט צום צווייטען מאל א שנעלען מארש מיט איהר, און ווען זייא זיינען צוגעקומען צו דעם אונגליקליכען וועלדעל, האט דער מאן א געשרייא געטהאָן:

— ברידער! אָן א זייט, זייט פאָרזיכטיג, זאָנסט חלילה האב איך צום צווייטען מאל דיעזען ניט געווינשטען נאסם.

ע נ ד ע

דער

# אמעריקאנישער

# וויטצלינג.

---

116 שעהנע וויטצען,

זעהר סאַטיריש צום לאַכען.

פרייז 5 סענט.

דרוק און פערלאג פון

דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,

ברוקלין, ניו יאָרק.

Published by The Hebrew Publishing Co.

122-128 Leonard St., Brooklyn, N. Y.

## 1) מיר אידען האבען שוין אַלעס געהאַט.

גענעראַל פאָן ווערדער, איינער פון דיא בעריהמטע דייטשע קאָמאַנדאַנט
איז געפאָהרען פון לייפציג נאָך בערלין, און, וויא עס פּאַסט פאַר א גענעראַל, א
ער געזעסען אין א וואגאָן פון דער ערשטער קלאַסע. עס איז אָבער דאָרט קיינע
ניט געוועזען און ער האט זיך געפיהלט זעהר אומעטיג אליין. בייא א סטאַציאָן הא
זיך ענדליך געעפענט דיא טהיר, און א רייך געקליידעטער הערר, מיט איין ענ
אידישעס געזיכט, איז אריין געקומען. ער האט זיך געזעטצט געגענאיבער דעם גע
נעראַל און נאַכדעם וויא ער האט איהם בעגריסט, האט ער געזאגט:

„גענעראַל לעבען, איך האב אויך געהאט א זוהן אין דער ארמעע.“

„דאס איז זעהר שעהן, און וואו איז ער יעטצט?“

„איך האב איהם געמאכט פאר א קויפמאן.“

„וואָרום?“

„ווייל וואס קען ווערען פון איהם?“

„וואס איז ער געוועזען אין דער ארמעע?“

„ער איז געוועזען א לייטנאַנט.“

„א לייטנאַנט? דאס איז דאָך א הויכעס אמט, און ווען ער וואָלט פער
בליעבען, וואָלט ער געוואָרען א קאפּיטאַן.“

„וואס איז דען א קאפּיטאַן?“

„אהה,“ האט דער גענעראַל געזאָגט, „א קאפּיטאַן איז זעהר פיעל, און ע
האט אויך געקענט ווערען א מאַיאָר.“

„וואס איז דען א מאַיאָר?“

„ער האט מיט דער צייט פיעללייכט געקענט ווערען לייטנאַנט־קאָ
לאָנעל.“

„און וואס איז לייטנאַנט־קאָלאָנעל?“

„העהר פיעל, מיין הערר, אין א קריעגס־צייט האט ער אויך געקענט ווערען א קאלאנעל.“

„און וואס איז מיר א קאלאנעל?“

„וואס!“ האט דער גענעראל אויסגעשריען אויפגערעגט, „א קאלאנעל איז קאמאנדאנט פון א רעגימענט, און, ווען ער איז א בראווער מאן, קען ער אויך ווערען א בריגאדיער־גענעראל.“

„און וואס איז מיר א בריגאדיער־גענעראל?“

„ער קען דאן אוואנסירען און ווערען גענעראל!“

„און וואס איז מיר גענעראל?“

„דאנערוועטער יוד!“ האט פאן ווערדער אויסגערופען אויפשפרינגענדיג. „א גענעראל! וואס איז מיר א גענעראל פרעגט איהר? קוקט אהער, יוד, איך פערשטעה, אז איהר זייט א רייכער מאן; איך האב 35 יאהר געארבייט שווער און ביטער ביז איך בין געווארען גענעראל, אבער איך פערבייט ניט דיא עהרע פון זיין א גענעראל, אויף אלע אייערע מיליאנען!“

„און וואס איז מיר א גענעראל?“ האט דער איד וויטער געפרעגט אזוי גלייכגילטיג וויא פריהער.

„צום טייפעל, יוד, וואס דען ווילט איהר, ער זאל ווערען א גאט?“

„און וואס איז מיר א גאט?“

„פעררי‌קטער יוד! א גאט? א גאט איז אויך בייא אייך גאר ניט?“

„ניין, הערר גענעראל, א גאט איז בייא אונז אויך ניט קיין גרויסע זאך; מיר האבען אמאל שוין געהאט א אידעל וואס איז געווארען א גאט, און ער האט בייא אונז ניט פיעל אויסגענומען.“

גענעראל פאן ווערדער האט פערשטאנען דעם וויטץ און דריקענדיג דעם אידען דיא האנד, האט ער געזאגט: „בראוואָ! בראוואָ!“

## 2) אַ וויכטיגער דועל.

נאכדעם וויא דיא אמעריקאנער האבען בעזיעגט סאנטיאגא, האט קאלאנעל פוטנאם, דער קאמאנדאנט פון איין אמעריקאנישען רעגימענט, וועלכער האט זיך אממייסטען אויסגעצייכענט, ערהאלטען א בריעף פון מאיאר קאזאמלא, א שפאניער, וואו דער לעטצטער האט איהם פאלגענדעס געשריעבען:

„קאלאנעל, איך האב געהערט, אז איהר האט געזאגט, דאס איך בין א מענש אהן מוטה און פערשטעה ניט קיין קריעגס־טאקטיק, וועהרענד איך האב

געפיהרט מיינע סאָלדאטען נענען אייערע אויף'ן בארג פון על־קאַני. פאר דיעזער בעליידיגונג, קען איך אייך ניט פערצייהען. איך פאָרדער אייך אויף דערפאר, איהר זאָלט מיט מיר ארויס נעהען אויף א דועל מיט רעוואָלווערס, דאמיט יעדער זאָל זיך איבערצייגען ווער עס האט מעהר מוטה."

קאָלאָנעל פוטנאם האט געלאָזען רופען דעם מאיאָר אין זיין לאגער, און, אין דער נעגענוואַרט פון מעהרערע אָפיצירען, האט ער צו איהם אזוי געזאגט:

„מאיאָר, זעהט איהר אויף וואס איך זיטץ?"

„יא," האט געענטפערט דער שפאניער ווערענד פוטנאם האט זיך רוהיג געדרויבערט זיין לולקע. „איהר זיטצט אויף א פעסעל."

„און וואס שטעהט נעבען מיר?"

„נאך א פעסעל."

„ריכטיג." ביידע פעסלעך זיינען פול געפאקט מיט דינאמיט. איהר האט מיך אויפגעפאָרדערט אויף א דועל מיט רעוואָלווערס, אָבער דער אמת איז, איך קען ניט שיסען; דאס פערשטעהען מיינע סאָלדאטען, וויא איהר האט זיך איבערצייגט. איך קען בלויז קאָמאנדירען. נאָר אזוי וויא דאָ האנדעלט זיך אום מוטה, וועלען מיר אָנצינדען דיא צוויא קנוילען וואס שטעקען ארויס פון דיא צוויא פעסלעך, און איהר וועט זיך זעטצען אויף דעם אנדערן פעסעל. ווער עס וועט בלייבען לענגער זיטצען, וועלען מיר וויסען, אז דיעזער האט מעהר מוטה."

דער שפאניער איז בלאס געוואָרען, אָבער ער האט איינגעשטימט. דיא קנויטען זיינען אָנגעצונדען געוואָרען און דיא איבריגע אָפיציערען זיינען ארויס פון דעם קאָלאָנעל'ס ליינוואנד־שטיבעל, כדי זייא זאָלען ניט צערשמעטערט ווערען פון דער עקספלאָזיאָן. דיא קנויטען האבען ארונטער געברענט גאנץ ניעדריג, און ווערענד פוטנאם האט זיך גאנץ געמיטהליך געדרויבערט זיין לולקע, איז דער שפאניער אויפגעשפרונגען און אויסגעשריען:

„קאָלאָנעל! דאס איז איינפאכער מאָרד! מיר דארפען דאס ניט טהון!"

„זיטצט, זיטצט, מאיאָר," האט פוטנאם געענטפערט, „איהר האט ניט וואס מורא צו האבען, אין דיא פעסלעך געפינט זיך בלויז ציבעלעס."

א געלעכטער האט אויסגעשאָסען פון דיא אָפיציערען אין דרויסען, און דער שפאניער האט באלד געמאכט א ויברח, און שוין מעהר ניט אויפגעפאָרדערט קיין איינציגען אמעריקאנער צום דועלירען.

———————

## 3) אַ ויכוח מיט רויבערס.

איינינע רויבערס האבען איינגעבראָכען אין אַ הויז פֿון אַ פּראָפּעסיאָנעלען וויטצלינג. איין רויבער מיט אַ רעוואָלווער אין דער האנד, האט געזאגט צום וויטצלינג:

„ווען דוא ריהרסט זיך ביסטו אַ טויטער מענש!“

„עס איז ליענען,“ האט דער וויטצלינג געענטפערט. „ווען איך ריהר זיך, דאן איז אַ סימן, אַז איך בין אַ לעבעדינער מענש.“

„וואו איז אייער געלד?“ האט אַ צווייטער געפרעגט.

„דאס איז אַ פראַגע וואס איך קען ניט בעענטפערן.“

„דאן וועלען מיר עס אליין אויפזוכען.“

„שאָדע דיא מיה; איך האב געזוכט היינט בייא טאָג און ניט געפונען, וויא קענט איהר עפּעס געפינען אין דער פינסטער?“

## 4) ווען מען עסט מיטאג.

בעשטענדינער בעזוכער צו דער דיענסט: „זאג מיר נאָר, סאללי, ווען עסט מען בייא אייך מיטאג?“

דיענסט: „זאָ שנעל וויא איהר געהט אוועק.“

## 5) אַ וואַרנונג.

אַ מיטעליעהרינער מאַן, מיט אַ געוואַלטיגען אַפּעטיט, איז געזעסען אין אַ רעסטאָראַנט בייא אַ טישעל געגענאיבער איין אנדערן מאַן, און געגעסען. וועהרענד דעם געשמאַקען עסען, האט ער צושניטען דאס מויל מיט דעם מעסער אויף וועלכען ער האט אויפגעשטעקט אַ שטיקעל פלייש.

„אום גאָטעס ווילען,“ האט דער צווייטער אויסגעשריען, „שניידט ניט אויף גרעסער דאס לאָך פון אייער מויל, זאָנסט וועלען מיר אַלע מוזען אויסגעהען פאר הונגער.“

## 6) וויא מען קלייבט אויס אַ כלה.

יונגערמאַן צו איין ערפאהרענעם עלטערן מענשען: „זאגט מיר נאָר, איך בעט אייך, אַלס ערפאהרענער מענש, וויא זאָל איך מיר אויסקלייבען אַ כלה?“

אלטער: „האט איהר שוין אמאל געזעהען א סטאדע גענז?"
יונגערמאן: „יא."
אלטער: „האט איהר שוין אמאל געזעהען אזא סטאדע מיידלעך?"
יונגערמאן: „יא."
אלטער: „דאן, ווען איהר זעהט א סטאדע מיידלעך, לויפט אריין וויא צווישען א סטאדע גענז, און כאפט דיא ערשטע וואס איהר קענט גרייכען."
יונגערמאן: „סאי־וועלכע?"
אלטער: „יא, סאי־וועלכע; אמבעסטען איז, איהר זאָלט נאך צו מאכען דיא אויגען."
יונגערמאן: דאן קען איך דאָך נאך כאפען עפעס א שלאָג?"
אלטער: „און אז איהר וועט זוכען מיט אָפענע אויגען וועט איהר דען גע־פינען א בעסערע? אלע זיינען גלייך, וויא דיא גענז, דערפאר איז בעסער ניט צו קלייבען".

## 7) ליעבע מיט קונצען.

פרוי: „וויסטו מיין מאן, איך האב היינט געלעזען דאס בוך „קונסט דער ליעבע".
מאן: „צו וועלכען צוועק?"
פרוי: „כדי איך זאָל פערשטעהען דיא קונסט פון ליעבען דיך."
מאן: „אָת ניין, מיין פרוי, איך וואָלט בעסער וועלען ליעבע אָהן קונצען".

## 8) אַ דאָקטאָר אַ געדאַנקען־לעזער.

„איך רעכען," האט געזאגט דאָקטאָר עזעלקאָפּ צו זיין פּאציענט וועהרענד ער האט איהם געהאלטען ביים דופּק, „אז איהר דענקט, דאס איך בין א נאר."
„מיין הערר," האט דער פּאציענט געענטפערט, „דאס איז דאס ערשטע מאל וואס איך בעמערק, אז מען זאָל קענען לעזען א מענשען׳ס געדאנקען דורך זיין דופּק."

## 9) ער איז שוין ניט קיין גרינער.

לעטצטענס האבען דיא ניו יאָרקער ריכטער, וועלכע מאכען בירגער פון איינ־וואַנדערער, איינגעפיהרט, אז אנשטאט דעם וואס זייא אליין וועלען אויספרעגען דיא

קאנדידאטען פיר בירנער, אויב זייא ווייסען וואס דיא אמעריקאנישע רעגיערונג בע־דייטעט, האבען זייא געשטעלט דיא געריכט־הויז דיענער צו ערפיללען דיעזע פליכט
איין דיענער, א דיקער איירישמאן, האט ערבליקט א אידעל וואס איז ער־שיענען צו ווערען א בירנער.

„האט איהר געלעזען דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע־שטאאטען ?"
האט דער איירישמאן געפרעגט.

„ניין," האט דער איד געענטפערט. „האט איהר דאס געלעזען ?"

„ניין !" האט דער איירישמאן אויך שנעל געענטפערט.

„ער איז שוין ניט קיין גרינער," האט דער ריכטער בעמערקט לאַכענדיג,
„גיבט איהם בירנער־פאפירען."

## 10) אַ רעדאַקטאָר'ס בקשה.

דער רעדאקטאָר פון א קליינער ענגלישע צייטונג אין א דאָרף פון וועסט־אמעריקא, האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אנאָנסע אין זיין צייטונג:

„עס איז אמת, איך אקצעפטיר האָלץ פאר אבאָנעמענטען אויף מיין צייטונג, אָבער, איך בעט דיא הערען אבאָנענטען, וועלכע צאָהלען מיר מיט האָלץ, זייא זאָלען ניט קומען ווידער בייא נאכט און דאס אוועק גנב'ענען. עס וועט זיין זייא לרעה, ווייל איך וועל ניט האבען מיט וואס צו הייצען און עס וועט מיר זיין צו קאלט צו שרייבען."

## 11) דעם זוהן'ס „חכמה".

פאטער צו זיין אידיאָטישען זוהן: „נעהם זעה און ציה זיך אָן וויא א מענש, היינט אבענד וועלען זיין דיא תנאים."

זוהן: „דיא תנאים ?"

פאטער: „יא."

זוהן: „מיט וועמען ?"

פאטער: „מיט שרה דער מילנערין'ס, א שעהן מיידעל און מיט א נוטען נדן."

זוהן: „און וואס וועט זיין ?"

פאטער: „דוא וועסט חתונה האבען".

דער זוהן האט זיך שטארק צו וויינט.

פאטער: „וואס איז מיט דיר, פערריקטער, וואס וויינסטו? יעדער ה
חתונה: אָט זעה, איך האב אויך חתונה געהאט מיט דיין מאמע.“
זוהן: „יא, מיט מיין מאמע, וואס איז דאס פאר א חידוש? אָבער
נעהסטו חתונה מאכען מיט א ווילד־פרעמדער?“

## 12) דיא אויערן.

בערל: „הערסטו שמערל, דוא דארפסט דיר לאָזען ארום שניידען
אויערן, זייא זיינען צו לאנג פיר א מענשען.“
שמערל: „און דוא בערל, דארפסט דיר לאָזען צו שטיקעוועז צו די
אויערן, זייא זיינען צו קורץ פאר איין עזעל.“

## 13) אויף דער שוועל פון קבר.

גלח צום פעראורטהיילטען: „מיין זוהן, יעטצט דערנעהנטערט זיך דיא צי
ווען דוא דארפסט זאגען אדיע צו דיעזער וועלט, עס איז דער העכסטער מאָמע
דער מאָמענט פיר דיין טויט, קען איך עפעס טהון פאר דיר?“
פעראורטהיילטער: „אָה יא, אלטער היהנער־פרעסער, קענסט זעהר פ
טהון פאר מיר; איך וויל, אז מען זאָל דיך אויפהייננען אנשטאט מיך.“

## 14) זיך אויסגעבילדעט אין אַמעריקאַ.

א ניו יאָרקער פרוי, צו וועלכער א ברודער איז נאָר וואס געקומען או
אייראָפּא, האט געוואָלט פאָרשטעלען איהר 12־יעהריגען זוהן, און זיא האט געזא
דיעזע ווערטער:
„מיין סעם קען שוין גוט לעזען ענגליש, רעכענען, דאווענען, און...“
„יא, יא,“ האט סעם אינטערגעכאפּט זיך אליין פאָרשטעלענדיג, „און א
האב שוין היינט פריה מיך געפּאיט מיט דזשייק׳ן, איהם געמאכט א פּאאר בל
אויגען, געשפּיעלט באָלל און אויסגעקלאפּט 2 שויבען, ארויס געוואָרפען דיא נר
קאַטץ פון דעם דריטען פלאָר און צוגענב׳עט 5 סענט בייא דיער אַקטער שינ־לי
פון דאָן־סטיירט.“

## 15) ער מיינט דיא דיענסט.

א מאַן האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אנאָנסע אין א צייטונג:
25 דאָלאר בעלאָהנונג —

„אין דיא לעטצטע 6 וואָכען האט איין שכן בייא מיר אוועק גענומען מיין ווייב און מיט איהר געמאכט א ויברח. דער צווייטער שכן, האט דאסזעלבע געטהאָן מיט מיין דיענסט. ווער עס וועט מיר אָנציינען דעם פּלאַטץ וואו איך קען טרעפען מיין דיענסט, קריעגט דיא גענאנטע בעלאָהנונג."

## 16) זעהען און הערען.

א ניו יאָרקער דאָקטאָר האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אנאָנסע אין א צייטונג:

„א ספּעציאַליסט זייט 25 יאָהר: — טויבע קענען איבער,מיר הערען אין מיין וואָהנונג 105 ל. שטראסע, צווישען 2 און 4 נאכמיטאג, און בלינדע קענען מיך זעהען צווישען 9 און 12 פאָרמיטאג."

## 17) זיך ניט געקענט גט׳ן.

א מאַן מיט א פרוי, וועלכע האבען געלעבט 10 יאָהר צוזאמען און געהאט 3 קינדער, האבען בעשלאָסען זיך צו גט׳ן. דער מאַן האט געוואָלט 2 קינדער פאר זיך און דאסזעלבע האט אויך געוואָלט דיא פרוי. ניט קענענדיג איינשטימען, זיינען זייא אוועק צו א ריכטער, וועלכער האט ארויס געגעבען פאָלגענדען פסק:

„וואָהנט נאך אזוי לאנג צוזאמען, ביז איהר וועט האבען נאך א קינד, און דאַן וועט איהר זיך קענען איינטהיילען גלייך אויף גלייך."

מיט א יאָהר שפּעטער האט דער ריכטער בעגעגענט דעם מאַן און איהם געפרעגט וואס עס הערט זיך.

„מיין פרוי האט געהאט לעטצטע וואָך א צווילינג," האט דער מאַן געענט־פערט, „און מיר וועלען אלזאָ מוזען וואָהנען ווייטער ביז דיא צאָהל פון אונזערע קינדער וועלען זיך אויסגלייכען."

## 18) וויא אַזוי זייא קענען פטור ווערען.

פרייליין העססליקאָווסקי, א זעלטענע מיאוסקייט, האט געפרעגט הערן קלונ־מאַן, וואס זיא קען טהון אום פטור צו ווערען פון א געוויסען יונגענמאַן, וועלכער קומט איהר בעזוכען יעדען אבענד.

„הייראַטהעט מיט איהם," האט הערר קלונמאַן געראַטהען.

„איך וועל עס ניט טהון פאר מיינע זינד," האט פרייליין העססליקאָווסקי געענטפערט.

„אָה, יאָ, פריילין," האט הערר קלוגמאן וויטער געזאגט. „ווען איהר וועט מיט איהם הייראטהען, בין איך זיכער, אז ער וואָלט דאן פון איך ענטלאָפען צו אלל־דיא־שווארצע יאָהר, און איהר וואָלט איהם שוין קיינמאל ניט געזעהען מיט אייערע אויגען."

## 19) מאַנכע ניטצליכע סגולות.

דאָ ווערען געגעבען מאנכע ניטצליכע סגולות, וואס יעדער, וועלכער פאסט וויא גוט אויף, מוז געוויס געהאָלפען ווערען.

געגען זעע־קראנקהייט — ניט צו פאָהרען אויף'ן ים.

געגען שיכרות — טרינקען וואסער.

געגען רויכען — רויכערט ניט.

געגען געפאהר — פערמיידעט אונגליק.

געגען געפעננגים — גנב'עט ניט מען זאָל איך קענען כאפען.

געגען א שלעכטע פרוי — הייראטהעט ניט.

## 20) גאָט האט געהערט זיין תפילה.

„רבונו־של־עולם," האט יאנקעל קבצאנאָווסקי געבעטען, „איך האב שוין 5 מיידלעך און יעטצט שוואנגערט וויעדער מיין פרוי. דערפאר, בעט איך דיך, ווען עס איז מיר שוין יאָ בעשערט צו האבען נאך א קינד, דאן וויל איך וועניגסטענס האבען א אינגעל, א קדיש."

גאָט האט צוגעהערט זיין תפילה און זיין ווייב האט געבוירען א דריילינג, און אלע דרייא זיינען געווען — מיידלעך.

## 21] אַ גוטער ענטפער.

א קלוגער סטאָלאר איז אלס איין עדות בייא א פראָצעס ערשיענען. צווייא מענשען האבען זיך געשלאגען. דער אדוואָקאט פאר דעם שלעגער, האט אימער ליעב געהאט צו פערדרעהען דיא עדות מיט פערשיעדענע פראגען, און ער האט זיך גענומען אויספרעגען דעם סטאָלאר.

אדוואָקאט: „האט איהר געזעהען וואס עס האט פאסירט?"

סטאָלאר: „יאָ."

אדוואָקאט: „וואס האט איהר געזעהען?"

סטאָלאר: „איך האב געזעהען וויא ער האט איהם געגעבען א פּאטש מיט דער רעכטער האנד אויף דער לינקער באק.“

אדוואָקאט: „און וויא ווייט זייט איהר געווען פון זייא?“

סטאָלאר: „גראדע 5 פוס מיט 4 און א האלבען צאָלל.“

אדוואקאט: „און וויא קענט איהר וויסען אזוי אקוראט?“

סטאָלאר: „איך האב גערעכענט, אז מען וועט מיך רופען פאר איין עדות, און עפּעס א דומקאָפּ וועט וועלען אקוראט וויסען וויא ווייט עס איז געווען, זאָ האב איך אָבגעמאָסטען דיא שטרעקע.“

## 22) געטראָפען דעם מאַן.

א. „קענט איהר מיר זאגען וואו א געוויסער הערר שמידט וואָהנט?“

ב. „שמידט? עס זיינען דאָ א סך מענשען מיט דעם נאמען שמידט. איך הייס אויך שמידט. וויא איז דער פאָרנאמען פון דעם מאן וואס איהר זוכט?“

א. „דאס ווייס איך ניט; אָבער אזוי פיעל איז מיר בעקאנט, אז ער וואָהנט אין דיעזער שטראסע, איז א שיכור, שפּיעלט אין קארטען און שלאָגט אָפט זיין ווייב.“

ב. „מיר דאכט, אז דאס בין איך.“

## 23) צו מאַכען איין אונטערשיעד.

דזשאָו: „זאג מיר נאָר סעם, ווארום רופט מען דיך „קליינער גנב?“

סעם: „צו מאכען איין אונטערשיעד צווישען מיין פּאפּא און מיינע עלטערע ברידער, וועלכע זיינען שוין גרויסע גנבים.“

## 24] ווארום ער וויל איהם מעהר ניט בעגעגענען.

א. האט געהאט דאס אונגליק וואס זיין פרוי איז איהם געשטאָרבען. ווען זיין פריינד ב. האט איהם בעגעגענט, האט ער איהם געטרייסט און געזאגט, אז א מענש מוז אקצעפּטירען אלעס וואס דאס שיקזאל ברענגט, און עס איז מעגליך, אז דאס גרעסטע אונגליק איז פאר דעם מענשען גאר א טובה.

מיט עטליכע מאָנאט שפּעטער האט א. חתונה געהאט מיט א צווייטער פרוי, און ווען ב. האט איהם א פּאאר מאל בעגעגענט, האט ער איהם אויסגע־מיעדען. אין א טאָג האט א. ספּעציעל אויפגעזוכט זיין פריינד ב. און איהם געפרעגט ווארום ער מיידעט איהם אויס.

„הער מיך אויס, פריינד,“ האט ב. געזאגט. „ווען נאָט העלפט א מענשען, אז זיין ווייב שטאַרבט איידער ער האט נאך גרויע האאר, איז עס דאס גרעסטע גליק. ווען דוא האסט אָבער נאך אמאל חתונה געהאט, ביסטו ניט ווייט צו זיין מיין פריינד.“

## 25) כעלימער נאַראָנים.

דיא בעריהמטע שטאָדט כעלים, פון וואנען אלע נאראָנים קומען, איז אמאל בעפאלען געוואָרען פון זעהר פיעל מייז. א רייזענדער, פון איין אנדערע שטאָדט, קומענדיג נאך כעלים, האט ערבליקט דיעזע פעסט און אויסגעשריען:

„אום גאָטעס ווילען, ווארום זעהט איהר ניט עפּעס צו טהון?“

„וואס איז נייעס?“ האט איהם געפרעגט דער ראש־הקהל.

„סטייטש, דיא מייז וועלען דאָך אייך אויפפרעסען?“

„ריכטיג, זייא וועלען אונז טאַקי אויפפרעסען.“

„ווארום טהוט איהר ניט עפּעס?“

„וואס קענען מיר טהון?“

„ברענגט אהער א קאטץ!“

קורץ, דער גאַסט האט זייא ערקלערט, אז א קאטץ וועט זייא בעפרייען פון דיא מייז. מען האט באלד פעררופען איין אסיפה און מען האט בעשלאָסען צו שיקען טאַקי דעם אורח אליין אין איין אנדערע שטאָדט אום צו ברענגען א קאטץ. ווען דיא קאטץ איז געבראכט געוואָרען, האט זיא אָנגעפאנגען איהר ארבייט צו כאפען מייז. אָבער דיא כעלימער, זעהענדיג, אז דיא קאטץ הרג'עט דיא מייז, און הערענדיג, אז גלגולים בעהאלטען זיך אָפט אין קליינע חיה'לעך, האבען זייא בעשלאָסען פטור צו ווערען פון דער קאטץ. בייא א צווייטער אסיפה, איז בעשטימט געוואָרען, דער שמש זאָל ארויף געהען מיט דער קאטץ אויף'ן דאך פון בית־המדרש און פון דאָרט ארונטער ווארפען דיא קאטץ. דער שמש האט אזוי געטהאָן, נאָר דיא קאטץ איז גלייך געלאָפען ווידער כאפען מייז. א דריטע אסיפה האט שוין אָבער בעשלאָסען, אזוי וויא דיא קאטץ ענטלויפט און ווארט ניט געהרג'עט צו ווערען, זאָל דער שמש זיך ארונטער ווארפען מיט איהר פון דאך, כדי זיא זאָל מעהר ניט קענען ענטלויפען. עס איז ווירקליך אזוי געווען, און דיא קאטץ איז ענטלאָפען און דער שמש איז גע־הרג'עט געוואָרען.

---

## 26) געוואָלט אָבנאַרען דעם אַדוואָקאַט.

בערל פראָסטמאַן האט געוואָהנט זייט פיעלע יאָהרען בשכנות מיט אדוואָ־קאט שווינדעלמאַן. דער לעטצטער האט געהאט הינט, קעטץ און ציעגען בייא זיין הויז, וועלכע פלעגען פעראורזאכען א גרויסען שאדען אין פראָסטמאַן'ס איינגענטהום.

אין א טאָג האט פראָסטמאַן געליטען א גרויסען שאדען דורך שווינדעלמאַן'ס הונד, וועלכער האט דערשטיקט זיינע 5 היהנער, איבערגעקעהרט א גרויסע כלי מילך, אויפגעגעסען עטליכע פונט פוטער און ארויס געטראגען א זייט קאַלב־פלייש.

פראָסטמאַן איז געוואָרען שטארק אויפגערעגט און געזאגט: „יעטצט איז געקומען דיא צייט איך זאָל אָבנארען דעם אַדוואָקאַט."

ער איז אריין אין זיין וואָהנונג און צו איהם געזאגט:

„הערר שווינדעלמאַן, וואס קומט דעם מאַן, וועלכען'ס א חיה האט פעראור־זאכט א שאדען פון 30 רובעל בייא זיינעם א שכן?"

„עס קומט איהם צו בעצאָהלען," האט שווינדעלמאַן געענטפערט.

„און ווען ער וויל ניט?"

„דאַן פערקלאגט מען איהם."

„און וואס קען נאכהער ווערען?"

„ער וועט בעצאָהלען דיא 30 רובעל מיט הוצאות פון דעם פראָצעס."

„דאַן הערר שווינדעלמאַן," האט פראָסטמאַן געזאגט טריומפירענד, „וועל איך אייך ערשפארען דיא הוצאות פון א פראָצעס, און בעצאָהלט מיר 30 רובעל פאר דעם שאדען וואס אייער הונד האט מיר פעראורזאכט."

„פאָלקאָמען רעכט," האט דער אדוואָקאט געזאגט, און גלייך אויסגעצאָהלט דאס געלד.

פראָסטמאַן האט צוגענומען דיא 30 רובעל און געשמייכעלט מיט פערגניעגען צו זיך אליין איבער זיין גוטען איינפאל. אלס ער האט אָבער געוואָלט אוועק געהען, האט איהם דער אדוואָקאט צוריק גערופען און געזאגט:

„הערר פראָסטמאַן, זייט אזוי גוט און בעצאָהלט מיר דיא סומע פון 50 רובעל פאר דעם פראָפעסיאָנעלען ראטה וואס איך האב אייך געגעבען."

פראָסטמאַן האט ארונטער געלאָזען דיא נאָז, און צוריק געבענדיגט דיא 30

רובעל, האט ער געזאגט: „איך בין אריין געפאלען, ניט וואהר, די 20 רובעל וועל איך אריין שיקען באלד ווי איך קום אהיים.“

## 27) אַ נייער מאכל.

דיענסט צום פערטראכטען פּראָפעסאָר: „וואס זאל איך היינט קאָכען פאר איך מיטאג?“

פּראָפעסאָר: „הא? מיטאג? ריכטיג. שעקספּיער סאָנאטען, שיללער'ס דראמען, בעמישע פערבינדונגען און א מיקראָסקאָפּ וואס מען זאָל קענען זעהען אלעס וואס געהט פאָר אין א טראָפּען וואסער.“

דיענסט: „וואס?“

פּראָפעסאָר: „די נאטור־געשיכטליכע פאָרשונגען, די ענטשטעהונג פון דעם מענשען לויט דארווין און די פאָלשטענדיגע אנטראָפּאָלאָגיע.“

דיענסט: „פּערריקט ווי אימער! ער ווייס אלעס, און ווייס גאר ניט. איך וועל קאָכען נעכטען א זופּ מיט פליייש און א גרינצייג צושפּייז.“

פּראָפעסאָר: „מיט איין אסטראָנאָמישער פּראָבלעמע און א טריגנאָמעטרישע אויסרעכנונג.“

דיענסט: „עס איז דאס לעצטע מאל וואס איך קום אייך פרעגען, אזעלכע מאכלים קענט איהר בעשטעלען אין די רעסטאָראנטען, איך ווייס ניט וואו מען קריעגט זיי.“

## 28) ער האט איהם געפאָלגט.

ריכטער: „האט איהר געמאָהנט פריהער אייער חוב?“

קלעגער: „געוויס.“

ריכטער: „און וואס האט ער געענטפערט.“

קלעגער: „איך זאָל געהען צום טייפעל.“

ריכטער: „און וואס האט איהר געטהאָן?“

קלעגער: „איך בין געקומען צו אייך.“

## 29) וואס ער האט פערגעסען.

פאטער: „וואס איך האב היינט פערגעסען צו טהון, מיין זוהן?“

אינגעל: „צווייא זאכען, פּאפּא“

**פאמער:** „וואס זיינען זייא?"
**אינגעל:** „קושען דיא דיענסט און שלאגען דיא מאמא".

## 30) בייא אונז טראָגט מען.

א גרינער, פון א קליין שטעטעל אין גאליציען, איז ארונטער געקומען נאך ניו יאָרק. אין דעם ערשטען טאָג האט ער געזעהען א גרויסע מאסע מענשען פער־זאמעלט אין א גאס. ער האט זיך געווענדעט צו זיין לאנדסמאן וואס האט איהם ארונטער גענומען פון דער שיף, און געפרעגט וואס האט פאסירט.

„מען פיהרט א מענשען בעערדיגען," האט דער לאנדסמאן געענטפערט, „און דאס איז זיין לויה."

„ווירקליך, מען פיהרט איהם און ער געהט? דאס מוז איך זעהען. בייא אונז טראָגט מען."

## 31) וויא אַזוי ער איז דאָך געקומען.

**לעהרער:** „וואס איז אזוי שפעט?"
**שילער:** „אין דרויסען איז אזוי גליטשיג, אז בייא יעדען שריט וואס איך האב געמאכט, האב איך מיך געמוזט צוריק גליטשען אויף 2 שרים."
**לעהרער:** „און וויא ביסטו דאָך געקומען?"
**שילער:** „איך האב אָנגעהויבען צו געהען צוריק אהיים ביז עס האט מיך צוריק געגלימשט ביז צו דער שולע."

## 32) ג ע אָ ג ר אַ פ י ע.

**לעהרער:** „אלזאָ, דזשייק, יעטצט פערשטעהסטו?"
**דזשייק:** „געוויס."
**לעהרער:** „ווען דוא שטעהסט מיט דעם געזיכט וואוהין דיא זונן געהט אויף, איז עס מזרח־זייט, און צו דיין לינקער האנד, איז צפון־זייט, און וואס איז הינטער דיר?"
**דזשייק:** „הינטער מיר זיצט סעם און שמעכט מיך מיט א שפילקע."

## 33) ווען מען איז איבערציינגט.

**א.** „דיין פרוי איז געשטארבען?"
**ב.** „יא, ליידער, שוין זייט 2 מאָנאט."

א. „ביסטו זיכער?“

ב. „געווים.“

א. „זייא נים אזוי זיכער.“

ב. „ווארום?“

א. „ווען מען האט מיר אָנגעזאגט, אז מיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבען, האב איך געמיינט, אז איך בין זיכער פּטור געוואָרען פון איהר, נאָר מיט 2 מאָנאט נאכדעם איז זיא צוריק געקומען. דערפאר, ווען זיא איז דאס צווייטע מאל געשטאָרבען, בין איך שוין נים געוועזן אזוי לייכטגלויביג.“

ב. „און וויא האסטו דאָך חתונה געהאט?“

א. „איך האב געזעהען מיט דיא אויגען וויא מען האט זיא אריין געלעגט אין קבר, דאן האב איך דאָרט געשטעלט 4 שומרים, און מיט 3 מאָנאט שפּעטער, ווען איך האב געזעהען, אז דאָרט וואקסט שוין גראָז, האב איך מיך איבערצייגט, אז זיא איז טויט. זייא פאָרזיכטיג, מיין פריינד, ווייבער דארף מען נים טרויען אפילו נאָך'ן טויט אזוי לייכט.“

## 34) 7 אורזאַכען.

א פרעהליכער און זעהר ליעבענסווירדיגער יונגערמאַן, זייענדיג אויף א באַלל, האט ער געטאנצט מיט א דאמע און זיך פערליעבט אין איהר איבער דיא אויערן. ער האט נים פיעל געווארט און איהר אנגעטראגען זיין האנד אין הייראטה.

„מיט פערגניגען, מיין העדר,“ האט זיא געזאגט, „וואָלט איך אייך אקצעפּטירט, אָבער איך האב 7 אורזאכען ווארום איך מוז אייך ענטזאגען. זעהט איהר דאָרט ביים עק טיש יענעם העדר?“

„יא, און וואס האט ער צו טהון מיט אונז?“

„ער איז מיין מאַן, דאס איז איין אורזאכע, און 6 קינדערלעך אין דער היים בילדען דיא 7 אורזאכען צוזאמען.“

## 35) איהר רעטער.

א יונגע און זעהר ראָמאנטישע דאמע, זיך באָדענדיג, איז זיא שיער דערטרונקען געוואָרען. מען האט זיא גערעטעט. ווען זיא איז צו זיך געקומען, האט זיא געשוואוירען, אז אויב דיעזער, וואס האט גערעטעט איהר לעבען, איז אונפערהייראטהעט, דאן וועט זיא מיט איהם הייראטהען.

„אונפערהייראטהעט איז אייער רעטער,“ האט א הערר דאן געזאגט, „אָבער ער איז מיין געטרייעסטער הונד און איך קען איהם ניט אוועק לאָזען.“

## 36) אַ העלד.

נאך דער מלחמה בייא סאנטיאגאָ, האט איין אמעריקאנישער גענעראל דערזעהען זיינעם א סאָלדאט, א גרינער איירישמאַן, וועלכען ער האט געקענט פאר א גרויסען שלים־מזל.

„זאג מיר נאָר, פעט,“ האט דער גענעראל געפרעגט, „וואס האסטו געטהאָן וועהרענד דער ערשטירמונג?“

„איך בין צוגעקראָכען צו א שפּאניער און אָבגעהאקט זיינע ביידע פיס.“

„ווארום ניט דעם קאָפּ?“

„דאס האט שוין איין אנדערער געטהאָן, פריהער פאר מיר.“

## 37) וואס ער האט בעסער געוואָלט.

פריילין ל. האט פערקלאגט דעם יונגען מאַן נ. פאר ניט וועלען חתונה האבען מיט איהר, נאכדעם ער האט עס איהר איינמאל פערשפּראָכען. הערר נ. איז אָרעטירט געוואָרען און איידער צו זיטצען אין געפענגניס, האט ער בעסער איינגעשטימט חתונה צו האבען.

דער ריכטער, וועלכער האט זייא בעדארפט פערהייראטהען, האט געשטעלט דעם יונגען מאַן דיא געוועהנליכע פראגע:

„ווילט איהר הייראטהען מיט דיעזען פריילין?“

„א ברירה האב איך?“ האט הערר נ. געענטפערט. „דיא וואהרהייט איז, אז וועלען וואָלט איך בעסער געוואָלט הייראטהען מיט איהר איננערע שוועסטער.“

## 38) ער האט געוואוסט דעם סוד.

לעטצטענס, ווען דער גרויסער מעדיצינישער פּראָפעסאָר דאָקטאָר מעקנראטה פון ניו יאָרק, איז געלעגען אויף זיין שטערבע־בעט, זיינען ערשיענען עטליכע ערצטע אום אָבצוהאלטען א בעראטהונג פיעללייכט גיבט עס נאך א מעגליכקייט איהם צו רעטען.

דער שטערבענדער פּראָפעסאָר, זעהענדיג דיא ערצטע ארום זיך, האט ער אַלעם מעגליכע אָנגעווענדעט און עטוואס אונטערגעהויבען זיין קאָפּ.

„מיינע העררען,“ האט ער זיך געבעטען, „טהוט מיר דיא לעטצטע טובה און נעהט זיך אהיים. איך וויל שטארבען א נאטירליכען טויט און ניט אונטער דיא הענד פון תלינים.“

## 39) ווענען ער קושט.

שמואל ראטהבערג, אהיים קומענדיג פון דער ארבייט, האט ער געטראָפען דעם באָרדער האלטענדיג זיין מיידעלע, עללא, א 6־יעהריגעס קינד, אויף דיא הענד, און זיא געקושט.

„קושט ער דיך אימער, עללא?“ האט שמואל געפרעגט.

„נאָר ווען דוא ביסט דאָ, פאפא,“ האט עללא געענטפערט. „ווען דוא ביסט ניטאָ אין דער היים, קושט ער דיא מאמא.“

## 40) דער אַרמער פּערפאַסער.

פּערפאסער: „זאג נאָר, מיניע, וואס פאר א פּאפּיר האסטו פערברענט פון מיין שרייב־טיש?“

דיענסט: „אָה, דאס געשריעבענע; דאס ריינע האב איך ניט בע־ריהרט.“

· דער פּערפאסער איז געפאלען אין אָהנמאכט.

## 41) ניט קיין גנב.

עדות: „ניין, הערר ריכטער, איך האב ניט געזאגט, אז מיין שכן איז א גנב; זאָל גאָט אָבהיטען. איך האב בלויז בעהויפּטעט, אז ער איז א קינסטלער אויסצוגעפינען זאכען וואס קיינער האט ניט פערלוירען.

## 42) אַלעס איז בירושה.

איין 8־יעהריגער אינגעל, בעקאנט אלס א גרויסער ליגנער, איז אין א טאָג אהיים געקומען פון דער שולע און געשטעלט זיין פאטער פאָלגענדע פראגע:

„זאג נאָר, פאפא, ווען דוא ביסט געוועזען א אינגעל, ביסטו אויך געוועזען א ליגנער?“

„ניין, מיין קינד,“ האט דער פאטער געענטפערט, וועלכער האט שוין וואהר־שיינליך פערגעסען אן זיין יוגענד.

„האט דיא מאמא געזאגט ליעגען ווען זיא איז געווען א קליין מיידעל?“ האט ער וויטער נעפרעגט.

„ניין, אזוי גלויב איך,“ האט דער פאטער ווידער געענטפערט. „אָבער ווארום פרעגסטו דאס אלעם?“

„אין שולע האט דער לעהרער היינט געזאגט, אז דיא עלטערן גיבען איבער אלעם בירושה צו זייערע קינדער, היינט וויא איז דאס מעגליך, וואס איך בין אזא גרויסער ליגנער?“

## 43) אַ גליקליכער מענש.

מיין פריינד ל. איז געווען דער גליקליכסטער מענש אויף גאָט'ס ערד; וואס ער האט ארויס גערעדט פון זיין מויל, האט איהם גאָט בעשערט. איינמאל, געדענק איך, אז ער האט זיך געוואונשען חתונה צו האבען און ער האט ווירקליך חתונה געהאט. דאַן, דעם לעטצטען טאָג פון זיין לעבען, האב איך מיט איהם שפּאצירט אויף דער גאס, אונד ער האט געזאגט, אז אין פאל ער וועט דארפען שטארבען, זאָל דאס זיין פלעטצליכער טויט. וויא ער האט נאָר דיעזע ווערטער ארויס גערעדט, איז באלד אָנגעקומען א שווערער לאסט־וואָגען און איהם געטויטעט.

איז דאס ניט א גליקליכער מענש?

## 44) וואונדער איבער וואונדער.

פּארמער צו זיין גאסט: „מיר קאָנען ניט קיין פערד; מיר לאָזען זייא טרינקען פון אונזער ברונען וואס ענטהאלט אייזען־וואסער און פּאָדקאָוועס וואקסען שוין אליין אויף זייערע פיס.“

גאסט: „מיר אקערן ניט, זייען ניט, שניידען ניט, מאָלען ניט, און באקען ניט — בייא אונז וואקסט אלעס ארויס פערטיג פון דער ערד.“

פּארמער'ס פרוי: „מיין טאטע האט געקענט דערצעהלען נאך גרעסערע ליגענס וויא אייערע. ער האט אמאל דערצעהלט, אז מיין מאמע האט געהאט צווייא מאל א געלעגענהייט צו ענטלויפען מיט יונגע לייט, און זיא האט עס ניט גע־וואָלט טהון.“

## 45) פ ע ר ג ע ס ע ן.

געליעבטער: „לאָז מיך קושען דיינע שעהנע ליפּען, דוא געטטליכע סילליע!“

געליעבטע: „ניין, ניין, מאָררים, מיך האט נאך קיין מאן געקושט.“

געליעבטער: „אָבער איך, סיליע, דיין אייביג־ליעבענדער מאָררים, מוז זיין דער ערשטער.“

(זייא קושען זיך.)

געליעבטער: „קיין פּארפום אין דער וועלט שמעקט אזוי הערליך וויא דיין לעבענס־אטהעם.“

געליעבטע: „דזשעק האט אויך דאסזעלבע געזאגט.“

## 46) ער בערייהעט עס.

א יונגער מאן און א מעדכען, זיך אונטערהאלטענדיג אין א אויז, וועהרענד דאס מעדכען האט געפּרעסט קליידער, איז ארונטער געפאלען א קלייד וואס דער יונגער מאן איז געגאנגען אויפהייבען. וועהרענד דעם איז ארונטער געפאלען דאס פּרעסס־אייזען אויף דעם יונגען מאן'ס קאָפּ און ער האט דערפון געקריעגען געהירן־ענטצינדונג, און איז שיער געשטאָרבען.

וועהרענד דער צייט פון זיין קראנקהייט, איז זיא געוועזן ארעטירט; ווען ער איז געזונד געוואָרען, האט ער דערצעהלט, אז עס איז געוועזן א צופאל און זיא איז ארויס פרייא. אויס דאנקבארקייט האט זיא מיט איהם געהייראטהעט.

דער יונגער מאן בעדויערט יעטצט זעהר ווארום ער איז ניט געשטאָרבען פון דער געהירן־ענטצינדונג.

## 47) ועמען יעדער ליעבט.

לעהרער (צום שילער): „ועמען ליעבט איהר?“

שילער: „דזשעניע'ן“.

לעהרער: „ווער איז דזשעניע?“

שילער: „אונזער דיענסט. דער פּאפּא ליעבט זיא; דאסזעלבע טהוט אויך מיין ברודער, מיין שוואָגער און אונזער בוכהאלטער.“

## 48) ווארום ער האט געלאַכט.

שמואל: „חיים, וואס האסטו אזוי געלאכט נעכטען פון ברוך'ס וויטצען? זייא זיינען דאך געוועזן אָהן טעם?“

חיים: „פערשטעהסטו, איך האב דערפאר געלאכט, ווייל איך האב ער־ווארטעט ער זאָל מיר באָרגען 5 דאָלאר.“

## 49) אַלעס וואס זיא וויל.

מאדאם נייע מאָדע: „הער אוים טאָכטער, איך האב דיר שוין אויסגע־קליעבען א חתן."

פריילייז נייע מאָדע: „דאס איז זעהר שעהן, מוטער, נאָר ווען דוא וועסט מיר דארפען מאכען דאס חתונה קלייד, וויל איך מיר אויסקלייבען דיא מאטעריע."

## 50) זיין אַבזיכט.

הערר לעדיג־געהער (צום דיענער): מייקעל, זעה וועק מיך אויף מאָרגען פריה פונקט אום 6 אוהר."

דיענער: „אום 6 אוהר? איז דאס ניט אביסעל צו פריה פאר אייך?"

הערר לעדיג־געהער: „איך וויל ניט אויפשטעהען; דוא זאָלסט מיך נאָר אויפוועקען דאמיט איך זאָל מיך אומקעהרען אויף דער אנדערער זייט און ווייטער קענען שלאָפען."

## 51) ער מוז נעטהיג געהען.

ווען דאָקטאָר שפּיעלבערג איז פארבייגעגאנגען פאר נאכט נעבען זיינעם א בעקאנטען, האט איהם דער לעטצטער איינגעלאדען ער זאָל קומען ארום 10 א זייגער, ווייל מען וויל שפּיעלען פּאוקער און עס פעהלט א האנד שוין מיט דיא 2 אנדערע ערצטע וואס וועלען דאָרט זיין.

דאָקטאָר שפּיעלבערג (שפּעטער צו זיין פרוי): „הער אוים, מיין טהייערע, איך מוז היינטיגע נאכט אוועק געהען זעהר נעטהיג. עס שיינט, אז דער פאל איז א גאנץ אינטערעסאנטער, ווייל צווייא דאָקטוירים ווארטען שוין אויף מיר."

## 52) וואס זיא האט געוואָלט.

מיסעס לעבערוואורשט (אריין געהענדיג אין א געשעפט): „צייגט מיר נאָר א מיטעלמעסיגעם פרעסס־אייזען."

פערקויפער: „מיט פערגניעגען."

נאכדעם וויא זיא האט אָבגעקליעבען אונגעפעהר 50 פערשיעדענע אייזענס און דער פערקויפער האט איהר דערלאנגט אלץ אנדערע, האט זיא ענדליך געפינען וואס זיא האט געזוכט און געפרעגט:

„וויפיעל קאָסט דאס ?"

„40 סענט מאדאם ; זאָל איך עס איינפּאקען ?"

„אָה ניין, איך האב נאָר געוואָלט וויסען דעם פּרייז, ווייל היינט פריה האב איך געקויפט דאסזעלבע אייזען גענענאיבער און איך האב געוואָלט זעהען אויב איך האב מיך ניט אָבגענארט."

## 53) עס איז טאַקי אַזוי געווען.

מאן : „אלע פרויען זיינען גלייך ; אלע זיינען אָבגעשניטען פון איין שטיק געוואַנט. ווען איך האב דיך געפרעגט אויב דוא שטימסט איין מיט מיר צו הייראטהען, האסטו געענטפערט, אז דוא ווערסט ניט הייראטהען אפילו איין עדעלמאן."

פרוי (מיט א זיפץ :) „און דאס האט זיך טאקי אזוי אויסגעלאָזען."

## 54) דיא אורזאַפע.

מוטער : „אזוי, דוא האסט ענדליך פערשפּראָכען טשאלי טויגעניכטס צו ווערען זיין פרוי ?"

טאָכטער (צענערענד און שעהמעדיג :) „יא, מוטער."

„עס איז געווען א שעהנער און זעהר העררליכער אבענד אין מאָנאט יוני, ווען דיא לבנה האט געשיינט ?"

„יא, יא, מוטער, וויא אזוי ווייסטו דאס ?"

„און דיא מוזיק בייא דעם האָטעל האט געשפּיעלט א מונטערן וואלצער פון שטרויס ?"

„אָה, יא, מוטער ; ווער האט דיר עס דערצעהלט ?"

„אין דער שפּרינג־ברונען האט געשפּיעלט מיט איין פּערל־וואסער אין דיא מילדע לבנה־שטראהלען ; דיא מוזיק האט זיך צוגאָסען וויא א פּארפום מיט דיא זיסע מעלאָדיען און דיא נאטור האט אויסגעזעהען איינצושלאָפען אין שוים פון דער פאנטאזיע ?"

„אך, מוטער ! וויא אזוי ווייסטו דאס אלעס ?"

„איך ווייס עס, מיין קינד, אז אזוי האט עס געמוזט זיין, זאָנסט וואָלסטו קיינמאל ניט אזוי דום געווען אויסצושפרעכען פון דיין מויל דאס וואָרט „יא", ווען אזא טויגעניכטס האט דיר אנגעטראגען מיט איהם צו הייראטהען."

## 55) ער איז שוין אויס רעדנער.

א. „איז נים גאָלדשטיין א קינסטליכער רעדנער?"

ב. „ער איז עס געווען."

א. „און יעטצט?"

ב. „האט ער פערלוירען זיין טאלענט."

א. „וואס מיינסטו?"

ב. „ביז ער האט חתונה געהאט, פלעג ער זיין דער רעדנער און אנדערע דאס פובליקום; נאך דער חתונה, איז זיין ווייב געוואָרען דיא רעדנערין און ער איז דאס פובליקום."

## 56) אַ בּעטלער.

אין ניו יאָרק געהט ארום א בלינדער בעטלער, זעהר אנשטענדיג געקליידעט, און איז אימער אין דיא רייכסטע שטראסען. אויף זיין האלז טראגט ער א שילד מיט פאָלגענדע ווערטער:

„גוטע מענשען, איהר מעגט מיר געבען אפילו נאָר איין סענט; איהר האט דיך נים וואס צו שעהמען, ווייל איך זעה נים."

## 57) דיא קראַנק פון קושען.

אונפערהייראטעטער: „האסטו היינט געלעזען דאָקטאָר פלאָקען'ס ארטיקעל אין דער צייטונג איבער קושען?"

„פערהייראטעטער: „יא."

„און וואס דענקסטו דאריעבער?"

„ער האט רעכט."

„דוא ביסט אלזאָ אויך פון דער מיינונג, אז קושען מיידלעך איז א קראנק?"

„געווים."

„וואס פאר איין אונגליק קען דערבייא שטעקען?"

„דאס גרעסטע אונגליק."

„צום בייא שפיעל?"

„מען מוז נאכדעם חתונה האבען."

## 58) צווייזדייטיג.

פאָלגענדע אויפשריפט פון א דאָקטאָר פיר זיינער א פאציענטין, איז זעהר אינטערעסאנט:

„ווען דאס קינד האט אָבגעזווינגען, זאָל מען דאס אָבשרויפען (ווען?) און אוועק לעגען אויף א קיהלען פלאטץ, עס מעג זיין גאר אין דרויסען (ווען? דאס קינד אָדער דאס פלעשעל?) ווען דאס שמעקט ניט קיין פרישע מילך, זאָל מען דאס אָבקאָכען,“ (ווען? דאס קינד אָדער דיא מילך?)

## 59) אַ געליעבטען'ס בריעף.

פריילין צונפלאסטער האט ערהאטען א בריעף פון איהר געליעבטען, וועלכען זיא האט געעפענט און אָנגעפאנגען צו לעזען, וועהרענד אויף איהר געזיכט האבען זיך אָבגעשפיגעלט דיא גליקליכסטע מיענעם:

„געליעבטע פון מיין הערצען, ענגעל פון דעם הימעל, געטליכע שעהנהייט! צוליעב דיר זאָל און וועט פאר מיר קיין זאך שווער זיין. דעם ים וואָלט איך אריבער געשוואומען; דיא קארפאטהען בערג וואָלט איך אריבער געגאנגען; דעם נאָרד־פאָל וואָלט איך דורכגעבראָכען, אבי דיך צו זעהען און זיין נעבען דיר, איינצואטהמען דיין זיסען פארפום־גערוך פון דיין מויל און טרינקען דיין ליעבע פון דיינע ליפען.“

„אך!“ האט פריילין צונפלאסער אויסגעשריען, „דוא זיסער, עדלער און שעהנער געליעבטער מענש!“

דאן האט זיא געלעזען ווייטער:

„אויב עס וועט נאָר מאָרגען אבענד ניט רעגענען, וועל איך וואהרשיינליך קומען דיך זעהען.“

## 60) זעהר דאַנקבאַר.

ער האט געהאנדעלט מיט אלעמען, נאר זייט א יאָהר איז איהם געגאנגען שלים־שלימזל און ער איז שולדיג געווען געלד דער גאנצער וועלט. אין א טאָג האט איהם זיין טאָכטער מודיע געווען, אז אין פאל ער קויפט איהר ניט א בריליאנטענעם רינג, אזוי וועט זיא מאכען א ויברח מיט זיין בוכהאלטער.

„קום אהער מיין קינד, לאָמיך דיר אויסקושען יעדעס גליעד!“ האט דער פאטער אויסגערופען.

„ווערסטו מיר קויפען אזא רינג?“ האט זיא געפרעגט צענערענד.

„געוויס ניט,“ האט ער געענטפערט. „איך וויל דוא זאָלסט טאקי מאכען א ויברח מיט דעם בוכהאלטער, ווייל ער לאָזט מיך שוין ניט לעבען פאַר דיא 8 מאָנאט געהאלט וואס איך בין איהם שולדיג.“

## 61) אַ גוטעס מיטעל.

סעם: „וואס טהוט מען, דזשאָו, איך קען שוין ניט אויסהאלטען פון מיין שווינערמוטער? זיא נעהמט מיר דאס לעבען.“

„דזשאָו: „וואס טהוט זיא דיר?“

„זיא מאכט מחלוקת אין הויז און פעראורזאכט דיא גרעסטע שנאה צווישען מיר און מיין ווייב.“

„דאן מוזטו זעהען פון איהר פטור צו ווערען.“

„וויא אזוי קען איך דאס טהון?“

„זעה זיא זאָל זיך פערליעבען אין דיר.“

„וואס?“

„דאס וואס דוא הערסט.“

„ביסטו משוגע?“

„אָה ניין, איך מיין עס גאנץ ערנסט. דוא ערקלער איהר ליעבע.“

„און דאן?“

„דאן מאך מיט איהר א ויברח.“

„און דאן?“

„זאָל זיא נעהען צום טייפעל.“

„און דאן?“

„קום צוריק אהיים.“

„וואס וועט זיין?“

„זיא וועט שוין קיינמאל ניט וואגען איבערצוטרעטען דיין שוועל, ווייל דיין איינענע פרוי וועט איהר אויסרייסען דיא אויגען.“

„וויא אזוי ווייסטו דאס?“

„איך האב געטהאָן דאסזעלבע מיט מיין שווינערמוטער.“

## 62) קרייץ־עקזאַמינאַציאָן.

ווער עס האט אמאל ביינגעוואָהנט א קרייץ־עקזאַמינאַציאָן אין א געריכט־הויז, דער וויס, אז דיא גאַנצע קונסט פון דעם גרעסטען אדוואָקאט, בעשטעהט אין דעם וואס ער פרעגט אונצעהליגע מאל איין פראגע אָבער מיט א פערשיעדענעם נוסח. דאס איז צוליעב דעם, אום צו פערדרעהען דעם קאָפּ פון דעם עדות. אָבער דיעזע אדוואָקאטען זיינען נאך הינט געגען דיא יונגע און רייכע מיידלעך, וועלכע נעהמען זייערע חתנים אויף א פערהער. נעבען מיר וואָהנט א רייכער מאַן, וועלכער האט א טאָכטער וואס איז פערלאָבט מיט א יונגען מאַן. איך וועל דאָ איבערגעבען א קורצען טהייל פון א געשפּרעך וואס איך האב מיך לעטצטענס צוגעהערט:

זיא: „ביסטו איבערצייגט, אז דוא ליעבסט מיך?"

ער: „געוויס אזוי."

„און וועסט מיך אימער אזוי ליעבען?"

„אימער — "

„אָבער דוא קענסט דאָך אמאל אנדערש ווערען?"

„וויא קען איך — "

„אה יא, דוא קענסט אמאל זעהען איינע, וועלכע זאָל דיר בעסער געפעלען ווערען."

דערבייא האט זיא זיך בעפרייעט פון זיין אומארמונג.

„און דוא האסט נאך קיין פרויענצימער געליעבט אויסער מיך?"

„קיין אנדערע."

„און דוא ביסט פּאָזיטיוו איבערצייגט, אז דוא וועסט ניעמאלס ליעבען איין אנדערע אויסער מיך?"

„ניעמאלס!"

„ווען זיא זאָל נאך אפילו זיין וויא שעהן?"

„ווער? וועמען מיינסטו?"

„אָה, איך מיין, ווען דוא זאָלסט זיך בעגעגענען מיט איין אנדערע, א שענערע?"

„עס קען אָבער ניט זיין קיין אנדערע אויסער דיר."

„אה, איך וויס, אזוי זאגסטו יעטצט; אָבער קענסטו זיכער זיין, אז דוא וועסט מיך אימער ליעבען?"

„אימער. איך בין זיכער —"

„וויא קענסטו זיכער זיין? ווען דוא וואָלסט זיך מיט מיר ניט בעקאַנט?"

„אָבער איך האב מיך מיט דיר יא בעקאנט."

„אָבער דוא האסט זיך אין מיר אזוי שנעל פערליעבט. וויא קען איך וויסען, פיעללייכט בעגעגענסטו איין אנדערע, און פערליעבסט זיך אין איהר אייך אזוי שנעל?"

„אָבער דיא אנדערע קען ניט זיין דוא —"

„זיא קען אָבער נאך שעהנער זיין פון מיר?"

„דאס איז אונמעגליך —"

„אזוי דענקסטו יעטצט, אָבער ווער גאראנטירט מיר, אז דוא ווערסט אימער אזוי דענקען?"

„אימער, בייא מיין עהרענוואָרט."

„און דוא ווערסט קיינמאל ניט דענקען, אז איין אנדערע איז שעהנער וויא איך?"

„קיינמאל!"

„דאַן איז דאס אמת, אז דוא ליעבסט מיך?"

„איך ליעב —"

דיעזער קרייץ־פערהער האט געקענט אנהאלטען נאך א גאנצע נאכט, נאָר דאס גליק איז געווען, וואס מיין שכן, דער בכה'ס פאטער, איז אריין אין זאלאָן און אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, בעמערקענדיג, אז עס איז שוין זעהר שפּעט און ער קען ניט שלאָפען ווען עס איז צו ליכטיג אין הויז.

דער יונגער מאַן האט געוואונשען „גוטע נאכט," און זיא האט איהם איינגעראָמט: „געדענק!"

## 63) ענטלאָפען מיט דעם באָרדער.

סעם: „איז דאס אמת, דזשאָו, אז דיין פלונית'טע האט געמאכט א ויברח מיט דעם באָרדער?"

דזשאָו: „אמת."

„ביסטו געווען אין דער היים?"

„ניין."

„וואָרום?"

„כדי זייא צו געבען א געלעגענהייט צו ענטלויפען."

„און יעטצט ?"

„איז מיין גאנצע שמחה צערשטערט."

„ווארום ?"

„איך האב געהערט, אז זיא קומט צוריק מיך בעטען איך זאָל איהר פערציהען."

## 64) אַ שיפס-קאַפּיטאַן.

פריילין פרענאַלעס: „וואס פאר א מאן ווענסטו וועלען האבען ?"

פריילין ליעבעפיעל: „א שיפס־קאפּיטאן."

„ווארום גראדע א שיפס־קאפיטאן ?"

„ווייל אזעלכער איז זעהר ווענינ צו הויז."

## 65) ו ו י י נ ע ן.

א יונגע דאמע, אָבער זעהר אַ מיאוסע, איז געקומען אין א טאָג בעזוכען איהרע א פריינדין, און געטראָפען דער פריינדין'ס א מיידעלע שטאַרק וויינען.

„שא, וויין ניט אזוי," האט דיא דאמע געזאגט צום קינד. „ווען קינדער וויינען פיעל, דאן ווערען זייא מיאוס."

„דאן האט איהר," האט דאס קינד געענטפערט, „געמוזט זעהר פיעל וויינען ווען איהר זייט געוועזן א קינד."

## 66) וואס ער וועט זיין.

צערטליכע מוטער: „וואס דענקט איהר וועט זיין פון מיין זוהן ווען ער וועט אויפוואקסען ?"

פריינדין: „א אידישער אקטיאָר."

„ווארום ?"

„ווייל לויט זיין שרייען יעטצט, וועט ער אמאל זיין דער גרעסטער קינסטלער."

## 67) אַ ניו יאָרקער פּאָליציסט

„מיסטער פּאָליסמאן!" האט אויסגעשריען א מאן צולויפענדיג האסטיג צו א ניו יאָרקער פּאָליציסט, „ארעטירט מיך! איך האב ערשאָסען א מאן, וועלכער איז

שוין וואהרשיינליך טויט, און איך וויל מיך אליין איבערגעבען צו דער פאָ־ליציי!"

„צום טייפעל!" האט דער פּאָליציסט אויסגעשריען. „נעהט אהיים און ווארט ביז מען וועט אייך זוכען און ארעטירען. ווען אלע באַנדיטען זאָלען דאסזעלבע טהון, וואָלט איך און מיינע קאמעראדען שנעל פערלוירען דיא פּאָסטענס".

## 68) זיא פאָלגט דיא מאַמאַ.

„קום סיידיע," האט דיא עלטערע שוועסטער געזאגט צום קליינעם שוועסטער'ל, „קום שוין שלאָפען, עס איז שפּעט; „אַ קינד וויא דוא, מוז שוין האלטען געשלאָסען דיא אויגען."

„ניין, ניין," האט דאס קינד געענטפערט קוקענדיג אויף דעם יונגען מאַן וואס איז געקומען בעזוכען איהר שוועסטער. „דיא מאמא האט מיר אָנגעזאגט, אז כל־זמן סעם איז דאָ, זאָל איך האלטען אָפען דיא אויגען."

## 69) איין איבערגעקעהרטע מדינה.

א רוסס פון א דאָרף, איז געקומען נאך אמעריקא, און געהענדיג איבער דער גאס, האט איהם בעפאלען א הונד. דער רוסס האט זיך אויסגעבויגען און געוואָלט אויסרייסען א שטיין פון דעם טראָטואר, צו ווארפען דעם הונד, אָבער ער האט ניט געקענט.

„דאס איז איין איבערגעקעהרטע מדינה!" האט דער רוסס געשריען זייענדיג זעהר בעז. „שטיינער זיינען צוגעבונדען און הינט זיינען גאר פרייא!"

## 70) טאַקי אַ פעהלער.

א דיענסט־מעדכען וואס איז אוועק פון איין פּלאטץ, איז געקומען זוכען א שטעלע בייא אַ נייער בעל־הבית'טע.

„ווארום זייט איהר אוועק פון דעם לעטצטען פּלאטץ?" האט דיא פרוי געפרעגט.

„וויל דער בעל־הבית האט מיך אימער געגלעט און געזאָגט, אז איך בין זעהר שעהן. דיא בעל־הבית'טע האט דאס ניט געקענט ליידען."

„דאן ביסטו ניט פאר מיר; מיין מאַן און איך האבען אויך אזא טבע."

## 71) זיין שוועסטער'ס ציידן.

א יונגער מאן, וועלכער איז געקומען בעזוכען א מיידעל, צו וועלכער ער האט זיך געשדכענט, און זיא נים געטראָפען צו הויז, האט זיך אוועק געזעטצט און גע־נומען אויף זיין שויס דעם מיידעל'ס קליינעם ברודער'ל.

„ווער האט געמאכט אייערע צייהן?" האט דאס קינד געפרעגט וויזענדיג אויף דעם יונגען מאן'ס ליפען.

„גאָט," איז געווען דער ענטפער.

„און מיין שוועסטער'ס צייהן," האט דאס קינד בעמערקט, האט געמאכט דער דענטיסט."

דער יונגער מאן האט זיך שנעל אויפגעהויבען, ארויס געהענדיג האט ער בע־מערקט: „א זעלטענער צופאל פון א קינד'ס פלוידערייא! איך האב נאך שיער געזאָלט הייראטהען א מויד אָהן א צאָהן אין מויל."

## 72) נאָר געגען אַנדערע.

לעטצטענס האט זיך א דאמע אויסגעגליטשט אויף א ניו יאָרקער טראָטואר און איז געפאלען. א מאן, וואס האט שפאצירט מיט זיין פרוי פון דער אנדערער זייט שטראסע, האט דאס דערזעהען און איז אריבער געלאָפען העלפען דער דאמע זיך אויפהויבען. זיין פרוי איז איהם אָבער נאכגעלאָפען און איהם אוועק געריסען פון דער געפאלענער דאמע.

„דוא וועסט זיא נים אויפהייבען!" האט זיא געשריען.

„ווארום?"

„דוא פרעגסט נאך ווארום? דוא דערזעהסט א ווילד־פרעמדע פרוי און דוא ווערסט באלד דיא כפרה פאר איהר ווען זיא איז געפאלען. לעטצטע וואָך, ווען איך בין ארונטער געפאלען פון אלע טרעפען אין קעללער, ביסטו געשטאנען און גע־לאכט, און געפרעגט אויב איך פּראַקטיציר אין שפּרינגען אום איך זאָל קענען אריין אין א צירקוס."

„אָה יא, ריכטיג."

„ווארום איז דאס געווען?"

„איך פערזיכער דיך, מיין ליעבע פרוי, ווען דוא וואָלסט געווען איין אנדערען'ס פרוי, און דוא וואָלסט אזוי ארונטער געפאלען אין קעללער, וואָלט איך דיך אויפ־געהויבען מיט דעם גרעסטען בעדויערן."

## 73) ווער איז שווערער?

„פאפא", האט דער קליינער יוליוס געזאגט צו זיין פאטער אבענד, „נעהם מיך אויף דיין שויס."

„ניין, קינד," האט דער פאטער געענטפערט, „איך בין זעהר מיעד און דוא ביסט אָהן עין־הרע שווער."

„שווער! איך בין שווער?" האט דער קליינער יוליוס אויסגערופען וועהרענדיג שטארק אין כעס. „ווער איז שווערער, איך אָדער דיא גראָבע דיענסט, לילי, וועלכע דוא האסט נעכטען אויף דער נאכט געהאלטען אויף דיין שויס אין קיך?"

## 74) וואס ער וויל זאגען.

ריכטער: „הער אויס געפאנגענער! איידער איך שפרעך אויס מיין אור־טהייל, האסטו דאס רעכט צו זאגען וואס דוא ווילסט."

געפאנגענער: „דאן וואונש איך אייך אדיע, און לאָזט מיך געהען."

דער „אדיע" איז אקצעפטירט געוואָרען נאָר ער האט נאך געמוזט אויס־ווארטען ביז דער ריכטער האט איהם פעראורטהיילט אויף 5 יאָהר געפענגניס פאר גנבה.

## 75) נאך ערגער.

1־טער אלטער בחור: „האסטו שוין אמאל געזעהען וויא מען היינגט א מענשען?"

2־טער אלטער בחור: „איך האב געזעהען נאך ערגערעס; איך האב בייגעוואָהנט א חתונה וויא מען האט 2 יונגע מענשען בעגראבען לעבעדיגער־הייט."

## 76) אַ קלוגעס קינד.

סעמי, א 6־יעהריגער אינגעלע, וועלכען זיין מוטער האט געקויפט א נייעס הוט, איז אוועק שפיעלען און צוריק געקעהרט אהיים מיט דעם הוט שמוטציג און נאס.

„וואס איז דאס, סעמי?" האט זיין מוטער געפרעגט. „ווער האט דיר אריין געוואָרפען דעם הוט אין דער בלאָטע."

„אַ איננעל, מאַמאַ, זעהר אַ שלעכטער איננעל,“ האָט סעמי געענט־פערט.

„עס איז ליענען, סעמי,“ האָט דיא מוטער געשריען, „איך האָב דיך אליין געזעהען, דורך׳ן פענסטער, אריין ווארפען דעם הוט אין רינשטאָק.“

„און וואס בין איך, ניט אַ איננעל? אויך אַ שלעכטער וויא דוא ווייסט.“

אויף׳ן אנדערן טאָג האָט דיא מוטער געהייסען סעמי׳ן בלייבען שפּיעלען אין הויף און ניט אויפמאַכען דעם טויער. מיט אַ קורצע צייט שפּעטער, האָט איהם דיא מוטער דערזעהען אויף דער גאַס.

„סעמי!“ האָט זיא געשריען, „איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט דוא זאָלסט ניט עפענען דעם טויער!“

„איך האָב ניט געעפענט, מאַמאַ, איך בין אריבער געקראָכען איבער דעם פּארקען.“

## 77) אַ גרויסעס קונסט-ווערק.

אַ בעריהמטער קריטיקער פון מאַלערייען, איז געשיקט געוואָרען פון אַ צייטונג אין אַ נייער קונסט־גאַלעריע צו בעטראַכטען דיא בילדער און שרייבען איבער זייא.

וויא דער קריטיקער איז אריין געקומען אין ערשטען זאַלאָן, איז געהאַנגען גע־גענאַיבער איהם אַ שפּיעגעל וואו ער האָט זיך אליין געזעהען. ער איז אָבער געוועזען אביסעל שיכור און ער האָט גערעכענט, אַז ער זעהט אַ בילד. ער האָט גלייך ארויס גענומען זיין בלייפעדער און פּאַפּיר, און געמאַכט פאָלגענדען נאָטיץ:

„ערשטעס צימער: דער קאָפּ פון אַ שיכור, קיין אונטערשריפט פון דעם מאַלער דארויף. דאָס געזיכט איז זעהר כאַראַקטעריסטיש; אַ רויטע נאָז און מערק־ווירדיג נאַטירליך; דאָס איז פּאָזיטיוו אַ בילד געמאַלען נאָך אַ לעבעדיגען מאָדעל. איך דענק, אַז איך האָב דאָס געזיכט שוין אמאל געזעהען.“

## 78) דער דאָקטאָר האָט איינגעשטימט.

הערר: „וויפיעל בעטרעפט מיין רעכנונג, דאָקטאָר.“

דאָקטאָר: „פופציג דאָלאַר.“

הערר: „איך רעכען, דאָקטאָר, אַז דאָס איז אביסעל צופיעל. אַזוי וויא איהר ווייסט, אַז אַלע קינדער אין דער נאַכבאַרשאַפט האָבען געמאָזעלט נאָכדעם

וויא זייא האבען זיך אָנגעפיללט מיט דער קראנקהייט פון מיין קינד, און איהר זייט נערופען געוואָרען צו אַלע, וועט איהר מיר געווים ארונטער לאָזען 25 דאָלאַר."

דער דאָקטאָר האט איינגעזעהען דיא גערעכטע טענה און איינגע־שטימט.

## 79) פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

דער זוהן פון א רייכען יאפּאנעזער איז געשיקט געוואָרען אין איין אוניווער־זיטעט צו שטודירען פּאָליטישע עקאָנאָמיע, דאמיט ער זאָל קענען מיט דער צייט ווערען א פּאָליטיקער אין יאפּאן. אַלס ער האט צוריק געקעהרט אהיים נאָך מעהרערע יאָהרען, האבען איהם זיינע בעקאנטע געפרעגט וואס ער האט אויסגע־שטודירט.

„ניט זעהר פיעל," האט דער יונגער מאן געענטפערט.

„ווארום?"

„איך האב געלערענט דיא גאנצע צייט וויא אזוי איינצורעדען דער הונגרינגער מאסע, אז מען דארף זיין רוהיג, געלאסען און אונטערגעבען אפילו ווען מען האט ניט וואס צו עסען."

„וואס הייסט דאס?"

„דאס הייסט פּאָליטישע עקאָנאָמיע."

„אַלזאָ?"

„דאס פערשטעהט יעדער ערעלמאַן אויסגעצייכענט, ווייל ער זויגט עס איין מיט זיין מוטער'ס מילך צו נארען און בעטריגען."

## 80) איין ערקלערונג.

לעהרער: „זאג נאָר, סעמי, וואס הייסט א שרץ?"

סעמי: „א חיה וואס קריכט."

לעהרער: „גיב מיר א ביישפּיעל."

סעמי: „מיין קליין ברודער'ל."

## 81) ווער עס קען בעסער געהען.

א מאן איז ארויס געגאנגען פון זיין הויז און געטראָפען א מאן זיטצענדיג פאר זיין טהיר.

„ביסטו שיכור?" האט ער געפרעגט.

„געוויס בין איך שיכור," איז געווען דער ענטפער.

„דאן געה דיר אוועק פון דאנען."

„זייט איהר שיכור?" האט דער מאן פון אויף דער ערד געפרעגט.

„ניין."

„דאן איז עס פאק אייך פיעל לייכטער אוועק צו געהען. איך קען מיך ניט ריהרען."

## 82) אַ געטרייע פרוי.

א מאן, וועלכער איז געווען אייפערזיכטיג אויף זיין ווייב, האט בעשלאָסען צו שטארבען. ער האט ערזוכט זיין אייגענע פרוי, זיא זאָל איהם ברענגען סם, דאמיט זיא זאָל איהם פטור ווערען. דיא פרוי האט ערפיללט זיין וואונש.

נאכדעם וויא ער האט דאס איינגענומען, האט ער זיך אוועק געלייגט שטארבען. צום שלום, אלס עס איז נאך איבערגעבליעבען אביסעל פון דעם סם, האט דיא פרוי ערקלערט, אז זיא וויל אויך שטארבען און איינגענומען דעם רעסט.

וויא דער מאן האט דאס דערזעהען, האט ער אָנגעפאנגען צו שרייען:

„יעטצט, מיין טהייערע, בין איך איבערציינגט, אז דיא ביסט מיר געטרייא! ניין, און טויזענד מאל ניין! דוא זאָלסט ניט שטארבען! הילפע, דאָקטוירים..."

„שא!" האט זיא געשריען, „מאך ניט אן אזא רעש!"

„ניין, דוא זאָלסט לעבען!"

„געוויס וועל איך לעבען."

„דוא האסט דאָך דיך פערגיפטעט?"

„חלילה וחס!"

„וואס דען?"

„עס איז לאקריץ־וואסער!"

„לאקריץ־וואסער?"

„געוויס, וויא האסטו עס דען געזעהען א פרוי וואס זאָל איינגעהמען גיפט צוליעב איהר מאן?"

## 83) אַ וויסענשאַפטליכעס וואונדער.

א שטעטעל, נים ווייט פון ניו יאָרק, האט נעהאט בלויז איין דאָקטאָר אויף 1200 איינוואָהנער, און, דאס וואונדער איז, וואס דיא בעפעלקערונג האט זיך יעדעס יאָהר פערמעהרט. זייט דיא לעטצטע 5 יאָהר אָבער, געפינען זיך שוין 5 דאָקטוירום, און דאס אינטערעסאנטע דערבייא איז, וואס זייט דאמאלס ווערט פון יאָהר צו יאָהר אלץ וועניגער מענשען.

## 84) אַ קינד'ס ענטפער.

„שעהם זיך, סיללי,“ האט געזאגט דיא מוטער צו איהר קליינע טאָכטער. „האסטו שוין אמאל געזעהען מיינע העגד אזוי שמוטציג וויא דיינע?“

„ניין, מוטער, איך האב עס נים געזעהען, אָבער דיין מוטער האט עס יא געזעהען.“

## 85) זיך פאָרשטעלען.

קונה: „וואס איז דאס? איך האב דאָך פערלאנגט ברענדי, נים קיין וויסקי?“

פערקויפער: „טרינקט און שטעלט זיך פאָר, אז עס איז ברענדי.“

ער האט אויסגעטרונקען און זיך געלאָזען ארוים געהען, ווען דער פערקויפער האט איהם צוריק גערופען:

„הא, מיסטער, איהר האט עפעס פערגעסען!“

„וואס איז נייעס?“

„איהר האט פערגעסען צו צאָהלען.“

„שטעלט זיך פאָר, אז איך האב אייך שוין בעצאָהלט,“ און ער איז אוועק.

## 86) וואס ער דאַרף טהון.

פערליעבטער: „זאג מיר, מינא, וואס קען איך טהון דוא זאָלסט מיך ליעבען?“

מינא: „קויף מיר א בריליאנטענע רינג, הער אויף צו עסען ציבעלעס מיט קנאָבעל, דערצעהל מיר נים פון קיין פערגאנגענע ליעבעס, און ווען דוא קומסט

אריין אין הויז, דאן זאָלסטו ניט זאגען קיין וויטצען, ועלכע דוא קענסט ניט ארויס ברענגען."

## 87) א טרייסט.

„אך, מיין טהייערע," האט א מאן געזאגט צו זיין יונגע פרוי, וועלכע ער האט בעגלייטעט צו דער באהן אום זיא זאָל ארויס פאָהרען אויף א פאאר וואָכען צום ים. „עס וועט מיר זיין זעהר אומעטיג אין דיין אבוועזענהייט."

„ניין, טשאלי, האסט ניט וואס צו זאָרגען. מיין מאמא וועט זיטצען און שלאָפען בייא דיר דיא גאנצע צייט."

דער ארמער מאן איז בלאס געוואָרען און מעהר ניט גערעדט א וואָרט.

## 88) ער האט געוואונען.

א וואָהלהאבענדער מאן איז פארבייגעגאנגען און געטראָפען 12 לעדיג-געהערס זיטצענדיג אויף דער ערד, און זיך ווארעמענדיג בייא דער זונן.

„איך בין בערייט צו געבען א דאָלאר דעם פוילסטען פון אייך," האט ער געזאגט.

עלף זיינען באלד אויפגעשפרונגען און יעדער האט בעהויפטעט, אז ער איז דער פוילסטער.

„און וואס איז מיט דיר?" האט ער געפרעגט דעם וואס איז געבליעבען זיטצען.

„איך בין צו פויל אויפצושטעהען," האט ער געענטפערט.

„דוא האסט געוואונען," האט דער מאן געזאגט, און ווען ער איהם געבען דעם דאָלאר, האט דער פוילער געזאגט, אז ער איז צו פויל צו נעהמען דעם דאלאר, זאָנדערן דער מאן זאָל עס איהם אריין לעגען אין זיין קעשענע.

ער האט אזוי געטהאָן און בעמערקט: „אויב פוילקייט קען אויך עפעס פערדיענען, דאן האסטו עהרליך פערדיענט דעם דאָלאר."

## 89) אַ גליקליכער מענש.

„האסטו געהערט, דזשאָו, סעם'ס ווייב האט געמאכט א ויברח מיט דעם לענדלאָרד'ס זוהן."

„איך האב אימער געזאגט," האט דזשאָו בעמערקט, „אז סעם איז א גליקליכער מענש — הלוואי העלפט מיר גאָט אויך אזא גליק!"

## 90) דער שטערנזעהער.

„ערהאבענע מאיעסטעט!“ האט דער אראבישער שטערנזעהער געזאגט צום סולטאן פון מאראקא ווערענד ער איז געפאלען צו זיינע פיס. „בעזארג שנעל דיינע געשעפטען, גיב איבער דיין מלוכה אין זיכערע הענד, און בערייטע דיך פאר...“

„וואס איז נייעס?“ האט דער סולטאן געפרעגט.

„איך האב געלעזען אין דיא שטערען, אז דאס לעבענס־ליכט פון אייער ערהאבענע מאיעסטעט מוז באלד אויסגעלאשען ווערען.“

„ווירקליך?“

„אזוי איז עס.“

„און וויא לאנג דארפסטו לעבען?“ האט דער סולטאן געפרעגט נייגיעריג.

„מיינע שטערען צייגען מיר, אז איך וועל נאך לעבען זעהר, זעהר לאנג.“

„דאן וועל איך דיר בעווייזען, אז דיינע שטערען זאגען ליגען,“ האט דער סולטאן בעמערקט גאנץ רוהיג. זיך אומווענדענדיג, האט ער צוגערופען זיינעם איין אדיוטאנט און געהייסען ארויס פיהרען דעם שטערנזעהער מען זאל איהם אבהאקען דעם קאפ. ווען אלעס איז געווען פאריבער, האט דער סולטאן געזאגט:

„איך קען שוין ריכטיגער פראפעצייהען וויא דיא שטערען.“

## 91) ווער איז דער אידיאט?

„סעם!“ האט געשריען דער גראספאטער צו זיין אייניקעל. „קום נאר אהער!“

„וואס ווילסטו?“

„איך האב שוין געזוכט צווישען מיינע פאפירען און אין יעדען ווינקעל, און געפין ניט מיינע ברילען. עפעס איין אידיאט האט זייא ערגעץ אוועק געלייגט.“

„ביסטו זיכער, גראספאטער, אז איין אידיאט האט דאס געטהאן?“

„געוויס, סעם, גלויבסט מיר ניט?“

„דאן געפינען זיך דיא ברילען אויף דיין שטערען.“

דער אלטער האט אָנגעקוקט זיין איינינקעל אביסעל בייז און זיך אָבגעווענדעט פון איהם.

## 92) ער מוז בעשטראפט ווערען.

„פּאפּא!" –

„יא, מיין קינד."

„געדענקסטו ווען דוא האסט מיך געשלאגען ווארום איך האב געביסען מיין ברודער'ל בעני?"

„געווים געדענק איך, און דוא האסט עס אויך פערדיענט, ווייל מען טאָר ניט בייסען."

„מען טאָר ניט זאגסטו?"

„געווים טאָר מען ניט."

„דאן זאָלסטו גוט צוברעכען דיא ביינער פון דעם פּיאנאָ־לעהרער, וועלכער האט נעכטען אזוי איינגעביסען מיין שוועסטער'ס ליפּען, אז זיא האט איהם אָנגע־כאפּט ארום האלז און איהם געוואָלט דערווערגען."

## 93) שטאַרק חרטה געהאט.

חתן: „ווארט אויס דאָ איין אויגענבליק, איך געה נאָר אריין מיר קויפען א ציגאר און קום גלייך ארויס."

כלה: „איך וויל ניט ווארטען, הענרי, ווירקליך, רויכען איז ערשטענס ניט געזונד און דאן קאָסט עס גלאט געלד. ווירקליך, נאך דער חתונה, ווען מען איז שפּארזאם, איז עס א גרויסע זאך."

חתן: „האסט פאָלקאָמען רעכט, מיין טהייערע, פון היינט אָן הער איך אויף צו רויכען."

זיא האט איהם צוגעוואָרפען א בליק פול ליעבע און צערטליכקייט.

דאן זיינען זייא פארבייגעגאנגען נעבען איין אייז־קרים־סאלון.

„זעהסטו, מיין טהייערע," האט ער געזאגט, „איך האב גערעכענט אריין צו געהען עסען מיט דיר אביסעל אייז־קרים, נאָר אז מען איז שפּארזאם, שפּארט מען אַלעס איין. פריהער האב איך איינגעשפּארט 10 סענט אויף א ציגאר און יעטצט 20 סענט אויף אייז־קרים. 30 סענט אין איין אבענד, איז ווירקליך זעהר פיעל. קום אריעבער דעם וועג וועלען מיר טרינקען אביסעל וואסער פון דער שפּרינג־ברונען, דאָרט קאָסט קיין סענט."

זיא האט זיך געביסען דיא ליפען פאר פערדרוס, אָבער זיא האט געמוזט שוויינען.

## 94) דאַן וואָלט ער געוואוסט.

„שמואל,“ האט דער פאטער געזאגט צו זיין זוהן, „איך האב עס גאר ניט געוואוסט ביז היינט, אז דער לעהרער האט דיך געשלאגען.“

„וואס איז דאָ פאר א וואונדער,“ האט שמואל געענטפערט, „ווען דוא וואָלסט געשטעקט אין מיינע הויזען, וואָלסטו עס געוואוסט גלייך מיט מיר.“

## 95) אַ קלאָג צו זייאביידען.

„מיסטער פרעזידענט,“ האט געזאגט א מיטגליעד פון דער חברה „אסור לרחם“ צום פּאָרזיטצענדען, „איך האב א קלאָג צו אייך.“

„א פינסטערע קלאָג אויף אייך!“ האט דער פרעזידענט אויסגעשריען ווערענדיג שטארק אין כעס.

„מיסטער פרעזידענט, איך האב א קלאָג צו אייך, און ווען איהר וויכט מיך ניט אויסהערען, וועט אייך ווערען פינסטער אין דיא אויגען!“

„ווידער א קלאָג?“

„אבציג קלאָגען! וויפיעל איך וויל, וויל איך בין דאָ א מיטגליעד! איהר הערט, אפילו אבציג קלאָגען צו אייך!“

דער פרעזידענט איז שטארק בעז געוואָרען און געוואָרפען דעם „מאן מיט דער קלאָג“ דעם האמער אין קאָפּ. דער לעטצטער האט איהם צוריק מכבד געוועזען מיט א ביינקעל איבער דעם קאָפּ.

יעטצט איז א קלאָג צו זייא ביידען.

## 96) א ו י ס ג ע פ ו נ ע ן.

ארטהור: „זאג מיר נאָר, קליינע בעססי, ועמען ליעבסטו?“

„קינד: „איך ליעב דיך.“

ארטהור: „און וועמען ליעבט דיין שוועסטער?“

קינד: „זיא ליעבט ארנאָלד'ן, וועלכער קושט זיא.“

## 97) אויסגעפיהרט אין דיא אויגען.

סעם: „הער נאָר אויס, רזשאָו; דיא אנדערע אינגלעך האבען מיר דער
צעהלט, אז דוא האסט געזאגט, אז מיין פאפא האט ניט אפילו אזוי פיעל שכ
וויא ביללי, סמיטה'ס קליינער הינטעלע. איז דאס אמת?"

דזשאָו: „דאס איז שוא ושקר! איך האב קיינמאל ניט געזאגט, אז די
פאפא האט ניט אפילו אזוי פיעל שכל וויא ביללי, סמיטה'ס קליינער הינטעלע
איך האב בלויז געזאגט, אז ביללי, סמיטה'ס קליינער הינטעלע האט מעהר שכל וויא
דיין פאפא."

## 98) צ י י ה ן.

מאדאם בלווישטיין איז א יונגע אלמנה. לעצטענס, ווען דער יונגער קויפ
מאן גרינבערג האט איהר געמאכט אבענד א בעזוך, האט ער זיך בעקלאגט, אז ע
האט צאהן שמערצען.

„וואָרום טהוט איהר ניט וויא דיא מאמא טהוט?" האט זיך אריין געמיש
דער אלמנה'ס קליינער אינגעלע. „זיא נעהמט ארויס דיא צייהן, ווישט זייא איבע
און שטעלט זייא צוריק אריין, און זיא פיהלט דאן גאנץ גוט."

מיט א האלבע שטונדע שפעטער, נאכדעם וויא גרינבערג איז אוועק, האט
דיא אלמנה גוט אנגעפאטשט איהר זוהן. זיא האט איהם אבער ניט דערצעהל
דיא אורזאכע וואָרום זיא האט איהם געשלאָגען.

## 99) געמוזט אליין קומען.

א נענער איז אריין געלאָפען צו א ניו יאָרקער דאָקטאָר, און זייענדיג שטאר
פערסאָפּעט, האט ער געזאגט:

„קומט שנעל, דאָקטאָר, בייא מיר אין הויז ליעגט א מאן געפעהרליך
קראנק."

„ווער איז דאס?" האט דער דאָקטאָר געפרעגט.

„טאַקי איך אליין," האט דער נענער געענטפערט, „נאָר ווייל איך האב ניט
געהאט וועמען צו שיקען, בין איך אליין געקומען."

## 100) אויף אַ מצבה.

א ניו יאָרקער מצבה־שלענער, האט ערהאלטען פאָלגענדע אויסשריפט פון א מאַן, אום אויסצוקלאפּען אויף דער מצבה פיר זיין ווייב:

„דאָ ליעגט מיין ווייב, שרה טריינע בת הרב ר' טודרוס זויערקרויט. זיא איז געווען א צדקניות. מיט דרייא פערשיעדענע באָרדערס איז זיא ענטלאָפען, און איז יעדעס מאל צוריק געקומען צו מיר און מיר געשוואוירען, אז טראָטץ דעם אלעמען, ליעבט זיא נאָר מיך אליין. איהר נשמה זאָל האבען א מקום מנוחה אין גן־עדן נעבען דיא נשמות פון אלע פרומע ווייבער.“

## 101) וואס איז איין ענגעל?

קינד: „מאמא, וואס איז איין ענגעל?“

מוטער: „איין ענגעל איז עפּעס א זאך וואס פליהט.“

קינד: „ווארום אלזאָ רופט דער פּאפּא אימער אונזער דיענסט: מיין ענגעל?“

מוטער: „עס איז אויך דערפאר, ווייל זיא וועט נאך היינט מוזען פון דאנען אוועק פליהען.“

## 102) פראַגע און אַנטוואָרט.

לעהרער: „זאג נאָר סעם, פון וואס מאכט מען שיך?“

סעם: „פון לעדער.“

לעהרער: „פון וואס פאר א לעדער טראָגסטו שיך?“

סעם: „לעדער פון אָקסען־פעל.“

לעהרערער: „וואס פאר א חיה בעזאָרגט דיך אלזאָ מיט שיך?“

סעם: „מיין פּאפּא.“

## 103) וואס פאַר איין עזעל.

„איז דאס אמת, אז איהר האט געזאגט אויף מיר, דאס איך בין איין עזעל?“

„דאס איז אמת, אָבער איך האב ניט געזאגט, אז איהר זייט גלאט איין עזעל.“

„וואס מיינט איהר דערמיט?"

„איך האב געזאגט, אז איהר זייט איין עזעל, און אלעס וואס אייך פעהלט, איז דיא אויערן."

## 104) געראָטהען אין זיין באבען.

יונגערמאן: „זאגט מיר נאָר, בארבער, וואס זאָל דאס זיין וואס איך האב נאך קיין באָרד ניט?"

בארבער: „איך ווייס ניט."

יונגערמאן: „מיין זיידע האט גראדע געהאט זעהר א שעהנע שווארצע באָרד."

בארבער: „פיעלליכט זייט איהר געראָטהען אין אייער באבען?"

יונגערמאן: „ריכטיג, זיא האט טאַקי קיין באָרד ניט געהאט!"

## 105) גאר ניט געזאגט

בעל־הבית: „ביסטו געוועזן בייא גאָלדשטיינען נאך'ן געלד?"

אנגעשטעלטער: „יא."

בעל־הבית: „נו, וואס האט ער געזאגט?"

אנגעשטעלטער: „ער האט גאר ניט געזאגט."

בעל־הבית: „גאר ניט?"

אנגעשטעלטער: „קיין וואָרט; ער האט מיך בלויז ארויס געוואָרפען.

## 106) דער אונטערשיעד פון אַ שעהנע פרוי ביז אַ מיאוס'ע פרוי.

א פאטער האט אמאל אָנגעזאָגט זיינע צווייא זיהן פאר'ן טויט, אז זייא זאָלען קיינמאל ניט הייראטהען, ווייל אלע פרויען זיינען ניט עהרליך.

א פאאר יאָהר האבען דיא זיהן געפאָלגט זייער טאטען, נאר אזוי וויא זייערע געשעפטען האבען געפאָדערט זייא זאָלען האבען פרויען, האבען זייא דאָך חתונה געהאט. איינער פון זייא האט געזאגט, אז כל־זמן דיא פרויען זיינען ניט עהרליך, דאן וויל איך וועניגסטענס האבען א שעהנע פרוי. דער אנדערער האט אָבער גע־נומען אזא העסליכקייט, דאס, לויט וויא ער האט גערעכענט, וועט שוין אפילו דער טייפעל אליין אויך פון איהר ענטלויפען.

מיט א קורצע צייט נאך דער חתונה, האבען זיךביידע ברידער בעגעגענט און בעשלאָסען אויסצופראָבירען אויב זייער פאטער'ס צוואה איז וואהר. דער, וואס

האט נעהאט דיא מיאוס'ע פרוי, האט אויסגעפונען, אז דיא מיאוס'קייט גיבט אוועק זיין געלד א שעהנעם משרת וואס ער האט נעהאט אין זיין געשעפט. דער, וואס האט נעהאט דיא שעהנע פרוי ווידער, האט אויסגעפונען, אז זיא האט צוגענומען א פערמעגען מיט געלד פון זיינעם א שכן.

דער סוף איז געווען, צער צייט וואס דיא ברידער האבען איבערגערעכענט זייער פאטער'ס ווערטער, האבען זייא פאלגענדעס בעשלאָסען: „דיא פרויען זיינען אלע גלייך, נאָר דער חילוק איז, וואס דיא מיאוס'ע גיבט אוועק געלד און דיא שעהנע נעהמט געלד.“

## 107) צווייא בריעף.

א יונגערמאן, וועלכער איז געווען אין אמעריקא א פאאר יאָהר און האט דיא גאנצע צייט קיין בריעף ניט געשריעבען אהיים צו זיינע עלטערן, האט ערהאלטען איינמאל א ריהרענדען בריעף פון זיין אלטער מוטער און דאס האט איהם בעוואויגען צו ענטפערן. ער האט אזוי געשריעבען:

„ליעבע מוטער!

„דיין לעטער האב איך ערהאלטען מיט פלעזשור. איך בין אפילו געווען צו ביזי, נאָר, אי דאָנ'ט קער, איך ענטפער דיר דאָך. דוא האסט מיך געטריט אין דער היים נאך ערגער וויא א גאד דעם פול, און איצט ווילסטו איך זאָל פלוצלינג ווערען א פאיין פעללאָו. אה נאָו, דאָן טייק מי פאָר ע גאַי, איך בין אזוי סמאַט וויא איהר אלע. זאָל מיר דער פאפא שיקען אויף א גאָלד וואָטש ענד טשיין, און איך וועל ווערען אָל־ראייט מיט אייך.“

ער האט ערהאלטען פאָלגענדען ענטפער:

„ליעבעס קינד: דיין בריעף איז פיר אונז א געהיימנים. מיר בעטען דיך, אויב דוא האסט חלילה דיין שכל ניט פערלוירען, זאָלסטו אריין געהען צום רב און איהם בעטען ער זאָל אונז איבערזעטצען דיין לשון אויף אונזער שפראך.

„דיין מאמע בעט דערוויל גאָט ער זאָל אויף דיר רחמנות האבען, ווייל דוא ביסט איהר איינציג אויג אין קאָפּ. דיין טאטע האט געזאגט 90 קאפּיטלעך תהלים פון דיינעט וועגען. אויף איין פלאטץ שרייבסטו „ע גאַי,“ ווען דיין פערשטאנד איז חלילה ניט געשטערט, בעט איך דיך, דיין מוטער, טאָמער האסטו דערמיט געמיינט דיין פאטער, זאָלסטו איהם מעהר ניט אזוי שרייבען, ווייל, וויא דוא ווייסט, ווערט

## האט ניט קיין טראבעל.

ווען דער רייכער מיסטער קיטען איז געשטארבען האט מען געפונען פאלגענ־דען טעסטאמענט:

„איך לאָז איבער מיין גאנצען פערמעגען צו דיא לויערס פון מיינע קינדער. צו מיין ווייב און קינדער לאָז איך איבער וואס עס וועט זיך אָבשטעלען. דורך די־זען טעסטאמענט האָף איך צו פערמיידען פראָצעסען און קריעגעריי צווישען מיינע קינדער און פערמיידען דאס דיא אדוואָקאטען זאל ערקלערען אז איך האב געשרי־בען דיעזען טעסטאמענט אהנע פערשטאנד.

## א פראצעס פאר אינשורענס.

מיסטער טאראראם האט געקויפט טויזענד ערשטע קלאסע האוואנא סיגאַ־רען און האט עס אינשורט. ער האט ריכטיג געצאהלט דער קאמפאני און האט אויסגעסמוקט אלע סיגארען אין צייט פון עטליכע מאנאטען. ווען קיין איינציגער סיגאר איז פארבליעבען האט ער אריינגעשיקט אין דער קאָמפאני א בריעף אין וועלכען ער האט ערקלעהרט אז אלע סיגארען זיינען פארברענט געוואָרען. דיא קאמפאני האט ניט געוואלט בעצאהלען און מיסטער טאראראם האט זייא איינגע־קלאָגט פאר אינשורענס.

„איך האב מיינע סיגארען פעראינשורט געגען פייער און זיי זיינען אויפ'ן פייער אוועק,“ — האט ער געטענעט, — „יעצט וויל איך דיא אינשורענס“

## א קלוגער ריכטער.

אדוואָקאט. (ביטענד) הערר ריכטער, איהר האט מיין קליענט פעראורטהיילט אויף זיעבען יאהר. זעהט איהר דען ניט דאס ער איז קראנק און שוואַך און ו'עט מעהר ניט קענען לעבען וויא העלפט דאפאן!“

ריכטער. — „אויב אזוי וועל איך איהם פעראורטהיילען אויף לעבענסלאנג.“

## א נוטע בעמערקונג.

אדוואקאט. (ריידענדיג וועגען איין עדות) „איך מוז זאגען דאס דער פריהעריגער ציינגע איז דער גרעסטער שופט, דער גרעסטער ליגנער אין דער וועלט, אונד.....

ריכטער. — (אונטערברעכט איהם) הערר אדוואקאט, פערגעסט א י י ך ניט!"

## וואס מיינט עם?

מאן. (צו זיינעם א פריינד) איך בין נאר וואס געוועזן ביים אדוואקאט און ער האט מיר געזאגט דאס ער וועט נעהמען דיא קיים אויף ספעקולאציאן, וואס מיינט עם?...

צווייטער. — „דאס מיינט אזוי: וועסט דוא פערליערען דעם פראצעס וועט דער לויער גארניט האבען, וועסט דוא געווינען דעם פראצעס וועסט דוא גאר ניט האבען.

## א טרייעל דארף וואהרהייט.

דער אדוואקאט. (צום עדות) מיין הערר, איהר זאלט געדענקען אז איהר האט געשווארען, אז וואס נור איהר וועט זאגען זאל זיין דיא ריינע וואהרהייט, דיא פוללע וואהרהייט און גאר ניט חוץ דיא וואהרהייט, פערשטאנדען?"

עודת. — „יא, מיין הערר."

אדוואקאט. — „איהר האלט בארדערס, ניכט וואהר?

עודת. — „ניין".

אדוואקאט. — „וויא!?... וויכט איהר פיעלייכט אבלייקענען דאס איהר האלט פיעל בארדערס!"

עודת. — „איך האב געשווארען צו זאגען דיא ריינע וואהרהייט, דיא פוללע וואהרהייט און גאר ניט חוץ דער וואהרהייט דארום זאג איך אז איך האלט קיינע בארדערס ניט, ווייל ניט איך האלט זייא זאנדערן ז י י האלטען מיך.

## דער לאיער בעט מען זאל איהם גלויבען.

נאך דער פערהער פון אלע עדות, האט זיך דער אדוואָקאט געשטעלט האל־טען זיין לעצטע רעדע. א לאנגע צייט האט ער גערעדט אבער איהם האט אויס־געוויעזען אז דיא געשווארענע גלויבען איהם ניט, און ער האט דארום מיט א קלעג־ליכער שטימע אויסגערופען:

„דאס אומגליק איז מיינע הערען וואס אין דער לעצטער צייט האט מען אנגעפאנגען צו האלטען אדוואקאטען פאר ליגנער. איך דערקען אן אייך אז איהר גלויבט מיר ניט ווייל איך בין אדוואָקאט.... אבער איך שווער אייך דאס אַלעס וואס איך זאג איז וואהר און הייליג, און איך בעט אייך איהר זאלט מיר גלויבען אבוואהל איך בין איין אדוואקאט!....

איינער פון דיא געשווארענע.—(גוטמוטהיג) מיין הערר, איך גלויב אייך יעדענ־פאלס ווייל איך האלט אייך ניט פאר קיין אדוואקאט....

## א טרייעל וואו דער ריכטע־ איז ניט קיין קלאסיקער.

מיסטער קניפמאן האָט פערקלאָגט צוויי מענער דערפאר וואָס זיי האָבען איהם געגעבען אַזעלכע קלעפּ פון וועלכע ער האָט אבגעקריינקט. ביים טוייעל האט דער ריכטער זעלבסט איהם פערהערט.

ריכטער.—„האבען דיא אנגעקלאגטע אייך ווירקליך זאָ שטארק געשלאגען?“

קויפמאן.—„יא, הערר ריכטער, נאך זייערע קלעפּ האב איך זיך געפיהלט זעהר שוואך און אין דיא אויערן האבען מיר געקלונגען שעקספּיר'ס ווערטער: „זיין אָדער ניט זיין.“

ריכטער.—„וויא איך פערשטעה איז הערר שעקספּיר געוועזען אייער דאָקטאָר— ער זאָל פאָרגערופען ווערען.“

## א גוטע רעדע.

„איך וועל אייך איבערצייגען, דזשענטלמען אף דיא דזשורי,“ האט אנגע־פאנגען א יונגער אדוואָקאט צו פערטהיידיגען זיין קליענט, „דאס עס וואר אונמעג־ליך פאר דעם אייננעקלאגטען צו ערמאָרדען דעם מאַן.

„1טענס ווילען מיר איבערצייגען דאס דער אייננעקלאגטער איז געווען ווייט פון דעם אָרט וואו דער מאָרד איז געשעהן.“

„2טענס וועלען מיר בעווייזען דורך ריכטיגע צייגע דאס זיי האבען געזעהן דעם אייגנעקלאגטען אויף דעם אָרט וואו דער מאָרד איז געשעהן און וועלכע הא־בען ניט געזעהן ער זאָל איהם מאָרדען.“

„3טענס וועלען מיר בעווייזען דאס קיין ניפט איז ניט געפונען געוואָרען אין ערמאָרדעטענס קערפער.“

„4טענס וועלען מיר איבערצייגען דאָס דער טויטער האט בעגאנגען זעלבסט־מאָרד.“

„און 5טענס קענען מיר דייטליך און ריכטיג בעוויזען דאס דער ערמאָר־דעטער לעבט.“

„מיר בעטען דארום דיא העררען געשוואָרענע אין אנבעטראכט פון דאס אלעס צו בעפרייען דעם אייגנעקלאגטען.

## איין אויפריכטיגער מענש.

לאָיער.—„דזשענטעלמען אָף דיא דזשורי, מיין קליענט איז איין אָרימער מאַן, הונגער און נויט האט אוהם געטריבען ער זאָל גנב׳ענען דעם פאָרטמאנע מיט דיא דרייסיג דאלאר פון קאמאָדע, דעם בעוויז האט איהר וואס ער האָט דעם צווייטען פאָרטמאנע מיט דיא 200 דאלאר ניט גענומען אָבוואָהל עס איז געלעגען נעבען דאס צווייטע אין דעם זעלבען שופליאָד.“

ריכטער.—„אנגעקלאגטער, ווארום האט איהר ניט גענומען דעם צווייטען פארטמאנע מיט דיא 200 דאלאר?“

גנב.—„העררר ריכטער, איך האב עס גאר ניט געזעהן.“

# דאקטאר טייפעל.

---

מיט עטליכע יאָהר צוריק האט שטאטגעפונדען דער פּראָצעס פון גאָלד־סמיטה עגיינסט דיא שיקאַגאָ סיטי ריילוויי קאָמפּאני. א דיקער, קורצער דאָק־טאָר וועלכער האט קורירט מיסטער גאָלדסמיטה איז געווען אין קאָרט אלס עדות און האט ערקלעהרט אז דער קלענער איז שווער פערלעצט געוואָרען אין דעם עק־סידענט און האט אוועקגעלייגט א גאַנצע רייהע פון מעדיצינישע טערמינען, ער האט געענדיגט דאמיט דאס דער קלעגער מר. גאלדסמיטה בלייבט אויף אימער קראנק אויף דיא פיס צוליעב דעם פאל פון קאר.

דער לאָיער פאר דער קאָמפּאני מיסטער טרוד האט דעם גראָבינקען דאָק־טאר געפרעגט אויב ער האט שוין א מאל געקורירט אזא קראנקהייט.

„ניין" האט דער קורצינקער דאָקטאָר געענטפערט, „אבער איך האב גע־לעזען זעהר פיעלע מעדיצינישע ביכער וועגען דיעזער קראנקהייט."

„זייט איהר בעקאנט מיט דיא מעדיצינישע אויטאָריטעטען?" וואר דיא צווייטע פראגע.

„גון געווים, מיט אלע," האט דער דאָקטאָר געענטפערט מיט א טאָן פון א גרויס געלעהרטען מאן.

„זייט איהר בעקאנט מיט פּראָפּעסאָר ,גריי'ס' ווערקע און דענקט איהר דאס ער איז איין אויטאָריטעט?"

„אָ יא! איך שטים מיט איהם."

„דאקטאָר, האט איהר געלעזען מעדיצינישע ביכער פון „לעפייט"?"

„אָ געווים, ער איז איין גרויסער ארצט.

„קענט איהר ציטירען וואס ער זאגט וועגען דיעזע קראנקהייט?" האט דער לאָיער שמייכלענד געפרעגט.

„איך קען זיך גראדע ניט עראינערן.

„דאקטאר, זייט איהר זיכער דאס איהר האט געלעזען דיא ווערקע פון העררן „לעפייט"?"

„געווים בין איך זיכער."

„ווען זאָ זייט זאָ גוט און לייגט אוים דעם נאמען „לעפייט" פארקעהרט."

אויף דיעזער ביטע האבען אלע אנוועזענדע מיט שטוינען נעקוקט אויף דעם לאָיער און קיינער האט פערשטאנען וואס ער וויל.

„אלזאָ, הערר, דאקטאר, לייגט אויס דעם נאמען לעפייט פארקעהרט.“

„לעפייט! ? פארקעהרט: ט—י—י—פ—ע—ל“ האט דער דאקטאר אויסגע־לייגט.

„יעצט מיינע העררען,“ האט דער לאָיער זיך געווענדעט צום ריכטער און דיא געשוואָרענע, „אויב דער דאָקטאָר וועט מיר איבערצייגען אז ער האט ווירק־ליך געלעזען א ווערק פון ל ע פ י י ט וועל איך ערלויבען אז דער קלעגער זאל קריגען וויפיעל ער מאהנט.

דיא געשוואָרענע און ריכטער האבען אויסגעבראכען אין געלעכטער און דער גראבינקער דאקטאר האט אויסגעזעהן וויא איין צופלאצטער באלאָן.

---

## א טרייעל וואו דער ריכטער בייזערט זיך.

א זעהר קלוגער און מוטהיגער גנב איז געבראכט געוואָרען פאר דעם ריכטער. דער ריכטער האט דעם גנב זעהר גוט געקענט ווייל ער איז שוין פאר איהם פאָרגע־בראכט געוואָרען צום צוואנציגסטען מאָהל. אלס דער ריכטער האָט איהם ווידער דערזעהן האָט ער מיט כעס אויסגערופען:

„שאנדע, ווירקליך שאנדע! איהר זייט שוין ווידער היער?.... אייערע האנדלונגען זיינען אונפערצייהליך און איך מוז זאָגען דאס איהר זייט איין ניעדער־טרעכטיגער מענש.“

גנב. (גוטמוטהיג.) „הערר ריכטער, אויף מיין ווארט דאס איך בין ניט אזוי ניע־דערטרעכטיג וויא איהר.... מיינט.“

ריכטער. (צאָרניג.) אננעקלאָגטער, איך בעפעהלע אייך ווען איהר רעדט צו מיר, אויפצולייגען דיא ווערטער מעהר צוזאמען, און דאפיר וואס איהר האט געשפאסט בעשטראף איך אייך מיט פינף דאללאר.“

גנב. „אויב איהר, הערר ריכטער, האט נאך ביז אהער ניט געהאט דיא געלעגענ־הייט צו וויסען וויא שווער עס קומט אָן צו פערדיענען א דאללאר, וועט איהר עס אצינד האָבען ווען איהר וועט פרובירען אַרויסבעקומע א דאללאר פון מיר....“

## ער ווייס ניט וואס צו זאגען.

ריכטער. (צארניג) „אלא, וואס האט איהר צו זאָגען אין אייער פערטהיידינונג ?"

גנב. איך האב קיינע ווערטער, הערר ריכטער, נאָר באלד וועט דא מיין לאָיער זיין און ער וועט שוין געפינען וואס צו זאָגען.

---

## געבראכען אין צווייען.

מיכאל: דוא ווייסט, אז אונזער שכנה, האט נעכטען דעם אינגעל וואָס וואוינט ביי איהר געשלעפט אין קאָרט ?

רפאל: פאר וואָס ?

מיכאל: זיא האָט איהם פערקלאָגט פאר בריטש אָף פראמיס.

רפאל: סטייטש! זיא איז דאך א פופציגער און איהם איז בלויז א יאהר 18.

מיכאל: חמור! ער האט איהר דאך צובראכען איהר הערץ, האט זיא דאך צוויי פינף און צוואנציגער.

### א נייער חבר

ערשטער גנב: (צום צווייטען) וואוהין פיהרט דיך דער פאָליסמאן ?

צווייטער גנב: ער וויל מיך בעקאנט מאכען מיט א נייעם קאלעגא.

ערשטער גנב; ווער איז יענער קאלעגא.

צווייטער גנב: דער דזשאָדזש.

## ער קלייבט ניט.

ריכטער. (צום אנגעקלאגטען) זיי ווערען בעשולדיגט אלס א פיק פאקעט!

אנגעקלאגטער. ניט ריכטיג, איך האב גענומען וויא עס גייט און ניט געקליבען.

ענוג געליטען.

דזשאָדזש. דוא זאגסט דוא ווילסט זיך גט'ען מיט דיין ווייב, פערגעס ניט אז דוא האסט מיט איהר איבערגעלעבט מעהר וויא א האלבען יאהרהונדערט ?

מאגן. נוא, און דאס הייסט ביי אייך ווייניג געליטען.

---

# א טרייעל פאר איין אקס.

א פארמער'ס איין אָקס, וועלכען אללע נאכבארען האבען געקענט דורך דעם גלעקעל וואס ער האט אויף זיין האלז געטראָגען, איז דערהרגעט געוואָרען פון איין עלעקטריק קאר וועלכע פלעגט לויפען פארביי דעם פארם.

דער פארמער האט באלד פערקלאָגט דער קאָמפּאני פאר 200 דאללאר שאדען־ערזאץ.

ביים טרייעל האט דער קאָמפּאנים אדוואָקאט געהאלטען א לאנגע רעדע און האט געענדיגט מיט דיא ווערטער:

„הערען געשוואָרענע. פון דעם אללעם וואָס איהר האט געהערט האט איהר זיך איבערצייגט דאס עס וואר ניט דעם מאָטאָרמאנס שולד וואס דער אָקס איז דערהרגעט געוואָרען. דער פאָרזיכטיגער מאָטאָרמאן האט געפייפט און געקלונגען ווען ער האט געזעהן דעם אָקס ארומלויפענדיג אויף דיא טרעקס. ער האט דאס געטהאן אום דעם אָקס צו איבערשרעקען און איהם מאכען אראָבגעהן פון דיא טרעקס. מיינע הערען, דיא קאמפּאני איז ניט שולדיג, און מיר ערווארטען אייער אורטהייל אין אונזער גונסט.“ נאך איהם האט זיך געשטעלט דעם פארמער'ס אדוואָקאט און נאך דעם וויא ער האט געהאלטען א לאנגע רעדע האט ער געענדיגט מיט דיא ווערטער:

„ווערטהע הערען געשוואָרענע. פון דעם אללעם וואָס איהר האט געהערט דענק איך וועט איהר מוזען געבען אייער אורטהייל אין אונזער גונסט. מיין פריינד, דער געלעהרטער אדוואָקאט פון דער אנדערער זייט האט ערקלערט דאס דער קאר מאָטאָרמאָן האט געקלונגען און געפייפט אום דעם אָקס פון דיא טרעקס ארונטער־פיהרען, ער האט אבער פערגעסען צו ערצעהלען דאס אויך דער אָקס האט געקלונ־גען און דאס קלינגען האט געדארפט דעם מאָטאָרמען צו פערשטעהן געבען אז ער דארף אבשטעלען דיא קאר. אָבער וויא עס זעהט אויס איז דער מאָטאָרמאן ניט בעסער פאר דעם אָקס, און דיא קאמפּאני דארף בעצאָהלען ווען אקסען פיהרען איהרע קארס.

דער פארמער האָט געוואונען.

## א גרויסער פרייז.

---

ערשטער גנב. וואו האסטו דערטאפפט אזא שיינעם ראק?

צווייטער גנב. ביי א פעדלער.

ערשטער וויפיעל קאסט ער דיר?

צווייטער. פיער וואכען געפענגניס.

---

## אזוי לאנג.

ריכטער. פון ווען אן זייט איהר פיר איהם א כלה געווארען?

קלעגערין. פון פסח אן.

ריכטער. וואס איז דאס פסח?

קלעגערין. ווען דיא אידען זיינען ארויס פון מצרים.

ריכטער. אך מיין גאטט! זא איינע לאנגע צייט נאך ניט חתונה געהאט?!

---

## א גנב בן גנב.

ריכטער. וויא אלט זייט איהר געוועזען אלס איהר האט דאס ערשטע מאל אין גע-פענגניס אריין געטראטען?

אנגעקלאגטער. אכט יאהר.

ריכטער. אזוי פריה זייט איהר שוין געווארען א גנב.

אנגעקלאגטער. ניין איך האב דאמאלס בעזוכט מיין פאטער, וועלכער איז דאמאלס געזעסען פאר א גנבה.

---

### זיין ווייב מיט 1000 דאנקען.

שעריף. איך בין געקומען אינ׳ם נאמען פאן געריכט אייער גאנצעס איינענטהום צו נעהמען.

מאנן. אללעס וואס איך פערמאג איז מיין ווייב, זייט איהר צופריעדען מיט איהר, נעהמט זיא צו און איך וועל אייך טויזענד דאנקען געבען.

---

## א וויטציגער טרייעל.

מיסטער פודינג איז נעבאך געוועזען א גנב און איז יעצט געשטאנען פאר׳ן געריכט, זיין אדוואקאט לעבען איהם.

„מיינע הערען,“ האט דער אדוואקאט געזאגט אם ענדע פון זיין לאנגע רעדע, „נאך אלע בעווייזע געגען מיין קליענט האט איהר זיך איבערציינגט דאס ער איז ניט אין גאנצען, דאס הייסט ניט מיט דעם גאנצען קערפער איינגעדרונגגען אין הויז, איך פארדער און בעט דארום פון אייך איהר זאלט איהם פרייא שפרעכען.“

דער ריכטער האט דאן ערקלעהרט דיא געשווארענע דאס אויב זיי דענקען דאס ניט דער גאנצער מיסטער פודינג איז איינגעדרונגען ביי נאכט אין דאס הויז אום צו גנב׳ענען דאן מעגען זיי ערקלעהרען פאר שולדיג יענע טהיילען קערפער פון גנב וועלכע זיי ווייסען זיינען שולדיג.

דיא געשווארענע נאך א קורצעם בעראטהען זיך האבען געפונען דאס דיא רעכטע האנד, דער רעכטער שולטער און דיא קאפ פון דעם מיסטער פודינג זיינען שולדיג אין גנבה. דער ריכטער האט דאן ארויסגעגעבען זיין אורטהייל דאס דיא רעכטע האנד, דער רעכטער שולטער און דיא קאפ פון דעם שולדיגען זאלען פער־שיקט ווערען אויף פינף יאהר אין אסטראג אויף שווערע ארבייט „און מיט דיא איבריגע טהיילען פון זיין קערפער“, האט דער ריכטער געענדיגט, „מעג ער טאהן וואס ער וויל.“

---

## היימיש.

ריכטער.—אנגעקלאגטער, וויא וואגט איהר דא צו שטיין אין אייער העט? איהר פערגעסט אז איהר שטעהט אין געריכטס זאאל?

אנגעקלאגטער.—אומגעקעהרט, ווייל איך האב דאס גאר ניט פערגעסען, דא־רום שטעה איך אין העט, דען איך בין אין געריכטס זאאל א היימישער מענש.

---

## א לייכטע שטראפע.

ריכטער.—(צו דער אנגעקלאגטער וועלכע איז אן אלטע מויד) איך פעראור־טהייל אייך צו זיצען 3 מאנאטען.

אנגעקלאגטע.—איך בין שוין צום זיצען געוואוינט געווארען.

---

## א ריכטינגער בעווייז.

---

ריכטער.—דוא ביזט אנגעקלאגט אז געסטערן נאך האלבע נאכט ביזטו אר
נעקראכען צו לעהמאנען אין וואהנונג.

גנב.—דאס איז א ליגען.

ריכטער.—דא זיינען אבער דא עדות וואס האבע דאס געזעהן.

גנב.—דאס איז אונמעגליך, ווייל איך האב מיך גוט ארומגעקוקט אין א
זייטען קיינער זאל מיר ניט זעהן.

---

## וואס העלפט דאס.

---

ריכטער.—וויא איז דאס אייך געווען מעגליך אזא גרויסע אייזערנע קאס
אוועקצוטראגען?

אנגעקלאגטער.—וואס העלפט דאס, ווען איך וועל אייך ערקלעהרען, איז
וועט עס דאך ניט קענען אויספיהרען.

---

## א גוטע אנטווארט.

מיכאל. וואס טהוט רבנו גרשון דעם יעניגען וועלכער איז עובר אויף זיין חרם
אז מען נעהמט צוויי ווייבער.

רפאל. ער טהוט גאר נישט! נור דער דרשאדש זאל א מיתה איינגעהמען, טהו
אן צרות.

---

## איך האב מורא.

איין מאן וואר בעשולדיגט דאס ער האט גע'גנב'עט א פּאָאר פּענטס עס זיינען געווען אייניגע צייגען אָבער דיא בעווייזע זיינען געווען שוואך און נאכדעם וויא דער לאָיערהאט אבגערעדט עטליכע מינוט האט מען דעם אנגעקלאגטען בעפרייט.

דער לאָיער האט דאן זיין קליענט געזאגט אז ער קען שוין געהן, אבער יע־נער האט זיך פון אָרט ניט גערירט. ער האט איהם נאך א מאָהל געזאגט אז ער קאן געהן, אָבער יענער א'ז געבליבען זיצען. דאן איז ער צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געפרעגט ווארום ער גייט בעסער ניט אהיים.

„דער פאקט איז, מיין הערר, איך וויל ניט ארויסגעהן פון דאנען ווייל עס זיינען נאך דא א פּאָר פון דיא עדות וועלכע האבען געזאגט אז איך האב גע'גנבעט דיא הויזען.“

„וואס געהען אייך אָן דיא צייגען, איהר זייט פרייא!“

„יא, הערר לאָיער, אבער איך האב מורא אז ווען איך וועל ארויסגעהן וועלען זיי מיר אבשטעלען, ווייל איך געה אנגעטאהן דיא גע'גנב'עטע פּאָאר פענטס.

---

## א טרייעל פאר 3 דאללאר און 50 סענט.

מיסעס פלאָסק האָט איינגעקלאָגט איהר באָרדער (וועלכער האט שוין פון איהר ארויסגעמופּט) פאר דריי דאללאר פאר לאָזשי און 50 סענט פאר וועש דער באָרדער חאט געטענ'עט אז ערשטענס, — האָט ער געצאָהלט דער מיסעס פלאָסק דריי דאללאר א מאנאייט פאר לאָזשי, קאפּפּעע אין דער פריה, און וואַ־שען וועש; און צווייטענס, איז ער איהר גאר ניט שולדיג ווייל ער האט איהר פאר דעם לעטצטען מאָנאט בעצאָהלט דיא דריי דאלאָר מיט טיקעטס מיט וועלכע ער איז געטעקסט געוואָרען אין זיין סאָסייטי צו א פאָרשטעלונג אין יודישען טהעאטער.

חאָטש דיא גאנצע מעשה האָט בעטראָפען, (שוין וויא דיא מיסעס פלאסק האָט געזאָגט דריי דאָללאַר און 50 סענט) האָבען דאָך ביידע צדדים געהאט אד־וואָקאָטען אום ניט צו געבען סאָטיספּעקשיאָן איינע דיא אנדערע.

אין קאַרט זיינען שוין אלע נעווען פערזאמעלט, דיא מיסעס פלאַסק או
נעווען מיט איהר מאַן, וועלכער האָט אומיסטנע יענעם טאָג ניט געארבייט אום צ
זיין איין עדות, — אויך איז דאָ געווען איין אינטימער פריינד פון מיסטער און מי
סעס פלאַסק, וועלכער האָט געוואוסט פון דער גאנצער געשיכטע און וועלכער האט
ערקלערט אז ער וועט עדות זאָגען אז דער באָרדער האט דיא טהעאטער טיקעטס
געמאכט א פרעזענט דער מיסעס, אויך זיינען דאָ נעווען א פּאָאר שכנ'טעס פו
מיסעס פלאַסק וועלכע זיינען נעווען בעקאַנט מיט'ן באָרדער.

דער באָרדער איז דאָ נעווען מיט זיינעם א ברודער (א הויכען, דארען יונגע
מאַן וועלכער איז נעווען זעהר נערוועז וועגען דעם אויסקונפט פון דיזען פּראָצעס)
אויך וואר דאָ דעם באָרדערס עקספּרעססמאַן וועלכער האָט אריבערגעטופּט זיינע
זאכען וועלכע זיינען נעווען פערפּאַקט אין א קליינעם טראַנק, ווידער זיינען דאָ גע־
וועזן צוויי אינטימע פריינד פון באָרדער, וועלכע האָבען יענעם טאָג ניט געהאט וואס
צו טאהן, און וועלכע זיינען געקומען אזוי גלאַט—זעהן וואָס עס וועט זיין און האָ־
בען (וויא געזאָגט) „א ביסעל פּאָן."

דיא מיסעס איז נעווען דיא ערשטע ציינע און האט ערצעהלט דעם ריכטער
וויא פיעל קינדער זיא האָט, וויא פיעל צרות זיא האָט פון זיי, וואָס פאר א לויפער
איהר עלטערער באָי סעם איז,— געראָטען אין זיינעם א פעטער א שארלאַטאַן....
וויא זיא איז אין יוראָפּ ניט אזוי פערפינצטערט געווארען וויא דאָ אין דעם וויסטע
אמעריקא, א. ז. וו , א. ז. וו. נאכדעם האט זיא איהר ביטער הערץ אויסגעגאָסע
אויף'ן באָרדער, און וויא עס ווייזט אויס האט זיא זעהר פיעלע ליעגענס דערצעהלט
ווייל דער נערוועזער ברודער פון באָרדער האט ביי יעדער ליעגען זיך א שליידער
געטהאן, געקוקט מיט כעס, זיך געווארפען און אפט פלעגט זיך ארויסחאַפּען פון
זיין מויל : „אי"! --„ווענה ! "— „הומבאג !"—„בלאַף !"—„שווינדעל !"—„פע !"
דער נערוועזער ברודער האט זיך אזוי לאנג געווארפען און געשליידערט ביז דער
ריכטער האט איהם אנגעפאנגען אויפמערקזאמקייט שענקען.

„סיי, יאנג מען" —האט דער דזשאדזש צו איהם פּלוצלינג געזאגט — „ווע־
מען דארפט איהר דא אין קארט און וואס איז מיט אייך דער מעהר?

דער יונגער מאַן האָט זיך ערשראָקען הערענדיג דיא פראגע, און זיך שטע־
לענד האָט ער קוים אויסגערעדט ! „אי עם איי בראָטהער אָף די באָרדער".

אויף דעם האָט איהם דער דזשאָדזש בענאבריכטעט אז ער מעג זיין א ברו
דער פון באָרדער אָבער ער דארף זיך רוהיג פערהאלטען און ווען ער וועט נאָך א

מאַל זיך וואַרפען און שליידערן און וועט שרייען „בלאַף" א. ז. וו. וועט ער איהם פון זאַאל ארויסשיקען מיט א בעגלייטער.

דיא אדוואָקאטען האָבען זיך געפּייט אויף לעבען און אויף טוידט. דער מי־סעס אדוואַקאט האָט דעם דזשאָדש פּערטרויט דעם סוד אז ער אליין איז אויך א מאל געווען א באַרדער. און אז ער האט (וויא ווייט ער קאָן געדענקען) אימִמער געצאָהלט פאר לאזשי בעזונדער און פאר וועש בעזונדער.

דעם באַרדערס אדוואָקאט ווידער האט ערקלערט אז ער וואהנט אין דיא איסט סייד, אז ער האט דיא געלעגענהייט געהאט דורכשטודירען דעם פּרייז־ליסט פון לאזשי און באָרד, און ער ווייס אויף ריכטיג, ער איז איבערצייגט, ער גלויבט, און ער קאָן זאָגאר זיין לעבען אין קאָן שטעלען דאָס באַרדערס צאהלען דרייא דאָללאר א מאנהייט פאר לאזשי און אז דיא דרייא דאָללאר נעהמט אריין וועש וואַשען אויך.

„אָבער וויא קאן דאס זיין?"—האט דער מיסעס לאָיער געפרעגט מיט א שטאַרקען שאָקעל מיט'ן קאָפּ.

„איך וועל דאָס אייך באַלד ארייגלייגען אין אייער קאָפּ."—האָט דער צוויי־טער געענטפערט, און האט ערקלערט אז דיא איסט סייד מענשען זיינען א ל ל ע זעהר ארם, איינגעבאָגע שלעפּער און דארום איז דריי דאָללאר ביי זיי א גאַנצער קאפּיטאל.

מיסטער פלאָסק, דער אינטימער גוטער פריינד, דער עקספּרעססמאַן, דיא שכנות, דער באַרדער אליין, אלע זיינען אויסגעפרעגט געוואָ־ען פון ריכטער, פון ד'א לאָיערס און נאָך דריי שטונדען אז אלע האבען שוין אב געדערצעהלט, האט דער ריכטער געמעלדעט דיא אדוואָקאטען אז ער ווייס ניט וועמען צו גלויבען און וואס זאָל ער טאָהן.... און אום ביידע צדדים זאָללען זיין צופריעדען האט ער גע־מאכט אז דער באַרדער זאָל בעצאָהלען דער מיסעס צוויי דאָללאר און קאָסטען.

אלע זיינען אוועק אונצופריעדען און האבען אויסגע'בט'לט אלע בייזע חלומות צום דזשאדזש'ס קאָפּ.



## פיש חאפט מען.

---

ריכטער.—וויא שעהמען זיא זיך ניט, ליידי, צו חאפּען פיש פון א פּוש קארט? קענען זיא דען ניט נעהמען און בעצאהלען?

ליידי.—איך האב אין מיין לעבען ניט געהערט אז פיש נעהמט מען, איך ווייס דאכט זיך אז „פיש חאפּט מען."

---

ריכטער.—אננעקלאגטער! איך האף אז איך וועל אייך שוין דאָ מעהר נישט זעהן.

גנב.—ווילט איהר דען זיך פון אייער שטעלע ענטזאגען, הערר ריכטער?

---

## גוט געענטפערט.

---

ריכטער.—קלעגער! איך פערשטעה גאָר נישט ווארום זייט איהר אזוי אין כעס געוואָרען דער פאר וואס אייער נאכבאר האט אייך גערופען „עזעל?"

קלעגער.—איך גלויב אייך אז איהר וואָלט פאר אזעלכע ווערטער ניט צאָרניג געוואָרען, ווייל איהר זייט טאקע אן עזעל.

ריכטער.—(העכסט צאָרניג), דוא לומפּ! וויא וואגסט דוא מיר זאָ וואָס צו זאגען?

קלעגער.—דיא זעלבע פראגע זאָלט איהר דעם אננעקלאגטען שטעלען.

---

## א גוטער אפּעטיט.

---

ריכטער.—איהר זאגט או איהר האט אויס הונגער גע'גנב'עט, אָבער גנב'ענען א גאנצע גאנז איז דאָך ווירקליך צו פיעל!

גנב.— אָה, הערר ריכטער, אויף מיין אפּעטיט האב איך קיינמאל זיך געקאנט בעקלאגען.

---

## א שטאך ווארט.

ריכטער.—איהר מוזט מיר אייער ווארט געבען אז איהר וועט מעהר ניט קר־מען אין א געזעלשאפט פון לומפען.

אנגעקלאגטער.—איך גיב אייך מיין ווארט אז מעהר וועט איהר מיר דא ניט זעהן.

---

## א שטריינגער ריכטער.

קריסט.—דיעזער איד האט א סוכה געשטעלט אויף מיין פלאץ.

ריכטער.—יודע, איך מאך אייך אויפמערקזאם דאס ביז 14 טעג זאל דער פלאץ, וואו דיא סוכה שטעהט, זיין ריין.

---

## צו קאלט געוועזן.

לאיער.—נאך אייער אנזיכט איז קיין אנדער וועג דא איהר זאלט בעפרייעט ווערען סיידען זיי זאלען פאר׳ן געריכט איבערצייגען אז זיי האבען איהם דעם פאטש אין היץ געגעבען.

קליענט.—דאס איז אבער אונמעגליך דען דאמאלס איז געוועזען א שרעקלי־כער א פראסט.

---

## אלע זאלען ווייסען.

ריכטער (צום אנגעקלאגטען).—דערפאר וואס איהר האט דעם מיסטער קאהן גערופען „עזעל" מוזט איהר 10 דאלאר בעצאהלען. זייט איהר מיט מיין אורטהייל צופרידען?

אנגעקלאגטער.—ניין! איך וועל אפעלירען.

ריכטער.—דאס וועט אייך נישט העלפען, איהר וועט ביים העכערן געריכט אויך פערלירען.

אנגעקלאגטער,—איך ווייס, אבער דערפאר וועט אויך דאס „העכערע געריכט" וויסען אז מיסטער קאהן איז אן „עזעל"!

---

## דער בעסטער פריינד.

ריכטער. —זייט איהר מיט דעם קברות מאן, אייער עדות, בעפריינדעט?

אַנגעקלאַגטער. —ער איז מיין בעסטער פריינד, דען ער האָט מיינע צוויי ווייבער בעגראָבען.

---

## דער קלוגער ריכטער.

ריכטער. —אנגעקלאנטע, וויא אלט זינד זיא?

אנגעקלאַגטע. —איך.... איך צייכע צוואנציג יאהר.

ריכטער, —נוא און וויפיעל ציילט איהר ניט?....

---

## נעוואלט בעצאהלען.

ריכטער. —וויא קומט איהר דערצו, נאכדעם וויא איהר האט איהם מיט א מיטאג אבגענארט, האט איהר נאך א לעפעל אויך גע'גנב'עט.

אנגעקלאגטער— איך האב עס נעוואָלט פערקויפען אום איהם פאר'ן מיטאג צו בעצאהלען.

---

## הייקעל און מייקעל.

חייקעל. —וויפיעל נעהמט אין אמעריקא א פאָליצייסקער?

מייקעל. —פיעל ער קען.

חייקעל. —איז דאס אמת אז אין אמעריקא קען מען ניט זיין אן עהרליכער מאן?

מייקעל. —דיא מאשעניקעס זאגען דאס אלע.

---

## פערבלאנדזשעט.

א איד איז געגאנגען צו א דענטיסט ארויסנעהמען א קראנקען צאהן, ער איז אבער, אומגערן, פארקראָכען צו איין אדוואָקאט וועלכער האט געוואוינט נעבען דעם דענטיסט. ווען דיא דיענסט איז ארויסגעקומען איהם אנטקעגען האט ער גע־פרעגט:

— דא וואוינט דער מאן וואס רייסט דיא ציין?

— ניין, מיין ליעבער איד, האט איהם דיא דיענסט געענטפערט—דא רייסט מען דיא חוים.

# אנעקדאטען בוך

## 220 שעהנע וויטצען

### זעהר סאטיריש צום לאכען.

---

הערויסגעגעבען פון

**מ. קוקילשטיין.**

---

**פרייז 5 סענט.**

פערלאג פאָן

**דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,**

122-128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין.

# הקדמה.

דיעזע קליינע הקדמה שרייב איך ווייל איך וויל ניט משנה זיין דעם מנהג, דען דער שטייגער איז, יעדער מחבר שרייבט א הקדמה צו זיין ספר, ווייל עס ווערט געבראַכט אין ספרים אז „א ספר אָהן אַ הקדמה איז אַזוי וויא אַ גוף אָהן אַ נשמה“, נוא ווילט זיך דאָך יעדערין מחבר אַז זיין חבור זאָל האָבען אַ נשמה, אונד וויעדער איז דער שטייגער צו שרייבען אין הקדמה דעם ציעל פון דעם ספר אונד וואָס וויל דער מחבר מיט זיין ספר, דערום מוז איך אויך שרייבען דעם ציעל פון מיין חבור, אונד וואס איך פאַרלאַנג מיט מיין חבור: דער ציעל פון דיעזען בוך איז צו מאַכען פריילין דיא לעזער, אָט לאָז דער עולם פארגעניגען האָבען, אויך וועט ער פיעל נוטצען בריינגען פאַר קינדער איבער צו זעטצען אין העברייעש, אונד איך פאַרלאַנג מעהר ניט טאַקע פראָסט גערעדט עפּעס צו פאַרדינען, דוכט זיך אַז דאָס איז ניט קיין עולה, איינער האָט אמאָל געזאָגט: „פאַרדינען איז ניט קיין קליינינקייט, פאַר דינה׳ן איז אמאָל חרוב געוואָרען אַ שטאָדט שכם“. מיט דער מיט ענדיגע איך דיא הקדמה, אונד איהר קענט שוין לעזען דיא ווערק זעלבסט, איהר וועט פאַרגעניגען האָבען, אַונד פון דעם וועל איך אויך הנאה האָבען.

דער פּערפאַססער.



## 1) דיא אידענע אונד ר׳ מאיר בעל הנס.

בייא איין אידענע האט מען גינגב׳עט א פאטשיילע, איז זיא צו געגאנגען צו ר׳ מאיר בעל נס פושקע אונד האט אריין געוואָרפען א רובל, זיא זאָל געפינען דיא פאטשיילע; זיא איז געשטאנען א שעה בייא דער פושקע אונד האָט געוואָרט ר׳ מאיר זאָל איהר אוועק געבען דיא פאטשיילע, אונד ר׳ מאיר האט אלץ ניט אוועק געגעבען, רופט זיא זיא זיך אָפּ: וואָס וועט זיין ר׳ מאיר אדער גיט מיר אוועק דיא פאטשיילע אונד ווען ניט טאָ גיט מיר אוועק דעם רובל צוריק.

## 2) דער דאָקטאָר אונד דיא מתים.

א דאָקטאָר פון שפּיטאָל האָט געפרעגט ביין פעלדשער „וואס מאכען דיא קראנקע? פינף זיינען געשטאָרבען — האָט דער פעלדשער געענטפערט—אוי וויי!— האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — פון זעקס קראנקע זיינען פינף געשטאָרבען!! דער זעקסטער האָט ניט געוואָלט נעהמען אייערע רפואות — האט דער פעלדשער געענטפערט.

## 3) אַ אידענע האָט אָפּגענאַרט ר׳ מאיר בעל הנס.

א אידענע האט פארלאָרען עפּעס א זאך, האט זיא צוגעזאָגט אויף ר׳ מאיר בעל הנס אויב זיא וועט דאָס געפינען, דער נאָך האט זיא דאָס געפונען, איז זיא צונעגאנגען צו ר׳ מאיר בעל נס פושקע אונד האט געזאָגט: „ר׳ מאיר איך האָב דאָס געלאכט“.

## 4) דער דאָקטאָר אונד דער זייגער מייסטער.

א דאָקטאָר איז גלייך צו א זייגער מייסטער, אז עס ווערט קאליע א זייגער גייט מען צו א זייגער מייסטער ער זאָל פאררירכטען, אונד אז עס ווערט קאליע א מענש געהט מען צום דאָקטאָר ער זאָל פאררירכטען, נור דאָס איז דער אונטערשייד צווישען זייא ביידען: דער זייגער מייסטער קען פאררירכטען איין אלטען אונד קיין נייעם קען ער ניט מאכען, אונד דער דאָקטאָר איז פאר קערט, קיין אלטען קען ער ניט פאררירכטען נאָר איין נייעם מענשען קען ער קראנק מאכען.

## 5) דיא צווייא דינער.

א דינער האט געפרעגט זיין קאמעראד: וויא געהט דיר ברודער בייא דיין

נייעם הערין? מיר קלאפען זיך איינע דיא אנדערע דיא רעק—האט ער געענטפערט נור דער אונטערשייד איז, איך קלאפ זיין ראָק, ווען ער איז אויסגעטאָן, אונד ער קלאפט מיין ראָק, דאן אז איך טראָג איהם.

## 6) דער הינקעדיגער אונד דער בלינדער.

א הינקעדינער אויף איין פוס האָט בעגעגינט א בלינדען אויף איין אויג, האָט דער בלינדער געפרעגט דעם הינקעדינען „וויא געהט דאָס ברודער? אָט וויא דוא זעהסט!—האט געענטפערט דער הינקעדינער.

## 7) דער מחבר אונד דער גביר.

א מחבר האט אריין געטראָגען זיין ספר צו א גביר, האט דער גביר ניט גע־נומען, ער האָט געזאָגט „איך האָב גענוג ספרים"; נעהמט איהם—האט דער מחבר געבעטען—ער וועט אייך צו ניץ קומען, איהר וועט איהם אוועק שטעלען לעבען אייערע ספרים וועלען דיא מייז איהם עסען וועלען זייא דערווייל ניט עסען יענע ספרים; ניין! — האט דער גביר געענטפערט, מיינע מייז האָבען נור האלט גוטע, זייא עסען ניט קיין שלעכטע.

## 8) דיא דינסט אונד דיא ווירטהין.

א דינסט האָט דער לאַנגט דיא ווירטהין א טעלער זופ, אוועק שטעלענדיג האָט זיא אויסגעגאָסען דיא זופ אויף דיא ווירטהינס קלייד, האָט דיא ווירטהין אָנ־געהויבען זייער צו שרייען: שרייט ניט — האָט דיא דינסט געזאָגט — עס איז דאָ נאָך זופ.

## 9) דער מאַנן אונד דיא ווייב.

איינער איז געווען קראנק, האט ער צוגערופען זיין ווייב צו זיך אונד האָט איהר געזאָגט: „איך בעט דיר מיין ווייב, אז איך וועל שטארבען זאָלסטו ניט נעהמען אונזער שכן פאָר א מאַנן, ער איז מיר פון אייביג אָן א שונא"; זאי זיכער מיין מאַנן— האָט זיא איהם געענטפערט, איך וועל איהם ניט נעהמען, דען איך האָב שוין לאַנג אָפגערעדט מיט איין אנדערין.

## 10) דיא ווייב אונד דער מאַנן.

איין פרוי איז געווען קראנק, האָט זיא צוגערופען איהר מאַנן אונד האָט איהם

נעזאָגט: „איך בעט דיר, מיין מאַנן, אז איך וועל שטארבען זאָלסטו נעהמען מיין שוועסטער פאַר א ווייב"; לאָז נור האלטען דער ביי—האָט דער מאַנן געענטפערט— איך וועל שוין וויסען וואָס צו טהאָן.

## 11) דיא גיליבטע פאַר פאָלק.

איינער איז אוועק נעפאָהרען האנדלען אין א ווייטע שטאָדט, האט ער נעשריבען א בריף צו זיין ווייב: „דוא זאָלסט גאָר ניט זאָרגען מיין ווייב איך פאַרדין דאָ ב"ה גאַנץ גוט, מעהר ניט וואָס בייא מיר נעהט אוועק הוצאות וואָס דוא ביסט ניטאָ" „דוא זאָלסט גאָר ניט זאָרגען מיין מאַנן—האָט זיא איהם אָפּגעשריבען—וויפיעל בייא דיר נעהט אוועק וואָס איך בין ניטאָ, פארדין איך אין צווייען וואָס דוא ביסט ניטאָ.

## 12) דער בעל תשובה.

איינער איז אמאָל נכשל געוואָרען אין איין עבירה פון איין אשת איש, איז ער אוועק צום רבין בעטין א תשובה, האָט איהם דער רבי גיגעבין א תשובה ער זאָל א יאָהר נאָך אנאנד פאסטען מאָנטיג אונד דאָנערשטאג, ניין רבינקע — האָט ער געזאָגט—פאסטען קען איך ניט: „נוא זאָלסטו שלאָפען אויף דער ערד א חדש נאָך אנאנד"; ניין רבינקע—האט ער ווייטער געזאָגט—שלאָפען אויף דער ערד קען איך ניט: טאָ וואָס דען ווילסטו? — האט דער רבי בייא איהם געפרעגט — איך וויל צו דיא ווייביל—האָט ער איהם געענטפערט.

## 13) דער שניידער.

איינער האט נעגעבען א שניידער אויפנייען א ראָק, האָט ער איהם געזאָגט: „זעהט איך בעט אייך איהר זאָלט איהם אויפנייען מען זאָל ניט לאכען פון איהם"; זייט רוהיג—האָט דער שניידער געענטפערט — מען וועט שוין גאָר ניט לאכען, איך וועל אויפנייען, אז מען וועט דארפען וויינען אויף איהם קוקענדיג.

## 14) דער חזן.

איינער פון דיא באריהמטע חזנים א גרויסער בעל תאוה, איז אמאָל געקומען אין א קרעצמע אונד דאָרטען איז נעוועזן א יונגע ווייביל זעהר א שיינע אונד דער מאַן איז געוועזן איין אלטער; דער חזן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין קרעצמע אונד בייא דער נאכט האָט ער געוואָלט מאכען א געשעפט, האָט דער אלטער א הוסט

געטהאָן, האט ער נעבאך נעמוזט אָפציהען צוריק אונד איז גלייך אוועק געפאָהרען, אין א פּאָר חדשים ארום איז ער ווייטער געפאָהרען לעבען קרעצמע זאָגט ער מען דארף אריין אין קרעצמע זעהן וואָס מאכט דיא ווייביל, ער איז אַריין אונד זעהט דיא ווייביל, פרעגט ער בייא איהר וואָס מאכט איהר? וואָס מאכט אייער מאנן? מיין מאנן האט שוין אָפּגעמאכט—האָט דיא ווייביל געענטפערט—ער איז שוין עליו השלום; אוי וויי!—האָט דער חזן נעזאָגט—אייער מאנן איז געשטאָרבען! איהר ווייסט מיר איז נאָך דאמאָלסט זיין הוסט ניט געפעלען געוועזן.

## 15) אַ אינגֶיל מיט'ן צודראַפּעטין שטערין.

א אינגעל איז נעעומען אהיים צו דראפעט דעם שטערין, מיט וועמען האָסטו זיך דאָס ניהרגעט?—האָט דער פאָטער בייא איהם געפרעגט—איך האָב זיך אליין א בים געטהאָן אין שטערין—האָט דערִ אינגיל געענטפערט—וויא האָסטו דאָס גע־קענט דערלאנגען מיט'ן מויל דעם שטערין—האָט דער פאָטער איהם געפרעגט—איך האָב זיך געשטעלט אויף א ביינקעל—האָט דער אינגעל געענטפערט.

## 16) אַ שאלה פון אַ בעל עגלה.

א בעל עגלה האָט געפרעגט דעם אנדערן בעל עגלה: אז ער זאָגט אָפּ שבת דעם גאנצען תהלים צו דארף ער דער נאָך זאָגען „ברכי נפשי"? דוא ביזט שוין דרייסיג יאָהר א בעל עגלה—האָט איהם דער אנדערער געענטפֵערט—אונד דוא ביסט נאָך ניט געניט! אז דוא פיהרסט א גאנצען וואָגען זעגעכץ דארפסטו דען ניט שמירען דיִא רעדער?

## 17) דיא דאַמע מיט דיא שטיקעל זיידינם.

א דאמע איז אריין אין א קראָם קויפען סחורה, האָט זיא דערזעהן א גוטע שטיקיל זיידינס האָט זיא דאָס שטילערהייט צוגענומען אונד האָט ארונטער געלייגט אונטער'ן מאנטעל אונד האָט שוין גענומען ארויסגעהן, דער קרעמער האָט דאָס גוט באמערקט, רופט ער זיך אָפּ צו איהר: „מאדאם איך קען פאר דעם פרייז ניט ניט לאָזען"! אונד איך קען טייערער ניט געבען--האָט זיא געענטפערט—אונד האָט אוועק געלייגט דיא שטיקיל זיידינס צוריק.

## 18) דער נשרף.

אײן אָרעמאַן איז ארומגעגאנגען קלײבען נדבות ער האָט געזאָגט אז ער איז א נשרף, האָט בײא איהם אײנער געפרעגט: וואו איז אײער כתב אז עס איז אמת אז איהר זײט א נשרף? דען א נשרף האָט דאָס רוב א כתב פון א רב אז ער איז באמת אָפּגעברענט געוואָרען: בעת עס איז געווען דיא שרפה — האָט דער אָרעמאַן געענטפערט — איז דער כתב אויך פארברענט געוואָרען.

## 19) דער מתנגד.

חסידים האָבען אמאָל געמסרט פאר'ן רבין, אז אײנער א מתנגד לאַכט פון חסידים; „טרײבט איהם ארויס“, האט דער רבי געזאָגט; זאָגין זײא, אָבער דער מתנגד שטעהט אין דרויסען — זאָגט דער רבי, טאָ נעהמט איהם אריין אין שטוב אונד טרײבט איהם ארויס.

## 20) אַ מאַנן מיט צוויא ווייבער.

אײנער האט גענומען צווײא ווײבער האָט מען איהם איבערגעגעבען אין גע־ריכט, האָט דער שופט געפרעגט בײא איהם „פאר וואָס האָסטו גענומען צווײא ווײבער?“ האָט ער געענטפערט, פריהער פלעגט מיר דיא ווײב שטענדיג שלאָגען, אונד איצט שלאָגען זײא זיך אײנע מיט דיא אנדערע.

## 21) דער ישובניק מיט ר׳ ישמעאל'ן.

א ישובניק האָט געקויפט א סידור, האָט ער גענומען זאָגען פון פאָרינט אין דאווגען: ר׳ ישמעאל אומר וכו׳ האט ער שיער ניט אויס געבראָכען דיא צײנער זאָ־גענדיג דיא ווערטער (מיא קלאָפּט אונד מיא פאָרט) (מכלל ומפרט), איז ער זעהר אין כעס געוואָרען אויף ר׳ ישמעאל'ן וואס ער האָט געמאַכט אזעלכע ווערטער, אונד האט אוועקגעגעבען דעם סידור איין בינדען אונד האָט פארזאָגט דעם אײנבינדער ער זאָל ר׳ ישמעאל'ן ארויסוואַרפען פון סידור, ער וויל איהם ניט קענען; דער אײנ־בינדער האָט גענומען בײא איהם דעם סידור אונד האָט געזאָלעוועט ארויס צו וואר־פען דיא בלאַט אין גאנצען האָט ער ארויסגענומען דיא בלאט אונד האָט איהר אריין געשטעלט אין „ויתן לך“ לעבען אמר ר׳ יוחנן, ער האָט איהם אָפּגעבראַכט דעם סידור, דער ישובניק האָט אקוק געטהאָן ר׳ ישמעאל איז ניטאָ, גוט! שבת צו

נאכט ער האָט גענומען זאָגען „ויתן לך“ ער געפינט ר׳ ישמעאל׳ן לעבען „אמר ר׳ יוחנן“, הא האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען, דוא ביסט ווייטער דאָ!ביידין ארויס ר׳ יוחנן אויך!

## 22) אַ קלוגער ענטפער פון איין הערר צו אַ דאַמע.

איין הערר איז געווען אויף א באל האָט ער דאָרטען געבעטען א דאמע צו טאנצען מיט איהר, דיא דאמע איז געווען בייא זיך זעהר אָנגעצווינגען האט דאָס איהר זעהר פארדראָסען אזא הערר זאָל איהר אָנמוטען זיא זאָל מיט איהם טאנצען, רופט זיא זיך אָפּ צו איהם פאר אלעמען אין דיא אויגען „איך קען זייא געבען מיין דינסט זייא זאָלען מיט איהר טאנצען“; ווען אזוי—האָט ער זיך אָפּגערופען—טאָ פערצייהען זייא מיר, דען איך האָב נים געוואוסט, איך האָב געזואָלט פון אָנפאנג נור טאַנצען מיט א דינסט האָב איך גערעכענט אז זייא זיינען דיא דינסט אונד זיא איז דיא ווירטין.

## 23) איבערגעגעסען זיך מיט אפיקומן.

עס איז נעווען איין אלטער מאן וואָס ער איז אויף זיין לעבען קיין מאָל ניט קראנק געווען, ער איז געוואָרען אבציג יאָהר איז שוין געקומען זיין צייט צו פאָהרען אהיים איז ער געוואָרען פאר דעם קראנק, איז געקומען צו איהם איינער גיוואָר ווערין אונד האָט בייא איהם געפרעגט „וואָס איז דאָס אייך“? „איך האָב זיך איבערגעגעסען מיט אפיקומן“ — האָט דער אלטער געענטפערט—וואָס הייסט איהר האט זיך איבערגעגעסען מיט אפיקומן? האָט איהם יענער געפרעגט — וואָס פאר שטעהט איהר נים האָט דער אלטער געזאָגט — איך האָב אויף מיין לעבען אויפגע־געסען אבציג אפיקומן׳ס נוא וויפיעל איז דער שיעור.

## 24) איין אַנטוואָרט פון אַ קלוגע כלה.

א מיידיל האָט געפרעגט בייא דיא אנדערע „שוין לאנג אז דוא ביסט א כלה“? —האָט דיא כלה געענטפערט—שוין צווייא יאָהר ביז 120 יאָהר.

## 25) א סאָלדאַט אַ העלד.

א סאָלדאט האָט זיך אמאָל באריהמט ער האָט אין שטרייט א פראנצויז אָפּגעהאַקט דיא פיס; פאר וואָס האָסטו איהם נים אָפּגעהאקט בעסער דיא קאָפּ?

—האט איינער איהם נעפרעגט—„איך האב איהם שוין געפונען אן א קאפ“ — האט דער סאלדאט געענטפערט.

## 26 דער רב מיט דעם משוגענעם.

אין א שטעדטיל איז געווען א משוגענער זעהר א קלוגער, דער רב פון שטעדטיל פלעגט ליב האבען מיט איהם צו פארברייגגען, אמאל זאגט דער רב צו איהם „וואס פעהלט דיר, וויא דו גייסט נייסטו, וויא דוא ביסט אנגעטאן איז פאר דיר גוט, ווען דוא זידעלסט אן איז פארפאלען“; מען קען ניט זאגען — האט דער משוגענער געענטפערט — דיא משוגעת איז גאנץ גוט, מעהר ניט עס איז שלעכט וואס דיא קינדער לויפען נאך אין גאס, איהר ווייסט רבי פאר אייך וואלט דאס געפאסט, פאר אייך וואלטען דיא קינדער דרך ארץ האבען.

## 27) דער שידוך.

איינער א גרויסער פראסטאק האט געוואלט נעהמען א ווייב, אונד וויא ער איז געווען א פוסטע זאך האט ער געוואלט אויס האקען א גרויסארטיגען שידוך, איז געקומען צו איהם א שדכן אונד זאגט: איך האב פאר דיר זעהר א גוטען שידוך מיט א וויביל זעהר א שעהנע אונד א קלוגע אונד מיט געלט א סך, נור זיא האט א קליינעם פעהלער, עס טרעפט איינמאל אין דרייא יאהר אז זיא ווערט משוגע אויף א קליינע צייט; איהר קאנט ריידען דעם שידוך — האט דער חתן געענטפערט; — ניין — האט דער שדכן געזאגט — איצט קען מען דאס נאך ניט ריידען, מען דארףווארטען ביז זיא וועט משוגע ווערען, דען איצט קען מען קריגען פון איהר מיט א שטעקען פאר אזא פארשלאג.

## 28) דער משוגענער.

א משוגענער האט דערצעהלט, אז ער איז געווען ביין גלח האט ער בייא איהם געגעסען זעהר א גוטען מיטאג; וויא אזויא האסטו דאס געמאגט עסען בייןגלח?—האט בייא איהם איינער געפרעגט; — מעגט איהר מיר גלויבען — האט דער משוגענער געענטפערט—אז דער גלח אליין האט אויך געגעסען.

## 29) א צווייטער משוגענער.

א משוגענער איז ארומגעגאנגען איבער דיא הייזער, האט איהם איינער גע־

זאָגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַן צו נעהן אין דיא הייזער, נעהם בעסער אַ ווייב מיט טויזענד רוביל—האָט דער משוגענער געענטפערט—אַזא פרוי וואָס האָט טויזענד רוביל אונד וועט וועלין מיר נעהמען איז זיא דאָך מעהר משוגע וויא איך, טאָ פאַר וואָס זאָל איך נעהמען אַזאַ משוגענע?

## 30) געשטעלט אַ ליכט.

צווייא מיידליך זיינען געגאַנגען אין גימנאַזיום אַ אידישע מיט אַ קריסטליכע, האָט דיא אידעשע אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען אונד דיא קריסטליכע ניט, האָט דיא קריסטליכע אָנגעהויבען צו טענה'ן „פאַר וואָס קומט דאָס מיר, איך האָב דאָך געשטעלט אַ ליכטיל צו דיא סוואַטאַיאַ מאַריאַ איך זאָל אויסהאַלטען דעם עקזאַמען" האָט געזאָגט דיא אידעשע מיידעל, „איך האָט אויך געשטעלט אַ ליכט" וויא קען דאָס זיין — האָט דיא קריסטליכע צו איהר געזאָגט — דוא ביסט דאָך אַ אידעשע? פאַרשטייסטו, האָט דיא מיידיל געענטפערט, איך האָב געשטעלט אַ ליכט אויפ'ן טיש אונד האָב געלערנט פאַר איהר.

## 31) דער ישובניק מיט דעם שדכן.

איינעם אַ ישובניק האָט נאָט געהאָלפען אונד ער איז געוואָרען אַ נגיד, ער האָט געהאַט אַ זוהן חתונה צו מאַכען, איז געקומען צו איהם אַ שדכן ריידען איהם אַ שידוך מיט נאָך אַ ישובניק, וועלכער האָט געוויינט ניט וויט פון איהם; דער ישובניק דער נגיד איז געוואָרען זעהר אין כעס אונד האָט געחאַפּט אַ שטעקען אונד האָט אָנגעהויבען צו שרייען צום שדכן: „יונגאַץ; איך וועל דיר צוברעכען דיינע ביינער, וויא האָסטו דאָס אַ העזה צו קומען ריידען מיר אַ שידוך מיט אַ ישובניק? ארויס פון מיין שטוב"! דער שדכן האָט זיך ניט געלאָזט בעטען אונד איז גלייך ארויס; ער האָט געוואַרט אַ פּאָר וואָכען אונד איז ווידער געקומען צו דעם ישובניק מיט אַ שידוך, ער האָט איהם דערזעהן האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען: „דוא ביסט ווידער דאָ מיט אַזעלכע שידוכים? ניין—האָט זיך אָפּגערופען דער שדכן—איך האָב איצט פאַר אייך אַ שידוך, וואָס איהר וועט זיין זעהר צופרידען; מיט וועמען א'ז דאָס? — האָט דער ישובניק געפרעגט—מיט דעם אמשטערדאַמער רב — האָט דער שדכן געענטפערט — „ער האָט אַ טאָכטער אַ זעלטענע, אַ יפת תואר, אַ חכמניות, אונד אַ גרויסע געלערנטע, אונד ער גיט איהר איינינע טויזענד רוביל נדן"; דעם ישובניק איז דיא זאַך זעהר געפעלען געוואָרען; ער פרעגט דעם שדכן האָט איהר

שוין דאָרט גערעדט ? „געוויס״ — האָט דער שדכן געענטפערט ; נוא וואָס פאַר א תשובה האט איהר דאָרטען געהאט ? פאַרשטעהט זיך — האָט דער שדכן געענט־פערט-·איך האב פון דאָרטען געהאט אזא תשובה, וויא איך האב דאמאָלסט געהאט פון אייך.

## 32) פון וואַנען נעהמט זיך דער דלות.

א דאָרף מאַן א קרעצמער האָט געפרעגט אמאָל זיין ווייב : „פון וואנען נעהמט זיך בייא אונז דער דלות ? דאכט זיך, אז א פויער נעהמט א קוואטירעל בראַנפּין גיסט מען איהם אָן א האַלבע מיט וואסער אונד נאָך א קוואטיריל שרייבט מען איהם צו אויפ׳ן וואנט, טאָ פון וואנען נעהמט זיך בייא אונז דער דלות ? פאַר־שטעהסטו—האָט זיא איהם געענטפערט—דיא קוואטיריל וואָס מען שרייבט צו אויפ׳ן וואנט דאָרטען גיסט מען דאָך נים קיין וואסער, דערפון איז דער דלות.

## 33) עס איז צופיעל מכות היינטיגען יאָהר.

א ישובניק האָט געזאָגט אמאָל דיא הגדה מיט זיין זוהן, איז גראדע געווען אין דער הגדה א בלאַט פון סליחות ; האָבען זייא געזאָגט כסדר : אלו עשר מכות שהביא הקב״ה על המצרים במצרים ואלו הן : אשמנו, בגדנו, גזלנו וכו׳, רופט זיך דער זוהן : „טאטע עפּעס היינטיגען יאָהר איז מעהרער מכות וויא פאר א יאָהרען ?״ „פאַרשטעהסטו מיין זוהן—האָט דער פאָטער געענטפערט—היינטיגער יאָהר איז גע־ווען איין עבור יאָהר.״

## 34) דיא שכונה איז אין גלות.

איין חסיד איז אמאָל אריין צו דעם אנדערן, האָט ער איהם געפונען זעהר טרויעריג, פרעגט ער איהם : וואָס ביסטו אזוי טרויעריג ? „דיא שכינה איז אין גלות״—האָט איהם דער אנדערער חסיד געענטפערט—אונד ער אליין וואָס איז ?— האָט דער חסיד געפרעגט—פאַר איהם זאָרגסטו גאָר ניט ?—ער איז א מאַנסביל— האָט ער געענטפערט—אויף א מאנסביל איז ניט אזא רחמנות, אויף איהר איז נעבאך יא א רחמנות.

## 35) דיא אידענע מיט דיא קלאַטקע.

א אידענע האָט געדארפט אריבער געהן איבער א טייך, איז געווען א שמאָלע

קלאדקע; האט זיא צוגעזאגט אז זיא וועט אריבער געהן בשלום וועט זיא אריינ־ווארפען צוואנציג קאפ׳ אויף ר׳ מאיר בעל הנס, וויא עס האט געהאלטען ביין סוף איבער געהן, האט זיא חרטה געהאט אונד זאגט: צו וואס דארף איך איהם געבען צוואנציג קאפיקעס; אין דעם האט זיך דיא קלאדקע אנגעהויבען צו שאקלען רופט זיא זיך אפ: „איך לאך דאס אונד ער שטופט זיך שוין.“

## 36) אַ לוח אַ ווייב.

איינער פלעגט שטענדיג קוקען אין ביכער, רופט זיך אפ זיין ווייב אמאל „וויא גוט וואלט מיר געווען אז איך וואלט אויך געווען א בוך: וואלסטו דאך אויף מיר אויך געקוקט“ „איך וואלט אויך וועלען אז דוא זאלסט זיין א בוך האט ער געענטפערט—נור א לוח“; פאר וואס עפעס א לוח? האט זיא געפרעגט; פארשטעהסטו—האט ער גע־ענטפערט — אז דוא וואלסט געווען א לוח וואלט איך אויפ׳ן נייעם יאהר געהאט א נייע.

## 37) דער גביר מיט דעם שדכן.

א גביר האט געהאט א זוהן חתונה צו מאכען, איז געקומען צו איהם א שדכן ריידען א שידוך, זאגט דער גביר צום שדכן: איך בעט אייך איהר זאלט ריידען מיין זוהן מיט א שעהנע כלה. איך האב פאר איהם א כלה א פארשוין—האט דער שדכן געזאגט — ער האט מיט איהם אפגערעדט מען זאל צוזאמען פאהרען זיך זעהן, זייא זיינען צו נויף געפאהרען מיט דיא מחותנים; דער גביר האט דערזעהן דיא כלה זיא איז א גרויסע מיאוסקייט; זיינען זייא פאנאנדער געפאהרען מיט נישט; דער גביר איז געקומען אהיים איז דער שדכן געקומען צו איהם אונד פרעגט: „וואס הערט זיך?“ דער גביר האט צו איהם אויסגעלאזען אלע בייזע חלומות פאר וואס ער האט איהם אפגענארט; איך בין ניט שולדיג—האט דער שדכן געזאגט—מעגט איהר מיר גלויבען, אנטקעגנען מיין ווייב איז זיא א פארשוין.

## 38) אַ שמעק טאַבאַק אַ גמילות חסד.

איין אָרעמאן האט געוואלט טאהן גמילות חסדים ער האט אָבער ניט געהאט מיט וואס, האט ער זיך מישב געווען אונד האט געקויפט שמעק טאבאק אונד פלעגט יעדערן געבען א שמעק טאבאק. איז געקומען דער גמילות חסד טענה׳ן פאר׳ן רבש״ע אונד האט געזאגט: „איך בין דאך איינער פון דיא דרייא זאכען וואס דיא וועלט שטעהט אויף זייא: תורה, עבודה אונד גמילות חסדים, פאר וואס פטר׳ט מיר דער אָרעמאן

מיט א שמעק טאבאק;" זאָרג ניט—האָט איהם דער רבש"ע געענטפערט—עס איז פאראנען אנדערע תורה אונד עבודה וואָס זיינען קיין שמעק טאבאק אויך ניט ווערטה.

## 39) דיא קאַלטע פאַרפיל.

איין אָרעמאַן פלעגט אריינקומען צו איינעם שטענדיג ווען ער פלעגט עסען, ער האָט איהם פון איהם ניט געקענט פטור ווערען, איין מאָל זאָגט ער צום אָרעמאַן „הערט אפשר וועט איהר עסען קאלטעס פארפיל?" „יאָ ענטפערט דער אָרעמאַן—פאר וואָס ניט?" נוא, זאָגט צו איהם יענער—וועט איהר אזוי גוט זיין קומען מאָרגען, דען היינט איז נאָך דיא פארפיל ווארים.

## 40) דיא ניט פרישע פיש.

איינער האָט גענומען איין אורח אויף שבת, מען האָט געגעבען דעם אורח א חלק פיש, דיא פיש האָט ניט גוט געשמעקט, האט דער אורח גענומען דיא שטיקעל פיש אונד האָט צונעלייגט צום אויער, „וואָס טהוט איהר דאָס?" — פרעגט איהם דער בעה"ב — „מיינער א פאָטער האָט זיך דערטרונקען — האָט געענטפערט דער אורח — האָב איך געפרעגט בייא דיא שטיקעל פיש אפשר וויים זיא עפּעס א נירום פון מיין פאָטער" נוא וואָס זאָגט דיא פיש? האָט דער בעה"ב געפרעגט—זיא זאָגט —האָט געענטפערט דער אורח—אז זיא איז שוין לאנג פון וואסער וויים זיא ניט.

## 41) איך האָב פּים.

בייא איין דייטשען האָט מען בעשטעלט צווייא אורחים אויף שבת, איינער איז געווען קורץ געקליידעט אונד דער אנדערער איז געגאנגען אין א לאנגען ראָק, האט דער דייטש צוגענומען דעם אורח וואָס איז געגאנגען קורץ געקליידעט, אונד דעם אנדערן האט ער ניט צוגענומען; רופט זיך אָפּ דער אורח וואָס אין לאנגען ראָק צו איהם „איך האָב פּים אויך". וואָס מיינט איהר דער מיט—האָט דער דייטש איהם געפרעגט—פארשטעהט איהר מיר—האָט דער אורח געענטפערט—איהר האָט געזעהן אז איך געה אין א לאנגען ראָק, האָט איהר זיך געשראָקען איהר מיינט בייא מיר איז דורך אויס ברוך, וועל איך אויפעסען בייא אייך אלעס וואָס עס געפינט זיך, זאָג איך אייך אז איך האָב פּים אויך.

## 42) דער שיכורער שניידער.

א שיכורער שניידער האָט גערופען צו זיך איין אָרעמאַן אויף וועטשערע, ער איז אריין מיט איהם אין שטוב אונד אליין פאלט ער פון דיא פיס, זאָגט ער צו דיא ווייב: שאָסע! וואס האָסטו געקאָכט וועטשערע? רופט זיא זיך אָפּ „א קריינק" זאָגט ער צו דעם אָרעמאַן וועלען מיר דאָסביידע עסען.

## 43) דער אורח מיט דיא גרויפּין.

מען האָט דערלאנגט איין אורח גרויפּין צום עסין, רופט ער זיך אָפּ צו דיא ווירטהין, איהר האָט ניט גימוזט זייען דיא וואסער; וואָס איז? האָט זיא געפרעגט— זאָגט ער עס ווארפט זיך עפּעס דורך א גרויפּ אין דיא וואסער.

## 44) דיא קאַשע מיט דיא תירוצים.

צווייא אָרעמע בחורים האָבען זיך צוזאמען געטראָפען, זאָגט איינער צום אנדערן „איך האָב א טאָג וואָס ווען איך קום עסען קאָרמעט מען מיר שטענדיג מיט קאשע: אָבער קאשע אונד ווידער קאשע" רופט זיך אָפּ דער אנדערער צו איהם „דוא האָסט נאָך ניט וואָס צו זינדיגען, איך האָב א טאָג וואָס מען קאָרמעט מיר דאָרטען שטענ־דיג מיט תירוצים: דאָ האָט מען ניט געקאָכט, דאָ איז דיא קעכין ניט געוועזען אין שטוב, דאָ האָט דיא ווירטהין קיין צייט אונד מיט דיא תירוצים קען מען ניט זאט ווערין.

## 45) דער אָרעמאַן מיט דיא טריפלאַך.

איין אָרעמאַן האָט אמאָל געזעהן בייא איין רייכען מען האָט גענעסען טריפלעך, איהם האָט זיך דאָס זעהר פארגלוסט איז ער אוועק צו זיין ווייב אונד זאָגט איהר זיא זאָל אויך קאָבען טריפלאך; עס איז דאָך ניטא קיין אייער דער צו — זאָגט זיא צו איהם— א דאגה עס וועט זיין רעכט אָן אייער—האָט ער געענטפערט—זאָגט זיא ווייטער, אונד וואו נעהמט מען מילך? אָט זאָגט ער, עס וועט זיין רעכט אָן מילך, אונד וואו זאָל איך נעהמען מעל? אָט — זאָגט דער אָרעמאַן — דוא וועסט אויס־שקראָבען דיא מולטער וועט זיין אביסל מעל; דיא ווייב האָט איהם געטהאָן זיין פארלאנג, האָט אויסגעשקראָבעט דיא מולטער אונד האָט איהם אויסגעקאָכט טריפלאך אָן אייער אונד אָן מילך, פארשטעהט זיך וואס פאר א טעם דאָס האָט

נעקענט האָבען, אז ער האָט גענומען עסען האָט ער געזאָגט: דער שווארצער יאָהר וויס דיא נגידים מיט זייערע מאכלים וואָס זייא קלערען אָפּ.

## 46) דער מלמד מיט דעם ישובניק.

א מלמד האָט געקנעלט בייא א ישובניק, ער האָט גענומען בייא איהם זיבען גילדען א זמן, סוף זמן האָט איהם דער ישובניק געגעבען פינף קאָפּיקעס אונד א רוביל האָט ער איהם ניט געוואָלט אוועק געבען, זאָגט איינער צום מלמד וואָס שווייגסטו איהם? רופט זיך אָפּ דער מלמד, נוא איבער א רוביל געה קריג זיך מיט א בעל הבית.

## 47) דער ערינסטער דינער.

א דינער איז אָנגעקומען צו א ווירט, דער שטייגער איז אז עס קומט אָן א נייער דינער זעהט ער צו טהאָן אלע ארבייט זעהר פלייסיג; ער געהט אריין אין קיך זעהט ער וויא דער ווירט שפילט זיך מיט דיא דינסט מויד, רופט ער זיך אָפּ צו דעם ווירט, צו וואָס דארפען זייא זיך אליין בעמיהען? זייא קענען דאָס איבערגעבען מיר, וועל איך זיך מיט איהר שפּילען, דאָרטען בייא יענעם ווירט איז דאָס אויך געוועזען מיין ארבייט.

## 48) אַ פּאַטש אויף איין אמת.

איינער האָט געגעבען דעם אנדערן א פּאטש אז ער האָט דערזעהן דעם זיבעטין הימיל, דער נאָך איז יענער געקומען צו איהם אונד פרעגט איהם, איהר האָט מיר געגעבען דעם פּאטש אויף איין אמת צו אויף א געלעבטער? בייא מיר איז ניטאָ קיין געלעבטער — האָט ער איהם געענטפערט — איך האָב געגעבען אויף איין אמת נוא אויב אויף איין אמת—האָט דער געזאָגט—איז גוט, דען אויב אויף א געלעבטער איז אזא פּאטש גאָר קיין געלעבטער ניט.

## 49) אַ פלאָקין פון ווייטין.

איינער האָט געטאָהן א שידוך מיט זיין טאָכטער, פון גאנץ ווייט, פאָהרענ־דיג צוריק פון דער חתונה מיט זיין נייעם איידים, האָט זיך צובראָכען א ראָד פון וואָגען, דער פורמאן איז אוועק פאר א פּאָר וויאָרסט אונד האָט געבראַכט אַ פלאָקין צו צעפּען צום וואָגען מען זאָל וויא עס איז קענען צו פאָהרען צו א דאָרף,

דער מחותן האָט גענומען שרייען אויף דעם פורמאַן, צו וואָס האָסטו גענדאַרפט געהן אַזוי ווייט זוכען אַ פלאָקען דוא האָסט דאָך געקענט קריגען נעהנטער; צו וואָס האָט איהר גענדאַרפט פאָהרען אַזוי ווייט נאָך אַ פלאָקען — האָט דער פורמאַן געזאָגט— איהר האָט דאָך געקענט קריגען נעהנטער.

## 50) דער אַסעסאָר וויל צונעהמען דיא תורה.

אויף אַ ישוב האָבען אידען געמאַכט אַ מנין אונד האָבען גידאַווינט צוזאַמען; אין דעם איז אָנגעפאָהרען דער אַסעסאָר אונד האָט זייא געוואָלט צו טרייבען אונד צו נעהמען בייא זייא דיא ספר תורה, האָבען זייא איהם ניט געגעבען, איז דער אַסעססאָר געוואָרען זעהר אין כעס אונד האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל אונד אָנגעגעבען אין סוד, עס איז געקומען צום סוד האָט דער שופט געזאָגט צו דעם אַסעסער בעת גאָט האָט געגעבען דיא תורה האָט ער פריהער אַרום געטראָגען צו אַלע פעלקער האָבען זייא קיינער ניט געוואָלט צו נעהמען, נון האָט ער איהר אוועק־געגעבען צו אידען האָבען איהר דיא אידען צו גענומען, טאָ וואָס ביסט איצט פאַר אַ מחותן אָפּ צו נעהמען בייא זייא דיא תורה וואָס גאָט האָט זייא געגעבען?"

## 51) דער פויער מיט דעם שמעק טאַבאַק.

איינער איז געפאָהרען אין וועג האָט זיך איהם זעהר פאַרוואָלט אַ שמעק טאַ־באַק, פון ווייטען האָט ער געזעהן וויא אַ פויער האָט געעפענט דיא פושקע אונד געהמט אַ שמעק טאַבאַק, איז ער צוגעגאַנגען צום פויער אונד האָט בייא איהם גע־בעטען אַ שמעק טאַבאַק, דער פויער האָט ניט געגעבען, ער האָט איהם געבאָטען פינף קאָפּיקעס אונד דער פויער וויל ניט, ביז ער האָט איהם געמוזט געבען צוואַנציג קאָפּיקעס פאַר אַ שמעק טאַבאַק. דער איד האָט איהם געגעבען נאָך צוואַנציג קאָ־פּיקעס אונד האָט גענומען בייא איהם נאָך אַ שמעק טאַבאַק אויפ'ן וועג, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום איז געקומען דער זעלביגער פויער אין שטאָדט מיט אַ וואָגען האָלץ, דער איד האָט איהם דערזעהן איז ער צוגעגאַנגען צו איהם אונד האָט בייא איהם אָפּגעקויפט דעם וואָגען האָלץ פאַר זעכציג קאָפּיקעס, דער פויער האָט אָפּגעפיהרט דעם וואָגען האָלץ צו דעם אידען אונד איז אַריין אין שטוב נאָך געלד, דער איד האָט איהם געבעטען זיטצען, דערווייל האָט ער אַרויסגענומען דיא פושקע אונד האָט גענאָהן אַ שמעק טאַבאַק, דער פויער האָט אויף אַריינגעשטעקט דיא פינגער אין פושקע אונד האָט אויך גענומען אַ שמעק טאַבאַק, דער איד רעדט אַזוי מיט איהם

אונד דער ווייל טהוט ער נאָך א שמעק טאבאק, דער פויער נעהמט בייא איהם נאָך א שמעק טאבאק, דער איד פארברייננט מיט איהם נאָך ביז דער פויער האָט גענומען א דריטען שמעק טאבאק, דערנאָך בעט דער פויער ער זאָל איהם שוין בעצאָהלען, זאָגט דער איד איך האָב דיר שוין באָצאָהלט, דער פויער האָט אָנגעהויבען צו שרייען, זאָגט דער איד צו איהם דוא האָסט בייא מיר גענומען דרייא שמעק טאבאק, בייא מיר קאָסט אויך צו צוואנציג קאָפּיקעס א שמעק טאבאק, אָט האָסטו אָפּגענומען דיינע געלד פאר דיא האָלץ, דער פויער איז אוועק געלאָפען צום אסעסער, ער האָט געשיקט רופען דעם אידען, דער איד איז געקומען אונד האָט דערצעהלט דעם אסע־סער דיא גאנצע מעשה, זאָגט דער אסעסער דוא מוזט איהם דערלייגען נאָך צוואנציג קאָפּיקעס גיב איהם נאָך א שמעק טאבאק וועט איהר זיין קוויט.

## 52) דעם קצב׳ס איידים מיט דעם הונד.

א קצב איז אריין צו זיך אין שטוב, האָט ער געפונען וויא דער הונד זיינער שטעהט אונד עסט פלייש אונד דער איידים איז אין שטוב אונד לאָזט איהם עסען, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען אויף איהם פאר וואָס האָט ער געלאָזען דעם הונד עסען דיא פלייש; איהר ווייסט ניט — האָט דער איידים געענטפערט — אז שוין פון א יאָהר אז איך רייד מיט איהם ניט, זינד ער האָט מיר א ביס געטאהן, בין איך מיט איהם ברוגז.

## 53) דער אפיקורס.

אין א שטעדטיל איז געווען א גביר איין אויפגעקלערטער מען פלעגט איהם רופען דער אפיקורס, איינמאָל איז געגאנגען דער רב פון שטעדטיל מיט איינעם צו נויפקלייבען א נייטיגע נדבה, זיינען זייא אריין צו דעם גביר אין דער פריה, פרעגט דער רב וואו איז דער בעל הבית? ער שלאָפט נאָך האָבען זייא איהם געזאָגט, אווי וויי! זאָגט דער רב עס איז דאָך שוין ניין א זייגער ער וועט דאָך עובר קריאת שמע זיין; וואַרט אויף האָבען זייא איהם געזאָגט ער וועט באלד אויפשטיין; דער רב האָט זיך אוועק געזעצט אונד האָט געווארט, ער איז אויפגעשטאנען האט מען איהם דערלאנגט א מעדניצע מיט וואסער ער האָט זיך ארום געוואסען אונד האָט זיך גע־זעצט ביין טיש, מען האָט דערלאנג צום טיש דעם סאמאָוואר ער האָט גענומען א א גלאָז טהע מיט א בולקע אונד האָט געגעסען, אונד דער רב זיצט דער בייא, זאָגט ער צום רב „רבי איך איז אפשר א וואונדער וואָס איך עס פאר׳ן דאווענען?" יאָ!

יאָ! זאגט דער רב, וואָס איז טאקע דיא מעשה וואָס איהר עסט פאר׳ן דאוונען? פארשטעהט איהר רבי—האָט ער געענטפערט—איך דאווין ניט.

## 54) דער געמאַכטער גוטער איד.

איינער האָט זיך געמאכט פאר א גוטען אידען, אונד איז ארום געפאָהרען קלייבען געלד, איינמאָל איז ער געקומען צו פאָהרען מיט זיין גבאי צו א ישובניק, דער ישובניק האָט פארשטאַנען אָן צורה אז ער איז עפּעס א גוטער איד, גיט ער איהם שלום עליכם אונד פרעגט ווער זייט איהר רבי? „איך בין דעם דובר שקרים׳ס איין אייניקיל“—האָט דער רבי געענטפערט—דער ישובניק האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן איבער איהם אז ער האָט אַזא זכיה אז דעם דובר שקרים׳ס אייניקיל איז געקומען צו איהם אין שטוב, דער נאָך איז צוגעגאנגען דער גבאי דעם רבינס צום ישובניק אונד זאָגט איהם איהר זאָלט וויסען אז דער רבי איז א גרויסער עניו ער וויל זיך ניט אויסווייזען, אין אמת׳ן איז ער דער „דובר שקרים“ אליין.

## 55) אַ גוטען מיינונג איבער חד גדיא.

עס איז געווען איינער פלעגט ער מורא האָבען צו זאָגען חד גדיא, ער האָט געזאָגט עס איז ניט קיין גלאַטע מעשה מיט דיא ציג, עפּעס אין האלבע נאכט,— דער טאטע האָט געקויפט א ציג — פאר צווייא גילדין — צו איז דאָס ניט גאָר א גיגנב׳עטע.

## 56) קלוג געענטפערט.

איינער א בעריהמטער מגיד, איז אמאָל אריין אין א שטוב, זיינען דאָרטען געזעסען א חברה כת לצנים, האָבען זייא געוואָלט פון איהם אָפּלאכען, פרעגען זייא בייא איהם פאר וואָס איז דיא עשרה מכות אין דער הגדה לאָז זיין אין „ויתן לך?“ פארשטעהט איהר — האָט ער זייא געענטפערט — אז עס וואָלט געווען אין ויתן לך וואָלט מעהר ניט געווען וויא „ויתן לך“ אָבער אז עס איז אין דער הגדה איז דאָך לך ולך, לך כי לך, אף לך, אונד האָט געפיהרט דיא האנד אויף יעדערן בעזונדער.

## 57) גוט געזאָגט דעם שופט.

איינער האָט אמאָל גערופען דעם אנדערן „נאר“, יענער האָט איהם אָנגע־געבען צום ריכטער אונד דער שופט האָט צוגעמשפּט ער זאָל באצאהלען שטראָף,

האָט ער נעפרעגט מען טאָר ניט רופען דעם אנדערן „נאַר״? ניין! האָט געזאָגט דער שופט, אונד וויא איז—פרעגט ער ווייטער—אז ער איז טאקע א נאַר? מען טאָר אלץ ניט! אונד וויא איז אז ער איז א נאַר אונד מען זאָל זאָגען אויף איהם „קלו־גער״? דאָס מעג מען — האָט געזאָגט דער ריכטער—נוא—רופט ער זיך אָפּ—אדיע קלוגער ריכטער.

## 58) דער ליגנער.

איינער פלעגט פאָהרען שטענדיג אין ווילנא, אונד פלעגט ברייננען אהיים ליגענס אָהן א שיעור, פרעגט איינער בייא איהם אמאָל „צו וואָס דארפט איהר נאָך פאָה־רען קיין ווילנא?״ פארשטעהט איהר — האָט ער געענטפערט — אז איך וועל ניט פאָהרען אהין, טאָמער דערצעהל איך גראדע איין אמת.

## 59) דער גראַף אונד דער איד.

א גראַף האָט געזאָגט צו א אידען „דוא ביסט נאָך היער? מאָרגען ווערדען דאָך א הונט אונד א יודע אויף דעם מארק טויט געשלאָגען״ שנעל פּאקט איין אייערע זאכען—האט דער איד געענטפערט—מיר מוזען ביידע פון היער ענטלויפען.

## 60) דיא גיכע געווינערין.

איינע האָט אמאָל געהאט צוויא חדשים נאָך דער חתונה א קינד, האָט גע־קאָכט דיא שטאָדט מיט דעם, רופט זיך אָפּ איהר מוטער דעם ערשטען מאָל איז זיא גיט גיניט, ווייטער וועט זיא האָבען צו ניין חדשים.

## 61) חקירה.

עס זיינען געזעסען מענשען אונד האָבען געקלערט: וואָס איז דיא מעשה וואָס אָקסען אונד ציגען זיינען דאָ אויף דער וועלט מעהר וויא פערד, חאָטש פון דיא ערשטע קוילעט מען זעהר פיעל אונד פון דיא קוילעט מען ניט? דאָס איז נור—האָט איינער פון זייא געענטפערט—ווייל פערד גנב'עט מען זעהר פיעל.

## 62) אַ ברית בייא אַ סאָלדאַט.

א סאָלדאט האָט געבעטען דעם אָפּיצער אויף א ברית, זאָגט דער אָפּיצער צו איהם: עס איז דאָך ערשט א מאָנאט נאָך דיין חתונה? איך בין דאָך גע־

ווען דיא צייט אין שטרייט — האָט געענטפערט דער סאָלדאַט — אונד אין שטרייט רעכינט זיך דאָך א מאָנאַט פאר א יאָהר.

## 63) דער בית עולם.

איינער איז געקומען אין א קליין שטעדטיל איז דאָרטען געווען דער בית עולם נעבען שול הויף, רופט זיך אָפּ דער אורח: א היבשע שטעדטיל אונד אזא קליינער בית עולם? „דאָס איז נור פאר אורחים", האָט איהם א קליינער אינגעל געענטפערט.

## 64) דער מלמד.

עס איז געווען א מלמד, וויא עס ווייזט אויס ניט קיין גרויסער פילָזאָף, האָ־בען זיינע תלמידים בייא איהם געפרעגט: פון וואָס מאכט מען פאפיר? דאס ווערט געמאַכט — האָט ער זייא געענטפערט — פון דיא אברעזקעס וואס דיא איינבינדער שניידען ארום דיא ספרים.

## 65) אַ צווייטער מלמד.

ער האט געלערענט מיט א אינגעל „ויתן לו את אסנת בת פוטיפרע כהן און לו לאשה" האט דער אינגעל בייא איהם געפרעגט: א גלח טאָר דאָך קיין ווייב ניט נעהמען? האָט ער איהם געענטפערט דאָס איז געווען פאר מתן תורה.

## 66) דער גנב.

איינער האָט געגנב'ט בייא דעם אנדערן אין שול א סטריימעלע, האָט דער לעצטער אָנגעגעבען אויפ'ן גנב אין סוד אונד האָט געבראכט צעהן עדות וואָס זייא ווייסען רוכטיג אז דער האָט דאָס געגנב'ט, רופט זיך אָפּ דער גנב צום סודיא: ער האט געבראכט צעהן עדות וואָס האָבען געזעהען וויא איך האָב געגנב'עט, אונד איך וועל דיר ברייננגען הונדערט עדות וועלכע האָבען ניט געזעהען וויא איך האָב געגנב'עט.

## 67) בוחן ומנסה.

איינער האָט אמאָל געלעזען אין א בוך, אז בייא דעם וואָס דיא באָרד איז לענגער וויא א טפח איז יענער א נאר אונד ער האָט טאקע געהאָט א לאנגע באָרד, האָט ער גענומען אונד האָט אָפּגעמאָסטען זיין באָרד פונקט א טפח אונד האָט צו

געהאַלטען מיט'ן האַנד אונד האָט אונטען אונטערגעצונדען עס זאָל דיא איבעריגע אָפּברענען, נוא פארשטעהט מען, אז וויא דער פייער איז געקומען צום האַנד האָט ער צונעחאַפּט דיא האַנד האט אָפּגעברענט דיא גאַנצע באָרד, האט ער אונטער־געשריבען אין בוך „ברוק ומנוסה.“

## 68) דער ראַבינער אונד דיא קראַנקע אידענע.

איינער אַ ראַבינער זאָגט: ער איז דאָקטאָר פיליזאָף, (אין איינע יאָהרען מיט בוצינא קדישא ד"ה בויך וויטיג) איז געוועזען אַ אידענע עפּעס ניט געזונד אויפ'ן בויך, איז זיא געגאַנגען אין גאַס, אריינצוגעהן צו אַ דאָקטאָר, האָט זיא זיך גראָדע אָפּגעשטעלט לעבען הויף וואו דער ראַבינער וואוינט אונד פרעגט בייא איינעם: וואו געהט מען ארויף צום דאָקטאָר? האָט איהר יענער ארויף געוויזען צום דאָק־טאָר פיליזאָף, דאָס הייסט צום ראַבינער, איז זיא ארויף צו איהם, פרעגט ער בייא איהר וואָס ברויכען זייא? זאָגט זיא איהם „עס חאַפּט איהר אָפּט אַ שניידונג אין בויך“ אונזער דאָקטאָר האָט פערשטאַנען, אַז זיא האָט אַ טעות געהאַט, ניט אַזאַ דאָקטאָר וויא ער מיינט זיא, זאָגט ער צו איהר, איך בין קיין דאָקטאָר מעדיצין נור אַ דאָקטאָר פיליזאָף; האָט זיא בייא איהם אַ פרעג געטהאָן, וואס איז דאָס פאַר אַ קראַנקהייט?

## 69) אַ סגולה צו מייז.

איין אורח איז געקומען צו פאָהרען אין אייז אכסניא אונד איז דאָרטען גע־שטאַנען אַ פּאָר טעג, פאַר'ן אוועק פאָהרען, האָט ער געבעטען אַ רעכענונג, האָט מען איהם געגעבען אַ רעכענונג, אויף צעהן רובל מיט קאָפּיקעס, איהם האָט דאָס זעהר פארדראָסען וואָס מען רעכענט איהם אזוי טייער, נור פארפאַלען, דער נאָך רופט זיך אָפּ דער ווירט צו איהם „איך בעט אייך אז ווען איהר וועט קומען אין שטאָדט זאָלט איהר אריין פאָהרען צו מיר“; איך וועל אייך זאָגען דעם אמת האָט דער אורח געזאָגט בייא אייך וואָלט גאַנץ גוט געוועזען צו זיין שטאַנציע, מעהר ניט פון דיא מייז קען מען ניט אויסהאַלטען, מען קען איבער זייא ניט שלאָפען אַ גאַנצע נאַכט; וואָס זאָל איך טאָהן?—זאָגט דער ווירט—איך האָב שוין געטאָהן אַללע מיטלען אונד עס העלפט ניט; „איך וועל אייך געבען אַ גוטע סגולה—האָט דער אורח געזאָגט—וואָס דאָס וועט געוויס העלפען“; אַך גוטע יאָהרען זאָל אייך זיין, איך וועל אייך אַלע מאָל דאַנקבאַר זיין—האָט דער ווירט געזאָגט—זאָגט מיר וואָס איז דיא סגולה? האָט זיך אָפּגערופען דער אורח: איהר זאָלט זייא וועיזען אַ רעכענונג וועלען זייא אַנטלויפען אונד וועלען שוין מעהר דיא אויגען ניט ווייזען.

## 70) אַ קלוג וואָרט פון אַ חכם.

עס זיינען געזעסען מענשען אונד האָבען געקלערט וועגען גאָט, עס איז זייא ניט געפעלען וויא גאָט פיהרט דיא וועלט, איינער זאָגט: אז איך וואָלט געווען א גאָט וואָלט איך געפיהרט דיא וועלט אזוי.... נאָך איינער האָט געזאָגט: אז איך וואָלט געווען א גאָט, וואָלט איך געפיהרט דיא וועלט אזוי אונד אזוי... איינער איז צווישען זייא געווען א חכם, האָט ער געזאָגט: אז איך וואָלט געווען א גאָט, וואָלט איך געפיהרט דיא וועלט, וויא גאָט פיהרט, דען דאַן וואָלט איך דאָך געהאַט שכל וויא גאָט, וואָלט איהר דאָך פאַרשטעהן אז מען מוז פיהרען דיא וועלט וויא גאָט פיהרט איצט.

## 71) מענדעלזאָהן'ס אַ תשובה.

דער באַריהמטער חכם מענדעלזאָהן איז געווען א בוכהאַלטער בייא איין קאָנ־טאָריסט; זאָגט איינער אמאָל צו איהם: „נוּא, זאָגט, וויס גאָט וואס ער טהוט? אז איהר דאַרפט זיין דער בוכהאַלטער, אונד אייער ווירט—אזא פּראָסטער מענש—דער קאָנטאָריסט; זעהט וויא גאָט איז א חכם האָט איהם מענדעלזאָהן געענט־פערט—דען, אז איך וואָלט געווען דער קאָנטאָרסיט, וויא פאַרשטעהט איהר וואָלט איך איהם גענומען פאַר א בוכהאַלטער?

## 72) וואוהין גייסטו?

דער זעלבער חכם איז געגאַנגען אין גאַס, האָט איהם אָנגעטראָפען דער קעניג, אונד פרעגט איהם וואוהין גייסטו? איך וויס ניט—האָט ער איהם געענטפערט—דער קעניג איז געוואָרען אויף איהם זעהר בייז פאַר זיין ענטפער אונד האט געהייסען מען זאָל איהם אַראָפּזעטצען אין פעסטונג, קומענדיג אהיים האָט דער קעניג גענומען קלערן מענדעלזאָהן איז דאָך א בעריהמטער חכם וויא קומט דאָס צו איהם ער זאָל ריידען אזא נאַרישקייט, עס מוז עפּעס זיין אין דעם; ער האָט איהם געשיקט רופען אונד פרעגט איהם פאַר וואָס האָסטו מיר געענטפערט איך וויס ניט? האָט מענדעלזאָהן געזאָגט צו איהם: האָב איך דען ניט ריכטיג געענטפערט, האָב איך דען געוואוסט וואו איך געה, אָט בין איך גאָר אוועק אין פעסטונג, ווען זייא וואָל־טען בייא מיר פרעגען וואוהין וויל איך געהן, דאַן וואָלט איך זייא געגעבען א ריכ־טיגען אנטוואָרט.

## 73) דערזועלבער.

דער קעניג איז אמאָל געשטאַנען מיט איהם שבת בייא טאָג אונד געקוקט דורכ'ן פענסטער אויפ'ן גאַס, זעהען זייא וויא א איד געהט פאר בייא אין א שלאָף ראָק אונד שנייצט אויס דעם נאָז אונד ווישט אָפּ דיא האנד אָן קעניגליכען פּאלעץ, זאָגט דער קעניג צו מענדעלזאָהן וואָס זאָגסטו אויף דעם יודע? דער יודע דיינקט— האָט מענדעלזאָהן געענטפערט — אז בארלין איז א שלאָף צימער אונד דער פּאלעץ איז איין שנופּ טוך.

## 74) אַ ווייב אָן אַ נאָז.

איינער האָט געהאט א שלעכטע ווייב, איז זיא אויף איהם אמאָל זעהר אין כעס געוואָרען, האָט זיא גענומען אונד האָט זיך אָפּגעשניטען דעם נאָז אונד זאָגט, „לאָז ער האָבען א ווייב אָהן א נאָז."

## 75) דיא ווייב מיט דיא קללות.

איינער האָט געהאט זעהר א שלעכטע ווייב, וואָס זיא פלעגט איהם שטענדיג שילטען, א גאנצען טאָג האָט זיך איהר מויל ניט צוגעמאכט, אמאָל האָט זיא גע־נומען איהם זעהר שטארק שילטען אונד ער איז געזעסען אונד האָט געלאכט אונד עס האָט איהם גאָר ניט געארט, איז זיא נאָך מעהר אין כעס געוואָרען אונד האָט אָנגעהויבען צו שילטען זיך אליין, דאָ האָט ער שוין ניט געקענט שוויגען אונד האָט איהר דערלאנגט גוטע פּעטש אונד זאָגט: דוא פארפלוכטע פרוי, מיין ווייב ווערסטו שילטען! מיר אז דוא שילסט ארט מיך ניט, אָבער מיין ווייב וויל איך ניט דוא זאלסט שילטען.

## 76) געשיינקט יאָהרען.

אין א שטעדטיל איז געוועזן איין אלטער מאַן זעהר א פרומער, דיא שטעדטיל האָט איהם זעהר ליב געהאט, איינמאָל איז ער קראנק געוואָרען, האָבען גאַנץ שטעד־טיל פאר איהם גאָט געבעטען אונד האָבען איהם געבראכט א דאָקטאָר, דער דאָק־טאָר, האָט אָבער געזאָגט אז מען קען איהם ניט העלפען ער מוז שטארבען, האָבען זיך דיא שטאָדט לייט מישב געוועזן איין אנדער מיטעל: יעדער זאָל איהם שענקען עפּעס פון זיינע יאָהרען, וועט זיך צו נויף קלייבען שעהנע עטליכע יאָהר פאר דעם

אלמען, זייא האבען אזוי געטהאן אונד יעדער האט איהם געשענקט אביסל יאהרען, איז צוגעגאנגען צו איהם איינער א שוסטער אונד זאגט: „ר' יצחק איך שיינק אייך צוואנציג יאהר"; וואס טהוסטו דאס — האט צו איהם איינער געזאגט—צו משוגע ביסטו! וויא גיט דאס א מענש אוועק צוואנציג יאהר פון זיין לעבען? דאס גיב איך ניט מיינע יאהרען—האט ער געענטפערט—איך גיב דאס אוועק דיא יאהרען פון מיין ווייב דיא ארורה.

## 77) געלערענט ספרים.

איינער האט זיך באריהמט ער האט געלערענט א סך ספרים, האט זיך אפ־גערופען צו איהם א חכם „אמת דוא האסט געלערענט א סך ספרים, צו האבע אבער דיא ספרים דיר געלערענט?

## 78) דער בעל שם.

א בעל שם איז געקומען אין א שטעדטיל האט מען איהם בעשטעלט שבת בייא א גלעזער, ער איז דארטען געווען א גאנץ שבת בכבוד, מוצאי שבת אין מיט'ן נאכט האט דער בעל שם גענומען בלאזען צו דעם גלעזערס ווייב, דער גלעזער האט דאס באמערקט אונד האט אנגעצונדען פייער אונד האט געמאכט קולות, אללע האבען זיך אויפגעחאפט אונד מען האט דעם בעל שם מכבד געווען מיט גוטע קלעפ אונד מען האט בייא איהם אפגענומען ביז א גראשין וויא פיעל ער האט גע־האט; וויא ריכטיג דאס איז דיא רייד פון אונזער היילינגער גמרא — האט דער בעל שם געזאגט—אז דיא גמרא זאגט „הרוצה לאבד מעותיו ישתמש בכלי זכוכית."

## 79) דער קדיש זאגער.

בייא איינעם איז געשטארבען א פאטער, פלעגט ער זעהר אפהיטען צו זאגען קדיש, דערנאך אז דיא מוטער איז געשטארבען, האט ער נאך איהר ניט געזאגט קיין קדיש, האט בייא איהם איינער געפרעגט: פאר וואס נאכ'ן פאטער פלעגסטו יא זאגען קדיש אונד נאך דיא מוטער נים? פארשטעהט איהר—האט ער איהם גע־ענטפערט—בעת זייא האבען ביידע געלעבט פלעגען זייא זיך אלע מאל קריגען אונד אפט געשלאגען זיך אויך, דארום וויל איך ניט זייא זאלען זיין דארטען צו זאמען אין גן־עדן דייא זאללען דארטען אויך ניט מאכען קיינע לייטעשע געלעכטער.

## 80) זיבעצעהן יאָהר אַ מיידיל.

איינע א מיידיל אלעס איינער האָט בייא איהר געפרעגט וויפיעל יאָהר איז איהר? האָט זיא געענטפערט זיא איז אלט זיבעצין יאָהר; זייא וויזען אוים עלטער האט איהר יענער געזאָגט—„זייא קענען פרעגען בייא מיין ברודער ער וויים אויך;“ יאָ האָט זיך אָפּגערופען דער ברודער עס איז ריכטיג אזוי, דען שוין צעהן יאָהר, אז איך הער אלץ אז זיא זאָגט, אז זיא איז זיבעצין יאָהר, נוא וועט זיא זאָגען צעהן יאָהר נאָכאנאנד א ליגען?

## 81) אַ קלוגעס קינד.

איין אלטער מאַן האָט געזאָגט צו א קליין קינד נא דיר מיין קינד איין עפּיל אונד זאָג מיר וואו איז גאָט? אָה אלטער נאר—האָט איהם דאס קינד געענטפערט גאָט אייך צוויי עפּיל אונד זאָגט מיר וואו איז נים גאָט?

## 82) אַ צווייטעס קינד.

איינער האָט געזאָגט צו א קליין קינד, וויז מיר בייא מיר אויפ'ן האנד איין אל"ף, האט דער קינד איהם געענטפערט: וויזט איהר מיר אויפ'ן האנד איין בי"ת וועל איך אייך וויזען איין אל"ף.

## 83) שיער נים דערטרונקען געוואָרען.

איינער איז געגאנגען זיך באָדען אין טייך, האָט ער זיך שיער נים דערטרונקען, האָט ער געשוואָרען ער זאָל זיך נים צוריהרען צום וואסער ביז ער וועט זיך אויס־לערנען גוט שווימען.

## 84) זעהן וויא מען זעהט אוים אַז מען שלאָפט.

איינער האָט אמאָל געוואָלט זעהן וויא ער וויזט אוים בעת ער שלאָפט, האָט ער זיך געשטעלט אנטקעגען שפּיגעל אונד האָט צוגעמאכט דיא אויגען.

## 85) געשלאָפען אין ברילין.

איינער האָט זיך געלייגט שלאָפען האָט ער אָנגעטהאָן ברילין, האָט בייא איהם געפרעגט צו וואָס דארפט איהר דיא ברילין בעת איהר שלאָפט? פארשטעהט

איהר—האָט ער איהם געענטפערט—איך האָב א נידעריגע ראיה, אונד מיר חלומט זיך אָפט, טוא איך אָן דיא ברילין, איך זאָל גוט זעהן אין חלום.

איינער האָט געהאלטען ביין שטארבען, האָט ער צוגערופען זיין ווייב צו זיך אונד זאָגט צו איהר: „איך בעט דיך מיין ווייב, וואש זיך ארום גאנץ גוט אונד טוא זיך אָן אין דיינע יום טובדיגע קליידער, מיט אללע צירונג, וואָס דוא האָסט אונד דוא זאָלט זיך אויספוצען, וויא אויף דעם גרעסטען פאראד;" עס איז איהר אפילו ניט געוועזען דאָס אין קאָפּ, נאָר וואָס זאָל מען טהאָן, דער מאן בעט פאר'ן טויט וויא פאָלגט מען ניט! זיא האָט ערפילט זיין פארלאנג, אונד איז צוגעגאנגען צו איהם, רופט ער זיך אָפּ: נוא זאָג מלאך המות, איז זיא דען ניט פיעל שעהנער פון מיר, צו וואָס דארפסטו מיך, נעהם בעסער איהר צו.

## 86) אַ פאַרלאַנג פאַר'ן טויט.

ריבעלע דיא צנועה האָט זיך באריהמט פאר דיא ווייבער, אז בעת חאָלעריע האָט זיא נעהאט אזוי פיעל ארבייט ארום דיא חלאים אז זיא האָט פראָסט קיין הענד ניט געהאט, עס איז בייא איהר אוועק געגאנגען א גאנצען פונטיל פעדערין צו לייגען דיא ווייבער צום נאָז זעהן צו איז זיא שוין געשטאָרבען, דערנאָך האָט זיא צו נויף געקליבען דיא פעדערין אונד האָט דאָס אוועק געגעבען איין אָרעמע כלה, איין מאָל קום איך צו א ווייביל—דערצעהלט זיא—איך לייג איהר ארויף א פעדער אויפ'ן נאָז, זיא בלאָזט אראָפּ, איך לייג איהר ארויף נאָך א פעדער, זיא בלאָזט ווידער אראָפּ אונד אזוי נאָך פיעל מאָל, חלעבען — זאָגט זיא--צו איך האָב דאָס צייט לעבען אייך צו שטעהן א גאנצען טאָג? אונד האָט גענומען אונד האָט איהר אָנגעשטאָפּט א פולען נאָז מיט פעדערין אונד זיא איז באלד געשטאָרבען אונד מען האָט איהר גלייך אָפּגעהויבען.

## 88) דוא ביסט גערעכט.

צווייא מענשען זיינען געקומען אין א שטעדטיל צום רב א דין תורה האָבען, איינער האָט אָפּגעטענ'הט, זאָגט דער רב צו איהם „דוא ביסט גערעכט" דערנאָך האָט דער אנדערער געטענ'הט, האָט דער רב צו איהם געזאָגט „דוא ביסט אויך גערעכט" פרעגט דיא ווייב בייא איהם: וויא קען דאָס זיין ביידע זאָלען זיין גערעכט? האָט איהר דער רב געענטפערט „דוא ביסט אויך גערעכט".

## 89) איינער אונד זיין ניט פרומע ווייב.

איינער האָט נעהאַט א ווייב וואָס מען האָט אויף איהר זעהר שטאַרק גילאמר—ט, האָט איינער אמאָל געזאָגט צו איהם: וואָס פעהלט אייך! איהר זייט א גאַנץ שעהנער מענש, אייער ווייב אויך א זונה, קינדער לייטעשע, טאָ וואָס פעהלט אייך?

## 90) אַ שנאַפּס פאַר'ן דאַוונען.

איינער איז אמאָל אריין צו איינעם אין דער פריה, האָט יענער געפרעגט בייא איהם: אפשר וועלען זייא מאַכען א שנאַפּס? האָט דער געענטפערט: 1טען איז פאר'ן דאַוונען, 2טען האָב איך שוין געמאַכט, 3טען ווייזט אהער וועל איך מאַכען.

## 91) אַ מאָזיע ניע פּראַוודאַ.

איינער א אידיל האָט געדאַרפט פאָהרען פאַר א מייל פופצעהן אונד עס איז דאמאָלסט געוועזען שניט צייט, האָט ער בשום אופ'ן ניט געקענט קריגען קיין פור, דען קיין פויער האָט ניט געוואָלט פאָהרען אין דיא צייט, האָט זיך דער אידיל מישב געוועזען אונד איז אוועק צו א פויער אונד זאָגט איהם: איך האָב פאַר דיר זעהר א גוטען געשעפט, דאָרטען אין יענער שטעדטיל פארקויפט מען צעהן קיילעצין ווייסע, גרויסע, אונד ווארעמע פאַר א גראָסין, דוא זאָלסט מיט מיר פאָהרען אונד דוא וועסט דאָרטען איינקויפען א סך קיילעצין, וויא וועסטו ניט נעהמען דאָ לפּחות צו זעקס גראָסין א קיילעץ, וועסטו דאָך פארדינען א סך געלט. דעם פויער איז דאָס געפעלען געוואָרען, אונד האָט גענומען שפּאַנען דעם פערד צו פאָהרען, אין מיטען ניט דער פויער בייא איהם א פרעג: א מאָזע ניע ביאַלי? ביאַלי! ענטפערט דער אידיל; דער פויער שפּאַנט ווייטער, דער נאָך גיט ווידער דער פויער א פרעג: א מאָזע ניע באָלשיע? באָלשיע ענטפערט דער איד, דער פויער שפּאַנט ווייטער, אונד פרעגט ווידער: א מאָזע ניע צעפּלי? צעפּלי! ענטפערט דער איד, דער נאָך גיט ווידער דער פויער א פרעג: א מאָזע ניע דאדוט 10 זא גראָש? דאדוט! ענט־פערט דער איד, דער פויער האָט שוין איינגעשפּאַנט דעם פערד אין גאַנצען איז ער זיך מישב אונד גיט א פרעג דעם אידען: א מאָזע ניע פּראַוודא? איי—זאָגט דער איד—אז דוא פּאַלסט שוין אויף אזא שאלה, קען מען שוין מיט דיר גאָר ניט מאַכען (דער משל קען צו ניץ קומען צו א סך זאַכען).

## 92) גישפּאַצירט אַן דיא ווייב.

א יונגער מאן איז גענאַנגען שפּאצירען אונטערן שטאָדט, האָט איהם איינער אָנגעטראָפען אונד פרעגט בייא איהם: פאר וואָס נעהט איהר אליין אונד האָט ניט גענומען אייער ווייב צו געהן מיט איהר? איך וועל אייך זאָגען — האָט דער יונגער מאן געענטפערט — עס איז אמאָל געווען א מעשה: דער דלות האָט זיך אריינגע־קליבען צו איינעם, ער האָט פו איהם ניט געקענט פטור ווערען ער האָט געטהאָן אללע מיטלען עס האָט ניט געהאָלפען, האט ער זיך מישב געווען ער וועט ארויס אין איין אנדער שטאָדט אונד דעם דלות וועט ער לאָזען דאָ, האָט ער גערונגען פוהרען אונד האָט גענומען פאקען דיא זאכען, ער זעהט דער דלות פאקט זיך אויך, וואָס פאקסטו זיך? פרעגט ער דעם דלות, וויא הייסט דאָס—ענטפערט דער דלות איך פאָהר דאָך אויך מיט דיר! וואָס רעדסטו? האָט ער זיך אָפגערופען צום דלות—דיא גאנצע זאך וואָס איך פאָהר ארויס איז נור איך זאָל פטור ווערען פון דיר, היינט אז דוא וועסט אויך מיטפאָהרען טאָ וואָס איז דיא פעולה פון מיין אוועק פאָהרען? דאָס גלייכען איז—זאָגט דער יונגער מאן—מיט מיר אויך, דיא גאַנצע זאך וואָס איך געה אוועק פון שטוב איז, וויל איך וויל פטור ווערען פון דיא ווייב, זאָגט איהר איך זאָל נעהמען דיא ווייב אויך מיט מיר.

## 93) געוואָלט עסען חמץ.

א איננעל האָט פסח צום סדר געפרעגט ביין פאָטער דיא פיער קשיות, איז וויא ער האָט געזאָגט „שבכל הלילות אנו אוכלים חמץ ומצה, אז מיר ווילען עסען מיר חמץ אונד אז מיר וויכען עסען מיר מצה“ האט דער פאטער א געשריי געטהאן: יונגאץ! וואָס זאָגסטו א ליגען, אז א גאנץ יאָהר אז מיר ווילען עסען מיר חמץ, וויפיעל מאָל איז דאָך געווען אז מיר האָבען געוואָלט עסען חמץ אונד עס איז ניט געווען.

## 94) דער אַמעריקאַנער באָק.

איינער האָט ארומגעפיהרט איין אמעריקאנער באָק אויף בילעטען, געוואוינליך איין אמעריקאנער באָק איז בייא אונז א נייעס, זיינען אללע געלאָפען זעהן, איז גע־ווען איינער וואָס איז געקומען זעהן דעם באָק, ער נים אקוק א זופראנער אידיל פיהרט ארום דעם באָק, פרעגט ער בייא איהם וויא קומסטו צו איין אמעריקאנער באָק? פארשטעהט איהר האָט ער געענטפערט—דער באָק איז א היגער,—נאָר איך

בין א גרויסער אָרעמאַן איך וויל עפּעס פאַרדינען נוּא אז איך וועל ארומפיהרען א הינגען באָק וועט דאָס וועלען געבען געלד צו זעהן דעם באָק, וואָס האָב איך געטהאָן, האב איך גענומען דעם באָק אונד האָב איהם אָבועפאָרבט א האַלבע באָרד אויף רויט אונד א האלבע אויף גרין אונד איין אויער פאַרקאַסערט ארויף אונד איינער אראָפּ אונד האָב איהם א נאָמען געגעבען „אמעריקאַנער באָק“ אָט נעהמען אַללע בילעטען אונד אין אמת איז ער א הינגער באָק. (אזא מין באָק זעהען מיר אָפט אויף דער וועלט).

## 95) דיא ווייב האָט אָפּגענאַרט דעם מאַן.

איינער האָט גענומען א ווייב, האָט זיא איהם געזאָגט פאַר דער חתונה, אז זיא האָט טויזענד רוביל אונד האָט דרייא קינדער, אונד זיא איז אַלט דרייסיג יאָהר, לסוף האָט ער זיך ארומגעזעהן נאָך דער חתונה אז זיא האָט נאָר פינף הונדערט רוביל, אונד פיער קינדער, אונד איז אלט פערציג יאָהר, האָט ער געזאָגט צו איהר: מיילע וואָס דוא האָסט געזאָגט אז דוא האָסט טויזינט רוביל אונד דוא האָסט מעהר ניט וויא פינף הונדערט, ביסטו דאָך ניט מחויב צו געהן גנבנען נאָך פינף הונדערט רוביל, דוא האָסט געזאָגט אז דוא האָסט נור דרייא קינדער אונד איצט האָסטו פיער קינדער, נוא וואָס זאָלסטו טהאָן דוא קענסט דאָך ניט בעגראָבען איינעם, נור דאָס וועל איך דיר בעטען: דוא האָסט געזאָגט אז דוא ביסט אַלט דרייסיג יאָהר אונד אין אמת ביסטו אַלט פערציג יאָהר, וועל איך דיר בעטען, אז חאָץ פון איצט אָן זאָלסטו ניט עלטער ווערען.

## 96) אַ מאַן מיט דרייא קינדער.

איינער א ניט הינגער איז געקומען אין שטאָדט אונד האָט גענומען א ווייב, האָט ער איהר געזאָגט א פריהערע, אז ער האָט דרייא קינדער, איז זיא מרוצה גע־וואָרען, דערנאָך פאַהרענדיג מיט איהר צו זיך אהיים האָט ער איהר געזאָגט אז ער האָט פיר קינדער, נוּא מיילע וואָס זאָל איך טהאָן אז עס איז רעכט דריי איז רעכט פיער, זיא איז געקומען צו איהם אהיים האָט זיא געפונען אין שטוב זיעבען קינדער, האָט זיא אָנגעהויבען צו קריגען זיך מיט איהם וואָס ער האָט איהר אָפּגענאַרט, האָט ער צו איהר געזאָגט: „וויא אזוי האָב איך דיר אָפּגענאַרט?‘ איך האָב דיר געזאָגט אין שטאָדט, אז איך האָב דרייא קינדער, אויפ'ן וועג האָב איך דיר געזאָגט אז איך האָב פיער קינדער, נוא וויפיעל איז דרייא מיט פיער, ניט זיעבען?

## 97) דער תלמיד מיט דעם רבין.

איינער האט באגעגענט זיינעם א רבין א פארצייטיגען, וואס ער האט בייא איהם געלערנט קינד ווייס, האט ער צו איהם געזאגט: „רבי, איך וואלט זיך דאס פון אייך ניט ריכטען איהר זאלט זאגען אזא ליגען!“ בייא וואס פאר א ליגען האסטו מיר געחאפט?—האט דער רבי בייא איהם געפרעגט—„געדענקט איהר רבי“ האט ער איהם געענטפערט, אז איהר פלעגט מיר שטענדיג זאגען: „געדענק שמעון, דוא וועסט חרטה האבען, וואס דוא ווילסט ניט לערנען“—אונד איך האב נאך עד היום קיין חרטה ניט.

## 98) אַ מאַן מיט אַ ווייב.

איינער האט געזעהן, וויא עס געהט א דאמע מיט א הערר געארעמט אונד ריידען זיך זעהר פריינדליך, פרעגט ער בייא איינעם: דאס איז א מאן מיט א ווייב? יא—ענטפערט יענער—דאס איז א מאן מיט א ווייב, נור ער איז ניט איהר מאן אונד זיא איז ניט זיין ווייב.

## 99) אַ געשפרעך פון צווייא בעלי מלאכות.

צווייא בעלי מלאכות האבען גערעדט צווישען זיך, דערצעהלט איינער דעם אנדערן: „מיין טאטע עליו השלום האט געטאהן אין טראק, אונד דיין טאטע עליו השלום האט געטאהן אין מיעדניק, פלעגען זייא זיך דערלאנגען א שמעק טאבאק איינער דעם אנדערן;“ פרעגט דער אנדערער בייא איהם: „וויא אזוי קען דאס זיין?“ טראק איז דאך פיער מייל אויף דער זייט ווילנא, אונד מיעדניק איז פיער מייל אויף יענער זייט ווילנא, איז דאך ווייט איינע פון דיא אנדער אכט מייל, האט דאך בייא זייא געדארפט זיין דיא הענד צו פיער מייל דיא ליינג, אז זייא זאלען זיך קענען דערלאנגען א שמעק טאבאק איינער דעם אנדערן? „אי“—האט איהם יענער געענטפערט — אז דוא פרעגסט קשיות ביסטו גאר איין אפיקורס, איך ווייס מיין טאטע ז״ל האט מיר אזוי דערצעהלט דארף איך גלויבען.

## 100) דער ברית אין דער צייט.

איינע האט געהאט א אינגעל צווייא חדשים נאך דער חתונה, אז עס איז געקומען צום ברית האט איינער געפרעגט: דאכט זיך עס איז בייא איהר מעהר

ניט וויא צוויא חדשים נאָך דער חתונה, וויא קומט דאָס אזוי גיך א ברית פאַר דער צייט? „דער ברית איז געוועזן אין דער צייט" — האָט איינער געענטפערט — נור דיא חתונה איז געוועזן צו שפעט.

## 101) געמאַכט אויף גאַנץ פּסחים.

א מחבר האָט ארייגגעטראָגען זיין ספר צו א גביר, דער ספר איז געוועזן א פּירוש אויף גאנץ פסחים, האָט ער געבעטען ביים גביר א רוביל פאַר דעם ספר; פאַר וואָס קומט פאַר דעם סופר א רוביל? האָט דער געפרעגט — פאַר וואָס ניט — האָט דער מחבר געזאָגט — איך האָב דאָך געמאכט אויף גאנץ פסחים;" אונד אז איהר האט יא געמאכט אויף גאנץ פסחים טאָ איז וואָס? האָט דער גביר געזאָגט איך האָב א האָן האָט ער מיר אָנגעמאכט אויף גאנץ ש"ס קאָסט ער מיר פערציג קאָפּיקעס.

## 102 בעקאַנט געמאַכט.

איינער איז געוואָרען בעקאנט מיט איינעם, זאָגט ער צו איהם: מיר פריידט זעהר וואָס איך בין מיט אייך בעקאנט געוואָרען, מיט איינינע יאָהר צוריק בין איך בעקאנט געוואָרען מיט איינעם אויך פון דיא זעלביגע פאמיליע וואָס אייערע, איז ער געוועזן א גרויסער חזיר; „דאָס איז געוועזן מיט מיר אליין" — האָט דער געענט־פערט.

## 103) דיא פרויא מיט דיא אייזלען.

איין אלטע פרויא האט געפיהרט אייזלען, האבען איהר בעגעגענט איינינע יונגע לייט, האָבען זייא געוואָלט פון איהר אָפּלאכען, זאָגען זייא צו איהר „גוט מאָר־גען אייך מוטער פון דיא אייזלען" האָט זיא זייא געענטפערט: „גוט יאָהר אייך מיינע ליעבע קינדער."

## 104) אַ מחבר האַנדעלט מיט מעבעל.

א מחבר האָט אָנגעטראָפען איינעם, פרעגט יענער בייא איהם: וואָס הערט זיך, מאכט איהר עפּעס גוטע געשעפטען מיט אייערע ספרים? איך האָב שוין אוועק געוואָרפען דעם געשעפט פון דיא ספרים אונד האָב אָנגעהויבען צו האנדלען מיט מעבעל — האָט דער מחבר געענטפערט; נוא לייזט איהר עפּעס פאַר מעביל? האָט

יענער ווייטער נעפרעגט — דער ווייל האָב איך נור געלייזט פון מיין אייגענע האָט דער מחבר געענטפערט.

## 105) חקירה פון בטלנים.

צווייא בטלנים האָבען נעקלערט: וואָס איז בעסער א בריתל צו א מתיל? פון א בריתל האָט מען א גילדין אונד פון א מתיל האָט מען א גילדין; א בריתל איז בעסער—האָט דער אנדערער געזאָגט- ווייל פון א בריתל ווערט דאָך אמאָל זיין א מתיל אויך.

## 106) חקירה פון בטלנים.

וואָס איז בעסער, צו זיבען שיסלען קאשע, צו פערצעהן שיסלען גרויפען? ענטפער: פערצעהן שיסלען גרויפען איז בעסער, ווייל פון פערצעהן שיסלען גרויפען ווערט דאָך זיין זיבען שיסלען קאשע אונד דערצו דיא יויך אויך.

## 107) חקירה פון בטלנים.

וואָס איז בעסער לאָקשען צו פארפיל? האָבען צווייא בטלנים נעקלעהרט איינער זאָגט לאָקשען איז בעסער, ווייל פארפיל האָב איך מעהר ניט וויא אין לעפיל אונד לאָקשען האָב איך נאָך ארום לעפיל אויך; אונד דער אנדערער זאָגט: ניין! פארפיל איז בעסער, ווייל פארפיל דיא וואס איך האָב אין לעפיל בין איך דאָך זיכער, אונד לאָקשען איז דיא וואָס ארום לעפיל קענען ארויס שלעפען דיא וואָס אין לעפיל אונד ווידער איז לאָקשען גלאַט איז ענוי מען דארף ארויס שטעלען דעם צונג, האָט דער אנדערער נעפרעגט: אז לאָקשין איז איין ענוי פאר וואָס עסט מען דאָס ניט אום תשעה באב? חכם מיינער—האָט דער געענטפערט—אז מען זאָל עסען לאָקשין אום תשעה באב ווערט דאָך זיין צווייא ענוים אי פאסטען אי עסען לאָקשין, אונד צווייא ענוים איז מען ניט מחויב אום תשעה באב.

## 108) געלאָזען דיא הגדה אין שיינק.

איינער האָט געלאָזען דיא הגדה אין שיינק ערב פסח, האָט איינער בייא איהם נעפרעגט: וויא לאָזט איהר ערב פסח דיא הגדה אין שיינק? פארשטעהט איהר— האָט ער איהם נעענטפערט—איך האָב אָנגעגרייט דיא הגדה אויף בייא נאכט צום סדר, דערווייל האָב איך דאָרטען דערזעהן אזעלכע וויכטיגע מענשען; ר' אליעזר

ר׳ עקיבא, ר׳ יהושע אונד ר׳ טרפון, נוא וויא נעהם מען ניט אריין מיט זייא מאכען א שנאפס, האבען מיר געמאכט א גוטען שנאפס, איך האב א שטארקע קאפ האב איך געקענט אוועק געהן, אונד זייא האבען נעבאך שוואכע קעפ זיינען זייא געבליבען אין שיינק.

## 109) אַ שלעכטע פרויא.

א נביר האט געדארפט נעהמען א ווייב זיינען געקומען דיא שדכנים אונד האבען איהם פארגעלייגט זעהר גרויס ארטיגע שידוכים אונד ער האט קיינע ניט נעוואלט, האט בייא איהם א שדכן געפרעגט וואס פאר א שידוך ווילט איהר? איהר קענט דיא שעמערניצע — האט דער גביר געזאגט — וואס זיצט דארטען אונד דארטען מיט א שאמער, מיט איהר זאלט איהר מיר ריידען, דער שדכן האט געמיינט, אז ער לאכט דאס פון איהם ווייל זיא איז געווען איין ארעמע אידענע א בעוואוסטע מרשעת; ניין ·זאגט דער גביר—איך לאך גאר ניט, איך וויל איהר נעהמען, געהט אריבער אונד רעדט מיט איהר אונד איך וועל אייך באצאהלען שדכנות וויא פון א רייכען שידוך, דער שדכן איז אוועק צו איהר אונד האט איהר פארגעלייגט דעם שידוך, פארשטעהט זיך, אז זיא האט זיך ניט געלאזט בעטען אונד איז באלד מרוצה געווארען אונד עס איז געווען חתונה בייא זייא, עס איז אוועק עטליכע טעג נאך דער חתונה, זאגט זיא צו איהם: זאג מיר מיין מאן וואס איך וועל בייא דיר פרעגען: דוא ביזט דאך אזא גביר אונד א יחסן וויא קומט דאס אז דוא האסט מיר גענומען? פארשטעהסטו מיין ווייב—האט ער איהר געענטפערט—מיר איז דא זעהר גוט אויף דער וועלט, אונד וויא יעדער מענש איז דאך ניט ריין פון זינד האב איך מורא איך זאל ניט האבען אויף יענער וועלט גיהנם האב איך דיר גענומען דוא ביסט בעוואוסט אין שטאדט פאר א גרויסע מרשעת, וועל איך אפקומען דעם גיהנם אויף דער וועלט זיא איז געווארען זעהר אין כעס אויף דעם ענטפער אונד זאגט צו איהם מיט כעס: אזוי מיט מיר ווילסטו אפקומען דעם גיהנם! אונד א שלעכט ווארט ·ועסטו וועון הערען פון מיר! אונד א קללה ועסטו וועון הערען פון מיר! ניין! בשום אופן ניט מיט מיר ועסטו קיין גיהנם ניט אפקומען!

## 110) דער האָן מיט דיא הון.

דיא גמרא זאגט: אז דער האן וויל זיך שפילען מיט דיא הון זאגט ער איהר צו ער ועט איהר מאכען א קלייד אונד דערנאך שטעלט ער אוים דעם פליגיל אונד

זאָגט: זאָל מיר אראָפּ דער פליגיל אויב איך האָב א קלייד אונד מאַך דיר ניט, פרעגט דער עולם א קשיא צו אַלע מאָל קען ער איהר דאָס אָפּנארען? דער תירוץ איז: דיא הון זאָגט א דאגה לאָז ער מיר אָפּנארען.

## 111) דער שניידער.

איינער האָט אוועק נעגעבען א שניידער א קלייד צו פאררינכטען, האט ער איהר אָפּגעבראַכט אין פיעל ערטער צוריסען; וואָס איז דאָס?—האט ער בייא איהם געפרעגט;—מעגט איהר מיר גלויבען—האָט דער שניידער געענטפערט—אז עס איז פריהער אויך אזוי געוועזן.

## 112) אַ גוטען מיינונג אויף אַ חתן.

מען האָט בייא איינעם נאָכגעפרעגט אויף א בחור וועגען א שידוך, האָט ער געזאָגט; דער בחור דארף נעהמען זעהר פיעל נדן ווייל היינט איז אזא סחורה זעהר טייער מכמה טעמים: א פערד וואָס פלעגט אמאָל קאָסטען פינף אונד צוואנציג רוביל קאָסט ער היינט הונדערט, א חזיר וואָס פלעגט קאָסטען אמאָל צעהן רוביל קאָסט היינט דרייסיג, אונד א בחור וואָס פלעגט אמאָל נעהמען הונדערט רוביל נדן נעהמט היינט טויזינד, אונד דער בחור איז א פערד איינער אין א וועלט, אונד א חזיר וואָס איז זיין גלייכין ניטאָ, אונד דערצו א בחור אויך, טאָ וויפעל נדן דארף ער דאָס נעהמען?

## 113) פרו ורבו ומלאו את הארץ.

איין אַלטער מאן האָט גענומען א יונגע ווייב, האָט זייא איינער געבענצט, צו איהר האָט ער געזאָגט „פרו ורבו" אונד צום אַלטען האָט ער געזאָגט „ומלאו את הארץ."

## 114) וואָס דאַרף דיא וועלט זאָרגען.

א חכם האָט אמאָל געזאָגט: וואס דארף דיא גאנצע וועלט זאָרגען, לאָזען אַללע דינגען איינעם אונד צאָהלען איהם שכירות ער זאָל זאָרגען פאר אַלעמען, אי וואָס? אז אַללע וועלען איהם צאָהלען שכירות וועט ער דאָך גאר ניט זאָרגען, טאָ לאָז מען מאַכען ער זאָל דארפען נעהמען דיא שכירות פון מיין האנד וועט ער שוין גוט זאָרגען.

## 115) אַ גוטער פּלאַן.

איינער איז געקומען צו א חכם אונד האָט איהם געזאָגט: ער וועט אויפגעבען פאר דער וועלט א גוטען פלאן: אללע מענשען זאָלען מאכען איין קאַסע פון זייערע געלד אונד יעדער זאָל נעהמען פון דער קאַסע וויפיעל זיין געברויך איז, וועט זיין גוט פאר אלעמען; האָט איהם דער חכם געענטפערט: גוט! איך וועל פועלין בייא דיא אָרעמע אונד איהר פועלט בייא דיא נגידים.

## 116) דער פיליזאָף סאקראטעס.

דער גרויסער פיליזאָף סאקראטעס האָט געהאט זעהר א שלעכטע ווייב זיא פלעגט איהם שטענדיג שילטען, איין מאָל האָט זיא איהם זעהר פיעל געשאָלטען אונד ער איז געזעסען אונד עס האָט איהם גאָר ניט גיארט, איז זיא נאָך מעהר אין כעס געוואָרען אונד האָט גענומען איין עמער וואסער אונד האָט איהם ארויף געגאָסען אויפ'ן קאָפּ אונד איהם האָט דאָס גאָר ניט געארט, זיינע תלמידים וועלכע זיינען געווען דער בייא האבען בייא איהם געפרעגט: וויא קען ער דאָס אזוי פיעל לידען? האָט ער אָנגעהויבען צו לאכען אונד זאָגט וואָס איז דאָס בייא אייך אזא וואונדער, נאָך א דונער איז אימער א רעגען.

## 117) דער הולטאַי.

מענשען האָבען געחאַפּט איינעם א הולטאי וויא ער האָט געגעסען מילחיגע זעמעלע מיט הון, האָבען זייא איהם אוועק געשלעפּט צום רב, האָט דער רב אָנגעהויבען צו שרייען אויף איהם מיט גרויס כעס אונד זאָגט: וויא עסט מען דאָס זעמעלע מיט הון? וואָס ווייסט איהר ניט רבי — האָט ער איהם געענטפּיערט—מען ניט א ביס זעמעלע אונד א ביס הון, א ביס זעמעלע אונד א ביס הון, אָט אזוי עסט מען זעמעלע מיט הון.

## 118) דער חזן.

אין א שטעדטיל האָבען זייא געדארפט האָבען א חזן, איז געווען איינער א חזן האָט זיך געוואָלט בייא זייא אָפּשטעלען אויף דעם אופ'ן מען זאָל איהם באצאָהלען שכירות פאר פינף יאָהר א פריהער; וויא קענען מיר דאָס טהאָן?—האָבען זייא צו איהם געזאָגט—טאָמער שטארבט איהר אין מיט'ן? נוא וועל איך שטארבען—האָט ער זייא געענטפערט וועט זיין מיין מזל, איהר דארפט מיר באצאהלען א פריהער.

## 119) דער ניט פרומער חזן.

א חזן ניט קיין פרומער האָט געגעסען פאַר'ן דאַוונען, האָבען מענשען צו איהם געזאָגט: וויא אַזוי עסט איהר דאָס פאַר'ן דאַוונען? האָט ער זייא געענטפערט: איך נעהם פאַר א דאַוונען הונדערט רוביל טאָ וויא קענט איהר פערלאַנגען פון מיר איך זאָל דאַוונען אומזיסט.

## 120) אַ מויד מיט אַ בלויע זאָק.

מענשען זיינען געפאָהרען אין וועג מיט א בעל עגלה, איז געוועזן אין בויד זעהר איינג צו זיטצען, האָט זיך איינער ארויפגעזעטצט אויף א פוס, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען וועמעס פוס דאָס איז? האָט זיך אָפגערופען א מויד: אויב מיט א בלאָע זאָק איז דאָס מיינע.

## 121) דער אָרום בחור שטראָסעט דיא פערד.

איין אָרעם בחור איז געפאָהרען מיט א בעל עגלה האָט דער בעל עגלה גע־וואָלט שלאָפען, האָט ער געגעבען דעם אָרום בחור האלטען דיא לייצעס אונד פאַר זאָגט איהם אז דער פערד וועט זיך שטעלען זאָל ער איהם א שטראסע טאָהן, דער בעל עגלה איז אנטשלאָפען געוואָרען אונד דער פערד האָט זיך אָפגעשטעלט, איז דער אָרום בחור אראָפּ געקראָכען פון וואָגען אונד צוגעגאַנגען צום פערד אונד זאָגט איהם א בער געהט.

## 122) דער פויער מיט דיא בוזאַנעס.

א פויער האָט געבראַכט צו א פּריץ א קערבעלע עפּיל א מתנה, בייא דעם פּריץ איז געוועזן צווייא בוזאַנעס, וויא דער פויער האָט אוועק געשטעלט דיא קער־בעלע עפּיל אויפ'ן טיש אין דער ערשטער שטוב, זיינען ארויסגעגאַנגען פון זאָל דיא צווייא בוזאַנעס אונד האָבען דערזעהן דיא עפּיל האָבען זייא נאָר קיין שאלה ניט געמאַכט אונד האָבען אויפגעגעסען דיא עפּיל ביז איינעם, דער נאָך איז ארויס דער פּריץ אונד פרעגט ביין פויער וואו זיינען דיא עפּיל? האָט דער פויער געזאָגט „דיינע קינדער האָבען אויפגעגעסען" פרעגט דער פּריץ בייא איהם וויא אזוי ווייסטו דאָס אז דאָס זיינען מיינע קינדער? איך האָב געזעהען — האָט דער פויער געענט־פערט — אַז זייא האָבען דיין אָנבליק האָב איך גלייך פערשטאַנען אז דאָס זיינען דיינע קינדער.

## 123) דוא לעבסט.

איינער האָט באגעגענט דעם אנדערן אויפ'ן גאס, פרעגט ער בייא איהם: דוא לעבסט? איך האָב דאָך געהערט אז דוא ביסט געשטאָרבען; דוא זעהסט דאָך האָט איהם דער גענטפערט—אז איך בין ניט געשטאָרבען; ניין! האָט יענער געזאָגט אמאָלע וואָס איך זעה, דער וואָס האָט מיר דערצעהלט ווייס איך אז ער איז איין אמת'ער מענש ער וועט קיין ליגען געוויס ניט זאָגען.

## 124) אַ ישובניקס אַ אינגיל האָט אָנגעהויבען צו לערנען גמרא.

א ישובניק האָט אוועק געגעבען זיין אינגעל צו א רבין ער זאָל מיט איהם לערנען גמרא, דער רבי האָט מיט איהם אָנגעהויבען צו לערנען דיא גמרא פון „שור שנגח את הפרה" (איין אָקס האָט געשטויסען א קוא) דער אינגיל איז געוועזן א גרנער פייעריל האָט איהם דער רבי גע'הרגעט פאר וואָס ער פארשטעהט ניט דיא גמרא, דער אינגיל איז אוועק אהיים אונד האָט אָנגעהויבען צו וויינען פאר'ן פאָטער אונד זאָגט: עפּעס איין אָקס האָט געשטויסען א קוא, איך האָב גאָר ניט געזעהען, איך בין נאָר ניט שולדיג, האט מיר דער רבי גע'הרגעט.

## 125) משיח וועט קומען.

אין יאָהר ת"ר האָט דיא וועלט געקאָכט, אז משיח וועט קומען דעם יאָהר, איינער פון דיא בעלי רמזים האָט געפונען אין דער תורה א ריכטיגען רמז אז דעם יאָהר דאַרף זיין דיא גאולה: עס שטעהט „ונתתי מטר ארצכם" ד"ה פון ת'ר וועל איך אוועק געבען אייער לאנד, איז געוועזן א ישובניק זעהר א רייכער, א גרויסער בעל פרנסה, דיא פעלדער זיינע זיינען געוועזן פאר זייט, דערצו האָט ער געהאט זעהר פיעל חובות אָפּצונעהמען, איז ער ארומגעגאנגען וויא א צומישטער, ער וועט דאָס דארפען לאָזען אזא גוטס אונד געהן אין ארץ ישראל, רופט זיך אָפּ זיין ווייב צו איהם: דוא נאַר וואָס זאָרגסטו, גרעסערע שונאים זיינען אויפגעשטאנען אויף אידין אונד זייא האָבען ניט אויסגעפיהרט, וועט ער אויך ניט אויספיהרען.

## 126) איינפאַלע פון אַ קלוגען קינד.

דער גרויסער גאון ר' הערשיל אַלעס ער וואר נאָך א קליינער אינגיל האָט ער זיך צו שלאָגען מיט נאָך א אינגיל, האָט מען דאָס דערצעהלט דעם פאָטער,

זאָגט דער פאָטער צו איהם פאר וואס האָסטו זיך מיט איהם געשלאָגען ? ער האָט מיר געטשעפעט — האָט ער געענטפערט ; זאָגט דער פאָטער צו איהם : וואס איז דיא מעשה וואס ער האָט נור דיר געטשעפעט פאר וואָס טשעפעט ער מיר ניט ? גוא לאָז זיין וויא דוא זאָגסט—האָט ער געענטפערט—אז איך האָב איהם געטשעפעט, פאר וואָס צעפע איך דיר ניט ?

## 127.

דער בעהעלפער איז געקומען נעהמען איהם אין ח״דר, זאָגט דער בעהעלפער צו איהם : הערשיל קום אין חדר, זאָגט ער צום באהעלפער ניט אזוי בעט מען, איך האב געהערט וויא מען איז געקומען בעטען דעם טאטען אויף א מז״ט האָט דער בעטער געזאָגט... דער אונד דער האָט געבעטען איהר זאָלט אזוי גוט זיין אונד קו־מען אויף מז״ט, רופט זיך אָפּ דער באהעלפער צו איהם ר׳ הערשיל דער רבי האָט געבעטען איהר זאָלט אזוי גוט זיין אונד קומען אין חדר, זאָגט ער צום באהעלפער זאָג דעם רבין עס איז גלייך וויא געוועזן.

## 128.

אז ער האָט געלערנט אין חדר „אלף בית" האָט זיינער א חבר געפרעגט ביין רבין א קשיא, דער רבי האט מיט איהם גילערנט צירה פּא — „פּא" פרעגט דער אינגל צו וואָס דארף נאָך שטעהן אונטערן פּא א צירה מען זאָגט דאָך אָן צירה אויך „פּא" זאָגט דער רבי צו דעם אינגיל „גיב הערשלען א פּאָץ פאר וואָס האָט ער ניט געפרעגט דיא קשיא" נעהמט הערשיל אונד דערלאנגט דעם אינגיל א פּאָץ, זאָגט דער רבי צו איהם פאר וואָס האָסטו איהם געגעבען א פּאָץ ?—האָט ער גע־ענטפערט — מיילע איך האלט דאָס ניט פאר קיין קשיא, אָבער ער אז ער האלט דאָס יאָ פאר א קשיא פאר וואָס האָט ער געווארט ביז איצט אונד האָט ניט גע־פרעגט פריהער ביין הא דיא זעלבע קשיא ?

## 129.

ער האָט געהאט א קליינע שוועסטעריל מען האט איהר גערופען „שרה" האָט דער פאָטער אמאָל געהאלטען א ביין זעהר א שעהנעם, זאָגט דער פאָטער צו זייא ווער עס וועט זאָגען א גוטען וויטץ וועל איך יענעם אוועק געבען דעם ביין, רופט זיך אָפּ שרה עס שטעהט „ולשרה בן" קומט מיר דעם ביין, האָט דער פאָטער איהר אוועק געגעבען דעם ביין, נעהמט הערשיל אונד חאפּט בייא איהר ארויס דעם ביין, האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען, זאָגט דער פאָטער צו איהם : פאר וואָס האָסטו בייא

איהר ארויס געחאפּט דעם ביין? האָט ער געענטפערט, דער בית פון ולשרה בן שטעהט דאָך אָן איין פינטעלע לעזט מען דאָך ולשרה בן, דארף זיא דאָך וויינען.

130.

איינער האָט איהם אמאָל גערופען „שיינעץ" האָט ער זיך אָפּגערופען צו יענעם: איידער איהר זייט געוואָרען א גרויסער פויער זייט איהר דאָך אויך געוועזן א שיינעץ.

131.

איין מאָל האָט איהם דער פאָטער געגעבען א פלאַש ער זאָל געהן בריינגען ביר, זאָגט ער: גיב מיר געלד, זאָגט דער פאָטער צו איהם „א קנוטץ איז צו בריינ־גען פאַר געלד דוא ברייננ אָן געלד" איז ער אוועק געגאַנגען אונד איז געקומען צו ריק מיט א ליידיגע פלאַס אונד זאָגט צום פאָטער נא טרינק, זאָגט דער פאָטער עס איז דאָך א ליידיגע פלאַס, נוא—האָט ער געענטפערט — א קונץ איז צו טרינ־קען פון א פולע טרינק פון א ליידיגע.

132.

ער האָט אמאָל געבעטען מען זאָל איהם געבען א הערינג, האָט דער פאָטער געהייסען מען זאָל איהם דערלאַנגען א קאָפּ מיט איין עק אונד זאָגט צו איהם נא דיר א הערינג, ער האָט גאָר ניט גערעדט אונד האט צו גענומען, אויף מאָרגען אין דער פריא איז ער געגאַנגען דאווגען אין בהמ"ר אונד אין א מינוט אַרום איז ער שוין דאָ צוריק פון דאווגען, פרעגט דער פאָטער בייא איהם: וויא אזוי האָסטו אזוי גיך אָפּגידאווינט? האָט ער געענטפערט: אז א קאָפּ מיט איין עק איז א גאַנצער הערינג איז מה טובו מיט עלינו א גאַנצער דאווגען.

133.

ער איז געגאַנגען אין גאַס, איז איינער געשטאַנען אויף א גאַניק אונד זאָגט צו איהם: הערשקע וואָסער סדרה געהט היינט? רופט ער זיך אָפּ צו איהם: איך האָב וועסט פארגעסען נור אז איך האָב אייך דערזעהן האָב איך זיך דערמאָהנט אז קרח געהט.

134.

ער האָט אמאָל געזאָגט א דרשה אין שול אז יעדער איז געוועזן אויסער זיך א קינד זאָל זאָגען אזא דרשה, וויא ער האָט אָפּגעזאָגט איז ער געגאַנגען אויפ'ן שול הויף אונד האָט זיך געשפּילט מיט דיא קינדער אין פערדליך, זאָגט איינער צו איהם:

פאסט דאָס פאַר דיר אזא נאַרעשקייט, אַט איצט האָסטו געזאָגט אזא דרשה אונד געהסט שוין שפּילען אין פערדלעך? פאַר שטעהט איהר — האָט ער איהם געענט־פערט—יעדער זאַך איז געמאכט געוואָרען מען זאָל לאָזען אָפּרוהען, איינער גייט א פולע דאַרף ער זיך זעטצען אָפּרוהען, איך האָב ערשט געהאָרעוועט מיט׳ן שכל צוויי שעה נאָך אנאַנד דאַרף איך איהם לאָזען אָפּרוהען אונד נעהמען זיך צו נאַרעשקייט.

135.

איינמאָל איז געקומען צו איהם א מחותן מיט נאָך מענשען זעהען איהם, זאָגט דער פאָטער צו איהם: הערשיל! טרעף וועלכער איז דער מחותן? האָט ער אָנגעוויזען מיט׳ן פינגער אויף איינעם אונד זאָגט אָט דער איז דאָס, פרעגט דער פאָטער בייא איהם: פון וואנען פארשטעהסט? האָט ער געענטפערט ווייל איך האָב איהם שוין פיינד.

## 136) דער מגיד מיט דעם באָק.

א מגיד האָט געזאָגט אין א בית המדרש האָט ער געזעהן וויא איינער שטעהט אונטערן בימה אונד וויינט זעהר ער גיסט מיט טרערין, דער מגיד האָט זעהר גע־קוואָלען אז מיט זיין דרשה האָט ער געמאכט וויינענדיג, נאָכ׳ן זאָגען איז ער צוגע־גאנגען צו יענעם אונד זאָגט איהם האָט אייך מיין זאָגען גוט גענומען? איך וועל אייך דערצעהלען רבי—האָט איהם יענער געענטפערט — בייא מיר האָט מען אמאָל געגנבעט א באָק איז דיא בערדיל זיינע געווען פונקט וויא אייערע, וויא איך האָב אייך דערזעהן האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם באָק וואָס מען האָט בייא מיר גע־גנב׳עט האָב איך אָנגעהויבען צו וויינען.

## 137) דער לוה.

איינער איז אריין צו איין אום בעקאנטען אונד האָט געבעטען בייא איהם אנטלייען א גמילת חסד, זאָגט יענער צו איהם: וויא בעט איהר בייא מיר לייהען געלד אז איך קען איך גאָר ניט? אָט דאָס איז דיא מעשה—האָט דער געענטפערט ווייל איהר קענט מיר ניט בין איך געקומען צו אייך בעטען אנטלייען, דען אז איהר וואָלט מיר געקאָנט וואָלט איהר מיר געווים ניט אנטלייען.

## 138) דער חתן האָט זעהר געטראָפען מיט דיא כלה.

איינער האָט געפרעגט א חתן אויף מאָרגען נאָך דער חתונה: וויא האָסטו

אָנגעטראָפּען מיט דיין ווייב ? קענטיג א דימענט—האָט ער געענטפערט — א נאכט א יאָהר . ווען איך זאָל הערין פון איהר א קללה א גאנצע נאכט.

## 139) דער חתן מיט דיא גילדערנע יויך.

מען האָט דערלאנגט א חתן נאָך דער חופּה דיא גילדערנע יויך, רופט ער זיך אָפּ צו זיין מוטער „מאמע, קענטיג קעסט וועל איך האָבען גוטע.“

## 140) דיא נאַכריכט.

א שטודענט האָט אָנגעטראָפען איינעם פון זיין שטאָדט, פרעגט ער בייא איהם : וואָס הערט זיך בייא אונז אין דער היים ? האָט יענער געענטפערט : דיא פּאָר פערד וואָס דער פאָטער האָט געהאַט זיינען זייא גיפּיינערט, אוי וויי ! זאָגט דער שטודענט — אזא טייערע פּאָר פערד, וואָס איז געווען דיא סיבה ?—דער הויף אייערער איז אָפּגעברענט געוואָרען האָבען זייא געהאָרעוועט צו פיעל פיהרינדיג וואסער זיינען זייא דערפון גיפּיינערט—אוי וויי ! זאָגט דער שטודענט—דער הויף איז אויך אָפּגעברענט געוואָרען, וויא אזוי איז דאָס געווען ?—דיא מוטער איז געשטאָר־בען—האָט יענער געענטפערט—איז מען געגאנגען מיט ליכט האָט מען פארוואָרפען פייער האָט זיך אָנגעצונדען דער הויף, אוי וויי ! זאָגט ער, דיא מוטער איז אויך געשטאָרבען ?—זיא האָט זיך זעהר פארביינקט נאָכ'ן פאָטער—האָט יענער געזאָגט, וואָס ער איז געשטאָרבען, איז זיא אויך געשטאָרבען.

## 141) דעם קלעזמערס ווייב.

דעם קלעזמערס ווייב האָט געלייענט דעם טייץ חומש, שטעהט דאָרטען : „מרים הנביאה האָט גענומען דעם כלי זמר דעם פויק“, האָט זיא געלייענט : מרים הנביאה האט גענומען דעם קלעזמער דעם פּייאק, זאָגט זיא : „אמת א קלעזמער איז טאקע א פּייאק, א וואונדער ! מרים דיא נביאה זאָל נעהמען א קלעזמער.“

## 142) דער גביר מיט דעם מלמד.

בייא א גביר אין הויז האָט געלערנט א מלמד, האָט דער גביר געקויפט זעהר פיעל גאָלד מיט זילבער אונד האָט זיך זעהר געפרייט מיט דעם, דער מלמד האָט זיך אויך געפרייט, פרעגט איהם דער גביר : „וואָס איז מיט דיר דיא שמחה ?“— פאר וואָס זאָל איך זיך ניט פרייען—האָט געענטפערט דער מלמד—איהר זעהט דאָך

בייא מיר אין שטוב וואָס גאָלד אונד זילבער עס איז דאָ, — וויא הייסט דאָס בייא דיר אין שטוב ? — זאָגט דער גביר — וואָס וועט זיין אז דוא וועסט אוועק פאָהרען אהיים ? — וואָס וועט זיין אז איהר וועט אוועק פאָהרען אהיים... האָט דער מלמד געענטפערט.

## 143) דיא טאַבליצע.

איינער איז געגאַנגען צווישען דיא קראָמען, זעהט ער אויף א קראָם הייננט א טאַבליצע אונד אויף איהר איז אויפגעשריבען : „דאָ פערקויפט מען זיידינווארג", איז ער אריין אין קראָם אונד בעט מען זאָל איהם געבען א זיידינע טיכעל, האָבען זייא איהם אָנגעקוקט אין דיא אויגען אונד זאָגען צו איהם וויא קומט צו אונז זיי־דענע טיכער איהר זעהט דאָך אונזערע סחורה איז אלטע סמאַטעס אלערליי, זאָגט ער צו זייא : פאַר וואָס שטעהט אויף'ן טאַבליצע אז דאָ ווירד פערקויפט זיידינס ? זאָגען זייא צו איהם ; דיא טאַבליצע איז אויך צו פארקויפען, מיר האָבען געקראָגען אין אלטע טאַבליצע האָבען מיר אויפגעהאַנגען טאָמער וועט איהר ווער אָפּקויפען.

## 144) דער שוואָגער.

איין אָרעמאַן איז אריין צו א גביר בעטען א נדבה, האָט דער גביר איהם ניט געגעבען; זאָגט דער אָרעמאַן צו איהם : איהר ווילט מיר ניט געבען, וועל איך שיקען מיין שוואָגער צו אייך, פרעגט דער גביר בייא איהם ווער איז דיין שוואָגער ? זאָגט דער אָרעמאַן : איך האָב געהאַט א שוועסטער האט איהר גענומען דער מלאך המות, איז ער דאָך מיין שוואָגער.

## 145) אַ זוהן ניט קיין מענש.

א חכם האָט געמאַכט חתונה א זוהן, דער זוהן איז געוועזען ניט געראָטען אין טאַטען, עס איז געוועזען זעהר א פּאַראַדנע חתונה, נאָך דער חתונה שבת אויף מז"ט זיינען געוועזען דיא גרעסטע לייט פון שטאָדט, דער חתן איז געוועזען ניט זעהר צופרי־דען פון דיא געסט, ווייל ער האָט פּראָסט געוואָלט עסען, האָט ער אַלְלֶע וויילע ארויס גענומען דעם זייגער אונד זאָגט : שוין איינס דער זייגער, שוין האלב צוויי, דער פאָטער האָט גוט באַמערקט, אז דיא געסט באַמערקען דאָס אויך, זאָגט ער צו זייא : איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה : עס איז אמאָל איינער געפאָהרען אין וועג האָט זיך איהם זעהר פאַר וואָלט עסען, זאָגט ער צום פורמאַן : פאָר צו

ניכער צו א קרעטשמע וועלען מיר דאַרטען עפּעס עסען, זייא זיינען געקומען צום קרעטשמע זיינען זייא אריין געפאָהרען אין שטאַדאָלע האָבען זייא געזעהען עס שטעהט א מענש, פרעגנען זייא בייא איהם: צו איז ניטאָ בייא אייך עפּעס וואָס צו עסען? דער מענש ענטפערט: עס איז ניטאָ קיין זאך, האָבען זייא גענומען פאָהרען ווייטער, דער קרעטשמער האָט געזעהען וויא עס איז אריין געפאָהרען איין אורח אונד פאָהרט שוין אַרויס איז ער אַרויסגעלאָפען אונד פרעגט ביין אורח: פאַר וואָס פאָהרט איהר אוועק? האָט געענטפערט דער אורח: דער מענש אייערער האָט געזאָגט עס איז בייא אייך קיין זאך ניטאָ וואָס צו עסען, רופט זיך אָפּ דער קרעטשמער: „דאָס איז ניט קיין מענש, דאָס איז מיינער א זוהן.“

## 146) געמאַכט שותפות מיט'ן רבין.

א רייכער מאַן וואָס האָט געהאַט זעהר פיעל בהמות, האָבען בייא איהם אָנ־געהויבען צו פיינערין דיא בהמות, איז ער אוועקגעלאָפען צום רבין פרעגען בייא איהם איין עצה, זאָגט דער רבי צו איהם „דוא נעהם מיר צו פאַר א שותף וועל איך שוין פאַרזאָגען דעם מלאך המות ער זאָל דיא בהמות ניט צעפּען“ ער האָט אזוי געטאָהן אונד האָט צוגענומען דעם רבין פאַר א שותף אונד דיא בהמות זיינען נעבאך אויס־געפיינערט ביז איינע, איז ער אוועק געלאָפען צום רבין וויינענדיג אונד דערצעהלט דאָס דעם רבין, זאָגט דער רבי צו איהם נוא מיילע דער מלאך המות וועט שוין בייא מיר האָבען זיין פּסק פאַר וואָס ער האָט מיר ניט געפאָלגט, אָבער דוא גיב מיר א העלפט פון דיא פעל, דען איך בין דאָך דיינער א שותף.

## 147) דער ליגנער.

עס איז געוועזען איינער א ליגנער וואָס ער פלעגט דערצעהלען זעלטענע ליגינס, האָט מען איהם אויפגעהערט צו גלויבען, האָט ער געדונגען איינעם אז ער זאָל מסכים זיין אויף אַלעם וואָס ער וועט דערצעהלען אז עס איז איין אמת, איין מאָל דערצעהלט ער אז ער האָט געזעהן א וואָגען פון איין עק וועלט ביז דיא אַנדערע עק וועלט אונד דיא האַלאָבלעס זיינען געוועזען אויף יענער זייט וועלט, האָט געזאָגט דער גידונגענער „דאָס איז א ליגען“ שטייץ—זאָגט ער צו איהם—איך האָב דאָך דיר גע־דונגען דוא זאָלסט זאָגען אויף אַלעס אז עס איז איין אמת! רופט זיך אָפּ יענער: איך האָב זיך מיט דיר באַדונגען מסכים צו זיין נור אויף א ליגען וואָס עס קען גע־מאָלט זיין אויף דער וועלט אבער אזא ליגען וואָס עס נעהט אַרוים אויף יענער זייט וועלט האָב איך זיך ניט באַדונגען.

## 148) דער שניידער מיט דיא גמרא.

צווייא ישיבה בחורים האבען זיך געאמפפערט אין א שטיקעל גמרא זייא האָבען בשום אופ'ן ניט געקענט דורך קומען צווישין זיך, איז אריין אין קלויז איינער א הייכער מענש מיט א גרויסע באָרד מיט א גראָבען בויך ער האָט אויסגעוויזען עפּעס גאָר וויא א רב אונד ער איז טאקע געווען א שניידער, דיא ישיבה בחורים האָבען איהם דערזעהן האָבען זייא גערעכענט אז ער איז א גרויסער למדן, האָבען זייא איהם געבעטען ער זאָל זייא דערקלערען דיא שטיקעל גמרא, רופט ער זיך אָפּ צו זייא: דאָס איז דאָך דער נס וואס איהר האָט אָנגעטראָפפען מיר וואָס איך קען לערנען, אָבער איהר וויא געהט איהר דאָס צו צו א מענשען וואָס איהר קענט איהם ניט צו קען ער לערנען צו ניט — פרעגען בייא איהם א שטיקעל גמרא, איהר קענט דאָך איהם מבייש זיין, אונד דער פאר וועל איך אייך טאקע ניט זאָגען.

## 149.

נאָך אזא מעשה איז געווען מיט א שניידער, ישיבה בחורים האָבען בייא איהם געפרעגט א שטיקעל גמרא האט ער צו זייא געזאָגט: פּויערים אזא גרינגע שטיקעל גמרא זאָלט איהר ניט וויסען, איך וועל אייך בשום אופ'ן ניט זאָגען, איהר זייט ניט קראנק צו האָרעווען אליין אונד מאטערן זיך איהר זאָלט אליין וויסען דיא שטיקעל גמרא.

## 150) דיא מלקות ערב יום כפור.

איין אורח האָט געהאלטען יום כפור אין א שטעדטיל איז ער אריין ערב יום כפור אין בהמ"ד דאוונען מנחה, נאָך מנחה זאָגט צו איהם דער שמש: ר' איד ווילט איהר אפשר זיך שלאָגען מלכות? דער איד האָט זיך איינגעבויגען אונד דער שמש האָט איהם אָפּגעצעהלט דיא ל"ט מלכות, ער איז אויפגעשטאנען אונד וויל אוועקגעהן, זאָגט דער שמש צו איהם ר' איד מען דארף דאָך... וואָס נאָך?—פרעגט דער אורח — זאָגט דער שמש: מען דארף באצאָהלען, וואָס הייסט באצאָהלען — ענטפערט איהם דער אורח—לא מצינו בכל התורה כלה לוקה ומשלם: דאָס הייסט, מיר געפינען ניט אין דער תורה אז מען זאָל געשלאָגען ווערען מיט מלקות אונד ער זאָל נאָך באצאָהלען.

## 151) אַ פסחדיגע שאלה.

א מיידיל איז געקומען פסח צום רב פרעגען א שאלה אונד זאָגט: מען האָט אריין געלייגט צווייא קניידלעך אין טאָפּ האָט מען געפונען א דריטע? דער בייא איז געזעסען א יונגער מאַן ער איז געקומען נעמען סמיכה ביין רב, זאָגט דער רב צו איהם: פסקעט איהר דיא שאלה, דער יונגער מאַן האָט נעבאך ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, זאָגט דער רב צו איהם: וואָס פארשטעהט איהר ניט, דיא מיידיל קען ניט שארף ריידען זיא מיינט מען האָט געפונען א גריקע.

## 152) געוואָרען א למדן.

א ישובניק איז געוואָרען א נגיד, נוא וויא דער שטייגער איז אז מען ווערט א נגיד ווערט מען שוין אַ חכם אונד א למדן, פרעגט אמאָל איינער בייא דעם ישובניק פון וואנען זייט איהר געוואָרען א למדן? אָט איך וועל אייך דערצעהלען וועט איהר הערען: דער פריץ האָט מיר בעגעגענט האָט ער בייא מיר געפרעגט צו האָב איך ניט געזעהן זיין הונד, ער איז פארפאלען געוואָרען, האב איך איהם גע־ענטפערט השומר אחי אנכי? נוא בין איך דען ניט קיין למדן?

## 153) אַ אידענע לייענט דעם טייץ חומש.

א אידענע האָט געלייענט דעם טייץ חומש, האָט געפעהלט אין טייץ חומש עטליכע בלעטער אונד זיא האָט געלייענט כסדר: „אדם האָט באשלאָפען חוה'ן זיין ווייב אונד האָט איהר אויסגעקלעפּט פון אינעווייניג אונד פון דרויסען מיט פעך", טפו! זאָגט זיא דאָס וואָלט דאָך קיין הולטאי ניט טהאָן: שלאָפט מיט איהר אונד קלעפּט איהר אויס מיט פעך.

## 154.

איינער האָט זיך געקלאָגט פאר מענשען: וואָס טהוט מען, מיין איידים קען אין קאָרטען ניט שפּילען אונד קען קיין בראנפין ניט טרינקען, האָבען זייא צו איהם געזאָגט: דאָס איז דאָך אדרבה גוט; האָט ער זייא געענטפערט: פארשטעהט איהר ער קען אין קאָרטען נים שפּילען אונד שפּילט, ער קען קיין בראנפין ניט טרינקען אונד טרינקט דוקא.

## 155) דער גיראָטענער איידים.

איינער האָט אמאָל געזאָגט עס איז איין אונגליק מיט מיין איידים, ער איז א חזן, א שרייבער אונד א מחבר, זאָגען זייא צו איהם דאָס איז דאָך אלין מעלות! האָט ער צו זייא געזאָגט פארשטעהט איהר: ער איז א גרויסער נאר, וואָלט איך אליין מעהר ניט געוואוסט, איז ער אָבער א חזן, ווייסען גאנץ שול אז ער איז א נאר, היינט וואָלט מען מעהר ניט געוואוסט וויא דאָ אין שטאָדט, איז ער א שריי־בער, אונד שרייבט בריף אין אנדערע שטעדט ווייס מען שוין דאָרטען אויך, היינט איז ער א מחבר ווייס מען שוין אויף דער גאנצער וועלט אז ער איז א נאר.

## 156) דיא חכמים אונד דיא רייכע.

מען האָט געפרעגט בייא א חכם: ווער איז מעהר געעהרט דיא חכמים צו דיא רייכע? האָט דער חכם געזאָגט: „דיא חכמים" האָבען זייא געפרעגט בייא איהם: פאר וואָס גייען דיא חכמים צו דיא רייכע אונד דיא רייכע גייען ניט צו דיא חכמים! האָט דער חכם זייא געענטפערט: וויל דער שטיינער איז אז דער רופא געהט צום חולה.

## 157.

פ ר א ג ע: פאר וואָס ניט א גביר ניכער א נדבה א קאליקען אָדע א בלינדען אונד איין אָרעמען חכם ניט ער ניט?

ע נ ט פ ע ר: וויל פון צו ווערען אליין א קייליקער אָדער א בלינדער איז דער גביר ניט זיכער, אָבער פון צו ווערען אליין א חכם איז ער גע־ווים זיכער.

## 158 ר' מנשה איליער אונד דער קליין שטעדטיל'דיגער רב.

הרב החכם ר' מנשה איליער איז אריין אין א קליין שטעדטיל צום רב זעהט ער וויא דער רב זיטצט איינער אליין בייא א דין תורה, זאָגט ר' מנשה צו איהם: איהר האלט דאָס ניט וואָס עס שטעהט „אל תהי דן יחידי" (דוא זאָלסט ניט פסקענען א דין תורה איינער אליין?) ענטפערט איהם דער רב: „איך אונד דער חושן משפט זיינען מיר צווייא" האָט ר' מנשה צו איהם געזאָגט: דאָס איז דאָך שוין גאָר ניט פיין פון אייך, דיא גמרא זאָגט אז דיא חשובי ירושלים פלעגען ניט

זיצען מיט איינעם ביין טיש סיידען אז זייא האָבען איהם געקענט, אונד איהר קאָנגט דאָך ניט דעם חושן משפט טאָ וויא זיצט איהר מיט איהם?

## 159) אַ קלוגער ענטפער פון אַ רב.

איינער אַ חברה מאַן איז אריין צו אַ רב אונד בייא איהם נעפרעגט: עס שטעהט, אז מען זעהט אַ תלמיד חכם דארף מען זיך שטעלען, אונד אז מען זעהט אַ בייזען הונד דארף מען זיך זעטצען, הייגט אז עס מאכט זיךביידע מיט אמאָל אַ תלמיד חכם מיט אַ הונד וויא זאָל מען טאָהן? האָט דער רב געענטפערט: אזא דין וואָס מען קען ניט פסקענעז ריכטיג זעהט מען וויא דיא וועלט פיהרט זיך, טאָ לאָמיר ביידע ארויס געהן אויפ'ן גאַס וועלען מיר זעהן וויא דער עולם וועט טאָהן.

## 160) דער דובנער מגיד.

דער דובנער מגיד איז געפאָהרען אין וועג מיט אַ בעל עגלה איז געקומען ארוף בארג איז דובנער אראָפּגעגאַנגען פון וואָגען, זאָגט דער בעל עגלה צו איהם: רבי, אייך מעג דער פערד פיהרען ארוף בארג אויך, האָט איהם דער דובנער גע־ענטפערט: איך וועל אייך זאָגען, עס קען זיין, אז איך וועל האָבען אויף יענער וועלט אַ דין תורה מיט דעם פערד בייא בית דין של מעלה וועל איך טאַקע געווינען, איך וויל אָבער מיט אַ פערד קיין דין תורות ניט האָבען.

## 161) דער פאָטער מיט דעם זוהן.

אַ פאָטער האָט זיך געאמפּערט מיט אַ זוהן אין אַ זאַך, זאָגט דער פאָטער צום זוהן: ביסטו דאָס קליגער פאַר מיר? זאָגט דער זוהן צו איהם: קליגער פאַר דיר ווייס איך ניט, נור אַלץ ביסטו מיט אַ דור נעהנטער צו תרח'ן וויא איך, האָט דער פאָטער געענטפערט: אָבער דער פאַר ביסטו דאָך מיט אַ דור ווייטער פון אברהם'ן וויא איך.

## 162) דער אורח מיט דיא קרעצמערקע.

איין אורח איז געקומען אין אַ קרעצמע האָט ער זעהר געוואָלט עסען, פרעגט ער בייא דיא בעל הבית'טע קריג איך אפשר בייא אייך אַ שטיקעל פלייש? איך וויל זעהר עסען; עס איז ניטאָ—ענטפערט זיא; אפשר קריג איך עפּעס מילכיקס? ניין, אפשר איז דאָ בייא אייך אַ הערינג? ניין, אַ בולקע וועל איך אפשר בייא אייך

קריגען? ניטאָ, אפשר איז דאָ בייא אייך אַ שטיקעל ברויט ניט מיר? אָך — זאָגט זיא—וואָס פאַר איין נאַערשער איד דאָס איז, אַלץ ווילט זיך איהם.

## 163) אַ שכל פון אַ קרעמער.

איינער איז אַריין אין אַ קראָם קויפען סחורה האָט דער קרעמער בייא איהם געבעטען אַ גרויסען פרייז, פרעגט ער ביין קרעמער: איך נעהם בייא אייך פאַר באָרעס געלט רעכענט איהר מיר טייערער אונד יענער האָט בייא אייך גענומען אויף באָרג האָט איהר איהם גערעכענט וועלוועלער? פאַרשטעהט איהר—האָט איהם דער קרעמער געענטפערט — בייא יענעם קען זיין עס זאָל זיין פאַרפאַלען איז דאָך גלייכער עס זאָל זיין וויינינער פאַרפאַלען.

## 164) דער עצה געבער.

איינער איז נעקומען צו אַ גביר זיינעם אַ קרוב, בעטען בייא איהם אַ שטעלע, פרעגט דער גביר בייא איהם: קענסטו פיהרען אַ בוך? ניין! — ענטפערט ער— קענסטו שרייבען? ניין, טאָ וואָס דען קענסטו? „איך קען געבען עצות" ווען אזוי— האָט דער גביר געזאָגט—טאָ גיב מיר איין עצה וויא ווער איך פטור פון דיר.

## 165) אַ נייער פירוש אויף הגדה.

אַ מחבר האָט געמאַכט אַ נייעם פירוש אויף הגדה, האָט בייא איהם איינער געפרעגט: איז דען קנאַפּ פרושים אויף הגדה, וואָס ווילט איהר נאָך מיט אייער פירוש? פאַרשטעהט איהר—האָט איהם דער מחבר געענטפערט—פון יענע פרושים קען איך אָבער קיין פסח ניט מאַכען.

## 166) דער דאָקטאָר אונד דער קראַנקער.

אַ דאָקטאָר איז געקומען צו איין קראַנקען, האָט דער קראַנקער גענומען זייער וויינען, זאָגט דער דאָקטאָר צו איהם, וויין ניט, דוא וועסט ווערען געזונד, דען נאָכ'ן רעכענונג ווערד געזונד פון דיא קראַנקהייט איינער פון הונדערט אונד ניין אונד נײנציג זיינען שוין דורך מיין האַנד געשטאָרבען פון דיא קריינק אונד דוא ביסט דער הונדערטער דאַרפסטו ווערען געזונד.

## 167) דער סלאָנימער מגיד.

אין סלאָנים איז געווען א מגיד, ער איז געווען באוואוסט אויף דער וועלט פאַר א משוגענעם, בעת עס איז אַרויס דער ספר „מלחמה בשלום“ (דיא געשיכטע מיט יוסף׳ן מיט דיא ברידער) איז דער מגיד זעהר נתפעל געוואָרען פון איהם, ער איז איהם זעהר געפעלען געווען, זאָגט ער: ,אזא מענש וואָס קען מאכען אזא ספר מוז מען פאָהרען צו איהם“ ער איז אוועק געפאָהרען אונד איז געקומען צו איהם, ער איז אריין אין שטוב ניט איהם דער מחבר שלום עליכם אונד פרעגט: ווער זייט איהר: אז איהר האָט געמאַכט דעם „מלחמה בשלום“—ענטפערט דער מגיד—דאַרפט איהר וויסען ווער איך בין, רופט זיך אָפּ דער מחבר צו איהם: אז איהר זייט אזא משר־גענער זייט איהר דער סלאָנימער מגיד.

## 168) געוואָלט געבען טויזענד רוביל.

איינער האָט דערצעהלט: אז ער איז געווען אין ווארשא האָט איינע א פּריצטע געוואָלט געבען טויזנד רוביל זיא זאָל איהם זעהן, האָט מען בייא איהם געפרעגט: וואָס איז דיא מעשה? פאַרשטעהט איהר—האָט ער געענטפערט—זיא איז געווען א בלינדע.

## 169) דיא רבנים מיט דעם בעל עגלה.

עס האָבען זיך אמאָל צו זאמען געקליבען אין א שטוב צעהן רבנים, האָבען זייא געוואָלט דאַווענען מנחה אונד מאכען א קדושה, אונד וויא עס גיט רבנים וואָס זייערע גרונסקייט איז נור אין לערנען אבער אויף עברי זאָגען זיינען זייא לא עלינו שווערליך, איז ניט געווען קיין איינער פון זייא ווער עס זאָל קענען מאכען א קדושה, איז אריין אין שטוב א בעל עגלה, זאָגען זייא צו איהם אָט איהר וועט אונז מאכען א קדושה, פאַרשטעהט איהר—האָט דער בעל עגלה זייא געענטפערט—אז איך בין געווען א קליינער אינגיל פלעגט מיין מאמע זאָגען אויף מיר אז איך וועל אויך זיין א רב, קען איך אויך קיין עברי ניט.

## 170) דער הולטאַי.

איינער א גרויסער הולטאַי האָט מען איהם געחאַפּט אין א שטעדטיל בייא איין עבירה מיט איין אשת איש, האָט מען איהם אוועק געשלעפּט צום רב אונד דער

רב האָט געשריען אויף איהם: „רשע איבער דיר שטאַרבען קליינע קינדער!“ ער איז אַרויס פון שטוב זיינען קליינע קינדער נאָך איהם נאָך געלאָפען אויפ'ן גאַס אונד האָבען געשריען אשת איש'ניק, האָט ער זיך אָפּגעקעהרט צו זייא אונד זאָגט: קינדער איהר וועט ניט אוועק געהן? איך געה ווידער צו דיא ווייביל וועט פון איך קיין שריד ופליט ניט בלייבען.

## 171) דער בעל עגלה אין מזרח וואַנד.

א בעל עגלה אין א קליין שטעדטיל איז געוואָרען א נגיד, האָט ער געקויפט א שטאָט אין בהמ"ד אין מזרח וואנד לעבען ארון קדש, איז אמאָל אריין אין בהמ"ד זיינער א פארצייטינער בעקאַנטער, ער זעהט דער בעל עגלה שטעהט אויבען אָן, איז דאָס איהם געוועזן זעהר א וואונדער, דער בעל עגלה האָט דאָס באמערקט האָט ער איהם צוגערופען אונד זאָגט צו איהם: וואָס וואונדערסטו זיך? דוא זעהסט ניט א מזרח מיט פערד דאַרף מען האָבען צו זיי א בעל עגלה.

## 172) דער בעל עגלה נאָך ששי.

אין א שטעדטיל האָט מען אויפגערופען א בעל עגלה נאָך ששי, איז דאָס איהם זעהר ניט אַנגעשטאַנען, איז ער ארויף אויפ'ן בימה אונד האָט אָנגעהויבען צו שרייען וואָס בין איך עפּעס א יעדנאָקאָניק וואס מען רופט מיר אויף נאָך ששי.

## 173) דער בר מצוה.

א ישובניק האָט געמאַכט א בר מצוה ביין זוהן, האָט ער פארבעטען מענשען צו זיך אַללע זאָלען זיך מיט איהם פרייען אויף זיין שמחה, דער בר מצוה איינגיל איז אריין אין שטוב זייא זעהען א גרויסער בחור פון א יאָהר צוואנציג, זאָגען זייא צו דעם ישובניק: אָט דער איז דאָס איצט געוואָרען בר מצוה? פארשטעהט איהר האָט ער זייא געענטפערט—ער איז שוין געוואָרען בר מצוה לאַנג, נור ביז איצט איז ער נאָך ניט פארטיג געוועזן מיט'ן מפטיר.

## 174) איין קלוגער ענטפער פון אַ מאַן צו אַ פרויא.

איינער האָט גענומען א ווייב האָט זיא מיט איהם אויסגערעדט: אז זיא זאָל ניט זיין דער בעל מפרנס—האָט ער געזאָגט צו איהר דאָס דאַרפט איהר מיר ניט בעטען, איך פארשטעה אַליין גאַנץ גוט אז דער מאַן דאַרף געבען דיא ווייב עסען

ניט דיא ווייב דעם מאַן, דען איין מאָל איז געווען אז דיא ווייב האָט גענעבען דעם מאַן עסען, ליידען מיר נאָך עד היום דערפון.

## 175) דער פאָטער מיט דעם זוהן.

א פאָטער האָט געזאָגט צו א זוהן: דוא פיהרסט אויך א שעהנעם שטאַט, אללע מיידליך לויפסטו נאָך! אָבער וואָס פאַר א שולד האָב איך—האָט דער זוהן געענטפערט—אז דיא מיידליך שטעלן זיך ניט אָפּ.

## 176) צוויא טויזנט רוביל אַ יאָהר אַ דירה.

איינער האָט געבעטען פאַר א דירה צווייא טויזנט רוביל א יאָהר דירה געלט, האָט איהם איינער געפרעגט: פאַר וואָס קומט אייך אזוי פיעל געלט פאַר אזא דירה? פאַר וואָס ניט—האָט ער געענטפערט—איהר זעהט דאָך דרייא חדרים מיט א קיך!—אונד א שטאָל האָט איהר?—האָט איהם יענער געפרעגט—צו וואָס דאַרף מען א שטאַל? — אריין צו שטעללען דעם פערד וואָס וועט אייך געבען אזוי פיעל געלט פאַר דיא דירה—האָט יענער גנענטפערט.

## 177) איין ענטפער פון אַ שדכן.

איינער האָט געבעטען א שדכן ער זאָל איהם געהן ריידען א שידוך מיט יענעם יענעם אונד יענעם: איך האָב מורא צו געהן — האָט דער שדכן געזאָגט—ווייל ער וואוינט אויפ'ן צווייטען עטאַז; טאָ איז וואָס אז ער וואוינט אויפ'ן צווייטען עטאַז? האָט יענער געפרעגט — פאַרשעהט איהר—האָט דער שדכן געענטפערט—פאַר אזא אָנמוט קען מען אראָפּווארפען פון אללע טרעפּ, נוא ווען ער זאָל מיר אראָפּווארפען פון צווייטען עטאַז קען מען ברעכען האלדז אונד געניג.

## 178) פאַר וואָס האָט אַ בער שלעכטע קינדער.

איינער האט ניט געוואָלט באצאָהלען א מלמד שכר לימוד, האָט איהם איינער געזאָגט: פאַר וואָס האָט א בער שלעכטע קינדער? ווייל ער האָט ניט קיין מלמד, נוא פרעגט מען: א הונד האָט דאָך יאָ איין מלמד פאַר וואָס האָט ער שלעכטע קינדער? איז דער תירוץ, ווייל א הונד דרעהט מיט דעם מלמד.

## 179) דער מגיד זאָגט ראשי תיבות.

דער שאגת אריה איז אריין אין א בהמ"ד האָט ער געהערט וויא א מגיד האָט דאָרטען געזאָגט ראשי תיבות אויף דעם וואָרט „גוף" גוף מאכט : גיוואלט וואָס פרעגסטו, גוף מאכט גיוואלד וואָס פּאָפּסטו, האָט דער שאגת אריה געזאָגט צו איהם : איך וועל דיר זאָגען וויא גוף מאכט : גוף מאכט גיוואלד וואָס פּלודערסטו.

## 180) אַ גלייכער ענטפער פון אַ ישיבה בחור.

א ראש ישיבה איז אמאָל אין כעס געוואָרען אויף א ישובה בחור וואָס האָט בייא איהם גילערנט, האָט ער צו איהם געזאָגט : דוא ביסט א יונגאץ א ליידאק „שמך נאה לך ואתה נאה לשמך" האָט זיך אָפּגערופען צו איהם דער ישיבה בחור „ושמנו קראת בשמך."

## 181.

א ווייב האָט געפרעגט בייא איהר מאן : ביז וויא לאַנג איז אדם הראשון גע־ וועזען אין גן עדן ? האָט ער געענטפערט ביז ער האָט א ווייב גענומען.

## 182) שוה כסף.

איינער האָט גענומען ערב יום כפור איין אורח אויף אָנבייסען, בעת עסט איז אריין אין שטוב איין אָרעמאַן בעטען א נדבה האָט איהם דער בעל הבית גע־ געבען פינף קאָפּיקעס, דער אָרעמאַן האָט געמיינט דער אורח איז אויך א נגיד, האָט ער בייא איהם אויך געבעטען א נדבה האָט איהם דער אורח געזאָגט : קיין געלט האָב איך ניט וואָס צו געבען, אויב איהר ווילט שוה כסף וועל איך אייך גע־ בען ; דער אָרעמאַן האָט זיך מישב געווען שוה כסף איז אויך גוט, האָט ער געוואַרט ביז דער אורח האָט אָפּגעגעסען, דערנאָך זאָגט דער אורח צו איהם : איהר וועט מאָרגען היינט געהן אין בהמ"ד אונד וועט זיך לאָזען שלאָגען מלקות בייא דעם שמש וועט איהר דאַך איהם דארפען געבען פינף קאָפּיקעס, אָט לייגט זיך אנידער אונד איך וועל אייך אָפּצעהלען דיא ל"ט מלקות אונד איך וועל בייא אייך א קאָפּיקע ניט נעהמען.

## 183) געשיקט שלח מנות.

איינער א חברה מאן האָט געשיקט פורים דעם רב שלח מנות א צוקערנעם חזיל, דער רב האָט דאָס צוגענומען אונד האָט איהם אָפּגעשיקט זיין בילד מיט א צעטיל אויפגעשריבען „דוא האָסט מיר געשיקט דיין בילד אונד איך שיק דיר מיין בילד."

## 184) דער אָרעמאַן דער יורש.

איין אָרעמאַן א פּוילישער אידיל פלעגט קומען אַללע יאָהר צו ראָטהשילדען אונד ער פלעגט איהם געבען שטענדיג זיין נדבה, איין מאָל איז געקומען דער אָרעמאַן אונד ראָטהשילד האט איהם גענעבען זיין נדבה, זאָגט דער אָרעמאַן צו איהם: היינט איז מיר וויינינ דיא נדבה איך דארף חתונה מאכען א טאָכטער דארף איך האָבען מעהר, ראָטהשילד האָט איהם געגעבען נאָך געלד חתונה צו מאַכען דיא טאָכטער, אין א קליינע צייט ארום איז געקומען צו ראָטהשילדען נאָך איין אָרעמאַן פון יענער שטאָדט, פרעגט ראטהשילד בייא איהם נאָך אויף יענעם אָרעמאַן צו האָט ער חתונה געמאַכט זיין טאָכטער? זאָגט דער אָרעמאַן, ער האָט טאָקע גע־האט א טאָכטער נור עס איז שוין א יאָהר וויא זיא איז געשטאָרבען, אויף איבער א יאָהר איז ווידער געקומען יענער אָרעמאַן זאָגט ראָטהשילד צו איהם: פאר וואָס האָסטו מיר אָפּגענארט, דיין טאָכטער איז דאָך געשטאָרבען? אמת — זאָגט דער אָרעמאַן—זיא איז טאַקע געשטאָרבען, נוא אז זיא איז געשטאָרבען טאָ דארפט איהר זיין איהר יורש, דאכט זיך איך בין בילכער צו זיין איהר יורש.

## 185) אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט.

איינער איז אריין צום אנדערן בעת ער האָט געגעסען, זאָגט יענער צו איהם: אויב איהר פארשטעהט אויף קאטאָוועס טאָ קומט עסען, האָט דער איהם געענט־פערט: אויב איהר פארשטעהט אויף קאטאָוועס, טאָ עסט געזונטערהייד.

## 186) דער זוהן מיט דעם פאָטער.

א זוהן האָט זיך געקריגט מיט א פאָטער, האָט דער זוהן געזאָגט צום פאָ־טער: מיט וואָס נעהמסטו זיך איבער אנטקעגען מיר, וואָס דוא האָסט געהאט א שענערען טאטען וויא איך, אָבער דערפאר האָט מיין טאטע שענערע קינדער וויא דיין טאטע.

## 187) טויטע קינדער זיינען געקומען צו גֶעהן.

איינער האָט געדאַרפט נעהמען א ווייב איז מען איהם געקומען ריידען שידוכים מיט ווייבליך האָט ער ניט געוואָלט, נור נעהמען א מיידיל, פרעגט דער שדכן בייא איהם; פאַר וואָס ווילט איהר נור א מיידיל? פאַרשטעהט איהר — האָט ער איהם געענטפערט—דיא פאָריגע ווייב וואָס איך האָב געהאַט האָב איך איהר גענומען א ווייביל האָב איך געפרעגט בייא איהר פאַר דער חתונה צו האָט זיא קינדער? האָט זיא מיר געענטפערט: זיא האָט געהאַט נור זייא זיינען געשטאָרבען, נאָך דער חתונה זיינען געקומען צו געהן צו מיר איהרע געשטאָרבענע קינדער וואָס זיא האָט געזאָגט, דערפאַר וויל איך איצט נעהמען נור א מיידיל, ווייל אז איך וועל נעהמען א מיידיל בין איך זיכער, אז אפילו דיא לעבעדינע קינדער איהרע וועלען אויך ניט קומען צו מיר.

## 188) דער פּרוש.

איינער איז געזעסען אונד געלערענט אין א שטאָדט, איז איהם אָנגעקומען א בריף, אז זיין ווייב האָט געהאַט א אינגיל, האָט בייא איהם איינער געפרעגט איהר זייט דאָך גאָר ניט געוועזען דער היים וויא אזוי האָט אייער ווייב געהאַט א קינד? האָט דער פּרוש געענטפערט: דיא גמרא זאָגט „בזמן שישראל עושים רצונו של מקום מלאכתם נעשית על ידי אחרים" (אז דיא אידען טהוען דעם ווילען פון גאָט וערט זייער ארבייט געטאָהן דורך אנדערע).

## 189) דער לוח איז ניט באַגלייבט.

איין אורח איז געקומען תשעה באב אין א קרעצמע צו א ישובניק אונד האָט געבעטען מען זאָל איהם געבען עסען; וואָס רעדט איהר—זאָגט דער ישובניק—היינט איז דאָך תשעה באב! דער אורח לאַכט זיך פאַנאַנדער אונד זאָגט: וואָס ישובני־קעס קענען זיך איינריידען, וויא קומט היינט תשעה באב, וויא הייסט דאָס איך האָב זיך איינגערעדט—זאָגט דער ישובניק—נאַט אייך דעם לוח אונד זעהט, דעם לוח איז ניטאָ וואָס צו גלויבען—רופט זיך אָפּ דער אורח—אָט זעהט, דער לוח שרייבט, אז ־ייגט וועט זיין א רעגען נוא איז דאָס אמת?

## 190) אייספראַוועט זיך מיט בריף.

איינע א ווייביל האָט נעהאט א קינד אונד איהר מאַן איז געווען שוין פון א יאָהר דרייא וועק געפאָהרען, האָט בייא איהר איינע געפרעגט דאכט זיך אייער מאַן איז שוין לאנג ניטאָ אין דער היים ? א גוט יאָהר אויף אייך—האָט דיא ווייביל געענטפערט—וואָס איז ער שיקט מיר קיין בריף ניט ?

## 191) געוואָלט געבען פעטש.

איינער האָט אמאָל דערצעהלט : ער איז אריין צו א פריץ, האָט איהם דער פריץ געוואָלט געבען דרייא פעטש, פרעגנען זייא בייא איהם פון וואנען ווייסטו וויפיל ? זאָגט ער : „אז ער האָט געגעבען" טאָ וואָס זאָגסטו, אז ער האָט געוואָלט געבען ? נוא פארשטעהט זיך—האָט ער געענטפערט אז ער וואָלט ניט וועלען וואָלט ער דאָך ניט געבען.

## 192) איין ענטפער פון אַ סטודענט צום עקזאַמען.

א רעליגיאָנס לעהרער האָט עקזאַמענירט דיא קינדער, האָט ער געפרעגט בייא איינעם פאר וואָס האָט מען ארויסגעטריבען אדם'ן פון גן-עדן ? וואהרשיינליך האָט דער אינגיל געענטפערט—ווייל ער האָט ניט באצאָהלט קיין דירה געלט.

## 193) דרייא יאָהר אויף איין אָרט.

א מיידיל האָט געוואָלט אָנקומען אויף איין אָרט פאר א דינערין, האָבען זייא בייא איהר געפרעגט וואו איז זיא געווען ביז איצט ? האָט זיא געזאָגט זיא איז געווען דרייא יאהר אויף איין אָרט, נוא האָבען זייא געקלערט—אז זיא איז געווען דרייא יאָהר אויף איין אָרט איז זיא געוויס איין אָרענטליכע, האָבען זייא איהר צוגענומען, איז זיא בייא זייא געווען עטליכע טעג אונד האָט זייא באגנב'עט, האָבען זייא דער נאָך בייא איהר נעפרעגט : וואו ביסטו דאָס געווען דרייא יאָהר אויף איין אָרט ? האָט זיא געענטפערט, איך בין געזעסען דרייא יאָהר אין טורמע.

## 194) דער פיאַניצע.

איינער האָט געזאָגט צו זיין ווייב : איך לייג זיך שלאָפען בעט איך דיר, אז

איך וועל וועלען א שנאפס זאָלסטו מיר אויפוועקען, ער האָט זיך געלַיינט שלאָפען אונד דיא ווייב האָט איהם געלאָזען שלאָפען דיא גאנצע נאכט, דער נאָך אז ער איז אויפגעשטאנען האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען אויף דיא ווייב פאר וואָס האָט זיא איהם ניט אויפגעוועקט, זאָגט זיא צו איהם: וויא קען איך וויסען ווען דוא ווילסט א שנאפס? זאָגט ער: דוא וואָלסט געטראָפען ווען דוא וואָלסט מיר אויפוועקען.

## 195) דיא דינסט מיט דיא ווירטהין האָבען אַ סוד.

צו איינע א באַרישנע איז אָנגעקומען א דינסט מיידיל האָט איהר דיא באַרישנע געגעבען א מתנה צעהן רוביל, אויף מאָרגען האָט זיך דיא דינסט מיידיל אָפּגעטראָגען פון איהר, האָט דיא באַרישנע אָנגעגעבען אין סוד זיא זאָל איהר אָפּגעבען צוריק דיא צעהן רוביל, זייא זיינען געקומען ביידע אין סוד, האָט געזאָגט דער סודיא צו דיא דינסט פאר וואָס גיסטו איהר ניט אָפּ דיא צעהן רוביל, האָט געזאָגט דיא דינסט לאָז זיא מיר אָפּגעבען וואָס איך האָב איהר געגעבען וועל איך איהר אוועק געבען דיא צעהן רוביל, האָט דער סודיא געפרעגט בייא איהר „וואָס האָסטו איהר געגעבען?‟ האָט דיא דינסט געזאָגט: בעת זיא האָט מיר געגעבען דיא צעהן רוביל האָב איך איהר געגעבען צווייא קושען אין האנד, נוא לאָז זיא מיר אָפּגעבען דיא צווייא קושען וועל איך איהר אָפּגעבען דיא צעהן רוביל.

## 196) דער דאללער.

איינער האָט געגעבען דעם אנדערן א דאָללער, אויף דעם דאָלער איז געוועזען דעם קעניגס געזיכט אונד דער נאָז איז געוועזען רויט, זאָגט יענער דאָס איז א פאַלשער דאָללער ניט קיין זילבער, רופט זיך אָפּ דער אנדערער: ניין! דער דאָללער איז איין אמת׳ר א זילבערנער נור פאר וואָס איז רויט דער נאָז, ווייל ביין קעניג אליין איז אויך רויט דער נאָז, דערום איז אויפ׳ן דאָללער אויך רויט.

## 197 דיא כשרה קינד.

איינער איז געגאנגען אין גאס, זעהט ער וויא א אידענע טראָגט א קינד אונד זאָגט: „וואָס פאר א כשרה קינד דאָס איז‟ האָט ער ניט פארשטאנען וואָס הייסט דאָס א כשרה קינד? דער נאָך נעהט ער ווייטער זעהט ער וויא א אידענע טראָגט א קאָשיק מצה אונד זאָגט: „וואָס פאר א כשרה מצה דאָס איז‟ דאָ איז ער שוין געווען א בעלן צו פרעגען בייא איהר: וואָס הייסט דאָס כשרה מצה: פארשטעהט

איהר—האָט זיא איהם געענטפערט—עס זיינען געוועזן זעהר א פולע העלפער; איצט פארשטעהע איך שוין—האָט ער געזאָגט—וואָס יענע האָט געזאָגט א „כשרה קינד" ווייל עס איז געוועזן א פולע העלפער.

## 198) דער דאָקטאָר מיט דעם קראַנקען.

א דאָקטאָר איז געקומען צו א חולה האָט ער געבעטען דער חולה זאָל איהם ווייזען זיין האנד, ער האָט א קוק געטאָהן דיא האנד איז געוועזן זעהר רויט, זאָגט ער: „שלעכט! איך פארשטעהע נאָך דיא רויטקייט פון זיין האנד אז ער מוז שטאַרבען" דעם חולה'ס ווייב האָט זעהר אָנגעהויבען צו וויינען אונד זאָגט: ליבער דאָקטאָר! מיין מאַן איז א פאַרבער אונד פון דיא פארב איז רויט זיין האנד, ווען אזוי, זאָגט דער דאָקטאָר — מאַכט ניט אויס, דאָס איז זיין נס וואָס ער איז א פארבער, ווען ניט—וואָלט ער מוזען שטאַרבען פון אזא רויטקייט.

## 199) דיא צוואה.

א סוחר איז אוועקגעפאָהרען מיט זיינעם א מענשען אין א וויטער לאַנד, דער סוחר איז דאָרטען קראַנק געוואָרען אונד ער האָט געהאַט בייא זיך פיעל געלט אונד אין דער היים האָט ער געלאָזען א זוהן א בן יחיד, נוא וואָס זאָל ער טאָהן? דער מענש וועט דאָך צונעהמען גאָר דיא געלט אונד זיין זוהן וועט ער א קאָפּיקע ניט געבען, האָט ער אויפגעשריבען א צוואה אונד האָט איבערגעגעבען דיא צוואה דעם מענשען אז ער גיט איהם איבער גאָר דיא געלט אונד וויפיל ער וועט וועלען זאָל ער געבען זיין זוהן, דער סוחר איז זיך אוועק געשטאָרבען אונד דער מענש האָט צוגענומען גאָר דיא געלט אונד איז אוועק געפאָהרען צוריק צו זיך אהיים אונד האָט באוויזען דעם סוחר'ס זוהן זיין פאָטערס צוואה, דעם זוהן איז געוואָרען זעהר ניט פרייליך איז ער אוועק צו איינעם א גרויסען חכם פרעגען בייא איהם איין עצה וואָס זאָל ער טאָהן? דער חכם האָט געשיקט רופען דעם מענשען אונד האָט איבערגעלייענט דיא צוואה, פרעגט ער בייא דעם מענשען, וויפיל ווילסטו? איך וויל אין גאַנצען האָט דער מענש געענטפערט; — נוא ווען אזוי—האָט דער חכם געזאָגט—טאָ גיב אוועק גאָר דיא געלט דעם זוהן, דען אַזוי שטעהט געשריבען אין צוואה „אז וויפיל דוא ווילסט זאָלסטו געבען דעם זוהן" הייסט אז דוא ווילסט אין גאַנצען צו נעהמען, מוזטו אין גאַנצען אוועק געבען דעם זוהן.

## 200) דער בעל רחמנות.

איינער איז געגאנגען ווינטער בייא נאכט אין וועג אונד דער פראָסט האָט זעהר געברענט ער איז שיער ניט דערפראָרען געוואָרען, איז ער געקומען צו א קרעצמע אונד קלאפט אָן אין טיהר אונד בעט מען זאָל איהם עפענען, דער בעל הבית ליגט אונטערן פערענע אונד זאָגט „א רחמנות ער ווערט נעבאך דער פראָרען אין אזא פראָסט" דער איד קלאפט שטארקער אונד שרייט עפענט מיר איך וועל דערפראָרען! דער בעל הבית ליגט אונד ריהרט זיך ניט פון אָרט אונד זאָגט אלץ „א רחמות ער ווערט נעביך דערפראָרען" רופט זיך אָפּ זיין ווייב צו איהם וואָס איז דאָס מ׳ט דיר? שרייסט א רחמנות א רחמנות אונד עפענסט איהם ניט, אז דוא האָסט אויף איהם רחמנות טאָ געה אונד עפען איהם דיא טהיר; פארשטעהסטו מיין ווייב האָט ער צו איהר געזאָגט — מען דארף דאָך אויף א אידען רחמנות האָבען, אונד אז איך וועל איהם עפענען וועט דאָך שוין אויף איהם קיין רחמנות ניט זיין.

## 201) דער אָרעמאַן מיט דעם בעל אכסניה.

איין אָרעמאן איז איינגעשטאנען אין איין אכסניא אונד האָט געגעסען אונד געטרונקען, עס איז אוועק איינינע וואָכען זאָגט דער בעל הבית צו איהם: וואָס וועט זיין ווען וועט איהר מיר באצאָהלען? אָט ווארט, האָט געענטפערט דער אָרעמאן, איך וועל נעהמען דיא טאָרבע וועל איך געהן איבער דיא הייזער צו נויפמאכען אונד וועל אייך באצאָהלען, דער בעל הבית איז געוואָרען זעהר אין כעס אונד זאָגט: איך וועל אייך לאָזען ארויסגעהן אונד איהר וועט אנטלויפען? נוא — זאָגט דער אָרעמאן — אויב איהר גלויבט מיר ניט, טאָ קומט מיט מירביידע איבער דיא הייזער, דער בעל הבית האָט אָנגעהויבען זעהר צו שרייען אויף איהם אונד זאָגט: וועל איך דען געהן מיט אייך איבער דיא הייזער? נוא ווען איהר ווילט ניט געהן מיט מיר — זאָגט דער אָרעמאן — טאָ נאט אייך דיא טאָרבע אונד געהט אליין איבער דיא הייזער.

## 202) דיא שכר לימוד.

א רבי האָט געהייסען א אינגיל זיינעם א תלמיד ער זאָל געהן בעטען געלט ביין פאָטער שכר לימוד, דער אינגיל איז געקומען צוריק פרעגט דער רבי בייא איהם: נוא וואָס האָט דער טאטע געזאָגט? דער טאטע האָט געזאָגט—האָט גע־

ענטפערט דער איינגיל — אז ער וואָלט וועלכען באצאהלען וואָלט ער האָבען א פולע רבים.

## 203) דיא רעבעצין מיט דיא אָרעמע אידענע.

אין א שטעדטיל איז געגאנגען איין אָרעמע אידענע אין דיא הייזער האָט זיא צונויפגעקליבען אכט גילדין האָט זיא דאָס אוועק געגעבען דיא רעבעצין באהאלטען, נאָך אמאָל האָט זיא צונויפגעקליבען נאָך פינף גילדין האָט זיא אויך אוועק געגעבען דיא רבעצין, איינמאָל פרעגט זיא בייא דיא רבעצין: וויפיל געלד האָב איך שוין בייא אייך? זיבען גילדין—ענטפערט דיא רבעצין — זאָגט זיא צו איהר: זאָגט מיר רבעצין, אז וואָס איך גיב אייך מעהרער, ווערט אלץ וויינינגער, טאָ וויפיל זאָל איך אייך דערליינגען אז איך זאָל שוין בייא אייך גאָר ניט האָבען?

## 204) אַ גוטער פשטיל פון אַ בטלן.

צווייא בטלנים זיינען געזעסען אונד האָבען זיך גיחקירה'ט, פרעגט איינער בייא דעם אנדערן: וואָס איז דיא מעשה, אז מען שטעלט אריין א סאָלדאט צו א אידען אויף עקזאקוציע, אז דער סאָלדאט וויל עסען זאָגט ער: „יעוורייא דאוואי קושאט" איז דאָ פאראן דרייא קשיות 1) צו וואָס דארף ער נאָך זאָגען דעם וואָרט „יעווריי" ער רעדט דאָך צו איהם קען ער דאָך זאָגען נור „דאוואי קושאט?" 2) וואָס בייזערט זיך נאָך דער סאָלדאט, ער קען דאָך זאָגען מיט גוטען יעווריא דאוואי קושאט? 3) וויא ליינט דאָס דעם סאָלדאט צו קומען פון פעטערבורג צו א אידין בייא איהם אָפעסען איין אָנבייסען? זאָגט דער אנדערער צו איהם? איך וועל ד"ר פארענטפערן מיט א גמרא אללע דיינע דרייא קשיות: דיא גמרא זאָגט אויף דעם פסוק „ועננים מרודים תביא בית זכה ענים לא זכה מרודים תביא בית" (דאָס הייסט איז ער זוכה גיט ער אָרעמע צדקה, אונד אז ער איז ניט זוכה אונד גיט ניט אָרעמע מוז ער געבען סאָלדאטען עסען) אָט דאָס מיינט דער סאָלדאָט „יעווריי דאוואי קושאט" דוא גיב א אידין עסען, אז דוא וועסט געבען א אידען עסען וועל איך ניט דארפען קומען מיט א כון פון פעטערבורג צו דיר עסען אונד דאָס בייזערט זיך טאקע דער סאָלדאט וואָס איבער איהם וואָס ער גיט ניט א אידין עסען מוז ער קומען צו איהם אומישנע פון פעטערבורג בייא איהם עסען,

## 205) דער ישובניק מיט דיא ספר תורה.

א ישובניק א פראָסטער מענש האָט זיך א מאָל שמחות תורה זעהר משמח געוועזן מיט דיא ספר תורה, ער האָט מיט איהר געטאַנצט אונד געשפרונגען, פרעגט איינער בייא איהם: זאָג מיר דוא האָסט עפּעס געלערנט א גאַנץ יאָהר וואָס דוא פרייסט זיך אזוי מיט דער תורה? פאַרשטעהסט איהר — האָט דער ישובניק געענט־פערט—דיא תורה האָט מיר געראַטעוועט אין צווייא הונדערט רוביל, איך האָב בייא איינעם אנטליען צווייא הונדערט רוביל אונד האָב דער נאָך אָפּגעשוואָרען בייא דער ספר תורה אז איך האָב בייא איהם גאָר קיין געלט ניט גענומען אונד מיט דעם האָב איך ניט געדאַרפט באַצאָהלען.

## 206) דער פּראָצענטניק.

א פּראָצענטניק איז געשטאָרבען האָבען חברה געבעטען זעהר פיעל קבורה געלט פאַר איהם, זיינען דיא קינדער אַוועק צום פּריץ מסר'ן וואָס זייא בעטען אזוי פיעל קבורה געלט, האָט דער פּריץ געשיקט רופען דעם רב אונד פרעגט בייא איהם פאַר וואָס בעט מען אזוי פיעל קבורה געלט? האָט דער רב געזאָגט: בייא א פּראָ־צענטניק דאַרף מען נעהמען מעהר קבורה געלט וויא בייא איין אנדערן, ווייל אז אזוי א מענש שטאַרבט, ניט מען איהם א קבר נור אויף א צייט, דען צו תחית המתים וועט ער דאָך אויפשטעהן, אָבער א פּראָצענטניק, זאָגט דיא גמרא: אז ער וועט ניט אויפשטעהן צו תחית המתים, גיט מען איהם דאָך אַוועק דעם קבר אויף אויביג, דערום דאַרף מען נעהמען פאַר זיין קבר א סך געלט, דעם פּריץ איז דאָס זעהר געפעלען געוואָרען, האָט ער געהייסען דיא קינדער זאָלען בעצאָהלען וויפיעל געלט מען בעט.

## 207) אַ שאלה ביים רב.

איינער איז אריין צו א רב אונד פרעגט בייא איהם א שאלה: רבי איך בין א כהן מעג איך נעמען א גרושה? דער רב איז געוועזן א גרויסער חכם, זאָגט ער צו איהם דוא מאָנסט, מענשען זיינען געזעסען לעבען רב האָבען זייא זיך געוואונ־דערט וויא אזוי איז ער מתיר, א כהן זאָל נעהמען א גרושה? זאָגט דער רב צו זייא וואָס פאַרשטעהט איהר ניט נאָך זיין הלוך וויא ער געהט מיט'ן ביימש, אז ער איז א בעל עגלה אונד ער פרעגט צו מעג ער נעהמען דיא גרושה אויפ'ן וואָגען צו

פאָהרען מיט איהר, זייא זיינען ארויס אונד האָבען געפרעגט דעם בעל עגלה, ערשט עס איז ריכטיג וויא דער רב האט געזאָגט.

## 208) אַ ישובניק אַ חזן.

א ישובניק האָט זיך געוואָלט דאוונען כל נדרי אין קלויז, האָט ער געבעטען איינעם א בעל תפלה ער זאָל איהם אויסלערנען דיא נגונים, פרעגט ער בייא דעם בעל תפלה : וויא טהוט מען ? איך האָב מורא, איך וועל זיך דערשרעקען ביין עמוד פאר'ן עולם איך וועל אייך געבען א עצה—האָט איהם דער דער בעל תפלה געזאָגט איהר זאָלט זיך מסדר זיין אויפ'ן פעלד צווישען דיא קעפלאַך קרויט אונד אז איהר וועט קומען צום עמוד זאָלט איהר זיך פאָרשטעלען וויא איהר שטעהט צווישען דיא קעפלאַך קרויט וועט איהר זיך ניט שרעקען, דער ישובניק האָט אזוי געטהאן, דער נאָך אז ער איז צונענאנגען צום עמוד האָט ער זיך פאָרט דערשראָקען פאר'ן עולם, האָט ער צונערופען דעם בעל תפלה אונד זאָגט צו איהם : „ניעט בראט העטאָ ניע קאפוסטא".

## 209) דער דאָקטאָר מיט דיט שפּאַגע.

א דאָקטאָר איז געגאנגען מיט א שפּאגע, איז ער אריין צו איינעם א גרויסען חכם, פרעגט דער חכם בייא איהם : צו וואָס דארפט איהר דעם שווערד ? טאָמער וועט אייך באָגעגענען איינער אונד וועט אייך וועלען הרגענען, קענט איהר דאָך מיט נעהמען אייער פעדער, זייט איהר דאָך זיכערער, מיט אייער פעדער הרגעט איהר דאָך טויזענדער מענשען:

## 210) געפרעגט אַ שאלה.

איינער האָט געמויערט א מויער, האָבען דיא בעלי מלאכות געארבייט אום שבת, האָבען איהם מענשען געזאָגט : וויא טהוט איהר דאָס דיא בעלי מלאכות זאָללען בייא אייך ארבייטען אום שבת ? איך האָב געפרעגט א שאלה בייא דיא מורי הוראות—האָט ער זייא געענטפערט—נוא וואָס האָבען זייא געזאָגט ? -האָבען דיא מענשען געפרעגט—אונד אז זייא האָבען ניט געהייסען—האָט ער זייא געענטפערט—הער איך זייא א פנים.

## 211) בורא מיני מזונות.

מען האָט אמאָל אויפגערופען, אין בית המדרש א ישובניק׳ס א זוהן צו דער תורה, האָט ער געמאכט א ברכה איבער דער תורה „בורא מיני מזונות“ איז גע־וואָרען א גרויסער געלעכטער, רופט זיך אָפּ דער פאָטער זיינער אָט ער איז גע־וואוינט געוואָרען אין דער היים רק צו בולבעס מיינט ער אז איבער דער תורה מאכט מען אויך „מזונות“.

## 212) דער נאַר אונד דער רב.

א נאר איז אמאָל אריין צום רב, אונד זאָגט צו איהם: וואָס טהוט מען רבי, וואָס איך בין א נאר? זאָגט דער רב צו איהם: „אז דוא פארשטעהסט אליין אז דוא ביזט א נאר, ביזטו קיין נאר“ טאָ וואָס זאָגען פאָרט אללע אז איך בין א נאר? ווען אזוי, רופט זיך אָפּ דער רב, אז אליין פארשטעהסטו ניט, מעהר ניט דוא הערסט וואָס לייט זאָגען, ביסטו טאקע א נאר!

## 213) אַ טעות געהאַט.

איינער איז אריין אין דער פינסטער אין קיך צו זיין ווייב אונד האָט איהר א קוש געטהאן, וואָס ביזטו איצט עפּעס אזוי גוט געוואָרען? — האָט דיא ווייב צו איהם געזאָגט—טפו!—האָט ער געזאָגט—איך האָב געמיינט אז דאָס איז דיא מויד.

## 214) אַ קלוגער ענטפער.

אין א קליין שטעדטיל האָט געוואוינט א געטויפטער דאָקטאָר, דיא ערשטע צייט פון זיין אריינפאָהרען אין שטעדטעל האָט מען געמיינט, אז ער איז א קריסט פון געבאָהרען אונד פארשטעהט ניט א וואָרט יודיש, דערום האָבען אללע ווייבער אויסגעבטלט אויף איהם אללע בייזע חלומות אין דיא אויגען.

איינמאָל האָט איהם א אידענע באצאָהלט 30 קאָפּיקעס פאר דעם וויזיט, וואָס ער האָט געמאכט איהר קראנקען מאן אונד האָט דערבייא צום מאן געזאָגט:

— הלואי זאָל דער דאָקטאָר צונעהמען דיין קראנקהייט צו זאמען מיט דיא 30 קאָפּיקעס.

דעם מאָל האָט זיך דער דאָקטאָר שטארק בעליידיגט דאָך האָט ער זיך גע־מאכט וויא ניט הערענדיג אונד געווענדעט זיך צו דער פרוי אונד אויף בראָסט אידיש איהר געזאָגט:

— ליעבע אידענע! מיר דאכט, אז איהר אליין זייט אויך עפּעס ניט אין גאנצען געזונד.

די אידענע האט זיך שטאַרק פערוואונדערט, וואס דער דאָקטאָר קען ריידען אידיש, דער צו האט זיא זיך געשראָקען טאָמער האט ער געהערט וויא זיא האט איהם געשאָלטען, נאָר זעהענדיג וויא דער דאָקטאָר שטעהט גאנץ רוהיג, האט זיא נעענטפערט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— וואס מיינט איהר, הערר דאָקטאָר, מען האט טאַקע קיין כח ניט די פיס צו שלעפּען.

— נוא, פאר וואס נעהמט איהר עפּעס ניט איין?

— וואס זאָל איך, הערר דאָקטאָר, איינגעהמען?

— נעהמט איין א מיתה משונה.

## 215) על חטא.

דער על חטא האט אונז א גרויסע טובה געטהאן,—האט אמאָל א געוויסער בעל עבורה געזאָגט -- אזוי, ווען עס וואָלט זיך מיר פערוועלען טהאָן איין עברה וואָלט איך ניט וויסען וואס פאר איין עבורה איז בעסער איטצט אבער, אז עס איז דאָ א רשימה פון עבורות,—איז גאָר אנדערס, איך עפען אויף אין סידור דעם על חטא אונד קלייב אויס, וועלכען מיר געפעהלט.

## 216) דער אמת'ער קאָמפּלימענט.

א חתן שרייבט צו זיין כלה א בריעף; זיינער א פריינד, וועלכער איז אָנגע־גאנגען דאנן, האט א קוק געגעבען אויפ'ן בריעף אונד געזאָגט:

— דוא שרייבסט דיין כלה „פיעל געליעבטע" עס איז זעהר ריכטיג, זיא האט טאקע געהאט פיעל געליעבטע פאר דיר אויך.

## 217) וואס אַ מענש קען זיך ווינשען.

א דייטשער שוסטער שמועסט מיט זיין פריינד א סטאָליער, זיטצענדיג אונד טרינקענדיג ביער.

— אָט באנדראן! אָט האט ווייטער א מזלדיגער מענש געוואונען צוויא מאל הונדערט טויזנד רוביל! ווען איך וואָלט עס געווינען?

— נוא, וואָלסטו געווען אויך א מזלדינגער! אונד איך שטעל זיך פאָר, וואָס דוא וואָלסט דאמאָלסט געטהאָן, וואָלסט געוויס געעפענט א גרויסען מאגאזין אונד...

— ניין,—רייסט איהם איבער דער ערשטער—צו וואָס דארף איך עס דאנן? געלט האָב איך וואָלט איך גערוהט, אונד ביער געטרונקען, איך וואָלט נאָך שטענ־דיג אָנגרייטען בייא זיך א פעסעל הערינג, אונד איך וואָלט אלץ הערינג געגעסען כדי עס זאָל מיר דארשטען אונד זאָל קענען א פולע ביער אויסטרינקען, טאקע וויא א נגיד.

## 218.

צוויא יינגע איידים'לאך האמפערן זיך וועגען שלמה המלך.

— שטעל זיך פאָר וויא גוט שלמהן איז געווען,—זאָגט איינער—ער האָט דאָך געהאַט טויזנד ווייבער.

— דער מאָן זיך אָבער,—ענטפערט דער צווייטער מיט א זיפץ—טויזנד שווי־גערס! עפּעס א קליינינקייט?

## 219) סליחה, מחילה, כפּרה.

דער דובנער מגיד האָט אמאָל צו דיא ערשטע סליחות בייא נאכט צו געקו־מען אין א קליין שטעדטיל אונד איז גלייך פערגאנגען אין שול, וואו מען האָט שוין געזאָגט סליחות. דער דובנער האָט זיך געשטעלט נעבען טיהר זאָגען סליחות צו זאמען מיט עפּעס א אידען. יענער איד האָט געזאָגט עברי פשוט דיא צעהנער אויס צו ברעכען, נאָך סליהות פרעגט איהם דער דובנער:

— רבי איד, מיט וואָס בעשעפטיגט איהר זיך?

— איך בין א מנקר (א טרייבאטש).

— א מנקר?! הום! אויב איהר ווייסט אזוי פיעל אין דער מחילה וויא אין דער סליחה מעגט איהר ווערען א כפּרה!

## 220) דיא געהאָרכזאַמע טאָכטער.

איך האָב דיר, טאָכטער, דאכט זיך, ניט איינמאָל אָנגעזאָגט, אז דוא זאָלסט מעהר ניט דערלאָזען, דאָס אונזער שכן'ס זוהנדעל זאָל דיר געבען א קוס.

— אז ער גיט מיר, מוטער, איז וואָס? איך נעהם דען? דאכט זיך יעדער מאָל, ווען ער גיט מיך א קוס גיב איך איהם אָפּ צוריק.

ע נ ד ע.